# פאָרוואָרט

(לויט פארשידענע קוואלן)

דער גרויסער פאָלקס־שרייבער שלום־עליכם איז געבוירן אין פעריאסלאוו, אוקראינא, דעם 2־טן מערץ 1859.

דערצויגן און אויסגעוואקסן איז שלום־עליכם אין וואָראָנקא, א קליין שטעטאלע וואָס „האָט געהאט אזויפיל חן אין זיינע אויגן אַז ער קען עס ניט פארגעסן און וועט עס ניט פארגעסן אייביק און אייביק“...; „די בערג מיט פרות פונעם מארק צו וועלכע ער מיט זיינע חברים קענען ניט גרייכן, די מעשיות פון יסורים און שרעק און בלבולים, דעם הויכן בארג וואָס פון יענער זייט איז באהאלטן א אוצר פון „ביינער, הענט, פיס און קעפ“, דאָס פארשטופטע שטעטאלע „אָן א באן, אָן א ים, אָן א רעש, מיט צוויי יארידים סך הכל דורכן יאָר“, פול מיט מעשיות און לעגענדעס“.

דער פאָטער זיינער איז געווען א למדן, א בעל תנד, א משכיל, פרנסה האָט די משפחה מיט מער ווי א טוץ קינדער געצויגן פון דער שניט־קראָם, וואָס איז ענערגיש אָנגעפירט געוואָרן פון שלום־עליכמס מוטער.

געלערנט אין חדר, בעסער פון אלע, און אויך געכאפט פעטש, קולעקעס, קלעפ, שמיץ, מער פון אלע, מחמת ער איז געווען א גרויסער שקאָץ. „ווייל ער מאכט נאָך דער גאנצער וועלט, ווי א מאלפע — מע דארף אים אפגעווינען דערפון!“.

„עס האָט אָבער ווינציק וואָס געהאָלפן“.

שמואליק דער יתום איז געווען זיין חבר. מיט אים פלעג ער זיך טיילן דאָס עסן ,,האַלב אויף האַלב". ,,איין לייב, איין נשמה! פאַרוואָס? איבער זיינע מעשיות". ווייל שמואליק האָט אים פאַרכשופט מיט זיינע פאַנטאַסטישע מעשיות. אָט די מעשיות האָבן שפּעטער באַרייכערט שלום-עליכמס פאַנטאַזיע און זיינע השגות ברייטער געמאַכט. שמואליק פאָרט אַוועק. ס'איז געווען אַ גרויסער בראָך פאַר שלום-עליכמען, נאָר ס'געדויערט נישט לאַנג און ער באַקענט זיך מיט מאיר מעדזשעדוועקער, דעם נייעם רבס זון וואָס לערנען וויל ער טאַקע נישט אָבער זונגען זינגט ער מחיה נפשות, שפּילט פאַרשיידענע שפּילן און שלום-עליכם געפינט אַ נייעם חבר. אָט דער חבר זיינער איז שפּעטער געוואָרן דער באַרימטער אַרטיסט מעדוועדעוו, וואָס האָט איבער-געקערט וועלטן.

דער פאָטער זיינער ווערט פאַראָרעמט און שלום-עליכם הויבט אָן צו פילן נויט. ,,פּרנסה איז געשלאָגן" די דריי ווער-טער האָט שלום-עליכם געהערט אין שטוב. ער האָט דעמלט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. אָט ווי שלום-עליכם זעט דעמלט דעם פאָטער זיינעם ,,שטענדיק אַ שטילער, אַ רויקער, אַ בעל מרה שחורה, איז נחום וועוויקס געוואָרן נאָך מער מרה שחורהדיק, תמיד איין איינגעבויגענער, איז ער געוואָרן נאָך מער איינגעבויגן. אויפן הויכן ווייסן שטערן האָבן זיך אויסגעלייגט נאָך אַמאָל אַזוי פיל קנייטשן, ווי פריער".

שלום-עליכם שיידט זיך שווער אָפּ פון זיין געליבט שטעטל וואָראָנקאַ. ער פאָרט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע קיין פּעריאַ-סלאַוו. וו נחום וועוויקס עפנט אַן איינפאָר-הויז.

די מוטער זיינע שטאַרבט פון אַ כאָלערע-עפּידעמיע ווען שלום-עליכם איז אַלט געווען 13 יאָר.

שלומס פאָטער האָט זיך זייער געזאָרגט וועגן דער דערציונג פון זיינע קינדער, איבערהויפּט וועגן שלומען. כאָטש ער איז גע-ווען אַ קונדס האָט ער אָבער געקענט כמעט אויף אויסנ-ווייניק גאַנץ תנך, און געלייענט השכלה-ליטעראַטור. ער לערנט איז דער קרייז-שול פונעם יאָר 1873 וו ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט, און באַקומען אַ געלט-סטיפּענדיע.

פאַר שלום-עליכמען האָט זיך געעפנט דער אוצר פון דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט מיט אירע גרויסע אידייען פון הומאַניזם און קאַמף פאַר באַפרייונג.

צווישן 17 און 21 יאָר האָט ער זייער א סך געלייענט און נאָך מער געשריבן, לידער, פּאָעמען, ראָמאַנען, דראַמען אָן א שיעור און ארטיקלען פאר דער פּרעסע.

נאָך אין די יאָרן ווען ער האָט געלערנט אין שול האָט ער שוין געמוזט געבן שטונדן אויף רוסיש, כדי עפּעס צו פאַר־דינען. נאָכדעם וואָס ער האָט געענדיקט די שול, פאָרט ער אוועק קיין סאָפּיעווקע, וווּ ער לערנט מיט אָלגא לאָיעוו, די טאָכטער פון א רייכן ארענדאטאָר. אין די דריי יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין סאָפּיעווקע, „די בעסטע, די שענסטע, די גליקלעכסטע פון זיינע יאָרן" האָט ער זיך פאַרליבט אין זיין שילערן, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זיין פרוי.

דער ארענדאטאָר דערוויסנדיק זיך אז שלום־עליכם האָט חשק צו ווערן זיין איידעם, באַצאָלט אים זיינע שכירות, ער איז אים משלח.

שלום־עליכם האָט זיך געפונען ווי אויפן וואַסער, נישט וויסנדיק וואָס מ'הויבט אָן צו טון.

ארויסגעטריבן פונעם גבירשן „גן־עדן" פּרוּווט זיך שלום־עליכם איינצואָרדנען אין קיעוו. אָבער ער קען צו גאָרנישט קומען, ווייל ער האָט נישט געהאט קיין ווינרעכט. ער מאַכט באַקאַנטשאַפט מיט די פּאָליציייִשע „אַבלאַוועס". ער בלאָנקעט אין די קיעווער גאַסן און זוכט ארבעט. אָבער אומזיסט. ער פאָרט קיין בעלאַצערקאָוו וווּ ס'האָט אים פאַרפירט אן אדוואָ־קאט א שווינדלער, ער זאָל זיין, זיין „סעקרעטאַר". שלום דער־זעט באַלד אַז דאָס איז א קאָרטן־שפּילער א שווינדלער. וואָס טוט מען? פאר יידישע אינטעליגענטן איז אין יענער צייט געווען שווער צו צוקומען צו עפּעס. ענדלעך באַשליסט ער זיך אָנצונעמען די שטעלע פון א קאַזיאָנעם ראַבינער פון לובען, אין יאָר 1880.

נישט אָנגענעם איז אים געווען די דאָזיקע פּרנסה, ס'האָט אים נישט געפעלן די קאַזיאָנע ארבעט. ער האָט אָבער זיך באַשלאָסן נישט צו זיין אַזא ראַבינער ווי אַלע אין יענער צייט... „ער האָט גענומען אָן אקטיוון אָנטייל אין די יידישע געזעל־שאַפטלעכע ענינים. זיך באַזונדערס געזאָרגט פאַר די אָרעמע קינדער, און געמוסרט ווייַנע שטאָט־לייט „הלמאי זיי פטרן גרויסע געלטן אויף א נייעם בית־המדרש, אַנשטאָט צו בויען שולן פאַר קינדער און שפּיטאָלן".

שלום ראַבינאָוויץ האָט חתונה אין יאָר 1883 מיט אָלגא לאָיעוו. אין דעם יאָר האָט זיך אָנגעהויבן זיין סיסטעמאַטישע

שרייבערישע ארבעט אויף דער יידישער שפראך, וואָס איז צו־גענגלעך צו דער מאסע יידן און אויך פאר ווייבער. ער ווילט זיך דעמלט אויס דעם ליטעראַרישן פסעוודאָנים „שלום עליכם".

שמואל און מאיר מעדוועדעווקער, דער ערשטער מיט זיינע פאנטאסטישע מעשיות וועגן קריסטאָלענע פאלאצן און פאר־באָרגענע אוצרות, האָבן גערייצט די קינדערישע פאנטאזיע פונעם קונדס שלום, ער האָט זיך גאָרנישט געקענט זעטיקן פון די גרויסאַרטיקע און שרעקלעכע מעשיות וואָס דער חבר זיינער האָט געהאלטן אין איין דערציילן כמעט אָן אָפּהאלט. דער צווייטער, מעדוועדעווקער, אויך א קינסטלערישע נאטור, מיט וועלכן דער שפעטערדיקער גרויסער הומאָריסט האָט צוזאמען אין די קינדער־יאָרן פאָרגעשטעלט טעאטראלע ספעקטאקלען, ווי אויך די נעכט וואָס ער האָט פאבראכט מיט די משוררים און כלי־זמר צווישן וועלכע ס'זענען געווען פאָלקס־טאלאנטן, האָט ער שפעטער הארציק באשריבן אין פארשיידענע ווערק.

יינגלווייז האָט שלומן שטענדיק געצויגן צו די אונטערשטע פאָלקס־שיכטן, צו דער אויפריכטיקייט און ניט געקינצטלטקייט פון זייער לעבנס־שטייגער, צו זייער הארצלעכן און מוטיקן אָפּטימיזם. דאָ האָט ער געשעפּט זיינע ערשטע קינסטלערישע איינדרוקן, וואָס זענען שפּעטער באַרייכערט געוואָרן אין זיין קינסטלערישער ליטעראַטור.

ווען ער איז אלט געוואָרן 14 יאָר האָט ער געשריבן אויף העברעאיש א ראָמאן. דאָס איז געווען די השפּעה וואָס ס'האָט אויף אים געמאכט אברהם מאפּוס ראָמאן. ביי 15 יאָר האָט ער געלייענט „ראָבענזאָן קרוזאָ", ער האָט באלד אונטער דעם איינדרוק אָנגעשריבן „דער יידישער ראָבינזאָן קרוזאָ".

די רוסישע ליטעראַטור האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף שלום־עליכמען, ער האָט א סך געשריבן אויף רוסיש, איבער־הויפּט ווען ער איז געווען אין סאָפּיעווקע.

אָנגעהויבן שרייבן האָט שלום אין העברעאיש, ווייל אזוי האָבן דעמלט אלע יידישע אינטעליגענטן געשריבן. זיי האָבן נישט געוואָלט שרייבן אויף יידיש אויף וועלכער די ברייטע יידישע פאָלקס־מאסע האָט גערעדט.

זיינע ווערק אויף יידיש זענען דערשינען צום ערשטן מאָל אין יאָר 1883 אינעם יידישן „פאָלקס־בלאט". ער האָט געזען אז א צוטריט צו די יידישע פאָלקס מאסן איז מעגלעך נאָר דורך דער לעבעדיקער יידישער שפראך, און נישט דורך העב־רעאיש וואָס איז געווען באקאנט נאָך א הייפעלע אינטעליגענטן.

שלום-עליכמס פאָרגייער און מיטצייטלער, די אויסגעצייכנטע שרייבער, מענדעלע מוכר ספרים, ליועצקי און גאָלדפאַדן האָבן אויפגעלעבט די יידישע ליטעראַטור, זיי האָבן געקעמפט ,,קעגן עקספּלואַטאַציע און דלות, קעגן אַמעראַצעס, קעגן דער אָפּגע־שטאַנענקייט פון די פאָלקס-שיכטן, קעגן די רעשטן מיטלאַלטער אין דער קולטור און לעבנס-שטייגער, זיי האָבן געקעמפט פאַר בילדונג און אויפקלערונג. פאַר דעמאָקראַטיזם, פאַר א נייעם לעבן-שטייגער, פאַר נייע פאַמיליע-באַציונגען''.

שלום-עליכם איז אריין אין קאַמף מיט פרישע כוחות וואָס ער האָט געשעפּט פון די אויפקלערונגס-אידייען פון דער יידי־שער ליטעראַטור און פון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָט, אָנגעהויבן פון די צוואַנציקער-דרייסיקער יאָרן פונעם נייַנצעטן יאָרהונדערט, ,,אַלץ מער געווירקט אויף דער פאָרמירונג פון דער יידישער ליטעראַטור''.

נאָכן טויט פון זיין שווער, באַקומט שלום-עליכם א גרויסע ירושה. אַרום אים אין קיעוו וואַקסן אויס פארשיידענע שווינדלער און ספּעקולאַנטן, וואָס פירן אים אריין אין פארשיידענע קאָ־מערציעלע קאָמבינאַציעס, און ער פארלירט אין א קורצער צייט זיין פארמעגן.

אין דער צייט ווען ער איז געווען א עושר האָט ער אַרויס־געגעבן צוויי גרויסע בענדער פון דער ,,יידישער פאָלקס-ביבליאָ־טעק''. אין די צוויי בענדער האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע יידישע און רוסיש-יידישע שרייבער פון יענער צייט. דאָס דער־שיינען פון די צוויי בענדער איז געווען א קער-פּונקט אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך אין זיין אייגענער שאַפונג. דאָ זענען דערשינען אויך זיינע ראָמאַנען: ,,סטעמפּעניו און יאָסעלע סאָלאָוויי''.

דער דריטער באַנד איז שוין נישט דערשינען ווייל אין יאָר 1890 האָט ער שוין געהאַט געפטרט זיין פאַרמעגן. ער איז אוועק קיין אויסלאַנד, זיך געמוטשעט, געווען נע-ונד אין פּאַריז, ווין און טשערנאָוויץ. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד, באַזעצט ער זיך אין אָדעס. אין דער שטאָט וו דער גרויסער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים האָט געלעבט. מענדעלע האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף זיין אייניקל, ווי שלום-עליכם האָט ליב געהאַט זיך צו רופן. שלום-עליכם האָט געפּרווט צו באַנייען ,,די יידישע פאָלקס ביבליאָטעק'', ס'געלונגט אים אָבער נישט מער ווי אַרויס צו געבן א קליין העפטל, וו ער איז אליין געווען דער איינציקער

מחבר פון די געדרוקטע מאַטעריאַלן. אין דעם העפט האָט ער־אָפּגעדרוקט די ערשטע דערציילונג פונעם ציקל: „מנחם מענדל״.

דער לעבנס־שטייגער פון די קיעווער בירזשע־מאַכערס איז דע־מאַסקירט געוואָרן פון שלום־עליכמען אין זיין קאָמעדיע „יקנה״ז״ (1894). „די פאָרשטייער פון די קיעווער יידישער בורזשואַזיע האָבן זיך לייכט דערקענט אין שלום־עליכמס פּערסאָנאַזשן און האָבן זיך דערשלאָגן ביי דער צאַרישער צענזור, זי זאָל קאָנ־פיסקירן די קאָמעדיע מיטן אויסרייד אַז זי אַנטהאַלט גאָט־לעסטערונג״.

אין נויט האָט געלעבט שלום־עליכם ווען ער האָט געדאַרפט ציען זיין חיונה פונעם שרייבן. ווי אַ עקספּלאָזיע פאַרהילכן די ווערטער: „אַז אָך און ווי איז מיר, איך באַדאַרף גאָר לויפן זוכן אַ קערבל! ברענען זאָל די בערזע!״

„אַז אַ יידישער שרייבער זאָל ניט קאָנען לעבן פון שרייבעריי אַליין און זאָל דאַרפן לויפן זוכן אַ קערבל!״.

אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען האָט שלום־עליכם געלעבט, ווען ער איז שוין געווען פּאָפּולער און באַליבט נישט נאָר אין דער יידישער סביבה נאָר אויך אין דער נישט־יידישער. גאָרקי וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט די ליטעראַרישע דערשיינונגען האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט שלום־עליכמען וועגן אַרויס־געבן אויף רוסיש אונטער שלום־עליכמס רעדאַקציע אַ זאַמלונג פון יידישע שרייבער. די זאַמלונג וואָס איז געווען פּראָיעקטירט זי זאָל דערשיינען אינעם פאַרלאַג „זנאַניע״ איז נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן, טראָץ די ענערגישע שריט וואָס שלום־עליכם האָט אָנגענומען כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן. דער קעשע־נעווער פּאָגראָם פון 1903 האָט געצוווּנגען שלום־עליכמען ער זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע געזעלשאַפטלעכע ענינים, באַ־זונדערס, אָרגאַניזירן הילף פאַר די געליטענע פונעם פּאָגראָם.

דער קעשענעווער פּאָגראָם פון 1903 האָט אויפגערודערט און אויפגערעגט די גאַנצע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט פון רוס־לאַנד, די בעסטע רוסישע שרייבער פון יענער צייט זענען אַרויס־געטרעטן מיט אַן ענערגישן פּראָטעסט קעגן דער ווילדער אכז־ריות פון די שוואַרץ־מאַהניקעס. שלום־עליכם האָט זיך געווענדט מיט בריוו צו לעוו טאָלסטאָי, קאָראָלענקאָ, טשעכאָוו און גאָרקי, זיי זאָלן אָנטייל נעמען אין אַ יידישער אויסגאַבע צו הילף די געליטענע פונעם פּאָגראָם. (די זאַמלונג איז דערשינען אונטערן נאָמען „הילף.״) די גרויסע רוסישע שרייבער האָבן זיך הייס אָפּגערופן אויף שלום־עליכמס ווענדונג, לעוו טאָלסטאָי האָט אין

אַן ענטפּער־בריוו צו שלום־עליכמן געשריבן, אַז „שולדיק אין די שוידערן פונעם קעשענעווער פּאָגראָם, ווי בכלל אין דער גאַנצער קיוסטלעכער געפּלאַנצטער העצע, איז בלויז די צאַרישע רעגירונג אַליין".

שלום־עליכם האָט געשטרעבט ס'זאָל דערשיינען אַ טעגלעך־יידישע צייטונג. צוליב דעם צוועק פאָרט ער קיין פּעטערבורג, ער האָט אָבער גאָרנישט אויפגעטון. ער באַקענט זיך דאָרט מיט די באַרימטע רוסישע שרייבער: מ. גאָרקי, ל. אַנדרייעוו און אַנדערע. „דער איינדרוק פון דער פּערזענלעכער באַקאַנטשאַפט" מיט גאָרקין איז געווען זייער אַ גרויסער.

גאָרקי האָט געווירקט אין אַ גרויסער מאָס אויף שלום־עליכמס דעמאָקראַטישער וועלט־אַנשויונג, אויף זיין אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג. „עס איז נישט צופעליק וואָס שלום־עליכמס אַקטיווע דראַמאַטורגישע טעטיקייט. געהער דווקא צו דער עפּאָכע פון דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר."

גאָרקי האָט זיך אויסגעדריקט וועגן שלום־עליכמס שאַפונג, אַז זי איז דורכגעדרינגען מיט „עכטער און קלוגשאַפטלעכער ליבע צום פאָלק".

שלום־עליכם כאַראַקטעריזירט גאָרקין: „גאָרקי — דאָס איז היינט כמעט דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט" (טביה דער מילכיקער). גאָרקי האָט זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט שלום־עליכמס שאַפונגען. „ער האָט דערמאָנט שלום־עליכמס נאָמען אויפן ערשטן אַלפּאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון סאָוועטישע שרייבער און האָט געזאָגט וועגן אים, אַז ער איז אַן „אויסערסט טאַלענטירטער סאַטיריקער און הומאָריסט".

שלום־עליכם האָט זיך גוט צוגעהערט צו די רעוואָלוציאָנערישע געשעענישן פונעם יאָר 1905. ער האָט געמאָלן גע־שטאַלטן פון אַ ריי רעוואָלוציאָנערן אין זיינע דערציילונגען, און אין ראָמאַן: „דער שטורעם". די רעאַקציע וואָס איז אַלץ געוואַקסן נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, האָט אים נישט אָפּגעשוואַכט. ער האָט געגלויבט אַז זיין היימלאַנד רוסלאַנד, וועט גיך באַפרייט ווערן, צוזאַמען מיט אַלע פעלקער וואָס וווינען דאָרט. ער שרייבט אין יאָר 1908: „איך בין זיכער, אַז דער לעבנס־שטראָם און די צייכנס וואָס איך זע אין אונדזער לאַנד... זענען גוטע סמנים פאַר אונדז, קלאָרע באַ־ווייזן, אַז באַלד וועט די זון אויפשיינען איבער אונדז".

שלום־עליכם האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין פון דער צאַרי־שער צענזור. די זשאַנדאַרמערישע פאַרוואַלטונג האָט אפילו פאַר־

פירט א גאנצן „עניין'' וועגן שלום־עליכמען אין צוזאמענהאנג מיט זיין בריוו־אויסטויש מיט די רוסישע שרייבער וועגן ארויסגעבן א זאמלונג צו הילף די געליטענע פון די פּאָגראָמען.

אין יאָר 1906, נאָך א סך וואָגלעניש איבער פארשיידענע לענדער קומט שלום־עליכם קיין ניו־יאָרק. ער האָט געבענקט אהיים קיין רוסלאנד צו די פּאָלקס־מאסן פאר וועלכע ער האָט געשריבן פריילעכע מעשיות אין וועלכע ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט זײער אומגעהויערער טרויער.

אין יאָר 1908 איז ער שוין ווידער אין רוסלאנד. ער באַזוכט א ריי שטעט און שטעטלעך וווּ ער ווערט אויפגענומען פון די ברייטע פּאָלקס־מאסן מיט גרויס כבוד און פרייד. אינעם שטעטל באראנאָוויטש — וווּ ער האָט געמוזט האלטן זיין רעדע אויף רוסיש, ווייל די מאכט האָט נישט דערלויבט אויף יידיש — באקומט ער א בלוט־שטורץ, די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט אז ער איז מסוכן לונגען־קראנק. הונדערטער טויזנטער לייענער האָבן געוואונטשן זייערע בליקן צו זייער באַליבטן שרייבער וואָס האָט זיך געבאָרעט מיטן טויט אין באראַנאָוויטש. די דאָקטוירים האָבן אים געראָטן ער זאָל פאָרן קיין נערווי (איטאליע). דער יובילײ פון 25 יאָר ליטעראַרישער טעַטיקייט, ווערט געפייערט אינעם יאָר 1908 אָן שלום־עליכמס אָנוועזנהייט, ער איז געלעגן אין איטאליע שווער קראנק און אין שווערער נויט. ער האָט פון דאָרטן געשריבן טרויעריקע בריוו.

די ברייטע פּאָלקס־מאסן האָבן זיך אָפּגערופן אויפן אַפּעל פון דער פּרעסע. און פון זייערע פאַרהאָרעוועטע גראָשן האָבן זיי געשיקט הילף דעם פּאָפּולערסטן און באליבטסטן שרייבער שלום־עליכם. „קיין אנדערער וועג איז דעמלט נישט געווען: די צארישע רעגירונג, נישט נאָר זי האָט נישט געזאָרגט וועגן די פּאָלקס־שרייבער, זי האָט זיי נאָך פארפאָלגט. ווייל זייער וואָרט האָט געשטורעמט די פעסטונג פון דער זעלבסט־הערשאפט און ווילקיר.

דער יובילײ־קאָמיטעט האָט אויסגעקויפט אין יאָר 1909 די ווערק פונעם גרויסן פּאָלקס־שרייבער פון די פּריוואטע פארלעגער און האָבן זיי אומגעקערט שלום־עליכמען אלס א פּאָלקס־מתנה צו זיין 25־טן יובילײ פון ליטעראַרישע טעטיקייט. שלום־עליכם האָט געדאנקט די ברייטע פּאָלקס־מאסן מיט דער שאַפונג: „בלאָנדזשענדע שטערן''. אין דעמזעלבן יאָר האָט דער מאָסקווער פארלאַג „סאָווערעמיאָניע פּראָבלעמי'' אָנגעהויבן ארויסגעבן שלום־עליכמס געזאמלטע ווערק אין א רוסישער איבערזעצונג, און די

אויסגאבע איז זייער וואָרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער רו־סישער קריטיק. „דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער שרייבער מאַק־סים גאָרקי האָט הייס באגריסט די איבערזעצונג. א חוץ די רוסישע איבערזעצונג זענען שלום־עליכמס שריפטן איבערגעזעצט געוואָרן אויף פויליש, דייטש, ענגליש, רומעניש, פראנצויזיש, שפאניש, העברעאיש, האָלענדיש, סלאָוואקיש, פלעמיש, בולגאריש, עספעראנטאָ, אונגאריש און יאפאניש.

בילדער פונעם גרויסן רומענישן מאָלער אָקטאוו בענטשילע, האָבן באצירט א רײ העלדן פון דעם גרויסן יידישן הומאָריסט אין סאטיאנוס איבערזעצונגען.

טויזנטער מאָנאָגראפיעס און ארטיקלען זענען אָנגעשריבן געוואָרן וועגן שלום־עליכמען.

אין יאָר 1914 איז ווידער שלום־עליכם געקומען צווישן די פאָלקס־מאסן, מאכנדיק א טורנע איבער די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאנד, פאַרלייענענדיק פון זיינע ווערק. די מאסן האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס שמחה און כבוד. זייענדיק אין ווארשע האָט ער זיך געזען מיטן גרויסן יידישן שרייבער י. ל. פרץ, און האָט זיך זייער דערנענטערט צו אים.

ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין דענעמארק, וווּ ער און זיין פאמיליע האָבן זיך געראטעוועט, קומענדיק פון בערלין וווּ ער איז געווען פארשיקט אלס רוסישער אונטערטאנער, ער האָט געלעבט אין גרויסער נויט. ענדע יאָר 1914 קומט ער ווידער קיין נוי־יאָרק. די בענקשאפט אהיים איז געווען גרויס. ער האָט געטראכט אָז באלד ווי ס'וועט זיך ענדיקן די מלחמה מיט רוסלאנד, זאָל ער זיך אומקערן אהיים.

אין יאָר 1915 שרייבט ער די שענסטע קאָמעדיע זיינע: „דאָס גרויסע געווינס". די אמעריקאנישע טעאטער־בעלי־בתים האָבן נישט געפונען פאר נויטיק זי אויפצופירן אויף דער בינע. דאָס־זעלבע איז געשען מיט: „שווער צו זיין א ייד".

אין א בריוו שרייבט שלום־עליכם: „אין דעם מאָמענט פיל איך דאָ, אז דאָרט דינגט מען זיך איבער דעם ווי איבער אן אָקס. מען וויל קויפן וואָס ביליקער, און מע קוקט, אז ניט נאָר פלייש, נאָר חלב זאָל ער געבן, דער אָקס, און פעל זאָל זיין אזעלכע, וואָס זי אליין זאָל ווערט זיין דאָס געלד... גלות! גלות! עבדות בתוך חירות... מיר יידישע משטיינסגעזאָגט ליטע־ראטן, זענען דאָרט אינעם פרייען לאנד מער פארשקלאפט אלס אלע אנדערע פארשקלאפטע דורכן קאפיטאליזם... נאָר גאָרנישט, כאָטש פאָקרישקע, אלץ ביז א צייט. עס וועט אמאָל אויף אונ־

דזער בלאָטקעלע אויך געבן א שיין די ליכטיקע זון, און מיר וועלן זיך אויך אמאָל פּאָליאָסקען, ווי די חזירים... די באָסעס מיין איך, מיט די מענעדזשערס, מיט די איבעריקע ווילדע חיות". (אין דעם בריוו האנדלט זיך וועגן דעם „אוצר" וואָס שלום־עליכם האָט געשיקט קיין ניו־יאָרק מ'זאָל אים דאָרט אויפירן).

אויף א שפּאציר אין ניו־יאָרק האָט שלום־עליכם געזען ווי קינדער שפּילן זיך, ביי דער זייט איז געשטאנען א שווארץ קינד, א נעגערל, בשעת די אנדערע קינדער האָבן באקומען א חלק פון גוטע זאכן און דאָס נעגערל נישט, „אזוי יינג און שוין נעבעך פארשווארצט ! — זאָגט שלום־עליכם מער אין ערנסט ווי אין שפּאס. און דערנאָך לייגט ער צו : „און מיר מיינען אז מיר זענען די איינציקע איז גלות..."

אין ניו־יאָרק האָט זיך שלום־עליכם געפילט קראנק און פארלאָזן, נישט באקומענדיק פון דער סביבה יענע ווארעמקייט וואָס ער האָט געפילט אין אייראָפּע. די רעדאקציע פון דער צייטונג „דער טאָג" האָט אים אָפּגעזאָגט דעם קאָנטראקט, זיין זון מישא איז געשטאָרבן. די שוידערלעכע מלחמה האָט אויף אים שווער געווירקט. מיט דעם אלעמען שרייבט דער אומדער־מידלעכער שרייבער קראנקערהייט דעם דריטן טייל פונעם „יאַ־ריד", די צווייטע טייל „מאָטל פּייסי דעם חזנס" און אויך איבערגעארבעט די דראמאטיזאציע „טביה דער מילכיקער". ביז די לעצטע טעג האָט ער נישט ארויסגעלאָזט די פעדער פון דער האנט.

א שווער געמיט האָט אויף אים געמאכט דער פאקט וואָס די רעדאקציע אין וועלכער ער איז געווען איר מיטארבעטער האָט נישט געוואָלט אָפּשאצן די ווערט פון „דער בוך פון אלע ביכער". מ'האָט פון אים פארלאנגט פעליטאָנען, פריילעכע ראָמאנען. שבת אינדערפרי דעם 13־טן מיי 1916 איז ער געשטאָרבן.

באהאלטן האָט מען שלום־עליכמן צווישן „פּראָסטע יידן, ארבעטער, מיטן אמתן פאָלק..."

אויף זיין מצבה איז אויסגעקריצט געוואָרן די עפּיטאפיע וואָס ער האָט אליין אָנגעשריבן :

„ווו איך זאָל נישט שטארבן, זאָל מען מיך באהאלטן ניט צווישן אריסטאָקראטן, מיוחסים אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן, ארבעטער, מיטן אמתן פאָלק. אזוי אז די מצבה וואָס מע וועט אוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאָל באשיינען די

איינפאכע קברים פון ארום מיר, און די איינפאכע קברים זאָלן באפוצן מיין מצבה, אזויווי דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט פאר מיין לעבן באשיינט זיין פאָלקס־שרייבער".

שלום־עליכם צוזאמען מיט די צוויי ריזן פון דער דישער ליטעראטור, מענדעלע און י. ל. פרץ, פארנעמען דעם סאַמע אויבנאָן אין אונדזער ליטעראטור, און זיי האָבן אויך איר גע־מאַכט א בכבודיקן פּלאַץ אין דער אלגעמיינער וועלט־ליטעראטור.

אין זיין שאפן און אין זיין מקורישקייט פילט זיך א ריח פון פרישקייט פון פאָלקסטימלעכקייט וואָס ווערט דורכגעטריבן דורך זיין פיינעם הומאָר צו אמתדיקע קונסט, די קונסט וואָס די האַראָפּאַשנע מאַסן פארשטייען זי און פילן אז ס'איז זייערע, זייער אייגענע, ווייל שלום־עליכם האָט געשעפּט פון דעם ארבעטנ־דיקן פאָלק, און האָט אים צוריק דערלאַנגט, פארשענערט, בא־רייכערט די געפילן, די שטרעבונגען. עס געלערנט לאַכן, האָפן, קעמפן. פון זיינע שאַפונגען קומט שטענדיק ארויס דער אָפּטי־מיזם, די פרייד פון לעבן כאָטש נישט איינמאָל זעט זיך דורך זיינע געלעכטערס די גרינע גאל.

מאיר ריספּלער

# מאָטל פּייסי דעם חזנס

## ערשטער טייל: פון דער היים קיין אמעריקע

געשריבן אין יאָר 1907.

# I

## היינט איז יום-טוב — מע טאָר נישט וויינען!

א.

איך גיי מיט אייך אין געוועט אויף וויפל איר ווילט, אז קיי=נער אין דער וועלט איז נישט געווען אזוי צופרידן מיטן ווארעמען ליכטיקן נאָך=פּסח, ווי איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, און דעם שכנס קעלבל, וואָס מע רופט דאָס „מעני“ (דאָס האָב איך, מאָטל, דעם א נאָמען געגעבן „מעני“).

ביידע גלייך האָבן מיר דערפילט די ערשטע שטראלן פון דער ווארעמער זון אינעם ערשטן, ווארעמען נאָך=פּסחדיקן טאָג, ביידע גלייך האָבן מיר דערשמעקט דעם ריח פונעם ערשטן גרי=נעם גרעזעלע, וואָס קריכט, שפּראָצט ארויס פון דער נאָר=וואָס אָפּגעדעקטער ערד, און ביידע גלייך זענען מיר ארויסגעקראָכן פונעם פינצטערן ענגשאפט צו מקבל=פּנים זיין דעם ערשטן זיסן, ליכטיקן ווארעמען פרילינגס=מאָרגן. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, בין ארויס פון א טוואן, פון א קאלטן נאסלעכן-קעלער, וואָס שמעקט מיט זויערטייג און מיט רפואות פון דער אפּטייק; און מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט מען ארויסגעלאָזט נאָך פון אן ערגערן עיפּוש: פון א קליין, פינצטער, בלאָטיק, פארפּאס=קודיקט שטעלעכל מיט אויסגעקרימטע צעפליקטע ווענט, וואָס ווינטער בלאָזט אריין אהין דער שניי און זומער שמייסט אריין דער רעגן.

ארויסגעכאפּט זיך אויף גאָטס פרייע ליכטיקע וועלט, האָבן מיר ביידע, איך און מעני, אויס דאנקבארקייט צו דער נאטור, זיך גענומען אויסדריקן אונדזער צופרידנקייט. איך, פּייסי דעם

חזנס ייִנגל, האָב אויפגעהויבן בײדע הענט ארויף, אויפגעעפנט דאָס מויל און ארײנגעצויגן אין זיך די פרישע, ווארעמע לופט אזוי פיל, וויפל איך האָב געקאָנט, — און עס האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איך וואקס אין דער הייך, און עס ציט מיך ארויף=ארויף, אין דער טיפער=טיפער בלויער יארמלקע ארײן, דאָרט ווו די שיטערע רויכיקע וואָלקנס שוועבן, דאָרט ווו די ווײסע פויגלען טוקן זיך, באווײזן זיך און ווערן פארשווונדן מיט א קוויטש און מיט א צוויטשער, און עס רײסט זיך ארויס פון מײן אָנגעפילטער ברוסט, אָן מײן ווילן, א מין געזאַנג, נאָך שענער ווי יום=טוב מיטן טאטן בײם עמוד, א געזאנג אָן ווערטער, אָן נאָטן, אָן א שום מאָטיוו, א מין נאטור=געזאנג פון א וואסערפאל, פון יאָגנדיקע כוואליעס, א מין שיר=השירים, א געטלעכע התפעלות, א הימלישע באגײסטערונג: אוי=ווײ, טאטע! אוי=ווײ, פאָטער! אוי=ווײ, לעבעדיקער גאָאָאָאָט!!!

אָט אזוי האָט ארויסגעוויזן זײן צופרידנקײט מיטן ערשטן פרילינגס=טאָג פײסי דעם חזנס ייִנגל. גאנץ אנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנס קעלבל.

מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט קוים ארײנגעשטעקט די שווארצע נאסע מאָרדע אין מיסט ארײן, א שאר געטאָן מיטן פאָדערשטן פיסל די ערד אונטער זיך אמאָל דרײ, פארריסן דעם עק, אויפגעשפרונגען נאָכדעם אויף אלע פיר, און ארויסגעלאָזט א דומפיקן „מע!“ דער „מע“ האָט מיר אויסגעוויזן אזוי קאָמיש, אז איך האָב מיך געמוזט צעלאכן און נאָכמאכן פונקט דעם אײגענעם „מע“ מיטן זעלביקן נוסח, וואָס מעני. מעני איז דאָס, ווײזט אויס, געפעלן, ווארום עס האָט לאנג נישט גענומען, האָט דאָס קעלבל איבערגעחזרט דאָס אײגענע נאָך אמאָל, מיטן זעלביקן נוסח און מיטן זעלביקן שפּרונג. זעלבסטפארשטענדלעך, אז איך האָב דאָס באלד נאָכגעטאָן מיט אלע פיטשעווקעס, מיטן קול און מיטן שפרונג. אזוי עטלעכע מאָל: איך א שפרונג, דאָס קעלבל א שפרונג; דאָס קעלבל א „מע“, איך א „מע“. ווער ווײסט, ביז וואנען דאָס שפּיל וואָלט זיך אזוי געצויגן, ווען נישט א שנײד פון הינטן אין האלדז ארײן פון מײן עלטערן ברודער אליהו מיט אלע זײנע פינף פינגער:

— אײנגעזונקען זאָלסטו ווערן! א בחורל פון כמעט נײן יאָר שטעלט זיך אוועק טאנצן מיט א קעלבל!... אין שטוב ארײן גײ, דו הולטײ אײנער!... דער טאטע וועט דיר שוין געבן!...

## ב.

בלאָטע! דער טאַטע וועט מיר נישט „געבן“ גאָרנישט. דער טאַטע איז קראַנק. ער דאַוונט שוין נישט פאַרן עמוד פון שמחת־תורה אָן. גאַנצע נעכט הוסט ער. עס גייט צו אונדז דער שוואַרצער דאָקטאָר, א גראָבער מיט שוואַרצע וואָנסעס און מיט לאַנגדיקע אויגן — א פרייליכער דאָקטאָר. מיך רופט ער „פופּיק“ און שנעלט מיר מיט די פינגער אין בייכל אריין. ער זאָגט אָן אַלע מאָל דער מאַמען, מע זאָל מיך נישט שטאָפּן מיט קיין קאַרטאָפליעס, און דעם קראַנקן זאָל מען געבן נאָר בוליאָן און מילך, מילך און בוליאָן. די מאַמע הערט אים אויס, און אַז ער גייט אַוועק, באַהאַלט זי דאָס פּנים אין פאַרטעך און די אַקסלען טרייסלען זיך ביי איר... נאָכדעם ווישט זי אויס די אויגן, רופט אָפּ מיין ברודער אליהו אויף א זייט, און מע סודעט זיך שטילערהייט. וואָס זיי רעדן — ווייס איך נישט. נאָר מיר דאַכט, זיי קריגן זיך. די מאַמע שיקט אים ערגעץ, ער וויל נישט גיין. ער זאָגט צו איר:

— איידער אָנקומען צו זיי, וועל איך דיר בעסער גיין אין דער ערד אריין!... איך וועל בעסער שטאַרבן היינטיקן טאָג!...

— בייס דיר אָפּ די צונג, משומד איינער, וואָס רעדסטו?

אַזוי ענטפערט אים די מאַמע שטיל, ציפּעט צונויף די ציין, מאַכט צו אים מיט די הענט, איז גרייט אים דורס זיין. זי ווערט אָבער באַלד ווייך און מאַכט צו אים:

— וואָס זאָל איך טאָן, מיין זון, א רחמנות אויפן טאַטן... מע מוז דאָך אים ראַטעווען!...

— פאַרקויפט מען עפּעס — זאָגט מיין ברודער אליהו און כאַפּט א קוק אויף דער גלעזערנער שאַפע. און די מאַמע קוקט אויך אויף דער זעלבער שאַפע, ווישט די אויגן און זאָגט שטיל:

— וואָס זאָל איך פאַרקויפן? די נשמה? שוין נישטאָ וואָס צו פאַרקויפן. סיידן די ליידיקע שאַפע?

— פאַרוואָס נישט? — זאָגט איר מיין ברודער אליהו.

— רוצח! — ענטפערט אים די מאַמע מיט רויטע אויגן. — פונוואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען אַזעלכע רוצחים קינדער?!

די מאַמע פייערט און קאָכט, ווייגט זיך אויס, ווישט אויס די אויגן און בעט זיך באַלד איבער. אַזוי איז געווען אויך מיט די ספרים, מיט דער זילבערנער עטרה פונעם טלית, מיט די צוויי געגילטע בעכערלעך, מיט איר זיידן מלבוש, און מיט אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרן ביי אונדז איינציקווייז, און אַלע מאָל אן אנדערן קונה.

די ספרים האָט אוועקגעקויפֿט מיכל דער פּאַקנטרעגער, א ייד מיט א שיטער בערדל, וואָס ער האלט דאָס אין איין קראצן. מיין ברודער אליהו איז נעבעך געגאנגען צו אים דריי מאָל, איידער ער האָט אים אראָפּגעבראכט. די מאמע האָט זיך מחיה געווען, אז זי האָט אים דערזען, און באוויזן אים מיטן פינגער, ער זאָל רעדן שטיל, בכדי דער טאטע זאָל נישט הערן. מיכל האָט פארשטאנען, פאררייסן דעם קאָפּ ארויף אויף דער פּאָליצע, זיך געקראצט אונטערן בערדל און א זאָג געטאָן:

— אנו ווייזט, וואָס האָט איר דאָרטן?

מיט א ווונק האָט מיר די מאמע באוויזן, איך זאָל ארויף אויפן טיש און דערלאנגען די ספרים. צוויי מאָל איבערחזרן איז נישט געווען נייטיק. איך בין מיט איין שפּרונג ארויף מיט אזא גדולה, אז איך האָב מיך אויסגעצויגן איבערן טיש און נאָך געכאפּט א צוגאָב פון מיין ברודער אליהו, איך זאָל נישט שפּרינ־ גען, ווי א מעשוגענער. מיין ברודער אליהו האָט זיך אליין מטריח געווען אויפן טיש און דערלאנגט מיכלען אלע ספרים. מיכל האָט מיט איין האנט געבלעטערט די ספרים, מיט דער אנדערער זיך געקראצט דאָס בערדל און געזאָגט הסרונות. יעדער ספר האָט זיין חסרון: דאָרט איז דער בונד געווען נישט גוט. ביי דעם איז דער רוקן שטארק צעגעסן. דאָ איז דער ספר אליין קיין ספר נישט. און אז ער האָט שוין גאנץ גוט איבערגעקוקט אלע ספרים, מיט אלע בינדן, מיט אלע רוקנס, האָט ער זיך א קראץ געטאָן אין בערדל:

— ס'זאָל זיין משניותן, א גאנצער גאנג, וואָלט איך זיי אפשר אוועקגעקויפט.

די מאמע איז געוואָרן טויט ווי די וואנט, און מיין ברודער אליהו איז, פארקערט, געוואָרן רויט ווי פייער; ער איז אָנגע־ פאלן אויפן פּאַקנטרעגער:

— האָט איר דאָך לכתחילה געקאָנט זאָגן, אז איר קויפט נאָר משניותן! וואָס זענט איר געקומען דולן א ספּאָדיק און דרייען א מוח?

— לאָז זיין שטיל! — בעט זיך ביי אים די מאמע, און עס הערט זיך א הייזעריקע שטים פונעם צווייטן אלקער, ווו דער טאטע ליגט:

— ווער איז דאָרטן?

— קיינער נישט! — ענטפערט אים די מאמע און שיקט אָפּ מיין ברודער אליהון צום קראנקן, און אליין האנדלט זי מיט מיכל דעם פּאַקנטרעגער, פארהאנדלט אים די ספרים, אפנים,

פאר זייער ווינציק געלט, וואָרום אז מיין ברודער אליהו קומט ארויס פונעם טאטענס אלקער און פרעגט זי: „וויפל?“ — שטופּט זי אים אָפּ און זאָגט אים: „ס'איז נישט דיין עסק!“... און מיכל כאַפּט די ספרים גיך־גיך, פּאַקט זיי איין אין א זאַק אריין און מאכט פּליטה.

ג.

פון די אלע זאכן, וואָס מיר האָבן אויספאַרקויפט פון שטוב, האָט מיר קיינע פון זיי נישט צוגעשטעלט אזוי פיל פארגעניגן, ווי די גלעזערנע שאפע.

אמת, די זילבערנע עטרה פונעם טאטנס טלית, אז מע האָט באַדאַרפט אָפּטרענען, איז אויך געווען פאר מיר א שטיקל יום־טוב. קודם — דאָס דינגען זיך מיט יאָסל דעם גאָלדשמיד, א בלייכער ייד מיט א רויטע פליאמע אויפן פנים. דריי מאָל איז ער אוועקגעגאנגען צוריק — און אויסגעפירט האָט ער. נאָכדעם האָט ער זיך אוועקגעזעצט א פוס איבער א פוס צום פענצטער מיטן טאטנס טלית, ארויסגענומען א קליין מעסערל מיט א געל קלעצל פון הירשנביין, אויסגעבויגן דעם מיטלסטן פינגער און גענומען טרענען די עטרה אזוי קונציק, אז ווען איך קאָן אזוי טרענען עטרות, וואָלט איך, דאכט זיך, געווען איינער א גליק־לעכער! און פונדעסטוועגן, האָט איר באַדאַרפט אָנקוקן דעמלט די מאמע מיינע, ווי אזוי זי האָט זיך עס אביסל צעוויינט! אפילו מיין ברודער אליהו, וואָס ער איז שוין א בחור און א חתן, האָט זיך עפּעס אויך מאָדנע אויסגעבויגן מיטן פנים צו דער טיר, כלומרשט געשנייצט די נאָז מיט איין פינגער, פארקרימט דאָס פנים און ארויסגעלאָזט א מאָדנעם קוויטש פונעם האלדז און געווישט מיט דער פאָלע די אויגן.

— וואָס איז דאָרטן? — פרעגט דער טאטע פון זיין קראנקן אלקער.

— גאָרנישט! — ענטפערט אים די מאמע און ווישט די רויטע אויגן, און די אונטערשטע ליפּ מיט איר גאנצן האלבן פנים טרייסלט זיך אזוי, אז מע דאַרף זיין שטארקער פון אייזן, מע זאָל נישט פּלאצן פאר געלעכטער.

נאָר ווי קומט דאָס צו דער גלעזערנער שאפע?

ערשטנס, וואָס הייסט מע וועט זי צונעמען? מיר האָט זיך תמיד געדאכט, אז אונדזער גלעזערנע שאפע איז צוגעוואקסן

מיט דער וואנט, — ווי אזוי וועט מען זי נעמען? צווייטנס, ווו וועט די מאמע פארשליסן דאָס ברויט, מיט דער חלה, מיט די טע־לער, מיט די בלייענע לעפל און גאָפּלען (צוויי זילבערנע לעפל און איין גאָפּל א זילבערנעם האָבן מיר געהאט, האָט זיי די מאמע שוין לאנג פארקויפט), און ווו וועלן מיר האלטן פּסח די מצה? די גע־ראנקען זענען מיר געקומען אויפן קאָפּ, בשעת נחמן דער סטאָ־ליער איז געשטאנען און געמאָסטן די שאפע מיט זיין גרויסן רויטן נאָגל פונעם גראָבן פינגער פון דער אויסגעשמירטער האנט. ער האָט אלץ געדרונגען, אז די שאפע וועט נישט ארויס פון דער טיר. א סימן: אָט האָט איר אייך די ברייט פון דער שאפע און אָט האָט איר די טיר — אָסור אויב זי וועט ארויס!

— ווי אזוי זשע איז זי אריין? — פרעגט אים מיין ברודער אליהו.

— גיי פרעג זי! — ענטפערט אים נחמן מיט כעס. — איך וויים, ווי אזוי זי איז אריין? מע האָט זי אריינגעטראָגן, איז זי אריין!...

איין מינוט איז געווען אזעלכע, וואָס איך האָב מורא געהאט פאר דער שאפע. דאָס הייסט, איך האָב געמיינט, זי בלייבט ביי אונדז. עס האָט אָבער לאנג נישט גענומען, און נחמן דער סטאָליער איז געקומען מיט זיינע צוויי בנים, אויך סטאָליארעס, און מע האָט געגעבן א נעם אונדזער גלעזערנע שאפע טאקע גאָר ווי דער רוח דעם מלמד; פריער איז געגאנגען נחמן; נאָכדעםביידע בנים, הינטן — איך. דער פאָטער האָט געקאָ־מאנדעוועט: „קאָפּל, אָן א זייט! מענדל, רעכטס! קאָפּל, נישט לויף! מענדל, האלט“... איך האָב זיי געהאָלפן נאָכטאנצן. די מאמע און מיין ברודער אליהו האָבן נישט געוואָלט העלפן. זיי זענען געשטאנען, געקוקט אויף דער ליידיקער וואנט, וואָס איז געווען באדעקט מיט שפינוועבס, און האָבן געוויינט... איין אקציע מיט די צוויי — נאָר זיי וויינען!... פּלוצעם — טרראך! סאמע ביי דער טיר האָט געפּלאצט דאָס גלאָז, און דער סטאָליער מיט די בנים האָבן גענומען זידלען זיך, ארויפלייגן איינס אויף דאָס אנדערע די באָד: „א ריר פון א בלייענעם פויגל!“ „בערישע פּיס!“ „דער רוח כאפּט אים אוועק!“ „ברעך דעם קאָפּ, צו־נ־אלדי שווארצע יאָר!“...

— וואָס איז דאָרטן? — הערט זיך א הייזעריק קול פונעם קראנקנס אלקער.

— גאָרנישט! — ענטפערט די מאמע און ווישט די אויגן.

ד.

די בעסטע שמחה פון אלע שמחות איז געווען ביי מיר, אז ס'איז געקומען צו מיין ברודער אליהוס קאנאפקע און צו מיין בעטל. מיין ברודער אליהוס קאנאפקע איז פריער געווען א קאנאפע, וואָס מע פלעגט אויף איר זיצן. נאָר זינט מיין ברודער אליהו איז געוואָרן א חתן און האָט אָנגעהויבן צו שלאָפן אויף דער קאנאפע און איך אויף זיין בעטל, איז די קאנאפע געוואָרן א „קאנאפקע". אמאָל, אין די גוטע יאָרן אז דער טאטע איז געווען געזונט און געדאוונט מוספים אין דער קצבישער קלויז מיט פיר משוררים, האָט די קאנאפע געהאט אין זיך „שפרינ־זינעס". איצט זענען שוין די „שפרינגזינעס" געווען מיינע. איך האָב פון זיי געמאכט כל המינים פאָקוסן שבעולם: צעקאליעטשעט די הענט, שיער נישט ארויסגענומען זיך אן אויג, אָנגעטאָן זיי איינמאָל אויפן האלדז און געשטאנען א מינוט אויף צו דער־וואָרגן ווערן. ביז מיין ברודער אליהו האָט מיך גוט אָנגעבוכעט און פארוואָרפן די „שפרינגזינעס" אויפן בוידעם און צוגענומען דעם לייטער.

אָפּגעהאנדלט די קאנאפע מיטן בעטל האָט חנה די יידינע. איידער חנה האָט דאָס מעבל אָפּגעקויפט, האָט זי די מאמע נישט צוגעלאָזט ארייגקוקן אינעווייניק אין תוך אריין; „אָט דאָס, וואָס איר זעט, דאָס קאָנט איר האנדלען; קוקן איז נישטאָ וואָס!" נאָר אז חנה האָט זיך אויסגעדונגען און געגעבן אז אויפגאָב, איז זי צוגעגאנגען צו דער קאנאפע און צום בעטל. אויפגעהויבן דאָס בעטגעוואנט, פאוואָלינקע ארייגעקוקט אין אלע פארבאָרגענע ערטער און האָט שטארק געשפיגן... די מאמע איז געווען ברוגז פארן שפייען, געוואָלט אומקערן דעם אויפגאָב, האָט זיך ארייגעמישט מיין ברודער אליהו:

— געקויפט, איז פארפאלן!

אויסגעבעט אויף דער ערד, האָבן מיר זיך אויסגעצויגען ביידע, איך און מיין ברודער אליהו, ווי די גראפן, צוגעדעקט זיך ביידע מיט איין קאָלדרע (זיינע האָט מען פארקויפט), און ס'איז מיר געווען זייער אָנגענעם צו הערן פון מיין עלטערן ברודער, אז אויף דער ערד צו שלאָפן איז גאָרנישט אזוי שלעכט.

איך וואַרט אָפּ ביז ער לייענט אָפּ קריאת־שמע און ווערט אנטשלאָפן, דעמלט נעם איך מיר קאטשן איבער דער גאנצער ערד. פלאץ איז היינט דאָ. ברוך־השם, גענוג. א פעלד, א פאר־געניגן, א גן־עדן!...

ה.

— וואָס טוט מען ווייטער?

אזוי זאָגט די מאמע צו מיין ברודער אליהו איינמאָל אין א פרימאָרגן און באטראכט מיט א געקנייטשטן שטערן די לײדיקע פיר ווענט. איך און מיין ברודער אליהו העלפן איר באקוקן די פיר ווענט. מיין ברודער אליהו קוקט אויף מיר פארזאָרגט און מיט רחמונת.

— גיי אין דרויסן! — מאכט ער צו מיר שטרענג. — מיר דארפן דאָ עפּעס רעדן...

אויף איין פוס שפּרינגג איך ארויס אין דרויסן ארויס — און, פארשטייט זיך, גלייך צום שכנס קעלבל.

די לעצטע צייט האָט זיך „מעני" געגעבן א הייב אויף די פיסלעך, קיין עין־הרע אויסגעוואָקסן, געוואָרן שיין, דאָס שווארצע מאָרדעלע חנעוודיק, די קיילעכיקע אויגן קלוג, מיט פארשטאנד, ווי להבדיל א מענטש, א בר־דעת, קוקט ארויס, מע זאָל דעם עפּעס געבן אין מויל אריין, האָט ליב, אז מע קראצט דעם מיט צוויי פינגער אונטערן העלדזל.

— שוין? דו האָסט זיך שוין ווידער צונויפגעקאָמפּאניעט מיטן קעלבל? קאָנסט זיך גאָרנישט צעשיידן מיט דיין טייערן חבר?

אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו שוין אָן קללות און נעמט מיך פאר א האנט און זאָגט, אז ער גייט מיט מיר צו הערש־בער דעם חזן. ביי הערש־בער דעם חזן, זאָגט ער, וועט מיר זיין גוט. ערשטנס, זאָגט ער, וועל איך האָבן וואָס צו עסן. אין דער היים איז נישט גוט, זאָגט ער; דער טאטע, זאָגט ער, איז קראנק, מע דארף אים, זאָגט ער, ראטעווען. מיר ראטעווען אים, זאָגט ער, ווי ווייט מיר קאָנען. און מיין ברודער אליהו צעשפּיליעט די קאפּאָטע און ווייזט מיר אויף זיין זשילעט:

— אָט האָב איך געהאט א זייגער, א מתנה פון מיין מחותן, האָב איך אים פארקויפט. דער מחותן זאָל וויסן, וואָלט זיך געטאָן הושך! די וועלט וואָלט זיך איבערגעקערט!...

איך דאנק און לויב גאָט, וואָס זיין מחותן ווייסט נישט פונעם זייגער און וואָס די וועלט קערט זיך נאָך נישט איבער. וויי! ווען חלילה, די שעה זאָל גאָר נישט זיין, עס קערט זיך איבער די וועלט, וואָס וואָלט דעמלט זיין מיט מעניו, מיטן שכנס קעלבל? א שטומע צונג!...

— אַט זענען מיר געקומען! — מאַכט צו מיר מיין ברודער אליהו, וואָס ווערט צו מיר אַלע מינוט מער צוגעלאָזט און פריינדלעך.

הערש־בער דער חזן איז אַ ייד אַ „מנגן“. דאָס הייסט, ער אַליין קאָן נישט זינגען, ער האָט נעבעך קיין קול נישט. אַזוי האָב איך געהערט פון טאַטן. נאָר ער פאַרשטייט נגינה. און זינגערלעך האָט ער אַ שטיקלעך פופצן, און איז אַ בייזער מענטש — סכּנות! ער פאַרהערט מיך זינגען. איך זאָג אים אַ „מגן־אבות“ מיט אַ „דריידל“. ער גלעט מיך און זאָגט צו מיין ברודער, אַז איך האָב אַ „סאָפּראַנאָ“. מיין ברודער זאָגט, אַז נישט נאָר אַ סאָפּראַנאָ, נאָר אַ סאָפּראַנאָ שבסאָפּראַנאָ!... מיין ברודער אליהו דינגט זיך מיט אים, נעמט אַן אויפגאָב און זאָגט מיר, אַז איך בלייב שוין דאָ, ביי רב הערש־בער דעם חזן. איך זאָל אים פאָלגן, זאָגט ער, און איך זאָל נישט בענקען!...

אים איז גרינג צו זאָגן, איך זאָל נישט בענקען! ווי אַזוי זאָל איך נישט בענקען זומער־לעבן? די זון באַקט, דער הימל איז ווי אַ קרישטאָל, די בלאָטע האָט שוין לאַנג אויסגעטריקנט. אין דרויסן ביי אונדז נעבן שטוב ליגן קלעצער, נישט אונדזערע, דאָס איז יאָסי דעם נגידס קלעצער. ער קלויבט זיך בויען אַ שטוב, האָט ער צוגעגרייט קלעצער, האָט ער נישט ווו זיי אָפּצולייגן, האָט ער זיי אָפּגעוואָרפן נעבן אונדז. לאַנג לעבן זאָל ער, יאָסי דער נגיד! וואָרום פון די קלעצער קאָן איך מיר מאַכן אַ „קרעפּאָסט“, און צווישן די קלעצער וואַקסן שטעכלקעס מיט קריגעלעך. די שטעכלקעס זענען גוט אויף צו שטעכן, און די קריגעלעך בלאָזט מען אָן און מע טוט זיי אַ קנאַק אין שטערן — פּלאַצן זיי.

מיר איז גוט, מעניו, אונדזער שכנס קעלבל, איז אויך גוט. איך און מעני זענען די איינציקע באַלעבאַטים אָט דאָ, „אינעווייניק אין דרויסן“, און ווי אַזוי זאָל איך נישט בענקען נאָך מעניו, אונדזער שכנס קעלבל?...

ו.

עס איז שוין באַלד דריי וואָכן, ווי איך בין ביי הערש־בער דעם חזן, און זינגען זינג איך כמעט גאָרנישט. איך האָב אַן אַנדער אַרבעט. איך טראָג מיך אַרום מיט זיין דאָבטשען. דאָבטשע איז אַ קינד אַ הויקער. קיין צוויי יאָר אַלט, און פונדעסטוועגן איז זי, קיין עין־הרע, אַ שווערינקע, שווערער פון מיר. איך רייס מיר איין דאָס געזונט, זי טראָגנדיק. דאָבטשע האָט מיך ליב. זי כאַפּט מיך אַרום

מיט אירע דארע הענטלעך און טשעפּעט זיך אָן מיט די דינע פינגערלעך. זי רופט מיך „קיקאָ“. וואָס עפּעס קיקאָ, ווייס איך נישט. דאָבּטשע האָט מיך ליב. לאָזט מיך נישט שלאָפן גאנצע נעכט: „קיקאָ, קי! — דאָס הייסט, איך זאָל זי וויגן. דאָבּטשע האָט מיך ליב. אז איך עס, רייסט זי ביי מיר פונעם מויל: „קיקאָ, פּי!“ — דאָס הייסט: גיב עס מיר!... עס ציט מיך אהיים. דאָס עסן איז דאָ אויך נישט אי־אי־אי... יום־טוב. שבועות אויף דער נאכט. עס ווילט זיך גיין אין דרויסן זען, ווי דער הימל שפּאלט זיך. דאָבּטשע לאָזט נישט. דאָבּטשע האָט מיך ליב: „קיקאָ, קי!“ — איך זאָל זי וויגן. איך וויג זי און וויג זי און ווער אנטשלאָפן. און עס קומט צו מיר א גאסט — מעני דעם שכנס קעלבל, קוקט אויף מיר מיט אויגן, ווי א בר־דעת, און זאָגט מיר: קום! און מיר לאָזן זיך גיין באַרג־אַראָפּ, צום טייך. נישט לאנג געטראכט, פארקאטשע איך די הייזלעך: האָפּ! איך בין שוין אין טייך. איך שווים, און מעני שווימט מיר נאָך. אויף יענער זייט איז גוט. נישטאָ קיין חזן, נישטאָ קיין דאָבּטשע, נישטאָ קיין קראנקער טאטע... איך כאפּ זיך אויף — ס'איז גאָר א חלום. אנטלויפן! אנטלויפן! ווי אזוי אנטלויפט מען? וווהין? אהיים געווייגלעך. הערש־בער דער חזן איז שוין! אָבער אויפגעשטאנען פריער פון מיר. ער האָט א גרויסן קאמערטאָן, פּרווט אים מיט די ציין, טראָגט־צו צום אויער. ער הייסט מיר אָנטאָן זיך אויף גיך און גיין מיט אים אין שול. מע וועט היינט צו מוסף זאָגן „איין אויסגעשטעלטע זאך“. אין שול זע איך מיין ברודער אליהו. ווי קומט ער אהער? ער דאוונט דאָך גאָר ביי די קצבים, דאָרט ווו דער טאטע איז חזן! וואָס באדייט עס?... מיין ברודער אליהו רעדט עפּעס מיט הערש־בער דעם חזן. הערש־בער דער חזן איז נישט צופרידן. ער זאָגט:

— גערענק זשע, למען השם, תיכף נאָכן עסן!...

— קום! וועסט זיך זען מיטן טאטן! — אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו, און מיר גייען אהיים אין צווייען. ער גייט, און איך שפּרינג. איך לויף, איך פלי.

— האָב צייט! וואָס פליסטו אזוי? — זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו און האלט מיך צו. אים ווילט זיך, אפנים, מיט מיר א ביסל רעדן.

— דו ווייסט? דער טאטע איז קראנק, זייער־זייער קראנק!... גאָט ווייסט, וואָס ס'וועט זיין מיט אים... מע דארף אים ראטעווען, נישטאָ מיט וואָס... קיינער וויל נישט העלפן... אין „הקדש“ וויל די מאמע אים נישט לאָזן בשום אופן! זי וועט פריער שטארבן, זאָגט זי, איידער לאָזן אים אין הקדש!... שא, אָט גייט די מאמע.

## 1.

מיט אויסגעשטרעקטע הענט גייט אונדז די מאמע אקעגן, פאלט מיר אויפן האלדז, און איך פיל אויף מיינע באקן א פרעמדע טרער. מיין ברודער אליהו גייט צום קראנקן טאטן, און איך מיט דער מאמען בלייבן שטיין אין דרויסן. מע האט זיך אונדז ארומגעשטעלט פון אלע זייטן: אונדזער שכנס ווייב פעסיע די גראבע און איר טאכטער מינדל, און איר שנור פערל, און נאך א צוויי ווייבלעך.

— איר האט א גאסט אויף שבועות? גאט ליב אייך מיט אייער גאסט!

די מאמע לאזט אראפ די אנגעשוואלענע אויגן.

— א גאסט. משטיינס געזאגט, א קינד. געקומען געוואר ווערן דעם קראנקן טאטן. פארט א קינד...

אזוי זאגט די מאמע צו דער גאנצער כנופיא ווייבער, און צום שכנס ווייב, צו פעסיען, זאגט זי עקסטרע, שטילערהייט. בשעת פעסיע שאקלט מיטן קאפ:

— א שטאט! עמעצער זאל זיך אפילו ארומקוקן... דריי און צוואנציק יאר אפגעקלאפט ביים עמוד... דאס געזונט אוועקגעלייגט... איך וואלט אים אפשר ראטעווען — נישטא מיט וואס... אלץ, ברוך השם, פארקויפט... דאס לעצטע קישעלע... דאס קינד באשטעלט ביי א חזן... אלץ צוליב אים... אלץ צוליבן קראנקן...

אזוי באקלאגט זיך די מאמע פאר איר שכנה פעסיע, שטייענדיק אין דרויסן. איך דריי דעם קאפ אויף אלע זייטן:

— וועמען זוכסטו? — מאכט צו מיר די מאמע.

— וועמען זוכט א קינד? דאס קעלבל מן הסתם...

אזוי זאגט פעסיע אונדזער שכנה און מאכט צו מיר מיט א מאדנע פריינדשאפט:

— ע, יינגעלע! נישטא קיין קעלבל! געמוזט פארקויפן דאס דעם קצב. א ברירה האט מען? געווען אז מע דארף האדעווען איין סקאטינע — נאך צוויי סקאטינעס טראגן אויפן קאפ!...

איז שוין ביי איר דאס קעלבל, דאנקען גאט, אויך געווארן א סקאטינע?...

א מאדנע יידענע אט די פעסיע. אומעטום שטופט זי אריין איר נאז. זי דארף וויסן, צי האבן מיר א מילכיקע סעודה?

— אקעגן וואס פרעגט איר דאס? — פרעגט ביי איר די מאמע.

— גלאַט אזוי! — זאָגט פעסיע, הייבט אויף די שאַל און שטופּט דער מאמען א טעפּל מיט סמעטענע. די מאמע שטופּט אָפּ דאָס טעפּל מיט ביידע הענט.

— גאָט איז מיט אייך, פעסיע! וואָס טוט איר דאָס? וואָס זענען מיר? הלילה עפּעס ווייס איך ווער? איר קענט מיך נישט?

— אדרבה, — פאַרענטפערט זיך פעסיע — טאַקע ווייל איך קען אייך. דאָס בהמהלע, קיין עין־הרע נישט, האָט זיך די לעצטע צייט פאַרריכט. פאַראַן, קיין עין־הרע, קעז און פּוטער. איך ליי אייך אויס... איר וועט מיר, אם ירצה השם אָפּגעבן...

און פעסיע די שכנה רעדט נאָך לאַנג מיט דער מאַמען, און מיר ציט דאָס הארץ צו די קלעצער, צום קעלבל, צום קעלבל, צום קעלבל!... איך זאָל מיך נישט שעמען, וואָלט איך מיך צעוויינט...

— אז דער טאַטע וועט דיך פרעגן, זאָלסטו זאָגן: א דאַנק גאָט!

אזוי זאָגט מיר אָן די מאַמע, און מיין ברודער אליהו גיט דאָס מיר צו פאַרשטיין אביסל ברייטער:

— זאָלסט זיך נישט באַקלאָגן, נישט דערציילן קיין פּזמונות, נעכטיקע טעג. זאָלסט נאָר זאָגן א דאַנק גאָט. דו הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר?

און מיין ברודער אליהו פירט מיך אריין אין קראַנקנס חדר. דער טיש איז אָנגעשטעלט מיט פלעשעלעך, פּידעלעך, באַנקעלעך. סע שמעקט אַפּטייק. דאָס פענצטער איז צוגעמאַכט. לכבוד שבועות האָט מען אים צוגעקליבן דעם חדר מיט גרינס, צוקאָפּנס איבערן בעטל האָט מען אים אויפגעהאָנגען א מגן־דוד פון „ליוביסטיק“. דאָס איז מיין ברודער אליהוס ארבעט. אויף דער ערד איז אויסגעשפּרייט שמעקנדיק גראָז. דער טאַטע דערזעט מיך, רופט מיך צו צו זיך מיט א לאַנגן דאַרן פינגער. מיין ברודער אליהו שטופּט מיך אונטער. איך גיי צו צום טאַטן. איך האָב אים קוים דערקענט. דאָס פּנים ווי ליים. די גרויע האָר גלאַנצן, שטאַרצן איינציקווייז, ווי אריינגעשטרייכטע, פרעמדע האָר. די שוואַרצע אויגן זיצן טיף, ווי אריינגעפּאַסטע, פרעמדע אויגן. די ציין זעען־אויס, ווי אריינגעזעצטע, פרעמדע ציין. דער האַלדז איז אזוי דין, אז קוים וואָס דער קאָפּ האַלט זיך איין אויף אים. א גליק, וואָס ער קאָן נישט זיצן... מיט די ליפּן מאַכט ער עפּעס מאָדנע, ווי א מענטש בשעת ער שווימט: מפּפּו!... ער לייגט־אַרויף אויף מיין פּנים א הייסע האַנט מיט ביינעריקע פינגער, דאָס פּנים מאַכט א קרומען שמייכל, ווי א מת.

אין דעם קומט אָן די מאמע. נאָך איר דער דאָקטאָר, דער פריילעכער שווארצער דאָקטאָר מיט די גרויסע וואָנסעס. ער באגעגנט מיך, ווי אן אלטן גוטן ברודער. ער איז מיך מכבד מיט א שנעל אין בייכל און מאכט צום טאטן פריילעך:

— איר האָט א גאסט אויף שבועות? גאָט ליב אייך מיט אייער גאסט!

— א דאנק! — זאָגט די מאמע און ווינקט צום דאָקטאָר, ער זאָל באטראכטן דעם חולה און זאָל אים עפּעס פארשרייבן. דער שווארצער דאָקטאָר עפנט דאָס פענצטער מיט א רעש און בייזערט זיך אויף מיין ברודער אליהו, פארוואָס מע האלט דאָס פענ־צטער צו.

— איך האָב אייך טויזנט מאָל געזאָגט, אז א פענצטער האָט ליב, אז מע האלט אים אָפן!

מיין ברודער אליהו ווינקט אויף דער מאמען, אז דאָס איז די מאמע שולדיק: זי לאָזט נישט עפענען קיין פענצטער, האָט מורא פארן טאטן, ער זאָל זיך חלילה נישט פארקילן. די מאמע ווינקט צום דאָקטאָר, ער זאָל שוין באטראכטן גיכער דעם חולה און זאָל אים עפּעס פארשרייבן... דער שווארצער דאָקטאָר נעמט־ארויס דעם זייגער, א גרויסן גאָלדענעם זייגער. מיין ברודער אליהו קוקט זיך איין מיט ביידע אויגן אינעם דאָקטאָרס זייגער. דער דאָקטאָר באמערקט דאָס.

— איר ווילט וויסן, ווו האלט דער זייגער? אָן פיר האלב עלף. וויפל איז ביי אייך?

— מיין זייגער שטייט. — ענטפערט אים מיין ברודער אליהו און ווערט מאָדנע רויט פון דעם שפּיץ נאָז ביז אויף יענער זייט אויערן.

די מאמע רוט נישט. זי וואָלט גערן, מע זאָל שוין באטראכטן דעם חולה און אים עפּעס פארשרייבן... דער דאָקטאָר האָט אָבער צייט ער פרעגט זיך אוים ביי דער מאמען זייטיקע ענינים: ווען איז מיין ברודערס חתונה? און וואָס זאָגט הערש־בער דער חזן אויף מיין שטים? ביי מיר דארף זיין, זאָגט ער, א גוטע שטים. א שטים, זאָגט ער, גייט בירושה. די מאמע עקט זיך! מיט אמאָל טוט זיך דער דאָקטאָר א דריי־אוים מיטן בענקל צום קראנקן טאטן, נעמט אים אָן ביי דער טרוקענער הייסער האנט:

— נו, חזן, ווי אזוי דאוונט מען עפּעס ביי אונדז היינטיקן שבועות?

— א דאנק גאָט! — ענטפערט אים דער טאטע מיט א שמייכל פון א מת.

— דהיינו? ווינציקער געהוסט? גוט געשלאָפֿן? — פרעגט אים דער דאָקטאָר און בויגט זיך איין צו אים גאַנץ נאָענט.

— ניין! — ענטפערט אים דער טאטע, קוים וואָס ער כאַפּט דעם אָטעם. — אדרבה... הוסטן הוסט מען... און שלאָפֿן שלאָפֿט מען דווקא נישט... נאָר דאנקען גאָט... ס'איז שבועות... אזא טאָג... מקבל געווען די תורה... היינט א גאַסט... א גאַסט אויף שבועות...

אלעמענס אויגן קוקן אויף דעם „גאַסט“, און דער „גאַסט“ קוקט אראָפּ אויף דער ערד, און דער קאָפּ איז אים אין דרויסן, ערגעץ ביי די קלעצער, ביי די שטעכלקעס, וואָס שטעכן, ביי די קריגעלעך, וואָס קנאַקן, ביים שכנס קעלבל דעם בר-דעת, וואָס איז שוין געוואָרן א „סקאַטינע“, ביים טייכל, וואָס רוישט דאָרט באַרג-אראָפּ, אָדער גאָר אין דער הויכער, ברייטער, טיפער, בלויער יאַרמלקע, וואָס מע רופט דאָס הימל...

ח.

דאָס ביסל „מילכיקס“, וואָס אונדזער שכנה, פעסיע די גראָבע, האָט אונדז „אויסגעליִען“, איז אונדז, נישקשה, צונוץ געקומען. איך און מיין ברודער אליהו האָבן דאָס געמאכט א מילכיקע סעודה, געטונקען ביידע פון איין שאָל פרישע חלה אין דער קאַלטער סמעטענע, און ס'איז טאַקע געווען גאָר נישט שלעכט.

„איין חסרון, וואָס אזוי ווינציק“. — האָט באמערקט מיין ברודער אליהו, וואָס איז דעם טאָג געווען זייער האָפעדיק, אזוי האָפעדיק, אז ער האָט מיר צוליב געטאָן, איך זאָל נישט גיין אזוי גיך צוריק צו הערש-בער דעם חזן און איך זאָל זיך נאָך אביסל שפּילן אין דער היים.

— דו ביסט דאָך ביי אונדז אן אורח אויף שבועות, — האָט ער מיר געזאָגט און ערלויבט צו שפּילן זיך אין דרויסן אויף די קלע-צער, נאָר מיט א תנאי, איך זאָל נישט קלעטערן צו פיל און חלילה נישט צערייסן די איינציקע פּאָר הייזלעך.

כאַ-כאַ-כאַ! נישט צערייסן די איינציקע פּאָר הייזלעך? נישטאָ ווער ס'זאָל לאכן, ווי איך בין א ייד! איך זאָלט זען א פּאָר הייזלעך — נו-נו! לאָמיר בעסער נישט רעדן פון קיין הויזן!... לאָמיר בעסער רעדן פון יאָסי דעם נגידס קלעצער. איי קלעצער, קלעצער! יאָסי דער נגיד מיינט, אז די קלעצער זענען זיינע קלעצער. א נעבעכיקער טאָג! די קלעצער זענען מיינע קלעצער!

איך האָב מיר געמאכט פון זיי א פּאַלאַץ מיט א ווייַנגאָרטן. איך בין דער פּרינץ. דער פּרינץ שפּאַצירט ארום פראנק און פריי ביי זיך אין ווייַנגאָרטן, רייסט אָפּ א קריגעלע — א קנאַק אין שטערן, נאָך א קריגעלע — א קנאַק אין שטערן... אלע זענען מיר מקנא. אפילו יאָסי דעם נגידס ייִנגל, העניך מיטן אייגל, פאַרגינט מיר נישט מיין גוטס. ער גייט פאַרביי און זיינע נייע ליוסטרינענע מלבושימלעך און וויזט מיר אויף מיינע הויזן און לאַכט און קרימט דאָס אייגל און זאָגט צו מיר:

— זע נאָר, זאָלסט עפּעס נישט פאַרלירן...

— גיי בעסער אוועק מיטן גוטן, — זאָג איך אים — א נישט, רוף איך ארויס מיין ברודער אליהו!...

פאַר מיין ברודער אליהו האָבן אלע ייִנגלעך דרך־ארץ, און העניך מיטן אייגל טראָגט זיך אָפּ, און איך בלייב ווידער אַליין, ווידער דער זעלבער פּרינץ ביי זיך אין ווייַנגאָרטן... אן עבירה נאָר, וואָס „מעני“, איז דאָ נישטאָ! אונדזער שכנס קעלבל איז שוין א „סקאַטינע“ (אזוי זאָגט אונדזער שכנה פּעסיע). וואָס הייסט דאָס א סקאַטינע? און צוליב וואָס האָט מען דאָס פאַרקויפט צום קצב? שוין זשע אויף אוועקצוקוילען, צוליב דעם איז דאָס געבוירן געוואָרן. מע זאָל דאָס נאָכדעם קוילען?... צו וואָס ווערט געבוירן א קעלבל און צי וואָס ווערט געבוירן א מענטש?...

פּלוצעם דערהער איך פון שטוב ארוים א מאָדנע אויסגעשריי מיט א געוויין... איך דערקען דער מאמעס קול... איך הייב אויף די אויגן — אַן אָנגעלויף ביי אונדז אין שטוב... יידן און ווייבער... דער ארוים, דער אריין... איך ליג אויף א קלאָץ מיטן בויך אראָפּ. מיר איז גוט!... שאַט־שאַט! אָט גייט יאָסי דער נגיד! יאָסי דער נגיד איז גבאי אין דער קצבישער קלויז, דאָרט וווּ מיין טאַטע איז חזן שוין דריי און צוואַנציק יאָר. יאָסי איז אליין געווען אמאָל א קצב. היינט האַנדלט ער מיט אָקסן און מיט פעל און איז א נגיד, א גרויסער נגיד! יאָסי מאַכט מיט די הענט, בייזערט זיך אויף דער מאַמען און טענהט:

— סטייטש, סטייטש! וואָס האָט מען מיר נישט געזאָגט, אז פּייסי דער חזן איז אזוי סלאַף? (ער קאָן נישט ארויסרעדן קיין שין). וואָס האָט איר געשוויגן?

— וואָס זאָל איך שרייען? — פאַרענטפערט זיך פאַר אים די מאַמע און גיסט מיט טרערן. — די גאַנצע שטאָט האָט געזען, ווי איך מוטשע מיך, געוואָלט אים ראַטעווען... און ער אליין האָט אויך געבעטן זיך, מע זאָל אים ראַטעווען...

און די מאמע קאָן נישט רעדן ווייטער, פארברעכט מיט די הענט, פארוואַרפט מיטן קאָפּ. מיין ברודער אליהו כאַפּט זי אונטער:

— מאמע! וואָס דארפסטו זיך פארענטפערן? מאמע! פארגעס נישט, מאמע, ס'איז יום־טוב, ס'איז שבועות, מע טאָר נישט וויינען, מאמע!...

און יאָסי דער נגיד הערט נישט אויף צו פייערן אויף מיין מאמע:

— וואָס דערציילט איר מיר — די גאנצע סטאַט! ווער איז די גאנצע סטאַט? זאָגן זאָלט איר מיר! למען השם, צו מיר! אלצדינג אויף מיין הסבון! חברה קדישא, סאמאָסים, טכריכים — אלץ אויף מיר, אלצדינג אויף מיין הסבון... און טאָמער דארף מען עפּעס טאָן פאר די יתומים, זאָלט איר גיין צו מיר, איר זאָלט זיך גארניסט סעמען!

יאָסי דעם נגדים ווערטער בארואיקן אָבער ווינציק־וואָס מיין מאמע. זי האלט אין איין יאָמערן און אין איין חלשן ביי מיין ברודער אליהו אויף די הענט. און מיין ברודער אליהו, וואָס האלט אליין אין וויינען, הערט נישט אויף צי דערמאָנען איר, אז „היינט איז יום־טוב, מאמע, היינט איז שבועות, מאמע! מאמע, מע טאָר נישט וויינען, מאמע!"...

און מיט אמאָל ווערט מיר אלץ קלאָר. און עס טוט מיר א קלעם דאָס הארץ, א צי ביי דער נשמה, און עס גלוסט זיך מיר וויינען, און איך ווייס נישט אויף וועמען... און רחמנות האָב איך אויף דער מאמען, און איך קאָן נישט זען ווי זי וויינט, און ווי זי חלשט, און ווי זי צאַפּלט ביי מיין ברודער אויף די הענט. און איך פארלאָז מיין פּאלאַץ, מיט מיין וויינגאָרטן, און איך גיי צו צו איר פון הינטן, און איך זאָג איר מיטן זעלבן לשון, וואָס מיין ברודער אליהו, און טרערן קאַפּען פון מיינע אויגן.

— מאמע! היינט איז יום־טוב, מאמע, היינט איז שבועות, מאמע! מאמע, מע טאָר נישט וויינען, מאמע!...

II

# מיר איז גוט — איך בין א יתום!

## א.

פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זיין אזא מיוחס, ווי אצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס? — מיין טאטע, פּייסי דער חזן, ווייסט איר דאָך, איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג שבועות, און איך בין געבליבן א יתום.

פון דעם ערשטן טאָג נאָך שבועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מיין ברודער אליהו. ער טאקע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש.

מיין ברודער אליהו איז א געטרייער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי. ער איז א כעסן, ער שלאָגט מיך! ער האָט אויפגעעפנט א סידור און האָט זיך אוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר שטודירן:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבה... ער וויל, אז איך זאָל שוין קאָנען אויסנווייניק. ער חזרט איבער מיט מיר נאָך אמאָל און נאָך אמאָל, פון אָנהויב ביזן סוף, און הייסט מיר, אז איצט זאָל איך שוין זאָגן אליין. איך זאָג אליין, אָבער עס גייט נישט.

ביז „ויצמח פורקנה", איז נאָך ווי עס איז, און קומט צו „ויצמח פורקנה", פאַרטשעפּע איך מיך. דערלאנגט ער מיר מיטן עלנבויגן און זאָגט מיר, אז דער קאָפּ איז מיר, אפּנים, ערגעץ אין דרויסן (גלייך ווי געטראָפן), אָדער ערגעץ ביים קעלבל (גלייך ווי ער איז געווען דערביי)... ער פּוילט זיך נישט און חזרט איין מיט מיר נאָך אמאָל. איך האָב מיך קוים דער-

שלאָגן ביז „לעילא ולעילא מן כל ברכתאָ ושירתאָ ותשבחתאָ" — און ווייטער נישט א טראַט! ער נעמט מיך אָן פארן אויער און זאָגט, אז דער טאטע זאָל אויפשטיין אין זען, וואָס פאר א זון ער האָט!...

— וואָלט איך פארשפאָרט זאָגן קדיש...

אזוי זאָג איך צו מיין ברודער אליהו און כאפ פון אים א געשמאקן פאטש מיט דער לינקער האנט אין דער רעכטער באק אריין. דערהערט די מאמע און גיט אים א פסק, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, וואָרום איך בין א יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? וועמען שלאָגסטו? האָסט פארגעסן, אפנים, אז דאָס קינד איז א יתום?!

שלאָפן שלאָף איך מיט דער מאמען אינעם טאטענס בעט — דאָס איינציקע שטיקל מעבל אין שטוב. די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אינגאנצן מיר.

— דעק זיך איין, זאָגט זי צו מיר, און ווער אנטשלאָפן, מיין טייערער יתום. עסן איז נישטאָ וואָס...

דעקן דעק איך מיך איין, אָבער שלאָפן שלאָף איך נישט. איך חזר מיר דעם קדיש אויף אויסנווייניק. אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַווענען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט. פטור פון אלצדינג.

מיר איז גוט — איך בין א יתום.

## ב.

מזל טוב! איך קען שוין גאנץ קדיש אויף אויסנווייניק. רבנס־קדיש אויך. אין שול שטיי איך אויף א באנק און קלאפּ דעם קדיש, ווי א מזיק. א קול־נגינה האָב איך אויך, בירושה פון מיין טאטן, און אמתע סאָפּראנאָ. אלע יינגלעך שטעלן זיך אוים ארום מיר און זענען מיך מקנא. ווייבער וויינען. באלעבאטים שענקען מיר א קאָפּיקע. יאָסי דעם נגידס יינגל, העניך מיטן אייגל (ער איז א מוראדיקער נישט־פארגינער!), אז עס קומט צו רבנס־קדיש, שטעלט ער מיר ארויס א צונג. — ער וויל, ער גייט אוים, ער חלשט, איך זאָל מיך צעלאכן. אים אויף צו־להכעיס וועל איך נישט לאכן! האָט דערזען אהרן דער שמש, האָט ער אים גענומען פאר אן אויער און האָט אים צוגעפירט צו דער טיר. א מצווה אויף אים! מחמת איך זאָג קדיש אין דער פרי און אויף דער נאכט, גיי איך שוין מער נישט צו הערש־בער דעם חזן און טראָג מיך נישט אום מיט זיין דאָבטשע. איך בין פריי.

א גאנצן טאָג געפֿין איך מיך ביים טייך — אָדער איך כאַפּ פֿיש, אָדער איך באָד מיך, כאַפּן פֿיש האָב איך מיך אויסגע־לערנט פֿון זיך אליין. אז איר ווילט, קאָן איך אייך אויך אויסלערנען. מע טוט־אויס דאָס העמד און מע פֿארקניפּט דעם ארבל און מע גייט פּאוואָליע ביזן האלדז אין וואסער. מע דארף גיין לאנג — לאנג. אז איר פֿילט אז דאָס העמד איז שווער, איז א סימן, אז ס'איז פֿול, גייט איר ארויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פֿארפּלאָנטערט אָפּטמאָל קליינע זשאבקעלעך — ווארפֿט זיי אריין צוריק אין וואסער אריין, ס'א צער בעלי־חיים. אין דער געדיכטער בלאָטע קאָנט איר אמאָל געפֿינען א פּיאווקע. פּיאווקעס איז געלט — פֿאר א צענדליק פּיאווקעלעך קאָנט איר באקומען דריי גראָשן, אנדערהאלבן קאָפּיקעס. עס גייט נישט צו פֿוס... קיין פֿיש זאָלט איר נישט זוכן. אמאָל איז געווען פֿיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך נישט נאָך קיין פֿיש. איך בין צופֿרידן, עס זאָל כאָטש זיין פּיאווקעס. נישט אלע מאָל איז דאָ פּיאווקעס. היינטיקן זומער איז נישט געווען איין פּיאווקע! פֿונוואַנען האָט זיך דערוווּסט מיין ברודער אליהו, אז איך כאַפּ פֿיש — ווייס איך נישט. ער האָט מיר שיעור נישט אָפּגעריסן אן אויער פֿאר די פֿיש. א גליק, וואָס פּעסיע די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אן אייגענע מאמע דארף זיך אזוי נישט איינשטעלן פֿאר א קינד.

— אָט אזוי שלאָגט מען א יתום?...

מיין ברודער אליהו האָט זיך פֿארשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דעם אויער. אלע שטעלן זיך איין פֿאר מיר. מיר איז גוט — איך בין א יתום.

ג.

אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פֿארליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאמען, ווי א קלעשטש, איך זאָל דערווייַלע זיין ביי איר, ביי פּעסיען הייסט עס.

— וואָס ווערט אייך ארן? — האָט זי געטענהט. — עס גייען ביי מיר צום טיש צוועלף, וועט ער זיין א דרייצנטער. ביי דער מאמען האָט זי קוים געפּועלט. האָט זיך אָבער ארויסגעשטעלט מיין ברודער אליהו.

— ווער וועט אויף אים אכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש?

— איך וועל אכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש. נו שוין? האָט איר צו מיר גאָרנישט?

פעסיע איז נישט קיין גבירטע. איר מאן איז אן איינבינדער און הייסט משה. ער האָט א שם פארן בעסטן באַלמעלאָכע. דאָס אליין איז אָבער קארג. מע דארף נאָך האָבן מזל אויך. אזוי זאָגט פעסיע צו מיין מאמען. מיין מאמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אז צום שלימזל דארף מען אויך האָבן מזל. פאר א סימן נעמט זי מיך. אָט בין איך א יתום, און אלע ווילן מיך. פאראן בעלנים, וואָס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק, נאָר ווי לאנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאנג זי וועט מיך אוועקגעבן אויף שטענדיק! אזוי זאָגט די מאמע און וויינט. זי האלט זיך אן עצה מיט מיין ברודער אליהו.

— ווי מיינסטו? זאָל ער זיין דערווייל ביי פעסיען?

מיין ברודער אליהו איז שוין א גרויסער. אנישט, וואָלט מען זיך מיט אים נישט געהאלטן קיין עצה. ער גלעט זיך מיט דער האנט דאָס ריינע נאָך נישט באוואקסענע פנים, גלייך ווי ער וואָלט שוין געהאט א באָרד, און רעדט ווי א גרויסער!

— מהיכא תיתי, אבי ער זאָל נישט זיין קיין שייגעץ.

און עס בלייבט, אז איך וועל זיין דערווייל ביי אונדזער שכנה פעסיע, נאָר בתנאי, איך זאָל נישט זיין קיין שייגעץ. אלצוינג הייסט ביי זיי א שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ א פאפיר אויפן עק, זי זאָל זיך דרייען — הייסט ביי זיי א שייגעץ. קלאפן מיט א שטעקל איבער די גראטעס פונעם גלחס הויף, אלע הינט זאָלן זיך צונויפלויפן — הייסט ביי זיי א שייגעץ. אָפשטעקן ביי לייבקע דעם וואסער־פירער דעם צאפן פון דעם פאס, ס'זאָל אויסלויפן העכער האלב וואסער — הייסט ביי זיי א שייגעץ.

— דיין גליק, וואָס דו ביסט א יתום! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואסער־פירער. — אנישט, וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן א האנט מיט א פוס! מעגסט מיר גלייבן אויף נאמנות.

איך גלייב אים אויף נאמנות. איך ווייס, אז איצט וועט ער מיך נישט אָנרירן, ווייל איך בין א יתום.

מיר איז גוט — איך בין א יתום.

ד.

אונדזער שכנה פעסיע, זאָל מיר מוחל זיין, האָט געזאָגט א גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען ביי איר צום טיש. לויט מיין רעכענונג, בין איך דער פערצנטער. אפנים, זי האָט פארגעסן

ארײַנרעכענען דעם בלינדן פּעטער ברוך. און אפשר האָט זי אים נישט ארײַנגעשטעלט צווישן די עסערס דערפֿאַר, ווײַל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין ציין נישט אויף צו קײַען. איך וועל מיך נישט שפּאַרן. קײַען קאָן ער נישט, דערפֿאַר אָבער שלינגט ער, ווי א גאַנדז, און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז חוץ לדרך הטבע. איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פֿיס אונטערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פֿון אַלע שלאָגט זיך ושתי. ושתי איז א רוצח. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר מחמת ער האָט א גאָלי אויפֿן שטערן, האָט מען אים א נאָמען געגעבן „ושתי". אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמען: „קלעצל", „קאָטער", „טשער־נאָהוז", „בופּלאָקס", „פּעטעלעלע", „געב־מיר־נאָך", „שמיר־מיט־פּוטער"...

האָט קיין יסורים נישט — יעדער נאָמען האָט זיך זײַן שורש. פּיני הייסט „קלעצל" דערפֿאַר, ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק, ווי א קלעצל. וועלוול איז א שוואַרצער, רופֿט מען אים „קאָטער", חיים איז א בופּלאָקס, הייסט ער „בופּלאָקס", מענדל האָט א שפּיציקע נאָז, איז ער א „טשערנאָהוז". „פּעטע־לעלע" האָט מען א נאָמען געגעבן פּייטלען דערפֿאַר, ווײַל ער קאָן נישט רעדן. בערל איז א גרויסער נאַשער: אַז מע גיט אים א שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: „גיעב מיר נאָך". זרחן האָט מען געגעבן א מיאוסן נאָמען „שמיר־מיט־פּוטער" איבער א מיאוסן חסרון, וואָס נישט ער איז שולדיק. שולדיק קאָן זײַן איז די מוטער, וואָס זי האָט דאָס פֿאַרלאָזט און קינדווײַז ווינציק געצוואָגן. און אפשר איז זי אויך נישט שולדיק? איך וועל זיך נישט גײַן שפּאַרן. שלאָגן זיך אוודאי נישט! קורץ ס'איז א שטוב, וואָס יעדער האָט א צונעמעניש. וואָס דאַרפֿט איר מער — די קאַץ, שוין גאָר א שטומע צונג, שוין געווים גאָט די נשמה שולדיק, הייסט בײַ זיי: „פּײַגע־לאה די גבאיטע". איר ווייסט, פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, וואָס זי איז א גראָבע, און פּײַגע־לאה נחמן דעם גבאים ווײַב איז אויך א גראָבע. וויפֿל, מיינט איר, האָבן זיי שוין געכאַפּט פּעטש דערפֿאַר, זיי זאָלן נישט רופֿן קיין קאַץ מיט א מענטשלעכן נאָמען? ווי אַן ארבעס אין וואַנט! האָבן זיי געגעבן עמעצן א צונעמעניש, איז פֿאַרפֿאַלן!

ה.

מיר האָבן זיי א נאָמען געגעבן — טרעפֿט ווי אַזוי? „מאָטל מיט די לעפּצן"... לעפּצן איז א דײַטשיש וואָרט. אויף אונדזער לשון הייסט דאָס „ליפּן". אפֿנים, זיי איז נישט געפֿעלן מײַנע ליפּן.

זיי זאָגן, אז איך עס, מאך איך מיט די ליפּן. איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און נישט מאכן מיט די ליפּן! איך בין נישט פון די האָנאָריסטן, וואָס מע טאָר זיי נישט אָנרירן זייער כבוד. נאָר איך ווייס נישט פארוואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטארק נישט געפעלן! און ווייל ס'איז מיר נישט געפעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופן מיך דווקא אזוי. אייגעגעסענע ברואים — איר האָט נאָך אזעלכע נישט געזען! פריער האָב איך ביי זיי געהייסן: „מאָטל מיט די לעפּצן". נאָכדעם: גלאט „מיט די לעפּצן". שפּעטער: „די לעפּצן". גאָר שפּעטער: „לעפּצן".

— לעפּצן! ווו זענט איר געווען?

— לעפּצן! ווישט אָפּ די נאָז!

עס פּארדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דער־זעט דער פאָטער זייערער, פּעסיעס מאן, משה דער איינבינדער, איינמאָל, אז איך וויין, פרעגט ער מיך: וואָס וויין איך? זאָג איך אים: ווי אזוי זאָל איך נישט וויינען, אז איך הייס מאָטל און מע רופט מיך „לעפּצן!" פרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתי". ווייל ער שלאָגן „ושתין", זאָגט „ושתי": ס'איז נישט איך, ס'איז „קלעצל". ווייל ער שלאָגן „קלעצלען", זאָגט קלעצל: ס'איז נישט איך, ס'איז „קאָטער".

איינער אויפן אנדערן, דער אנדערער אויפן דריטן — א מעשה אָן אן עק! איז זיך מיישב דער פאָטער, משה דער איינ־בינדער, און לייגט זיי אוועק אלע איינציקווייז און שמייסט זיי אָפּ מיט א טאָוול פון א „קרבן־מנחה" און זאָגט זיי:

— ממזרים! איך וועל אייך ווייזן, ווי אזוי צו לצווען פון א יתום! עס וועט א רוח אין אייער טאטנס ערד אריין!...

אָט אזוי. יעדער נעמט זיך אָן מיין קריוודע. אלע, אלע שטעלן זיך איין פאר מיר.

מיר איז גוט — איך בין א יתום..

III

## וואָס וועט זײַן פון מיר?

### א.

אנו, טרעפט, ווו איז דער גן־עדן? איר וועט נישט טרעפן. ווייסט איר, פאַרוואָס? ווייל ביי איטלעכן איז ער אויף אן אנדער אָרט. למשל, די מאמע זאָגט, אז דער גן־עדן איז דאָרטן, ווו מיין טאטע, פייסי דער חזן, געפינט זיך. דאָרטן, זאָגט זי, געפינען זיך אלע ערלעכע נשמות, וואָס זענען געבעך אָפּגעקומען אויף דער וועלט; דערפאר וואָס זיי האָבן נישט די וועלט, קומט זיי יענע וועלט. דאָס איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג. דער בעסטער באווייז איז טאקע דער טאטע מיינער. וואָרום ווו דען זאָל ער זיין, אז נישט אין גן־עדן? קארג האָט ער זיך אָנגעמוטשעט אויף דער וועלט?... אזוי זאָגט די מאמע מיינע און ווישט זיך בשעת מעשה די אויגן, ווי איר שטייגער איז, אז זי רעדט פונעם טאטן. פרעגט־זשע אָבער ביי מיינע חברים, וועלן זיי אייך דערציילן מעשיות, אז דער גן־עדן געפינט זיך ערגעץ אויף א בארג פון סאמע קרישטאָל, הויך ביזן הימל. ייִנגלעך לויפן דאָרט ארום פראנק און פריי, לערנען לערנט מען נישט, נאָר מע באָדט זיך גאנצע טעג אין מילך און מע עסט האָניק מיט פולע הויפנס. זענט איר שוין פארטיק? קומט צו גיין א ייד אן איינבינדער און טוט זיך א זאָג, אז דער אמתער גן־עדן איז גאָר פרייטיק אין באָד. איך האָב עס אליין געהערט פון אונדזער שכנהס מאַן, משה דעם איינבינדער, איך זאָל אזוי הערן אלדאָס גוטס! הייגט גייט דערגייט אן עק! מע זאָל, אשטייגער, פרעגן מיך, וואָלט איך געזאָגט, אז דער גן־עדן — דאָס איז מנשה דעם רופאס גאָרטן.

זינט איר לעבט, האָט איר נאָך אזא גאָרטן נישט געזען. דאָס איז דער איינציקער גאָרטן נישט נאָר אויף אונדזער גאס, נישט נאָר ביי אונדז אין שטאָט, — איך האָב מורא, אז אויף דער גאנצער וועלט איז נישטאָ נאָך אזא גאָרטן. נישט געווען און עס וועט נישט זיין! דאָס וועלן אייך אלע זאָגן. וואָס ווילט איר, זאָל איך אייך באַשרייבן פריער: מנשה דעם רופא מיט זיין ווייב מנשהכע די רופאטע? צי איך זאָל אייך מאָלן פריער דעם גן=עדן, מיין איך דעם גאָרטן זייערן? איך רעכן, אז פריער פון אלץ זאָל איך אייך דערציילן פון מנשהן מיט מנשהכען. זיי זענען דאָך די באלעבאטים, קומט זיי פריער דער כבוד.

ב.

מנשה דער רופא טראָגט סיי ווינטער סיי זומער א הענג=קאָלנער. ער מוט נאָך דעם שווארצן דאָקטאָר. איין אויג האָט ער א קליינס, און דאָס מויל איז אים, נישט אין מיין מאָס, א ביסל אויף א זייט. דאָס הייסט, נישט א ביסל, נאָר א סך, טאקע גאָר א סך. פון א ווינטל איז דאָס אים געקומען. אזוי זאָגט מנשה דער רופא אליין. איך פארשטיי נישט, ווי אזוי ווערט דאָס פון א ווינטל דאָס גאנצע מויל אויף א זייט? וויפל ווינטן, גרויסע און קליינע, בין איך, אשטייגער, אויסגעשטאנען אין מיין לעבן! דער גאנצער קאָפּ וואָלט שוין אציגד באדארפט זיין ביי מיר פון יענע זייט פּלייצעס. איך רעכן, אז ס'איז נאָר א רגילות, ווי אזוי מע געוויינט זיך איין. אָט, למשל, פאראן ביי מיר א חבר בערל, פּינטלט ער מיט די אויגן. נאָך א חבר האָב איך, וועלוול, זופּט ער לאָקשן מיט יויך ווען ער רעדט. אלצדינג אויף דער וועלט איז א רגילות. און כאָטש דאָס מויל איז אים אויף א זייט, פונדעסטוועגן מאכט מנשה בעסער פון אלע דאָקטוירים. ערשטנס, איז ער ביי זיך נישט אזא פּריץ, ווי אנדערע דאָקטוירים. אז מע רופט אים, קומט ער באלד צו לויפן א פארשוויצטער. און צווייטנס, איז ביי אים נישט קיין מאָדע שרייבן רעצעפּטן. רפואות מאכט ער אליין. אנומעלטן האָט מיך א כאפּ געטאָן א מין שטעכעניש מיט א קעלט מיט א ציטערניש (אפּנים, פון צופיל ליגן אין טייך?), איז די מאמע באלד אוועקגעלאָפן און האָט אראָפּגעבראכט מנשה דעם רופא. האָט ער מיך באטראכט און א זאָג געטאָן מיטן קרומען מויל צו דער מאמען.

— איר האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן, ס'איז א געלעכטער. דער שיינעץ האָט זיך צוגעקילט די לונג.

און מיט די ווערטער נעמט ער ארויס פון קעשענע א בלוי פלעשעלע און שיט אויס אין זעקס שטיקלעך פאפיר עפעס א ווייסע זאך. דאָס ווערט אָנגערופן „פּראָשקעס“. איין פּראָשעק הייסט ער מיר, איך זאָל איינעמען באלד, דריי איך מיך און קנייטש מיך אויף אלע זייטן. דאָס הארץ זאָגט מיר, אז עס דארף זיין ביטער, ווי דער טויט. כך הוה. איך האָב דאָך טאקע געטראָפן! ביטער צו ביטער איז נישט גלייך. פרישע קאָרע פון קליינע בוימעלעך האָט איר אמאָל פארזוכט? אָט אזא טעם האָבן זיינע פּראָשקעס. איר זאָלט האָבן א כלל: וויבאלד פּראָשקעס, מוזן זיי זיין ביטער. עס האָט מיר נישט געהאָלפן קיין שום רבונו־של־עולם. איך האָב דעם פּראָשעק איינגענומען און געזען זיך מיטן טויט... די איבעריקע פינף פּראָשקעס, האָט ער אָנגעזאָגט דער מאמען, זאָל איך איינגעמען אלע צוויי שעה א פּראָשעק. געפונען א בעלן אויף איינגעמען גאל! די מאמע האָט זיך נאָר אָפּגעקערעוועט אויף א מינוט, געגאנגען אָנזאָגן מיין ברודער אליהו, אז איך בין קראנק, האָב איך אלע פינף פּראָשקעס אויסגעשאָטן אין פּאָמעניצע און אָנגעשאָטן אין די פאפירלעך א ביסל מעל. א גוט שטיקל ארבעט האָט אויף זיך גענומען די מאמע: אלע צוויי שעה האָט זי געמוזט לויפן צו אונדזער שכנה פעסיע קוקן אויפן זייגער. נאָך יעדן פּראָשעק, וואָס איך האָב איינגענומען, האָט זי באמערקט, אז עס ווערט מיר בעסער. נאָך דעם זעקסטן פּראָשעק בין איך אויפגעשטאנען א געזונטער מענטש.

— אָט דאָס הייסט א דאָקטאָר! — האָט זי געזאָגט און נישט געלאָזט מיך גיין אין חדר, געהאלטן א גאנצן טאָג אין שטוב און געגעבן מיר זיסע טיי מיט ווייסער בולקע.

— מנשה איז מער דאָקטאָר פון אלע דאָקטוירים, געבן זאָל אים גאָט געזונט און א סך יאָרן! ער האָט אזעלכע פּראָשקעס, וואָס זענען מחיה מתים, מאכן פון טויט לעבעדיק...

אזוי האָט זיך די מאמע נאָכדעם בארימט פאר דער גאנצער וועלט, בשעת־מעשה זיך געווישט די אויגן, ווי איר שטייגער איז.

ג.

מנשה דעם רופאס ווייב רופט מען אויף איר מאנס נאָמען: „מנשהכע די רופאטע“. זי איז א טרפהנע יידינע. אזוי זאָגן אלע ווייסט איר, פארוואָס? ווייל זי איז א רשעטע. א פנים האָט זי, ווי אויף צו־להכעיס, א מאנסבילשן, א קול פון א מאנסביל, טראָגט מאנסבילישע שטיוול און אז זי רעדט, דאכט זיך אייך אויס, אז זי

בייזערט זיך. זי האָט א שיינעם שם אויף דער וועלט. זינט זי לעבט, האָט נאָך קיין אָרעמאַן ביי איר קיין שטיקל ברויט נישט אויפגעגעסן. און א שטוב איז ביי איר פון כל טוב. ביי איר קאָנט איר געפינען איינגעמאכטסן פון פאראיאָרן, פון פאר דריי יאָרן און פון פאר צען יאָרן. וואָס דארף זי, למשל, אזוי פיל איינגעמאכטס? פרעגט זי, אשטייגער, ווייסט זי אליין נישט. אָט אזא טבע איז ביי איר. א פארפאלענע זאך, איר וועט זי שוין נישט איבערמאכן. זי ווייסט, אז עס קומט דער זומער, האלט זי אין איין פרעגלן איינגעמאכטס. איר מיינט, זי פרעגלט אויף קוילן? ווער=וואָס? זי קאָן באשטיין אויף שטעכלקעס, שישקעס, אָפּגעפאלענע בלעטלעך. זי מאכט אָן אזא רויך אויף דער גאנצער גאס, אז מע קאָן דערשטיקט ווערן. טאָמער וועט זיך אייך מאכן אמאָל קומען צו אונדז זומער=צייט און איר וועט דערפילן א רויך פון „סמאלינע“, זאָלט איר זיך נישט שרעקן, ס'איז נישט קיין שרפה, דאָס פרעגלט מנשהכע די רופאטע איינגעמאכטס, אליין, מיט אירע אייגענע הענט, פון אירע אייגענע פירות, אין איר אייגענעם גאָרטן. און אָט אזוי קומען מיר צו צום גאָרטן, וואָס כ'האָב אייך צוגעזאָגט.

ד.

וואָס פאר א פירות געפינט איר נישט אינעם דאָזיקן גאָרטן? עפל, און בארן, און ווײַנשל, און פלוימען, און קארשן, און אגרעסן, און ווימפּערלעך, און פערשקעס, און שפּאָנקעס, און מאָרעלן, און מאלינעס, און אָזשעניצעס, און שאלקאָוועצעס, און וואָס נישט? וואָס דארפט איר מער — אפילו ווײַנטרויבן ערב ראש=השנה אויף שהחיינו ווו קריגט מען? — ביי איר, ביי מנשהכע דער רופאטע! אמת, די ווײַנטרויבן אז מע פארזוכט, דערזעט מען קראָקע מיט לעמבערג. אזוי שטארק זויער זענען זיי! פונדעסטוועגן, נעמט זי אָפּ פאר זיי גוט געלט! פון אלצדינג מאכט זי געלט. אפילו פון די סאָנישניקעס. גאָט זאָל אייך היטן, איר זאָלט ביי איר בעטן אויסרייסן א סאָנישניק! זי וועט אייך נישט געבן! א צאָן זיך אויסרייסן פונעם מויל איז ביי איר גרינגער. ווי אויסרייסן א סאָנישניק ביי איר פונעם גאָרטן. הײַנט ווער רעדט פון אן עפל, א באר, א וואנשל, א פלוים? חיות נישט זיכער! איך בין באקאנט מיטן דאָזיקן גאָרטן, ווי א ייד אין אשרי. איך ווייס אפילו, ווו איטלעכס בוימעלע געפינט זיך, און וואָס עס וואקסט אויף דעם, און צי ס'איז הײַנטיקס יאָר געראָטן אָדער נישט אזוי געראָטן. פונוואנען ווייס איך דאָס? שרעקט אייך נישט, איך בין דאָרטן נאָך קיינמאָל נישט געווען. ווי

אזוי האָב איך געקאָנט זיין, אז דער גאָרטן איז ארומגעצוימט מיט א הויכן פּארקאַן, איבערגעדעקט מיט מוראדיקע שטעכלקעס? זענט איר שוין פּארטיק? איז איינעווייניק דאָ א הונט. נישט קיין הונט, נאָר א וואָלף! אויף א לאַנגן שטריק שטייט ער צוגעבונדן — אָט דער דאָזיקער כלב שבכלבים, און אנו, לאָז נאָר עמעצער דורכגיין פאַרביי, אָדער לאָז זיך אים דאכטן, אז עמעצער גייט פאַרביי, הייבט ער אָן צו רייסן זיך, שפּרינגען און בילן מיט אזא כעס, גלייך ווי דער רוח כאַפּט אים אוועק! פרעגט זיך א קשיא: וויבאַלד אזוי, ווי קום איך אין גאָרטן אריין? הערט זשע, וועל איך אייך דערציילן.

ה.

מענדל דעם שוחטס קענט איר, צי ניין? קענט איר דאָך מענדל דעם שוחטס דירה אוודאי נישט. זי איז די אנדערע פון מנשה דעם רופאס און קוקט גלייך צו אים אין גאָרטן אריין. ביי מענדל דעם שוחטס אז מע זיצט אויפן דאך, קאָן מען זען אלצדינג, וואָס ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן טוט זיך. די גאנצע קונץ איז, ווי אזוי קלעטערט מען ארויף צו מענדל דעם שוחטס אויפן דאך? מיר איז דאָס גאָרנישט. ווייסט איר פארוואָס? ווייל מענדל דעם שוחטס דירה איז די אנדערע פון אונדז און איז א סך נידעריקער פון אונדזער דירה. אז מע דראַפּעט זיך ארויף צו אונדז אויפן בוידעם (איך טו דאָס אָן א לייטער; איך וועל אייך אפשר אמאָל זאָגן, ווי אזוי), און שטעלט איר ארויס א פוס פונעם קליינעם פענצטערל, אזוי זענט איר שוין ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך. דאָרטן לייגט איר זיך אוועק ווי אזוי איר ווילט: אָדער מיטן פּנים ארויף, אָדער מיטן פּנים אראָפּ. יעדנפאלס, לייגן זיך מוזט איר, אנישט קאָן מען אייך הלילה דערזען: וואָס טוט איר ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך? איך האָב אויסגעקליבן תמיד א צייט פאַר־נאכטלעך, צווישן מנחה און מעריב, ווען איך בין געגאנגען אין שיל אריין קדיש זאָגן. דעמלט איז נישט טאָג און נישט נאכט, די בעסטע צייט. פון דאָרטן אראָפּגעקוקט אין גאָרטן אריין, שווער איך אייך, אז ס׳איז א גן־עדן שבגן־עדן!...

אז דער זומער הייבט זיך אָן און דיביימער הייבן אָן צו בליען, זיך באַדעקן מיט ווייסע פעדערלעך, קאָנט איר האָפן, אז נישט היינט איז מאָרגן — וועלן זיך באווייזן אין די קורצע שטעכלדיקע ביימעלעך גרינע אגרעסן. דאָס איז די ערשטע פרי, וואָס עס גלוסט זיך אייך פארזוכן. פאראן מענטשן, וואָס וואַרטן ביז די אגרעסן

ווערן רויט. נאַראָנים! איך זאָל האָבן די ברכות, וואָס גרינערהייט זענען זיי א סך מער באַטעמט און געשמאַק. איר וועט זאָגן, זיי זענען זויער? עס ווערט פון זיי היילק די ציין? נו, וואָסזשע איז? א זויערם קוויקט דאָס הארץ, און צו היילקע ציין איז דאָ א סגולה: זאַלץ. מע שיט אַרויף זאַלץ אויף די ציין און מע האַלט אָפּן דאָס מויל אַקעגן א האַלבע שעה, קאָן מען נאָכדעם עסן ווי־דער אַמאָל די זעלבע אַגרעסן. נאָך די אַגרעסן קומען אויף די ווײַנפּערלעך. רויטינקע, מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קע־רעלעך, און צענדליקער־צענדליקער אויף איין צווייגעלע. איין צוויי־געלע אַז איר פירט דורך צווישן די ליפּן, באַקומט איר א פולע מויל מיט ווײַנפּערלעך, ווייניקע, שמעקנדיקע, מחיה־נפשות! אַז זיי קומען אויף, קויפט מיר די מאַמע פאַר א גראָשן א קוואַרטעלע ווײַנפּערלעך אויף שהחיינו — עס איך זיי מיט ברויט. ביי מנשהכע דער רופאטע אין גאָרטן זענען דאָ צוויי רייען קליינע ביימעלעך, האַרט ביי דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווײַנפּערלעך. אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָפּ, און עס גלוסט זיך כאַטש איין צוויי־געלע, כאַטש איין ווײַנפּערל מיט צוויי פינגער געבן א ריס־אָפּ און גלייך אין מויל אַריין! איר וועט מיר גלייבן? אַז איך רעד פון גרינע אַגרעסן מיט רויטע ווײַנפּערלעך, ווערט מיר שוין היילק די ציין. לאָמיר בעסער רעדן פון ווײַנשל. ווײַנשל האַלטן זיך נישט לאַנג גרין. ווײַנשל ווערן גיך פאַרטיק. איך קאָן אייך שווערן ביי וואָס איר ווילט, אַז איך אַליין האָב באַמערקט, ליגנדיק ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך, עטלעכע ווײַנשעלעך זענען אין דער פרי געווען גרין אַזוי ווי גראָז. איך האָב זיי גוט באַמערקט, געמאַכט אויף זיי א סימן. בייטאָג האָבן זיי פון דער זון באַקומען רויטע בעקעלעך. דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט זענען זיי שוין געווען רויט ווי פייער! ווײַנשל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברענגען אויף שהחיינו. אָבער וויפל ווײַנשל? פינף שטיק אויף א פאָדעם. וואָס טוט מען מיט פינף ווײַנשל? מע שפילט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מע ווייסט נישט, ווו זיי זענען אַהינגעקומען...

ו.

וויפל שטערן אין הימל — אַזוי פיל ווײַנשל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז איך בין א בעלן געווען אויף איין צווייגעלע איבערציילן די ווײַנשל. האָב איך געציילט, און נישט געקאָנט איבערציילן!... ווײַנשל האָבן א טבע, זיי האַלטן זיך

שטאַרק אויף די ריטלער. זעלטן־זעלטן ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ ווײַנשל אויף דער ערד — ער מוז שוין זײַן איבערצײַטיק, שוואַרץ אַזוי ווי אַ פֿלוים. זעט איר, פֿערשקעס — די פֿאַלן אָפּ, ווײַבאַלד נאָר זיי ווערן רעכט געל. אַך, פֿערשקעס! פֿערשקעס! איך האָב זיי ליב מער פֿון אַלע פּירות. איך האָב אויף מײַן לעבן געגעסן נישט מער ווי איין פֿערשקע, ליגט זי מיר נאָך אין טעם. דאָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר פֿריער, איך בין דעמלט נאָך נישט אַלט געווען קיין פֿינף יאָר. מײַן טאַטע האָט נאָך געלעבט, און אין שטוב איז נאָך געווען ביי אונדז אַלצדינג: די גלעזערנע שאַפֿע, מיט דער קאַנאַפּע, מיט די ספֿרים, מיטן גאַנצן בעטגעוואַנט. קומט צו גיין איינמאָל דער טאַטע פֿון שול אַהיים און מאַכט צו מיר און צו מײַן ברודער אליהו, און לייגט אַריין די האַנט אין דער הינטער־שטער קעשענע, דאָרט ווו מע האַלט די נאָז פֿאַטשיילע:

— קינדער! פֿערשקעס ווײַט איר עסן? איך האָב אײַך געבראַכט פֿערשקעס. אַ פּאָר פֿערשקעס.

און ער נעמט אַרויס די האַנט פֿון דער הינטערשטער קעשענע, דאָרט ווו מע האַלט די נאָזפֿאַטשיילע, און טראָגט אונדז אונטער, מיר און מײַן ברודער אליהו, צוויי גרויסע געלע קײַלעכיקע שמע־קנדיקע פּירות. מײַן ברודער אליהו האָט קיין צײַט נישט. ער מאַכט אַ ברכה, הויך אויף אַ קול, „בורא פּרי העץ“, און באַפּט אַריין די גאַנצע פּרי אין מויל אַרײַן. איך קאָן באַשטײַן פֿריער זיך אָנשפּילן, זיך אָנשמעקן, אָנשפּיגלען, און נאָכדעם שוין וועל איך זי עסן, אי דאָס — נישט אויף איין מאָל, נאָר שטיקלעכווײַז, און מיט ברויט. פֿערשקעס זענען גוט מיט ברויט. פֿון דעמלט אָן האָב איך מער קיין פֿערשקעס נישט פֿאַרזוכט, נאָר דעם טעם פֿון יענער ערשטער פֿערשקע קאָן איך נישט פֿאַרגעסן! איצטער שטייט פֿאַר מיר אַ גאַנצער בוים פֿערשקעס, און איך ליג ביי מענדל דעם שוחטס אויפֿן דאַך און קוק און קוק און זע, ווי עס פֿאַלט אַ פֿערשקע נאָך אַ פֿערשקע. איינע אַ געלע, אַזש אַ רויטלעכע, האָט זיך פֿאַרשפּאָלטן און געעפֿנט. עס זעט זיך אַרויס פֿון איר דאָס בייכיקע קערל. וואָס וועט זי טון, די רופֿאטע, מיט אַזוי פֿיל פֿערשקעס? זי וועט זיי אָפּטרייסלען מן הסתם און וועט פֿרעגלען פֿון זיי איינגעמאַכטס. דעם איינגעמאַכטס וועט זי פֿאַררוקן ווײַט אין דער הרובע. ווינטער וועט זי אים אוועקשטעלן אין קעלער אַרײַן, און דאָרטן וועט ער שטיין אַזוי לאַנג, ביז ער וועט ווערן געצוקערט און כאַפּן אַ שימל.

נאָך די פֿערשקעס קומען אויף פֿלוימען. נישט אַלע פֿלוימען מיט אַמאָל. איך האָב צוויי סאָרטן פֿלוימען ביי מנשה דעם רופֿא אין גאָרטן. איין בוים האָב איך מיט „טשערקינעס“. דאָס איז אַ

מין קיילעכיקע, זיסע, הארטע, שווארצע פלוים. דער אנדערער בוים איז א בוים פון פראָסטע פלוימען. דאָס איז א מין פלוימען, וואָס מע רופט זיי „עמערפלוימען". מע פארקויפט זיי אויפן עמער. זיי האָבן א דין הייטל, זענען גלימשיק און קלעפּעדיק און וואסעריק אויפן טעם. פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אזוי שלעכט, ווי איר מיינט. הלוואי וואָלט מען זיי נאָר וועלן געבן. מנשהכע די רופאטע איז אָבער נישט פון די איבעריקע געבערקעס. זי מאכט בעסער פון די פלוימען פאָווידלע אויפן ווינטער. ווען וועט זי אויפעסן אזוי פיל פאָווידלע?

ז.

אראָפּגעפּטרט די ווייגשל מיט די פערשקעס מיט די פלוימען, הייבט זיך אָן פאר מיר א סדרה מיט עפל. עפל, דארפט איר וויסן, איז נישט קיין בארן. בארן, זיי מעגן זיין די בעסטע בארן אין דער וועלט („בערגאמאָטן"), וויבאלד זיי זענען נישט רעכט פארטיק, קאָנט איר מיט זיי גאָרנישט מאכן. גייט קייט האָליע! עפל מעגן זיין ווי גרין, די קערעלעך מעגן זיין ווי ווייס, האָבן זיי שוין א טעם פון עפל. איר שטעקט אריין די ציין אין א גרינעם עפל, ווערט אייך זויער אין מויל. ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך וועל אייך נישט אוועקגעבן קיין האלבן גרינעם עפל פאר צוויי צייטיקע, אויף צייטיקע דארף מען ווארטן ביז העט־העט, און גרינע עפל קאָנט איר האָבן תיכף, נאָכדעם ווי דאָס בוימעלע האָט אָפּגעבליט. עס ווענדט זיך נאָר אין דער גרייס. וואָס ווייטער אָן עפל וואקסט, ווערט ער גרעסער, ווי להבדיל, א מענטש... עס איז נישט קיין ראיה, אז א גרויסער עפל דארף זיין גוט. אמאָל מאכט זיך, א קליין עפּעלע זאָל זיין בעסער פונעם גרעסטן עפל. למשל, נעמט „ארץ־ישראל־עפּעלעך". זיי זענען ווייניק, אָבער געשמאק. ציי, אשטייגער, קיסליצעס, אָדער קוואסעפּעלעך, וואָס גייט זיי אָפּ? היינטיקן זומער איז אויף זיי א מוראדיק גערעטעניש. עס וועט זיין אזוי פיל, אז מע וועט זיי פירן מיט וועגן. אזוי האָב איך געהערט פון מנשהכע דער רופאטעס מויל. זי האָט דאָס געזאָגט צו „ראובן דעם עפל־ייד", בשעת די עפל זענען נאָך געווען אין רעכטן בליען. ראובן דער עפל־ייד איז געקומען צו גיין אָנקוקן דעם גאָרטן. ער האָט געוואָלט אָפּהאנ־דלען ביי איר די עפל מיט די בארן אויפן בוים. אויף עפל און אויף בארן איז ראובן שוין איין מאָל א מבין. ער, אז ער טוט א קוק מיט איין אויג אויף א בוים, וועט ער אייך באלד זאָגן, וויפל פרנסה דער בוים קאָן געבן. ער וועט אייך קיינמאָל נישט

האָבן קיין טעות אויף אָט אזוי פיל. סיידן עס וועלן זיין גרויסע ווינטן, און די עפל וועלן אָפּפאַלן פאַר דער צייט, אָדער אַ וואַ־רעם וועט זיך אריינכאַפּן, אַ „האָסעניצע“ וועט זיך זעצן. דאָס איז אַלץ אזעלכע זאכן, וואָס אַ מענטש קאָן נישט ווּסן. אַ ווינט איז דאָך פון גאָט, און „האָסעניצעס“ אויך. כאָטש אפילו איך ווייס נישט, אויף וואָס דאַרף גאָט ווערעם מיט „האָסעניצעס?“ סיידן צוליב דעם, זיי זאָלן צונעמען ביי ראובן דעם עפּל־ייִד דאָס שטיקל ברויט?... ראובן זאָגט, אז ער פאַרלאַנגט נישט מער פון אַ בוים, ווי אַ שטיקל ברויט. ער האָט, זאָגט ער, אַ ווייב און קינדער און זוכט פאַר זיי אַ שטיקל ברויט. מנשהכע זאָגט אים צו נישט נאָר אַ שטיקל ברויט, נאָר ברויט מיט פלייש. זי ווינטשט זיך אזא מזל, וואָס פאַר אַ ביימער זי גיט אים. ס'איז דען ביימער? ס'איז גאָלד, נישט קיין ביימער.

— איר ווייסט, אז איך בין אייך, חלילה, נישט קיין שונאטע. — זאָגט אים מנשהכע. — וואָס איך ווינטש אייך, מעג עס מיר אָנקומען.

— אמן! — מאַכט צו איר ראובן מיט שמייכל אויף זיין גוט רויט פּנים, וואָס עס שיילט זיך פון דער זון. — איר גיט מיר ארויס אַ כתב פאַר ווינטן, ווערעם און „האָסעניצעס“, גיב איך אייך נאָך מער וויפל איר ווילט.

מנשהכע טוט אויף אים אַ מאָדנע קוק פון אונטן ארויף און מאַכט צו אים מיט איר מאַנסבילשער שטים:

— גיט מיר ארויס אַ כתב, אז איר גייט אוועק פון דאַנען און גלימשט זיך נישט אויס אויפן גלייכן וועג און ברעכט זיך נישט אויס אַ פוס.

— פון אויסגלימשן זיך און אויסברעכן זיך אַ פוס איז קיינער נישט באוואָרנט! — זאָגט ראובן און קוקט אויף איר מיט זיינע גוטע שמייכלענדיקע אויגן. — דאָס קאָן זיך טרעפן מיט אַ נגיד נאָך גיכער ווי מיט אַן אָרעמאַן, ווייל אַ נגיד האָט מיט וואָס צו קרענקען.

— איר זענט אַ ייִד אַ חכם! — ענטפערט אים מנשהכע מלא גזלן. — נאָר אַ מענטש, וואָס ווינטשט דעם אנדערן זיך אויס־ברעכן אַ פוס, קאָן אים אָפּדאַרן די צונג אזוי, אז ער זאָל גאָר־נישט ווּסן, פונוואַנען ס'איז צו אים געקומען.

— פאַרוואָס נישט? — זאָגט זיך ראובן אַלץ מיטן זעלבן שמייכעלע. — פאַר נויט איז אַ צונג אויך נישקשה, אבי נישט חלילה ביים קבצן...

ח.

אן עבירה, וואָס דער גאָרטן איז נישט אריבער צו ראובן דעם עפּל־ייד אין רשות אריין. מיר וואָלט דאָס געווען א סך מער ניחא, ווי ביי דער מכשפהטע. איר האָט נאָך אזא צרה נישט גע־זען. לאָז אראָפּפאלן אן עפּל א ווערעמדיקס, אן איינגעדארטס, אן איינגעקנייטשטס, ווי ביי אן אלטער באבעצי דאָס פּנים, וועט זי זיך נישט פוילן זיך אָנבייגן, אויפהייבן, אריינלייגן אין פארטעך אריין און אוועקטראָגן. וווהין טראָגט זי זיי? אפּנים, אויפן בוי־דעם, און אפשר אין קעלער? עס ווייזט אויס, אז אין קעלער. מחמת איך האָב געהערט דערציילן, אז פאראיאָרן איז ביי איר פארפוילט געוואָרן א קעלער מיט עפּל. איז נישט א מצווה, מע זאָל ביי איר רייסן עפּל? יאָ, אָבער ווי אזוי רייסט מען זיי? אריינכאפּן זיך אין גאָרטן ביידערנאכט, ווען אלע שלאָפן, און אָנשטופּן פולע קעשענעס, וואָלט אוודאי געווען א שכל. וואָס־זשע וועט אָבער זאָגן דער כלב? און ווי אויף צו־להכעיס וואקסן היינטיקן זומער עפּל איינס אין איינס. זיי בעטן זיך, זיי חלשן, מע זאָל זיי אָפּרייסן! וואָס טוט מען? ס'זאָל זיין אזא שפּרונג, א מין כישוף, די עפּל זאָלן גיין צו מיר!... איך קלער אזוי לאנג, ביז איך דערקלער. נישט קיין שפּרונג און נישט קיין כישוף, נאָר אן אנדער זאך. א שטעקן, א לאנגן שטעקן מיט א טשוואָק ביים שפּיץ. מיט דעם שטעקן אבי איר טרעפט נאָר מיטן טשוואָק ביים הענגערל פונעם עפּל און טוט א צי צו זיך — איז דער עפּל אייערער. איר דארפט נאָר זען האלטן דעם שטעקן אזוי, אז דער עפּל זאָל חלילה נישט אראָפּפאלן אויף דער ערד. און טאָמער פאלט דער עפּל אראָפּ, איז אויך אָן אן אומגליק. זי וועט מיינען, אז דאָס האָט אים דער ווינט אראָפּגעשליידערט. פארשטייט זיך, איר דארפט דעם עפּל נישט אָנרירן מיטן טשוואָק, זי זאָל זיך נישט שטויסן... איך שווער אייך בנאמנות, אז איך האָב איין עפּל נישט צעשלאָגן. און אראָפּגעפאלן איז ביי מיר אויך נישט. ביי מיר פאלן נישט קיין עפּל. איך ווייס, ווי אזוי מע דארף האלטן א שטעקן, אז מע רייסט עפּל. דער עיקר איז, מע זאָל זיך נישט כאפּן. וואָס האָט איר קיין צייט נישט? איר האָט דערטאפּט אן עפּל? עסט אים אויף שטילערהייט, חוץ זיך אָפּ א ביסל און רייסט ווייטער. איך בין אייך ערב, אז קיין פויגל וועט נישט וויסן!

גייט זייט א נביא, אז די מכשפה וועט גאָר וויסן דעם חשבון פון די עפּל נאָך אויפן בוים! אפּנים, זי האָט זיי איבערגעציילט ביים טאָג און האָט זיך געכאפּט אויף מאָרגן, אז עס פעלן איר עטלעכע שטיק. האָט זי זיך באהאלטן ביי זיך אויפן בוידעם און

גענומען אונטערקוקן זיך, טאָמער וועט איר גערא͏ָטן כאַפּן דעם גנב. אזוי דענק איך. מחמת פונוואנען דען האָט זי געקאָנט דערוויסן זיך, אז איך ליג ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך און ארבעט מיטן שטעקן? נעבעך וואָלט זי מיך כאַטש געכאַפּט אליין אָן עדות, וואָלט איך מיך געקאָנט אָפּבעטן ביי איר. פאָרט א יתום — טאָמער וועט זי האָבן אויף מיר רחמנות? איז זי זיך אָבער מיישב און גייט אוועק צו מיין מאמען און צו אונדזער שכנה פעסיע און צו דער שוחטקע און נעמט זיי אלע דריי מיט זיך און קלעטערט מיט זיי ארויף צו אונדז אויפן בוידעם (א מכשפה קאָן!). פונעם בוידעם איז זיי שוין געווען נישט שווער צו זען דורכן פענצטערל, ווי אזוי איך ארבעט מיטן שטעקן.

— נו? וואָס זאָגט איר אויף אייער תכשיט? אצינד גלייבט איר שוין?

די ווערטער האָבן געהערט צו דער רופאטע. איך האָב דערקענט איר מאנסבילשע שטים. איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום בוידעם און האָב דערזען אלע פיר ווייבער. איך האָב דעם שטעקן מיטן עפּל נישט אוועקגעוואָרפן. זיי זענען אליין ארויסגעפאלן. א גליק, וואָס איך אליין האָב מיך געהאלטן אויף די פיס. איך האָב נישט געקאָנט קוקן קיינעם אין די אויגן אריין. דער הונט זאָל נישט ליגן אין גאָרטן, וואָלט איך זיך דערהרגעט פאר בזיון. ערגער פון אלץ איז מיר געווען דער מאמעס טרערן. זי האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו יאָמערן און צו באוויינען מיך:

— ווי איז מיר! ווינד איז מיר! צו וואָס איך האָב מיך דערלעבט! איך האָב געמיינט, אז מיין יתום גייט אין שול אריין זאָגן קדיש נאָכן טאטן, צום סוף ליגט ער גאָר אויף א בוידעם, א דונער איז מיר, און רייסט עפּל פון א פרעמדן גאָרטן!...

און די מכשפה שטייט איבער איר און לייגט צו מיט איר מאנסבילשער שטים:

— שמייסן דארף מען אים, אָט אזא משומד! קאטעווען! גנאָטעווען, בלוט זאָל גיין! א ייִנגל זאָל וויסן דאָס אנדערע מאָל, ווי אזוי צו זיין א ג...

די מאמע דערלאָזט נישט ארויסזאָגן דאָס וואָרט „גנב“.

— ער איז א יתום! נעבעך א יתום! — טענהט די מאמע צו דער רופאטע און קושט איר אין די הענט אריין און בעט ביי איר, אז זי זאָל מיר מוחל זיין, אז מער וועט דאָס שוין נישט זיין! זי שווערט איר מיט כל השבועות שבעולם, אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, אנישט — זאָל זי אָדער אליין שטארבן, אָדער זי זאָל חלילה מיך באגראָבן!...

— זאָל ער שווערן, אז ער וועט שוין מער אפילו נישט אריינקוקען צו מיר אין גאָרטן אריין! — פאָדערט די רופאמע מיט איר מאנסבילשער שטים, אָן א קאפ רחמנות צו א יתום.

— לאָז מיר אָפּדארן די הענט! לאָז מיר ארויס די אויגן! — זאָג איך, און גיי מיט דער מאמען אהיים און הער אויס איר מוסר מיט איר וויינען, און צעוויין מיך אליין אויך גאנץ געשמאק.

— איך פרעג דיך נאָר, וואָס וועט פון דיר זיין? — פרעגט מיך די מאמע מיט טרערן, און שטעלט מיר צו א בענקעלע פאר מיין ברודער אליהו. מיין ברודער אליהו הערט אויס די מעשה מיט די עפל און ווערט בלאס. אפנים, פאר כעס. די מאמע דערזעט, אז ער איז אויסער זיך. זי האָט מורא, ער זאָל מיך נישט שלאָגן. זי רוימט אים איין א סוד, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, ווארום איך בין א יתום.

— ווער טשעפעט אים? — זאָגט מיין ברודער אליהו. — איך בין נאָר א בעלן צו וויסן, וואָס וועט זיין פון אים? וואָס וועט זיין פון אים?!!

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און קריצט מיט די ציין און קוקט אויף מיר, איך זאָל אים זאָגן, וואָס וועט זיין פון מיר? איך וויים, וואָס וועט זיין פון מיר? אפשר ווייסט איר, וואָס וועט זיין פון מיר?

# IV

# מיין ברודער אליהו האָט חתונה

## א.

מזל־טוב! איר ווייסט? מיין ברודער אליהו האָט חתונה!

ווײ־ווײ, וואָס סע טוט זיך! עס קאָכט די שטאָט. די וועלט זינגט זיך! אזוי זאָגט אונדזער שכנה, פעסיע די גראָבע. זי זאָגט, אז עס וועט זיין א געהויבענע חתונה. אזא חתונה, זאָגט זי, איז שוין לאנג נישט געווען ביי אונדז אין שטאָט!

וואָס איז די מעשה? נאָר מצד רחמנות. מחמת די מאמע איז אן אלמנה און דער חתן איז א יתום. און א ביסל איז טאקע צוליב זכות אבות. דעם טאטנס נאָמען! דער טאטע, עליו השלום, האָט איבערגעלאָזט א שיינעם נאָמען! פארן לעבן האָט מען עפּעס נישט געהערט, עמעצער זאָל פון אים אזוי שטארק רעדן. איצט, נאָכן טויט, איז פּייסי דער חזן גע־הויכט און געקרוינט. סכנת נפשות! איך הער, וואָס מענטשן זאָגן דער מאמען מיינער. זיי זאָגן איר, אז דער מחותן איז נישט קראנק צו נעמען אויף זיך אלע הוצאות און נאָך עפּעס צוצאָלן אויך. ער טאָר נישט פארגעסן, זאָגן זיי, אז ער נעמט פּייסי דעם חזנס זון פאר א חתן! מיין ברודער אליהו הערט דאָס. ער פארשעמט זיך, גלעט זיך דאָס בערדל, ווי א גרויסער, ווי א מאנסביל. ער איז שוין א מאנסביל. ערשט אָט דאָ נישט לאנג האָט זיך אים אָנגעהויבן שיטן א בערדל. געוויס איז דאָס אים געקומען פון רויכערן. פון זינט דער טאטע איז געשטאָרבן, האָט ער אָנגעהויבן רויכערן. די ערשטע צייט האָט ער זיך

געמוטשעט, פלעגט זיך פארהוסטן. איצט פארציט ער זיך שוין; און קאָן ארויסלאָזן דעם רויך דורך דער נאָז. א טייערע מציאה! איר מיינט, אז איך קאָן דאָס נישט? די גאנצע צרה, וואָס איך האָב נישט קיין טיטון! רויכער איך פאפיר, רויכער איך שטרוי, רויכער איך דער רוח ווייסט וואָס. איז געוואָר געוואָרן דער־ פון מיין ברודער אליהו. האָט ער מיר געגעבן! ער מעג, און איך טאָר נישט! באשר איך בין נאָך נישט אלט קיין גאנצע ניין יאָר, אם כן וואָס בין איך שולדיק? איך האָב אים געגעבן דאָס וואָרט, איך האָב אים געשווירן ביי א חומש, אז און עק, מער רויכער איך נישט. ווי מיינט איר, לאנג האָב איך געהאלטן וואָרט? איך בעט אייך, ווער רויכערט נישט היינטיקע צייטן?

ב.

באלד וועט זיך איבערקערן די וועלט. אזוי זאָגט פעסיע אונדזער שכנה. זי איז געקומען צו גיין פונעם מחותן א גע־ קאָכטע. ס'איז א מיאוסע מעשה. דער מחותן איז געוואָר געוואָרן, אז דער חתן (מיין ברודער אליהו) האָט נישט דעם זייגער. דער זייגער איז געווען א גוטער זייגער, אן אמתער זילבערנער זייגער. דאָס האָט אים דער מחותן געקויפט א מתנה, ווו איז אהינגעקומען דער זייגער? ער האָט אים, חלילה, נישט פארשפילט אין קאָרטן. ער האָט אים פארקויפט און דאָס געלט אויסגעגעבן אויף דאָקטוירים און רפואות. ער האָט געוואָלט ראטעווען דעם טאטן — וואָס קומט אים דערפאר? אזוי האָט געטענהט פעסיע. דער מחותן איז אָבער א פראָסטער ייד. ער פרעגט, וואָס געהער זיך אָן א פרעמדער טאטע צו זיין זייגער? ער איז נישט מחויב, זאָגט ער, מיט זיינע זייגערס אויסצוהאלטן פרעמדע טאטעס. פונעם זייגער איז שוין ביי אים געוואָרן „זייגערס“ און פונעם טאטן — „טאטעס!“ פעסיע זאָגט, אז פון א חזירשן עק קאָן מען קיין שטריימל נישט מאכן!... דאָס מיינט זי אונדזער מחותן. ער איז א פראָסטער נפש. א בעקער איז ער אין הייסט יונה דער בייגלבעקער. ער באקט בייגל. „איר מעגט שוין ליגן אין דער ערד און באקן בייגל“. אזוי זאָגט אים פעסיע מסתמא אויף קאטאָוועס. און אפשר מיינט זי טאקע אויף דער אמתן? איך פארשטיי נישט, ווי אזוי קאָן מען ליגן אין דער ערד און באקן בייגל. ווער וועט זיי דאָרטן קויפן?... ער איז א ייד א נגיד, אונדזער מחותן. פעסיע דרינגט,

אז ער איז אן אדיר! זי זאָגט אים אין די אויגן, אז ווען זי פארמאָגט האַלב פון אים, טוט זי מיט אים קיין שידוך נישט. זי האָט פיינט א חזיר. ער מוז אָפּשווייגן, וואָרום צו איר אז מע פאלט אריין, איז דאָס בעסטע — שווייגן. ער איז שוין מוחל דעם חתן דעם זייגער, אבי לאָז דאָס האָבן א סוף. זאָגט אָבער פּעסיע, אז זי איז נישט מוחל. זי וויל, ער זאָל קויפן דעם חתן א נייעם זייגער. עס פּאסט נישט, זאָגט זי, א חתן זאָל גיין צו דער חופּה אָן א זייגער. טענהט ער: וואָס פאר א שייכות האָט זי מיט זיין חתן? זאָגט זי: עס האָט א שייכות. דערפאר, וואָס דער חתן איז פּייסי דעם חזנס א זון, און ער, יונה דער בייגלבעקער, איז ביידע זאכן: אי א נגיד, אי א חזיר. פארדריסט דאָס אים, טוט ער א קלאַפּ מיט דער טיר און זאָגט: „לאָז דאָס גיין אין דער ערד אריין!“ זאָגט אים פּעסיע: „אויף גיין אין דער ערד אריין זענט איר בילכער — איר זענט א בעקער!“...

די מאמע האָט שטארק מורא, טאָמער חלילה שיקט ער אָפּ די תנאים. זאָגט איר פּעסיע, זי זאָל שלאָפן רואיק: א יתום שיקט מען נישט אָפּ קיין תנאים. איר מיינט, ווער האָט אויסגעפירט? מיר! דער מחותן האָט געקויפט דעם חתן (מיין ברודער אליהו) א נייעם זייגער, אויך א זילבערנעם. נאָך א בעסערן פון יענעם. דער מחותן האָט אים אליין געבראכט צו טראָגן. אוי, ווען איך האָב אזא זייגער! וואָס מיינט איר, וואָלט געווען? קודם וואָלט איך ארויסגענומען די געדערים און דערגאנגען דעם שכל, פארוואָס א זייגער גייט. און נאָכדעם? נאָכדעם ווייס איך שוין וואָס ס'וואָלט געווען. די מאמע ווינטשעוועט אים, דעם מחותן, ער זאָל דערלעבן אים קויפן א גאָלדענעם זייגער. דער מחותן ווינטשעוועט איר אָפּ צוריק, זי זאָל דערלעבן חתונה מאכן דעם מעזיניק. דאָס מיינט מען מיך. איך בין צופרידן אפילו היינטיקן טאָג, אבי א זייגער. די מאמע גלעט מיך אין זאָגט, אז סע וועט נאָך גענוג וואסער איבערלויפן, און בשעת מעשה זענען איר די אויגן נאס. איך פארשטיי נישט, וואָס דארף לויפן אזוי פיל וואסער איידער איך גיי חתונה האָבן, און וואָס דארף מען דערביי וויינען? וויינען איז ביי איר א וואָכעדיקער גאנג, און דאָס מוז זי אלע טאָג. וויינען איז ביי איר, ווי, למשל, ביי אייך דאווענען, אָדער עסן. דער שניידער האָט אָפּגעבראכט דעם חתן די מלבושים, וואָס דער מחותן האָט באשטעלט — דארף זי וויינען. פּעסיע האָט איר אָפּגעבאקן לעקעך צו דער חתונה — דארף מען וויינען. מאָרגן אין דער

צייט איז די חופה — ווידער געווינט! איך פארשטיי נישט, פונוואנען נעמען זיך ביי מענטשן אזוי פיל טרערן?...

ג.

עס גיט זיך אויס א מאָל א טאָג — א גן־עדן! אין דרויסן איז חצי־אלול, און טאקע חצי־אלולדיק. די זון בראָט נישט אויף צו שוויצן, אויף צו וועלן באָדן זיך. זי ווארעמט און גלעט און קושט אזוי ווי א מאמע. דער הימל איז אויסגעצוואָגן שבתדיק. דער גאנצער אינדרויסן פרייט זיך, וואָס מיין ברודער אליהו האָט חתונה. גאנץ פרי האָט זיך אויסגעשטעלט א יאריד אין שטעטל. וויבאלד א יאריד, מוז איך דאָרטן זיין. איך האָב ליב א יאריד דאָס חיות. יידן לויפן ארום, ווי פארסמטע מייז. שוויצן, שרייען, פילדערן זיך, רייסן די גויים פאר די פאָלעס, גייען אויס לייזן געלט — א טעאטער מיט זיי! און די גויים האָבן צייט; זיי גייען דווקאָ פאוואָליע, די היטלען ארויף, קוקן, טאפּן, קראצן זיך, דינגען זיך, ווילן האנדלען מציאות. גויעם מיט משונה מאָדנע שלייערס, מיט ברייטע אָפענע פאזי־כעס, מע זעט ארויס די בריסט. אין די פאזיכעס כאפּן זיי אריין אמאָל, אז מע זעט נישט, א שטיקל סחורה. יידן ווייסן שוין, קוקן מיט אויגן. אז מע דערזעט, טרייסלט מען אויס, און עס ווערט א חתונה. אמאָל מאכט זיך, אז אן ערלית קויפט א ליכטל אין קלויסטער אריין און פארשטעקט דאָס אין שלייער. יונגע לייט האָבן נישט וואָס צו טאָן, ווילן זיך מאכן א שטיקל יום־טוב. צינדן זיי איר אָן שטילערהייט דאָס ליכטל. אלע קוקן אויף דער ערלית און לאכן. די ערלית ווייסט נישט וואָס די יידן לאכן. הייבט זי אָן צו שעלטן אלע יידן מיט טויטע קללות. לאכט מען נאָך מער. אמאָל ווערט דערפון א געשלעג צווישן גויים און יידן. איך זאָג אייך — מע דארף נישט קיין טעא־טער!... שענער פון אלץ איז די „קאָננע". ווייסט איר, וואָס דאָס הייסט? דאָס איז דער פערד־מארק. דאָרט קויפט מען און מע פארקויפט פערד. דאָרט זעט איר פערד, ציגיינער, בייטשן, יידן, גויים און פריצים. דער טומל איז דאָ חוץ לדרך הטבע, מע קאָן טויב ווערן. די ציגיינער שווערן זיך, יידן פאטשן איבער די הענט, פריצים קנאקן מיט די בייטשן און פערדלעך לויפן אהין און אהער פייל אויסן בויגן. איך האָב ליב צו קוקן, ווי פערד־לעך לויפן, און ווער שמועסט לאָשעקלעך! איך גיי אויס, איך

שטאַרב גאָר אַ לאָשעקל! און נישט נאָר קליינע לאָשעקלעך האָב איך ליב — אַלצדינג וואָס איז קליין: קליינע הינטלעך, קליינע קעצלעך. איר ווייסט? אַפילו אוגערקעלעך קליינינקע, קאַרטאָפל יונגעטשקע, ציבעלקעלעך, קנעבעלעך — אַלץ וואָס קליין איז ליב. אַ חוץ חזירימלעך. חזירים האָב איך פיינט אַפילו קליינער־הייט... איך קער מיך אום צו די פערדלעך. די פערד לויפן. די לאָשעקלעך לויפן נאָך די פערד. איך לויף נאָך די לאָשעקלעך, אַלע לויפן מיר. אויף לויפן בין איך אַ פייער. איך האָב זייער גרינגע פיס. דערצו גיי איך באָרוועס און זייער לייכט אָנגעטאָן: אַ העמדל, איין הויז, און פון אויבן אַ סיצען אַרבע־כּנפותעל. אַז איך לויף אַראָפּ אַ באַרג און ס'איז אַ ווינטל און די ציצית צעלאָזן זיך, מאַלט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגל און איך פלי

— מאָטל! גאָט איז מיט דיר! שטיי אַ ווײַלע!

אַזוי שרייט צו מיר פּעסיעס מאַן, משה דער אײַנבינדער. ער לויפט פונעם יאַריד אַהיים מיט אַ פּאַק ביבולע פּאַפּיר. איך האָב מורא, ער זאָל מיר נישט צושטעלן אַ בענקעלע פאַר דער מאַמען, און איך זאָל נישט כאַפּן קיין פּסק פון מײַן ברודער אליהו. איך הער אויף צו לויפן, גיי צו פּאַמעלעך, מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן, צו אונדזער שכנהס מאַן. ער לייגט אָפּ דאָס פּעקל פּאַפּיר, ווישט זיך מיט דער פּאָלע דעם שווייס און זאָגט מיר מוסר:

— ווי שעמט זיך דאָס נישט אַ ייִנגעלע אַ יתום דרייען זיך צווישן ציגיינערס און לויפן משוגענערהייט מיט אַלע פערד און נאָך אין אַזאַ טאָג! שוין באַלד די חופּה בײַ דײַן ברודער — דאָס ווייסט דו? קום אַהיים!

ד.

— וווּ ביסטו געווען? אַ דונער איז מיר!

אַזוי זאָגט צו מיר די מאַמע מיט אַ פּליעסק מיט די הענט און באַטראַכט מײַן צעריסן הויזל, מײַנע צעבלוטיקטע פיס און מײַן פאַרפּלאַמט, פאַרשוויצט פּנים. לאַנג לעבן זאָל משה דער אײַנבינדער. קיין וואָרט האָט ער נישט דערציילט פאַר קיינעם. די מאַמע וואַשט מיך אָרום, טוט מיר אָן אַ פּאָר נײַע הייזלעך מיט אַ קאַשקעטל צו דער חתונה. די הייזלעך זענען געמאַכט געוואָרן איך ווײס נישט פון וואָסער אַ מאַטעריע: אַז

מע שטעלט זיי אוועק, שטייען זיי, און אז מע גייט, שרייען זיי. מאָדנע הייזלעך!

— אז דו וועסט צערייסן אָטאָ די הייזלעך, איז שוין עק וועלט!

— אזוי זאָגט די מאמע, און איך מיין אויך אזוי. אזעלכע הויזן קאָנען זיך שוין נישט צערייסן. סיידן מע זאָל זיי צעברעכן. דאָס קאשקעטל איז גאָר פון די אנטיקן, און א דאשעקל האָט דאָס א שווארצס, א גלאנצעגדיקס. אז ס'הערט אויף צו גלאנצן, באשפייט מען דאָס, הייבט עס אָן אויפסניי צו גלאנצן. די מאמע קוקט אויף מיר און קוועלט, און טרערן קייקלען זיך אויף אירע געקנייטשטע באקן. איר ווילט זיך זייער, אז איך זאָל אויף דער חתונה אויסנעמען. זי זאָגט צום חתן:

— אליהו! ווי מיינסטו? איך וועל מיט אים נישט פארשעמט ווערן? ער גייט אָנגעטאָן, קיין עין־הרע, ווי א מאָנארכס א קינד.

מיין ברודער אליהו באטראכט מיך, גלעט זיך דאָס בערדל און קוקט אויף מיינע פיס. איך ווייס, וואָס באדייט זיין קוקן. ער קוקט, וואָס דעם „מאָנארכס קינד" גייט באָרוועס... די מאמע פארשטייט אויך זיין קוק, נאָר זי מאכט זיך נישט ווויסנדיק... אליין גייט זי אָנגעטאָן אין א מאָדנע געל מלבוש, וואָס איך האָב עס אויף איר קיינמאָל נישט געזען. דאָס מלבוש איז אויף איר מגושם ברייט. איך וואָלט געמעגט שווערן, אז איך האָב עס אמאָל געזען אויף אונדזער שכנה פעסיע... דערפאר טראָגט זי אויפן קאָפּ א זיידענע פאטשיילע, א שפּאָגל־נייע, נאָך מיט אלע קנייטשן. דעם קאָליר פון דער פאטשיילע איז שווער צו באשרייבן. מע קאָן זאָגן ווייס, מע קאָן זאָגן געל, מע קאָן זאָגן רויז — עס ווענדט זיך אין דער צייט. בייטאָג איז דאָס העל־רויז, פארנאכט קוקט דאָס אויס געלבלעך, און ביינאכט — ווייס. גאנץ פרי מאָלט זיך עס אויס גרינלעך, און אמאָל, אז מע קוקט זיך שטארק איין, פאלט עס גאָר אריין אין „אנטיקמאָרע", דאָס הייסט: העל־רויטלעך־בלוי־טונקל־גרין־פּאָפּעליאטע. זאָגן אויף דער פאטשיילע א חסרון קאָן מען נישט, וואָרוב ס'איז א זעלטענע פאטשיילע. נישט מער, אויף דער מאמען זעט זי אויס פרעמד. שטארק פרעמד. עפּעס קלעפּט זיך נישט די פאטשיילע צום פּנים. די פאטשיילע איז פאר זיך, און דאָס פּנים איז פאר זיך. א ווייבערישע פאטשיילע איז ווי, להבדיל, א מאנסבילש היטל. דאָס היטל מיטן פּנים באדארפן זיך פּאָרן, זיין ווי צונויפגעגאָסן. אָט, למשל, מיין ברודער אליהו: ער גייט אָנגעטאָן א קארטוזעל, איז דאָס ווי אויסגעוואקסן ביי

אים אויפֿן קאָפּ. די פּאות האָט מען אים אינגאַנצן אָפּגעשוירן. און נישט נאָר אָפּגעשוירן, נאָר אָפּגעגאָלט. אַ מאַנישקע האָט ער אָנגעטאָן אַ ווייסע מיט אַ האַרטן קאָלנער, מיט אָפּגעלייגטע שפּיצן. און אַ שניפּסל האָט ער געקויפט אַ ווייס מיט רויטע, גרינע און בלויע פּינטעלעך. אַ רייכער שניפּס! שטיוול מיטן גלאַנץ און מיטן סקריפּ און אויף שטאַרק הויכע אָבצאַסן — ער זאָל אויסזען אַ ביסל העכער. עס וועט אים אָבער העלפֿן, ווי אַ טויטן באַנקעס. ער איז זייער קליין געוואַקסן. ער איז נישט אַזוי קליין, ווי זי איז גרויס און הויך און מאַנסבילדיק, און רויט און ראַבעטיני, און אַ שטימע האָט זי אַ מאַנסבילשע.

איך רעד פֿון דער כּלה, פֿון יונה דעם בעקערס טאָכטער. ברכה הייסט זי, אַ פֿאַרגעניגן געווען צו זען דאָס פּאָרל אונטער דער חופּה. איך האָב קיין צייט נישט צו קוקן אויף חתן־כּלה. איך בין פֿאַרנומען. איך דאַרף זען די קלעזמער. און נישט אַזוי די קלעזמער, ווי זייערע כּלים. מער ווי אַלץ — דעם קאָנטער־באַס מיטן קעסל־פּויק. שיינע צוויי כּלים! דער חסרון, וואָס מע קאָן נישט צוגיין נאָענט אַ פּרווו צו טון די כּלים. באַלד עפּעס געבן זיי איבער די הענט אָדער דרייען אייך אָן אין אויער. דער רוח כאַפּט זיי אַוועק, טאָמער רירט איר זיך צו מיט אַ פֿינגער! איר וועט זיי אָפּבייסן! אַך, ווען די מאַמע זאָל זיין אַ גוטע מאַמע, וואָלט זי מיך געמאַכט פֿאַר אַ קלעזמער. איך ווייס אָבער, אַז זי וועט דאָס נישט וועלן. נישט מחמת זי איז אַ שלעכטע, נאָר מחמת די וועלט וועט נישט דערלאָזן, אַז פּייסי דעם חזנס יינגל זאָל זיין אַ קלעזמער. נישט קיין קלעזמער און נישט קיין באַלמעלאָכע. מע האָט שוין גערעדט דערפֿון נישט איינמאָל, וואָס וועט זיין פֿון מיר דער תּכלית. די מאַמע, מיין ברודער אליהו, אונדזער שכנה פּעסיע און איר מאַן, משה דער איינבינדער. ער האָט חשק מיך נעמען צו דער אַרבעט. דערלאָזט נישט פּעסיע. זי זאָגט, אַז פּייסי דער חזן, עליו השלום, האָט נישט פֿאַרדינט, אַז זיין זון זאָל זיין אַ באַלמעלאָכע... איך האָב מיך פֿאַררעדט און גאָר פֿאַרגעסן פֿון דער חתונה. ס'איז שוין לאַנג נאָך דער חופּה. מע גרייט שוין צום טיש. ווייבער און מיידלעך טאַנצן אַ קאַדריל. איך האָב מיך אַריינגעפּלאָנטעט מיט מיינע הילצערנע הויזן אין מיטן. די וואָס קוקן ווי מע טאַנצט האָבן מיך גענומען וואַרפֿן איינער צום אַנדערן, ווי אַ מיאַטש. „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּריטשעפּע?“ זאָגט איינער. „עפּעס אַ שלימזל!“ זאָגט דער אַנדערער. „אַ ריעשפּל צו די

צרות!" זאָגט א דריטער. דערזעט אונדזער שכנה און צעשרייט זיך (זי איז שוין הייזעריק ווי די וואַנט):

— צי איר זענט משוגע, צי חסר־דעה, צי מטורף, צי גערירט, צי פונעם זינען, צי נישט ביי אלע געדאַנקען? דאָס איז דאָך דעם חתנס ברודערל!!!...

אהא! עס האָט זיי גענומען! אוודאי האָט מען מיך אוועק־געזעצט ביים טיש גלייך מיט דער כלהס צד. און ווייסט איר, מיט וועמען מע האָט מיך באַזעצט? אז איר וועט זיין מיט אכצן קעפּ, וועט איר אויך נישט טרעפן! מיט דער כלהס שוועסטערל. יונה דעם בעקערס קליין טעכטערל. אלטע הייסט זי. זי איז עלטער פון מיר סך־הכל מיט איין יאָר און טראָגט צוויי צעפּלעך, צוגויפגעבונדן פון אונטן מיט א סטענגעלע און זעען אויס, ווי א געפלאָכטענער בייגל. איך און אלטע עסן פון איין טעלער נישט ווייט פון חתן־כלה. דער חתן, מיין ברודער אליהו, קוקט אויף מיר, איך זאָל זיצן ווי א מענטש. איך זאָל עסן מיט א גאָפּל און זאָל נישט כאַפּן, און זאָל אכטונג געבן אויף דער נאָז. איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך האָב קיין הנאה נישט פון דער וועטשערע. איך האָב פיינט, אז מע קוקט אויף מיר. צו די אלע זאכן טראָגט אָן דער גוטער יאָר אונדזער שכנה פעסיע.

— זאָלט איר זיין געזונט! — שרייט זי מיט אלע כוחות צו דער מאמען. — טוט נאָר א קוק אהער. פארוואָס זאָל נישט זיין קיין שידוך?... א זיווג מן השמים!

אויף איר הייזעריקן געשריי קומט אָן דער מחותן, יונה דער בעקער, אָנגעטאָן שבתדיק, און עס ווערט א שמועס, אז איך און אלטע זענען חתן־כלה. יונה דער בעקער לאכט מיט א האלבן מויל. דאָס הייסט: די אייבערשטע ליפּ ביי אים לאכט, די אונ־טערשטע וויינט. דער גאנצער עולם קוקט אויף אונדז. מיר ביידע, איך און אלטע, לאָזן אראָפּ די אויגן אונטערן טיש און שטיקן זיך פאר געלעכטער. בכדי איך זאָל נישט אויסשיסן, האלט איך מיך צו ביי דער נאָז און בלאָז מיך אָן ווי א פּאַכיר. נאָך א מינוט וועט דער פּאַכיר פּלאַצן, און ס'וועט זיין א סקאַנדאַל. א גליק, וואָס די קלעזמער טוען א זעץ א שיינעם ניגון, א וואָלאַך. דער גאנצער עולם ווערט פארטראכט. איך הייב אויף דעם קאָפּ און דערזע די מאמען מיטן געלן פרעמדן מלבוש און מיט דער זיידענער פאטשיילע. זי טוט דאָס, וואָס אלע מאָל: זי וויינט! איך וויים נישט, זי וועט אמאָל אויפהערן צו וויינען?...

V

# איך האָב א רייכע שטעלע

א.

די מאמע האָט מיר אָנגעזאָגט א בשורה, אז איך האָב שוין א שטעלע. נישט חלילה ביי א באלמעלאָכע — אירע שונאים, זאָגט זי, ווען דאָס נישט דערלעבן, אז פּייסי דעם חזנס זון זאָל זיין א באלמעלאָכע. מיין שטעלע, זאָגט זי, איז א רייכע שטעלע, א גרינגע שטעלע. א גאנצן טאָג וועל איך גיין אין חדר, אין תלמוד-תורה הייסט עס, און ביינאכט וועל איך גיין שלאָפן צום אלטן לוריא. דער אלטער לוריא איז א גרויסער גביר, זאָגט זי. ער איז נאָר א קראנקער, דאָס הייסט, אזוי איז ער געזונט, עסט און טרינקט און שלאָפט, גאָר נישט ביינאכט. ביינאכט קאָן ער נישט שלאָפן. קיין איין אויג מאכט זיך אים נישט צו. האָבן די קינדער מורא אים לאָזן איינעם אליין ביינאכט. דארף מען האָבן א מענטש זאָל זיין מיט אים. עס מעג זיין א קינד, אבי א מענטש. אוועקזעצן צו אים אן אלטן יידן פּאסט נישט. א קינד — גאָרנישט, עלעהיי א קעצל. פינף רובל א וואָך האָבן זיי צוגעזאָגט, און וועטשערע פאר דיר אלע פארנאכט, ווען דו קומסט פון תלמוד-תורה (אזוי זאָגט מיר די מאמע מיינע). א גוטע וועטשערע, א נגידישע. וואָס ביי זיי פאלט אראָפּ קאָן עס זיין גענוג פאר אונדז אלע. גיי, מיין קינד, אין חדר, פארנאכט וועסטו קומען, וועל איך דיך אָפּפירן אהין. וועסט נישט האָבן קיין שום ארבעט. א נגידישע וועטשערע און א געלעגער אויך א גוטן. און פינף רובל א וואָך. איך וועל דיר מאכן א פּאָר מלבושימלעך, שטיוועלעך דיר קויפן.

דאכט זיך, גוט — איאָ? וואָסזשע דאַרף מען וויינען?
קאָן זי אָבער אַנדערש נישט די מאַמע מיינע. וויינען מוז זי!

ב.

אין תּלמוד־תּורה גיי איך דערוויילֹ אַזוי. לערנען לערן איך נישט. נישטאָ פאַר מיר קיין כּיתּה. העלף איך דער רביצין אין שטוב און שפּיל מיך מיט דער קאַץ. דער רביצינס אַרבעט איז נישט קיין שווערע אַרבעט. אויסקערן די שטוב, העלפן אַריינטראָגן האָלץ, גיין אַ גאַנג — ס'איז בלאָטע, ס'איז נישט קיין אַרבעט. אַבי נישט לערנען. לערנען איז ערגער. דערפאַר אָבער די קאַץ — אַ סך מער איינגענעם. אַ קאַץ, זאָגט מען, איז אַ טמא. איך זאָג: ס'אַ ליגן. אַ קאַץ איז אַ ריינע חיה. אַ קאַץ, זאָגט מען, איז אַ מזיק. איך זאָג: ס'אַ ליגן. אַ קאַץ איז אַ צוגעלאָזענע זאַך. אַ הונט האָט אין זיך חניפה, אַ הונט דרייט מיטן עק. אַ קאַץ לאַשטשעט זיך, און אַז מע גלעט זי איבערן קעפּל, מאַכט זי צו די אייגלעך און הייבט אָן מורקען. איך האָב ליב אַ קאַץ, — וואָס קומט מיר דערפאַר? רעדט־זשע אָבער מוט זיי, מיט מיינע חברים, וועלן זיי אייך דערציילן טויזנט מעשׂיות. אַז מע האַלט אַ קאַץ, דאַרף מען וואַשן די הענט. אַז מע האַלט אַ קאַץ, שאַדט צום זכּרון. זיי ווייסן שוין נישט וואָס אויסצוטראַכטן. זיי האָבן אַ טבע — לאָז צוגיין צו זיי די קאַץ, דערלאַנגען זיי איר אַ שנייד מיטן פוס אין זייט אַריין. איך קאָן נישט זען, ווי מע שלאָגט אַ קאַץ. לאַכן זיי פון מיר. ביי זיי איז נישטאָ קיין צער בעלי־חיים. איך רעד פון די קינדער, וואָס מיט מיר אין דער תּלמוד־תּורה. זיי זענען רוצחים. פון מיר לאַכן זיי. זיי רופן מיך: „די הילצערנע הויזן“, און מיין מאַמען — „די קלאָגעדיקע“, ווייל זי וויינט שטענדיק.

— אָט גייט דיין קלאָגעדיקע מאַמע! — זאָגן זיי צו מיר.
דאָס איז זי געקומען מיך אָפּנעמען פון חדר און אָפּפירן אויף מיין רייכע שטעלע.

ג.

אויפן וועג באַקלאָגט זיך די מאַמע, אַז איר איז ביטער און פינצטער (ביטער אליין איז קאַרג). גאָט האָט איר געגעבן צוויי קינדער, און זי דאַרף זיין אַליין. מיין ברודער אליהו האָט, זאָגט

זי, חתונה געהאט, קיין עין=הרע, זייער גוט, אריין אין א שמאלץ=
גרוב. איז אָבער דער חסרון, וואָס דער שווער איז א גראָבער
יונג. א בעקער, משטיינס געזאָגט. וואָס קאָן מען פארלאנגען פון
א בעקער? אזוי טענהט מיט מיר די מאמע, און מיר קומען אויף
מיין רייכער שטעלע, צום אלטן לוריא. דער אלטער לוריא זיצט
אין א קייזערלעכן פאלאץ. אזוי זאָגט די מאמע. אין א קייזער=
לעכן פאלאץ בין איך א בעלן זיין. דערווייל זענען מיר אין קיך.
איך און די מאמע. אין קיך איז אויך נישט מיאוס. דער אויוון
איז ווייס און גלאנצט, און די כלים גלאנצן, און אלצדינג גלאנצט.
מע בעט אונדז זיצן. עס קומט ארויס א ווייבל, אָנגעטאָן ווי א
פריצה. זי רעדט מיט דער מאמען און ווייזט אויף מיר. די מאמע
שאָקלט צו מיטן קאָפּ, ווישט אלע מאָל די ליפּן און וויל נישט
זיצן. איך זיץ דווקא יאָ. די מאמע גייט אוועק, זאָגט מיר אָן,
איך זאָל זיך האלטן ווי א מענטש. דערביי כאפּט זי דערווייל
א וויין און א וויש די אויגן. מאָרגן וועט זי קומען נאָך מיר
און וועט מיך אָפּפירן, זאָגט זי, אין חדר אריין. מע גיט מיר
עסן. יויך מיט קוילעטש (אין דער וואָכן קוילעטש!) און פלייש
— א גוזמא פלייש! אָפּגעגעסן, הייסט מען מיר גיין ארויף. ווייס
איך נישט, וואָס הייסט „ארויף“? פירט מיך אָפּ די קעכין. חנה
הייסט זי. זי איז א שווארצע מיט א לאנגער נאָז. מע פירט מיך
ארויף אויף טרעפּ. די טרעפּ זענען אויסגעבעט מיט וויכן. מיט
באָרוועסע פיס איז א מחיה צו גיין. ס'איז נאָך נישט רעכט
נאכט, און ביי זיי ברענען שוין לאָמפּן. אָן א שיעור לאָמפּן. די
ווענט זענען אויסגעקלעפּט מיט צאצקעס און מיט מענטשעלעך.
די שטולן זענען באדעקט מיט לעדער. די סטעליע איז געמאָלט,
ווי להבדיל אין בית=המדרש. נאָך שענער ווי אין בית=המדרש.
מע האָט מיך ארייַנגעפירט אין א גרויסן אלקער. דער אלקער
איז אזוי גרויס, אז ווען איך זאָל זיין איינער אליין, וואָלט איך
געלאָפן פון איין וואנט ביז דער אנדערער, אָדער איך וואָלט מיך
גאָר אנידערגעלייגט און געקאטשעט זיך אויף דער סאמעטענער
קאָלדרע וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער דער גאנצער ערד. אויף
אזא קאָלדרע דארף זיין נישט שלעכט צו קאטשן זיך. שלאָפן
דארף זיין אויך נישקשהדיק.

ד.

א שיינער ייד, א הויכער, מיט א גרויער באָרד, מיט א ברייטן
שטערן, א זיידענער כאלאט, א יארמלקע פון גאָלע סאמעט, שטעק=

שיך אויף די פיס, אויך פון סאמעט מיט בלימשקע אויסגענייט. — אָט דאָס איז דער אַלטער לוריא. ער זיצט איבער א גרויסן גראָבן ספר. זאָגן זאָגט ער גאָרנישט, נאָר ער קייט די שפּיצן פונעם באָרד, קוקט אריין אין ספר, שאָקלט מיט א פּוס און ברומט שטילערהייט צו זיך אליין. א מאָדנער ייד אָט דער אַלטער לוריא. איך קוק אויף אים און טראַכט: ער זעט מיך, צי זעט ער מיך נישט? וויזן ווייזט אויס, אז ניין. וואָרום קוקן קוקט ער נישט, און געזאָגט האָט מען אים גאָרנישט. מע האָט מיך נאָר ארייננעלאָזט אהער און מע האָט פארשלאָסן די טיר פון יענער זייט. פּלוצעם רופט זיך אָן דער אַלטער לוריא, און קוקן קוקט ער אַלץ נאָך נישט אויף מיר:

— קומט אהער, וועל איך אייך ווייזן א שטיקל רמב״ם.

צו וועמען רעדט ער דאָס? צו מיר? מיר זאָגט ער „איר“? איך קוק מיך אום אויף אַלע זייטן. אחוץ מיר איז נישטאָ דאָ קיינער. דער אַלטער לוריא ברומט אויס נאָך אמאָל אויף זיין גראָבער שטים.

— קומט אהער, וועט איר זען, וואָס דער רמב״ם זאָגט! איך בין א בעלן צוצוגיין צו אים נאָענט.

— מיך רופט איר?

— אייך, אייך, וועמען דען?

אזוי מאכט צו מיר דער אַלטער לוריא און קוקט אין גרויסן בוך אריין און נעמט מיך פאר א האנט און טייטלט מיט איין פינגער און גיט מיר צו פארשטיין, וואָס דער רמב״ם זאָגט. און וואָס ווייטער, רעדט ער העכער און מיט אַלץ מער היץ. ער צעקאָכט זיך אזוי שטארק, אז ער ווערט אזש רויט. ער דרייט מיטן גראָבן פינגער, און מיטן עלענבויגן דערלאנגט ער מיר אַלע מינוט אין זייט אריין און מאכט צו מיר:

— נו, וואָס זאָגט איר? איאָ, עס איז גוט?

ס'זאָל זיין שטארק גוט — זע איך נישט. דעריבער שוויג איך. איך שוויג, און ער קאָכט זיך. ער קאָכט זיך, און איך שוויג. עס הערט זיך א קלונג פון א שליסל פון יענער זייט. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין די זעלבע וואָס גייט פּריציש אָנגעטאָן. זי גייט צו צום אַלטן לוריא און רעדט אים גלייך אין אויער אריין. אפנים, ער איז א טויבער. אנישט וואָס דארף זי שרייען? זי זאָגט אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, וואָרום איך דארף שוין שלאָפן. זי נעמט מיך צו פון זיינע הענט און באלייגט מיך אויף א סאָפע מיט „שפּרינגזינגעס“. דאָס בעטגעוואנט איז ווייס אזוי ווי שניי. א קאָלדרע א זיידענע, א ווייכע — טעם גן־עדן!

די וואָס גייט פּריציש אָנגעטאָן דעקט מיך איין, גייט אוועק און פאַרשליסט די טיר פון יענער זייט. דער אַלטער לוריא גייט אַרום איבער דער שטוב, די הענט פאַרלייגט אַהינטער, קוקט־אַראָפּ צו זיך אויף די שיינע שטעקשיך, און ברומט, און באַמקעט, און מאַכט עפּעס מאָדנע מיט די ברעמען. מיר קלעפּן זיך די אויגן. איך וויל שלאָפן. פּלוצעם גייט צו צו מיר דער אַלטער לוריא און זאָגט מיר:

— דו ווייסט? איך וועל דיך אויפעסן.

איך קוק אויף אים און פאַרשטיי נישט וואָס ער זאָגט.

— שטיי אויף, איך וועל דיך אויפעסן.

— וועמען? מיך?

— דיך! דיך! איך מוז דיך אויפעסן! אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין!

אַזוי זאָגט דער אַלטער לוריא. ער גייט אַרום איבער דער שטוב, האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ, די הענט אַרונטער, דעם שטערן פאַרקנייטשט. ער רעדט אָבער אַלע מאָל שטילער, צו זיך אַליין. איך הער זיך צו צו איטלעכס וואָרט. קוים וואָס איך כאַפּ דעם אָטעם. ער אַליין פרעגט ביי זיך און ענטפערט זיך אַליין. אָט וואָס דער אַלטער לוריא זאָגט:

— דער רמב"ם זאָגט, אַז די וועלט איז נישט קיין קדמון. פונוואַנען איז געדרונגען? ווייל א סיבה מוז האָבן א מסבב! מיט וואָס קאָן איך דאָס באַווייזן? מיט מיין רצון. ווי אַזוי? אָט וויל איך אים אויפעסן, עס איך אים אויף. איי וואָס? רחמנות? עס קער זיך גאָרנישט אָן. איך טו מיין רצון. דער רצון איז נישט דער תכלית. איך עס אים אויף. איך וויל אים אויפעסן. איך מוז אים אויפעסן!...

ה.

א גוטע בשורה האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אָט דער אַלטער לוריא. ער מוז מיך אויפעסן! וואָס וועט די מאַמע זאָגן? עס פאַלט אָן אויף מיר א פּחד. עס ציטערט אויף מיר דאָס לייב. די סאָפע, וואָס איך ליג אויף איר, איז אָפּגערוקט פון דער וואַנט. ביסלעכ־ווייז רוק איך מיך צו דער וואַנט און גליטש מיך אַראָפּ אויף דער ערד, צווישן סאָפע און צווישן וואַנט. עס קלאַפּט מיר א צאָן אָן א צאָן. איך הער מיך איין און וואַרט, ווען וועט ער מיך עסן. און ווי אַזוי? שטילערהייט רוף איך די מאַמע און פיל, ווי נאַסע טראָפּנס קאַטשען זיך מיר איבער די באַקן, פון די באַקן אין מויל אַריין. די טראָפּנס זענען געזאַלצן. איך האָב קיינמאָל אַזוי נישט

געבענקט נאָך דער מאמען, ווי אצינד. נאָך מיין ברודער אליהו בענק איך אויך, נאָר נישט אזוי. און אָן דעם טאטן דערמאָן איך מיך, וואָס איך זאָג נאָך אים קדיש. ווער וועט נאָך מיר זאָגן קדיש, אז דער אלטער לוריא וועט מיך אויפעסן?...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אפּנים, איך בין גוט געשלאָפן? וואָרום, אז איך כאפּ מיך אויף, קוק איך מיך ארום. וווּ בין איך אויף דער וועלט? איך טאפּ די וואנט, איך טאפּ די סאָפע. איך שטעק ארויס מיין קאָפּ — א גרויסער, א ליכטיקער אלקער. סאמעטענע קאָלדרעס אויף דער ערד. די ווענט אויסגעקלעפּט מיט מענטשעלעך. די סטעלי — ווי להבדיל אין בית־המדרש. דער אל־טער לוריא זיצט נאָך אלץ איבער יענעם גרויסן ספר, וואָס ער רופט אים רמב"ם. מיר געפעלט דער נאָמען „רמב"ם". עס קומט אויס ביי מיר ווי „בימבאָם". פּלוצעם דערמאָן איך מיך, אז דער אלטער לוריא האָט מיך ערשט נעכטן געוואָלט אויפעסן. איך האָב מורא, ער זאָל מיך נישט דערזען און ווידער וועלן עסן. באהאלט איך מיך צוריק צווישן וואנט און צווישן סאָפע און שווייג. עס עפנט זיך די טיר מיט א קלונג פון יענער זייט. עס קומט אריין אלץ יענע, וואָס גייט אָנגעטאָן ווי א פּריצה. נאָך איר גייט נאָך די קעכין, וואָס מע רופט זי חנה, מיט א גרויסן בעקן. אויפן בעקן שטייען קריגעלעך מיט קאווע, הייסע מילך און פּוטערבולקעס פרישע.

— וווּ איז דאָס בחורל? — פרעגט חנה און קוקט זיך ארום אויף אלע זייטן. זי דערזעט מיך צווישן וואנט און צווישן סאָפע.

— ביסט א רעכטער שייגעץ, ווי איך זע! וואָס טוסטו דו דאָ? קום אראָפּ מיט מיר אין קיך. דאָרט וואַרט אויף דיר די מאמע.

איך טו א שפּרונג ארויס פון מיין באהעלטעניש און לויף אראָפּ איבער די אויסגעבעטע טרעפּ מיט די באָרוועסע פיס און זינג מיר אונטער צום טאקט: ראמבאם, בים־באָם! בים־באָם, ראם־באם! — ביז איך קום אין קיך אריין.

— כאפּט זיך נישט! — זאָגט חנה די קעכין צו דער מאמע. — לאָז ער אויסטרינקען כאָטש א גלעזל קאווע מיט א פּוטער־געבעקסל! און איר אליין, נישקשה, מעגט אויכעט נעמען א גלעזל קאווע. דער גוטער יאָר וועט זיי נישט נעמען. זיי האָבן גענוג.

אזוי זאָגט חנה די שווארצע, און די מאמע דאנקט איר און זעצט זיך אוועק, און מע דערלאנגט אונדז הייסע שמעקעדיקע קאווע מיט פרישע פּוטער געבעקס.

איר האָט אמאָל געגעסן אייער־קיכלעך מיט צוקער? — אָט דאָס זענען די נגידישע פּוטער געבעקסלעך. און אפשר נאָך בע־סער. דעם טעם פון דער קאווע קאָן איך אייך נישט באשרייבן. טעם גן־עדן! די מאמע האלט דאָס גלאָז און זופּט און קוויקט זיך און גיט מיר פון איר פּוטערגעבעקסל העכער האלב. דערזעט חנה די קעכין און מאכט א געוואלד, גלייך ווי מע האָט זי געקוילעט:

— וואָס טוט איר דאָס? עסט, עסט, עס איז דאָ גענוג!

און חנה די קעכין גיט מיר נאָך א פּוטערגעבעקסל. האָב איך שוין צוויי מיט א האלבן. איך הער מיך צו צו זייער שמועס. דער שמועס איז מיר באקאנט. די מאמע קלאָגט זיך אויף איר מזל. אן אלמנה, צוויי קינדער, איינער אין א שמאלץ־גרוב, דער אנדע־רער נעבעך אזוי. איך וואָלט וועלן וויסן, ווי אזוי איז דאָס מיין ברודער אליהו אין א שמאלץ־גרוב? א גרוב מיט שמאלץ? תמיד פליישיק? חנה הערט אויס די מאמע, שאָקלט מיטן קאָפּ. נאָכדעם הייבט אָן חנה רעדן, קלאָגן זיך אויף איר מזל, וואָס זי דארף זיין ביי יענעם. זי איז א טאטעס א קינד. איר טאטע איז געווען א ייד א באלעבאָס, איז ער אָפּגעברענט געוואָרן. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן קרענקען. נאָכדעם איז ער געשטאָרבן. איר טאטע, זאָגט זי, זאָל אצינד אויפשטיין און געבן א קוק אויף זיין חנה, ווי זי שטייט ביי א פרעמדן אויוון! זי קאָן זיך נישט באקלאָגן. דאנקען גאָט דערפאר. זי האָט א גוטע שטעלע. איין חסרון — דער אל־טער באלעבאָס איז א ביסל...

וואָס „א ביסל“ — ווייס איך נישט. חנה ווייזט עפּעס מיטן פינגער אויפן שטערן. די מאמע הערט אויס חנהן, שאָקלט מיטן קאָפּ. נאָכדעם הייבט אָן ווידער די מאמע רעדן. חנה הערט אויס די מאמע, שאָקלט מיטן קאָפּ. אויפן וועג גיט זי מיר נאָך א פּוטערגעבעקסל, און איך ווייז די יינגלעך אין תלמוד־תורה. זיי רינגלען מיך ארום און קוקן אין די אויגן, ווי איך עס. אפּנים, ביי זיי איז דאָס א גאנצער אנטיק? איך גיב זיי אלעמען צו קליינע שטיקעלעך. זיי לעקן די פינגער.

— ווו האָסטו געגומען אזא מאכל?

איך שטופּ אָן ביידע באקן, שטעל זיך אוועק אקעגן זיי מיט די הענט אין די טיפע קעשענעס פון מיינע הילצערנע הויזן און קיי און שלינג און טאנץ־אונטער אויף מיינע באָרוועסע פיס אָן ווערטער, ווי איינער רעדט:

— עך, קבצנישע טאָרבעס וואָס איר זייט! א טייערע מציאה פּוטער־געבעקס, כא־כא־כא! איר זאָלט נאָך פּרובירן מיט קאווע, וואָלט איר ערשט דעמלט געוווסט וואָס הייסט טעם גן־עדן אויף דער וועלט!...

VI

# א שמאלץ־גרוב

א.

דאָס איינציקע שטיקל גליק, וואָס האלט מיין מאמען אויף די־
פיס, איז דאָס, וואָס מיין ברודער אליהו איז, דאנקען גאָט, גוט.
ער האָט זיך ארייננעכאפּט אין א שמאלץ־גרוב. אזוי זאָגט די
מאמע מיינע, און פאר גרויס נחת כאפּט זי א ווישׁ די אויגן, ווי
איר שטייגער איז. זי האָט אים שוין פארזאָרגט, זאָגט זי, אויף
אייביק. איר שנור, זאָגט זי, איז אפילו נישט קיין איי־איי־איי
(איך מיין אויך אזוי). האָט אים אָבער גאָט צוגעשיקט דערפאר
א רייכן שווער. ער איז א בעקער. יונה רופט מען אים, יונה
דער בעקער. דאָס הייסט, ער אליין באקט נישט. באקן באקן
אנדערע. ער קויפט נאָר מעל און פארקויפט ברויט. פּסח באקט
ער מצות פאר דער גאנצער שטאָט. ער איז צו בעקעריי א ברען,
און דערצו איז ער א בייזער ייד — סכנות. איך מעג זאָגן, אז
ער איז א רוצח. ער האָט מיך איינמאָל געכאפּט, בשעת איך בין
געווען צו גאסט ביי מיין ברודער אליהו און האָט מיך מכבד
געווען מיט אן אייער־בייגל. דער בייגל איז געווען א פרישער, א
ווארעמער, נאָר־וואָס פונעם אויוון. האָט דער רוח באדארפט
אָנטראָגן יונה דעם בעקער. איר זאָלט געזען זען זיין רציחהדיק
פּנים מיט זיינע גזלעוואָטע אויגן! פון דעמלט אָן גיי איך נישט
מער אהין. מיין פוס וועט שוין דאָרט נישט זיין מער, איך זאָל
וויסן גאָלד! א ייד זאָל האָבן א טבע אָננעמען פארן קאָלנער און
ארויסוואַרפן אויף יענער זייט טיר, און נאָך געבן גוטע דריי סטו־
סאקעס פון הינטן! איך האָב עס דערציילט דער מאמען, איז זי

באלד אוועקגעלאָפן אהין — זי האָט אים געוואָלט אָפּשפּילן א חתונה, ווי אים קומט. האָט אָבער מיין ברודער אליהו נישט דערלאָזט. ער האָט אים אָפּגעגעבן דעם געדעכט. ער האָט גע־דרונגען דער מאמען, אז ער האָט דורך מיר בזיונות. אלע מאָל, ווען איך קום צו אים, עס איך, זאָגט ער, בייגל. ער וועט מיר בעסער געבן, זאָגט ער, א קאָפּיקע און לאָם איך גיין ערגעץ אנ־דערש זיך קויפן א בייגל. זאָגט אים די מאמע, אז ער האָט אויף מיר קיין קאפּ רחמנות נישט, אז עס ארט אים נישט, וואָס דאָס קינד איז א יתום. זאָגט איר מיין ברודער אליהו, אז מע קאָן זיין א יתום און מע טאָר נישט כאפּן קיין בייגל פון א פרעמדן אויוון. זאָגט אים די מאמע, ער זאָל רעדן א ביסל שטילער. זאָגט איר מיין ברודער אליהו, אז ער וועט דווקא שרייען הויך, בכדי אלע זאָלן וויסן, אז איך בין א גנב. דאָס וואָרט „גנב" קאָן די מאמע נישט הערן. זי ווערט אלערליי פארבן און זאָגט צו מיין ברודער אליהו, ער זאָל נישט פארגעסן, אז ס'איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט. מיט גאָט שפּילט מען זיך נישט. גאָט וועט נישט שווייגן. ער איז אן אבי יתומים. ער וועט זיך אָננעמען פארן יתום. נישקשה. ער איז א גרויסער גאָט. ער קאָן. אז גאָט וויל, קאָן יונה דער בעקער נישט פארמאָגן וואָס א בייגל איז ווערט!... אזוי זאָגט־אָפּ די מאמע צו מיין ברודער אליהו. זי נעמט מיך פאר א האנט, טוט א קלאפּ מיט דער טיר, און מיר גייען אהיים.

ב.

הערט איר, אפנים, אז מיט גאָט טאָר מען זיך טאקע נישט שפּילן! איר וואָלט וויסן וואָסער א סוף יונה דער בעקער האָט געהאט! איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז ער אליין באקט נישט. באקן באקן אנדערע. עפּעס צוויי יידן שווארצע מיט דריי ווייבער פרעמדע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, מיט רויטע ווארעמע פּאַ־שטיילקעס אויפן קאָפּ (כאָטש אין דרויסן איז א היץ — סכנת נפשות!). האָט זיך געטראָפן א מעשה. נישט איין מעשה, נאָר עטלעכע מעשיות. דער עולם האָט זיך געקלאָגט, אז מע געפינט אין די בולקעלעך פּאָדעס, און טאשמעס, און טאראקאנעס, און שטיקלעך גלאָז. איינער א קריסט האָט געבראכט צו טראָגן צו דעם בעקער א גאנצן זשמוט מיט האָר, שווארצע האָר. פאר א קריסט האָט זיך יונה דער בעקער איבערגעשראָקן. ובפרט דער

קריסט האָט געסטראשעט מיט פּאָליציע. מע האָט זיך גענומען צו די בעקערס, פאַרגלייכן וועמענס האָר. די מאַנסבילן האָבן געזאָגט אויף די ווייבער. די ווייבער האָבן געזאָגט אויף די מאַנס־בילן. די ווייבער האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן אַלע געלע האָר. די מאַנסבילן האָבן געטענהט: וווּ האָט איר געזען ביי מאַנסבילן אַזעלכע לאַנגע האָר? ביז די ווייבער האָבן זיך צעקריגט, און אַז די ווייבער האָבן זיך צעקריגט, איז מען געוואָר געוואָרן שיינע זאַכן: איינע האָט פאַרלוירן אַ זאָקנבענדל אין דער חלה, איינע האָט פאַרקנאָטן אין טייג אַ זאַניטעצע פון אַ קראַנקן פינגער. נאָך איינע פלעגט זיך לייגן אַלע ביי־נאַכט צוקאָפּנס די אויפגעיוירענע חלה. זי האָט געשוווירן מיט כל השבועות שבעולם, אַז ס'איז שקר וכזב. סך הכל האָט זיך דאָס געטראָפן איין מאָל, אָדער, העכסטנס, צוויי מאָל. זי האָט נישט געהאט קיין קישן...

די גאַנצע שטאָט האָט זיך געוויגט. יונה דער בעקער האָט נעבעך געהאט דאָס לויפעניש. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום רבונו־של־עולם. מע האָט נישט געוואָלט נעמען זיין גע־בעקס אין די הענט אַריין! כאָטש וואַרף עס אַרויס פאַר די הינט! אַ מצווה אויף אים.

ג.

יונה דער בעקער איז אָבער אַ יונג מיט ביינער. ער האָט צעטריבן די בעקערס, די יידן מיט די ווייבער, און האָט צוגע־נומען אַנדערע בעקערס. שבת האָט ער געלאָזט אויסרופן אין אַלע שילן, אַז ער האָט צוגענומען נייע בעקערס, און אַז פון היינט אָן און ווייטער גיט ער אַכטונג אַליין, ס'זאָל זיין ריין און ציכטיק. ער איז ערב מיט צען רובל שטראָף, טאָמער געפינט מען ביי אים אין דער חלה איין האָר אפילו. פון דעמלט אָן האָט ער אָנגעהויבן לייזן געלט. דער עולם האָט געזוכט האָר ביי אים אין די געבעקס און מע האָט דווקא נישט גע־פונען. אפילו אַז מע האָט יאָ עפּעס געפונען און מע האָט אים געבראַכט, האָט ער אַרויסגעטריבן. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט מען אומיסטנע אַריינגעלייגט, בכדי צו באַקומען די צען רובל שטראָף. מע ווייסט די מעשיות!... אַ רעכטער חברה־מאַן אָט דער יונה דער בעקער! גאָט האָט אָבער געוואָלט זיך אָפּרע־כענען מיט אים, האָט ער אים צוגעשיקט אַ נייעם אומגליק. איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען אַלע זיינע בעקערס

אויפגעשטאנען, צונויפגענומען די קלומעקעס און זענען אוועק. זיי וועלן מער נישט באקן ביי אים פאר קיין געלט. סיידן ער וועט זיי העכערן דעם פרייז אויף א קערבל א וואָך, און וועט זיי לאָזן אויף ביינאכט אהיים שלאָפן, און וועט זיי נישט שלאָגן מיט די הענט גלייך אין די ציין אריין. ביי יונה דעם בעקער איז אזא טבע: באלד עפעס — גיט ער מיט די הענט אין די ציין אריין. יונה איז געוואָרן אָנגעצונדן. ער איז שוין א באַלעבאָס פון היפשע עטלעכע יאָר, האָט זיך אים נאָך נישט געטראָפן, אז א באלמעלאָכע זאָל גאָר זאָגן א דעה, ווי אזוי צו שלאָגן זיך! פון העכערן דעם פרייז איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. ער קאָן קריגן צען אנדערע אויף זייער אָרט. א טייערע מציאה ארבעטער! קארג מענטשן שטארבן פון הונגער? ער איז אוועק זוכן בעקערס. נישטאָ קיין בעקערס. קיינער וויל נישט גיין. וואָס איז די מעשה? אלע בעקערס האָבן זיך געמאכט יד־אחת. זיי וועלן צו אים נישט גיין, ביז ער וועט נישט צו־געמען אלע פריערדיקע בעקערס, און ביז ער וועט נישט מקיים זיין אלע דריי זאכן: 1) א קערבל א וואָך. 2) ביינאכט אהיים שלאָפן. 3) נישט שלאָגן זיך מיט די הענט אין די ציין... שיין געווען אָנצוקוקן, ווי יונה האָט זיך געקאָכט, געפינעט, געקלאפט מיט די הענט אין טיש, און געשאָלטן זיך. איי, האָב איך געהאט א נקמה! נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט אקעגן דעם, וואָס ס'איז געווען ווייטער.

ד.

א הייסער זומערטאָג. נאָר וואָס זענען אויפגעקומען דינים מיט קאווענעס (ארבוזעס). דאָס איז די בעסטע צייט אין יאָר. שפעטער א ביסל הייבן זיך אָן די וויינענדיקע טעג. גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאר די רייד — איך האָב פיינט די וויינענ־דיקע טעג. איך האָב בעסער ליב, אז ס'איז פריילעך. און וואָס קאָן זיין פריילעכער פון א פולן מארק מיט דינים און מיט קאווענעס אומעטום, ווו איר טוט זיך א קער, איז אָדער דינים, אָדער קאווענעס. די דינים זענען געל און שמעקן ווי אתרוגים. די קאווענעס זענען רויט (אינעווייניק), ווי פייער, און קערלעך האָבן זיי שווארצע, און די זיסקייט זייערע איז ווי א גוטער האָניק. מיין מאמע האלט נישט פון קאווענעס. זי זאָגט, אז דינים זענען שפּאָרעוודיקער. אז זי קויפט, זאָגט זי, א דיני האָט זי אויף צוויי טעג פאר אונדז ביידן — אויף אָנבייסן,

אויף וואַרמעס און אויף וועטשערע. און אַ קאַווענע, זאָגט זי, איז אַ נאַשעריי: פּויזשעט נאָר אָן אַ פולן בויך מיט וואַסער. איך מיין, אַז זי האָט אַ טעות. איך זאָל זיין אַ קייסער, וואָלט איך אַ גאַנץ יאָר געגעסן קאַווענע מיט ברויט. עס מאַכט נישט אויס, וואָס ס'איז דאָ אין זיי אַ סך קערלעך. אַ גוטע קאַווענע אַז מע טוט אַ רעכטן טרייסל, טוען די קערלעך אַ פאַל אַרויס — און דערמלט עסט וויפל איר ווילט אליין! אָהאָ! זעט נאָר, איך האָב מיך אַזוי פאַררעדט פון די קאַווענעס, אַז איך האָב פאַרגעסן פון וואָס איך האָב אָנגעהויבן. איך האַלט ביי מיין ברודער אליהום שוועך, יונה דער בייגל־בעקער. ס'איז געקומען אויף אים אַ רעכטע מפּלה. קיינער האָט זיך אויף אַזעלכעס נישט גערעכנט. שטעלט אייך פאָר, מיר זיצן מיט מיין מאַמען ביים טיש און עסן וואַרמעס: דינע מיט ברויט. עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין מיין ברודער אליהו מיט אַ חומש אין האַנט, דעם טאַטנס חומש. נאָך אים שלעפּט זיך נאָך זיין ווייב ברכה. אין איין האַנט האַלט זי אַ פוטערנעם קאָלנער מיט ווידעלעך, אין דער אַנדערער האַנט — אַ פאַרעווען „דורכשלאַג". איר ווייסט נישט, וואָס הייסט אַ דורכשלאַג? אַזאַ כלי, וואָס מע זייעט אָפּ אויף דעם די לאָקשן. מיין ברודער אליהו איז טויט, ווי די וואַנט. מיין שוועגערין ברכה איז רויט, ווי אַ העליש פייער.

— שוויגער, מיר זענען געקומען צו אייך, — זאָגט מיין שוועגערין ברכה.

— מאַמע, מיר זענען קוים אַרויס מיטן לעבן. — זאָגט מיין ברודער אליהו.

און ביידע זעצן זיך אַוועק וויינען, און די מאַמע העלפט זיי אונטער. וואָס האָט זיך געטראָפן? אָפּגעברענט געוואָרן? אַרויסגעטריבן? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! מיין ברודער אליהום שוועך, יונה דער בעקער, האָט זיך געשטעלט. אָנגע־זעצט הייסט דאָס ביי אונדז. זענען געקומען די בעלי־חובות און האָבן אים אָפּגעשריבן פון קאָפּ ביז פיס. זיי האָבן צוגע־נומען ביי אים ביז אַ פאָדעם. אַלץ וואָס אין שטוב. און אפילו די שטוב אליין אויך, נאָך מיט וואַסערע בזיונות! מע האָט אים געבעטן מחילה, ער זאָל אָפּריימען די שטוב. דאָס הייסט, מע האָט אים אַרויסגעוואָרפן, זאָגט ער, אויף דריי שפּענדלעך.

— וויי איז מיר! — זאָגט די מאַמע און ברעכט די הענט — ווו איז אַהינגעקומען זיין געלט? ער איז דאָך געווען אַזאַ נגיד!

ענטפערט איר מיין ברודער אליהו, אז, ערשטנס, איז ער גאָרנישט געווען אזא נגיד. און צווייטנס... דאָ מישט זיך אריין מיין שוועגערין ברכה, אז איר טאטע איז דווקא יאָ געווען א נגיד. חוץ זיין שאָדן אויף איר געזאָגט געוואָרן כאָטש האלב. נאָר וואָס דען? איר חתונה האָט אים אָפּגעקאָסט אן אוצר! זי האָט ליב רעדן פון איר חתונה. אלעמאָל, ווען זי קומט צו אונדז, הערט איר נאָר פון איר חתונה. אזא חתונה, ווי איר חתונה, איז נישט געווען, זאָגט זי, אויף דער גאנצער וועלט. דאָס געבעקס וואָס אויף איר חתונה, די געבראָטנס וואָס אויף איר חתונה, די טאָרטן מיט די לעקעכער, מיט די שטרו־דלען, מיט די מלכות־ברויטלעך, מיט די איינגעמאכטסן וואָס אויף איר חתונה!... דערווייל איז זי געבליבן ווי זי שטייט און גייט, מיט א פוטערן קעלנערל און מיט א פארעווען דורכשלאַג. דאָס גדן, וואָס איר פאָטער האָט צוגעזאָגט, שמועסט מען נישט, אז ס'איז פארפאלן. מיין ברודער אליהו האָט נאָך געהאט רווחים: מע האָט אים אָפּגעשריבן זיינע שבתדיקע מלבושים, מיטן טלית. מיטן בעטגעוואנט. דעם זייגער אויך. ער איז געבליבן ווי אויפן וואסער. מיין מאמע האָט איינגעלייגט די וועלט. סטייטש, אזא־נ־אומגליק! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן? איר האָבן דאָך אלע מקנא געווען אויפן שידוך! אפנים, לייט האָבן איר א גוט אויג געגעבן, אָדער זי אליין האָט אים דעמלט מיט איר מויל פארשאָלטן?... ווי אזוי די מעשה איז, איר האָט דאָס געטראָפן, זאָגט זי, מער פון אלעמען. א שמאלץ־גרוב האָט זיך איר פארגלוסט!

— די שמאלץ רינט אוים, די גרוב בלייבט איבער. זיי דערווייל ביי מיר, מיין קינד, ביז גאָט וועט רחמנות האָבן...

אזוי זאָגט די מאמע און טרעט אָפּ די שנור איר בעט, דאָס איינציקע שטיקל מעבל, וואָס ביי אונדז אין שטוב.

VII

# מיין ברודער אליהוס געטראנק

### א.

„פאר איין רובל — הונדערט רובל! הונדערט רובל א מאַנאַט און מער קאָן פאַרדינען יעדער איינציקער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיטן אינהאַלט פון אונדזער בוך, וואָס קאָסט סך־הכּל איין רובל מיט פּאָרטאָ. לויפט, קויפט! סטאַפּט, כאַפּט — איר וועט פאַרשפּעטיקן!“

אַט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגעץ אויף די בלעטער מיין ברודער אליהו באַלד ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט. און אַראָפּ פון קעסט איז מיין ברודער אליהו נישט דערפאַר, ווייל עס איז אים „אויסגעגאַנגען די יאָרן“. צוגעזאָגט האָט מען אים, איינגעטליעך, קעסט גאַנצע דריי יאָר, און געהאַלטן האָט מען אים אפילו נישט קיין דריי פערטל יאָר. עס האָט זיך מיט זיין רייכן שווער געטראָפן אַן אומגליק, יונה דער בעקער האָט אָנגעזעצט און איז געוואָרן פון אַ נגיד אַ קבצן. פונוואַנען דער בראָך איז געקומען — האָב איך אייך שוין דערציילט. צוויי מאָל איין זאַך דערצייל איך קיינמאָל נישט סיידן מע בעט מיך. איצטיקס מאָל וועט זיך נישט העלפן קיין בעטן אויך, ווייל איך בין זייער פאַרנומען. איך פאַרדין געלט. איך טראָג אַרום אַ געטראַנק, וואָס מיין ברודער אליהו מאַכט אים אַליין מיט זיינע אייגענע הענט. ער האָט זיך אויסגעלערנט מאַכן דאָס פון אַ בוך, וואָס קאָסט סך־הכּל איין רובל, און פאַרדינען קאָן מען מיט דעם הונדערט רובל אַ חודש און מער. מיין ברודער

אליהו, ווייבאלד ער האָט נאָר איבערגעלייענט, אז ס'איז דאָ אזא בוך אויף דער וועלט, אזוי האָט ער באלד אוועקגעשיקט אויף דער פּאָסט א קערבל (דאָס לעצטע קערבל) און האָט אָנגעזאָגט דער מאמען א בשורה, זי זאָל נישט זאָרגן מער.

— מאמע! דאנקען גאָט, מיר זענען געהאָלפן. מיט פּרנסה זענען מיר שוין פארזאָרגט אָט אזוי ווייט (ער ווייזט מיט דער האנט אויפן האלדז).

— וואָס איז דען? — פרעגט די מאמע. — האָסט געקריגן א שטעלע?

— נאָך בעסער פון א שטעלע! — ענטפערט איר מיין ברודער אליהו, און די אויגן ביי אים לייכטן. אפּנים, פון גרויס שמחה, ער הייסט איר ווארטן נאָך עטלעכע טעג, ביז דאָס בוך וועט אים אָנקומען.

— וואָסער בוך? — פרעגט אים די מאמע.

— ס'איז שוין איין מאָל א בוך! — זאָגט איר מיין ברודער אליהו און פרעגט זי, אויב זי וועט זיין צופרידן מיט הונדערט רובל א חודש? לאכט פון אים די מאמע און זאָגט אים, אז זי וואָלט געווען צופרידן מיט הונדערט רובל א יאָר, אבי זי־בערע. ענטפערט איר דערויף מיין ברודער אליהו, אז ביי איר איז צו א קליינע השגה, און ער לאָזט זיך גיין אויף דער פּאָסט. אלע טאָג גייט ער אויף דער פּאָסט און פרעגט זיך נאָך אויפן בוך. שוין העכער א וואָך, אז ער האָט אוועקגעשיקט דאָס קערבל, און קיין בוך איז נישטאָ! דערווייל דארף מען לעבן. „די נשמה אויסשפּייען קאָן מען נישט“. אזוי זאָגט די מאמע. איך פארשטיי נישט, ווי אזוי שפּייט מען דאָס אויס א נשמה?

ב.

שאט, שוין דאָ א בוך! מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפּאקט, האָט מיין ברודער אליהו זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. ווײ־ווײ, וואָס ער האָט דאָרטן אויסגעלייענט! וויפל סגולות אויף צו מאכן געלט דורך פארשידענע רעצעפּטן! א רעצעפּט אויף צו פארדינען הונדערט רובל א חודש דורך מאכן די בעסטע טינטן. א רעצעפּט אויף צו פארדינען הונדערט רובל א חודש דורך מאכן גוטע שווארצע שוואקס. א רעצעפּט אויף צו פאר־דינען הונדערט רובל א חודש דורך ארויסטרייבן מייז, טאראַ־קאנעס און אנדערע מיאוסקייטן. א רעצעפּט אויף צו פארדינען הונדערט רובל א חודש און מער דורך מאכן ליקערן, זיסע

בראָנפנס, לימאָנאד, סאָדע־וואסער, קוואס און אנדערע נאָך מער ביליקע געטראנקען.

מיין ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן לעצטן רעצעפּט. ערשטנס, ווייל דורך אים קאָן מען פארדינען נאָך מער פון הונדערט רובל א חודש. אזוי שטייט דאָך בפירוש געשריבן אין בוך. צווייטנס, מע דארף זיך נישט פּאטשקען מיט טינט און מיט שוואקס און נישט האָבן צו טאָן מיט מייז, טאראקאנעס און אנדערע מיאוסקייטן. די פראגע איז נאָר, צו וואָסער א געטראנק זאָל מען זיך נעמען? צו ליקערן און זיסע בראָנפנס דארף מען האָבן ראָטשילדס פארמעגן. צו לימאָנאד און סאָדע־וואסער דארף מען האָבן א מאשינע אזעלכע, עפּעס א מין שטיין, וואָס קאָסט מי יודע וויפל! בלייבט איבער נאָר איין זאך: קוואס! קוואס איז אזא מין געטראנק, וואָס קאָסט וואָלוול און עס גייט א סך. ובפרט נאָך אין אזא הייסן זומער ווי היינט. פון קוואס, דארפט איר וויסן, איז ביי אונדז ברוך דער קוואסניק געוואָרן א גביר. ער מאכט „בוטעל־קוואס“. זיין קוואס האָט א שם אויף דער וועלט. עס שיסט פון די פלעשער, ווי פון א הארמאט. וואָס איז דער שכל, וואָס סע שיסט, ווייסט קיינער נישט. דאָס איז ברוכס סוד. מע זאָגט, אז ער לייגט אריין אינווייניק עפּעס אזעלכעס, וואָס שיסט. אנדערע זאָגן — א ראָזינקע. אנדערע זאָגן — האָפּן. קומט דער זומער, האָט ער נישט קיין הענט. אזוי פיל לייזט ער געלט!

אונדזער קוואס, וואָס מיין ברודער אליהו מאכט נאָכן רעצעפּט, איז נישט קיין בוטעל־קוואס און שיסט נישט. אונדזער קוואס איז אן אנדער מין געטראנק. ווי אזוי ער ווערט געמאכט — קאָן איך אייך נישט זאָגן. מיין ברודער אליהו לאָזט קיינעם נישט צו, בשעת ער מאכט אים. אז ער גיסט וואסער — זעען אלע. נאָר אז ער האלט אין רעכטן מאכן, פארשליסט ער זיך אין דער מאמעס אלקער. נישט איך, נישט די מאמע, נישט מיין שוועגערין ברכה — קיינער האָט נישט די זכיה צו זיין דערביי. נאָר אויב איר זאָגט מיר צו, אז ס'וועט זיין א סוד, קאָן איך אייך זאָגן, וואָס אין דעם געטראנק געפינט זיך. איך ווייס דאָך וואָס ער גרייט צו. דאָרט געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, שיטערער האָניק (מעלים), א זאך וואָס מע רופט דאָס קרימעטאר־טערום און וואָס איז זויערער פון עסיק, און דאָס איבעריקע — וואסער. וואסער איז דאָרטן דאָ מער פון אלצדינג. וואָס מער וואסער — מער קוואס. דאָס אלץ ווערט גוט אויסגעמישט מיט א פראָסטן שטעקן, אזוי שטייט געשריבן

אין בוד, און דאָס געטראַנק איז פאַרטיק. נאָכדעם ווערט עס אריינגעגאָסן אין א גרויסער קרוג, און מע וואַרפט אריין אהין א שטיק אייז. אייז איז דער עיקר! אָן אייז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק אויף תשעה ניינציק כפרות. דאָס זאָג איך אייך נישט פונעם בוד, נאָר איך האָב איינמאָל אליין פאַרזוכט א ביסל קוואַס אָן אייז, האָב איך געמיינט, אז ס'איז אן עק פון מיין לעבן!

ג.

געמאַכט דאָס ערשטע פעסל קוואַס, איז געבליבן, אז ארויסטראָגן פאַרקויפן אים אויף דער גאַס זאָל איך. ווער דען, אז נישט איך? מיין ברודער אליהו פּאַסט נישט. ער איז דאָך שוין א באַווייבטער. דער מאַמען — אוודאי נישט. מיר ווען גאָר נישט דערלאָזן, אז די מאַמע זאָל ארומגיין מיט א קרוג איבערן מאַרק און שרייען: „קוואַס! קוואַס! יידן, קוואַס!" אלע האָבן געפּסקנט, אז דאָס דאַרף זיין מיין ארבעט. איך אליין האָב אויך אזוי געדענקט. איך האָב מיך מחיה געווען, אז איך האָב דערהערט דאָס נייעס. מיין ברודער אליהו האָט גענומען מיך לערנען, ווי אזוי איך זאָל טאָן. דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין איין האַנט אויף א שטריקל, דאָס גלאָז אין דער אַנדערער האַנט, און בכדי דער עולם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך, אין מיט א ניגון, אָט אזוי:

ייִדן, א געטראַנק!
א קאָפּיקע א גלאָז!
קאַלט און זיס —
א דערקוויקעניש!...

א קול, האָב איך אייך שוין לאַנג געזאָגט, אז איך האָב א שיינס, א סאָפּראַנאָ־שטימע, בירושה פון מיין טאַטן, עליו השלום. איך האָב געגעבן א זינג ארויס אויף א קול און האָב איבערגעדרייט דעם פּסוק מיט די פיס ארויף:

זיסער קוואַס א גלאָז!
א קאָפּיקע א ייד!
א קוויק און א קאַלט —
א דערטרינקעניש!...

איך ווייס נישט: צי מיין געזאַנג איז אזוי געפעלן געוואָרן? צי דאָס געטראַנק איז טאַקע געווען אזוי גוט? צי אפשר ווייל

דער טאָג איז געווען זייער א הייסער? איך האָב דעם ערשטן קרוג אויספּארקויפט אין איין האַלבער שעה און בין געקומען אהיים מיט כמעט פינף גילדן פדיון. מיין ברודער אליהו האָט אָפּגעגעבן דאָס געלט דער מאמען, און מיר האָט ער באַלד אָנגעאָסן א פרישן קרוג. ער האָט געזאָגט, אז אויב איך וועל מיך קאָנען אוסדרייען אזוי פינף־זעקס מאָל דורכן טאָג, וועלן מיר האָבן פאַרדינט פּונקט הונדערט רובל א חודש. איצט רעכנט, זייט מוחל, אראָפּ די פיר טעג שבת, וואָס אין חודש, וועט איר שוין אליין וויסן, וויפל דאָס געטראַנק קאָסט אונדז און וואָס פאר א פּראָצענט מיר פאַרדינען ביי אים? דאָס גע־טראַנק קאָסט אונדז זייער וואָלוול. מע קאָן זאָגן כמעט גאָר־נישט. דאָס גאַנצע געלט גייט־אוועק אויפן אייז. דעריבער דאַרף מען זעען, וואָס גיכער אויספּאַרקויפן דעם קרוג מיטן געטראַנק, בכדי דאָס שטיקל אייז זאָל צונוץ קומען אויפן צווייטן קרוג, און אויפן דריטן קרוג, און אזוי ווייטער. דעריבער דאַרף מען מיטן גע־טראַנק גיין גיך, טאַקע לויפן. נאָך מיר לויפן נאָך יינגלעך, שקצים, א גאַנצע טיטשקע. זיי קרימען מיך איבער, ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער מיטן קאָטער. איך זע וואָס גיכער אויסברענגען דעם קרוג און לויפן אהיים נעמען נאָך א קרוג. וויפל איך האָב געמאַכט דעם ערשטן טאָג — ווייס איך אליין נישט. איך ווייס נאָר, אז מיין ברודער אליהו מיט מיין שווענעריון ברכה מיט מיין מאמען האָבן מיך שטאַרק געלויבט. וועטשערע האָט מען מיר געגעבן א שטיק דיני מיט א שטיק קאַווענע מיט צוויי פלוימען אינגערשע. פון קוואַס שמועסט מען נישט. קוואַס טרינ־קען מיר אַלע אזוי ווי וואַסער. פאַרן שלאָף בעט מיר אויס די מאמע אויף דער ערד און פרעגט מיך, צי עס טוען מיר נישט וויי חלילה די פיס. מיין ברודער אליהו לאַכט פון איר. ער זאָגט אויף מיר, אז איך בין אזא יינגל, וואָס מיר טוט קיינמאָל נישט ווי קיין זאַך.

— געוויס! — זאָג איך. — א סימן, אויב איר ווילט, גיי איך באַלד מיט א קרוג אין מיטן האַלבע נאַכט.

אַלע דריי צעלאַכן זיך פון מיין ברייהשאַפט. נאָר אויף דער מאַמעס אויגן זע איך טרערן. נו, דאָס איז דאָך אן אַלטער כלל — א מאמע דאַרף וויינען! איך וואָלט וועלן וויסן: אַלע מאַמעס וויינען אזוי שטענדיק, ווי מיין מאַמע?

## ד.

עס גייט אונדז, קיין עין=הרע, דורך טיר און דורך טויער. איין טאָג איז הייסער פונעם אנדערן. עס ברענט! מענטשן גייען אויס פאר היץ. קינדער פאלן אזוי ווי פליגן. ווען נישט דאָס גלעזל קוואס, וואָלט מען פארברענט געוואָרן. איך קער מיך איב מיטן קרוג, בלא גוזמא, צען מאָל א טאָג! מיין ברודער אליהו קוקט אריין אין פאס אריין מיט איין אויג און זאָגט, אז עס טאָגט שוין. פאלט ער אויף אן עצה און גיסט צו נאָך א פאָר עמער וואסער. אויף דער עצה בין איך געפאלן נאָך פריער פון אים. איך מוז מיך מודה זיין פאר אייך, אז איך האָב אָפּגעטאָן א שפיצל שוין עטלעכע מאָל. כמעט אלע טאָג כאפּ איך מיך אריין צו אונדזער שכנה פעסיע און גיב איר פארזוכן א גלעזל פון אונדזער אייגענעם געטראנק. איר מאן, משה דעם איינבינדער, גיב איך צוויי גלעזלעך. ער איז א גוטער מענטש. די קינדער אלע גיב איך אויך צו גלעזלעך קוואס. לאָזן זיי אויך וויסן, וואָס פאר א געטראנק מיר קאָנען מאכן. דעם בלינדן פעטער גיב איך אויך א גלעזל קוואס אויף פארזוכן. א רחמנות, ער איז נעבעך א קאליעקע. אלע מיינע באקאנטע גיב איך קוואס. אומזיסט, אָן א קאָפּיקע געלט. און בכדי ס'זאָל נישט זיין קיין שאָדן, דערגיס איך דעם קריג מיט וואסער. אויף איטלעכם גלעזל קוואס, וואָס איך גיב=אָוועק אומזיסט, דערגיס איך צוויי גלעזער וואסער, דאָס אייגענע טוט מען אין דער היים אויך. למשל, מיין ברודער אליהו טרינקט אויס א גלעזל קוואס, דערגיסט ער באלד מיט וואסער. ער איז גערעכט. ס'איז אן עבירה א קאָפּיקע. מיין שוועגערין ברכה טרינקט אויס א פּאָר גלעזלעך קוואס (זי האָט ליב מיין ברודער אליהוס קוואס — סכנות!), דערגיסט זי באלד מיט וואסער. די מאמע פארזוכט אמאָל א גלעזל קוואס (זי דארף מען בעטן. אליין וועט זי נישט נעמען!), דערגיסט מען באלד מיט וואסער. הכלל, עס גייט נישט חסר קיין טראָפּן, און מיר מאכן, קיין עין=הרע, פיין געלט. די מאמע האָט זיך ארומגעצאָלט מיט א סך חובות. אויסגעלייזט א פּאָר גייטיקע משכנות, דאָס בעטגעוואנט. אין שטוב האָט זיך באוויזן א טישל, א בענקל. אויף שבת האָבן מיר פיש און פלייש און ווייסע קוילעטשן. מיר האָט מען צוגעזאָגט, אם ירצה השם, אויף ימים=טובים א פּאָר שטיוועלעך נייע. מיר דאכט, אז קיינעם איז נישט אזוי גוט ווי מיר!

## ה.

גייט זייט א נביא און טרעפט, אז ס'וועט זיך טרעפן אזא מין אומגליק, און אונדזער געטראנק וועט ווערן פסול, כאָטש נעמט גיסט אים ארויס אין פּאָמעניצע! נאָך א גליק, וואָס מע האָט מיר נישט פארנומען אין פּאָליציע. הערט א מעשה! איינמאָל האָב איך פארבלאָנדזשעט מיטן קרוג קוואס צו אונדזער שכנה פעסיע. דער גאנצער עולם האָט גענומען צו גלעז־לעך קוואס, און איך אליין אויך מיט זיי. אויסגערעכנט, אז עס פעלט מיר א גלעזלעך צוועלף־דרייצן געטראנק, האָב איך מיך אריינגעכאפט אין הויז, דאָרטן ווו דאָס וואסער שטייט ביי זיי. אָנגעשטאָט דער דייזשע מיט וואסער האָב איך, אפנים, געטראָפן צו דער באליע, ווו מע וואשט גרעט, און אריינגעפּליאָסקעט א פּיפּצן־צוואנציק גלעזער צו מיר אין קרוג אריין, און בין אוועק אין גאס אריין מיט א נייעם ניגון, וואָס איך אליין האָב צו־געטראכט:

> יידן, א געטראנק!
> טעם גן־עדן!
> אזא יאָר אויף מיר,
> אויף אייך און אויף אונדז ביידן!

שטעלט מיך אָפּ א ייד, באצאָלט מיר א קאָפּיקע און ער הייסט זיך אָנגיסן א גלעזל קוואס. ער טרינקט אויס דאָס גאנצע גלאָז און פארקרימט זיך.

— יונגעלע! וואָס איז דאָס ביי דיר פאר א געטראנק?

איך הער אים אין טראָק. עס שטייען נאָך צוויי יידן און ווארטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איינער זופּט אָפּ א האלבע גלאָז, דער אנדערער א דריטל, זיי באצאָלן, שפּייען אויס און גייען אוועק. נאָך איינער טראָגט צו דאָס גלאָז צו די ליפּן. ער פאר־זוכט און זאָגט, אז סע שמעקט מיט זייף און ס'איז, דאכט זיך, געזאלצן. נאָך איינער טוט א קוק אויפן גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס ביי דיר?

— אזא געטראנק. — זאָג איך.

— א געטראנק? — מאכט ער צו מיר. — א געשטאנק, נישט קיין געטראנק!

איינער גייט צו, פארזוכט און טוט א פּאָליאָסקע אויס דאָס גלאָז גלייך מיר אין פּנים אריין. אין א מינוט ארום שטייען ארום מיר א גאנץ רעדל מיט יידן, ווייבער און קינדער. אלע

רעדן, מאכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דערזעט א יון, אז מע קלייבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דערציילט מען אים. גייט ער און קוקט אריין צו מיר אין קרוג אריין און הייסט זיך געבן פארזוכן. גיס איך אים אָן א גלעזל מיט קוואס. דער יון טוט א טרונק־אָפּ און שפּייט אויס און ווערט מלא רציחה.

— ווו האָסט דו גענומען אזעלכע פּאָמאָיעס? — פרעגט ער מיך:

— דאָס איז פון א בוך, זאָג איך אים, מיין ברודערס מלאכה. מיין ברודער אליין מאכט דאָס.

— ווער איז דיין ברודער? — פרעגט ער מיך.

— מיין ברודער אליהו. — זאָג איך אים.

— וואָסער אליהו? — פרעגט ער מיך:

— דבר נישט, דו נארישער יאָלד, אויף דיין אחי! — זאָגן צו מיר עטלעכע יידן אלע מיט אמאָל. עס ווערט א טומל, א רעש, א מהומה. אלע מינוט קומען צו נייע מענטשן. דער יון האלט מיך פאר א האנט און וויל אונדז אָפּפירן (מיך מיטן גע־טראנק) גלייך אין פּאָליציע אריין. דער טומל ווערט נאָך גרעסער: „א יתום! נעבעך, א יתום!“ — הער איך פון אלע זייטן. דאָס הארץ זאָגט מיר, אז איך האלט שמאָל. איך קוק אויפן עולם, וואָס ארום מיר: „יידן, האָט רחמנות!“... מע וויל ארייינרוקן דעם יון א מטבע. דער יון נעמט נישט. רופט זיך אָן צו מיר איינער, אן אלטער ייד מיט גנבהשע אויגן, פארשטעלט, אויף לשון־קודש:

— מאָטל! רייס ארויס דעם יד פונעם יון און הייב אויף די רגלים און מאך פּליטה!

איך טו זיך א רייס אויס, נעם די פיס אויף די פּלייצעס און מארש אהיים! נישט טויט, נישט לעבעדיק פאל איך אריין אין שטוב אריין.

— ווו איז דער קריג? — פרעגט מיך מיין ברודער אליהו.

— אין פּאָליציע! — ענטפער איך אים און פאל צו צו דער מאמען מיט א געוויין.

VIII

# מיר פארפלייצן די וועלט מיט טינט

### א.

אוי, בין איך געווען א נאר! דערפאר, וואָס איך האָב פארקויפט נישט אזא גוטן קוואס, האָב איך געמיינט, אז מע וועט מיך קעפּן! צום סוף — גאָרנישט. אומזיסט איבערגעשראָקן. יענטע מעג פארקויפן חלב פאר געגזנשמאלץ? און גדליה דער קצב האָט נישט געהאָדעוועט די שטאָט א קיילעכיק יאָר מיט טרפה פלייש? אזוי האָט אונדזער שכנה פעסיע אויסגערעדט מיין מאמע דאָס הארץ. איין אקציע מיט מיין מאמען! אלצדינג נעמט זי זיך צום הארצן. דערפאר האָב איך ליב מיין ברודער אליהו. מיין ברודער אליהו פאלט נישט אראָפּ ביי זיך דערמיט, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעבריט אויפן קוואס. אבי ער האָט דעם בוך, איז אים גוט. ער האָט געקויפט א בוך פאר א רובל. דאָס בוך הייסט „פאר א רובל הונדערט!“. ער זיצט און לערנט אים אויף אויסנווייניק. דאָרטן זענען דאָ אָן א שיעור רעצעפּטן, ווי אזוי מע מאכט געלט. ער קען שוין כמעט אלע רעצעפּטן. ער ווייסט שוין, ווי אזוי מע מאכט טינט, ווי אזוי מע מאכט שוואקס, ווי אזוי מע טרייבט ארויס מייז און טאראקאנעס און אנדערע מיאוסקייטן. ער רעכנט, קודם כל, זיך נעמען צו טינט. טינט, זאָגט ער, איז א גוטער ארטיקל. אלע לערנען זיך שרייבן. ער איז א בעלן געווען פרעגן ביי יידל דעם שרייבער, וויפל גייט אוועק ביי אים טינט? זאָגט ער: א פארמעגן! יידל דער שרייבער האָט אפשר זעכציק מיידלעך, וואָס ער לערנט זיי שרייבן. ייִנגלעך לערנען נישט ביי אים. מע האָט פאר אים מורא. ער שלאָגט זיך.

ער שלאָגט מיט א ווירע איבער די הענט. מיידלעך קאָן מען נישט שלאָגן. שמייסן אוודאי נישט. עס טוט מיר באנג, וואָס איך בין נישט געבוירן געוואָרן בעסער א מיידל. ערשטנס, וואָלט איך פארשפאָרט דאווגען יעדן טאָג. ס'איז מיר נמאס געוואָרן. אלע טאָג איין זאך. היינט וואָלט איך נישט געוווסט פון קיין תלמוד־תורה. א האלבן טאָג גיי איך אין תלמוד־תורה. לערנען לערן איך אויפן שפיץ מעסער, נאָר פעטש כאפ איך אָן א שיעור. איר מיינט, פונעם רבין? דווקא פון דער רביצין. איר עסק, וואָס איך האָדעווע די קאץ! איר זאָלט אָנקוקן ביי איר א קאץ — א גאָטס רחמנות! תמיד איז זי הונגעריק. גיאווקען גיאווקעט זי שטילערהייט, מיט א געוויין, ווי להבדיל א מענטש. עס רייסט אוים א שטיק הארץ! ביי זיי איז אָבער נישטאָ קיין קאפ רחמנות. וואָס האָבן זיי צו איר? לאָז זי צוגיין צו עמעצן א שמעק טאָן — טוט מען אויף איר א געשריי: א טפרוסס! פליט זי אוועק ווו דער שווארצער פעפער וואקסט. קיין קאָפ לאָזט מען איר נישט אויפהייבן. אגו־מעלטן איז זי גאָר פאַרפאלן געוואָרן אויף עטלעכע טעג. איך האָב געמיינט, אז זי איז חלילה געפגרט. צום סוף האָט זי זיך געקעצלט... איך קער מיך אום צו מיין ברודער אליהוס טינט.

ב.

מיין ברודער אליהו זאָגט, אז די וועלט איז געוואָרן גאָרגישט דאָס, וואָס אמאָל. אמאָל, אז מע פלעגט וועלן מאכן טינט, האָט מען, זאָגט ער, באדארפט קויפן גאָליש־עפּעלעך, די גאָליש־עפּע־לעך צעקלאפן, נאָכדעם קאָכן זיי אויפן פייער, ווייס איך וויפל, נאָכדעם אריינווארפן קופערוואסער; און בכדי די טינט זאָל גלאנצן, האָט מען נאָך געמוזט צוגעבן א שטיקל צוקער — א גאנצער טאַרעראם! היינט, זאָגט ער, איז אזא היות! איך קויף מיר, זאָגט ער, אין דער אפּטייק א „פראָשעק" אזעלכן מיט א פלעשל „גלי־צערינע", מיש דאָס אוים מיט וואסער, א זיד אויפן פייער — און פארטיק. טינט. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. ער איז אוועק אין דער אפּטייק און האָט געבראכט א גוזמא „פּראָשקעס", און „גלי־צערינע" א גאנצע פלאש. נאָכדעם האָט ער זיך פארשפארט אין אלקער און האָט עפּעס געטאָן. וואָס — ווייס איך נישט. ס'א סוד. אלצדינג איז ביי אים א סוד. אז ער דארף זאָגן דער מאמען, למשל, זי זאָל אים געבן דאָס איבערשטע פונעם שטייסל, רופט ער זי אָפ אויף א זייט און זאָגט איר שטילערהייט: „מאמע! דאָס

אײבערשטע פּונעם שטײסל". די „פּראַשקעס" מיט דער „גליצע־רינע" האָט ער אױסגעמישט אין אַ גאַנץ גרױסן טאָפּ (אַ נײעם טאָפּ געקױפֿט). דעם טאָפּ מיטן געמישעכץ האָט ער פֿאַררוקט אין אױװן און האָט געבעטן די מאַמע שטילערהײט, זי זאָל פֿאַר־קײטלען די טיר. מיר אַלע האָבן געמײנט, מי יודע װאָס. די מאַמע האָט אַלע מינוט געכאַפּט אַ קוק צום אױװן. אפֿנים, זי האָט מורא געהאַט, דער אױװן זאָל נישט צעפֿאַלן װערן אױף שטיקלעך. נאָכדעם האָט מען אַרײנגעקאַטשעט אין שטוב אַרײַן דאָס פֿעסל פֿון קװאַס. נאָכדעם האָט מען פֿאַװאָלינקע אַרױסגענומען דעם טאָפּ פֿונעם אױװן און מע האָט פֿאַװאָלינקע אַרײַנגעגאָסן דאָס געמישעכץ אין פֿעסל אַרײַן. נאָכדעם האָט מען אָנגעהױבן גיסן אין פֿעסל אַרײַן װאַסער. אַז דאָס פֿעסל איז געװאָרן אָנגעפֿילט העכער האַלב, האָט מײַן ברודער אליהו אַ זאָג געטאָן: „גענוג!" און האָט זיך גענומען צום בוך װאָס „פּאַר אַ רובל — הונדערט". געקוקט און געהײסן שטילערהײט זיך ברענגען אַ פֿרישע פּען מיט אַ װײַסן בױגן פּאַפּיר. „װאָס מע שרײַבט פּראַשעניעס" — האָט ער אַ זאָג געטאָן שטילערהײט דער מאַמען אױפֿן אױער. אײַנגעטונקען די פּען אין פּאַס און געגעבן אַ שרײַב עפּעס אױפֿן װײַסן בױגן פּאַפּיר מיט אַ דרײדל און מיט אַ צוק. דאָס אָנגע־שריבענע האָט ער צוגעטראָגן פֿריער צו דער מאַמען, נאָכדעם צו מײַן שװעגערין ברכה. די בײדע האָבן געגעבן אַ קוק אַרײַן און אַ זאָג צו אים:

— סע שרײַבט!

באַלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען װידער צו דער פֿריערדי־קער אַרבעט. אָנגעגאָסן נאָך אַ פּאָר עמער װאַסער, האָט מײַן ברודער אליהו אױפֿגעהױבן די האַנט: „גענוג!" װידער אַמאָל אײַנגעטונקען די פּען אין פּאַס, װידער אַמאָל געגעבן אַ שרײַב אַרײַן אין װײַסן פּאַפּיר אַרײַן און װידער אַמאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשריבענע פֿריער צו דער מאַמען און נאָכדעם צו מײַן שװע־גערין ברכה. די בײדע האָבן װידער געגעבן אַ קוק אַרײַן אין פּאַפּיר אַרײַן און אַ זאָג:

— סע שרײַבט!

אָט אַזױ עטלעכע מאָל, ביז דאָס פּאַס איז געװאָרן פֿול, װי אַן אױג. עס איז שױן נישט געװען װוהין צו גיסן װאַסער. דעמלט האָט מײַן ברודער אליהו געגעבן אַ הײב אױף די האַנט: „גענוג!" און מיר אַלע פֿיר האָבן זיך געזעצט עסן.

## ג.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך גענומען צום צעגיסן די טינט אין פלעשער. פלעשער האָט מיין ברודער אליהו צונויפגעבראכט פון דער גאנצער וועלט. אלערליי פלעשער און פלעשלעך. גרויסע און קליינע, פלעשער פון ביר, פלעשער פון וויין, פלעשער פון קוואס, פלעשער פון בראָנפן. און גלאט פלעשער. אויך פּראָבקעס האָט ער איינגעהאנדלט אלטע, ס'זאָל קאָסטן וועלוועלער, און א „לייקע" האָט ער געקויפט א נייע, און א קווערטל א בלעכנס, אויף צו גיסן די טינט פון פאס אין די פלעשער. דאָ האָט ער ווידער איינגערוימט דער מאמען א סוד, זי זאָל פארקייטלען די טיר. נאָכדעם האָט מען זיך אלע פיר גענומען צו דער ארבעט. די ארבעט איז געווען איינגעטיילט דווקא גוט. מיין שוועגערין ברכה האָט די פלעשער דורכגעשווענקען און איבערגעגעבן צו דער מאמען. די מאמע האָט ארייגעקוקט אין יעדער פלאש און איבערגעגעבן צו מיר אין די הענט אריין. איך האָב נאָר באדארפט ארייִנשטעקן אין פלאש אריין די „לייקע" און צוהאלטן מיט איין האנט די „לייקע", מיט דער אנדערער די פלאש. און מיין ברודער אליהו האָט געהאט איין ארבעט: אָננעמען מיטן קווערטל פון פאס און גיסן צו מיר איבער דער „לייקע". אַן ארבעט איז דאָס זייער א ווילע, א פריילעכע. איין חסרון נאָר: ס'איז טינט — עס פלעקט די פינגער, די הענט, די נאָז, דאָס גאנצע פנים. מיר ביידע, איך און מיין ברודער אליהו, האָבן זיך געמאכט שווארץ ווי די שדים. דאָס ערשטע מאָל זע איך, מיין מאמע זאָל לאכן. פון מיין שוועגערין ברכה שמועסט מען נישט: יענע איז שיער צעזעצט געוואָרן פאר געלעכטער. מיין ברודער אליהו האָט פיינט, אז מע לאכט פון אים, בייזערט ער זיך אויף מיין שוועגערין ברכה, און פרעגט זי, וואָס זי לאכט. לאכט זי נאָך שטארקער. ווערט ער נאָך מער אין כעס, לאכט זי נאָך מער. אלע מינוט כאפּט זי אָן א ספּאזמע. ממש זי נעמט איין א מיתה משינה! ביז די מאמע הייבט זיך אָן בעטן, עס זאָל האָבן א סוף, און אונדז זאָגט זי, מיר זאָלן זיך איינוואשן. מיין ברודער אליהו האָט אָבער קיין צייט נישט. אים קריכט נישט אין קאָפּ וואשן זיך. אים ליגט דער קאָפּ אין די פלעשער. אויסגעגאנגען אלע פלעשער. נישטאָ קיין פלעשער! ווו קריגט מען נאָך פלעשער? ער רופט אָפּ מיין שוועגערין ברכה אויף א זייט, גיט איר געלט און רוימט איר איין א סוד, זי זאָל גיין נאָך פלעשער. הערט זי אים אויס, טוט אים א קוק אין פנים אריין און שיסט אויס א געלעכ-

מער. ווערט ער אין כעס און רופט אוועק די מאמען אויפן זעלבן סוד. די מאמע גייט אוועק קויפן פלעשער, און מיר נעמען זיך גיסן וואסער אין פאס אריין. פארשטייט זיך, נישט מיט אמאָל — ביסלעכווייז. נאָך יעדן עמער וואסער טוט ער א הייב אויף די האנט און א זאָג צו זיך אליין: „געננג!“ נאָכדעם טוט ער א טונק איין די פען אין פאס און א שרייב אריין אין ווייסן פאפיר אריין און א זאָג צו זיך אליין:

— סע שרייבט!

און אזוי עטלעכע מאָל, ביז די מאמע קומט צו גיין מיט א גייעם טראנספאָרט פלעשער. מיר נעמען זיך ווידער צו דער פרי־ערדיקער ארבעט: גיסן טינט פון פאס אין פלאש. ביז מיר בלייבן ווידער אָן פלעשער.

— ביז וואנען איז דער שיעור? — טוט א זאָג מיין שוועגערין ברכה.

— קיין עין־הרע נישט! — מאכט די מאמע, און מיין ברודער אליהו טוט אויף ברכהן א בייזן קוק, ווי איינער רעדט:

— ביסט מיר טאקע א ווייב, נאָר א בהמה ביסט דו, זאָל זיך גאָט דערבארעמען!

ד.

וויפל טינט מיר האָבן — קאָן איך אייך נישט זאָגן. איך האָב מורא, אויב נישט טויזנט פלעשער! נאָר וואָס קומט ארויס — ס'איז נישטאָ זיי ווו אהינצוטאָן. מיין ברודער אליהו איז געווען שוין אומעטום. פארקויפן לאחדים, פלעשלעכווייז — איז נישט קיין פלאן. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו צו אונדזער שכנהס מאן, משה דעם איינבינדער. אז ער איז אריינגעקומען צו אונדז אין דערזען, קיין עין־הרע, אזוי פיל פלעשער, האָט ער זיך דער־שראָקן און זיך געגעבן אזש א וואָרף צוריק. דערזעט מיין ברו־דער אליהו, און עס קומט פאָר צווישן די צוויי א מאָדנער שמועס. איך גיב אייך איבער דאָ דעם שמועס וואָרט ביי וואָרט:

אליהו: וואָס האָט איר זיך אזוי דערשראָקן?
איינבינדער: וואָס איז ביי דיר אין די פלעשער?
אליהו: וואָס זאָל זיין? ווייַן!
איינבינדער: וואָסער ווייַן? ס'איז דאָך טינט!
אליהו: היינט וואָסזשע פרעגט איר?
איינבינדער: וואָס וועסטו טאָן מיט אזוי פיל טינט?
אליהו: טרינקען.

אײנבינדער: נײן, איך מײן אָן קאַטאָװעס. װעסט פֿאַר־קױפֿן לאַחדים אױך?

אליהו: װאָס בין איך, א משוגענער? אז פֿאַרקױפֿן, װעל איך פֿאַרקױפֿן צען פֿלעשער, צװאַנציק פֿלעשער, פֿופֿציק פֿלע־שער. דאָס װערט אָנגערופֿן „הורט". איר װײסט, װאָס הײסט „הורט"?

אײנבינדער: איך װײס, װאָס הײסט הורט. װעמען װעסטו פֿאַרקױפֿן?

אליהו: װעמען? דעם רבֿ!

און מײן ברודער אליהו גײט־אַװעק צו די קרעמער. געקומען צו אײנעם, א גרױסן הורטאָװניק, הײסט ער זיך ברענגען א פֿלעשל. ער װיל עס אָנקוקן. דעם אַנדערן האָט ער געבראַכט א פֿלאַש טינט, װיל ער נישט נעמען אין די הענט אַרײַן, װײַל ס'איז אָן א קװיטל. אױפֿן פֿלעשל דאַרף זײַן, זאָגט ער, א שײן קװיטל מיט א צאַצקע. זאָגט אים מײן ברודער אליהו: „איך מאַך נישט קײן צאַצקעס, איך מאַך טינט". ענטפֿערט ער אים: „מאַכט גע־זונטערהײט". האָט ער זיך א װאָרף געטאָן צו יידל דעם שרײַבער. האָט אים יידל דער שרײַבער געזאָגט עפּעס זײער א מיאוס װאָרט. ער האָט שױן, זאָגט ער, זיך אָנגעקױפֿט מיט טינט אױף א גאַנצן זומער. פֿרעגט אים מײן ברודער אליהו: „װיפֿל פֿלעשער טינט האָט איר דאָס אײַנגעהאַנדלט?" זאָגט אים יידל דער שרײַבער: „פֿלעשער? איך האָב געקױפֿט א פֿלאַש טינט, װעל איך האָבן און האָבן, ביז ס'װעט אױסגײן, װעל איך קױפֿן נאָך א פֿלאַש"... אָט האָסטו דיר א געשעפֿט! א שרײַבערוק קאָן! פֿריער האָט ער געזאָגט, אז אױף טינט גײט בײַ אים אַװעק א פֿאַרמעגן; איצט קױפֿט ער א פֿלאַש טינט, װעט ער האָבן און האָבן!... מײן ברו־דער אליהו איז נעבעך אױס מענטש. ער װײסט נישט װאָס ער זאָל טאָן מיט אַזױ פֿיל טינט? פֿריער האָט ער געזאָגט, אז לאַחדים פֿאַרקױפֿט ער נישט קײן טינט, נאָר הורט. איצט איז ער בעסער געװאָרן. ער װעט שױן אָנהײבן, זאָגט ער, פֿאַרקױפֿן לאַחדים. איך װאָלט שױן א בעלן זײַן װיסן, װאָס הײסט „לאַחדים"?

אָט װאָס „לאַחדים" הײסט. איר מעגט דאָס האָרכן.

ח.

מײן ברודער אליהו האָט געבראַכט צו טראָגן א גרױסן פּאַ־פּיר. ער האָט זיך אװעקגעזעצט און אָנגעשריבן מיט גרױסע סידור־אותיות:

## דאָ פארקויפט מען טינט הורט
## און לאחדים גוט און וואָלוול

די צוויי ווערטער „לאחדים“ און „וואָלוול“ זענען געווען אזוי גרויס, אז זיי האָבן פארנומען כמעט דעם גאנצן בויגן. אז דאָס אָנגעשריבענע האָט זיך אויסגעטריקנט, האָט ער דאָס פאפיר אויסגעהאָנגען ביי אונדז אויף דער טיר פון יענער זייט. א סך מענטשן זענען דורכגעגאנגען און האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. איך האָב עס געזען דורכן פענצטער. מיין ברודער אליהו קוקט אויך אין פענצטער אריין און ברעכט די פינגער. א סימן, אז ער איז צעטראָגן. ער מאכט צו מיר:

— ווייסטו וואָס? גיי אומיסטנע, שטעל זיך אוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען?

מיך דארף מען לאנג נישט בעטן. איך שטעל מיך אוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען: ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואָס מע רעדט. אָפּגעשטאנען אקעגן א האלבע שעה, קום איך אריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער אליהו גייט צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— ווער?

— די מענטשן, וואָס זענען געגאנגען פארביי.

— זיי האָבן געזאָגט, אז ס׳איז שיין אָנגעשריבן.

— און מער גאָרנישט?

— מער גאָרנישט.

מיין ברודער אליהו זיפצט. וואָס זיפצט ער? די מאמע פרעגט אים אויך דאָס זעלבע.

— וואָס זיפצסטו, נארעלע? ווארט אויס א קאפּ. אין איין טאָג, ווילסטו, זאָל אויספארקויפט ווערן די גאנצע סחורה?

— כאָטש א פּעטשאטעק!... — זאָגט איר מיין ברודער אליהו מיט טרערן אין האלדז.

— ביסט א גרויסער נאר, זאָג איך דיר. ווארט אויס, מיין קינד, דו וועסט, אם ירצה השם, האָבן א פּעטשאטעק אויך.

אזוי זאָגט צו אים די מאמע און גרייט צום טיש. מיר וואשן זיך און גייען עסן. מיר שפארן זיך צונויף אלע פיר אינײנעם. איבער די פלעשער איז ענג אין שטוב — סכנות. נאָר־וואָס מיר האָבן געמאכט המוציא, לויפט אריין א בחורל. א טשעקאווע

בחורל. ער איז שוין א חתן. איך קען אים. קאַפּל הייסט ער. דער טאַטע זיינער איז א שניידער. א דאַמסקע שניידער.

— דאָ פאַרקויפט זיך טינט לאחדים?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געוואָלט א ביסל טינט.

— וויפל דאַרפסטו טינט?

— גיט מיר פאַר א קאָפּיקע טינט.

מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. ער זאָל זיך נישט שע־מען פאַר דער מאַמען, וואָלט ער אָט דעם חתן קאַפּל פריער דורכגעפּאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט אָן פאַר א קאָפּיקע טינט. עס גייט נישט אַוועק קיין פערטל שעה, קומט אַריין א מיידל. דאָס מיידל קען איך נישט. זי קאַלופּעט מיטן פינגער די נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר איר לייען א ביסל טינט? זי דאַרף אַוועקשרייבן א בריוול קיין אַמעריקע צו איר חתן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— בתיה די נייטאָרין.

— א? זע נאָר, ווי זי איז אויסגעוואַקסן! קיין עין־הרע! איך האָב דיך גאָרנישט דערקענט. א טינטורל האָסטו?

— ווי קומט צו אונדז א טינטורל? מיין שוועסטער האָט גע־בעטן, טאָמער האָט איר א פען, זי וועט נאָר אָנשרייבן דאָס בריוול קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט און פען.

מיין ברודער אליהו איז נישטאָ ביים טיש. ער איז אין אַלקער. ער גייט אַרום מיט שטילע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגל.

ו.

— וואָס האָסטו אָנגעמאַכט אַזוי פיל טינט? האָסט, אפּנים, געוואָלט פאַרזאָרגן די וועלט מיט טינט, טאָמער וועט זיין א הונ־גער אויף טינט?

אַזוי האָט אים געזאָגט אונדזער שכנהס מאַן, משה דער איינ־בינדער. א מאָדנער ייד אָט דער איינבינדער! ער האָט אייך א טבע זאָלצן יענעם אויף די ווונדן. אַזוי איז ער, דאַכט זיך, ניש־

קשה פון א מענטש, נאָר א ביסל א נודניק. האָט ליב זיך איינעסן יע־נעם אין דער גרגרת. מיין ברודער אליהו האָט אים אָבער גוט גע־געבן! ער האָט אים געזאָגט, אז ער זאָל בעסער אכטונג געבן אויף זיך אליין, ער זאָל נישט פארבייטן די יוצרות. נישט בינדן א הגדה מיט א סליחה אינייגעם... משה דער איינבינדער ווייסט שוין, וואָס דער שטאָך באדייט! ער האָט אמאָל גענומען א שטיקל ארבעט ביי א יידן א באלעגאָלע. א הגדה האָט אים דער באל־עגאָלע געגעבן איינבינדן. האָט זיך געטראָפן אן אומגליק: על־פי־טעות האָט דער איינבינדער אריינגעבונדן אין דער הגדה א שטיק פון א פרעמדער סליחה. דער באלעגאָלע וואָלט זיך אפשר נישט געכאפט, האָבן די שכנים דערהערט, אז אָנשטאָט „שפוך חמתך אל הגוים" האָט דער באלעגאָלע געגעבן א זינג־אויס מיט א וויינענדיקן ניגון פון סליחות „הנשמה לך והגוף פעלך"... ס'איז געוואָרן זייער א גרויס געלעכטער. אויף מאָרגן איז דער באלעגאָלע געקומען צו אונדזער שכן דעם איינבינדער און האָט אים געוואָלט צערייסן אויף צווייען.

— גזלן, וואָס האָט איר געהאט צו מיר? למאי האָט איר אריינגעהאקט אין מיין פסחדיקער הגדה א חמצדיקע סליחה? אָט רייס איך אייך ארויס די קישקעס פון בויך!...

יאָ, מיר האָבן געהאט דעמלט א פריילעכן פסח.

נאָר האָט קיין פאריבל נישט, וואָס איך בין אריין מיט א פרעמדער מעשה. איך קער מיך באלד אום צוריק צו אונדזערע גאָלדענע געשעפטן.

IX

# באַכווייעניש פון דער טינט-פאַרפלייצונג

## א.

מיין ברודער אליהו גייט ארום אין איינע צרות. וואָס טוט מען מיט דער טינט?

— ווידער אמאָל טינט? — זאָגט אים די מאמע.

— איך רעד נישט פון קיין טינט! — ענטפערט איר מיין ברודער אליהו. — כאפט דער רוח די טינט! איך רעד פון די פלעשער! עס ליגט א קאפיטאל אין די פלעשער! מע דארף זען אויסליידיקן די פלעשער און מאכן פון זיי געלט!...

פון אלצדינג מאכט ער געלט! און עס בלייבט, אז מע דארף די טינט אויסגיסן צו אלדי שווארצע יאָר! שלעכט איז נאָר איין זאך: וואוהין גיסט מען אויס אזוי פיל טינט? עס איז פשוט א בזיון!...

— עס וועט זיך נישט העלפן. — זאָגט מיין ברודער אליהו. — מע וועט מוזן צוווארטן ביז ביינאכט. ביינאכט איז פינצטער, וועט קיינער נישט זען.

קוים דערלעבט נאכט. אויף צו־להכעיס, שיינט די לבנה, ווי א לאמטערן. דעמלט ווען מע דארף, וועט זי זיך באהאלטן. איצט איז זי דאָ. מע האָט געשיקט נאָך איר!... אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און מיר טראָגן ארויס א פלאש נאָך א פלאש — און פליוך אין דרויסן ארויס. פון גיסן אויף איין אָרט ווערט א טייך. מע דארף נישט גיסן כסדר אויף איין אָרט. אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו, און איך פאָלג אים. איך זוך אויס אלע מאָל א פריש אָרט. יעדע פלאש האָט ביי מיר אן אנדער אָרט.

דער שכנהס וואנט — פליוך דעם שכנס פארקאן — פליוך!
צוויי ציגן ליגן אקעגן דער לבנה און מאלעגיירען — פליוך!

— הייגטיקס מאָל געגוג! — זאָגט מיין ברודער אליהו, און מיר גייען שלאָפן. שטיל און פינצטער. עס לאָזט זיך הערן דער טשירקון. פון אונטערן אויוון הערט זיך א מרוקען פון דער קאַץ. א גרויסע פעפערין. טאָג ווי נאכט וואָלט זי זיך נאָר געוואַרעמט און געדרימלט. אין הויז אויף יענער זייט טיר הערן זיך שטילע טריט. אפשר א נישט־גוטער?... די מאמע שלאָפט נאָך נישט. זי שלאָפט, דאכט זיך, קיינמאָל נישט. איך הער זי שטענדיק, ווי זי קנאקט די פינגער, זיפצט און קרעכצט און רעדט צו זיך אליין. אזא טבע ביי איר. אלע נאכט טענהט זי זיך אוים א ביסל. זי דערציילט אירע גרויסע צרות. מיט וועמען רעדט זי דאָס? מיט גאָט?... אלע מינוט לאָזט זי אויס מיט א קרעכץ:

— אוי, גאָט! גאָט!...

ב.

איך ליג נאָך אויף מיין געלעגער, אויף דער ערד, און הער פונעם שלאָף א הו־הא. עס לאָזן זיך הערן אלערליי באקאנטע קולות. ביסלעכווייז עפן איך אויף די אויגן — ס'איז שוין גרויסער טאָג. די שיין פון דער זון האָט זיך ארייגגעריסן דורכן פענצטער. רופט מיך אין דרויסן ארויס. איך וויל מיך דערמאָ־נען, וואָס איז געווען נעכטן — אהא! טינט!... איך כאַפּ מיך אויף און טו זיך אָן אויף גיך. מיין מאמע איז פארוויינט (ווען איז זי נישט פארוויינט?). מיין שוועגערין ברכה איז אין כעס (ווען איז זי נישט אין כעס?). און מיין ברודער אליהו שטייט אין מיטן שטוב, דעם קאָפּ אראָפּ, כאָטש מעלק אים אויס. וואָס איז די מעשה? נישט איין מעשה, נאָר עטלעכע מעשיות! אונדזערע שכנים זענען אויפגעשטאנען אין דער פרי, האָט זיך אָנגעהויבן א התוגה — מע האָט זיי געקוילעט. איינעם האָט מען אָפּגעשפריצט די גאנצע וואנט מיט טינט. דעם אנדערן האָט מען אָפּגעגאָסן דעם פארקאן, א נייעם פארקאן. דער דריטער האָט געהאט צוויי ווייסע ציגן. האָט מען זיי אים געמאכט שווארץ, נישט צו דערקענען. דאָס אלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידן, ווען נישט דעם שוחטס זאָקן. א נייע פּאָר זאָקן, ווייסע זאָקן, האָט די שוחטקע אויסגעהאָנגען ביי אונדזער

שכנה אויפֿן פּארקאַן, האָט מען פֿון זיי געמאַכט א תל. עמעצער האָט זי געבעטן, זי זאָל אויסהענגען זאַקן אויף א פֿרעמדן פּאַר־קאַן. די מאמע האָט איר צוגעזאָגט אָפּקויפֿן א פּאָר נייע זאָקן.

— אבי ס'זאָל זיין שטיל. וואָסזשע וועט זיין מיט דער וואנט? מיטן פּארקאַן? ס'איז געבליבן, אז מיין מאמע מיט מיין שוועגערין ברכה זאָלן מחילה זיך אוועקשטעלן מיט צוויי בערשטלעך און מיט וויסער ליים און פֿארשמירן די פֿלעקן.

— אייער גליק, וואָס איר האָט אָנגעטראָפֿן אויף ערלעכע שכנים. ווען איר טרעפֿט מיט אייער טינט אויף מנשה דעם רופֿאס גאָרטן, וואָלט איר געוווּסט וואָס פֿאר א גאָט מיר האָבן!

אזוי זאָגט אונדזער שכנה פּעסיע צו מיין מאמען.

— וואָסזשע מיינט איר? צו שלימזל באַדאַרף מען אויך האָבן מזל! — ענטפֿערט איר די מאמע און קוקט אויף מיר.

וואָס מיינט זי, אשטייגער?...

ג.

— איצט וועל איך שוין זיין קליגער. — מאַכט צו מיר מיין ברודער אליהו. — לאָז נאָר ווערן נאַכט, אזוי טראָגן מיר אָפּ די פֿלעשער צום טייך.

געטראָפֿן, ווי איך בין א ייד! וואָס קאָן זיין נאָך קליגער דערפֿון? סיי־ווי־סיי גיסט מען אין טייך אריין כל הפּאסקודסטע וועס! דאָרט וואַשט מען גרעט, דאָרט באָדט מען פֿערד, דאָרט פּאָליאָסקען זיך הזירים. איך בין מיטן טייך א נאָענטער מחותן. איך האָב אייך שוין אמאָל באַשריבן, ווי איך כאַפּ דאָרטן פֿיש. דערפֿון וועט איר לייכט פֿארשטיין, ווי איך האָב ארויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען מיר וועלן גיין צום טייך.

עס איז נאָר געוואָרן נאַכט, האָבן מיר אָנגעפּאַקט פֿולע קוישן מיט פֿלעשער און גענומען טראָגן זיי צום טייך. אויסגעגאָסן די טינט, אָפּגעטראָגן די ליידיקע פֿלעשער אהיים און אָנגענו־מען ווידער אמאָל פֿולע פֿלעשער. א גאַנצע נאַכט האָבן מיר אזוי געארבעט. איך האָב שוין לאַנג נישט געהאַט אזא גוטע פֿריילעכע נאַכט. שטעלט אייך פֿאָר: די שטאָט שלאָפֿט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. די לבנה שיינט אראָפּ אין טייכל אריין. ס'איז שטיל־מחיה. דאָס טייכל איז א לעבעדיק טייכל. קומט נאָך פּסח, אז עס צעגייט דאָס אייז, ארבעט דאָס מעשים!

בלאָזט זיך אָן, צעשפּרייט זיך און צעגיסט זיך. וואָס ווייטער ווערט דאָס קלענער, שמעלער און פּלאַטשיקער. צום סוף זומער ווערט דאָס גאָר אנטשווינדן. עס כאַפּט א דרימל. עמעצער אויפן דנאָ אין בלאָטע מאכט: בול-בול-בול. א פּאָר זשאבקעס רופן זיך אָפּ פון יענער זייט: קרוא-קרוא! ס'איז א בזיון, נישט קיין טייך! איר קאָנט פארשטיין, אז איך קאָן אים איבערגיין צופוס פון ברעג צו ברעג, נישט אויסגעטאָן די הויזן!

פון אונדזער טינט איז דאָס טייכל געוואָרן אביסל גרעסער. א קליינינקייט, אפשר טויזנט פלאש טינט! דערפאר אָבער האָבן מיר זיך אָנגעהאָרעוועט, ווי די אָקסן. אנטשלאָפן געוואָרן זענען מיר, ווי די געהרגעטע. אויפגעוועקט האָט אונדז די מאמע מיט א געוויין:

— פארפינצטערט בין איך געוואָרן און וויי איז מיין וועלט! וואָס האָט איר געטאָן אזעלכעס מיטן טייך?...

עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז מיר האָבן אומגליקלעך געמאכט א גאנצע שטאָט: די וועשערינס האָבן נישט ווו צו וואשן גרעט. די באלעגאָלעס האָבן נישט ווו אָנצופּרינקען די פערד. די וואסערפירער... אָט וועלן זיי זיך צונויפנעמען אלע איינעם און וועלן קומען זיך רעכענען מיט אונדז. אזוי זאָגט אונדז אָן די מאמע א בשורה. מיר אָבער ווילן אויף זיי נישט ווארטן. מיר ווילן נישט זען, ווי אזוי וואסערפירערס וועלן זיך מיט אונדז רעכענען. איך און מיין ברודער אליהו נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און — מארש צו זיינעם א חבר פּיניע.

— דאָרט לאָזן זיי אונדז זוכן, אז זיי באדארפן!...

אזוי זאָגט מיר מיין ברודער אליהו, נעמט מיך פאר א האנט, און מיר לאָזן זיך גיך און געשווינד בארג-אראָפּ צו זיין חבר פּיניע. אז מיר וועלן זיך זען, וועל איך אייך אמאָל באקאנט מאכן מיט מיין ברודער אליהוס חבר פּיניע. ס'איז כדאי, איר זאָלט זיך מיט אים באקענען: ער האָט אויך אין זיך גוטע געדאנקען.

X

# א גאס ביסט

א.

— ווייסט איר, וואָס פאר א סדרה עס גייט ביי אונדז היינט? — מייז! מיין ברודער אליהו האָט א גאנצע וואָך געלערנט דאָס בוך, וואָס מע מאכט דורך דעם געלט, „פאר א רובל — הונדערט“. ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט, זאָגט ער, ארויסטרייבן מייז, טאראקאנעס און אנדערע מיאוסקייטן. שטשורעס אויך. לאָז מען נאָר אים ארייגלאָזן ערגעץ מיט זיין פּראָשעק — אזוי בלייבט נישט איין מויז. זיי צעלויפן זיך. א סך פגרן אוועק. נישטאָ מער קיין מייז! ווי אזוי מאכט ער דאָס — ווייס איך נישט. ס'איז א סוד. פונעם סוד ווייסט נאָר דאָס בוך און ער, ווייטער קיינער נישט. דאָס בוך האלט ער אין בוזעם-קעשענע. דעם פּראָשעק אין א פאפיר. דער פּראָשעק איז רויטלעך אין צעריבן דין, ווי שמעק-טאבאק. רופן רופט זיך עס „שעמעריצי“.

— וואָס הייסט דאָס שעמעריצי?

— טערקישער פעפער.

— וואָס הייסט דאָס טערקישער פעפער?

— איך וועל דיר געבן א „וואָס הייסט דאָס“, וועסט דו ביי מיר עפענען מיטן קאָפּ די טיר!

אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אליהו. ער האָט פיינט, אז מע פרעגט אים קשיות סאמע ביי דער רעכטער ארבעט. איך קוק און שווייג. איך זע, אז א הויז דעם רויטן פּראָשעק, איז

דאָ ביי אים נאָך א פּראָשעק. אויך גוט צו מייז. נאָר מע דאַרף זיין מיט דעם געהיט!

— סם־המות! — זאָגט מיין ברודער אליהו אפשר הונדערט מאָל דער מאַמען, ברכהן און מיר. דער עיקר — מיר, איך זאָל זיך חלילה צו דעם נישט צורירן — ס׳איז סם!

די ערשטע פּרווו האָבן מיר געמאַכט אויף אונדזער שכנה פּעסיעס מייז. דאָרטן האַלט זיך מייז אָן א שיעור. איר ווייסט דאָך, אז איר מאַן איז אן איינבינדער. משה רופט מען אים. תמיד איז ביי אים א פולע שטוב מיט ספרים. מייז האָבן ליב ספרים. און נישט אזוי ספרים ווי פּאַפּ. פּאַפּ איז דאָס וואָס מע קלעפּט מיט דעם ספרים. צוליב דעם פּאַפּ עסן זיי שוין ספרים אויך, טוען אים אָן גרויסע שאָדנס. אנומלטן האָבן זיי אים דורכגעלעכערט א מחזור. א שפּאָגל־נייעם מחזור. סאַמע דאָרט וווּ ס׳איז מיט גרויסע אותיות געווען אָפּגעדרוקט דער „המלך”. זיי האָבן זיך דאָס אביסל צוגעכאַפּט צום „המלך“! איבערגעלאָזט נאָר דאָס אייבערשטע קעפּל פון דעם למד.

— לאָזט מיך אויף איין נאכט! — בעט זיך מיין ברודער אליהו ביים איינבינדער. דער איינבינדער וויל נישט. ער זאָגט:

— איך האָב מורא זאָלסט מיר נישט איבערפירן די ספרים.

— מיט וואָס וועל איך אייך איבערפירן די ספרים? — פרעגט אים מיין ברודער אליהו.

— איך ווייס אליין נישט מיט וואָס, נאָר איך האָב מורא. ס׳איז פרעמדע ספרים.

נו, גייט רעדט מיט אן איינבינדער! קוים געפּועלט, ער זאָל אונדז צולאָזן אויף איין נאכט.

## ב.

די ערשטע נאכט איז אונדז נישט געראָטן. נישט געכאַפּט איין מויז אפילו! מיין ברודער אליהו זאָגט אפילו, אז ס׳איז א גוטער סימן. די מייז, זאָגט ער, האָבן דערשמעקט דעם פּראָשעק זענען זיי זיך צעלאָפן. דער איינבינדער דרייט מיטן קאָפּ און שמייכלט מיט איין ליפּ. אפנים ער גלייבט נישט. פונ־דעסטוועגן איז ארויס א קלאנג אין שטאָט, אז מיר פארטרייבן מייז. דער קלאנג האָט זיך גענומען פון אונדזער שכנה פעסיע. זי איז אוועק גאנץ פרי אין מארק און האָט צעפּויקט איבער דער גאנצער שטאָט. „אז אזוי ווי מיר פארטרייבן מייז, פאר־

טרייבט קיינער נישט". זי האָט אונדז געמאכט א נאָמען. פריער מיטן קוואס האָט זי אויך געפּויקט איבער דער גאנצער שטאָט. נאָכדעם האָט זי אויסגעפּויקט, אז מיר מאכן אזא טינט, וואָס עסט זיך די וועלט. וואָס האָט אָבער געהאָלפן איר פּויקן, אז קיינער דארף נישט קיין טינט? מייז איז נישט דאָס וואָס טינט. מייז זענען פאראן אומעטום, כמעט אין יעדער שטוב. יעדער באלעבאָס האָט א קאץ. נאָר וואָס העלפט איין קאץ קעגן אזוי־פיל מייז? ובפרט שטשורעס! שטשורעס הערן א קאץ ווי המן דעם גרעגער. א סברה, אז פאר שטשורעס האָט א קאץ אליין אויך מורא. אזוי זאָגט בערע דער שוסטער. ער דערציילט זיך אָן פון שטשורעס אזעלכע מעשיות, אז א שרעק! מע האלט אים אפילו פאר א שטיקל בעל־מגזם. נאָר לאָז זיין, אז ס'איז נאָר האלב אמת, איז דאָס אויך שיין. ער זאָגט, אז די שטשורעס האָבן ביי אים אויפגעגעסן א פּאָר נייע שטיוול. ער שווערט מיט אזעלכע שבועות, אז מע מעג גלייבן א משומד. ער זאָגט, אז ער האָט אליין געזען, ווי צוויי גרויסע שטשורעס זענען ארויס פון זייערע נאָרעס און האָבן פאר זיינע אויגן אויפגעגעסן א פּאָר שטיוול. ביינאכט איז דאָס געווען. צוגיין גאָענץ האָט ער מורא געהאט — צוויי מוראדיקע שטשורעס ווי קעלבלעך די גרויס. פון דערוויטן האָט ער זיי געטריבן, געפייפט אויף זיי, געטופעט מיט די פיס, געשריגן: קיש־קיש־קיש־קיש! עס האָט נישט געהאָלפן קיין זאך. ער האָט זיי א וואָרף געטאָן א קאָפּיטע פון א שטיוול, האָבן זיי א קוק געטאָן אויף אים און געטאָן זייערס. נאָכדעם האָט ער זיי א שמיץ געטאָן אין פּנים די קאץ. זענען זיי אָנגעפאלן אויף דער קאץ און האָבן זי אויך אויפגעגעסן. קיינער האָט נישט געוואָלט גלייבן, נאָר אז א מענטש שווערט!

— לאָזט מיך אָקאָרשט אויף איין נאכט, — זאָגט צו אים מיין ברודער אליהו, — וועל איך אייך ארויסטרייבן אלע שטשורעס!

— אָך, מיטן גרעסטן כבוד! — זאָגט בערע דער שוסטער — איך וועל אייך נאָך זאָגן א דאנק!...

ג.

א גאנצע נאכט זענען מיר אויסגעזעסן ביי בערע דעם שוסטער. בערע אליין איז אויך געזעסן מיט אונדז. אך, וואָסערע שיינע מעשיות ער דערציילט זיך אָן! ער דערציילט פון דער

טערקישער מלחמה (ער איז געווען אן אויסגעדינטער סאָלדאט). ער איז געווען אין אזא אן אָרט, וואָס סע הייסט „פּלעוונע". האָט מען דאָרט געשאָסן מיט הארמאטן. איר ווייסט וויפל א הארמאט האלט די גרויס? זייט זיך משער, אז איין קויל איז גרעסער פון דער גאנצער שטוב, און ווארפן ווארפט זי ארויס אין א מינוט אפשר טויזנט אזעלכע קוילן. זענט איר צופרידן? די קויל, אז זי פליט, שרייט זי אזוי, אז מע ווערט טויב. איינמאָל איז ער געשטאנען אויף דער וואך — אזוי דערציילט בערע דער שוסטער. פּלוצעם דערהערט ער א קנאק און סע טראָגט אים אין דער לופטן, הויך טראָגט עס אים, ביז אריבער דער כמארע, און דאָרט צערייסט זיך די קויל אויף טויזנט שטיקלעך. א גליק, זאָגט ער, וואָס ער איז געפאלן אויף א ווייכן אָרט. אנישט, וואָלט ער זיך צעשלאָגן דעם קאָפּ. מיין ברודער אליהו הערט די מעשה און די ברעמען ביי אים שמייכלען. דאָס הייסט, ער אליין לאכט נישט, נאָר די ברעמען לאכן. א מאָדנע געלעכטער. בערע דער שוסטער באמערקט דאָס נישט. ער הערט נישט אויף צו דערציילן זיינע ווונדערלעכע מעשיות. איין מעשה איז מוראדיקער פון דער אנדערער. — אָט אזוי זענען מיר אָפּגעזעסן ביז טאָג. און שטשורעס? איר זאָלט זאָגן — איין שטשור אפילו.

— איר זענט א כישוף־מאכער! — זאָגט בערע דער שוסטער צו מיין ברודער אליהו. און ער גייט ארויס אין שטאָט און דער־ציילט זיך אָן חידושים, ווי אזוי מיר האָבן ביי אים מיט א שפּרוך צעטריבן אלע שטשורעס אין איין נאכט. ער שווערט, אז ער האָט אליין געזען, ווי אזוי מיין ברודער אליהו האָט עפּעס געשעפּטשעט, זענען ארויס די שטשורעס פון די גאָרעס און האָבן זיך געלאָזט לויפן בארג־אראָפּ אהין, צום טייך צו, אריבערגעשווימען דעם טייך און אוועק ווייטער. ער ווייסט נישט וווהין...

ד.

— דאָ טרייבט מען מייז? — אזוי קומט מען אלעמאָל צו אונדז מיט א גיים און מע רופט אונדז, מיר זאָלן זיך מטריח זיין קומען ארויסטרייבן די מייז מיט אונדזער שפּרוך...

מיין ברודער אליהו איז אָבער אן אמתער מענטש. ער האָט פיינט „ליגנים". ער זאָגט, אז טרייבן טרייבט ער מייז נישט מיט קיין שפּרוך, נאָר מיט א פּראָשעק, ער האָט א פּראָשעק

אזעלכן, וואָס אז די מייז דערשמעקן אים, צעלויפן זיי זיך.

— לאָז זיין א פּראָשעק, לאָז זיין א שווארץ יאָר, אבי איך זאָלט מיר ארויסטרייבן די מייז!... וויפל וועט דאָס קאָסטן?

מיין ברודער אליהו האָט פיינט דינגען זיך. ער זאָגט, אז פארן פּראָשעק קומט אים אזוי פיל, און פאר דער טרחה אזוי פיל און אזוי פיל. געוויינלעך, זאָגט ער אלע מאָל טייערער. אלע מאָג העכערט ער דעם פּרייז. דאָס הייסט, נישט ער העכערט, נאָר מיין שווענעריין העכערט.

— ממה־נפשך — זאָגט זי — עסט מען חזיר, זאָל רינען איבערן באָרד. אז דו ביסט שוין יאָ געוואָרן א מייזנטרייבער, נעם כאָטש געלט.

— נו, און יושר ווו איז? ווו איז גאָט? — אזוי מישט זיך אריין די מאמע, און מיין שווענעריין ברכה ענטפערט איר אָפּ:

— יושר? אָט איז יושר! (זי וויזט איר אָן אויפן אויוון). גאָט? אָט איז גאָט! (זי טוט זיך א פּאטש איבער דער קעשענע).

— ברכה! וואָס האָסטו געזאָגט? גאָט איז מיט דיר!!!

אזוי שרייט אויס די מאמע און טוט א בראָך מיט די הענט.

— וואָס רעדסטו דו מיט א בהמה?! — זאָגט מיין ברודער אליהו, שפּאצירט איבער דער שטוב און ציפּעט זיך דאָס בערדל. ער האָט שוין א היפּש בערדל. סע וואקסט ביי אים מיט רוחות, ער ציפּעט דאָס און עס וואקסט. מאָדנע וואקסט דאָס בערדל. אויפן האלדז גאָר האָט זיך עס ביי אים צעוואקסן. דאָס פּנים איז גלאט, נאָר דער האלדז איז פול מיט באָרד. איר האָט געזען אמאָל אזא באָרד?

אן אנדערש מאָל וואָלט אים מיין שווענעריין ברכה פארן וואָרט „בהמה" אָפּגעשפּילט א פּרימאָרגן, אז עס וואָלט אים פונצטער געוואָרן אין די אויגן. איצט האָט זי אים פארשוויגן, ווייל ער פארדינט געלט. אלע מאָל ווען מיין ברודער אליהו פארדינט געלט, ווערט ער ביי איר א מיוחס. איך ווער אויך ביי איר טייערער, וואָרום איך העלף מיין ברודער פארדינען געלט. אזוי רופט זי מיך „שלעפּער" אָדער „שלימזל" אָדער „קבצנישע קישקע". איצט האָט זי מיך פארצויגן. איך הייס שוין ביי איר „מאָטעלע":

— מאָטעלע! דערלאנג מיר די שיך.

— מאָטעלע! נעם מיר אָן א קוואָרט וואסער.

— מאָטעלע! טראָג ארוים דאָס מיסט.

אז מע פארדינט געלט, איז נאָר אנדערע ווערטער.

ה.

דער חסרון פון מיין ברודער אליהו — וואָס ער האָט ליב א סך. קוואס — א דייזשקע, טינט — טויזנט פלעשער, פּראָשעק פון מייז — א פולער זאק. אונדזער שכנהס מאַן, דער איינבינ־דער, האָט אים אָבער געזאָגט: „וואָס דאַרף מען אַזוי פיל?" — האָט אים נאָך מיין ברודער אליהו גוט מכבד געווען. וואָלט מען באַטש דעם זאק פארשלאָסן ערגעץ אין א שאַפע. גייען זיי אַלע אַוועק און לאָזן מיך איבער איינעם אַליין מיטן זאק. וואָס קומט מיר דערפאַר, וואָס איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף אים אויף א ווײַלע רייטנדיק? עלעהיי ס'איז א פערדל! זאָל איך זיין א נביא, אַז דער זאק וועט פּלאַצן און עס וועט זיך געבן א שאָט אויס פון אים עפּעס א געלע זאַך! דאָס איז טאַקע דער פּראָשעק, וואָס מיין ברודער אליהו פאַרטרייבט מיט אים די מייז. ער האָט אַזאַ שאַרפן ריח, אַז מען קאָן חלשן! איך בייג מיך אָן, איך וויל צונויפנעמען דאָס, וואָס האָט זיך צע־שאָטן, פאַלט אָן אויף מיר א ניסעריי. איך זאָל אַריינציען אין נאָז אַריין א גאַנצע פּושקע מיט שמעק־טאַבעקע, וואָלט איך נישט באַדאַרפט אַזוי שטאַרק ניסן. איך ניס אַזוי לאַנג ביז איך כאַפּ מיך אַרויס אין דרויסן. טאָמער וועל איך אויפהערן ניסן. וועד — וואָס? עס קומט אָן די מאַמע און דערזעט איך ניס, פרעגט זי מיך, וואָס איז? איך קאָן איר נישט ענטפערן, נאָר טשכי! און טשכי! און ווידער אַמאָל טשכי!

— ווינד איז מיר, ווו האָסטו געכאַפּט אַזאַ קאַטאַר? — זאָגט צו מיר די מאַמע און ברעכט די הענט. איך הער נישט אויף צו ניסן, און ווייז איר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. זי גייט אַריין און לויפט אַרויס צוריק נאָך מיט אַן ערגערער ניסעריי ווי איך. קומט אָן מיין ברודער אליהו און דערזעט אונדז ביידע ניסן, פרעגט ער: וואָס איז דאָס? ווייזט אים די מאַמע מיט דער האַנט אַהין אין שטוב אַריין. ער כאַפּט זיך אַריין און לויפט אַרויס צוריק מיט א געוואַלד:

— ווער האָט דאָס צע — טשכי! טשכי! טשכי!...

איך האָב שוין לאַנג נישט געזען מיין ברודער אליהו אין כעס אַזוי ווי אַצינד. ער לאָזט זיך מיט ביידע הענט גלייך אויף מיר. א גליק, וואָס ער ניסט, אַנישט וואָלט איך פון זיינע הענט אַרויס א קאַליקע. מיין שווענערין ברכה קומט אָן, טרעפט זי אונדז אַלע דריי האַלטן זיך מיט די הענט ביי די זייטן און ניסן.

— וואָס איז מיט אייך? וואָס האָט איר זיך פּלוצעם צעניסט?

וואָס זאָלן מיר איר זאָגן? מיר קאָנען דען ארויסרעדן א וואָרט? ווייזן מיר איר מיט דער האַנט אהין, אין שטוב אריין. כאַפּט זי זיך אריין און לויפט באַלד ארויס צוריק רויט ווי העליש פייער און פאַלט אָן אויף מיין ברודער אליהו:

— וואָס האָב איך דיר געטאָן — טשכי! טשכי! טשכי!...

קומט אָן אונדזער שכנה, פּעסיע די גראָבע, זי רעדט צו אונדז, נאָר קיינער קאָן איר גישט ענטפערן קיין וואָרט. מיר ווייזן איר מיט דער האַנט אהין, אין שטוב אריין. זי גייט אריין און לויפט ארויס צוריק:

— וואָס האָט איר אזעלכעס געטאָן — טשכי! טשכי! טשכי!...

אונדזער שכנה מאַכט מיטביידע הענט. עס קומט ארויס איר מאַן, דער אייגבינדער. דער אייגבינדער קוקט אויף אונדז און לאַכט.

— וואָס איז דאָס אויף אייך אָנגעפאַלן פּלוצעם פאַר א ניסעריי?

— זייט אייך מטריח אהין — טשכי! טשכי! טשכי! — זאָגן מיר צו אים און ווייזן אים אהין, אין שטוב אריין. דער אייגבינדער גייט אריין צו אונדז אין שטוב אריין און שפּרינגט ארויס צוריק מיט א געלעכטער:

— איך ווייס שוין וואָס דאָס איז! — איך האָב א שמעק געטאָן! דאָס איז שעמע — טשכי! טשכי!

און ער כאַפּט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטן און ניסט געשמאַק. נאָך יעדן ניס טוט ער א שפּרונג אונטער, בלייבט שטיין אויף די שפּיץ פינגער און טוט א ניס, און ווידער א שפּרונג אונטער, און ווידער א ניס, און אזוי ווייטער. אין איין האַלבע שעה ניסן שוין אַלע אונדזערע שכנים און שכנות מיט זייערע פעטערס און מומעס און גלידשוועסטער־קינדער און זייערע באַקאַנטע — די גאַנצע גאַס פון איין עק ביז אַנדערן האַלט אין איין ניסן.

וואָס האָט זיך מיין ברודער אליהו אזוי דערשראָקן? אפנים ער האָט מורא, מע זאָל נישט אויסלאָזן דעם כעס צו אים פאַרן ניסן וואָס מע ניסט? ער נעמט מיך פאַר א האַנט און ניסענדיק לאָזן מיר זיך ביידע גיין אראָפּ צו זיין חבר פיניע. עס נעמט גוטע אַנדערהאַלבן שעה, ביז מיר זענען אימשטאַנד צו רעדן אזוי ווי מענטשן. מיין ברודער אליהו דערציילט זיין חבר פיניען די גאַנצע מעשה. זיין חבר פיניע הערט אים אויס מיט

קאָפּ, אזוי ווי א דאָקטאָר הערט אוים א חולה. אז מיין ברודער אליהו האָט געענדיקט, מאכט צו אים זיין חבר פּיניע:

— אגו, וויין נאָר אהער דאָס בוך.

מיין ברודער אליהו נעמט ארוים דאָס בוך פון בוזעם-קעשענע און גיט דאָס איבער צו זיין חבר פּיניע. זיין חבר פּיניע לייענט איבער דאָס אייבערשטע בלעטל: „פאר איין רובל — הונדערט רובל! א סגולה ווי אזוי פון גאָרנישט, מיט די פינף פינגער, מאכן הונדערט רובל א חודש און מער"... ער נעמט דאָס בוך און טוט דאָס א וואָרף אריין אין אויוון אריין גלייך אויפן פייער. מיין ברודער אליהו טוט זיך א לאָז מיטביידע הענט צום פייער. זיין חבר פּיניע שטעלט אים אָפּ:

— פּאוואָליע, נישט געכאפּט!

נאָך א פּאָר מינוט — און פון מיין ברודער אליהוס בוך, וואָס לערנט „ווי אזוי צו מאכן הונדערט רובל א חודש און מער", איז געבליבן נישט מער ווי א בערגל אויפגעבלאָזן אש. פון איין זייט איז פארבליבן א שטיקל נישט פארברענט פּאפּיר, קוים-קוים וואָס מע האָט געקאָנט איבערלייענען: ש-ע-מ-ע-ר-י-צ-י.

XI

# אונדזער חבר פּיניע

### א.

געדענקט איר, איך האָב אייך אמאָל געזאָגט, אז איך וועל אייך באַקענען מיט מיין ברודער אליהום חבר פּיניע? איך האָב אייך געזאָגט באַקענען, ווייל ער האָט אין זיך גוטע געדאַנקען. נאָר איידער איך וועל אייך דערציילן פון פּיניען מוז איך אייך דערציילן פריער פון זיין זיידן, נאָכדעם פון זיין טאַטן, נאָכ־דעם פון זיין פעטער, און ערשט נאָכדעם שוין פון פּיניען אליין.

שרעקט אייך נישט — איך וועל דאָס אייך מאַכן בקיצור. איך הייב אָן פון זיידן.

פון רב העסי דעם גלעזער האָט איר אמאָל געהערט? דאָס איז פּיניעס זיידע. ער איז א גלעזער, און א שפּיגל־מאַכער, און א פאַרבער, און קאָן מאַכן טאַבעקע. היינט האָט ער אוועקגע־וואָרפן אלע ארבעטן און פאַרנעמט זיך נאָר דערמיט, וואָס ער רייבט טאַבעקע און פאַרקויפט. כל־זמן, זאָגט ער, א מענטש לעבט, דאַרף ער ארבעטן, נישט אָנקומען צו קיינעם. ער איז א הויכער, א דאַרער, מיט רויטע אויגן און מיט א מוראַדיקער נאָז, אונטן ברייט, אויבן שמאָל, און אויסגעבויגן ווי א שופר. איך האָב מורא, אויב עס איז אים נישט געקומען פון דעם, וואָס ער שמעקט טאַבעקע. ער איז א זקן. ער איז אלט אפשר הונדערט יאָר און איז נאָך ביי אלע געדאַנקען. ס'איז א סברה, אז ער האָט נאָך היינט אויך מער שכל ווי זיינע צוויי זין: הערש־לייב דער מעכאַניק און שניאור דער זייגערמאַכער.

הערש־לייב דער מעכאַניק — דאָס איז פּיניעס פֿאָטער. הערש־לייב דער מעכאַניק איז אַזוי אויך אַזוי דין און הויך ווי רב העסי. ער האָט אויך אַ גרויסע נאָז. נאָר ער שמעקט נישט קיין טאַבעקע. אפֿשר וועט ער אַמאָל שמעקן. דערווײַל נאָך נישט. ער איז אַ מעכאַניק פֿון אויוונס. ער מאַכט אויוונס. אַלע זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ קאָפּמענטש. ער האָט טאַקע אַ גרויסן שטערן. מע זאָל אים געווען, זאָגט ער, לערנען אַ מלאָכה, וואָלט ער זײַן איינער אין דער וועלט. עס איז גאָר נישטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל עס נישט פֿאַרשטיין מיטן שכל. אַזוי זאָגט ער אַליין אויף זיך. אַלצדינג כאַפּט ער מיטן קוק. אויוונס מאַכן האָט ער זיך אויסגעלערנט פֿון זיך אַליין. ער האָט געזען אַ פּאָר מאָל, ווי איוואַן פּיטשקור מאַכט אויוונס, האָט ער זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן פֿון געלעכטער. ער האָט געזאָגט, אַז דער גוי הייבט נישט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס הייסט אַן אויוון. איז ער געקומען אַהיים און האָט צעוואָרפֿן דעם אויוון און האָט אוועקגעשטעלט, טאַקע פֿון די זעלבע ציגל, אַן אַנדער אויוון. די ערשטע צײַט האָט דער אויוון געררויכערט, מע האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן. האָט ער צעוואָרפֿן דעם אויוון און געשטעלט אַ נײַעם אויוון. אויף עטלעכע מאָל, ביז ער איז געוואָרן דער באַרימטער מעכאַניק. ער האָט מיט זײַן אייגענעם שכל דערקלערט אַזאַ מין אויוון, וואָס ס'איז גענוג מע זאָל אים הייצן איינמאָל אין אַכט טעג. דער גאַנצער חסרון, ער האָט נאָך נישט די ציגל, זאָגט ער, וואָס מע דאַרף דערצו האָבן. ווען מע גיט אים, זאָגט ער, „קאַבליאָווע“ ציגל, שטעלט ער אייך אויף אַן אויוון, וואָס מע דאַרף אים גיין זען אויף חידושים! ער זאָגט, אַז אין אַן אויוון ליגט מער שכל, ווי אין אַ זייגער. דאָס זאָגט ער שוין אויף צו להכעיס זײַן ברודער שניאור. זײַן ברודער שניאור איז יונגער פֿון אים און העכער פֿון אים, און האָט אויך אַ לאַנגע נאָז, און איז אַ זייגערמאַכער. געוואָלט האָט ער גאָר זײַן אַ רב, אָדער אַ שוחט, אָדער אַ מלמד. אַזאַ קאָפּ האָט ער געהאַט צום לערנען. האָט ער בעסער געוואָלט זײַן אַ זייגערמאַכער: ווי קומט צו אים זייגערמאַכערײַ? וועט איר הערן.

אַז ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל און האָט געלערנט אין חדר, אַזוי דערציילט שניאור אַליין, האָט אים דער קאָפּ געטראָגן אויף גרויסע זאַכן. למשל, דערגיין דעם שכל פֿון אַ שלאָס. פֿאַרוואָס אַז מע טוט אַ דריי רעכטס, עפֿנט עס זיך, און אַז מע טוט אַ דריי לינקס, פֿאַרשליסט עס זיך? אָדער ווי אַזוי גייט אַ זייגער? פֿאַרוואָס שלאָגט ער אַקוראַט דעמלט, ווען דער גרויסער ווײַזער

קומט צו צום צוועלף? דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט, זאָגט ער, דערזען אַ זייגער מיט אַ פויגל, איז ער שיער נישט אַראָפּ פון זינען. דעם זייגער מיטן פויגל האָט דער אַלטער רב העסי באַקומען אַ מתנה פון אַ אויסגעדינטן פּאָלקאָווניק, וואָס פלעגט אים געבן אַרבעט. אַלע שעה, אַז דער זייגער האָט באַדאַרפט קלינגען, האָט זיך אויפגעעפנט אַ טירל און ס'איז אַרויס אַ פויגל מיט אַ קו־קו! דער פויגל איז געווען נאַטירלעך, ווי לעבעדיק. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז אפילו די קאַץ האָט געהאַט אַ טעות. אַלע מאָל ווען דער פויגל איז אַרויס מיט אַ קו־קו, פלעגט זיך די קאַץ אָנבלאָזן און פלעגט אים וועלן כאַפּן. שניאור האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער מוז דערגיין דעם שכל פונעם פויגל. איינמאָל, אַז קיינער איז נישט געווען אין דער היים, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צום זייגער. ער האָט אים אַראָפּגענומען פון וואַנט, אָפּגעדרייט אַלע שרייפעלעך און אַרויסגענומען אַלע גערעדערים. איז אָנגעקומען דער פאָטער, האָט ער אים אַזוי געשלאָגן, אַז מ'האָט שוין נישט געהאַלטן פון זיין לעבן. עד היום, זאָגט ער, שטייען ביי אים סימנים אויפן לייב. ער האָט אָבער אויסגעפירט זיינס — ער איז אַ זייגערמאַכער. איך ווייס נישט, צי ער איז פון די בעסטע, נאָר ער נעמט נישט טייער און מאַכט גיך. מיין ברודער אליהו האָט ביי אים שוין פיל מאָל צורעכט געמאַכט דעם זייגער. כמעט אַ וואָך איבער אַ וואָך פאַריכט ער אים דעם זייגער. אַ מאָדנער זייגער ביי מיין ברודער אליהו: אָדער ער לויפט משוגענערווייז, אָדער ער גייט איינגעהאַלטן מיט אַ שעה פיר, אָדער ער שטעלט זיך גאָר אַוועק — און טוט אים עפּעס! מיין ברודער אליהו וואָלט אפשר געגאַנגען צו אַן אַנדער זייגערמאַכער, פּאַסט אים נישט פאַר זיין חבר פיניע. זיין חבר פיניע זאָגט, אַז שולדיק איז מסתמא דער זייגער, נישט דער פעטער שניאור. וואָרום ממה־נפשך: איז דער זייגער אַ זייגער, וועט דאָך אים יעדער זייגערמאַכער קאָנען צורעכט מאַכן. אַלאַ וואָס דען? דער זייגער אַליין איז קיין זייגער נישט, הייסט וואָס וועט אים העלפן דער זייגערמאַכער?

גייט זאָגט, אַז ער איז אומגערעכט!

## ב.

מיין ברודער אליהוס חבר פיניע איז אויך אַ קאָפּמענטש, אַזוי ווי זיין טאַטע הערש־לייב דער מעכאַניק און אַזוי ווי זיין פעטער שניאור דער זייגערמאַכער. אַ גאַנץ האָט ער אויך אַ לאַנגע אַזוי ווי זיי. נעזעריק זענען זיי אַלע, די גאַנצע משפּחה זייערע. זיי האָבן

א מומע קריינע, האָט זי א טאָכטער מלכה, האָט זי א נאָז, וואָס מע דאַרף גיין קוקן אויף חידושים. און נישט אזוי די נאָז, ווי דאָס פּנים. ס'איז גאָר נישט קיין מענטשלעך פּנים. זעט אויס ווי א פויגל, אָדער ווי א חיה. זי שעמט זיך ארויסגיין אויף דער גאַס. ס'איז אויף איר א גאָטס רחמנות! פּיניע איז אביסל אין איר געראָטן, נאָר ער איז א מאַנסביל. א מאַנסביל מאַכט נישט אויס. ער זעט אפילו אויס מאָדנע. אז איר טוט אויף אים א קוק, מוזט איר זיך צעלאַכן. נישט גענוג וואָס ער איז דין און הויך, האָט ער א פּאָר לאַנגע אויערן, א לאַנגן האַלדז ווי א גאָנער, און א גידע־ריקע ראיה דערצו. ווו ער זאָל נישט גיין, מוז ער זיך מיט עמעצן צעבוצקען. שטעלט ער זיך אוועק, מוז ער עמעצן אָנטרעטן אויפן פוס. איין הויז מוז ביי אים זיין פארקאַטשעט. איין זאָק מוז זיין ביי אים אראָפּגעלאָזט. דאָס העמד מוז זיין צעשפּיליעט. דאָס שניפּסל מוז זיין פון יענער זייט. אז ער רעדט, כאָרכלט ער, און האָט ליב צוקערקעס. ווען איר זאָלט אים נישט באַגעגענען, האַלט ער עפּעס אין מויל און סמאָטשקעט. דערפאַר איז ער אָבער א געראָטענע כלי. נישטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל נישט קענען. מיט זיין לערנען האָט ער, זאָגט מען, אריבער־געיאָגט דעם רב. מיט זיין שרייבן וועט ער פארשטעקן אין גאַרטל אַלע קענערס. א חוץ וואָס ער האָט א זעלטענע האַנטשריפט, איז ער א גרויסע בריה אויף גראַמען. וואָס ער זאָל נישט שרייבן, שרייבט ער מיט גראַמען. ער האָט שוין באַשריבן די גאַנצע שטאָט: דעם רב, דעם שוחט, די גבאים, די יאַטקעס, זיין איי־גענע משפּחה — אַלעמען האָט ער שוין באַשריבן, און אַלעמען אין גראַמען. פּיניעס גראַמען זענען א צייט ארומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. אַנדערע האָבן זיי אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. למשל, איך געדענק א פּאָר פון זיינע גראַמען:

אונדזער גבאי,
רב שמואל אבא,
האָט א גרויסן בויך;
זיצט בײַם טישל,
לקחנט פון דער שיסל,
אַזש עס גייט א רויך!
זיין ווייב נחמה,
א כשרע נשמה —

איך וויל פון איר נישט רעדן.
זי איז קלוג
ווי דעם רבינס ציג —
כאַפּט דער רוח זיי ביידן.

די גאַנצע שטאָט האָט געקאָכט מיט די דאָזיקע גראַמען. איי־נער האָט צוגעמאַכט צו דעם א ניגון פון זמירות. די גאַנצע שטאָט האָט זיך ארומגעטראָגן מיטן לידל, ביז ס'איז אָנגעקומען צום גבאי מיט דער גבאיטע. האָבן זיי געשיקט רופן צו זיך דעם פֿאָטער, הערש לייב דעם מעכאַניק, און האָבן געוויינט פאַר אים מיט טרערן. זיי האָבן אים געפרעגט, וואָס האָט צו זיי פּיניע?... געקומען אהיים, האָט דער פאָטער, הערש־לייב דער מעכאַניק, אריינגערופן פּיניען אין שטוב אריין, פארשלאָסן טיר און טויער און האָט אים גוט אריינגעצימבלט. ער האָט אים אזוי לאַנג גע־שמיסן, ביז פּיניע האָט אים געמוזט געבן תקיעת־כף, אז ער וועט שוין מער קיין גראַמען נישט שרייבן, ווייל ער וועט לעבן.

ג.

פון דעמלט אָן שרייבט שוין פּיניע מער נישט קיין גראַמען. עס קריכן אים שוין נישט אין קאָפּ קיין גראַמען. ער איז אויף גרויסע צרות. אזוי זאָגט אויף זיך פּיניע אליין. עס האָט זיך אים פארגלוסט חתונה האָבן, דאָס הייסט, נישט אים, זיין טאַטן הערש־לייב האָט זיך פארגלוסט, אז פּיניע זאָל חתונה האָבן און זאָל ווערן א „מענטש“. פּיניע האָט חתונה געהאט פאַר א מילנערס א טאָכטער. דער מילנער האָט אים געעפנט א קלייטל פון מעל. מיין ברודער אליהו איז אים מקנא, וואָס ער האָט א געשעפט. פּיניע לאַכט פון אים. ער זאָגט, ס'איז א געשעפט, נאָר נישט פאַר אים. וואָס איז דאָס, זאָגט ער, פאַר אן עבודה פאַטשקען זיך מיט מעל? דאָס פּאַסט, זאָגט ער, פאַר א גראָבן יונג, פאַר א מילנער... וואָס איז ער, זאָגט ער, שולדיק, אז ער קאָן נישט זיצן אין קלייט? ער קאָן נישט, זאָגט ער. דער קאָפּ טראָגט אים, דער קאָפּ פליט. ס'איז ביי זיי, זאָגט ער, אזא משפחה פון פלי־ענדיקע קעפּ...

אזוי זאָגט פּיניע און וויל נישט גיין אין קלייט אריין. ער וועט בעסער, זאָגט ער, זיצן איבער א ביכל, וועט ער מער הנאה האָבן. זיין שווער, דער מילנער, איז דערפאַר גיט ברוגז, נאָר ער מוז שווייגן. ער האָט מורא פארן איידעם, ער זאָל אים נישט

באשרייבן, און אויסערדעם איז די טאָכטער ביי אים זייער ציטע־ריק. זי איז א בת־יחידה. טייבל הייסט זי. זי איז אביסל קאַ־סאָקע אויף איין אויג. נאָר זייער א גוטע. מיין מאמע זאָגט אויף איר, אז זי איז אָן א גאל. איך פארשטיי נישט וואָס הייסט, זי איז אָן א גאל? ווו איז אהינגעקומען איר גאל?... גאנצע טעג זיצט זי אין קלייט, און פיניע איז אין דער היים. מיר קומען צו אים מיט מיין ברודער אליהו כמעט אלע טאָג. ער רעדט זיך אויס פאר אונדז דאָס הארץ. אלע מאָל ווען מיר קומען צו אים, זיפצט ער און קרעכצט און באקלאָגט זיך אויף זיין פינצטער מזל. ס'איז אים דאָ ענג, זאָגט ער, און דושנע. ער פילט, זאָגט ער, אז ער ווערט דערוואָרגן. ער זאָל זיין, זאָגט ער, אין א אנדער שטאָט, וואָלט געווען גאָר אנדערש. ווען מע לאָזט אים, זאָגט ער, ארויס פון דאנען כאָטש אויף איין יאָר, קערט ער איבער די וועלט! אזוי זאָגט ער צו מיין ברודער אליהו. קיינעם פארגלויבט ער נישט אזוי פיל, וויפל מיין ברודער אליהו. ער ווייזט אים בריוו, וואָס ער האָט. די בריוו זענען פון גרויסע מענטשן. די „גרויסע מענטשן" שרייבן אים. אז ער האָט אין זיך עפּעס אינע־ווייניק. פיניע זאָגט, אז ער אליין פילט אויך, אז ער האָט אין זיך עפּעס אינעווייניק. איך קוק אויף אים און טראכט מיר: „רבונו של עולם! וואָס האָט ער אזעלכעס אין זיך אינעווייניק?..."

ד.

איינמאָל קומט צו אונדז פיניע און רופט ארויס מיין ברו־דער אליהו אויף א סוד. וויבאלד א סוד, מוז איך וויסן. איך האָב ליב וויסן אלע סודות. איך גיי זיי נאָך פון הינטן און הער זיך איין און כאַפּ ווערטער. פיניע רעדט און מיין ברודער אליהו רעדט. איך גיב אייך איבער זייערע ביידנס ווערטער:

פ י נ י ע: וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן?

א ל י ה ו: איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

פ י נ י ע: אָט האָב איך געליענט, אז איינער איז אוועקגע־פאָרן אהין מיט פינף פינגער, א האלב יאָר געשלאָפן אין דרויסן, געקערט די גאסן פארן שטיקל ברויט.

א ל י ה ו: נו, און היינט?

פ י נ י ע: אויף אונדז ביידן געזאָגט געוואָרן.

א ל י ה ו: אזוי?

פ י נ י ע: ראָטשילד איז אקעגן אים אָן אביון!

א ל י ה ו: אזוי?

פיניע: אזוי! אזוי! וואָסזשע? איך וועל דיך אָפּנאַרן? איך האָב שוין גערעדט מיט מיין טייבלען.

אליהו: וואָסזשע זאָגט זי?

פיניע: וואָס זאָל זי זאָגן? זי פאָרט.

אליהו: זי פאָרט? נו, און דער שווער?

פיניע: ווער הערט אים? אז איך וועל אוועקפאָרן אליין, וועט אים זיין בעסער? ער זעט דאָך, אז דער קאָפּ טראָגט מיר, איך קאָן דאָ נישט זיין!

אליהו: און איך, מיינסטו, קאָן דאָ זיין?

פיניע: טאָ לאָמיר זיך אויפהייבן און לאָמיר פאָרן.

אליהו: אויפהייבן און פאָרן? מיט וואָס?

פיניע: שיפסקארטן גיט מען דאָך אונדז אומזיסט, נאַרעלע.

אליהו: וואָס הייסט, אומזיסט?

פיניע: אויף אויסצאָלן. מיר וועלן זיי אמאָל אויסצאָלן. דערווייל האָבן מיר זיי אומזיסט.

אליהו: נו, און ביזן שיף? הוצאות? היינט בילעטן? באַן?

פיניע: וויפל בילעטן דאַרפן מיר דען האָבן, נאַרעלע?

אליהו: אדרבא, וויפל דאַרפן מיר האָבן?

פיניע: רעכן אויס: איך און מיין טייבל איז נישט צוויי, דו און דיין ברכה צוויי, איז נישט פיר.

אליהו: און די מאַמע איז נישט פינף.

פיניע: איז פינף.

אליהו: נו, און מאָטל?

פיניע: פאַר אים איז גענוג א האַלבער בילעט... און אפשר קיין האַלבער אויך נישט... מיר וועלן זאָגן, אז ער איז נאָך נישט אלט קיין דריי יאָר.

אליהו: ביסט משוגע?

* * *

וואָס זאָל איך טאָן? איך קאָן מיך מער נישט איינהאַלטן. פאַר גרויס פרייד לאָז איך ארויס א קוויטש. ביידע דרייען זיך אויס צו מיר.

— אוועק, דו שגץ! וואָס פאַר א תנועה זיך אונטערהערן, אז גרויסע רעדן צווישן זיך?

איך לאָז מיך לויפן, שפּרינג אונטער און פּאַטש מיך מיט ביידע הענט אין די ליטקעס פון די פיס. א קלייניקייט — איך פאָר!... שיף!... באַן!... בילעט!... א האַלבער בילעט... וווהין,

א שטייגער, פאָרן מיר? איך וויל גאָרנישט וויסן וווהין. וואָס גייט עס מיך אָן וווהין? איך פאָר — און גענוג! איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? אז מיר זאָלן זיך ווען גוט אויסרעכענען, בין איך דאָך נאָך קיינמאָל אויף מיין לעבן אין ערגעץ נישט געפאָרן. איך ווייס אפילו נישט דעם טעם, וואָס הייסט דאָס פאָרן? אביסל האָב איך יאָ פארזוכט דעם טעם. איך בין א מאָל זיך דורכגעפאָרן אויף אונדזער שכנס ציג, האָט דאָס מיך געקאָסט טייער. אחוץ וואָס איך בין געפאלן און צעבלוטיקט די נאָז, האָב איך נאָך געכאפּט א פּאָר פּעטש אויך. דערפאר רעכן איך נישט די נסיעה.

איך בין דעם גאנצן טאָג ווי א צעמישטער. איך האָב פארלאָרן דעם אפּעטיט צום עסן. ביינאכט חלומט זיך מיר, אז איך פאָר. נישט איך פאָר, נאָר איך פלי. איך האָב פליגל ווי א טויב און איך פלי. לעבן זאָל אונדזער חבר פּיניע! ער באקומט אין מיינע אויגן טויזנט מאָל מער חן ווי פריער. איך זאָל מיך נישט שעמען, וואָלט איך אים געקושט און געהאלדזט. א טייערער פּיניע דאָס איז!

נו, האָב איך אייך נישט געזאָגט, אז ער האָט אין זיך גוטע געדאנקען?

XII

# שאַט, מיר פאָרן קיין אמעריקע!

א.

שאַט, מיר פאָרן קיין אמעריקע! וווּ איז אמעריקע? — ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז ס'איז ווייט, שרעקלעך ווייט. מע דאַרף אַהין פאָרן און פאָרן אַזוי לאַנג, ביז מע קומט. און אַז מע קומט, איז פאַראַן אַ „קעסטל־גאַרטל". דאָרט, אין „קעסטל־גאַרטל", טוט מען אייך אויס נאַקעט און מע קוקט אייך אין די אויגן. האָט איר געזונטע אויגן, איז גוט. אַלאָ נישט, פאָרט, זייט מוחל, צוריק! דאַכט זיך, איך האָב געזונטע אויגן. איינמאָל נאָר האָב איך געהאַט צו טאָן מיט די אויגן. יונגלעך פון דער שקאָלע האָבן מיך דערטאַפּט, אָוועקגעלייגט און אַריינגעבלאָזן מיר אין די אויגן אַריין טאַבאַק. אײַ, האָט זיי מײַן ברודער אליהו גע־פּאַטשט! איצט זענען בײַ מיר די אויגן לויטער, ווי קרישטאָל. זעט איר, מיט מײַן מאַמען איז נישט פּריילעך. אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. ווער איז שולדיק? אַז טאַג ווי נאַכט וויינט זי. זינט דער טאַטע איז געשטאָרבן האָט זי נאָך גאָרנישט אויפגע־הערט צו וויינען.

— אום גאָטעס ווילן! דו האָסט קיין רחמנות נישט אויף אונדז! איבער דיר וועלן מיר חלילה אַלע דאַרפן פאָרן צוריק!

אַזוי טענהט מיט איר מײַן ברודער אליהו, און זי ענטפערט אים:

— נאַריש קינד וואָס דו ביסט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אַליין, אָן מיר!...

אזוי זאָגט די מאמע, ווישט די אויגן אין פארטעך און נעמט זיך צום בעטנגעוואנט, צו די קישנס. מע דארף איבערשיטן אלע קישנס. אמעריקע איז א לאנד, ווו ס'איז נישטאָ קיין קישנס. אלצדינגג איז דאָרט דאָ, נאָר נישט קיין קישנס. ווי אזוי שלאָפן דאָרט די מענטשן — פארשטיי איך נישט. עס דארף זיי זיין הארט צוקאָפּנס! מיין שוועגערין ברכה העלפט איר איבערשיטן די קישנס. מיר האָבן, נישט צו פארזינדיקן, היפשע עטלעכע קישנס. דריי גרויסע איבערבעטן מיט זעקס קישנס מיט פיר קליינע קישעלעך. ממזרימלעך הייסן זיי. פון אלע פיר ממזרימלעך מאכט די מאמע איין קישן. אן עבירה. איך האָב ליב די קליינע ממזרימלעך בעסער פון די גרויסע. איך שפּיל זיך מיט זיי אמאָל און דער פרי. איך מאך פון זיי א המן־טאש, א ספּאָדיק...

— מיר וועלן קומען, אם ירצה השם, געזונטערהייט אהין, וועלן מיר זיי צוריק איבערשיטן אין קליינע ממזרימלעך.

אזוי זאָגט די מאמע צו מיר און צו מיין שוועגערין ברכה און גיט איר אָנצוהערעניש, אז זי זאָל אויך אזוי טאָן. מיין שוועגערין ברכה טוט אויך אזוי, כאָטש זי איז פון דער נסיעה נישט צופרידן. ס'איז איר שווער זיך שיידן מיט איר טאטע־מאמע. מע זאָל איר געוועזן, זאָגט זי, זאָגן פאראיאָרן אין דער צייט, אז זי וועט פאָרן קיין אמעריקע, וואָלט זי יענעם, זאָגט זי, אָנגעשפּיגן א פולן פנים.

— מע זאָל מיר געוועזן זאָגן פאראיאָרן, אז איך וועל זיין אן אלמנה...

אזוי זאָגט די מאמע און צעוויינט זיך. דערזעט מיין ברודער אליהו און מאכט א געוואלד:

— ווידער אמאָל געוויינט? ווילסט אונדז, אפנים, אלעמען אומגליקלעך מאכן?!...

ב.

טאָמער איז קארג, טראָגט עס אָן אונדזער שכנה פּעסיע, דערזעען אונדז ביי דער ארבעט, ווי מיר שיטן איבער די קישנס, שטעלט זי זיך אוועק אונדז אויסרעדן א ביסל דאָס הארץ. זי לייענט אונדז א גאנצע תחינה:

— פאָרט איר, הייסט עס, טאקע קיין אמעריקע? הלוואי דער אויבערשטער זאָל געבן, איר זאָלט קומען געזונטערהייט און

זאָלט דאָרט באגליקן. ביי גאָט איז אלץ מעגלעך. אָט איז פאַראיאָרן אוועקגעפאָרן מיינע אן אייגענע, ריוועל הייסט זי, מיט איר מאַן הילי. שרייבן זיי, אז זיי מוטשען זיך, נאָר זיי מאכן א לעבן... וויפל מע בעט זיך ביי זיי, זיי זאָלן שרייבן ווי מענטשן: וואָס און ווען און ווי אזוי? ענטפערן זיי: אמעריקע איז א לאנד פאר אלעמען. יעדער מוטשעט זיך און מאכט א לעבן... האָט איר עפּעס צו זיי? נאָך גוט, וואָס זיי שרייבן כאָטש. די ערשטע צייט האָבן זיי גאָרנישט געשריבן, פארגעסן דעם זיי=געזונט. מיר האָבן שוין געמיינט, אז זיי זענען חלילה אריינגעפאלן אין ים אריין. ערשט העט ווייס איך ווען, קומט אָן א ידיעה, אז זיי זענען שוין, א דאנק גאָט, אין אמעריקע. זיי מוטשען זיך און מאכן א לעבן!... אוודאי, זאָג איך אייך, איז כדאי דער גאנצער טארעראם, מיטן ברעכן זיך, מיטן איבערשיטן דאָס בעטגעוואנט, מיטן פאָרן איבערן ים, מיט נאָך אזעלכע זאכן!

— איך בעט אייך, איר וועט אמאָל אויפהערן לייגן קנייטלעך?

אזוי פאלט=אָן מיין ברודער אליהו אויף אונדזער שכנה פעסיע און באקומט פון איר א פּאָרציע:

— לייגן קנייטלעך? זע נאָר, א גאנצער חכם פון דער מה=נשתנה! ער פאָרט קיין אמעריקע זיך מוטשען און מאכן א לעבן! ווי לאנג האָב איך דיך געטראָגן אויף די הענט, דיך געניאנטשעט, געהאט צו טאָן? אנו, פרעג נאָר די מאמע דיינע, וואָס איך האָב געהאט מיטן ביינדל, וואָס דו האָסט קינדווייז איינגעשלונגען איינמאָל פרייטאָג צו=נאכטס ביי די פיש. ווען נישט איך טו דיך א כאַפּ פון הינטן איינס=צוויי=דריי, וואָלסטו שוין איצטער נישט געפאָרן קיין אמעריקע זיך מוטשען און מאכן א לעבן!...

אונדזער שכנה פעסיע וואָלט נאָך גערעדט און גערעדט. א גליק, וואָס די מאמע מישט זיך אריין און הייבט אָן צו איר מיט גוטן:

— איך בעט אייך, פעסיעניו, נשמהניו, הארצעניו, ליובעניו, זאָלט איר מיר זיין געזונט און שטארק!..

מער קאָן די מאמע נישט רעדן. זי צעוויינט זיך. דערזעט מיין ברודער אליהו, אז זי וויינט, ווערט ער אָנגעצונדן. ער טוט א וואָרף די ארבעט און לויפט=ארויס פון שטוב מיט א קלאַפּ די טיר:

— לאָז דאָס גיין אין דר׳ערד אריין!

## ג.

אין שטוב איז שוין ביי אונדז פוסט — א חורבה. דער אלקער איז פול מיט פעקלעך און מיט בעטגעוואנט. דאָס בעטגעוואנט פארנעמט כמעט ביז דער סטעליע. אז קיינער איז נישטאָ, דראפּע איך מיך ארויף אויף אלע קישנס און גליטש מיך אראָפּ, ווי אויף א שליטן. מיר דאכט זיך, אז אזוי גוט, ווי איצט, איז מיר נאָך קיינמאָל נישט געווען. קאָכן קאָכט מען שוין נישט ביי אונדז פון לאנג. מיין ברודער אליהו ברענגט פון מארק א געטריקנט פישל, עסן מיר דאָס מיט ציבעלע. פישל מיט ציבעלע — וואָס קאָן זיין נאָך בעסער פון דעם? אונדזער חבר פיניע עסט אויך מיט אונדז. ער איז דאָך פון תמיד א פארטראָגענער. דער קאָפּ פליט ביי אים. נאָר פון זינט מיר פאָרן קיין אמעריקע, איז ער גאָר צעדולט. אזוי זאָגט אויף אים די מאמע. איין הויז איז ביי אים פארקאטשעט ארויף, איין זאָק אראָפּ. דאָס האלדזטיכל שפּארט שוין אָן אויף יענער זייט. און קומט ער אריין צו אונדז אין שטוב, אזוי מוז ער כאפּן א זעץ אין שטערן. אלע מאָל האָט צו אים די מאמע די זעלבע טענה:

— דו זעסט דאָך, אז דו ביסט הויך אויסגעוואקסן, בייגט מען זיך איין א ביסל.

— ער האָט א נידעריקע ראיה, מאמע!

אזוי פארענטפערט אים מיין ברודער אליהו, און ביידע גייען זיי מאכן אן עק מיט אונדזער האלבער דירה. מע דארף זיך צעשרייבן. מיר האָבן אונדזער האלבע דירה שוין לאנג פארקויפט. אונדזער האלבע דירה האָט אוועקגעקויפט זילי דער שניידער. אזוי גיך קויפט א שניידער א דירה! א גרויסער גודניק אָט דער זילי דער שניידער! פריער איז ער דריי מאָל א טאָג געקומען אָנקוקן אונדזער האלבע דירה איינער אליין. געשמעקט די ווענט, געטאפּט דעם קוימען, געקראָכן אויפן בוידעם, באטראכט דעם דאך. נאָכדעם האָט ער געבראכט דאָס ווייב. מעני הייסט זי. ווען איך קוק אויף איר, מוז איך מיך צעלאכן. אונדזער שכנהס קעלבל האָט אויך געהייסן „מעני“. ביידע „מענים“ האָבן איין פּנים. „מעני“ דאָס קעלבל האָט געהאט א ווייסע מאָרדע מיט קיילעכיקע אויגן. מעני דעם שניידערס אויך אזוי... שפּעטער האָט זילי דער שניידער אָנגעהויבן פירן מבינים אָנקוקן די דירה. צום מייסטן, שניידערס. יעדער האָט געפונען אויף אונדזער האלבער דירה אן אנדער חסרון. ביז ס'איז געבליבן מע זאָל אראָפּברענגען פיניעס טאטן, הערש־לייב

דעם מעכאניק. הערש־לייב דער מעכאניק איז א מבין אויף דירות. ער איז אן ערלעכער מענטש. אויף אים קאָן מען זיך פארלאָזן. הערש־לייב טוט צוליב. ער באטראכט אונדזער האלבע דירה פון אלע זייטן. ער הייבט אויף דעם קאָפּ ווי הויך ער איז, פארקאטשעט דאָס היטל, טוט זיך א קראַץ אונטערן האלדז און א זאָג:

— אָט די דירה קאָן שטיין, בלי גוזמא, א יאָר הונדערט, אויב נישט מער.

כאפּט זיך ארויס אײנער א שנײדער, פון זילי דעם שנײדערס מבינים.

— געוויס! אבי מע זאָל זי נאָר איבערשיטן מיט ציגל, אונ־טערשפּארן מיט א פּאָר גוטע אבאפּאָלקעס, ארײנכמאליען פיר בײע װענט און ארויפצימבלען א בלעכענעם דאך, װעט זי שטײן און שטײן, אם ירצה השם, ביז משיח װעט קומען!

מע זאָל געװען הערש־לייב דעם מעכאניק, אשטײגער, אויס־שעלטן אין טאטן ארײן, אָדער אָפּגיסן מיט א טאָפּ זודיק װאסער, װאָלט ער נישט באדארפט װערן מער אין כעס. ער האָט נאָר געװאָלט װיסן איין זאך: „װי האָט דאָס אין זיך א ייד א פארך, א שנײדער, א גנב, א פאלגע, אזא פּאַטעפּאלנאסט צו רעדן מיט אים, מיט הערש־לייב דעם מעכאניק, אזעלכע װערטער, מיט אזעלכע רייד, מיט אזעלכע דיבורים, מיט אזא שפּראך, און מיט אזא לשון?". איך בין אומזיסט געװען פרײלעך: איך האָב געמײנט, אָט־אָט פליען פּעטש. צום סוף האָבן זיך ארײנגעלײגט מענטשן (אומעטום װאקסן־אויס „מענטשן"!) און מע האָט זײ צענומען, און מע האָט געמאכט שלום, און מע האָט זיך אָנגע־הויבן דינגען, און מע האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן מקח, און מע האָט געשיקט נאָך בראָנפן, און מע האָט געטרונקן לחיים. מע האָט אונדז געװינטשעװעט, מיר זאָלן פאָרן געזונט, און קומען געזונט, און מאכן גוטע געשעפטן, און פארדינען א סך געלט, און קומען צוריק, אם ירצה השם...

— פּאװאָלי! נישט אזוי גיך קומט מען צוריק פון אמעריקע! — זאָגט מײן ברודער אליהו, און עס פארבינדט זיך א שמועס װעגן אמעריקע. הערש־לייב דער מעכאניק װינטשט זיך אזא שטיק גאָלד, װי מיר װעלן אלע, אם ירצה השם, קומען צוריק פון אמעריקע. װען נישט דער „פּריזיװ", װאָלט ער זײן פּיניען, זאָגט ער, נישט געלאָזט פאָרן קײן אמעריקע. אמעריקע, זאָגט ער, איז פע! פרעגט אים זילי דער שנײדער: ער זאָל קײן פאריבל נישט האָבן, מיט װאָס איז אמעריקע פע? ענטפערט אים

הערש־לייב: דערפאַר, ווייל אַמעריקע איז אַ פּאַסקודנע לאַנד. פרעגט אים ווידער אַמאָל זילי דער שניידער: ער זאָל קיין פאַריבל נישט האָבן, פונוואַנען ווייסט ער, אַז אַמעריקע איז אַ פּאַסקודנע לאַנד? ענטפערט אים הערש־לייב, אַז ער פאַרשטייט דאָס על־פּי שכל. זאָגט אים זילי, ער זאָל אים געבן צו פאַר־שטיין דעם שכל. הייבט אָן הערש־לייב מעכאַניק צו שטאַמלען מיט דער צונג, געבן צו פאַרשטיין על־פּי שכל. נאָר עס קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, מחמת ער איז שוין אַ ביסל אונטערן גלעזל. אַלע זענען אונטערן גלעזל. אַלע פילן זיך גוט. אויסגעצייכנט גוט. איך אויך. נאָר די מאַמע מיינע באַהאַלט אַלע מינוט דאָס פּנים אין פאַרטעך און ווישט די אויגן. מיין ברודער אליהו קוקט אויף איר און זאָגט צו איר שטילערהייט:

— גזלנטע! — דו האָסט קיין רחמנות נישט אויף די אויגן! דו קוילעסט אונדז!...

ד.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע חתונה — געזעגענען זיך, פון שטוב צו שטוב גייען זיך געזעגענען. מיר זענען שוין געווען ביי אַלע אונדזערע קרובים, שכנים און באַקאַנטע. ביי אונדזער מחותן, יונה דעם בעקער, האָבן מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג. אונדזערע מחותנים האָבן געמאַכט פאַר אונדז אַ וואַרמעס, צונויפגערופן די משפּחה, געשטעלט ביר צום טיש. מיך האָט מען אָוועקגעזעצט באַזונדער מיט מיין שוועגערינס שוועסטערל. אַלטע הייסט זי. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט פון איר. זי איז עלטער פון מיר מיט אַ יאָר און טראָגט צוויי צעפּלעך, צונויפגעדרייט פון אונטן ווי אַ בייגל. מע האָט זי מיר אַמאָל גערעדט פאַר אַ כלה. פון דעמלט אָן, אַז מע זעט אונדז ביידן, רופט מען אונדז: „די חתן־כלה“. פונדעסטוועגן, שעמען מיר זיך נישט רעדן צווישן זיך. זי פרעגט ביי מיר, אויב איך וועל נאָך איר בענקען? — געוויס וועל איך נאָך איר בענקען! נאָכ־דעם פרעגט זי מיך, אויב איך וועל איר שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע? — געוויס וועל איך שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע!

— ווי אַזוי וועסטו שרייבן? דו קאָנסט דען שרייבן?

— אַ טייערע מציאה אין אַמעריקע זיך אויסלערנען שרייבן! — זאָג איך און האַלט די הענט אין די קעשענעס. אַלטע קוקט אויף מיר און שמייכלט. איך ווייס וואָס זי שמייכלט. זי מאַכט זיך אַ האַרץ. זי איז מיר מקנא, וואָס איך פאָר און זי נישט.

אלע זענען מיר מקנא, אפילו יאָסי דעם נגדים ייִנגל הענער מיטן אייגל, זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין א לעפל וואסער! ער שטעלט מיך אָפּ און מאכט צו מיר מיטן אייגל:

— הער גאָר, דו, דו פאָרסט קיין אמעריקע!

— יאָ, איך פאָר קיין אמעריקע.

— וואָס וועסט דו דאָרטן טאָן? גייִן איבער די הייזער?

זיין גליק, וואָס מיין ברודער אליהו איז דערביי נישטאָ. ער וואָלט אים געגעבן א „גייִן איבער די הייזער"!... איך וויל זיך מיט אים גישט אָנהייבן, מיט אזא לאָבוז. איך ווייז אים נאָר א צונג און לויף אוועק צו אונדזער שכנה פעסיע זיך געזעגענען מיט איר באַליאסטרע. א היפּשע באַליאסטרע. איך האָב אייך שוין אמאָל דערציילט פון זיי. אכט שטיק, איינס אין איינס. אלע אכט רינגלען מיך ארום. זיי פרעגן מיך, צי בין איך צו־פרידן, וואָס איך פאָר קיין אמעריקע? א שיינע מעשה, נאָר א קורצע! וואָס טויג מיר גרוים — זיי זענען מיר גוט מקנא. מער פון אלע איז מיר מקנא הערשל. אָט דער, וואָס מע רופט אים „ושתי", דערפאר, וואָס ער האָט א גאָלי אויפן שטערן. ער לאָזט פון מיר קיין אויג נישט אראָפּ. ער זיפצט און זאָגט צו מיר: „דו וועסט זיך עם אָנזען א וועלט!".

יאָ, איך וועל זיך אָנזען א וועלט! ווי דערלעבט מען שוין!...

ה.

שוין געקומען לייזער מיט די „אָדלערס". דריי ברענענדיקע פערד! זיי קאָנען נישט איינשטיין אויף אָן אָרט. אָדער זיי טופּען מיט די פיס, אָדער זיי פאָרשקען מיט די נאָזלעכער און באשפּריצן מיר דאָס פּנים. איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל טאָן פריער: צי איך זאָל קוקן אויף די פערד, צי איך זאָל העלפן טראָגן די פּעקלעך מיט די קישנס און וואָגן אריין? איך קאָן באשטיין ביידע זאכן: איך שטיי ביי די פערד און זע, ווי מע טראָגט די פּעקלעך מיט די קישנס. א פולער וואָגן מיט פּעקלעך און מיט קישנס. א גאנצער בארג מיט בעטגעוואנט. שוין צייט אויפצוזעצן זיך און פאָרן. מיר האָבן פינף און פערציק וויאָרסט צו דער באן. אלע זענען שוין דאָ: איך, און מיין ברודער אליהו, און מיין שוועגערין ברכה, און אונדזער חבר פּיניע, און זיין ווייב טייבל, און די גאנצע משפּחה זייערע: פּיניעס טאטע, הערש-לייב מעבאגיק, שניאור דער זייגערמאכער, פּיניעס שוועער און שוויגער, דער מילנער מיט דער מילנערקע, און דער מומע

קריינעם טאַכטער מיטן פויגלש פּנים, און אפילו דער אלטער זיידע רב העסי איז אויך געקומען אָנזאָגן פּיניען, ווי אזוי ער זאָל זיך פירן אין אמעריקע. פון אונדזער משפחה זענען געווען נאָר אונדזערע מחותנים, יונה דער בעקער מיט זיינע בנים. און עבירה, וואָס איך האָב אייך ביז אהער נאָך נישט באקענט מיט זיי. איצט איז נישט די צייט. מיר פאָרן קיין אמעריקע. אלע דרייען זיך ארום אונדז, קוקן אויף אונדז, גיבן אונדז עצות, מיר זאָלן זיין געהיט פאר גנבים.

— אין אמעריקע איז נישטאָ קיין גנבים.

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און טאַפּט זיך ביי דער קעשענע. וואָס די מאמע האָט אים איינגענייט אין אזא אָרט, וואָס קיין גנב אין דער וועלט וועט נישט איינפאלן, אז דאָרט זאָל זיין א קעשענע. דאָרט ליגט דאָס גאנצע געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פאר אונדזער האלבער דירה. אפּנים, ס'איז דאָרט א היפּשע פּויטיקע. וואָרום אלע פרעגן אים, צי האָט ער כאָטש גוט באהאלטן דאָס געלט?

— גוט! גוט! האָט קיין יסורים נישט! — זאָגט מיין ברודער אליהו. עס איז אים שוין פּשוט נמאס געוואָרן איטלעכן באזונדער אָפּגעבן דין־וחשבון פארן געלט. דער עולם הייבט אָן זאָגן, מע זאָל זיך געזעגענען. אלע הייבן אָן זיך גרייטן צום געזעגענען. מע טוט זיך א כאַפּ — נישטאָ די מאמע! ווו איז די מאמע? קיינער ווייסט נישט, ווו איז די מאמע! מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. אונדזער חבר פּיניע האָט אינגאנצן פארלוירן דאָס האלדז־טיכל. לייזער טרייבט האלדז און נאקן. ער זאָגט, אז מיר קאָנען פארשפּעטיקן די באַן. שאט! אָט גייט די מאמע. דאָס פּנים איז איר רויט. די אויגן פארשוואָלן. מיין ברודער אליהו פאלט צו צו איר.

— וואָס איז מיט דיר? ווו ביזטו געווען?

— אויפן הייליקן אָרט, זיך געזעגענען מיטן טאטן...

מיין ברודער אליהו קערעוועט זיך אָפּ אין א זייט. אלע בלייבן שטיין אָן לשון. זינט מיר פאָרן קיין אמעריקע איז דאָס דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער טאטע קומט מיר אויפן זינען. עס טוט מיר א צופּ ביים הארצן. איך טראכט מיר: „אלע פאָרן קיין אמעריקע, און דער טאטע נעבעך בלייבט דאָ, אויפן הייליקן אָרט, איינער אליין”... לאנג טראכטן לאָזט מען מיך נישט. מע טוט אויף מיר א הוק און מע הייסט מיר קריכן אויפן וואָגן. ווי אזוי קאָן איך קריכן אויף אזא הויכן וואָגן מיט אזא בארג מיט בעטגעוואנט? ס'איז דאָ אן עצה: לייזער שטעלט

מיר אונטער זיינע ברייטע פּלייצעס. פּלוצעם ווערט א קושערײַ מיט א געוויין, א יללה. ערגער ווי תשעה־באב. מער פון אלע וויינט די מאמע. זי פאלט אונדזער שכנה פּעסיע אויפן האלדז און זאָגט: „איך זענט מיר געווען א שוועסטער. געטרייער פון א שוועסטער!"... אונדזער שכנה פּעסיע וויינט נישט, נאָר איר גראָבער גווידער טרייסלט זיך, און גרויסע טרערן, ווי באָב, קייקלען זיך איבער אירע פעטע גלאנצנדיקע באקן. אלע האָבן זיך שוין צעקושט, נאָר פּיניע נאָך נישט. זען פּיניען קושן זיך — דארף מען נישט קיין טעאטער: מחמת ער האָט א נידעריקע ראיה, טרעפט ער נישט ווו מע דארף, אָדער ער קושט אין באָרד אריין, אָדער אין שפּיץ נאָז, אָדער ער טוט זיך גאָר א בוצקע אין שטערן. דערצו האָט ער א טבע, אז ער גייט, שפּרינגט ער אונטער און פארטשעפּעט זיך ביי זיינע אייגענע פיס. איך זאָג אייך, פון פּיניען קאָן מען בלייבן אָן א בויך לאכנדיק. דאנקען השם יתברך, מיר זיצן שוין אין וואָגן. דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגן: אויפן וואָגן. אויבן־אָן, אויף די קישנס און צווישן די קישנס, זיצן: די מאמע, ברכה און טייבל. פּאַריטש (אקעגן) — מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע; איך מיט לייזערן — אויף דער קעלניע. די מאמע וויל אפילו, איך זאָל מיך אוועקזעצן ביי איר צופוסנס. זאָגט אָבער מיין ברודער אליהו, אז אויף דער קעלניע וועט מיר זיין בעסער. געוויס וועט מיר זיין בעסער! אויף דער קעלניע זע איך פאר זיך די גאנצע וועלט. און די גאנצע וועלט זעט מיך. לייזער נעמט זיך צו דער בייטש. דער עולם געזעגנט זיך נאָך. די ווייבער וויינען.

— זייט געזונט!

— פאָרט געזונט!

— שרייבט אונדז פון אייער געזונט!

— זייט מצליח!

— שרייבט אלע וואָך! למען השם, יעדע וואָך א בריוו!

— פארגעסט אונדז׳ נישט!

— לאָזט גריסן משהן, מיט בתיהן, מיט מאירן, מיט זלאטען, מיט חנה־פּערלען, מיט שרה־רחלען, מיט זייערע קינדער.

— גאָר פריינדלעך! זייט געזונט! זייט געזונט!

אזוי שרייען מיר אלע פונעם וואָגן ארויס, און איך וואָלט געמעגט שווערן, אז מיר פאָרן שוין. לייזער האָט געשענקט אלע דריי אָדלערס צו רעכטע שמיץ. איינעם האָט ער מכבד גע־

ווען מיטן שטעקן א חויץ. די רעדער קאטשען זיך. מיר שאָקלען זיך און העצקען זיך. איך שפּרינג אונטער אויף דער קעלניע און פאַל שיער נישט אראָפּ פאר פרייד. עס קיצלט מיך, עס גענדזלט מיך אין האלדז. עס גלוסט זיך מיר זינגען. מיר פאָרן. מיר פאָרן, מיר פאָרן קיין אמעריקע!

XIII

# מיר גנבענען די גרענעץ

א.

פאָרן מיט דער באַן איז א גן־עדן! מיט דער פור איז אויך נישט שלעכט, נאָר עס טרייסלט, און די זייטן טוען גאָכדעם ווי. סכנות. לייזערס פערד פליען טאקע ווי די אָדלערס, פונ־דעסטוועגן האָבן מיר זיך גענוג געשלעפּט, ביז מיר זענען געקומען צו דער סטאַנציע. און אז מיר זענען געקומען צו דער סטאַנציע, האָבן מיר נישט געקאָנט ארויס. מיר איז געווען גרינגער פון אלעמען. איך בין דאָך געזעסן מיט לייזערן אויף דער קעלניע. הארט איז טאקע געווען, און די ביינער האָבן גוט ווי געטאָן. דערפאר האָט מען אָבער געקאָנט אראָפּשפּרינגען אין איין מינוט. זיי האָבן שוין נישט געקאָנט שפּרינגען. איר ווייסט דאָך ווער: מיין ברודער אליהו מיט מיין שוועגערין ברכה, אונדזער חבר פיניע מיט זיין ווייב טייבל, און די מאמע מיינע. ערגער פון אלע איז געווען די ווייבער. זיי זענען אריין און פאררוזנעט געוואָרן! מע האָט פריער באדארפט ארויסווארפן פונעם וואָגן אלע פּעקלעך מיטן גאנצן בעטגעוואנט, און ערשט נאָכדעם שלעפּן די ווייבער איינציקווייז. און דאָס האָט אלץ געטאָן לייזער. ער איז טאקע א בייזער ייד און שעלט מיט טויטע קללות. ער איז אָבער אן ערלעכער, א געטרייער באלעגאָלע. אן עבירה, וואָס ער האָט אונדז אָפּגעוואָרפן מיט די פּעקלעך און מיטן בעטגעוואנט אויף דער סטאַנציע פון דער באַן, און אליין איז ער אוועק זוכן פארשוויגען אויף צוריק. מיר זענען

געבליבן אָן אים עלנד, ווי אויפן וואסער. ערשטנס, האָט אונדז דער גוי פון דער באַן אָנגעטאָן צרות. ער האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז פאר די פּעקלעך. און נישט אזוי פאר די פּעקלעך, ווי פאר'ן בעטגעוואנט. זיין עסק, וואָס מיר פירן א סך קישנס. די מאמע רעדט צו אים מיט גוטן. זי זאָגט אים, אז מיר פאָרן קיין אמעריקע. ווערט ער גזלן און זאָגט אונדז, אז מיר זאָלן פאָרן אין אזא אַן אָרט, וואָס איך שעם מיך ארויסצוזאָגן.

— מע דאַרף מיטן ערל שלאָגן בלאָט, אים עפּעס נתנען אויף דער יד...

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו צו אונדזער חבר פּיניע. אונדזער חבר פּיניע איז אונדזער פירער, אונדזער קאָפּ, ער קען רעדן גוט רוסיש. א חסרון, וואָס ער איז א ביסל צו א היציקער. מיין ברודער אליהו איז אויך א גוטער כעסן, אָבער נישט אזוי היציק, ווי פּיניע. באלד צינדט ער זיך אָן, ווי א פייער, און זידלט זיך. ער גייט צו צום גוי און טוט מיט אים א שמועס אויף רוסיש. איך גיב עס אייך איבער מיט זיין רוסישער שפּראַך און זעץ עס אייך באלד איבער אויף אונדזער לשון:

— סלוכאי נאָ, טשעלאָוויקו! טשאָרט מאָבי נע וזיאוו קאק מי פּאָיעכאלי וו'אמעריקו איז מנאָזשעסטוועניע טשיסלאָ פּאָדושקי אי פּאָדושעטשקו קאטאָרע מי טאָבי דאל נא וואָדקע אי מאָלטשי סוויניא!

אויף יידיש קומט דאָס אוים א סך שענער:

— הער נאָר, דו מענטשל! דער שווארץ־יאָר וועט דיך נישט נעמען, וואָס מיר פאָרן קיין אמעריקע מיט א סך קישנס און קישעלעך, פאר וועלכע מיר גיבן דיר א טרונק בראָנפן — און שווייג, חזיר!

אוודאי האָט אים דער גוי נישט אָפּגעשוויגן. ער האָט אים אָנגערופן מיט אלערליי נעמען: „זשיד באלאמייז“, „הינטישע מאָרדע“, „חזירשער אויער“, „פּאָהאנער גלויבן“. מיר האָבן מורא געהאט פאר א סקאנדאל, פאר פּאָליציע. מיין מאמע האָט שוין געבראָכן די הענט, געוויינט פאר פּיניען:

— ווער האָט דיך געבעטן, זאָלסט ארוים מיט דיין צונג, באוויזן, אז דו קענסט?

— האָט קיין מורא נישט, דער ערל וועט נעמען א חצי רו"ב, און מע וועט זיך איבערבעטן:

כך הוה. זיי האָבן זיך טאקע איבערגעבעטן. פּיניע האָט נישט אויפגעהערט צו שיטן מיט רוסיש. דער ערל האָט נישט אויפגעהערט צו שעלטן און האָט איבערגעטראָגן אלע פּעקלעך

מיט אלע קישנס אין א גרויסע שטוב מיט הויכע פענצטער, וואָס מע רופט דאָס „וואָקזאַל“. און ערשט דאָ הייבט זיך אָן די רעכטע חתונה. וואָס איז שוין ווייטער? דער גוי זאָגט, אז מע וועט אונדז נישט אריינלאָזן אין וואגאָן אריין מיט אזוי פיל קישנס און מיט אזוי פיל שמאטעס (דאָס מיינט ער, אפנים, די קאָלדרעס: א ביסל צערים דער אונטערשלאַג, זעט זיך ארויס די וואטע, הייסט דאָס שוין ביי אים שמאטעס!). עס בלייבט, מע זאָל גיין צום „נאטשאלניק“. ווער זאָל גיין? געוויינטלעך, פיניע! פיניע גייט מיטן גוי צום „נאטשאלניק“. איך גיי זיי נאָך. מיטן „נאטשאלניק“ שטעלט זיך אוועק פיניע אויסטענהן שוין גאָר מיט אן אנדער לשון. ער בייזערט זיך שוין נישט אזוי שטארק, נאָר ער רעדט און מאכט מיט די הענט. ער זאָגט אים עפּעס מאָדנע ווערטער, וואָס איך האָב זיי קיינמאָל נישט געהערט: „קאָלומבוס“... „ציוויליזאציע“... „אלעקסאנדער פאָן הומבאָלדט“... „סלאָנימסקי“... „מאטעמאַטיקע“... די איבעריקע ווערטער האָב איך שוין פארגעסן. דער „נאטשאלניק“ האָט אים גוט אויסגעהערט, אָנגעקוקט און אָפּגעשוויגן. אפנים, אז פיניע האָט אים גוט דערלאנגט! פונדעסטוועגן, האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן. מע האָט געמוזט אוועקגעבן דאָס גאנצע בעטגעוואנט אין באגאזש און ארויסגעמען א קוויטאנציע, די מאמע איז געווען אויסער זיך: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפן?

ב.

די מאמע האָט זיך אומזיסט געזאָרגט: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפן? איך בין אייך שוין מוחל דאָס שלאָפן. איך וואָלט א בעלן געווען, ס'זאָל כאָטש זיין ווי צו זיצן. ווי אויף צו־להכעיס, איז אין וואגאָן אזוי ענג, אז מע קאָן דערשטיקט ווערן. א חוץ אונדז, פאָרן נאָך א סך פארשוינען, יידן און קריסטן. און מע שלאָגט זיך פאר די ערטער. איבערן בעטגעוואנט האָבן מיר פארשפּעטיקט אלע בעסטע ערטער. מיר האָבן קוים באזעצט די ווייבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד. די מאמע אין איין זייט וואגאָן, ברכה און טייבל אין דער אנדערער זייט וואגאָן. אז זיי ווילן רעדן, מוזן זיי שרייען הויך איבערן גאנצן וואגאָן. לאכט מען פון זיי. מיין ברודער אליהו און אַנדזער חבר פיניע זענען געבליבן הענגען, ווי אין דער לופטן, נישט אהין, נישט אהער.

פּיניע איז בלינד, כאַפּט ער אַלע מאָל אַ קלאַפּ אין שטערן. און איך? פאַר מיר זאָרגט אייך נישט. מיר איז גוט. מיר איז אויסגעצייכנט. מע קוועטשט מיך טאַקע פון אַלע זייטן. איך שטיי אָבער ביי אַ פענצטער. דאָס וואָס איך זע, האָט איך געוויס קיינמאָל נישט געזען. פאַר מיינע אויגן פליען שטיבער, וויאָרסטן,ביימער, מענטשן, פעלדער, וועלדער — ס'איז נישט צו באַשרייבן! און ווי אַזוי פליט די באַן! און ווי אַזוי קלאַפּן די רעדער! ווי אַזוי טראַסקעט דאָס! ווי אַזוי פייפט דאָס! ווי אַזוי קוויטשעט דאָס! די מאַמע האָט מורא, איך זאָל נישט אַרויספאַלן דורכן פענצטער, שרייט זי אַלע מינוט אויף אַ קול: „מאָטל! מאָטל?" און עפּעס איינער אַ פּריצל מיט בלויע ברילן קרימט איר איבער און זאָגט איר נאָך מיטן אייגענעם ניגון: „מאָטל! מאָטל?" אַלע קריסטן לאַכן. די יידן מאַכן זיך נישט ווויסנדיק. די מאַמע הערט זיי אַוודאַי ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. זי הערט נישט אויף צו שרייען: „מאָטל! מאָטל?" וואָס וויל זי ווייטער? זי וויל, איך זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריין. מיר פירן מיט זיך פון כל טוב, רעטער, און ציבעלעס, און קנאָבל, און גרינע אוגערקעס, און האַרטע אייער. אויף יעדן איינציקן איין איי. איך האָב שוין לאַנג נישט אַזאַ הנאה געהאַט פונעם עסן. אַ ביסל האָט אונדז פאַרשטערט די סעודה טאַקע פּיניע אַליין. ער דאַרף זיך אָננעמען דעם יידנס קריוודע. ער קאָן נישט ליידן, למאי די קריסטן לאַכן, וואָס מיר עסן ציבעלקעס מיט קנאָבל. ער ציט זיך אויס, ווי לאַנג ער איז און רופט זיך אָן צום פּריצל, וואָס מיט די בלויע ברילן, אויף זיין רוסישער שפּראַך:

— אַ קאַק ווי קושאַיעטע סוויניאַ? (און אַז איר עסט חזיר?).

די דאָזיקע ווערטער האָבן דערלאַנגט די קריסטן ביזן ביין אַריין. איינעם פון זיי האָט דאָס, אפנים, אָנגענומען ביי דער לעבער. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט אַראָפּגעלאָזט אונדזער חבר פּיניען אַ פּאַטש, אַז עס האָט געגעבן אַ קלונג. פּיניע האָט פּייגט אָפּשווייגן. ער האָט אים געוואָלט געבן צוויי צוריק. איז ער דאָך אָבער בלינד. טרעפט ער אין אַן אַנדער קריסט. אַ גליק, וואָס עס קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר מיטן אָבער-קאָנדוקטאָר און עס ווערט אַ טומל אַ מהומה. אַלע רעדן. די יידן קלאָגן זיך אויף די קריסטן. איינעם האָט מען אָפּגעקוועטשט אַ פינגער פון פיס מיט אַ טשעמאָדאַן. איינעם האָט מען אַרויסגעוואָרפן דאָס היטל דורכן פענצטער. די קריסטן שרייען: ס'אַ ליגן! ס'אַ בלבול! די יידן שטעלן עדות, און דווקא צוויי קריסטן. איינער פון זיי איז אַ גלח. אַ גלח וועט נישט זאָגן קיין ליגן.

די קריסטן זאָגן, אז די יידן האָבן אונטערגעקויפט דעם גלח. דער גלח האלט א גאנצע דרשה. עס לויפן אָפּ אזוי עטלעכע סטאנציעס. אויף יעדער סטאנציע ליידיקט אויס דער וואגאָן א פּאָר פארשווינדלער. עס ווערט אלע מאָל גראָמער. אונדזערע ווייבער זיצן שוין, ווי די פּריצות, אויף די בענק מיט זייערע פּעקלעך. מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע האָבן זיך מחיה געווען. זיי האָבן די בעסטע ערטער. ערשט דאָ דער־זעט טייבל, אז ביי איר מאן פּיניע איז אויפגעלאָפן די באק, און מע קאָן דערקענען פינגער. טייבל איז אויס מענטש. זי האָט אויף אים רחמנות. פּיניע שווערט איר, אז ער פילט גישט קיין זאך. ער פילט נאָר, ווי סע שמארצט. ס'וועט באלד איבערגיין. *
ער האָט פיינט רעדן פון אזעלכע זאכן. ער רעדט בעסער מיט די יידן ער פרעגט זיי, ווהין זיי פאָרן. א סך פון זיי פאָרן קיין אמעריקע. דערהערט, אז קיין אמעריקע, ווערט אויף אונדז א גדולה.

— ס'טייטש, וואָסזשע האָט איר געשוויגן ביז אהער? מיר פאָרן דאָך אויך קיין אמעריקע!

אזוי זאָגט זיי פּיניע, און מיר ווערן גיך באקאנט. מיר ווייסן אלע, פון וואָסער א שטאָט איטלעכער פאָרט און צו וועמען.

— איר קיין ניו־יאָרק? מיר קיין פילאדעלפיע!

— וואָס איז דאָס פילאדעלפיע?

— אויך א שטאָט, ווי ניו־יאָרק.

— פּאוואָלי, האלט זיך איין! פילאדעלפיע קעגן ניו־יאָרק איז אזוי ווי איישישאָק קעגן ווילנע, דראזשנע קעגן אדעס, אָטוואָצק קעגן ווארשע, סעמיאנעווקע קעגן פּעטערבורג, קאזעלעץ קעגן בארקאָוו...

— טע־טע־טע! איר זענט דאָך עפּעס אויסגעוועזן א וועלט, קיין עין־הרע!

— לאָם איך עס פארמאָגן! אויב איר ווילט, וועל איך אייך אויסרעכענען אלע שטעט, וואָס איך בין דאָרט געווען...

— דאָס לאָזט איבער אויף שבת. זאָגט בעסער, יידן, וואָס טו איך מיט דער גרענעץ?

— איר וועט טאָן דאָס, וואָס מיר טוען, דאָס וואָס אלע טוען.

דאָ רוקן זיך צונויף אלע יידן איינגעם, און מע שמועסט וועגן גנבענען די גרענעץ. איך פארשטיי נישט, וואָס הייסט דאָס „גנבענען די גרענעץ“? מיר זענען דען גנבים?... וועמען פרעגט מען? די מאמע איז א יידענע. וואָס ווייסט א יידענע? מיין ברודער אליהו האָט פיינט, אז מע דולט אים א קאָפּ. א יינגעלע ווי איך, זאָגט ער, דארף זיך נישט אריינמישן צווישן גרויסע. פּיניע

איז פארטראַגן. ער רעדט. אַלע רעדן. איטלעכער דערציילט אַן אַנדער מעשה פון אַן אַנדער גרענעץ. איינער זאָגט, אַז די בעסטע גרענעץ אויף צו גנבענען איז גאַוואָסעליץ. דער אַנדערער זאָגט, אַז אויף בראָד איז בעסער ווי אומעטום. קומט צו גיין אַ דריטער און זאָגט, אַז אונגעני איז אויך נישט שלעכט. ווערט אַ געלעכ־טער: „אונגעני אויך מיר אַ גרענעץ!

— שאַט! מיר זענען שוין ביי דער גרענעץ!

ג.

„די גרענעץ“, האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער. צום סוף — גאָרנישט: די אייגענע הייזער, די אייגענע יידן מיט די אייגענע גוים, וואָס ביי אונדז. אפילו אַ מארק מיט קלייטן מיט שטעלעכלעך — אַלצדינג אַזוי ווי ביי אונדז. מיין שוועגערין ברכה און אונדזער חבר פיניעס ווייב טייבל זענען געגאַנגען אין מארק איינקויפן. איך וויל אויך מיט זיי גיין — לאָזט מיך די מאַמע נישט אָפּ פון זיך אויף איין מינוט. זי האָט מורא, מע זאָל מיך נישט אַוועקגנבענען סאַמע ביי דער גרענעץ. מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פיניע זענען נישטאָ. זיי דרייען זיך אַרום מיט פרעמדע יידן, וואָס איך קען זיי נישט. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זענען אַגענטן. די אַגענטן וועלן מיט אונדז גנבענען די גרענעץ. איינער זעט טאַקע אויס ווי אַ גנב. אַ גרינע קאַפּאָטע, אַ ווייסער שירם, און אויגן גנבישע. דער אַנדערער איז דווקא אַ פיינער מענטש מיט אַ קאַפּעליוש. און אַ יידענע דרייט זיך אויך אַרום אין קאָן. די יידענע ווייזט אויס אַ פרומע, אַן ערלעכע. זי טראָגט אַ שייטל אויפן קאָפּ און רעדט מיט גאָט. זי פרעגט די מאַמע, ווו וועט זי בענטשן ליכט אויב מיר האַלטן דאָ שבת? די מאַמע זאָגט, אַז מיר האַלטן דאָ נישט קיין שבת, שבת וועלן מיר שוין, זאָגט זי, מיט גאָטס הילף זיין אויף יענער זייט. די יידענע מאַכט אַ פרום פנים און זאָגט: אָמן, רבונו־של־עולם! זי האָט אָבער מורא, זאָגט זי, אַז מע פירט אונדז אין באָד אַריין. די אַגענטן, זאָגט זי, וואָס מיר האַנדלען מיט זיי, זענען פּראָסטע גנבים. זיי וועלן אויסנאַרן ביי אונדז דאָס געלט, זאָגט זי, און וועלן אונדז אַריינפירן אין אַ בלאָטע אַריין, אויב מיר ווילן, זאָגט זי, גנבענען די גרענעץ, זאָלן מיר גנבענען מיט איר, וועט אונדז זיין, זאָגט זי, אַז וויל און גוט!... אַזוי? איז זי,

הייסט עס, אויך א גנבטע? הייגט וואָס טראָגט זי א שייטל און רערט מיט גאָט?...

שוין געקומען מיין ברודער אליהו מיט אונדזער חבר פיניע, ביידע זענען עפּעס שטאַרק צעטראָגן. אפשר זיי האָבן זיך צעקריגט? איינער זאָגט אויפן אנדערן, אז איבער אים וועלן מיר דאָ שבת האַלטן. שבת האַלטן אליין איז נאָך גאָרנישט. מיר ווערן געוואָר, אז ביידע אַנטלויפן זיך באַרימט, אז מע וועט אונדז מסרן, אז מיר ווילן גנבענען די גרענעץ. ביז עפּעס וואָס — די מאַמע וויינט דערוויילע. מיין ברודער אליהו בייזערט זיך אויף איר, וואָס זי מאַכט א תל פון די אויגן. איבער אירע אויגן, זאָגט ער, וועט מען אונדז אַלעמען נישט אַריינלאָזן קיין אַמעריקע! מיין ברודער אליהו און פיניע הערן אויף צו האַנדלען מיט די אַנטלויפן. זיי זאָגן: אַן עק, מיר פאָרן נישט קיין אַמעריקע און גנבענען נישט די גרענעץ! מיר רייסט זיך אָפּ אין האַרצן. איך מיין, ס'איז טאַקע אַן אמת. צום סוף, איז דאָס גאָר א מאַניפאַרגע. פיניעס קאָפּ! דאָס האָבן זיי אומיסטנע אַזוי געזאָגט, בכדי זיך אָפּטשעפּען פון די אַנטלויפן. און מיר האָבן גענומען האַנדלען מיט דער יידענע. די יידענע האָט גענומען אַן אויפגאָב און האָט אונדז געזאָגט, מיר זאָלן זיין גרייט אויף היינט אַרום האַלבע נאַכט. די נעכט זענען פינצטערע נעכט. סוף חודש. אויסגעצייכנט גוט אויף צו גנבענען די גרענעץ. איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן זען, וואָס הייסט דאָס „גרענעץ" און ווי אַזוי וועלן מיר דאָס גנבענען?

ד.

א גאַנצן טאָג זענען מיר געווען באַשעפטיקט מיט די זאַכן. מיר האָבן אַלצדינג באַדאַרפט איינפּאַקן און אוועקגעבן דאָס דער יידענע. די זאַכן וועט זי אונדז איבערפירן נאָכדעם דער עיקר איז ביי איר, זאָגט זי, די נפשות. און זי זאָגט אונדז אָן, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך פירן. אז ס'וועט ווערן, זאָגט זי, האַלבע נאַכט, זאָלן מיר אַרויסגיין הינטער דער שטאָט. דאָרט איז פאַראַן, זאָגט זי, א בערגל. זאָלן מיר, זאָגט זי, דאָס בערגל דורכלאָזן, און נעמען זיך לינקס, און גיין און גיין, ביז מיר וועלן דערזען נאָך א בערגל. פון דעם בערגל זאָלן מיר זיך נעמען, זאָגט זי, רעכטס, און גיין אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן קומען צו א שענקל. אין שענקל זאָל אַריינגיין נאָר איינער פון אונדז, נישט אַלע.

אין שענקל וועלן מיר טרעפן, זאָגט זי, צוויי ערלים טרינקען בראָנפן ביי איין טישל, זאָלן מיר צוגיין, זאָגט זי, צו די ערלים און א זאָג טאָן „חיימאָווא" — איז שוין געגוג. וויבאלד זיי וועלן דערהערן, זאָגט זי דאָס וואָרט „חיימאָווא" (ס'איז איר נאָמען), אזוי וועלן זיי אויפשטיין און גיין מיט אייך ביזן וועלדל. אין וועלדל וועלן אויף אייך ווארטן נאָך פיר גויים. טאָמער וועלן זיי שלאָפן, זאָלט איר זיי אויפוועקן. אין וועלדל אז איר וועט גיין, זאָלט איר, זאָגט זי, זיין שטיל, קיין פיפס נישט ארויסלאָזן, מע זאָל חלילה נישט דערהערן און אויסשיסן. אויף יעדן טריט, זאָגט זי, איז דאָ א סאָלדאט מיט א ביקס און שיסט... פון וועלדל, זאָגט זי, וועלן אייך שוין די ערלים ארויספירן אויפן רעכטן וועג, בארג־אראָפ, און אָט זענט איר שוין אויף יענער זייט...

מיר איז די מעשה מיטן בערגל, מיטן שענקל, מיטן וועלדל שטארק געפעלן. די מאמע האָט א ביסל מורא. ברכה און טייבל — אויך. מיר לאכן פון זיי. נקבות ציטערן פאר א קאַץ אויך!...

קוים דערלעבט נאכט. אָפגעדאוונט מעריב, אָפגעגעסן וועטשערע, האָבן מיר אָפגעווארט ביז עס וועט ווערן רעכט פינצטער. פונקט צוועלף דעם זייגער האָבן מיר זיך אלע, זאלבעזעקסט, געלאָזט אין וועג אריין. פריער זענען געגאנגען מיר, מאנסבילן. נאָך אונדז זענען נאָכגעגאנגען די ווייבער, ווי געווינלעך. אזוי ווי די יידענע האָט נביאות געזאָגט, אזוי איז טאקע געווען. ארויסגעגאנגען פון שטאָט האָבן מיר דערזען א בערגל. האָבן מיר דורכגעלאָזט דאָס בערגל און זיך גענומען לינקס. פון דאָרטן זענען מיר געגאנגען און געגאנגען און דערזען נאָך א בערגל. פון דעם בערגל האָבן מיר זיך גענומען, ווי זי האָט אונדז אָנגעזאָגט, רעכטס און זענען געגאנגען אזוי לאנג, ביז מיר האָבן דערזען א שענקל. אין שענקל איז אריין אייגער פון אונדז. ווער? געווייגלעך, פיניע, מיר ווארטן א האלבע שעה, א שעה, צוויי שעה, — נישטאָ פיניע. הייבן אָן די ווייבער זאָגן, מע זאָל גיין זען, ווו איז פיניע? ווער זאָל גיין? מיין ברודער אליהו. זאָגט די מאמע: זי וויל נישט. זאָג איך: „אָט־אָ גיי איך". זאָגט די מאמע: זי האָט מורא. שאט! אָט איז פיניע „ווו ביזטו געווען אזוי לאנג?" — „אין שענקל". — „ווו זענען די ערלים?" — „זיי שלאָפן". — „פארוואָס האָסטו זיי נישט געוועקט?" — „פונוואנען ווייסט איר, אז איך האָב זיי נישט געוועקט?" — „פארוואָס האָסטו זיי נישט געזאָגט „חיימאָווא?"

— פון וואנען ווייסט איר, אז איך האָב זיי נישט געזאָגט?" נו?" — „נו־נו!" — איז דאָך שלעכט!" — „ווער זאָגט דען, ס'איז גוט?"...

ה.

מיין ברודער אליהו איז טאקע א חכם. ער זאָגט, זיי זאָלן גיין ביידע אין שענקל אריין, פּרוון זיך נאָך אמאָל אויפוועקן די ערלים. כך הוה. עס האָט נישט גענומען קיין האַלבע שעה. מיר טוען א קוק, זיי גייען מיט די צוויי ערלים. די ערלים זענען נאָך פארשלאָפן, א ביסל שכורלער און שפּייען און שעלטן זיך — סכנות נפשות. דאָס וואָרט „טשאָרט" ווערט איבערגע־הזרט אפשר הונדערט מאָל. די ווייבער הייבן אָן, דאכט מיר, מורא האָבן. איך דערקען נאָך זייער זיפצן און זייער קרעכצן און נאָך דעם „רבונו־של־עולם", וואָס די מאמע דערמאָנט אַלע מינוט שטילערהייט. הויך האָט זי מורא. מע הערט נישט פון אונדז קיין פּיפּס. מיר גייען און גייען, און מער קיין גויים זעען מיר נישט. ווו זענען די איבעריקע פיר? פּלוצעם שטעלן זיך אָפּ אונדזערע צוויי ערלים און רופן זיך אָפּ צו אונדז, מיר זאָלן זיי זאָגן, וויפל געלט מיר האָבן. עס פאלט אָן אויף אונדז אזא פּחד, אז מיר קאָנען נישט רעדן קיין וואָרט. שטעלט זיך ארויס די מאמע און זאָגט, אז מיר האָבן נישט קיין געלט. זאָגן זיי: ס'א ליגן. אלע יידן האָבן געלט. און נעמען ארויס צוויי לאנגע מעסערס און טראָגן אונדז צו גלייך צום פּנים און זאָגן: „וועט איר אונדז נישט אָפּגעבן באלד אינגאנצן וואָס איר האָט, זענט איר געקוילעט!"... אלע שטייען אָן לשון און ציטערן, ווי די לעמע־לעך. רופט זיך אָפּ די מאמע צו מיין ברודער אליהו, ער זאָל אויפבינדן די קעשענע און אָפּגעבן דאָס געלט (דאָס איז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פאר אונדזער האַלבער דירה). אין דער מינוט געפעלט מיין שוועגערין ברכה צו פאלן חלשות. דערזעען, אז ברכה איז געפאלן, שרייט די מאמע: געוואלד! אויף איר קוקנדיק, שרייט טייבל אויך: געוואלד! פּלוצעם — טראַך־טאַרעראַך!!!... דאָס האָט מען אויסגעשאָסן. דער שאָס צעטראָגט זיך מיט א ווידער־קול איבערן גאנצן וואלד. די ערלים זענען אויסגעטריקנט געוואָרן. ברכה האָט זיך אויפגעכאפּט. די מאמע כאפּט מיך מיט איין האנט און מיין ברודער אליהו מיט דער אנדערער האנט:

קינדער! לאָמיר לויפן!... דער שומר ישראל איז מיט אונדז!...

איך ווייס נישט, ווו עס נעמט זיך צו מיר אזוי פיל כוח אויף צו לויפן? אלע מאָל פארטשעפּען מיר זיך אָן א בוים און פאלן. מיר שטייען אויף און לויפן ווייטער. אלע מאָל דרייט אויס די מאמע דעם קאָפּ צוריק און טוט א פרעג שטילערהייט:

— פּיניע, דו לויפסט? ברכה, דו לויפסט? טייבל, דו לויפסט? לויפט, לויפט, דער שומר ישראל איז מיט אונדז!

וויפל מיר זענען אזוי געלאָפן — קאָן איך אייך נישט זאָגן. פונעם וואלד זענען מיר שוין לאנג ארויס. עס הייבט אָן ווערן ווי טאָג־לעך. עס בלאָזט א קיל ווינטל. נאָר אונדז איז היים סכנות. מיר דערזעען פאר זיך א גאס, און נאָך א גאס. א ווייסן קלויסטער, גער־טנער, הויפן, שטיבלעך. אפנים, דאָס איז דאָס שטעטל, וואָס די יידענע האָט אונדז געזאָגט נביאות. וויבאלד אזוי, זענען מיר דאָך שוין פון „יענער זייט". מיר באגעגענען א יידן, מיט אזעלכע פאות, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן נישט געזען. א קאפּאָטע טראָגט ער א לאנגע, א צעפליקטע. אויפן האלדז א גרינעם שאל. ער טרייבט א ציג. מיר שטעלן אים אָפּ מיט דער ציג און געבן אים „שלום". דער ייד פון דער ציג באטראכט אונדז פון קאָפּ ביז פיס. פּיניע פארבינדט מיט אים א שמועס. דער ייד פון דער ציג רעדט עפּעס מאָדנע. טאקע אונדזער לשון, נאָר מיט פּתחן. פּיניע פרעגט אים, צי ס'איז נאָך עפּעס ווייט צו דער גרענעץ? דער ייד פון דער ציג קוקט אים אָן: „וואָסער גרע־נעץ?"... עס לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מיר זענען שוין לאנג אויף דער זייט, מיר זענען שוין ווייט פון דער רוסישער גרענעץ.

— וויבאלד אזוי, היינט וואָסזשע לויפן מיר, ווי די משוגעים?

עס פאלט אויף אונדז אלעמען אָן א מוראדיק געלעכטער. די ווייבער פאלן אזש צו דער ערד לאכנדיק. נאָר די מאמע הייבט אויף די הענט ארויף: „איך דאנק דיר, גאָטעניו" — און צעוויינט זיך.

XIV

# מיר זענען שוין אין בראָד

א.

ווייסט איר, ווו מיר שפּארן אָן? אזש אין בראָד! איך מיין, אז מיר זענען שוין נאָענט צו אמעריקע. א שיינע שטאָט אָט דאָס בראָד! ס'איז גאָרנישט די שטאָט, די גאסן, די מענטשן, וואָס ביי אונדז. אפילו די יידן זענען דאָ נישט די יידן, וואָס ביי אונדז. דאָס הייסט, די יידן זענען די אייגענע יידן, וואָס ביי אונדז. און אויב איר ווילט, זענען זיי נאָך מער יידן, ווי אונדזערע יידן. די פּאות א סך לענגערע, ווי ביי אונדזערע. די קאפּאָטעס ביי זיי זענען כמעט ביז דער ערד. זיי טראָגן מאָדנע קאפּעליושלעך, גארטעלעך, מיט שיך און זאָקן, און די ווייבער — פּאריקן. נאָר דאָס לשון זייערס — אוי, דאָס לשון! דייטש רופט מען דאָס. ס'איז גאָרנישט דאָס, וואָס ביי אונדז. דאָס הייסט, די ווערטער זענען די אייגענע ווערטער, וואָס ביי אונדז, נאָר מיט פּתחן. למשל: „וואָס“ איז „וואס“. „דאָס“ איז „דאס“, „שלאָפן“ איז „שלאפען“, „ברויט“ איז „בראייט“, „פלייש“ איז „פלאייש“, „מאיר“ איז „מאייער“, א „בהמה“ איז „בהאיימע“, א „שייגעץ“ — „שאייגעץ“, „מילך“ איז „מעלך“, „ליכט“ איז „לעכט“, א „ייד“ איז א „יאיד“, א „ידענע“ — א „יאידענע“, „קינד“ איז „קונד“ א „טינטערל“ איז א „טונטערל“ א „ציבעלע“ איז א „צייבעלע“, א „סירגיקל“ — א „שוועבעלע“. היינט דאָס רעדן זייערס! אז זיי רעדן, זינגען זיי. עס קומט אוים גלייך, ווי זיי וואָלטן שטענדיק מעביר געווען די סדרה. מיר האָבן באלד געכאפּט דעם שניט. דער ערשטער איז געווען אונדזער חבר

פּיניע. ער האָט אָנגעהויבן רעדן דייטש כמעט פֿונעם ערשטן טאָג, וואָס מיר זענען געקומען. אים איז געווען גרינגער, ווייל דייטש האָט ער געלערנט נאָך אין דער היים. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז כאָטש ער האָט קיין דייטש קיינמאָל נישט געלערנט, פֿונדעסטוועגן פֿארשטייט ער נישט ווינציקער פֿון אים. איך הער מיך צו, ווי מע רעדט אויף דייטש, און לערן מיך. אין א פֿרעמד לאַנד מוז מען קענען די שפּראַך. אזוי זאָגט פּיניע. זיין ווייב טייבל רעדט שוין אויך האַלב דייטש. האַלב יידיש. מיין שוועגערין ברכה, אליהוס ווייב, וואָלט אפשר אויך וועלן רעדן דייטש, קאָן זי נעבעך נישט. א גראָבער קאָפּ ביי איר! זעט איר, די מאַמע וויל נישט הערן פֿון קיין דייטש. זי וועט, זאָגט זי, רעדן אזוי ווי זי האָט גערעדט אין דער היים. ברעכן זיך די צונג צוליב די דייטשן איז זי נישט מחויב. זי איז גאָר אויף זיי ברוגז. זי האָט געמיינט, אז די דייטשן זענען ערלעכע מענטשן. צום סוף, איז זי געוואָר געוואָרן, אז זיי זענען אויך נישט קיין גרויסע צדיקים. אַנומלט איז זי געווען אין מאַרק, האָט מען זי אָפּגענאַרט אויף דער וואָג. זי האָט געזאָגט, מע זאָל איר געבן א פֿונט, און געגעבן האָט מען איר — זי ווייסט אליין נישט וויפֿל.

אזוי דערציילט די מאַמע און לאָזט אויס, אז צווישן די דייטשן זענען, אפֿנים, אויך דאָ גנבים. דערהערט מיין שוועגערין ברכה, כאַפּט זי זיך אויף און פֿייערט און מאַכט מיט די הענט:

— גנבים זאָגט איר, שוויגער? א גנב אויף א גנב! איין גנב גרעסער פֿונעם אַנדערן! מע דאַרף זיך פֿאַר זיי היטן ערגער ווי ביי אונדז! ביי אונדז ווייסט מען כאָטש, אז א גוי איז א גנב.

— ביי אונדז, נאַרעלע, ווייסט דער גוי אליין, אז ער איז א גנב.

אזוי זאָגט די מאַמע און דערציילט א מעשה מיט בימקען. ס'איז געווען ביי אונדז אמאָל א שיקסע בימקע, דער טאַטע, עליו השלום, האָט נאָך דעמלט געלעבט. איז די בימקע געווען זייער א ווילע שיקסע, נאָר א ביסל א גנבטע. אז אלע זענען אוועקגעגאַנגען פֿון שטוב, פֿלעגט זי נישט וועלן בלייבן אליין. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר זיך אליין, זי זאָל עפּעס נישט אוועקגנבענען...

ב.

אַלצדינג איז ביי די דייטשן אַנדערש. אפילו דאָס געלט איז אויך נישט, ווי ביי אונדז. דאָ ווייסט מען נישט פֿון קאָפּיקעס, גריוונעס, צוואַנציקער, פֿערציקער. דאָ ווייסט מען נאָר גרייצערס.

אַלצדינג פאַרקויפט זיך דאָ אויפן גרייצער. פאַר אונדזערן א רובל גיט מען אייך אָן א שיעור גרייצערס. מיין מאַמע געפינט, אז ס'איז נישט קיין געלט. ס'איז קנעפּלעך. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז זיי צעגייען זיך עפּעס אונטער די פינגער, אזוי ווי שניי. אַלע טאָג זעצט ער זיך אוועק אין א ווינקעלע, און טרענט אויף די קעשענע, און נעמט ארויס א רובל, און פאַרנייט די קעשענע צוריק. אויף מאָרגן טרענט ער ווידער אויף די קעשענע, נעמט ארויס א רובל און פאַרנייט צוריק. אָט אזוי אַלע טאָג. און די טעג גייען אוועק, און אונדזערע פּעקלעך מיט אונדזער בעטגעוואַנט זענען נאָך אַלץ נישטאָ. די יידענע, וואָס האָט מיט אונדז געגנבעט די גרענעץ, האָט אונדז, אפּנים, אָנגעטאָן א רעכטן ספּאָדיק. א חוץ וואָס מען איז אונדז באַפאַלן אין וואַלד, טאַקע אירע שומרים אליין, וועלן מיר נאָך אפשר בלייבן אָן זאַכן. די מאַמע הערט נישט אויף צו ברעכן די הענט און צו וויינען אויף די זאַכן. „דאָס בעטגעוואַנט! די קישנס! ווי אזוי וועלן מיר זיך רירן קיין אמעריקע אָן בעטגעוואַנט, אָן קישנס?“... פּיניע פאַלט אַלע מאָל אויף אן אַנדער פּלאַן. ער וועט גיין, זאָגט ער, מיט א „זאיאוואָלעניע“ דורך דער באַן, מיט א „פּראָשעניע“ צום „נאַטשאַלניק“ פון דער גרענעץ. ער וועט זיך אריבערכאַפּן אהין צו דער יידענע און וועט איר מאַכן א פינצטערן סוף. ער וועט זי פרעגן: היתכן?!... ס'איז אָבער קאַלטע פּריפּאַרקעס! עס וועט נישט העלפן קיין „זאיאוואָלעניעס“ מיט קיין „פּראָשעניעס“. אריבערכאַפּן זיך צו דער יידענע וועט אים טייבל נישט לאָזן, ס'איז בלאָטע, מע זאָל איר אָנשיטן די שטוב מיט גאָלד. אזוי האָט זי געזאָגט בפירוש. עס ליגט איר נאָך אין טעם דאָס „גנבענען די גרענעץ“. מיר אַלע געדענקען נאָך דעם טעם פון דער גרענעץ. מיר דערציילן איטלעכן די מעשה, ווי אזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ, ווי אזוי די יידענע האָט אונדז געגעבן ערלים אויף אריבערצופּעקלען אונדז, ווי אזוי די ערלים האָבן אונדז געפירט און פאַרפירט אין א וואַלד און געוואָלט אונדז קוילען. א גליק, וואָס מיין שוועגערין ברכה האָט א טבע פון חלשן און וואָס מיין מאַמע האָט געמאַכט א געוואַלד. האָבן דערהערט די סאָלדאַטן און האָבן אָנגעהויבן שיסן. זענען זיך די ערלים צעלאָפן, און מיר זענען גענעזן געוואָרן. אזוי דערציילט די מאַמע. מיין ברודער אליהו דערציילט די אייגענע מעשה, נאָר א ביסל אַנדערש. שלאָגט אים ברכה איבער און דערציילט טאַקע דאָס אייגענע, נאָר א ביסל אַנדערש. זאָגט אונדזער חבר פּיניעס ווייב, טייבל, אז ברכה געדענקט נישט אַקוראַט, וואָרום ברכה האָט געחלשט. און טייבל

וויל אָנהייבן דערציילן די מעשה פון אָנהייב אָן, האקט איר פּיניע איבער און זאָגט, אז זי וויסט גאָרנישט. אָט וועט ער דערציילן נאָך אמאָל פון אָנהויב ביזן סוף. אלע טאָג און איטלעכן באזונדער דערציילן מיר די מעשה, ווי אזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ. אלע די, וואָס הערן, שאָקלען מיט די קעפּ, שמוצערן מיט די ליפּן. זיי זאָגן, אז מיר זענען גליקלעכע! מיר דארפן בענטשן גומל!

ג.

אויף דער זייט גרענעץ איז אונדז גוט, בעסער ווי אין דער היים. טאָן טוען מיר נישט קיין האנט אין קאלט וואסער. אָדער מיר זיצן אויף דער אכסניה, אָדער מיר גייען אויפן שפּאציר, אָנקוקן בראָד. א שיינע שטאָט. איך ווייס נישט, וואָס מיין שווענגערין ברכה האָט צו דער שטאָט. אלע טאָג געפינט זי אן אנדער חסרון אויף דער שטאָט. דאָס געפעלט איר נישט — ס׳איז בלאָטעק. דאָס זאָגט זי — סע שטינקט, ערגער ווי ביי אונדז. איינמאָל ביינאכט כאפּט זי זיך אויף מיט א געוואלד: מע האָט זי באפאלן. מיר זענען אלע אראָפּ פון די געלעגערס:

— ווער האָט דיך באפאלן? גזלנים?

— וואָסערע גזלנים? וואנצן!...

אין דער פרי דערציילן מיר דעם באלעבאָס פון דער אכסניה, ווייסט ער נישט מיט וואָס מען עסט דאָס. גיט אים פּיניע צו פארשטיין אויף דייטש, וואָס דאָס איז. זאָגט ער, אז ביי זיי ווייסט מען נישט דערפון. אין זייער דייטשעם לאנד זעט מען דאָס נישט. דאָס האָבן מיר, זאָגט ער, מסתמא געבראכט מיט זיך פון דער היים... איי, איז ברכה געווען אין כעס! זי האָט פיינט, זאָגט זי, דעם ייִדן, ערגער ווי א משומד! איך ווייס נישט, פארוואָס. דאכט זיך, זייער א פיינער מענטש. אז ער רעדט, האלט ער א ביסל דאָס מויל אויף א זייט און שמייכלט. הייגט האָט ער ליב געבן עצות. וווהין מיר זאָלן גיין, ביי וועמען מיר זאָלן קויפן און ביי וועמען נישט. און אז מיר גייען עפּעס קויפן, גייט ער מיט. און קויפן קויפן מיר, צום מיינסטן, מלבושים. מיר האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך אויסקליידן זיך. אונדזער חבר פּיניע זאָגט, אז ס׳איז נישט שיין, וואָס מיר גייען, ווי די שלעפּערס. אין א פרעמדער שטאָט דארף מען, זאָגט ער, ארויסגיין ווי מענטשן. ובפרט דאָ, אין אויסלאנד, וווּ עס איז האלב אומ=

זיסט. דאָס איז דאָך באוווסט אויף דער גאַנצער וועלט. קודם כל האָט ער זיך געקויפט א קאפעליושל, ווי מע טראָגט ביי די דייטשן, און א פּידזשאַק א קורצן ביז די קני מיט א נייעם שניפּס. אָנקוקן פיניען אין זיינע דייטשע מלבושים דאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזן. לאַנג און דין איז ער. א נידעריקע ראיה האָט ער. און אז ער גייט, שפּרינגט ער. היינט די נאָז? די מאמע זאָגט, אז ער האָט א פּנים פון א חוזק. מיין ברודער אליהו געפינט, אז ער זעט אויס ווי א „וויינגער" אָדער ווי א „קאַטערינשטשיק". פיניע זאָגט, אז ער ווייסט נישט וואָס איז שענער: צי א „וויינגער", צי א „קאַטערינשטשיק", צי גאָר א „שלעפער"? דאָס מיינט ער טאַקע אונדז. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז ער זאָל וועלן, קאָן ער זיך אויך אויסקליידן ווי א דייטש. ס'איז אָבער נישט קיין גרויסע קונץ, זאָגט ער, אויסברענגען געלט, טרענצלען קערבלער. מע דאַרף, זאָגט ער, דאָס קערבל היטן קיין אמעריקע... זאָגט אים פיניע: אין אמעריקע דאַרפן מיר קיין געלט נישט. דאָרטן, זאָגט ער, זענען מיר אליין געלט! ער רעדט איבער אונדז אזוי לאַנג, ביז מיין ברודער אליהו קויפט זיך אויך א קאפעליוש מיט א פּידזשאַק און מיר אויך א קאפעליושל מיט א רעקל. מיר גייען אלע דריי איבער די גאַסן און רעדן דייטש. איך בין זיכער, אז אלע מיינען, אז מיר זענען דייטשן. איין חסרון נאָר, וואָס אונדז גייען נאָך די ווייבער. איך מיין טאַקע די מאמע, מיין שווענערין ברכה און פיניעס ווייב טייבל. זיי טרעטן נישט אָפּ פון אונדז אויף קיין ווײַלע. די מאמע האָט מורא, איך זאָל צווישן די דייטשן נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן, און יענע גייען גלאַט נאָך, ווי די קעלבלעך. וואָס האָבן זיי מורא — ווייס איך נישט. מחמת מיר דרייען זיך ארום זאלבעזעקסט, קוקט די גאַנצע וועלט אויף אונדז. וואָס האָבן זיי נישט געזען?

— די גרעסטע נאַראָנים אין דער וועלט זענען דייטשן. — אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. א סימן, וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, גלייבן זיי אייך אויף נאמנות.

— א חוץ געלט. געלט איז ביי זיי טייערער, ווי ביי אונדז! א „גרייצער" איז ביי זיי די נשמה. פאַר א „קרוין" וועלן זיי אייך פאַרקויפן דעם טאַטן, און פאַר א „גולדן" — גאָט אליין!

אזוי זאָגט ברכה, און טייבל האַלט זי אונטער. אלע דריי ווייבער, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, זענען עפּעס נישט צופרידן מיט די דייטשן. איך ווייס נישט, פאַרוואָס. מיר זענען זיי דווקא געפעלן. ווען נישט אמעריקע, וואָלט איך דאָ געוואָלט זיין אייביק און אייביק. ווו האָט איר אזעלכע הייזער, ווי דאָ?

הייבט די מענטשן? אזעלכע גוטע מענטשן! אלצדינג פארקויפן זיי אייך! אפילו די בהמות זענען נישט די בהמות, וואָס ביי אונדז. שכל, קאָן זיין, האָבן זיי נישט מער ווי אונדזערע, נאָר זיי זעען אויס לייטישער. אלצדינג האָט דאָ אן אנדער פּנים. און רעדט מיט די ווייבער, זאָגן זיי, אז ביי אונדז איז בעסער. קיין זאך געפעלט זיי נישט, אפילו די אכסניה אויך נישט. און נישט אזוי די אכסניה, ווי די באלעבאטים. זיי רייסן די הויט, זאָגט ברכה. פאר א גלעזל וואַרעם וואסער הייסן זיי זיך באצאָלן. א ביסל זאלץ וועלן זיי אייך נישט געבן אומזיסט. אז מיר וועלן נישט אָפּפאָרן פון דאנען באצייטנס, וועלן מיר דארפן גיין איבער די הייזער.

אזוי זאָגט מיין שווענגערין ברכה. נאָר וואָס מיין שווענגערין ברכה קאָן זאָגן! למאי זי זאָגט אויף מיין ברודער אליהו, אז ער איז א יידענע? און אויף אונדזער חבר פּיניע זאָגט זי, אז ער איז א כל־בו, וואָס אין דער קאָרט. און אנדערע אויף טייבלם אָרט וואָלט איר געגעבן א וויסטן פּעטשאַטעק. טייבל איז אָבער, ווי די מאמע זאָגט, א מענטש אָן א גאל. זי שווייגט איר אָפּ. אלע שווייגן איר אָפּ. איך אויך. אויף מיר איז זי גזלן. מיך רופט זי דער „ווישקראָבעק“. אָדער „מאָטל מיט די פּיסקעס“. איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט, זאָגט זי, אין וועג א פּאָר גוטע פּיסקעס. מיך הייבט דאָס אפילו נישט אָן צו ארן. נאָר די מאמע וויל נישט ליידן, למאי זי רעדט פון מיינע פּיסקעס. הייבט אָן די מאמע וויינען. און מיין ברודער אליהו האָט פּייגט, אז די מאמע וויינט. ער זאָגט, אז זי מאכט זיך קאליע די אויגן, און מיט קאליעדיקע אויגן לאָזט אמעריקע נישט אריין.

ד.

איך קאָן אייך איבערגעבן א גייעס. מיר האָבן א גרוס פון אונדזערע זאכן. די יידענע, וואָס האָט מיט אונדז גענגבעט די גרענעץ, האָט מען איינגעזעצט אין טורמע. אונדזער חבר פּיניע קוועלט. ער זאָגט, אז ס'איז א גרויסע מצווה. זאָגט די מאמע: „ס'טייטש, און מיינע זאכן?“ זאָגט פּיניע: „נו, און מיינע זאכן?“... אצינד ווייסן מיר שוין פאר געוויס, אז אונדזערע זאכן זענען פארפאלן. וואָס טוט מען? מע דארף פאָרן ווייטער. א ברירה האָבן מיר? מיין ברודער אליהו גייט ארום אָן א קאָפּ. די מאמע רעדט אים אויס דאָס הארץ. זי זאָגט אים: וואָס וואָלטן מיר געטאָן, נארעלע, ווען מע זאָל געוועזן צונעמען ביי

אונדז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פאַר דער האַלבער דירה, און גאָר קוילען אויך? אונדזער חבר פּיניע גיט אָפּ דער מאַמען געדעכט. ער זאָגט, אַז אַ ייִד דאַרף שטענדיק זאָגן: „גם זו לטובה“. ברכה ליגט אויך צו אַ קנייטל. זי זאָגט, אַז ניט אומזיסט האָט זי אים אַ נאָמען געגעבן „ייִדענע“. מיר גרייטן זיך אין וועג אַרייַן. מיר צעפֿרעגן זיך ביי מענטשן, ווי אַזוי פֿאָרט מען קיין אַמעריקע? מענטשן הערן־אויס און גיבן אונדז עצות. איטלעכער אַן אַנדער עצה. איינער זאָגט: אויף פּאַריז. דער אַנדערער — אויף לאָנדאָן. אַ דריטער דרינגט, אַז אויף אַנטווערפּן איז נעענטער. מע פֿאַרדולט אונדז אַזוי דעם קאָפּ, אַז מיר ווייסן שוין אַליין ניט, וואָס צו טאָן. פֿאַר פּאַריז האָט די מאַמע מורא. אַ צו גרויסער טומל, זאָגט מען. אַנטווערפּן געפֿעלט ניט ברכהן. עפּעס אַנטווערפּן — אַ מאָדנער נאָמען. זי האָט אַזעלכן ניט געהערט. עס בלייבט לאָנדאָן. פּיניע זאָגט, אַז לאָנדאָן איז דאָס בעסטע. ער האָט געלייענט וויפֿל מאָל אין דער געאָגראַפֿיע (אַזאַ בוך), אַז לאָנדאָן איז אַ שאַרפֿע שטאָט. היינט קומט אַרויס פֿון דאָרטן משה מאָנטעפֿיאָרע, און ראָטשילד, זאָגט ער, איז אויך פֿון לאָנדאָן.

— ראָטשילד איז גאָר פֿון פּאַריז!

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. דאָס איז דאָך ביי זיי אַ כּלל, וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער פֿאַרקערט. אַז דער זאָגט: טאָג, זאָגט יענער נאַכט. דאָס הייסט, מע זאָל זיך קריגן — דאָס ניט, נאָר מע שפּאַרט זיך. זיי קאָנען זיך אַמאָל אַזוי אָוועקשפּאַרן אַ שעה כּסדר, ביז מע צעטעמט זיי. אַנומלט האָבן זיי זיך צעשפּאַרט איבער אַ דייטשעם וואָרט: „כריין“ איינער האָט געזאָגט, אַז כריין איז אויף דייטש: „כראַן“. דער אַנדערער האָט געדרונגען, אַז כריין דאַרף מען זאָגן אויף דייטש: „כראָן“, אַ שעה צוויי האָט מען זיך אָוועקגעריסן, ביז ס'איז געבליבן, מע זאָל קויפֿן אַ ווערצל כריין און מע זאָל דאָס ווייזן דעם באַלעבאָס פֿון דער אַכסניה. געבראַכט דאָס ווערצל כריין, פֿרעגט מען אים: „רב דייטש! מיר האָבן צו אייך אַ בקשה. נאָר איר זאָלט אונדז זאָגן דעם ריינעם אמת. ווי אַזוי הייסט ביי אייך אויף אייער לשון אָט די דאָזיקע פּרי — „כראַן“ אָדער „כראָן“?“ רופֿט זיך אָפּ דער באַלעבאָס: „אויף אונדזער דייטשער שפּראַכע הייסט דיזע פֿרוכט ניט „כראַן“ און ניט „כראָן“ נאָר „מערעטיך“... נאַט אייך אַזאַ משוגעת! קירע־דייטש איז אַ גוטער צו־להכעיסניק. ער קאָן אייך אַמאָל געבן אַ זאָג אַ וואָרט, זאָל זיין וואָס צו הערן. למשל, געביב, אַשטייגער, אַ זייגערל. דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זיין מער

פשוט פון א זייגערל? הייסט דאָס ביי קירע־דייטש נישט א זייגערל, נאָר „א האָר“ און א האָר איז ביי אים א „האר“. א האר איז ביי אים א „הער“. אהער איז ביי אים „היר־היר“. אז מע זאָגט קירע־דייטש, זאָל מען גלייבן!

ה.

האָט קיין פאריבל נישט, איך האָב מיך פאררעדט וועגן די גארישע דייטשן מיט זייער משוגענער שפּראך, און האָב פארגעסן, אז מיר פאָרן קיין אמעריקע. דאָס הייסט, נישט גלייך קיין אמעריקע — דערווייל פאָרן מיר קיין לאָנדאָן. און נישט גלייך קיין לאָנדאָן, נאָר קיין לעמבערג. דאָרט, אין לעמבערג, איז פאראן, זאָגט מען, א קאָמיטעט פאר עמיגראנטן. אפשר וועלן מיר קאָנען דורכן קאָמיטעט עפּעס באהילפיק ווערן. מיט וואָס זענען מיר ערגער פון אלע אנדערע עמיגראנטן? ובפרט, מיר האָבן נאָך געהאט אזא שאָדן — אונדזערע אלע פּעקלעך מיט אונדזער גאנצער בעטגעוואנט. די מאמע גרייט זיך שוין, ווי אזוי זי זאָל זיי זאָגן, ווי אזוי זי זאָל פאר זיי וויינען. מיין ברודער אליהו בעט זיך ביי איר: „נאָר נישט געוויינט! מע דארף אין זינען האָבן די אויגן. אָן אויגן לאָזט אמעריקע נישט אריין“...

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און גייט אריין צום באלעבאָס זיך צעצאָלן פאר דער אכסניה. אין עטלעכע מינוט ארום קומט אריין מיין ברודער אליהו א טויטער. וואָס איז? דער באלעבאָס האָט אים אוועקגעלייגט אזא חשבון, איז אים, זאָגט ער, פינצטער געוואָרן אין די אויגן. פאר אלצדינג רעכנט ער אונדז געלט. פאר לייכטער אויף ליכט־בענטשן רעכנט ער זעקס לייכטער — זעקס גרייצערס. פאר הבדלה — פיר גרייצערס. וואָסער הבדלה? ער, דער בעל־אכסניה, האָט געמאכט הבדלה און מיר האָבן געהערט, קומט אים פיר גרייצערס. פרעגן מיר אים: „וואָס עפּעס פיר?“ — זאָגט ער: „ווילט איר פינף, לאָז זיין פינף“. היינט רעכנט ער אונדז עפּעס א מין זאך מיטן נאָמען „קאָמיסיאָן“. וואָס איז דאָס פאר א שלאק? דאָס קומט אים, זאָגט ער, פאר דער טרחה, וואָס ער איז געגאנגען מיט אונדז קויפן מלבושים.

דערהערט אזא מעשה, כאפּט זיך אויף מיין שוועגערין ברכה מיט א פּלעסק אין די הענט.

— שווינגער! וואָס האָב איך אייך געזאָגט? זענען די דייטשן נישט ערגער ווי די נאכט־גזלנים אין וואלד? זענען אונדזערע

רוסישע כוליגאנעס נישט קיין צדיקים אקעגן זיי? מיר זענען דען אין בראָד? מיר זענען דאָך אין סדום!!!...

דאָס פארגלייכן אים מיט די רוסישע כוליגאנעס, ווייזט אויס, האָט דעם באַלעבאָס נישט אזוי פארדראָסן, ווי דאָס פארגלייכן בראָד מיט סדום. ער איז געוואָרן אָנגעצונדן! ער האָט אונדז געזאָגט, אז ס'איז זייער רעכט; וואָס די רוסישע „כוליגאנעס" מאכן אויף אונדז פּאָגראָמען. ער געפינט, אז ס'איז נאָך ווייניק, וואָס מע טוט אונדז. ווען ער זאָל זיין, זאָגט ער, דער רוסישער „קאיזער", וואָלט ער „געהאייסן", מע זאָל אונדז אַלעמען „אויסקאיילען" ביז „איינעם"!

מיר דאכט, איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז אונדזער חבר פּיניע איז א היציקער פּארשוין. ביז מע רירט אים נישט שטארק אָן, קאָן ער אייך שווייגן און שווייגן. נאָר טאָמער דערלאנגט מען אים מיט אזא וואָרט, וואָס ער האָט פיינט, איז חיות נישט זיכער! פּיניע האָט זיך אויפגעכאפּט, אויסגעצויגן זיך ווי לאנג ער איז, צוגעגאנגען גלייך צום באַלעבאָס פון דער סטאנציע און האָט אים אויסגעשריען אויפן קול גלייך אין פּנים אריין:

— קירע דאאאייטש!!!... א רוח אין דיין טאאאטן אריין!

אמת, דער „קירע-דייטש" האָט אונדזער חבר פּיניען געקאָסט טייער. דער באַלעבאָס האָט אים פארן „קירע-דייטש" אויפגעוואָרפן צוויי שווערע, געשמאקע פּעטש, אז פונקען זענען געפלויגן. עס האָט אָבער געהאט דעם זיבעטן חן... גאנץ בראָד האָט זיך צונויפגעלאָפן. ס'איז געווען „ליהודים". איך האָב ליב, אז ס'איז פריילעך.

דעמזעלבן טאָג זענען מיר אנטלאָפן קיין לעמבערג.

XV

# קראָקע מיט לעמבערג

## א.

לעמבערג, זעט איר, איז שוין גאָרנישט דאָס וואָס בראָד. ערשטנס, די שטאָט אליין. ריין, ברייט, ציכטיק, שיין — פארנעמט אן אויג! דאָס הייסט, ס'איז פאראן אין לעמבערג אויך אזעלכע גאסן, ווי אין בראָד, וואָס אז מע גייט אין מיטן זומער, דארף מען אָנטאָן טיפע קאלאָשן און פארשטעלן די נאָז. דערפאר אָבער איז פאראן אין מיטן שטאָט א גאָרטן, וואָס אלע מענטשן גייען שפּאצירן, אפילו ציגן. א פרייע מדינה. שבת גייען יידן מיט שטריימלעך פראנק און פריי אויף אלע גאסן, און קיינער זאָגט זיי נישט א וואָרט. הייגט די מענטשן? גאָלד און זילבער! מיין מאמע זאָגט, אז פון בראָד ביז לעמבערג איז אזא חילוק, ווי פון טאָג צו נאכט. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז עס טוט אים באנג, וואָס ביי דער גרענעץ שטייט פריער בראָד און נאָכדעם לעמבערג. עס וואָלט בעסער געווען, זאָגט ער, זיין פארקערט. גיט אים אונדזער חבר פיניע צו פארשטיין, אז דערפאר איז לעמבערג בעסער פון בראָד, ווייל עס שטייט ווייטער פון דער גרענעץ און נעענטער צו אמעריקע. זאָגט אים אליהו: „א פאָלג מיך א גאנג! ווו איז לעמבערג און ווו איז אמעריקע!“ זאָגט אים פיניע, אז וואָס ס'איז שייך צו שטעט, מעג ער זיך נאָך דערוויילע לערנען ביי אים, ווארום ער האָט געלערנט געאָגראפיע. זאָגט אים מיין ברודער אליהו: „אז דו האָסט געלערנט געאָגראפיע, זאָג זשע מיר, ווו איז דער קאָמיטעט?“ — „וואָסער

קאָמיטעט?“ — „דער עמיגראַנטן־קאָמיטעט!“ — „אַ סמיכות־הפרשה! וואָס געהער זיך עס אָן מיט געאָגראַפיע?“ — „דער וואָס ווייסט געאָגראַפיע, דער דאַרף וויסן אַלצדינג“.

אַזוי זאָגט צו אים מיין ברודער אליהו, און מיר פרעגן זיך נאָך אויפן קאָמיטעט. וועמען מיר פרעגן, ווייסט קיינער נישט. אַ מאָדנע שטאָט.

— זיי ווייסן, נאָר זיי ווילן נישט זאָגן!

אַזוי פסקנט מיין שוועגעריין ברכה. איר געפעלט קיין זאַך נישט. אויף לעמבערג האָט זי אויך אַ חסרון: צו ברייטע גאַסן. אַ חסרון — די כלה איז צו שיין. אונדזער חבר פּיניעס ווייבטייבל האָט אַן אַנדער חסרון אויף לעמבערג. דהיינו? למאי זאָגט מען ביי אונדז „קראָקע מיט לעמבערג“? אַז מען עסט אַ זויערע זאַך, זאָגט מען: „ס'איז אַזוי זויער, אַז מע קאָן דערזען קראָקע מיט לעמבערג“. אָדער אַז מע דערלאַנגט איינעם אַ גוטן פּאַטש, זאָגט מען, אַז „ער האָט דערזען קראָקע מיט לעמבערג“.

בקיצור, די ווייבער האָבן שוין אַזאַ טבע. זעלטן זיי זאָל עפּעס געפעלן!...

ב.

מיר האָבן זיך שוין דערפרעגט צום קאָמיטעט. אַ הויכע שטוב מיט אַ רויטן דאַך. פריער דאַרף מען שטייַן אַ ביסל אין דרויסן. דאָס הייסט, נישט אַ ביסל, נאָר אַ סך. נאָכדעם עפנט מען די טיר. דאַרף מען גיין אויף טרעפּ. אַז מע קומט אַרויף, טרעפט מען אַ סך מענטשן. צום מיינסטן, אונדזערע רוסישע, עמיגראַנטן רופט מען זיי. כמעט אַלע זענען זיי הונגעריק און אַלע האָבן קליינע זויגעדיקע קינדער. די וואָס האָבן נישט קיין זויגעדיקע קינדער זענען אויך הונגעריק. מע הייסט זיי קומען מאָרגן. מאָרגן זאָגט מען זיי ווידער אַמאָל, זיי זאָלן קומען מאָרגן, מיין מאַמע באַקענט זיך מיט אַ סך ווייבער. איטלעכע פון זיי האָט אויף זיך אַן אַנדער אומגליק. פאַרגלייכן, זאָגט זי, איר אומגליק מיט זייערע אומגליקן, קומט אויס, אַז זי איז נאָך איינע אַ גליקלעכע! אַ סך פון זיי זענען אַנטלאָפענע פון פּאָגראָמען. וואָס זיי דערציילן זיך אָן איז אַ געוואַלד! אַלע פאָרן זיי קיין אַמעריקע, און קיינער האָט נישט מיט וואָס. אַ סך פון זיי האָט מען אָפּגעשיקט צוריק. אייניקע גיט מען אַרבעט. אייניקע שיקט מען אָפּ קיין קראָקע. דאָרט איז, זאָגט מען, דער אמתער

קאָמיטעט. וואָסזשע איז דאָ? — זיי ווייסן אַליין נישט. מע הייסט זיי קומען מאָרגן, קומען זיי. ווו איז דער קאָמיטעט? אָט דאָס איז דאָך דער קאָמיטעט. ווער איז דער קאָמיטעט? זיי זאָלן אַזוי וויסן פון בייז! עס קומט אַריין אַ הויכער פּאַרשוין מיט אַ געשטופּלט פּנים און מיט גוטע לאַכנדיקע אויגן.

— אָט דאָס איז איינער פונעם קאָמיטעט. ער איז אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר מיט די גוטע לאַכנדיקע אויגן זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטול. אַלע מינוט גייט צו צו אים אַן אַנדער עמיגראַנט און טענהט עפּעס, מאַכט מיט די הענט. דער דאָקטאָר הערט אים אויס און ענטפערט אים, אַז ער איז איין מענטש אַליין. ער קאָן גאָרנישט העלפן. פאַראַן, זאָגט ער, ביי אונדז אַ קאָמיטעט פון עטלעכע און דרייסיק פּאַרשוין, נאָר קיינער וויל נישט קומען. וואָס קאָן איך, איין מענטש אַליין, טון?

די עמיגראַנטן ווילן נישט וויסן, וואָס ער איז איין מענטש אַליין. זיי קאָנען דאָ מער נישט זיצן. זיי האָבן שוין אויפגעגעסן פון זיך וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי זאָגן, אָדער מע זאָל זיי געבן בילעטן קיין אַמעריקע, אָדער מע זאָל זיי אָפּשיקן צוריק. דער דאָקטאָר טענהט, אַז ער קאָן זיי נאָר שיקן קיין קראָקע, אויב זיי ווילן. דאָרט איז דאָ אַ קאָמיטעט. אפשר וועט זיי יענער קאָ־מיטעט עפּעס קאָנען העלפן. די עמיגראַנטן הערן דאָס אויס און זאָגן, אַז זיי האָבן נישט דערוויילע פון וואָנען אַ טאָג איבער־צולעבן. דער דאָקטאָר נעמט אַרויס דאָס בייטעלע און שענקט זיי אַ מטבע. די עמיגראַנטן באַטראַכטן די מטבע און גייען אַוועק. עס קומען אָן נייע עמיגראַנטן. זיי פאַלן, זאָגן זיי, מיטן פּנים צו דער ערד.

— וואָס ווילט איר? — טענהט נעבעך דער דאָקטאָר.

— מיר ווילן עסן! — זאָגן די עמיגראַנטן.

— אָט האָט מען מיר געבראַכט עסן, עסט.

אַזוי זאָגט זיי דער דאָקטאָר מיט די גוטע לאַכנדיקע אויגן און ער ווייזט זיי אויפן אָנבייסן, וואָס מע האָט אים געבראַכט: קאַווע מיט ווייסע בולקעלעך. ער זאָגט, אַז ער מיינט דאָס ערנסט. ער גיט זיי אַוועק זיין אָנבייסן. וואָס זאָל ער טאָן, איין מענטש אַליין? די עמיגראַנטן באַדאַנקען אים. זיי זאָגן, אַז נישט פאַר זיך בעטן זיי, פאַר זייערע קינדער נעבעך.

— נו, ברענגט אהער די קינדער! — זאָגט דער דאָקטאָר און טוט אַ ווונק צו אונדז מיט זיינע גוטע לאַכנדיקע אויגן.

— וואָס ווילט איר?

ג.

טרעט ארויס די מאמע צום גוטן דאָקטאָר מיט די לאַבנדיקע אויגן און הייבט אים אָן דערציילן א מעשה פונעם אָנהייב, ווי אזוי זי האָט געהאט א מאן. דער מאן איז געווען א חזן און האָט געקרענקט און געקרענקט. נאָכדעם איז ער געשטאָרבן, איבערגעלאָזט זי אַן אַלמנה מיט צוויי קינדער. איינעם אַן עלטערן און איינעם נאָך כמעט אַן עופהלע (דאָס מיינט מען מיך). האָט זי דעם עלטערן חתונה געמאכט. ארייננעגעבן אים אין א שמאַלץ־גרוב. די שמאַלץ איז אויסגערונען, די גרוב איז געבליבן. דער שווער האָט זיך געשטעלט, און דער זון דאַרף שטיין צום פּריזיוו...

— מאמע, וווהין ביסטו פארפאָרן?

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און שטעלט זיך אוועק דער־ציילן די אייגענע מעשה, נאָר אין אַן אנדער אופן. ער הייבט אָן אזוי:

— יאָ פּריזיוו נישט פּריזיוו, — מיר פאָרן, הייסט עס, קיין אמעריקע. דאָס הייסט, איך, און מיין מאמע, און מיין ווייב, און א קליין ברודערל (דאָס מיינט מען מיך), און אָט דער יונגערמאַן (ער ווייזט אויף פּיניען) פאָרט אויך, הייסט עס, מיט אונדז. האָבן מיר באַדאַרפט אריבער די גרענעץ. זענען מיר, הייסט עס, געקו־מען צו דער גרענעץ. און אזוי ווי קיין פּעסער, הייסט עס, האָבן מיר נישט, וואָרום מיר דאַרפן ביידע שטיין צום פּריזיוו...

— אָט דאָ לאָז מיך! — רופט זיך אָן אונדזער חבר פּיניע און שטופּט אָפּ מיין ברודער אליהו און דערציילט די אייגענע מעשה, נאָר א ביסל אנדערש. כאָטש אליהו איז מיר א ברודער, פונדעסטוועגן מוז איך מודה זיין, אז פּיניע רעדט א סך שענער פון אים. ערשטנס, איז ביי אים נישטאָ קיין „הייסט עס", ווי ביי מיין ברודער אליהו. הייגט קען ער רוסיש זייער גוט. א סך ווערטער זענען ביי אים רוסישע, און גלאַט שיינע ווערטער, מחיהדיקע. א סך פון זיי פאַרשטיי איך נישט וואָס ער מיינט, נאָר זיי זענען שיין. אָט ווי אזוי אונדזער חבר פּיניע האָט אָנגעהויבן:

— איך וועל אייך געבן אין קורצן א ווזגליאַד אויף דער גאַנ־צער פּאָלאָזשעניע, וועט איר האָבן א טאָטשקע זרעניע. מיר פאָרן קיין אמעריקע נישט אזוי צוליב וואָינסקי פּאָווינאָסט, ווי צו־ליב סאַמאָסטאָיאַטעלנאָסט און ציוויליזאַציע, וואָרום מיר זענען דאָרט זייער סטיעסניטעלני נישט נאָר אין פּראָגרעס, נאָר אפילו אין וואָזדוך, ווי טורגעניעוו זאָגט — און וואָוטאָריך, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז דער יעוורעיסקי וואָפּראָס מיט די

פּאָגראָמען, קאָנסטיטוציע און טאָמו פּאָדאָבנע, ווי באָקל זאָגט אין זיין היסטאָריא ציוויליזאציא...

אַן עבירה! דאָ האָבן ערשט אָנגעהויבן גיין די שיינע ווערטער. אונדזער חבר פּיניע האָט זיך ערשט רעכט צעשאָקלט. ער האָט זיך ערשט פֿארקאטשעט רעדן און רעדן — צום סוף האקט אים איבער דער דאָקטאָר סאמע אין מיטן, טוט א זופּ די קאווע און רופט זיך אָן צו אים מיט א שמייכל:

— זאָגט: וואָס ווילט איר?

טרעט ארויס ווידער מיין ברודער אליהו און מאכט צו פּיניען:

— למאי זאָלסטו האָבן א טבע רעדן נישט צו דער זאך?

דאָס פֿארדריסט, אפּנים, אונדזער חבר פּיניען, מהמת ער טרעט אָפּ אויף א זייט, פֿארטשעפּעט זיך פֿאר זיינע אייגענע פּיס, און רופט זיך אָן ברוגזלעך:

— דו רעדסט בעסער? רעד דו!

און מיין ברודער אליהו גייט צו צום טיש און דערציילט נאָך אמאָל די מעשה בקיצור.

ד.

זענען מיר, הייסט עס, געקומען צו דער גרענעץ. געקומען צו דער גרענעץ, האָבן מיר אָנגעהויבן האנדלען, הייסט עס, מיט די אגענטן. און די אגענטן, ווייסט איר דאָך, זענען גרויסע ממזרים. האָבן זיי אָנגעהויבן לויפֿן איינער איבערן אנדערן, גראָבן, מסרן, יאבעדן, ביז ס'האָט זיך אונטערגעכאפּט איינע א יידענע, הייסט עס, א לייטישע, אן ערלעכע, א פֿרומע, א כשרע. און האָט זיך אויסגעגליכט מיט אונדז פֿארן מקח, הייסט עס, זיך אונטערגענומען אונדז אלעמען אריבערפֿעקלען, פֿריער אונדז, און נאָכדעם די זאכן. האָט זי אונדז געגעבן, די יידענע, הייסט עס, צוויי ערלים, שומרים, הייסט עס...

— אָט אזוי גיך? זע נאָר! ער איז שוין פֿארטיק מיט די ערלים.

אזוי שפּרינגט ארויס מיין שווענערין ברכה, שטופּט אָפּ מיין ברודער אליהו און דערציילט בעסער אליין די מעשה. טאקע די אייגענע מעשה, נאָר א ביסל אנדערש: ווי אזוי די יידענע האָט אונדז געהייסן גיין און גיין, ביז מיר וועלן דערזען א בערגל. פֿונעם בערגל זאָלן מיר זיך נעמען רעכטס און גיין, ביז מיר וועלן קומען צו נאָך א בערגל. זאָלן מיר זיך פֿון יענעם

בערגל נעמען לינקס און גיין און גיין, ביז מיר וועלן קומען צו א שענקל. זאָל ארייגגיין איינער פון אונדז אין שענקל, וועט ער טרעפן צוויי ערלים טרינקען בראָנפן. זאָל מען צוגיין צו די ערלים און זאָגן זיי נאָר איין וואָרט „חיימאָוואו“, וועלן זיי שוין וויסן און וועלן אונדז פירן איבער א וועלדל. א גליק, וואָס איך האָב א טבע פון חלשן...

רופט זיך אָן דער דאָקטאָר:

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, מיינע ליבע וויי־בער? איך האָב אויך א טבע פון חלשן. זאָגט מיר אין קורצן, וואָס ווילט איר?

טרערט ארויס די מאמע ווידער אמאָל, און עס קומט פאָר צווישן איר און צווישן דאָקטאָר אזא מין געשפרעך:

מאמע: איר ווילט אין קורצן? מע האָט ביי אונדז צוגע־גומען די זאכן.

דאָקטאָר: וואָסערע זאכן?

מאמע: דאָס בעטגעוואנט: צוויי איבערבעטן, פיר קישנס גרויסע, און נאָך צוויי גרויסע קישנס, און דריי קליינינטשקע ממזרימלעך איבערגעשאָטן.

דאָקטאָר: דאָס איז גאָר?

מאמע: און קאָלדרעס דריי, צוויי אלטע, איינע א נייע. און מלבושים א פּאָר, און א פּאַטשיילע א זיידענע, און...

דאָקטאָר: נישט דאָס פרעג איך. מער קיין אומגליק האָט איר נישט געהאט?

מאמע: וואָסער אן אומגליק ווילט איר נאָך?

דאָקטאָר: איך מיין, וואָס פעלט אייך?

מאמע: בעטגעוואנט.

דאָקטאָר: דאָס איז גאָר?

מאמע: ס'איז אייך קארג?

דאָקטאָר: און בילעטן האָט איר? געלט האָט איר?

מאמע: גישט צו פארזינדיקן. מיר האָבן שיפסקארטן, מיר האָבן אויך בילעטן.

דאָקטאָר: זענט איר דאָך, דאנקען גאָט! איך בין אייך מקנא. לאָמיר זיך בייטן. מיינט נישט, איך שפּאַס. איך זאָג עס אייך אָן ליצנות. נאָט אייך מיין אָנבייסן, נאָט אייך מיינע עמי־גראנטן, נאָט אייך מיין קאָמיטעט, און גיט מיר אייערע שיפס־קארטן מיט אייערע בילעטן, פאָר איך אוועק קיין אמעריקע היינטיקן טאָג. וואָס קאָן איך דאָ טאָן, איינז מענטש אליין, מיט קיין עין־הרע אזויפיל אָרעמע לייט?

דער דאָקטאָר איז עפּעס — מיר ווייסן אליין נישט וואָס! — אזוי האָבן מיר אָפּגעפּסקנט, און מיר ווילן נישט מאכן דאָ קיין לאנגע שהיות. מיין ברודער אליהו זאָגט: אן עבירה די הוצאות. לאָמיר בעסער פאָרן קיין קראָקע. א סך עמיגראנטן פאָרן קיין קראָקע, לאָז זיך אונדז דאכטן, עלעהיי מיר זענען אויך עמיגראנטן.

— אז מיר זענען אין לעמבערג, מוזן מיר שוין זיין אין קראָקע אויך. — זאָגט אונדזער חבר פּיניע.

— בכדי ס'זאָל אויסקומען, אפּנים, קראָקע מיט לעמבערג? — באפּט אונטער זיין ווייב טייבל.

זייט געזונט, מיר פאָרן קיין קראָקע.

XVI

# מיט די עמיגראַנטן

א.

אז איר ווילט פאָרן קיין אמעריקע, זאָלט איר פאָרן נאָר מיט עמיגראַנטן. אז איר פאָרט מיט עמיגראַנטן, איז אייך גוט. קומט איר אין א שטאָט, פארשפּאָרט איר זוכן אן אכסניה. מע האָט אייך אָנגעגרייט אן אכסניה פון פריער, דערויף איז דאָך געמאַכט געוואָרן א קאָמיטעט. א קאָמיטעט זעט, אז איר זאָלט האָבן אלצדינג גרייט. מיר, אז מיר זענען אָנגעקומען די ערשטע נאַכט קיין קראָקע, האָט מען אונדז באלד פארטריבן אין אזא מין שטוב, אָדער א קאמער, אָדער א שטאַל. דאָרט האָבן מיר אָפּגעוואַרט ביז אין דער פרי. אין דער פרי איז מען געקומען צו אונדז פונעם קאָמיטעט און מע האָט אונדז פארשריבן אלע ביי די נעמען. די מאמע האָט אפילו נישט געוואָלט זאָגן אונ־דזערע נעמען. זי האָט מורא געהאַט פארן פּריזיוו. א קשיא אויף א מעשה? האָבן די עמיגראַנטן זי אויסגעלאַכט: וואָס גייט אָן קירע־דייטש אונדזער רוסישער פּריזיוו? נאָכדעם האָט מען אונדז געבראַכט אלעמען אויף א גרויסער אכסניה. א גאַנצע שטוב מיט א סך בעטלעך מיט אָן א שיעור עמיגראַנטן. „עס זעט דאָ אויס ווי ביי אונדז א הקדש“. אזוי געפינט מיין מאַמע און מיין שוועגערין ברכה זאָגט: „שוויגער, לאָמיר בעסער פאָרן ווייטער“. איך האָב אייך שוין געזאָגט אמאָל, אז די ווייבער האָבן א טבע — עס געפעלט זיי נישט קיין זאַך. אויף אלצדינג מאַכן זיי אייך א חסרון. אויף דער שטאָט קראָקע האָבן זיי גלאַט געוואָרפן אן אומחן פון דער ערשטער מינוט. אפילו מיין

ברודער אליהו איז אויך אין כעס אויף קראָקע. קראָקע, זאָגט ער, איז נישט לעמבערג. אין לעמבערג איז כאָטש דאָ יידן, און אין קראָקע איז נישטאָ קיין יידן. דאָס הייסט, ס'איז דאָ יידן, נאָר משונה־מאָדנע יידן — אנדרוגינוסן, האלב ייד האלב פּליאקע, פאַרדרייט די וואָנסעס און „פּראָשע פּאניע!“... אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. נאָר אונדזער חבר פּיניע וויל אים איבערשפּארן. ער זאָגט, אז דאָ איז פאראן מער „ציוויליזאציע“. איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס איז דאָס אזעלכעס „ציוויליזאציע“, וואָס אונדזער חבר פּיניע קאָן זיך אָן דעם נישט באגיין?

ב.

אויף דער אכסניה, וואָס מע האָט אונדז אָנגעגרייט פונעם קאָמיטעט, איז אויסגעצייכנט גוט. דאָס הייסט, עס איז נישט אזוי גוט, ווי פריילעך. מע באקענט זיך אלע מאָל מיט נייע עמיגראנטן. מע זיצט אינאיינעם, מען עסט אינאיינעם, מע דערציילט מעשיות. אך, וואָסערע שיינע מעשיות! נסים ונפלאות! נסים פון פּאָגראָם. נסים פונעם פריזיוו. נסים פון דער גרענעץ. איטלעכער דערציילט אַן אנדער מעשה פון זיין אַגענט. איינער פרעגט ביים אנדערן: „ווער איז געווען אייער אגענט ביי דער גרענעץ — א רויטער, צי א שווארצער?“ ענטפערט אים דער אַנדערער: „נישט קיין רויטער, נישט קיין שווארצער, נאָר אזוי א גנב“...

געוויינלעך, דערציילן מיר אונדזער נס אויך, ווי אזוי גאָט האָט מיט אונדז געפירט, ווי אזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ, ווי אזוי די אגענטן האָבן אונדז באפאלן, ווי אזוי מיר האָבן זיך באקענט מיט א יידענע, ווי אזוי די יידענע האָט ביי אונדז אויסגענארט די זאכן, ווי אזוי אירע שומרים, צוויי ערלים, האָבן אונדז פאַרפירט אין אַ וואלד, געפרעגט אונדז, וויפל געלט מיר האָבן, און ארויסגענומען מעסערס אויף צו קוילען. א גליק, וואָס אונדזער ברכה האָט א טבע פון חלשן און וואָס די מאַמע האָט געמאכט א געוואלד, — האָט זיך דערהערט א שאָס, זענען די ערלים אַנטלאָפן און מיר זענען דערוויל אריבער אויף יענער זייט... אלע הערן אויס אונדזער מעשה, שאָקלען מיט די קעפּ און שמועצערן מיט די ליפּן. איינער א הויכער עמיגראַנט מיט א בייזן קוק און מיט וואטע אין די אויערן טוט אונדז א פרעג:

— ווי אזוי זעט זי אויס, די יידענע? א פרומע, א כשרע, מיט א שייטל אויפן קאָפּ?

דערהערט, אז אונדזער יידענע איז א פרומע, א כשרע, מיט א שייטל אויפן קאָפּ, — טוט דער הויכער עמיגראַנט מיטן בייזן קוק זיך א כאַפּ אויף און א זאָג צו זיין ווייב, וואָס זי הייסט שרה:

— שרה! דו הערסט? ס'איז דאָך די אייגענע יידענע!

— א כאָליערע זאָל קומען אויף איר און אויף אלע אגענטן, רבונו של עולם!

אזוי זאָגט זיין ווייב שרה, און זי דערציילט אונדז אויך א שיינע מעשה, ווי אזוי די אייגענע יידענע מיטן שייטל האָט זי אָפּגענאַרט. באַנומען פון קאָפּ ביז פיס און געוואָלט אריינרוקן זיי שיפסקארטן קיין אמעריקע.

דערהערט דאָס וואָרט „שיפסקארטן", כאַפּט זיך אויף אן עמיגראַנט, א שניידער, מיט שווארצע אויגן און מיט א בלאַס פּנים, און רופט זיך אָן:

— שיפסקארטן? לאָזט מיך, וועל איך אייך דערציילן א מעשה פון שיפסקארטן.

און דער שניידער מיט די שווארצע אויגן און מיטן בלאַסן פּנים וויל אָנהייבן דערציילן א מעשה פון שיפסקארטן, שטייט אויף נאָך איין עמיגראַנט, וואָס מע רופט אים טאָפּאָלינסקי. ער זאָגט, אז ער האָט א שענערע מעשה מיט שיפסקארטן, ווי אַזוי אין שטעטל ביי זיי איז דאָ א קאָמפּאַניע, וואָס פארקויפט כלומרשט שיפסקארטן פון ליבאַווע קיין אמעריקע, האָבן זיי דערטאַפּט א יונגנמאַן און האָבן ביי אים אויסגענאַרט עטלעכע און זעכציק קארבן און האָבן אים אריינגערוקט עפּעס א סוכה־שער מיט א רויטן אָדלער. דער יונגערמאַן קומט קיין ליבאַווע, וויל זיך זעצן אויפן שיף, נעמט ארויס און באַווייזט דעם סוכה־שער, מיטן רויטן אָדלער. ווער? וואָס? א געבטיקער טאָג! ס'איז נישט קיין שיפסקארטע, ס'איז נאָר א שיר־המעלות!

ג.

די מעשה מיט די שיפס קארטן הייבן מיר אָן צו ווערן נמאס. איך האָב ליב עמיגראַנטן. איך האָב מיך בעסער באַקענט. און וואָגאָן זיצנדיק, מיט א יינגל פון די עמיגראַנטן אין מיינע יאָרן. מע רופט אים קאָפּל, און ער האָט א צעשפּאָלטענע ליפּ. די ליפּ איז אים געקומען פון א פאַל. ער איז געקראָכן אויף א לייטער און איז געפאַלן אויף א שייט האָלץ. ער שווערט, אז

ס'האָט אים גאָרנישט ווי געטאָן, גאָר בלוט איז געגאַנגען א סך. נישט גענוג, זאָגט ״״, ער האָט זיך צעשפּאָלטן די ליפּ, האָט ער נאָך געכאַפּט קלעפּ פונעם טאַטן. אָט דער הויכער, וואָס מיטן בייזן קוק און מיט וואַטע אין די אויערן, דאָס איז מאַקע זיין טאַטע. און די יידענע, וואָס מע רופט זי שרה, דאָס איז זיין מאַמע. זיי זענען געווען, זאָגט ער, אַמאָל גרויסע נגידים. דאָס הייסט, נישט אַמאָל, מאַקע אָט דאָ נישט לאַנג, פאַרן פּאָגראָם. איך פרעג אים, ווי אַזוי איז דאָס א פּאָגראָם? איך הער אַלץ פון די עמיגראַנטן, מע זאָגט: „פּאָגראָם“, „פּאָגראָם“, נאָר וואָס דאָס איז — ווייס איך נישט. רופט זיך אָן צו מיר קאָפּל:

— א פּאָגראָם ווייסטו נישט? עה! ביסט דאָך נאָר א ניונקעלע! א פּאָגראָם איז א זאַך, וואָס איז היינט אומעטום. הייבן הייבט זיך עס אָן כמעט פון גאָרנישט, און אַז עס הייבט זיך אָן, ציט זיך עס אַוועק דריי טעג...

— וואָסזשע, זאָג איך, איז דאָס? א יאריד?

— וואָסער יאריד? א שיינער יאריד! מע שלאָגט פענצטער! מע ברעכט מעבל! מע טרענט קישנס! פעדערן פליען, אַזוי ווי שניי!

— אקעגן וואָס?

— נא דיר גאָר אקעגן וואָס! אקעגן שמערלען! א פּאָגראָם איז נישט נאָר אויף הייזער אַליין. א פּאָגראָם איז אויף קלייטן. מע צעשלאָגט אַלע קלייטן און מע וואַרפט אַרויס פון דאָרטן די סחורה אויף דער גאַס, און מע צעטראָגט, און מע צעראַבעוועט, און מע צעשיט, און מע באַגיסט מיט נאַז, און מע צינדט אונטער, און מע ברענט.

— גיי שוין, גיי!

— וואָס דען מיינסטו? איך וועל דיר אויסטראַכטן? נאָכדעם, אַז ס'איז נישטאָ שוין וואָס צו ראַבעווען, גייט מען איבער די הייזער מיט העק, מיט אייזנס און מיט שטעקנס, און פּאָליציי גייט נאָך פון הינטן. מע זינגט און מע פייפט און מע שרייט: „עי, רעביאַטאַ, בעי זשידאָוו!“ און מע שלאָגט, מע הרגעט, מע קוילעט, מע שטעכט מיט שפּיזן...

— וועמען?

— וואָס הייסט וועמען? יידן!

— פאַרוואָס?

— נא דיר גאָר פאַרוואָס! ס'איז דאָך א פּאָגראָם!

— און אַז א פּאָגראָם, איז וואָס?

— גיי אוועק, דו ביסט א קעלבל! איך וויל מיט דיר נישט רעדן!

אזוי זאָגט צו מיר קאַפּל, שטופּט מיך אָפּ פון זיך און לייגט אריין די הענט אין די קעשענעס, ווי א גרויסער. מיר שטייט נישט אָן די מעשה. סע פאַרדריסט מיך אויף קאַפּלען, וואָס ער האלט זיך אזוי גרויס אקעגן מיר. נאָר איך מאך א שוויינ. „ווארט-אוים, גדלניוק! וועסט אמאָל אָנקומען צו מיר!"...

אזוי טראכט איך מיר, און לאָז דורך עטלעכע מינוט. איך גיי צו ווידעראמאָל צו קאַפּלען און מאך מיט אים א שמועס. שוין נישט פון פּאָגראָמען — פון אנדערע זאכן. איך פרעג אים, צי ער קאָן רעדן אויף דייטש. צעלאכט ער זיך: „ווער קאָן דאָס נישט קיין דייטש? דייטש איז דאָך יידיש!"...

— אזוי? אז דו קאָנסט יאָ דייטש, זאָג זשע מיר, ווי אזוי זאָגט מען כריין אויף דייטש?

צעלאכט זיך קאַפּל נאָך שטארקער, קוים וואָס ער קאָן אויס-רעדן א וואָרט.

— וואָס הייסט, ווי אזוי איז כריין? כריין איז כריין!

— אויב אזוי, זאָג איך, ווייסטו טאקע נישט!

— ווי אזוי זשע דען איז כריין?

אויף צו להכעיס, האָב איך אליין אויך פארגעסן, ווי אזוי מע זאָגט אויף דייטש כריין. איך האָב געוווסט, נאָר איך האָב פארגעסן. גיי איך צו צו מיין ברודער אליהו און פרעג אים: ווי אזוי איז אויף דייטש כריין? זאָגט ער: ער וועט מיר געבן א כריין, וועט מיר פארגיין אין די ציין... מיין ברודער אליהו איז, אפּנים, און כעס. אלע מאָל, ווען ער גייט צו דער קעשענע נעמען געלט, איז ער אין כעס. אונדזער חבר פיניע לאכט פון אים. זיי ווערטלען זיך. איך זוך מיר אויס אן אָרט אויף דער ערד צווישן די פעקלעך און לייג מיך שלאָפן.

ד.

מיר האָבן אין קראָקע נישט געמאכט גאָרנישט נישט. אין קאַ-מיטעט זענען מיר נישט געווען. די עמיגראנטן האָבן אונדז געזאָגט, אז ס'איז ארויסגעפאָרן. אז איר קומט, זאָגן זיי, אין קאָמיטעט, הייבט זיך אָן א דולעניש. קודם פארשרייבט מען אייך די יאָרן. נאָכדעם שיקט מען אייך אָפּ צו א דאָקטאָר, ער זאָל אייך באטראכטן. נאָכדעם הייסט מען אייך ווארטן. נאָכ-

דעם הייסט מען אייך קומען. קומט איר צו גיין, פּרעגט מען אייך: וואָס זענט איר געקומען? זאָגט איר, אז מע האָט אייך געהייסן קומען, זענט איר געקומען. הייבט מען אייך אָן זאָגן מוסר, למאי איר פאָרט קיין אמעריקע. פּרעגט איר: וווהין דען זאָלן מיר פאָרן? זאָגט מען אייך: ווו שטייט דאָס געשריבן, אז איר דארפט פאָרן? דערציילט איר זיי א מעשה מיט א פּאָגראָם. זאָגן זיי: איר זענט אליין שולדיק. א סימן, אָט האָט נעכטן א ייִנגל פון אייערע עמיגראנטן אוועקגעגנבעט א בולקע אין מיטן מארק. זאָגט איר: אפשר איז ער געווען הונגעריק? זאָגן זיי: אָט האָט זיך נעכטן צעשלאָגן פון אייערע עמיגראנטן אין מיטן גאס א מאן מיט א ווייב, מע האָט געמוזט אראָפּברענגען זשאנדארמען. זאָגט איר: דאָס ווייבל איז געווען גערעכט; זי האָט דערקענט איר מאן, וואָס האָט זי אוועקגעוואָרפן אין דער היים, געוואָלט אנטלויפן קיין אמעריקע. האָט זי אים דערזען דאָ אומגעריכט און האָט אים געפּאקט. האָט ער זיך געוואָלט ארויסרייסן און אנטלויפן. האָט זי געמאכט א געוואלד... זאָגן זיי: למאי גייען אייערע עמיגראנטן, צום מיינסטנס, אָפּגעריסן? זאָגט איר: זיי זענען אָרעם; לאָז מען זיי געבן קליידער, וועלן זיי נישט גיין אָפּגעריסן. בקיצור, מוסר זאָגן זיי, און קיין געלט גיבן זיי נישט.

אזוי קלאָגן זיך פאר אונדז די עמיגראנטן. זיי זאָגן, אז מיר זענען גליקלעכע מענטשן, וואָס מיר האָבן ביז אהער נישט באדארפט אָנקומען צו דער לאסקע פונעם קאָמיטעט. די מאמע זאָגט: זי וואָלט איצטער אויך נישט אָנגעקומען צו זיי, ווען נישט דאָס בעטגעוואנט. ווען מע נארט נישט אויס ביי אונדז די זאכן אויף דער גרענעץ, וואָלט זי איצטער געווען א „קייסערינע“. איך דערמאן מיך אָן דער מאמעס זיידענע געלע פאטשיילע, וואָס זי פלעגט טאקע אויסזען אין איר ווי א „קייסערינע“. די מאמע זאָגט אָבער, אז קיין זאך טוט איר נישט אזוי באנג, ווי דאָס בעטגעוואנט. וואָס וועלן מיר טאָן אין אמעריקע אָן בעטגעוואנט?

אזוי זאָגט די מאמע, ברעכט די הענט און צעוויינט זיך. דערהערט מיין ברודער אליהו, צעשרייט ער זיך אויף איר:

— שוין? דו וויינסט שוין ווידער? האָסט פארגעסן, אפנים, אז מיר זענען שוין נאָענט צו אמעריקע, און מע דארף הוטן די אויגן?

מיינט איר אוודאי, אז מיר זענען טאקע נאָענט צו אמעריקע? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! מיר דארפן נאָך פאָרן און

פאָרן! וווהין פאָרן — ווייס איך גאָר נישט אקוראט. איך הער פון די עמיגראנטן נעמען פון שטעט: האמבורג, ווין, פאריז, לאָנדאָן, ליווערפול... אויף האמבורג זאָגן אלע, אז עס מעג זיך אָנצינדן היינטיקן טאָג. האמבורג, זאָגן זיי, איז סדום. דאָרטן טרייבט מען די עמיגראנטן אין א באָד אריין, ערגער ווי ארעס־טאנטן. אזעלכע רשעים, ווי אין האמבורג, איז נישטאָ אין ערגעץ.

אזוי זאָגן די עמיגראנטן, און מיר קלייבן זיך דערוויי̈ל קיין ווין. דאָרטן, זאָגט מען, איז פאראן א קאָמיטעט, טאקע וואָס א קאָמיטעט הייסט!

יאָ קאָמיטעט, נישט קאָמיטעט — איך ווייס דערווייל, אז מיר פאָרן קיין ווין. איר האָט אמאָל געהערט פון דער שטאָט ווין? ווארט צו א ביסל, אָט וועלן מיר קומען קיין ווין, וועל איך אייך דערציילן אלצדינג, וואָס אין ווין טוט זיך.

XVII

# ווין איז א שטאָט און גאָט איז א פּאָטער

א.

— ווין איז א שטאָט!

אזוי האָט געפּסקנט מיין ברודער אליהו, און אונדזער חבר פיניע האָט צוגעבאָמקעט:

— נאָך א מין שטאָט! פון שטאָטענלאנד א שטאָט!

אפילו די ווייבער, וואָס זיי געפעלט נישט קיין זאך אין דער וועלט, האָבן אויך צוגעגעבן, אז ווין איז א שטאָט. צוליב דער שטאָט ווין האָט די מאמע ארויסגענומען די שבתדיקע זיידענע פאטשיילע. מיין שוועגערין ברכה האָט זיך אויסגעפּוצט, ווי צו דער חתונה. זי האָט אָנגעטון איר שבתדיק מלבוש און האָט אויסגעזען אינעם פארוק מיט די לאנגע באָמבעלדיקע אויערינגלעך און מיט איר רויט קלייענדיק פּנים, אזוי ווי א רויטע קאץ אין א שווארצן שלייער. איר האָט אמאָל געזען א רויטע קאץ אין א שווארצן שלייער? איך האָב שוין געזען. אונדזער שכנה פּעסיעס קינדער האָבן ליב מאכן מיט דער קאץ אלערליי אָנשטעלן און טעאטער־שפּיק. די קאץ האָט ביי זיי, ווי איך האָב אייך שוין אמאָל דערציילט, א מאָדנעם צונעמעניש: „פייגע־לאה די גבאיטע". זיי האָבן שוין אמאָל אָנגעטאָן „פייגע־לאה די גבאיטע" א יארמלקע. עס פארשטייט זיך, אז זיי האָבן איר די יארמלקע אונטערגעבונדן מיט צוויי בענדלעך און האָבן זי געלאָזט לויפן. א חוץ דעם, האָבן זיי איר אָנגעהאָנגען אויפן עק, אפּנים, פון שיינקייט וועגן, א פלעדערוויש. די יארמלקע איז געווען פאר איר, ווייזט אויס, א ביסל צו גרויס, האָט דאָס

איר פארשטעלט די אויגן, און דעם פלעדערוויש קאָן זי נישט לײדן. האָט זיך „פּײנע־לאה די גבאיטע“ געלאָזט לויפן משוגענערווייז, דראַפּען זיך אויף די גלייכע ווענט, און האָט אָנגעמאכט ביי אלע שכנים מוראדיקע שאָדנס. אי, האָט מען זיי דעמלט געקאטעוועט! מער פון אלע האָט געהאט „ושתי“, הערשל הייסט דאָס, אָט דער, וואָס מיט דער גאָלי אויפן שטערן. א מאָדנער ייִנג, אָט דער „ושתי“! וויפל מע זאָל אים נישט שלאָגן, איז דאָס ווי אין וואנט. איך בענק נאָך אים מער ווי נאָך אלעמען! עס קאָן זיין, אז מיר וועלן זיך אין גיכן זען מיט אים אין אמעריקע. מיר האָבן געהאט א ידיעה, אז אונדזער שכנה פּעסיע מיט איר מאן משה דעם איינבינדער מיט דער גאנצער באלעבאטעווע פאָרן היינט קיין אמעריקע. פריער האָט זי געלייגט קנייטלעך, וואָס מיר פאָרן אין אזא וויט לאנד, און איצט פאָרט זי אליין אויך אהין. אלע פאָרן היינט קיין אמעריקע. אזוי שרייבט אונדז אונדזער מחותן יונה דער בעקער. ער פאָרט אויך קיין אמעריקע. ער איז שוין אויף דער גרענעץ. נישט אויף דער גרענעץ, וואָס מיר האָבן געגנבעט. אויף אן אנדער גרענעץ. אונדזער גרענעץ טויג נישט. אויף אונדזער גרענעץ גנבעט מען אוועק דאָס בעטגעוואנט. אויף אנדערע גרענעצן גנבעט מען אויך בעטגעוואנט. נאָר מע פאלט נישט אָן אין מיטן וואלד מיט שארפע מעסערס, ווי מען איז אָנגעפאלן אויף אונדז, למשל. עמיגראנטן דערציילן, אז ס'איז פאראן אזעלכע גרענעצן, ווו מע טוט אוים נאקעט און מע נעמט צו וואָס מע האָט. נאָר שלאָגן שלאָגט מען נישט. אונדז האָט מען אויך נישט געשלאָגן, נאָר מע האָט אונדז געוואָלט שלאָגן. מיר זענען שיער נישט געשטאָרבן פאר שרעק. א גליק, וואָס מע האָט אויסגעשאָסן פון א ביקס. איך האָב דאָך אייך שוין דערציילט אמאָל, ווי אזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ. מיר האָבן שוין לאנג פארגעסן. מיר האָבן פיינט געדענקען א זאך. אמת, די ווייבער דערציילן נאָך היינט אויך די נסים, וואָס מיט אונדז האָט געטראָפן בשעת גנבענען די גרענעץ. עס מישן זיך אָבער אריין די מאנסבילן, איך מיין דאָס מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע, און לאָזן נישט, אז די ווייבער זאָלן דערציילן. זיי וועלן דאָס אליין דערציילן א סך בעסער. אונדזער חבר פּיניע זאָגט: ער מוז דאָס באשרייבן אין די גאזעטן. ער האָט שוין אפילו אָנגעהויבן דאָס צו באשרייבן אין א לידל. איך האָב אייך, דאכט מיר, אמאָל דערציילט, אז פּיניע שרייבט לידלעך. דאָס לידל פון דער גרענעץ הייבט זיך אָן ביי אים אזוי:

ראדזיוויל איז נישט גרעסער ווי א געגעץ,
דאָרט גנבעט מען די גרענעץ,
און מע ווערט באגנבעט פון קאָפּ ביז פוס,
און מע ווערט באהאנדלט זייער מיאוס;
מע גיט אוועק וואָס מע האָט,
און מע זאָגט נאָך דאנקען גאָט!
מען איז גליקלעך, ווי די ראבע קעץ,
וואָס מען איז אריבער אָן א זעץ,
און אָן א קלאפּ, און אָן א שטורך,
און אָן א מעסער דורך און דורך...

דאָס איז ערשט אן אָנהייב, זאָגט פּיניע. ווייטער גייט ביי אים, זאָגט ער, נאָך פיל שענער! ער האָט געמאכט, זאָגט ער, א באשרייבונג פון בראָד אויך. און פון קראָקע מיט לעמבערג אויך. און אלצדינג אין גראמען. פּיניע איז דערויף א מזיק. אלצדינג גראמט זיך ביי אים. אפילו אויף זיין אייגן ווייב טייבל האָט ער אויך געמאכט א לידל. איך קען עס אויף אויסנ-ווייניק:

איך האָב א ווייבל,
הייסט זי טייבל,
גוט און שיין
און מלא חן,
קיין עין-הרע זאָל נישט שאטן!
איין חסרון —
וויל נישט פאָרן
צוריק אהיים צום טאטן...

וואָס זאָגט איר אויף דעם לידל? זאָלט איר אָבער זען, ווי טייבל בלאָזט זיך! (זי האָט א טבע פון בלאָזן זיך). מיין שוועגערין ברכה נעמט זיך אָן איר קריוודע. זי רופט פּיניען „שמדילניק“. די מאמע רופט אים „שלימזל“. זיי קאָנען נישט ליידן, למאי ער מאכט לידלעך. מיין ברודער אליהו, פאַרקערט, איז אים מקנא. ער זאָגט, אז אין אמעריקע איז גראמען און לידער א סחורה. מיין ברודער אליהו זאָגט, אז אין אמעריקע וועט ער די סחורה פארצוקערן. מע וועט אים אין אמעריקע, זאָגט ער, אָפּגילטן. אין אמעריקע זענען דאָ א סך בלעטער מיט א סך יידישע גאזעטן. פּיניע זאָגט, אז ער ווייסט אליין, אז אין אמעריקע וועט ער מאכן גוט. ער פילט, זאָגט ער, אז ער איז באשאפן פאר אמעריקע און אמעריקע איז באשאפן פאר

אים. ער וואָלט שוין געוון, זאָגט ער, מיר זאָלן שוין זיצן אויפן שיף און שווימען אויפן ים. דערווייל זיצן מיר נאָך אויף דער טרוקעניש און זענען אין ווין.

ב.

וואָס טוען מיר אין ווין? גאָרנישט. מיר שפּאַצירן איבער די גאַסן. איי, גאַסן! איי, שטיבער! איר זאָלט זען פענצטער! שפּיגלען, נישט קיין פענצטער! הייגט זאכן! צאַצקעס! מלבושים! כלים! צירונג! כמעט ביי יעדן פענצטער שטעלן מיר זיך אוועק שאצן, וויפל סע קאָן אָנטרעפן. מיר, מאַנסבילן, שאצן, און די ווייבער ווינטשעווען זיך פאַרמאָגן כאָטש האַלב פון דעם, וואָס סע טרעפט אָן די שטאָט ווין מיט די הייזער און מיט די געוועלבן און מיט די סחורות. צעלאַכט זיך פּיניע און זאָגט:

— איר מעגט זיך ווינטשן כאָטש א צענט־חלק, איז אויך גענוג.

— וואָס אַרט דיך, אז האַלב? דו פאַרגינסט זיי נישט?

אזוי זאָגט צו אים מיין ברודער אליהו און דרייט זיך דאָס בערדל. אין דער צייט פון אונדזער נסיעה קיין אמעריקע האָט דאָס בערדל ביי מיין ברודער אליהו שטאַרק א וואַקס געטאָן. און מאָדנע א וואַקס געטאָן עפּעס ווי א בעזעם. איך בין א בעלן געווען אים געבן א נעם אראָפּ אויף פּאַפּיר. איך האָב אנומלטן פּיניען אויך אָפּגעמאָלט אויף א שטיקל פּאַפּיר. און מיין שוועגערין ברכה האָב איך אראָפּגעכאַפּט מיט א שטיקל קרייד אויפן טיש. האָב איך געכאַפּט א מיאוסן פּסק. זי אליין, ברכה הייסט עס, האָט דערזען און האָט זיך דערקענט ווי אין א שפּיגל. האָט זי צוגערופן מיין ברודער אליהו. האָב איך פון אים געהאַט! ווען נישט די מאַמע, וואָלט ער מיר געמאַכט דעם טויט. ער שלאָגט מיך אלע מאָל, ווען ער דערזעט מיך מאָלן. מאָלן האָב איך ליב פון קינדוויז אָן. פריער פלעג איך מאָלן מיט שוואַרצע קויל אויף די ווייסע ווענט, האָט מען מיך געשלאָגן. נאָכדעם — מיט קרייד אויף דער טיר, האָט מען מיך אויך געשלאָגן. איצט מאָל איך שוין מיט א בלייַשטיפטל אויף פּאַפּיר — וויל מען מיך ווייטער שלאָגן.

— האָסט שוין ווידער גענומען זיך צו די „מענטשעלעך“?...

פאַר מאָלן שלאָגט מען מיך נישט אזוי, ווי פאַר קנעטן. איך האָב א טבע קנעטן ווייך ברויט און מאַכן פון דעם חזירימ־לעך. מיין ברודער אליהו אז ער דערזעט, גיט ער מיר איבער

די פינגער. אונדזער חבר פיניע וויל זיך איינשטעלן פאר מיר. ער זאָגט:

— וואָס האָסטו צו אים? לאָז ער קנעטן, לאָז ער מאָלן! אפשר איז אים באַשערט זיין אמאָל א מאָלער!

מיין ברודער אליהו דערהערט און שיט מיט ווערטער:

— וואָס? א מאָלער? א מולגעטש? ער וועט שמירגעווען קלויסטערס? וואלגאַזשען ווענט? פליאסקען דעבער? ארומגיין מיט פארפאַטשקעטע הענט, ווי א באַלעגאָלע מיט סמאָלע? לאָז ער מיר בעסער זיין א זינגערל ביי א חזן. אז מיר וועלן קומען, אם ירצה השם, קיין אמעריקע, באַשטעל איך אים ביי א חזן. ער האָט א סאָפּראַנאָ-שטימע.

— פאַרוואָס נישט ביי א באַלמעלאָכע? אין אמעריקע זענען אַלע באַלמעלאָכעס. אין אמעריקע ארבעטן אַלע!

אזוי טוט זיך אויף א מינוט א זאָג אונדזער חבר פיניע. כאַפט זיך ארויף אויף אים די מאמע.

— אזוי? א באַלמעלאָכע? מיינע שונאים וועלן נישט דערלעבן, אז פייסי דעם חזנס יינגל זאָל זיין א באַלמעלאָכע!

איך זע, אז די מאמע וויל שוין אָנהייבן וויינען. פיניע וויל זיך פארענטפערן. ער זאָגט:

— א מאָדנע יידענע איר זענט! למאי אָט לערנען מיר אין דער גמרא, אז דער תנא רב יוחנן איז געווען א שוסטער. דער תנא רב יצחק איז געווען א שמיד. אָדער וואָס דארפט איר א סך? אָט איז מיין פעטער א זייגערמאכער און מיין טאטע א מעכאניק!

פיניע מיינט, אז ער האָט פאַרריכט. צום סוף האָט ער געמאכט א סך ערגער. די מאמע הערט נישט אויף צו וויינען:

— אוודאי האָט מיין מאַן באַדאַרפט זיין א כשרער ייד, א חזן, און גיין יונגערהייט פון דער וועלט, בכדי זיין מוזיניקל זאָל זיין חלילה א שניידער אָדער א שוסטער, און נאָך אין אמעריקע דערצו?...

— שוין? דו הייבסט שוין ווידער? האָסט פארגעסן, אז אין אמעריקע דארף מען אויגן?

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און די מאמע הערט באַלד אויף צו וויינען.

ג.

וואָס איך זאָל נישט זיין אין אמעריקע — אבי איך זאָל שוין זיין. עס ציט מיך אהין — סכנות. ביי זיך האָב איך אָפּגע-

מאכט, אז אין אמעריקע לערן איך מיך אויס דריי זאכן: שווי=
מען, שרייבן און רויכערן ציגארן. די אלע דריי זאכן קען איך
איצט אויך, נאָר נישט אזוי גוט, ווי מע קאָן עס קענען אין אמע=
ריקע. אויף שווימען ווייס איך, אז איך וואָלט געווען א בריה,
האָב איך נישט געהאט ווו צו שווימען. ביי אונדז אין טייך איז
אוממעגלעך. ביי אונדז אין טייך, אז איר לייגט זיך אוועק מיטן
בויך אויף דער בלאָטע, זענען די פיס אין דרויסן. אויך מיר א
טייך! אין אמעריקע, זאָגט מען, איז א ים. דאָרט, אז איר לייגט
זיך אויפן וואסער מיט א פענכער, טראָגט דאָס אייך אוועק צו
אלדי רוחות! שרייבן קען איך אויך, כאָטש קיינער האָט מיך
נישט געלערנט. איך שרייב געדרוקטע אותיות פון סידור. איך
שרייב אזוי, אז ס'איז שווער צו דערקענען. איך מאָל, נישט איך
שרייב. איך וואָלט אָבער א בעלן געווען שרייבן גיך — קאָן איך
נישט. אין אמעריקע, זאָגט מען, שרייבט מען גיך. אלצדינג
ווערט דאָרט געטאָן, זאָגט מען, גיך און געשווינד, כאפענדיק.
מע האָט דאָרט קיין צייט נישט. אזוי האָב איך געהערט דערציילן
אונטערוועגנס פון די עמיגראנטן. איך ווייס כמעט אלצדינג,
וואָס אין אמעריקע טוט זיך, נאָך איידער איך בין דאָרט געווען.
דאָרט פאָרט מען, זאָגט מען, אונטער דער ערד און מע מאכט א
לעבן. ווי אזוי מע מאכט דאָס — ווייס איך נאָך נישט. נאָר
איך וועל דאָס גיך וויסן. איך געם איבער א זאך זייער גיך: אז
איך זע א מענטשן איינמאָל, מאך איך אים נאָך מיט אלע
פיטשעווקעס. איך האָב אנומלטן נאָכגעכאמט אונדזער חבר פי=
ניע, ווי אזוי ער גייט מיט א טענצל, און ווי ער קוקט מיט די
קורצזיכטיקע אויגן, און ווי ער רעדט גיך, זופט הייסע לאָקשן,
האָט זיך מיין שוועגערין ברכה געהאלטן ביי די זייטן, און די
מאמע האָט אויש אָנגעהויבן ווייגען פאר געלעכטער. מיין ברודער
אליהו אָבער האָט דאָס פיינט. ער לאָזט מיך נישט א קאָפּ אויפ=
הייבן. א מאָדנע זאך מיט מיין ברודער אליהו! ער האָט מיך
ליב — און שלאָגט מיך, מאכט מיר דעם טויט. די מאמע דער=
לאָזט אים נישט, ער זאָל מיך שלאָגן. זי זאָגט צו אים:

— האָב פריער אייגענע קינדער, וועסטו זיי נאָכדעם שלאָגן...

לאָז אָבער פרוון א פרעמדער מיך אָגרירן מיט א פינגער,
וועט ער יענעם די אויגן ארויסנעמען. אנומלטן האָט אן עמי=
גראנטס א יינגל מיר געשטעלט א גובערנאטאָר. איר ווייסט,
וואָס הייסט שטעלן א גובערנאטאָר? אָט וועל איך אייך אויס=
לערנען, ווי אזוי: מע טוט א נעץ איין דעם גראָבן פינגער אין
מויל און מע דערלאנגט אייך אין זייט צווישן די ריפּן און

צווישן בויך, דערזעט איר זיך מיטן מלאך־המות. דאָס יינגל, וואָס האָט מיר געשטעלט א גובערנאַטאָר, איז א יונגאטש פון א יאָר עלף מיט געשוואָלענע באקן. האָט ער א פּאָר ידים — מעגן זיי אים אָפּדארן! ער האָט זיך געוואָלט מיט מיר באקענען, איז ער צוגעגאנגען צו מיר און האָט מיך א פרעג געטאָן, ווי אזוי הייס איך? זאָג איך: מאָטל. זאָגט ער: מאָטל קאפּאָטל, דראָבל דראָטל, יוסף סאָטל, ארץ קאנאָטל. זאָג איך: וואָס הייסט דאָס? זאָגט ער: דאָס הייסט, אז דו ביסט א יאָלד, כאָטש איך אליין הייס אויך מאָטל. אפשר ביסטו א בעלן אויף א גובערנאַטאָר? זאָג איך: פארוואָס נישט? זאָגט ער: קום אהער א ביסל נענטער, וועל איך דיר ווייזן. בין איך צוגעגאנגען. האָט ער מיר געוויזן. בין איך אנידערגעפאלן. האָט דערזען די מאמע און געמאכט א געוואלד. איז געקומען צו לויפן מיין ברודער אליהו און האָט אים געגעבן!

פון דעמלט אָן זענען מיר געוואָרן מיט אים חבר. ער האָט מיך אויסגעלערנט, א חוץ דעם „גובערנאַטאָר", נאָך א סך זאכן. אשטייגער, בויכרעדעריי, איר קענט דאָס? אויסלערנען אייך איז אוממעגלעך. דערצו דאַרף מען זיין געבוירן. מע דאַרף האלטן דאָס מויל צו, נישט רירן מיט קיין אבר, און בילן ווי א הונט, אָדער כרוקען ווי א הזיר, אזוי, אז אלע זאָלן זוכן הינטערן טיש. איך האָב געגנוג איבערגעשראָקן אונדזערע לייט. מיין שוועגערין ברכה, ווייסט איר דאָך האָט א טבע פון הלשן. אלע האָבן זיך א וואָרף געטאָן אונטערן טיש און אונטער די בעטן. איך האָב מיך אויך אָנגעבויגן זיכן דעם הונט און האָב נישט אויפגעהערט צו בילן. עס איז געווען, זאָג איך אייך, א ריינע קאָמעדיע! מיין ברודער אליהו האָט זיך אָבער סוף־כל־סוף געכאפּט, אז דאָס וואקסט פון מיר. האָט ער מיר איינגעטיילט! פון דעמלט אָן האָב איך אוועקגעוואָרפן די קונץ פון בויכרעדעריי.

ד.

מיר וואָלטן פון ווין שוין לאנג אוועקגעפאָרן, ווען נישט דער „אָליאַנץ". ווער איז דאָס דער „אָליאַנץ" — קאָן איך אייך ריכטיק נישט זאָגן. איך הער נאָר, אז מע רעדט פונעם „אָליאַנץ". אָליאַנץ! אָליאַנץ! אלע עמיגראנטן זענען אויפן „אָליאַנץ" בייז! זיי זאָגן, אז דער „אָליאַנץ" טוט גאָרנישט נישט. דער „אָליאַנץ", זאָגן זיי, האָט קיין רחמנות נישט אויף א מענטשן. דער „אָליאַנץ" האָט פיינט א יידן. אלע טאָג גייען צום „אָליאַנץ" מיין

ברודער אליהו און אונדזער חבר פיניע. און קומען צו גיין פון דאָרטן אַלע מאָל ווי פון א שוויץ־באָד.

— לאָז ער זיך אָנציגדן! — זאָגט אליהו.

— לאָז ער ברענען, ווי א ליכט! — זאָגט פיניע.

— לאָזט בעסער מיך זיך אויסשמועסן מיטן „אָליאַנץ“! — זאָגט די מאמע און זי נעמט מיך פאר א האנט.

מיר גייען אלע צום „אָליאַנץ“: די מאמע און איך, און אליהו, און פיניע און ברכה, און טייבל. מיר שטעלט זיך פאָר דער „אָליאַנץ“ מיט א באָרד און מיט א גארטל און מיט א רויטער נאָז. פארוואָס עפעס מיט א רויטער נאָז — ווייס איך אליין נישט. למאי דער „ונתנה־תוקף“? דעם „ונתנה־תוקף“ האָב איך דען געזען אמאָל? פונדעסטוועגן, מאָלט זיך מיר אויס, אז איך קען אים: ער האָט בייזע גלאנצענדיקע אויגן, טראָגט א ברייטן דאשעק און האלט א קאנטשיק אין דער האנט.

אוי, זענען מיר זיך אָנגעגאנגען! מיין שוועגערין ברכה האָט געווינטשעוועט דעם „אָליאַנץ“, ס׳זאָל אים אזוי שטעכן אין דער רעכטער זייט, ווי עס שטעכט איר אין דער לינקער, וואָלט ער זיך נישט פארקליבן צו אלדי שווארצע יאָר אין עק שטאָט! קוים מיט צרות זענען מיר געקומען צום „אָליאַנץ“. ער זיצט אין א שטוב — „אויף אלע יידן געזאָגט געוואָרן“. נאָר אָן א הויף. וו ן האלט נישט פון קיין הויפן. ווין האָט ליב משונה־ברייטע פענצטער מיט אומגעלומפערטע טירן. נאָר זיי האלטן די טירן פארשלאָסן. „זיי האָבן מורא, אפנים, מע זאָל זיי נישט אוועקגנבענען?“ אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה. שוין, זי האָט שוין געוואָרפן אן אומחן אויף ווין אויך! עס געפעלט איר נישט, וואָס אז מע קומט צו צו א שטוב, דארף מען פריער קלינגען. וואָס ארט מיך, אז מע קלינגט? אבי מע זאָל עפענען. דער „אָליאַנץ“ אָבער עפנט נישט אזוי גיך. איר מעגט קלינגען צעזעצטערהייט — ער האָט צייט. איר מיינט, מיר זענען די איינציקע? א חוץ אונדז שטייען דאָ נאָך עמיגראנטן. זיי דארפן אויך צום „אָליאַנץ“. די עמיגראנטן קוקן אויף אונדז, ווי מיר קלינגען. „קלינגט נאָך א ביסל, אפשר וועט מען אייך עפענען, אפשר האָט איר מער גליק?“... אזוי זאָגן זיי, די עמי־גראנטן, און לאכן. אפנים, ס׳איז זיי גוט אויפן הארצן. אלע מאָל קומען צו נייע עמיגראנטן. עס שטייען אויף דער גאס שוין א היפש ביסל עמיגראנטן: יידן און ווייבער און קליינע קינדער. איך האָב ליב, אז ס׳איז א סך מענטשן. די קליינע קינדער זאָלן נישט איבערשלאָגן מיט זייער געוויין, און די מאמעס זאָלן זיי

נישט שעלטן און פארשטופּן די מיילער, וואָלט דאָ געווען גאַנץ פרייליך. דאַנקען גאָט, מע האָט געעפנט די טיר. אַלע האָבן זיך געגעבן א לאָז אריין אויף דערשטיקט צו ווערן. א גליק, וואָס אויף דער טיר האָט זיך באוויזן א נפש אָן א היטל, מיט א רויט פּנים און מיט א געגאָלטער מאָרדע, און האָט אונדז גענומען שליידערן איינציקווייז אין דרויסן ארויס, אזוי ווי די האָלעשקעס. איינע, א ווייבל מיט א קינד, האָט ער דערלאַנגט אזא וואָרף ארויס, אז ווען נישט איך מיט מיין ברודער אליהו, וואָלט זי געקליבן די ציין. זי האָט זיך אזוי אויך איבערגעקערט דריי מאָל. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מיר זענען אריין אַלע איינציקווייז אינעווייניק אין שטוב אריין. און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א חתונה — מאַטעניו! אַלע ווילן רעדן פריער. אַלע קריכן גלייך צו די טישן. ביי די טישן זיצן מענטשן מיט נאָקעטע קעפּ און מיט געגאָלטע בערד און לאַכן, און רויכערן ציגאַרן. ווער פון זיי איז דער „אָליאַנץ" — ווייס איך נישט. מיין מאַמע ווייסט אויך נישט. זי שטייט און טענהט צו זיי:

— זאָגט מיר, ווער פון אייך איז דאָ דער „אָליאַנץ"? איך האָב געהאַט א שאָדן, דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט האָט מען ביי מיר צוגענומען אויף דער גרענעץ און שיער נישט אומגעבראַכט מיך מיט מיינע קינדער, אָט דאָס זענען זיי, יתומים נעבעך, מיין מאַן איז געשטאָרבן יונגערהייט, געווען א חזן כל ימיו...

און ווייטער לאָזט מען זי נישט רעדן א וואָרט. איינער ציט זי ביי דער שאַל און ווייזט איר צו דער טיר. ער רעדט אויף א לשון, וואָס סע שווער צו פארשטיין. די מאַמע וויל נישט אָפּטרעטן ביז זי וועט נישט באַקומען איר רעכט. זי זאָגט:

— וואָס רעדט איר צי מיר אויף דייטש? איר רעדט בעסער מיט מיר אויף אונדזער אייגן לשון, וועל איך אייך אויסדערציילן מיין ביטער הארץ... איר זאָגט מיר נאָר, ווער פון אייך איז דאָ דער „אָליאַנץ"?...

— שוויגער! פאָלגט מיך, קומט לאָמיר גיין. דער אויבערשטער האָט אונדז אויסגעפירט ביז אהער אָן דעם „אָליאַנץ", און אָן דער שטאָט ווין, וועט ער אונדז ווייטער אויך מסתמא אויספירן. גאָט איז א פאָטער.

אזוי זאָגט מײַן שווּעגערין ברכה צו דער מאַמען, און די מאַמע ענטפערט איר:

— ביסט גערעכט, מיין קינד! קומט לאָמיר גיין! ווין איז א שטאָט און גאָט איז א פאָטער...

XVIII

# ווונדער פון אנטווערפן

א.

איר האָט געהערט אמאָל, א שטאָט זאָל הייסן אנטווערפן? פאַראן אזא שטאָט אויף דער וועלט, פאָרן מיר אהינצוצו. ווי קומען מיר קיין אנטווערפן? ווייל אונדזער מחותן, מיין ברודער אליהום שווער, יונה דער בעקער, פאָרט קיין אמעריקע אויף אנטווערפן. דערהערט, אז איר טאטע איז אין אנטווערפן, האָט מיין שוועגערין ברכה גענומען שלאָגן האלדז און נאקן, מיר זאָלן אויך פאָרן אויף אנטווערפן. פריער האָט זי פון דער שטאָט נישט געוואָלט הערן אפילו. דער נאָמען איז איר נישט געפעלן. איצט האָט זי זיך פארליבט אין אנטווערפן! אונדזער חבר פיניע זאָגט, אז ער וועט זיך מוזן אָפּטיילן פון אונדז. ער וויל בעסער פאָרן פון ווין גלייך קיין לאָנדאָן. עס ציט אים, זאָגט ער, קיין לאָנדאָן, לאָנדאָן, זאָגט ער, שמעקט שוין מיט אמעריקע: ענגלענדער... געלע האָר... קעסטעלדיקע הויזן... ס'איז גאָר אן אנדער וועלט!

— פאָר זשע דיר געזונטערהייט צו דייגע ענגלענדער מיט די קעסטעלדיקע האָר און מיט די געלע הויזן, און מיר וועלן זיך פאָרן קיין אמעריקע אויף אנטווערפן.

אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה, און פיניעס ווייב טייבל בלאָזט זיך אָן, ווי אן אינדיטשקע. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז זי האָט א טבע, באלד עפּעס — בלאָזט זי זיך אָן און רעדט נישט. פרעגט ביי איר פיניע: וואָס ביסטו ברוגז? זאָגט זי, אז

זי האָט פיינט ענגלענדער. זאָגט צו איר פיניע: דו קענסט זיי דען? ווו האָסטו געזען אַן ענגלענדער? זאָגט זי: נו, און דו, ווו האָסטו געזען אַן ענגלענדער?

בקיצור, עס בלייבט, אַז מיר פאָרן אַלע קיין אַמעריקע אויף אַנטוועדפּן. ביי מיר מאַכט נישט אויס, מע זאָל פאָרן אַפילו איבער האָצעפּלאָץ — אַבי קיין אַמעריקע. איך און אונדזער חבר פיניע — מיר ביידע רייסן זיך קיין אַמעריקע מער פון אַלעמען. מיר פילן, אַז אונדז וועט דאָרטן זיין גוט, ווי די וועלט. פיניע האָט טענות צו מיין ברודער אליהו. ער זאָגט: מיר פאָרן און פאָרן — און שטייען אויף איין אָרט. זאָגט אים אליהו: נו, ווער האַלט דיך צו? פאָר! לויף! פלי! זאָגט פיניע: ווי קאָן איך פליען, אַז דיין מאַמע וויל זיך באַקענען מיט אַלע קאָמיטעטן פון דער גאַנצער וועלט?... דערהערט די מאַמע און זאָגט צו פיניען: אַז דו ביסט יאָ אַזאַ חכם, טאָ גיב מיר אַן עצה, ווי אַזוי זאָלן מיר קומען קיין אַמעריקע אָן בעטנעוואַנט?... דאָ בלייבט שוין פיניע אָן לשון, און מע ווערט ווידער חבר. אונדזער חבר פיניע קאָן זיך מיט אונדז נישט צעשיידן. די ווייבער קאָנען אויך נישט לעבן איינע אָן דער אַנדערער. דאָס הייסט, מע קריגט זיך אַפילו גאַנץ אָפט, מע זאָגט זיך שטעכווערטלעך. עס דערגייט אַמאָל כמעט צו פעטש אויך. מע בעט זיך אָבער באַלד איבער. ווען נישט די מאַמע, וואָלט מיין שוועגערין ברכה מיט פיניעס ווייב טייבל קיין לאַנגע גוטפריינטשאַפט נישט אויסגעהאַלטן. עס וואָלט ביי זיי געווען אַלע טאָג צוויי שלייערס אַ גראָשן. איבערהויפט, מיין שוועגערין, זי זאָגט אַליין אויף זיך, אַז זי איז אַ שוועבעלע. איר אַז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט, וועט זי אייך מאַכן מיט דער בלאָטע. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט זי ווייך, כאָטש לייגט זי צו צו אַ מכה. מיט מיר „וואָיעוועט“ זי פון דער ערשטער מינוט נאָך דער חתונה. זי ווייסט, אַז איך האָב זי נישט ליב. ערגער פון אַלצדינג איז ביי איר, למאַי איך לאַך פון איר. עס ווייזט זיך איר רק, אַז איך לאַך זי אויס. אַז איך קוק אויף איר, הייסט ביי איר, אַז איך לאַך. איך האָב אייך שוין דערציילט, אַז איך האָב ליב מאָלן, און אַז מיין ברודער אליהו שלאָגט מיך דערפאַר. האָב איך אַנומלטן אויסגעמאָלט אַ פוס. אַ מוראַדיק גרויסן פוס. מיט קרייד אויף דער ערד האָב איך אים אויסגעמאָלט. האָט איר באַדאַרפט זען וואָס ס'האָט זיך געטאָן! זי, ברכה הייסט עס, האָט זיך אָנגעטשעפעט, אַז דאָס האָב איך אויסגעמאָלט איר פוס. פאַרוואָס עפעס איר פוס? ווייל קיינער האָט נישט אַזעלכע גרויסע פיס, ווי ברכה. קאַלאָשן טראָגט זי

נומער דרייצן. איר זאָלט זען א פּאָר קאָלאָשן!... האָט זי מיר צוגעשטעלט א בענקעלע צו מיין ברודער אליהו. האָט זיך מיין ברודער אליהו אויף מיר צעשריען, ווי געוויינטלעך:

— מענטשעלער? האָסט זיך שוין ווידער גענומען צו דיינע אַלטע שטיק, מאָלן מענטשעלעך?...

שוין! פון א פיס איז שוין ביי אים געוואָרן א מענטש! און פון א מענטש — „מענטשעלעך"!... מע קאָן פון זיי משוגע ווערן!... איך מוז מיך מודה זיין, אז וואָס ווייטער ווערט ביי מיר דאָס חולאת פון מאָלן מענטשעלעך גרעסער און שטארקער. איך האָב דערטאפּט א פּארביק בליישטיפטל. מיר האָט דאָס אוועקגעשענקט אן עמיגראנטס א יינגל. אָט דער אייגענער, וואָס האָט מיר באוויזן, ווי אזוי מע שטעלט א „גובערנאטאָר", און אויסגעלערנט מיך די קונץ פון בויכרעדעריי. איך האָב אייך שוין דערציילט פון אים. ער הייסט אויך מאָטל. רופן מיר אים מאָטל דער גרויסער, און מיך רופט מען מאָטל דער קליינער. מיר זענען געוואָרן חבר גאָר אויף אן אנדער אופן! דערפאר, וואָס ער האָט מיר אוועקגעשענקט דאָס פּארביקע בליישטיפטל, האָב איך, פאַרגדיק אין וואגאָן, אים אָפּגעמאָלט אויף פּאפּיר, אינגאנצן זיין געשטאלט מיט די געשוואָלענע באקן. איך האָב אים באשווירן, ער זאָל דאָס קיינעם נישט ווייזן, וואָרום טאָמער דערוויסט זיך מיין ברודער אליהו, וועל איך האָבן א וויסטן סוף. ווי מיינט איר? אוודאי האָט ער דאָס גלייך אָפּגעטראָגן צו מיין ברודער אליהו און האָט אים געגעבן א טו א ווייז דאָס געמאָלעכטס גלייך אין פּנים אריין.

— דאָס דארף זיין מאָטלס ארבעט! ווו איז ער ערגעץ, דער מוגלעטש מיט די „מענטשעלעך"?

אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און זוכט מיך און קאָן מיך נישט געפינען. איך זיץ אונטער דער מאמעס פּלייצעס און ווער שיער נישט דערשטיקט פאר געלעכטער. קיין בעסערער אָרט אויף צו באהאלטן זיך, ווי ביי דער מאמען, איז נישטאָ אין דער גאנצער וועלט!

ב.

דאנקען גאָט, מיר זענען שוין אין אנטווערפּן. מיר האָבן זיך גוט אָנגעהעצקעט, גענוג אויסגעריסן געוואָרן, אָבער מיר זענען געקומען! וואָס זאָל איך אייך זאָגן — איז דאָס א שטאָט! דאָס הייסט, צו ווין קומט דאָס נישט. מע דארף זאָגן „להבדיל"!

וואָרום ווין איז פיל גרעסער, און עפשר שענער אויך. און מענטשן אויך מערער. דערפאר איז אָבער דאָ אין אנטווערפן ריין, אזוי ווי גאָלד. וואָס איז דאָס חידוש? אז די גאסן וואשט מען, די טראָטוארן פוצט מען, און די הייזער צוואָגט מען. איך האָב אליין געזען, ווי מע צוואָגט זיי און מע זייפט זיי מיט זייף. דאָס הייסט, נישט אומעטום. למשל, דאָרט, אויף די אכסניות, וווּ מיר שטייען מיט אלע עמיגראנטן, איז אזוי ווי עס דאַרף צו זיין. דאָס הייסט: בלאָטיק, און רויכיק, און נאס, און גליטשיק, און ענג, און א יאריד מיט א טומל מיט א הארמידער. פריילעך. אויסגעצייכנט. אזוי ווי איך האָב ליב. אונדזער מחותן יונה דער בעקער איז נאָך נישטאָ. אונדזער שכנה פעסיע מיט דער כאליאסטרע — אויך נישט. זיי פאָרן נאָך. שלעפן זיך ערגעץ איבער דייטשלאנד. „דייטשלאנד איז סדום!” אזוי זאָגן די עמיגראנטן און דערציילן זיך אָן מוראדיקע מעשיות! אונדזער אומגליק מיטן בעטגעוואנט, וואָס מע האָט ביי אונדז אוועקגעלקחנט אויף דער גרענעץ, איז א הונט אקעגן די אומגליקן, וואָס מע הערט זיך אָן פון די עמיגראנטן. מיר האָבן זיך באקענט דאָ אויף דער סטאנציע מיט א יידענע פון מעזשעבעזש, דווקא נישט קיין אלמנה. זי האָט דווקא א מאן, און דווקא אין אמעריקע שוין. זי פאָרט אָט דאָס צו איר מאן. שוין באלד א יאָר, אז זי שלעפט זיך מיט צוויי קינדער. זי איז אויסגעוועזן ווו די וועלט האָט אן עק. נישטאָ איין שטאָט, זי זאָל דאָרט נישט זיין. זי האָט זיך איבערגעקריגט מיט אלע קאָמיטעטן. קוים מיט צרות האָט זי זיך פארשלעפט אהער, קיין אנטווערפן, און וויל זיך זעצן אויפן שיף, לאָזט מען זי נישט. איר מיינט, זי האָט קאליעדיקע אויגן? חלילה! געזונט און שטארק. נאָר זי איז א ביסל געירט פונעם זינען. דאָס הייסט, אזוי, אז איר וועט מיט איר רעדן, רעדט זי אלצדינג, ווי א מענטש. נאָר אמאָל טוט זי אייך א זאָג א וואָרט, קאָן מען בלייבן אָן א בויך לאכנדיק. למשל, איר פרעגט ביי איר: ווו איז אייער מאן? זאָגט זי: אין אמעריקע. וואָס טוט ער דאָרטן? זאָגט זי: ער איז דאָרט קייסער... זאָגט איר דאָך איר: ווי קאָן א ייד זיין א קייסער? ענטפערט זי אייך, אז אין אמעריקע מעג מען... נו, האָט איר עפעס צו איר?... נאָך א זאך האָט זי זיך אריינגענומען אין קאָפ אריין: זי עסט נישט! אונדז הייסט זי אויך נישט עסן. זי זאָגט אונדז אָן, מיר זאָלן זיך נישט צורירן צו קיין מילכיקס, מחמת דאָס מילכיקס איז דאָ פליישיק. פרעגט ביי איר די מאמע: נו, און דאָס פלייש? זאָגט זי: דאָס פלייש איז דאָ נישט פליישיק, נישט

מילכיק, נאָר פאַרעווע... שיסן מיר ארויס א געלעכטער אלע. אלע, אויסער די מאמע. די מאמע וויל נישט לאכן. די מאמע וויל בעסער וויינען. זי זאָגט: „אז אָך און ווי איז צום געלעכ־טער!" — און זי צעוויינט זיך טאקע.

— שוין? האָסט שוין לאנג נישט געוויינט? דו ווילסט, אז פון אנטווערפּן שוין זאָל מען אונדז אָפּשיקן צוריק אהיים איבער דיינע אויגן?...

אזוי זאָגט צו איר מיין ברודער אליהו — און ביי דער מאמען ווערן אין איין מינוט די אויגן טרוקן. מער ווי אויף דער יידענע אליין האָט די מאמע רחמנות אויף אירע צוויי קינדער, נעבעך. איך וויים נישט, וואָס די מאמע באוויינט אזוי די קינ־דער? די קינדער זענען, דאכט זיך, גאנץ פריילעך! אז זייער מאמע הייבט אָן רעדן נארישקייטן, צעלאכן זיי זיך. איך האָב מיך מיט זיי גיך באקענט. זיי האָבן מיר דערציילט, אז מע שיקט זיי צוריק אהיים, נאָר זייער מוטער וויל נישט פאָרן. זי וויל קיין אמעריקע, צו זייער פאָטער, צום קייסער (כי־כי־כי!) נארט מען זי אָפּ און מע זאָגט איר, אז מע שיקט זי מיט דער באן קיין אמעריקע (כי־כי־כי!). מע האָט איר איינגערעדט, אז עס גייט א באן פון דאנען גלייך קיין אמעריקע (כי־כי־כי!).

ג.

די חידושים, וואָס מע זעט זיך אָן אין דעם אנטווערפּן, איז גאָרנישט צום באשרייבן! אלע טאָג קומען צו נייע פאַרשוינען. צום מיינסטן, מיט קאליעדיקע אויגן. „טראכאָמעס" רופט מען דאָס. אמעריקע לאָזט נישט אריין קיין „טראכאָמעס". איר מעגט אייך האָבן טויזנט שלאפקייטן, איר קאָנט אייך זיין קרום און שטום און וואָס איר ווילט, אבי נישט קיין „טראכאָמעס" אויף די אויגן. פון וואנען נעמען זיך „טראכאָמעס"? פון דעם, וואָס מע נעמט זיך אָן. אמאָל מאכט זיך, אז מע ווייסט אליין נישט, פון וואנען עס האָט זיך גענומען. אזוי האָב איך געהערט טאקע דאָ אין אנטווערפּן. פון א מיידל האָב איך עס געהערט. גאָלדעלע הייסט דאָס מיידל. זי איז אין מיינע יאָרן, אפשר עלטער פון מיר מיט א יאָר. מיט דעם גאָלדעלע איז א שיינע געשיכטע. זאָל איך אייך דערציילן? באקענט האָב איך מיך מיט איר אין דער „עזרה". נאָר איר ווייסט דאָך נישט וואָס איז „עזרה". דארף מען אייך קלאָר מאכן. די „עזרה" אין אנטווערפּן איז דאָס איי־גענע, וואָס דער „אַליאנץ" אין ווין. געמאכט געוואָרן פון

אונדזערט וועגן, פאר די עמיגראנטן. דער חילוק איז, וואָס דער
„אָליאַנץ“ איז א זכר און די „עזרה“ א נקבה. איר הערט דאָך,
אז מע זאָגט ד ע ר אָליאַנץ, ד י עזרה. דאַרפט איר שוין אליין
פארשטיין דעם אונטערשיד... הכלל, וויבאלד מיר זענען אָנגע=
קומען קיין אנטווערפּן, זענען מיר געגאנגען גלייך אין דער
„עזרה“. די „עזרה“ איז נישט דאָס, וואָס דער „אָליאַנץ“. דער
„אָליאַנץ“ וואַרפט מענטשן, אזוי ווי האָלעשקעס, און די „עזרה“
טרייבט אייך נישט. איר קאָנט קומען צו איר ווען איר ווילט
און קאָנט זיך אויסרעדן פאר איר דאָס הארץ וויפל איר ווילט.
אלצדינג, וואָס איר רעדט, ווערט ארייַנגעטראָגן אין א בוך. סע
זיצט א מיידל, וואָס מע רופט זי פריילײן זייטשיק, און פאר=
שרייבט. זייער א ווויל מיידל. זי האָט מיך געפרעגט, ווי אזוי
איך הייס, און האָט מיר געשענקט א צוקערקע. נאָך פון דער
פריילײן זייטשיק וועל איך אייך דערציילן אן אנדערש מאָל. איצט
דאַרף איך אייך זאָגן, ווער איז גאָלדעלע. זי איז פון קוטנע.
געקומען איז זי אהער פאַראיאָרן מיט איר מאַמע=מאַמע, שוועס=
טער און ברידער. סוכות=צייט איז דאָס געווען. האָבן זיי גע=
האַט, זאָגט זי, א יום=טוב — אויף אלע יידן געזאָגט געוואָרן.
דאָס הייסט, קיין גליקן האָבן זיי נישט געזוכט, און קיין האָניק
האָבן זיי נישט געלעקט. געוואַלגערט זיך גלייך מיט אלע עמי=
גראַנטן. נאָר דערפאר האָבן זיי געהאַט שיפסקארטן ביז אמע=
ריקע אויף דער גאנצער משפחה, און אויסגעקליידט איז מען
געווען בבגדי=מלכות. אלע האָבן געהאַט צו צוויי העמדער און
גאנצע שיך. היינט איז זי געבליבן אינגאנצן מיט איין העמד און
אָן שיך. ווען נישט דאָס פריילײן זייטשיק, זאָגט זי, וואָלט זי
גאָר געגאנגען באָרוועס. דאָס פריילײן זייטשיק האָט איר אוועק=
געשענקט, זאָגט זי, א פּאָר שיך פון אירע אייגענע פיס. נאָך
גאנץ גוטע שיך. אזוי האָט מיר דערציילט גאָלדעלע און האָט
מיר באַוויזן די שיך, וואָס דאָס פריילײן זייטשיק האָט איר
אוועקגעשענקט. גאנץ שיינע שיך, נאָר א ביסל צו גרויס אויף
איר... בקיצור, ס'איז אוועקגעגאנגען די ערשטע טעג סוכות און
שמחת=תורה, ס'איז געקומען די צייט, וואָס מע דאַרף זיך זעצן
אויפן שיף. זאָגט מען צו זיי, אז זיי זאָלן זיך דורכגיין צום
דאָקטאָר. זענען זיי געגאנגען צום דאָקטאָר. האָט זיי דער דאָק=
טאָר באַטראַכט און געפונען, אז זיי זענען אלע געזונט און
שטארק און קאָנען פאָרן קיין אמעריקע. נאָר זי, גאָלדעלע הייסט
עס, קאָן נישט פאָרן, ווייל זי האָט „טראַכאָמעס“ אויף די אויגן.

פריער האָבן זיי גאָרנישט פארשטאנען, מיט וואָס מען עסט דאָס. ערשט שפּעטער האָבן זיי דאָס רעכט צעקייט. דאָס האָט געהייסן, אז אלע פאָרן אוועק קיין אמעריקע, נאָר זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ, אין אנטוועפּן. איז געוואָרן א געוויין, א יאָמער, א קלאָג. די מאמע האָט געחלשט דריי מאָל. דער טאטע האָט געוואָלט בלייבן דאָ, האָט מען נישט געקאָנט. די גאנצע שיפסקארטע וואָלט געגאנגען פארלוירן. איז געבליבן, אז זיי פאָרן אוועק קיין אמעריקע, און זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ ביז עס וועלן זיך אויסשטיין די „טראכאָמעס“ פון אירע אויגן... און אָט אזוי, שוין באלד א יאָר, אז זי היילט זיך און האָט זיך נאָך נישט אויסגעהיילט. דאָס פרייליין זייטשיק זאָגט, אז דער־פאר היילן זיך נישט אויס אירע אויגן, ווייל זי וויינט כסדר. נאָר זי, גאָלדעלע, זאָגט, אז איבער אן אנדער זאך היילן זיך איר נישט אויס די אויגן. איבערן בלוישטיין! אלע מאָל, ווען זי קומט צום דאָקטאָר, שמירט ער איר די אויגן, זאָגט זי, מיטן זעלבן בלוישטיין, וואָס ער שמירט אלע איבעריקע קראנקע. ווען זי, גאָלדעלע, פארמאָגט צו קויפן אן אייגענעם בלוישטיין, וואָלט זי זיך שוין לאנג, זאָגט זי, אויסגעהיילט.

— נו, און דיינע טאטע־מאמע? — פרעג איך זי.

— זענען אין אמעריקע. זיי מאכן דאָרט א לעבן. איך האָב פון זיי בריוו. אלע חודש כמעט האָב איך פון זיי א בריוול. נא, זע, קענסט לייענען? לייען מיר!

און זי נעמט ארויס פון בוזעם א גאנצן פּאק מיט בריוולעך און גיט מיר, איך זאָל זיי איר לייענען הויך אויף א קול. איך וואָלט דאָס איר געוויס געטאָן. קאָן איך אָבער נישט לייענען קיין געשריבענעס. ס'זאָל זיין געדרוקט, וואָלט איך עס געלייענט. לאכט זי פון מיר און זאָגט, אז א יינגל איז נישט קיין מיידל. א יינגל דארף קאָנען אלץ אויף דער וועלט! איך האָב מורא, אז זי' א ז גערעכט. איי וואָלט איך א בעלן זיין קאָנען לייענען גע־שריבענעס! איי, בין איך מקנא מיין חבר מאָטל דעם גרויסן, וואָס ער קאָן לייענען און שרייבן (איך האָב אייך שוין דער־ציילט פון אים!) האָט אים גאָלדעלע געגעבן איבערלייענען די בריוולעך, וואָס מע שרייבט איר פון אמעריקע. האָט זיי מאָטל דער גרויסער געלייענט ווי א וואסער. די בריוולעך זענען כמעט אלע געשריבן מיט איין לשון און מיט די זעלביקע ווערטער:

„טייערע גאָלדעלע, הארציקע גאָלדעלע, לעבן זאָלסטו! אז מיר דערמאנען זיך דאָ, אין דעם אמעריקע, אז אונדזער קינד האָט מען ארויסגעריסן פון אונדזערע הענט און דו וואלגערסט

זיך דאָרטן אין דער פרעמד צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן, גייט אונדז נישט איין דאָ דער ביסן. טאָג ווי נאַכט טוען מיר דאָ קלאָגן און וויינען אויף אונדזער ביטערן שטערן, וואָס איז צוגע־נומען געוואָרן פון אונדזערע אויגן"... און אַזוי ווייטער.

מאָטל דער גרויסער לייענט און לייענט, און גאָלדעלע וויינט, ווישט זיך די אויגן. דערזעט דאָס פרייליין זייטשיק, הייבט זי אָן זיך בייזערן אויף אונדז, וואָס מיר מאַכן זי וויינענדיק. און צו גאָלדעלען זאָגט זי, אַז זי האָט קיין רחמנות נישט אויף זיך אַליין. זי מאַכט זיך אַ תּל פון דעם איבעריקן ביסל אויגן! ענט־פערט איר דערויף גאָלדעלע מיט אַ געלעכטער, און טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן:

— אַ תּל פון די אויגן מאַכט מיר דער דאָקטאָר מיט זיין בלוישטיין, ערגער ווי איך מיט מיין געוויין...

מיר געזעגענען זיך מיט גאָלדעלען, און איך זאָג איר צו, אַז מאָרגן אין דער צייט וועלן מיר זיך דאָ ווידער אַמאָל זען.

— אם ירצה השם! — ענטפערט גאָלדעלע מיט אַ פרום פּנים, ווי אַן אַלטע. און מיר ביידע, מאָטל דער קלײנער און מאָטל דער גרויסער, לאָזן זיך גיין שפּאַצירן איבער אַנטווערפּן.

ד.

מיר, דאָס הייסט, איך מאָטל דער קלײנער, און מיין חבר מאָטל דער גרויסער, זענען נישט אַליין. מיר האָבן דאָ נאָך אַ חבר. ער איז אַ ייִנגל פון אַ יאָר דרייצן און הייסט מענדל. ער איז אויך פאַרבליבן אין אַנטווערפּן, פאָרנדיק קיין אַמעריקע. נישט איבער די אויגן, נאָר איבער אַן אַנדער זאַך. אים האָט מען פאַרלוירן אויפן וועג, ערגעץ אין דייטשלאַנד. אַ גאַנצן וועג, דערציילט ער, האָבן זיי זיך דערהאַלטן די נשמה נאָר מיט הע־רינג. האָט אים געברענט אויפן האַרצן. האָט ער זיך אַראָפּגע־כאַפּט אויף אַ סטאַנציע כאַפּן אַ טרונק וואַסער, און איז געבליבן שטעקן אָן אַ בילעט און אָן אַ קאָפּיקע געלט און אָן אַ העמד אויפן לייב. און מחמת ער האָט נישט געקענט זייער שפּראַך, האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שטומען. האָט מען אים אויס־געפירט ווו די וועלט האָט אַן עק, ביז ער האָט דערזען אַ פּאַר־טיע עמיגראַנטן, ייִדן. איז ער צוגעגאַנגען צו זיי און האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשה. האָבן זיי אויף אים רחמנות געהאַט און האָבן אים גענומען מיט זיך און געבראַכט צו פירן אַהער, קיין אַנטווערפּן. דאָ האָט ער זיך דערשלאָגן צו דער „עזרה".

האָט די „עזרה“ אוועקגעשריבן א בריוו קיין אמעריקע, טאָמער וועט מען אויפזוכן זיינע עלטערן. ווארט ער דאָס אויף אן ענט־פער און אויף א שיפסקארטע. דאָס הייסט, אויף א האלבע שיפסקארטע, מחמת ער איז נאָך א קליינער. דאָס הייסט, ער איז נישט אזוי קליין, ווי ער האלט זיך קליין. ס'איז א סברה, אז ער איז שוין בר־מצווה, כאָטש קיין תפילין לייגט ער נישט. ער האָט נישט. זענען געוואָר געוואָרן עמיגראנטן, אז מענדל איז א בר־מצווה־בחורל און האָט נישט קיין תפילין, איז געוואָרן א געוואלד: פארוואָס זעט מען אים נישט קיין תפילין? זאָגט מענדל: „פארוואָס זעט מען מיר נישט קיין שטיוול“?... רופט זיך אָן צו אים איינער אן עמיגראנט מיט שארפע אויגן: „א דו, שיינעץ! נישט גענוג מע זאָרגט זיך פאר דיר, ביסטו נאָך אן עזות־פנים?“... דער עמיגראנט מיט די שארפע אויגן האָט אזוי לאנג געארבעט, ביז די איבעריקע עמיגראנטן האָבן זיך צונויפ־געלייגט און האָבן אים געקויפט א פאָר תפילין. אלצדינג איז צו קריגן אין דעם אנטווערפּן. אפשר מיינט איר, ס'איז נישטאָ קיין בתי־מדרשים מיט קיין שולן? אָהאָ, נאָך וואָסערע שולן! איין שול איז דאָ א טערקישע. איר מיינט, דאָרטן דאווענען טערקן? ניין! דאָרטן דאווענען יידן, די אייגענע יידן, וואָס מיר, נאָר אויף טערקיש. דאָס הייסט, פארקערט. מע פארשטייט נישט קיין וואָרט! געפירט האָט אונדז אהינצו אונדזער נייער חבר מענדל. מיר אלע דריי, איך און מאָטל דער גרויסער און מענדל, זענען געוואָרן חבר. גאנצע טעג גייען מיר ארום איבער דער שטאָט. דאָרט, אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבערג, אָדער אין ווין, פלעגט מיך די מאמע מורא האָבן אָפּלאָזן פון זיך אויף א טריט. דאָ אין אנטווערפּן האָט זי קיין מורא נישט. דאָרט, זאָגט זי, זענען סאמע דייטשען, און דאָ, אין אנטווערפּן, זענען מיר, זאָגט זי, צווישן מענטשן, צווישן אייגענע. מע הערט רעדן א יידיש וואָרט. דאָס מיינט זי די עמיגראנטן. לעבן זאָלן די עמיגראנטן! צווישן עמיגראנטן פילן מיר זיך טאקע היימיש. ובפרט צווישן איי־גענע! אָט באלד וועלן מיר האָבן געסט. אם ירצה השם, נאָך שבת קומט אונדזער מחותן, יונה דער בעקער, מיט זיין הויזגעזינד. מיר ווארטן, הײנט־מאָרגן זאָל קומען אונדזער שכנה פעסיע מיט איר כאליאסטרע. אָט דאָ וועט ערשט ווערן א שמחה. איך וועל אייך, אם ירצה השם, באשרייבן אלצדינג.

XIX

# די באַליאַסטרע

### א.

איך זענט דאָך שוין באַקאַנט מיט דער באַליאַסטרע. דאָס איז אונדזער שכנטע פּעסיע מיט איר מאַן דעם איינבינדער (ער הייסט משה), מיט זייערע אַכט קינדערלעך, וואָס יעדער האָט ביי זיי, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט, אַן אַנדער צונגעמעניש. דער קלענערער פון אַלע איז אין מיינע יאָרן (ניין, דאָס צענטע). מע רופט אים „ושתי“. דאָס הייסט, דער אמתער נאָמען זיינער איז הערשל, נאָר מחמת ער האָט אַ גאָלי אויפן שטערן, האָבן אים די עלטערע אַ נאָמען געגעבן „ושתי“. איך האַלט פון „ושתין“. איך האָב אים ליב דערפאַר, וואָס ער וויינט נישט. וויפל איר זאָלט אים נישט שלאָגן, נעמט ער צו ווי אַ שוואָם. עס נעמט אים נישט קיין קויל. איינמאָל האָט ער צעריסן אַ פרעמדן סידור, האָט אים זיין טאַטע, משה דער איינבינדער, געשלאָגן מיטן ברעטל, וואָס מע שניידט אויף דעם פּאַפּיר. „ושתי“ האָט נאָך דעם גוט געקרענקט צוויי טעג כסדר. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון בולקע. מע האָט שוין נישט געהאַלטן פון זיין לעבן. די מאַמע זיינע, אונדזער שכנה פּעסיע, האָט אים שוין באַוויינט, און דער פּאָטער איז אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ. אַלע האָבן געמיינט, אַז ס'איז אַן עק, אויס „ושתי“! צום סוף — גאָרנישט. אויפן דריטן טאָג האָט „ושתי“ געבעטן ברויט און געגעסן ווי נאָך אַ תענית. עסן האָבן זיי ליב אַלע, זיי האַלטן פון דער אכילה. „די הונגעריקע טשערעדע“ — אַזוי רופט זיי די מוטער אַליין, פּעסיע הייסט עס. פּעסיע איז אַ יידענע זייער אַ ווילע, נאָר אַ ביסל צו דיק. זי

האָט דריי גוידערס. איך האָב זי שוין עטלעכע מאָל אראָפּגע=
געכאַפּט אויף פּאַפּיר. האָט איינמאָל דערזען „ושתי" האָט ער
ארויסגעכאַפּט ביי מיר דאָס געמאָלעכטס און האָט דאָס באוויזן
אויף משיקאָווער דער מאמע זיינער. האָט זי געלאַכט. איז
געוואָר געוואָרן מיין ברודער אליהו, האָט ער מיר געוואָלט איינ=
טיילן פאר די „מענטשעלעך", ווי זיין שטייגער איז. א גליק,
וואָס פּעסיע אליין האָט זיך איינגעשטעלט פאר מיר. „א קינד,
זאָגט זי, מאכט זיך נאריש, נישט כדאי זיך אָפּעסן דאָס
הארץ". לאנג לעבן זאָל זי, פּעסיע. איך האָב זי ליב. איך האָב
נאָר פיינט, אז זי קושט זיך. אז זי איז געקומען קיין אנטווערפּן,
האָט זי מיך ארומגעכאַפּט קושן, ווי אַן אייגן קינד. מיט אלעמען
האָט זי זיך געקושט. מער פון אלע, געוויינלעך, מיט דער
מאמען. די מאמע אז זי האָט זי דערזען, איז גלייך ווי דעם
טאטן פון יענער וועלט: זי האָט זיך אזוי צעוויינט, אז מיין
ברודער אליהו איז אָנגעפאלן אויף פּעסיען, אז איבער איר
מאכט די מאמע א תל פון די אויגן און קאָן נישט גיין צום
דאָקטאָר... גיין צום דאָקטאָר — דאָס מוז יעדער, ווער עס
קומט אהער קיין אנטווערפּן. דאָס ערשטע, וואָס איינער פרעגט
ביים אנדערן איז: „זענט איר שוין געווען ביים דאָקטאָר?"...
„וואָס האָט אייך געזאָגט דער דאָקטאָר?"... אפילו די „עזרה",
אז מע קומט צו איר צו גיין, שיקט זי באלד אָפּ צום דאָקטאָר.
אז מיר זענען געקומען אהין דאָס ערשטע מאָל, האָט די מאמע
גאָר=וואָס געוואָלט אָנהייבן דערציילן די מעשה: ווי אזוי איר
מאן איז געווען כל ימיו א חזן אין דער קצבישער שול... ווי
אזוי ער האָט זיך פארקילט און קראנק געוואָרן... ווי אזוי זי
האָט אלצדינג פארקויפט, אבי ראטעווען דעם טאטן... ווי אזוי
דער טאטע איז געשטאָרבן און זי איז געבליבן אן אלמנה מיט
צוויי קינדער יתומים... איינעם האָט זי, ברוך השם, חתונה גע=
מאכט, אריינגעגעבן אין א שמאלץ=גרוב... די שמאלץ איז אויס=
גערונען, די גרוב איז געבליבן... נאָכדעם, ווי אזוי מיר האָבן
פארקויפט דאָס לעצטע שטיקל חיות, אונדזער האלבע שטוב,
און געלאָזט זיך קיין אמעריקע... נאָכדעם, ווי אזוי מיר האָבן
געגנבעט די גרענעץ הינטער בראָד, שיער נישט געהרגעט גע=
וואָרן אין א פינצטערער נאכט, און האָבן פארלוירן דאָס גאנצע
ביסל גוטס, דאָס בעטגעוואנט — וואָס ווען מיר טון איצט אָן
בעטגעוואנט אין אזא ווייט לאנד?...

אזוי טענהט די מאמע פאר דער „עזרה", און די „עזרה"
הערט, און דאָס מיידל וואָס זיצט ביים טיש (פרייליין זייטשיק

הייסט דאָס מיידל), פאַרשרייבט איטלעכעס וואָרט, וואָס די מאַמע זאָגט, אין אַ בוך אַריין. די מאַמע האָט נאָך צו דערציילן און צו דערציילן, רופט זיך אָן צו איר איינער פון דער „עזרה“:

— אַלזאָ, פאָרט איר קיין אַמעריקע?

זאָגן מיר:

— פאַרשטייט זיך, נישט קיין יעהופּעץ, קיין אַמעריקע.

רופט זיך אָן צו אונדז יענער, וואָס פון דער „עזרה“:

— זענט איר שוין געווען ביים דאָקטאָר?

זאָגן מיר:

— וואָסער דאָקטאָר?

רופט זיך אָן צו אונדז יענער, וואָס פון דער „עזרה“:

— אָט האָט איר אַן אַדרעס. גייט זיך דורך, ראשית חכמה, צום דאָקטאָר, וועט ער באַטראַכטן אייערע אויגן.

דערהערט דאָס וואָרט „אויגן“, טוט מיין ברודער אליהו אַ קוק אויף דער מאַמען און ווערט טויט ווי די וואַנט...

וואָס האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן?...

ב.

שוין, דאַנקען גאָט. מיר זענען שוין אַלע געווען ביים דאָקטאָר, נאָר די מאַמע נאָך נישט. די מאַמע וועט זיין שפּעטער. מיין ברודער אליהו האָט מורא. זי האָט די לעצטע צייט צופיל געוויינט... דער דאָקטאָר האָט אונדז אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און אָנגעשריבן אונדז עפּעס אויף פּאַפּיר און פאַרחתמט אין אַ קאָנווערט. האָבן מיר זיך תחילת זייער דערשראָקן. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס האָט ער אונדז פאַרשריבן אַ רפואה צו די אויגן. פרעגן מיר אים: וואָס האָט ער אונדז פאַרשריבן? ווייזט ער אונדז מיט דער האַנט אויף דער טיר. שטויסן מיר זיך, אַז מע הייסט אונדז גיין... קומען מיר צו דער „עזרה“ און ווייזן איר דאָס געשריפטס פונעם דאָקטאָר. נעמט דאָס מיידל (פריילין זייטשיק) און עפנט אויף דאָס קאָנווערטל און לייענט איבער און מאַכט צו אונדז:

— איך קאָן אייך אָנזאָגן אַ בשורה: דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איר האָט געזונטע אויגן.

אוודאי איז דאָס פאַר אונדז אַ בשורה! וואָס טוט מען אָבער מיט דער מאַמען? זי הערט נישט אויף צו וויינען. טענהן מיר מיט איר:

— וואָס טוסטו? טאָמער חלילה וועט דער דאָקטאָר פאַרבראַקעווען דיר די אויגן?

— הערסטו? אָט דאָס וויין איך דאָך!...

אזוי ענטפערט די מאמע און לייגט צו צו די אויגן א פלעס־טערל. דאָס פלעסטערל האָט איר געגעבן אַן עמיגראַנט א פעל־דשער. ער איז זייער נישט קיין שיינער. ער האָט משונה־מאָדנע ציין, נאָך ער בחורט זיך. ער טראָגט א מעשענעם זייגער מיט א זילבערנעם קייט מיט א רוקער, און א גאָלדן רינגל אויף דער האַנט. ער הייסט נישט קיין שיינעם נאָמען: „ביבער!“ געקומען איז ער אהער קיין אַנטווערפּן מיט דער כאָליאַסטרע. אויפן וועג האָט ער זיך מיט זיי באַקענט. זיי האָבן איניינעם געגנבעט די גרענעץ. קיין נסים ונפלאות, ווי מיט אונדז האָט זיך זיי נישט געטראָפן. הרגענען האָט מען זיי נישט געוואָלט, קיין בעטג־וואַנט האָט מען ביי זיי נישט צוגענומען, נאָר זיי זענען גלאַט אזוי פאַרשוואַרצט געוואָרן. זיי האָבן געהאַט, זאָגן זיי, צו זינגען און צו זאָגן. זיי זענען דורכגעגאַנגען, זאָגן זיי, א שוויץ־באָד, אין האַמבורג. וואָס זיי דערציילן זיך אָפּ פון דעם האַמ־בורג! די האָר שטעלן זיך קאַפּויר! סדום איז א הונט אַקעגן האַמבורג! מע באַגייט זיך דאָרטן, זאָגן זיי, מיט די עמיגראַנטן א סך ערגער ווי ביי אונדז מיט אַרעסטאַנטן. ווען נישט אָט דער פעלדשער, (ביבער), וואָלטן זיי דאָרטן אומגעקומען. ער איז זיי געשטאַנען אין זייערע נויטן. ער, ביבער, איז א גרויסער עזות־פּנים. ער דערציילט, ווי ער האָט זיך גערעכנט מיט די דייטשן, איז א שרעק! ער האָט זיך, זאָגט ער, אויסגעשמועסט מיט זיי דווקא אויף רוסיש, רוסיש, זאָגט ער, קען ער גוט. א סברא, אז נאָך בעסער פון אונדזער פּיניען. פּיניע דרינגט, אז אַלצדינג וואָס דער ביבער דערציילט אונדז, וואָלט געווען זייער שיין, ווען ס'זאָל זיין אמת. אונדזער חבר פּיניע האָט פון דער ערשטער מינוט אָן געוואָרפן אַן אומחן אויף דעם פעלדשער ביבער. ער האָט געמאַכט אויף אים א לידל. אויב איר ווילט, קאָן איך עס אייך איבערזאָגן:

אונרועער פעלדשער ביבער
איז א גרויסער גבור
אויף דערציילן זאַכן.
ס'קאָן זיך אַמאָל מאַכן
(פּופּציק מאָל א טאָג),
טוט ער זיך א זאָג
א גרויסן ליגן
פון דרך־שלום וועגן.

ג.

ביבער, אָט דער פעלדשער, וואָס איך דערצייל אייך, האָט זיך אונטערגענומען צו-רעכט מאכן דער מאמען די אויגן. ער זאָגט, אז קיין דאָקטאָר אין דער וועלט וועט נישט געפינען אויף זיי קיין חסרון. ערשטנס, ווייס ער די קונץ נאָך פון דער היים. ער איז א פעלדשער, און א פעלדשער איז דאָך א האלבער דאָקטאָר". און חוץ לזה, איז ער געווען אין „דיישטענלאנד" און האָט זיך צוגעקוקט, וואָס מע טוט מיט די עמיגראנטן, זיי זאָלן האָבן געזונטע אויגן. ער זאָגט, אז מע מאכט ממש פון בלינד זעענדיק. פרעגט אים פיניע: „אפשר פארקערט?"... ווערט ער אין כעס (ביבער איז א גרויסער כעסן). ער שיט-אָפּ פיניען מיט ווערטער. ער זאָגט, אז ער איז צו א גרויסער חכם! צו קלוג פאר אמעריקע! אין אמעריקע, זאָגט ער, האָט מען פיינט כיטראקעס! אמעריקע איז א לאנד, וו מע ווייסט נישט פון קיין חכמות. אין אמעריקע איז געזאָגט — געמיינט, געמיינט — געזאָגט. אין אמעריקע איז א וואָרט א וואָרט. אמעריקע איז, זאָגט ער, געבויט אויף אמת, און אויף יושר, און אויף גערעכטיקייט, און אויף כבוד און אויף ערלעכקייט, און אויף סאָוועסט, און אויף מענטשלעכקייט, און אויף נאמנות, און אויף רחמנות... פרעגט אים פיניע: „און אויף וואָס נאָך?"... ווערט ביבער נאָך מער אין כעס! אן עבירה, וואָס מע האָט זיי איבערגעשלאָגן סאמע אין מיטן שמועס! מען איז אונדז געקומען זאָגן, אז עמעצער פרעגט זיך נאָך אויף אונדז אין דרויסן. ווער קאָן עס זיין? מיר גייען ארויס — געסט! געסט! געסט! אונדזערע מחותנים זענען געקומען! יונה דער בעקער מיט דער גאנצער משפחה. א נייע כאליאסטרע! ווידער אמאָל א גדולה: מיין שווענגערין ברכה קושט זיך מיט טאטע-מאמע, מיין ברודער אליהו קושט זיך מיט זיין שווער און מיט די שוואָגערס, אויף אים קוקנדיק, כאפט זיך פיניע אויך קושן מיט אונדזערע מחותנים, און אויף אים קוקנדיק, קושט זיך מיט זיי דער פעלדשער אויך. פרעגן זיי: ווער איז דאָס? זאָגט ער: איך בין ביבער. שיסט אויס פיניע א געלעכטער... און די מאמע מיינע? די מאמע טוט זיך אירס: זי וויינט!... מיין ברודער אליהו עקט זיך. ער קוקט אויף איר און צופּט זיך ביים בערדל. ער קאָן איר אָבער איצטער גאָרנישט זאָגן: ס'איז דאָך אייגענע, נישט קיין פרעמדע, מחותנים, און פון איין שטאָט. פארוואָס זאָל מען זי נישט לאָזן א ביסל זיך אויסוויינען?...

— ווי אזוי האָט איר געגנבעט די גרענעץ און ווו האָט מען אייך באַנומען?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן געפרעגט ביי אונדזערע מחותנים. און אונדזערע מחותנים האָבן פון דעם צו דערציילן גאַנצע פעק! מיר קריכן אָבער נישט אין קאָפּ אריין זייערע מעשיות. איך האָב מיך פארקליבן אין א ווינקל מיט מיין שוועגערינס א שוועסטערל. איך האָב אייך אמאָל דערציילט פון איר. זי הייסט אלטע און טראָגט צוויי צעפּלעך, פון אונטן צונויפגעדרייט, ווי א בייגל. איר דארפט געדענקען, אז מע האָט זי מיר אמאָל גערעדט פאר א כלה (ביי מיין ברודער אליהו אויף דער התונה). דעמלט איז זי אלט געווען ניין יאָר. איצט איז זי שוין אלט צען, דאָס עלפטע? אין איינע יאָרן מיט גאָלדעלען, מיט דעם מיידל, וואָס איז נעבעך געבליבן זיצן אין אנטווערפּן איבער די אויגן. איך דערצייל אלטען פון גאָלדעלען, און פון אירע קראַנקע אויגן נעבעך, און פון מיין חבר מאָטל דעם גרויסן, און פון מיין חבר מענדלען, און פון דער „עזרה“, און פון דעם פּרייליין זייטשיק, וואָס שרייבט אין א בוך, און פונעם דאָקטאָר, וואָס קוקט אין די אויגן. און פון ווין דערצייל איך איר, פונעם „אַליאַנץ“, וואָס האָט פיינט א יידן, און פון קראָקע מיט לעמבערג דערצייל איך איר. און פון דער גרענעץ, ווי אזוי מיר האָבן געגנבעט, און ווי אזוי מיר זענען קוים ארויס מיטן לעבן. איך לאָז נישט דורך קיין זאך. אלטע הערט מיך אויס מיט גרויסע אויגן. נאָכדעם דערציילט זי מיר, וואָס זיי האָבן געהאט. ווי אזוי איר טאטע האָט שוין לאנג געוואָלט פאָרן קיין אמעריקע, האָט איר מאמע נישט געוואָלט. און נישט אזוי די מאמע, ווי די משפּחה. די משפּחה זאָגט, אז אין אמעריקע דארף מען האָרעווען, און איר מאמע איז דערצו נישט געווינט געוואָרן. איר מאמע האָט א רעטאָנדע. די רעטאָנדע האָט איר דער טאטע געמאכט נאָך אין די גוטע יאָרן, אז זיי האָבן נאָך געהאט א סך געלט. איצט, אז ס'איז זיי געוואָרן שלעכט, און די בעלי-חובות האָבן אָנגעהויבן צו דעקוטשען, איז געבליבן, מע זאָל פארקויפן אלצדינג און פאָרן קיין אמעריקע. אז ס'איז געקומען צו דער רעטאָנדע, מע זאָל פארקויפן די רעטאָנדע, זאָגט די מאמע: אלצדינג וועט זי פארקויפן, נאָר נישט די רעטאָנדע. פרעגט זי דער טאטע: אויף וואָס דארפסטו די רעטאָנדע? אין אמעריקע דארף מען נישט קיין רעטאָנדע! זאָגט אים די מאמע: וואָס הייסט, אויף וואָס דארף איך די רעטאָנדע? וויפל יאָר האָב איך, זאָגט זי, געבעטן גאָט, איך זאָל מיך דערשלאָגן צו א רע=

טאָנדרע? קוים דערלעבט א רעטאָנדרע, זאָל איך איצט נעמען און פארקויפן די רעטאָנדרע? טאָג ווי נאכט האָט מען געהערט ביי אונדז נאָר רעטאָנדרע און רעטאָנדרע! די גאנצע משפחה (פון דער מאמעס צד) זענען זיך צונויפגעקומען. מע האָט זיך געקריגט און געזידלט. עס האָט שוין געהאלטן כמעט ביי צעגיין זיך, דאָס הייסט, דער טאטע זאָל זיך גטן מיט דער מאמען, אלץ איבער דער רעטאָנדרע. ווער האָט אויסגעפירט? געווינלעך, די מאמע! מע האָט די רעטאָנדרע נישט פארקויפט! מע האָט מיטגענומען די רעטאָנדרע, איינגעפאקעוועט די רעטאָנדרע באזונדער אין א פעקל, און ביז מיר זענען געקומען צו דער גרענעץ איז שוין נישט געווען קיין רעטאָנדרע...

אזוי דערציילט מיר אלטע, און ווייטער וויל איך שוין נישט הערן. מיר איז נאָר געגאנגען צו וויסן, אויב ס'איז נאָך דאָ א רעטאָנדרע? דערהערט, אז ס'איז שוין נישטאָ קיין רעטאָנדרע, בין איך צופרידן. איך נעם אלטען און גיי מיט איר שפאצירן. איך באווייז איר די שטאָט אנטווערפן. זי ווערט נישט נתפעל. זי האָט, זאָגט זי, געזען גרעסערע שטעט. וואָס זאָגט איר אויף איר טאטן? איך פיר זי אויף די סטאנציעס, וווּ עס שטייען עמיגראנטן. איך מאך זי באקאנט מיט מיינע חברים. אלטע ווערט נישט נתפעל פון קיין זאך. זי האלט זיך גרויס. זי איז א גרלנטע. זי איז פון תמיד אָן אזוי... שפעטער גייען מיר אלע איניינעם, אונדזער כאליאסטרע און זייער כאליאסטרע, אין דער „עזרה". דאָרט באגעגענען מיר זיך מיט אונדזער שכנה פעסיע און מיט איר כאליאסטרע. אויך גאָלדעלען זעען מיר דאָרטן. גאָלדעלע וויל זיך באקענען גענטער מיט אלטען. אלטע האלט זיך מיט איר פון דער ווייטן. גאָלדעלע פירט מיך אָפּ אויף א זייט און פרעגט מיך, וואָס איז מיט דעם מיידל אזוי דער יחוס, וואָס סע שטייט איר נישט אָן מיט איר צו רעדן? דערצייל איך איר, אז מע האָט מיר פאראיאָרן ביי מיין ברודער אויף דער חתונה גערעדט אלטען פאר א כלה. ווערט זי רויט, אזוי ווי פייער, און קערעוועט זיך אָפּ אויף א זייט און ווישט זיך די אויגן...

ד.

וואָס זאָגט איר אויף דעם אומגליק, וואָס אונדז האָט געטראָפן? מיר זענען געווען מיט דער מאמען ביים דאָקטאָר. ער זאָל איר באטראכטן די אויגן. האָט ער איר באטראכט די אויגן און נישט געזאָגט גאָרנישט. ער האָט נאָר אָנגעשריבן

א צעטעלע און אריינגעלייגט אין א קאָנווערט. האָבן מיר דעם קאָנווערט אוועקגעטראָגן צו דער „עזרה“. געקומען צו דער „עזרה“, האָבן מיר דאָרט נישט געטראָפן קיינעם נאָך, נאָר איין פרייליין זייטשיק, אָט די, וואָס זי פארשרייבט אלע עמי־גראנטן אין בוך אריין. האָט זי מיך באגעגנט מיט א געלעכטער. תמיד לאכט זי, ווען זי זעט מיך. אלע מאָל גיט זי מיר איבער א גרוס פון גאָלדעלען און לאכט. עפנט זי אויף דאָס קאָנווערטל, טוט א קוק אין צעטל אריין און הערט אויף צו לאכן, און פארברעכט די הענט. פרעגט בײַ איר די מאמע: וואָס הערט זיך? זאָגט זי: וואָס זאָל זיך הערן, מײַן ליבע יידענע? ס'איז שלעכט! דער דאָקטאָר זאָגט, אז איר קאָנט נישט פאָרן קיין אמעריקע... מײַן שוועגערין ברכה, ווייסט איר דאָך, האָט א טבע פון חלשן, איז זי באלד געפאלן חלשות. מײַן ברודער אליהו איז געבליבן שטיין אָן א טראָפן בלוט אין פנים. די מאמע אליין איז געבליבן א פארשטיינערטע. זי קאָן שוין אפילו נישט וויינען... דאָס מיידל (פרייליין זייטשיק) האָט זיך א וואָרף געטאָן נאָך וואסער. זי האָט אָפּגעמינטערט ברכהן, געטרייסט אליהון, אויסגערעדט דאָס הארץ דער מאמען און געהייסן קומען מאָרגן. אויפן וועג זאָגט איר מײַן ברודער אליהו מוסר, למאי זי האָט געוויינט די גאנצע צייט, און ער דערמאנט איר, וויפל מאָל ער האָט איר געזאָגט זי זאָל נישט וויינען!... די מאמע וויל אים ענטפערן, האָט זי נישט קיין ווערטער... זי קוקט ארויף און בעט גאָט: „טו מיט מיר, רבונו של עולם, א חסד און מיט מײַנע קינדער, און נעם מיך צו פון דער וועלט“!... אונדזער חבר פּיניע דרינגט, אז אינגאנצן איז דאָ שולדיק אָט דער ליגנער, אָט דער פעלדשער ביבער. א גאנצן טאָג מיט א גאנצע נאכט הערט מען נישט אויף צו עסן אײַנס דאָס אנדערע, ביז עס קומט מאָרגן. אויף מאָרגן גייען מיר ווידער צו דער „עזרה“. גיט אונדז די „עזרה“ אן עצה, אז מיר זאָלן זיך פרווון פאָרן איבער לאָנדאָן אפשר וועט לאָנדאָן דורכלאָזן די מאמען מיט אירע פארווייגטע אויגן קיין אמעריקע. אָדער אויב נישט קיין אמעריקע, איז כאָטש קיין קאנאדע... ווו איז קאנאדע — ווייסן מיר נישט. מע זאָגט, אז ס'איז נאָך ווייטער פון אמעריקע... מײַן ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע האָבן דערוויל איבער וואָס צי־קריגן זיך. אליהו פרעגט אים: „פּיניע! זאָג נאָר, ווו איז דאָך אָט דאָס קאנאדע? ביסט דאָך עפּעס אמאָל געווען א מענטש פון געאָגראפיע“... זאָגט אים פּיניע, אז קאנאדע איז אין קאנאדע, דאָס הייסט, נישט אין קאנאדע, נאָר אין אמעריקע. דאָס הייסט,

ער וויל זאָגן, אז קאנאדע איז טאקע דאָס אייגענע וואָס אמעריקע נאָר פּאָרט נישט אמעריקע. פרעגט אים אליהו: „ווי קאָן דאָך זיין?“ זאָגט אים פיניע: „נו, זעסט דאָך!“... דערווייל דארף מען גיין צום שיף באגלייטן גוטע פריינד, אונדזער שכנה פּעסיע מיט איר מאן דעם איינבינדער (משה הייסט ער) מיט איר גאנצער כאליאסטרע. ווייווי, וואָס סע טוט זיךביים שיף! יידן, ווייבער, קינדער, קלומקעס, פּעקלעך, קישנס, זעק מיט בעטגעוואנט. דער לויפט. דער שרייט. דער וויינט. דער שוויצט. דער עסט. דער שעלט. פּלוצעם הערט זיך א קול פון א ווילדע חיה, פון א ווינזעלטיר: ה־ה־ה־ה־ה־ו־ו־ו ! ! ! !...

דאָס הודעט מען פון שיף, מע זאָל זיך שוין געזעגענען. עס ווערט א לויפעריי מיט א קושעריי מיט א געוויין — א טעאטער און גענוג! אלע געזעגענען זיך. מיר געזעגענען זיך אויך. אלע קושן זיך. מיר קושן זיך אויך. מיר קושן זיך מיט דער כאליאסטרע. די מאמע קושט זיך מיט אונדזער שכנה פּעסיע. פּעסיע רעדט איר אוים דאָס הארץ, בעט, זי זאָל גאָרנישט זאָרגן, זיי וועלן זיך, אם ירצה השם, זען אין גיכן אין אמעריקע... די מאמע מאכט מיט דער האנט און שלינגט די טרערן... די לעצטע צייט וויינט זי א סך ווייניקער, ווי פריער. זי האָט עפּעס איינגענומען אזעלכעס אויף נישט וויינען. דער גאנצער עולם איז שוין אויפן שיף. מיר זענען אין דרויסן. איי זענען מיר זיי מקנא! איי בין איך מקנא „ושתין“! אמאָל האָט ער מיך מקנא געווען. היינט בין איך אים מקנא!... און „ושתי“ שטייט מיט א צעריסן מיצל אויפן שיף, ער האלט די הענט ארונטער און ווייזט מיר א צונג. דאָס הייסט, ער וויל מיר געבן אָנצוהערעניש, אז ער פאָרט און איך נישט. פאַרדריסט דאָס מיך זייער, נאָר איך נעם מיך אָן מיט הארץ און שטעל אים ארוים א פייג: „נא דיר!“... דאָס הייסט אזוי גרוים, ווי איך וואָלט אים זאָגן: „ושתי! אזא מכה דיר און אזא שטיק גאָלד מיר, ווי איך וועל אין גיכן זיין אין אמעריקע!“...

אָ! איר זאָלט גאָרנישט זאָרגן — איך וועל אין גיכן זיין אין אמעריקע!

XX

# די כאַליאַסטרע ווערט צעקראָכן

א.

וואָס א טאָג, וואָס א טאָג ווערט די כאַליאַסטרע עמיגראַנטן קלענער, אין אַנטווערפּן ווערט א פּוסטקע. שבת מיטן שיף פאָרן אָפּ א גוזמא עמיגראַנטן, אַלע קיין אַמעריקע. מיט זיי פאָרט אַוועק אויך מיין חבר מאָטל, דאָס איז מאָטל דער גרויסער, אָט דער, וואָס האָט מיך אויסגעלערנט שטעלן א גובערנאַטאָר, די קונץ פון בויכרעדעריי און נאָך אַזעלכע זאַכן. איך ווייס נישט, וואָס האָט אים דערזען אַזעלכעס מיין ברודער אליהו, וואָס ער האָט אים פיינט. איך מיין, אַז דאָס וואַקסט פון ברכהן. מיין שווּעגעריין ברכה האָט א טבע זיך אונטערהערן, וואָס מע רעדט, און צוקוקן זיך, וואָס מע לאַכט. ס'איז איר עסק, וואָס מיר לאַכן. אפשר לאַכן מיר פון אונדזער פּיניען, אליהוס חבר, וואָס ער שלעפּט לעקער פון די קעשענעס מיט צוקערקעס און עסט? אָדער אפשר גאָר פון ביבער, דעם פעלדשער, ווי אַזוי ער באַרימט זיך פאַר דער כאַליאַסטרע עמיגראַנטן, האַקט אַזעלכע שקרים, אַז מע קאָן בלייבן אָן א בויך לאַכנדיק?

מאָלט אייך, איצטיגס מאָל איז זי גערעכט געווען. מיר האָבן געמאַכט א גאַנצע קאָמעדיע פון איר מאַמען, ריוועלע די בעקערין מיט דער רעטאָנדע. טאָג ווי נאַכט רעדט זי פון דער רעטאָנדע, וואָס מע האָט ביי איר אַוועקגעגנבעט אויף דער גרענעץ, דאָס מויל מאַכט זיך איר נישט צו!

מאָלט אייך, אַז מיין מאַמע קאָן זיך שוין נישט איינהאַלטן און זאָגט צו איר:

— אוי, מחותנתטע! ווען איך זאָל וועלן אזוי פיל רעדן פון מיין בעטגעוואנט, פון מיינע קישנס, וואָס מע האָט ביי מיר צוגענומען אויף דער גרענעץ, ווי איך פון אייער רעטאָנדע!..
זאָגט ריוועלע די בעקערין מיט איר מאנסביל־שער שטים:
— זאָגט כאָטש להבדיל!
זאָגט איר די מאמע:
— ביי מיר איז דען גנבהשע קישנס?
זאָגט ריוועלע די בעקערין:
— גנבהשע נישט גנבהשע, איך בין צוקאָפּנס נישט גע־שטאנען.
זאָגט איר די מאמע:
— איך פארשטיי נישט, מחותנתטע, וואָס איז ביי אייך פאר א לשון?
זאָגט ריוועלע די בעקערין:
— וואָסער א גוט־מאָרגן, אזא גוט־יאָר.
— זאָגט איר די מאמע:
— מחותנתטע! מיט וואָס האָב איך דען אָנגערירט אייער האָנאָר?
זאָגט ריוועלע די בעקערין:
— ווער זאָגט דען, אז איר האָט מיר אָנגערירט דעם האָנאָר?
זאָגט איר די מאמע:
— וואָסזשע זאָגט איר „להבדיל"?
זאָגט ריוועלע די בעקערין:
— פארשטייט זיך, להבדיל! אז איך רעד פון מיין רעטאָנדע, פאָרט איר מיר אריין מיט אייער בעטגעוואנט, מיט אייערע קישנס!
זאָגט איר די מאמע:
— ביי מיר איז דען גנבהשע קישנס?
זאָגט ריוועלע די בעקערין:
— גנבהשע נישט גנבהשע, איך בין צוקאָפּנס נישט גע־שטאנען.
און ווידער אמאָל דאָס אייגענע און אָבער אמאָל דאָס אייגענע! דארף מען טעאטער?

ב.

פארשטייט זיך, אז מיר ביידע, דאָס הייסט, איך מאָטל דער קליינער, און מיין חבר מאָטל דער גרויסער, האָבן זיך דעם זעלבן אויפדערנאכט אוועקגעזעצט און האָבן געמאכט אזא מין

אַנשטעל: ווייסטו וואָס? איך וועל זיין ריוועלע די בעקערין, און דו וועסט זיין די מאמע דיינע, און לאָמיר מאכן די אייגענע שפּיל, וואָס זיי. נאָר וואָס דען? מיטן אייגענעם לשון און מיטן אייגענעם קול: איך וועל רעדן גראָב, ווי ריוועלע די בעקערין, און דו — מיט א וויינענדיק קול, ווי די מאמע דיינע.

און ביידע מאָטלעך האָבן זיך פארשטעלט. איינער האָט אָנגעטאָן א פארוק, דער אנדערער א פאטשיילע. צוגעלאָפן די חברה: מענדל דאָס בר-מצווה-יינגל, אונדזער מחותנס טעכטערל אלטע, גאָלדעלע מיט די קאַליע-אויגן, און נאָך יינגלעך און מיידלעך פון דער כאַליאסטרע עמיגראנטן. און מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט:

מאָטל דער קלייגער (מיט א וויינענדיק קול): אוי, מחותנתטע! ווען איך זאָל וועלן אזוי פיל רעדן פון מיין בעט-געוואַנט און פון מיינע קישנס, וואָס מע האָט ביי מיר צוגענומען אויף דער גרענעץ, ווי איר פון אייער רעטאָנדע!...

מאָטל דער גרויסער (מיט א גראָבער שטימע): זאָגט כאָטש „להבדיל“.

מאָטל דער קלייגער: ביי מיר איז דען גנבהשע קישנס?

מאָטל דער גרויסער: גנבהשע נישט גנבהשע, איך בין צוקאָפּנס נישט געשטאַנען.

מאָטל דער קלייגער: איך פארשטיי נישט, מחותנתטע, וואָס איז ביי אייך פאר א לשון?

מאָטל דער גרויסער: וואָסער א גוט-מאָרגן, אזא גוט-יאָר.

מאָטל דער קלייגער: מחותנתטע! מיט וואָס האָב איך אָנגערירט אייער האָנאָר?

מאָטל דער גרויסער: ווער זאָגט דען, אז איר האָט מיר אָנגערירט דעם האָנאָר?

מאָטל דער קלייגער: וואָסזשע זאָגט איר, „להבדיל“?

מאָטל דער גרויסער: פארשטייט זיך, להבדיל! אז איך רעדט פון מיין רעטאָנדע, פאָרט איר אריין מיט אייער בעטגעוואַנט!

מאָטל דער קלייגער: ביי מיר איז דען גנבהשע קישנס?

מאָטל דער גרויסער: גנבהשע נישט גנבהשע, איך בין צוקאָפּנס...

## ג.

גיי ריכט זיך, אז אקוראט אויפן וואָרט „צוקאָפּנס" וועט זיך עפענען די טיר און עס וועלן זיך באַווייזן געסט: מיין שוועגערין ברכה מיט איר מאַמען ריוועלע די בעקערין, מיט איר טאַטן יונה דעם בעקער, מיט זייערע „בנים", מיין מאַמע, מיין ברודער אליהו, אונדזער חבר פּיניע מיט זיין ווייב טייבל, ביבער דער פעלדשער מיט די געלע ציין און נאָך יידן און ווייבער — א גאַנצע כאַליאַסטרע! דאָס ערשטע האָט מיין שוועגערין ברכה מיר צוגעשטעלט א בענקעלע פאר אלעמען, אז איך מאַך נאָך דער גאַנצער וועלט. זי האָט געוואָלט אז די גאַנצע וועלט זאָל זיך אין מיר נוקם זיין. די גאַנצע וועלט האָט זיך אָבער נישט געוואָלט נוקם זיין אין מיר. פאר מיר איז געווען געגוג מיין ברודער אליהו אליין. מיין ברודער אליהו האָט א טרוקענע האַנט מיט דאַרע פינגער. אז ער וואַרפט אייך אויף א פּאַטש הייגט פאַרנאַכט, בלייבט ביי אייך א סימן אויף דער באַק ביז איבער־מאָרגן אין דער פרי.

„מע דאַרף אָט די צוויי מאָטלס צעשיידן!" — אזוי האָט געפּסקעט ברכה, און מיין ברודער אליהו האָט מיר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אז טאָמער דערזעט ער אונדז אינצווייען, מאַכט ער פון מיר א מאַצינקע! איך וואָלט וועלן זען, ווי אזוי ער וועט דאָס מאַכן פון מיר א מאַצינקע? ער פאַרגעסט, אז ס'איז דאָ א מאַמע אויף דער וועלט, וואָס וועט גיכער לאָזן זיך ארויסנעמען די קאַליע אויגן, איידער דערלאָזן, מע זאָל פון מיר מאַכן א מאַצינקע.

## ד.

מיט דער מאַמעס אויגן איז נישט אין בעסטן. דאָס הייסט, נישט גוט. זייער נישט גוט! מע זאָגט, אז מע וועט זי נישט ארויפלאָזן אויפן שיף פאר קיין מיליאָן אפילו. מע דאַרף אנטלויפן פון אנטווערפּן. אין אנטווערפּן זענען דאָקטוירים רשעים! זיי קוקן אין די אויגן אריין. וויבאַלד זיי געפינען ביי אייך אויף די אויגן „טראַכאָמעס", אזוי כאַפּט זיי אַוועק דער רוח. נישטאָ ביי זיי נישט קיין כבוד, נישט קיין רחמנות! מיר וועלן מוזן פאָרן קיין אמעריקע דורך אן אנדער וועג. דורך וואַסער א וועג — ווייסן מיר נאָך נישט. ס'איז דאָ וועגן געגוג. הלוואי וואָלט נאָר געווען מיט וואָס צו פאָרן. ס'איז א סברא,

אז ביי מיין ברודער אליהו אין קעשענעס טאָגט שוין. דער גאַנ־
צער מאַיאָנטעק פון אונדזער האלבער דירה איז ביי אונדזן
אוועק אויף די דאָקטוירים מיט די פעלדשערס — אַלץ צוליב
דער מאמעס אויגן. איך האָב געכאַפּט אַ וואָרט פון מיין ברו־
דער אליהו אַז פון זיין חבר פּיניע: „הלוואַי מיר זאָלן זיך כאָטש
דערשלעפּן ביז לאָנדאָן!“... אוודאי וואָלט איך בעסער וועלן
גלייך קיין אמעריקע. איידער קיין לאָנדאָן. אונדזער שכנה פּעסיע
די גראָבע מיט איר גאַנצער כאַליאַסטרע איז שוין לאַנג אין
אמעריקע. זיי מאַכן שוין דאָרט אַ לעבן. „ושתי“ (הערשל מיט
דער גאָל) גייט שוין דאָרט אַרום שפּאַצירן מיט די הענט אין
די קעשענעס איבער אַלע גאַסן און קנאַקט ניסלעך. אונדזערע
מחותנים — יונה דער בעקער, ריוועלע די בעקערין, מיט די
„בנים“, מיט מיין כלה אַלטע — האָבן זיך נישט געקאָנט
דערוואַרטן אויף מיין מאַמעס אויגן און זענען אוועקגעפאָרן קיין
אמעריקע אָן אונדז. אוי, אוי, אוי, וואָס סע האָט זיך אָפּגעטאָן
יענעם טאָג אין אַנטלויפן! מיר האָבן נישט געלאָזט די מאַמע,
זי זאָל זיין ביים שיף, וואָרום אַז זי וועט זיך דאַרפן געזעגענען
מיט די מחותנים, וועט זי וויינען און דערוויל באַגראָבן דאָס
איבעריקע ביסל אויגן. וואָס האָבן מיר געפּועלט? האָט זי נאָך
מער געוויינט. זי טענהט, אַז מע נעמט צו ביי איר דאָס איינ־
ציקע שטיקל חיות — כאָטש אויסוויינען זיך די צרות, גרינגער
מאַכן דאָס האַרץ!... נאָר ווער הערט זי?

ה.

ווייסט איר, ווער ס'איז צופרידן מיטן אָפּפאָרן פון אונדזערע
מחותנים? איר וועט קיינמאָל נישט טרעפן — גאָלדעלע! אָט דאָס
מיידל וואָס מיט די קאַליע־אויגן, וואָס איר פאָטער און מוטער
זענען אין אמעריקע שוין העכער אַ יאָר און זי זיצט דאָ, אין
אַנטלויפן, צוליב די אויגן. דערהערט, אַז אונדזערע מחותנים
פאָרן אוועק, האָט זי געוואָלט גיין טאַנצן. וואָס איז די מעשה?
זי האָט פיינט אַלטען. אָט הי, וואָס מע האָט זי מיר גערעדט
אַמאָל פאַר אַ כלה. זי האָט פיינט פאַר איר גדלות. גאָלדעלע
אַמאָל פיינט אַ מענטשן, וואָס בלאָזט פון זיך.

— דיין כלה מיט די רויטע צעפּעלעך קאָן איך נישט אָנקוקן:
זי איז אַ גדלנטע!

אַזוי זאָגט צו מיר איינמאָל גאָלדעלע, און דאָס פּנים ברענט
איר ווי אַן אויוון.

— פונוואנען האָבן זיך גענומען ביי אַלטען רויטע צעפּעלער, אַז זי האָט גאָר שווארצע?

אזוי זאָג איך צו גאָלדעלען. ווערט זי נאָך מער אין כעס, וויינט אין זאָגט צו מיר:

— רויטע! רויטע! רויטע!...

גאָלדעלע, אַז זי איז בייז, דאַרף מען זי לאָזן צורו, ביז עס גייט איר אָפּ דער כעס. און אַז עס גייט איר אָפּ דער כעס — איז זי גאָלד און זילבער! מיט מיר איז זי טאקע גאָר ווי א שוועסטער. אלצדינג דערציילט זי מיר: ווי אזוי זי האָרעוועט אויף דער סטאנציע, קערט די שטובן, האָדעוועט די עופות, פאַרוויגט די קינדער (די באַלעבאָסטע, ווו זי שטייט, האָט א צייט נישט געהאט קיין קינדער, איצט האָט זי גאָט געבענטשט מיט א צווילינג). היינט דערציילט זי מיר, ווי אזוי זי גייט צום דאָקטאָר אַלע טאָג זיך קורירן די אויגן, ווי אזוי דער דאָקטאָר שמירט זי מיטן זעלבן בלוישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריקע קראַנקע.

— אוי, ווען גאָט העלפט מיר אַן אייגענעם בלוישטיין, וואָלט איך אפשר קאָנעז אמאָל זען מיין טאטע־מאמע...

אזוי זאָגט גאָלדעלע מיט טרערן אויף אירע קראַנקע אויגן. עס רייסט מיר אויס א שטיק האַרץ. איך קאָן נישט הערן, ווי זי רעדט פון טאטע־מאמע. איך קאָן נישט זען, ווי זי וויינט. איך זאָג צו איר:

— ווייסטו וואָס, גאָלדעלע? אָט פאָר איך קיין אמעריקע. איך וועל מאכן דאָרט א לעבן, וועל איך דיר צושיקן פון דאָרט א בלוישטיין.

— דו נארסט מיך נישט אָפּ? שווער מיר ביי דיין הייליקע נאמנות.

אזוי זאָגט צו מיר גאָלדעלע, און איך שווער איר ביי מיין הייליקע נאמנות. אַז איך וועל זי נישט פאַרגעסן. אַז גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל נאָר אָנהייבן מאכן א לעבן אין אמעריקע, אזוי שיק איך איר באַלד אַרויס א בלוישטיין.

## ז.

איך ווייס שוין פאַר געוויס, אַז מיר פאָרן שבת אין דער פרי קיין לאָנדאָן. מיר גרייטן זיך שוין אין וועג אריין. מיין מאמע מיט מיין שוועגערין ברכה מיט אונדזער חבר פיניעס

חייב טייבל גייען פון איין סטאַנציע אין דער אַנדערער זיך געזעגענען, מיט דער כאַליאַסטרע עמיגראַנטן. נישט אַזוי דאָס געזעגענען, ווי אויסרעדן זיך דאָס האַרץ פאַר מענטשן. וואָס לאָזט זיך אויס? מיר זענען גאָר מאַנאַרכן קעגן אַנדערע עמי-גראַנטן. ס'איז פאַראַן אין דער כאַליאַסטרע אַזעלכע מאָדנע שלימזלען, וואָס זענען אונדז מקנא. זייערע צרות איז גאָרנישט איבערצודערציילן. אַלע זענען געווען אין דער היים שיינע באַלעבאַטים. אַלע האָבן פאַרמאָגט אַלדאָס גוטס. אַלע האָבן געהאַט שטענדיק אַ טיש פאַר אָרעמע לייט. אַלע ווינטשן זיך פאַרמאָגן, וואָס מענטשן האָבן ביי זיי צוגענומען. אַלע האָבן געטאָן די שענסטע שידוכים. היינט זענען זיי אַלע שלע-פערס. מאָדנע ברואים! מיר האָבן זיך שוין צוגעגעסן זייערע מעשיות. פריער, אַז איך פלעג הערן, מע דערציילט פון אַ פּאָגראָם, האָב איך אָנגעשטעלט מויל מיט אויערן. היינט, אַז איך דערהער דאָס וואָרט פּאָגראָם, — אַנטלויף איך. איך האָב בעסער ליב פריילעכע מעשיות. איז אָבער נישטאָ ווער ס'זאָל דערציילן עפּעס פריילעכעס. געווען איין פעלדשער ביבער אַ פריילעכער פּאַרשױן, אפילו אַ גרויסער ליגנער, איז ער שוין אויך אין אַמעריקע.

— ער האָט דאָרט שקרים אויפן פּוד! — אַזוי זאָגט אונדזער חבר פּיניע.

— מע וועט אים דאָרט לאַנג נישט לאָזן האַקן שקרים. האָב קיין מורא נישט. אין אַמעריקע האָט מען פיינט אַזעלכע... אין אַמעריקע איז אַ ליגנער ערגער פון אַ משומד!...

אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו, און ברכה פרעגט אים: פונוואַנען ווייסטו? הייבט זיך אָן ביי אונדז אַ חתונה. איך און פּיניע האַלטן מיט אליהון, טייבל האַלט מיט ברכהן. וואָס אייגער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויער.

מיר מאַנסבילן: אַמעריקע איז אַ לאַנד פון גאָלע אמת!...

זיי, די ווייבער: אַמעריקע איז אַ מדינה פון סאַמע ליגנערס!...

מיר מאַנסבילן: אַמעריקע איז געבויט אויף אמת, יושר און רחמנות!...

זיי, די ווייבער: גנבה, גזילה, שאַרלאַטאַנעס!...

אַ גליק, וואָס סע מישט זיך אַריין די מאַמע. זי זאָגט:

— קינדערלעך, וואָס דארפט איר זיך קריגן איבער אמעריקע, אז מיר זענען נאָך אין אנטווערפן?

זי איז זייער געוועבט. מיר זענען נאָך אין אנטווערפן. אָבער נישט אויף לאנג. אָט־אָט פאָרן מיר אוועק קיין לאָנדאָן. אלע צעפאָרן זיך פון דאנען, אלע עמיגראנטן, די גאנצע כאליאסטרע.

וואָס וועט זיין מיט אנטווערפן??!

XXI

# זײַ געזונט, אנטווערפּן!

### א.

קיין שטאָט האָט מיר אזוי נישט באַנג געטאָן אוועקצוּוואַרפן, ווי די שטאָט אנטווערפּן. און נישט אזוי די שטאָט, ווי די מענטשן. און נישט אזוי די מענטשן פון אנטווערפּן, ווי די כאַליאַסטרע עמיגראַנטן. און נישט אזוי די כאַליאַסטרע אַליין, ווי מײַנע חברים און חברטעס. א סך זענען זיך צעפאָרן פריער. „ושתי“, אלטע, מאָטל דער גרויסער — די זענען שוין לאַנג אין אמעריקע, מאַכן אַלע א לעבן. געבליבן איז נאָר מענדל דער בר־מצווה־בחור (ברכה האָט אים געשענקט א צונעמעניש „דער לאָשעק“). און גאָלדעלע דאָס מיידל מיט די קאַליע־אויגן איז געבליבן. ווייטער קיינער נישט. וואָס וועט טון די „עזרה“, די וואָס העלפט די עמיגראַנטן? וועמען וועט זי העלפן? עס טוט מיר באַנג אנטווערפּן. איך וועל בענקען נאָך אנטווערפּן. א ווילע שטאָט, ווילע מענטשן. אַלע האַנדלען מיט בריליאַנטן. אַלע טראָגן זיך אַרום מיט שטיינער. אַלע קענען די מלאכה: שנײַדן, קליוועז, שלײַפן שטיינער. וועמען איר באַגעגנט, איז ער אָדער א שטיינשנײַדער, אָדער א קליווער, אָדער א שלײַפער. א סך יינגלעך פון אונדזער כאַליאַסטרע זענען דאָ פאַרבליבן, געוואָרן שטיינשנײַדער. מיר זאָלן זיך אזוי נישט רייסן קיין אמעריקע, וואָלט מען מיך אויך אוועקגעגעבן צו דער אַרבעט. געמאַכט פון מיר א שטיינשנײַדער. מײַן ברודער אליהו איז געפעלן די מלאכה. אונדזער חבר פּיניען אויך. זיי זאָלן זײַן, זאָגן זיי, א ביסעלע יינגער, וואָלטן זיי אַליין גענומען זיך צו דער אַרבעט —

שלייפן שטיינער. ברכה לאכט פון זיי, זי זאָגט, אז שטיינער איז גוט צו טראָגן, נישט צו שלייפן. פיניעס וייב טייבל האלט מיט איר. טייבל איז אויך א בעלן אויף צו אָנטאָן שטיינער. זיי גייען אלע טאָג קוקן אין די פענצטער און קאָנען זיך נישט אָפּליבן פון די בריליאנטן מיט די דימענטן, וואָס וואלגערן זיך, אזוי ווי מיסט. עס דרייט זיך אזש דער קאָפּ. עס שעמע־רירט זיי אין די אויגן. זיי זענען אוים מענטשן. פיניע לאכט פון זיי. ער זאָגט, אז די אלע שטיינער האָבן ביי אים אפּנים פון חוזק. און די, וואָס גיבן זיך אָפּ דערמיט, זעען אוים ביי אים ווי משוגעים. איר מיינט, ער האָט נישט געמאכט אויף זיי קיין לידל? אזוי הייבט זיך אָן דאָס לידל:

אנטווערפּן איז א לאנד
פון די בעסטע שטיינער,
מיליאָנערן אלערהאנד —
קיין אָרעמאן נישט איינער.
דימענטן ווי מיסט,
העכער האלב אומזיסט!
בריליאנטן האָבן זיי א סך! א סך!
צירונג? פאר דער גאנצער וועלט!
עס פעלט זיי נאָר איין זאך:
— — — — — — מזומן געלט...

און ווייטער געדענק איך נישט.

ב.

אָנגעדענקען זיך אלע לידלער, וואָס פיניע מאכט, דאַרף מען האָבן א קאָפּ פון א מיניסטער. מיין ברודער אליהו קוילעט זיך מיט אים דערפאר. אליהו זאָגט, טאָמער ווערט מען געוואָר אין דער „עזרה“, אז מיר מאכן לידלעך אויף אנטווערפּן, טרייבט מען אונדז ארויס פון דאָרטן. און מיר קוקן ארויס אויף דער „עזרה“ פאר אונדזער אוועקפאָרן, זי זאָל אונדז עפּעס העלפן. מיר גייען צו איר אלע טאָג. מיר זענען דאָרט היימישע מענטשן. דאָס מיידל, וואָס שרייבט אין בוך, דאָס פרייליין זיימשיק, קען אונדז אלע ביי די נעמען. מיך האָט זי ליב, ווי א קינד. מיט דער מאמען איז זי ווי א שוועסטער. איר קאָנט פארשטיין, אז אפילו

ברכה זאָגט, אז פריילײן זײטשיק איז א גלגול פון א יידיש מיידל מיט א יידישער נשמה. די גאנצע כאליאסטרע עמיגראנטן האָבן זיך פארליבט אין איר. און גאָר דערפאר, וואָס זי רעדט צו זיי אויף יידיש, נישט אויף דײטש. ווייטער רעדן זיי אין אנטווערפן אלע דײטש, כאָטש גיב זיי א קרענק; פיניע זאָגט אפילו, אז דאָס לאנד געהער נישט צו קיין דײטשן, און די יידן וואָלטן געמעגט רעדן יידיש. נישקשה, עס וואָלט זיי גאָרנישט געשאדט. אלע יידן פון דער זייט גרענעץ האָבן פיינט יידיש, האָבן ליב דײטש. אפילו די קבצנים זייערע רעדן דאָ אויך אויף דײטש. ער וועט אייך פגרן פון הונגער, אבי אויף דײטש! אזוי זאָגט ברכה און טרייבט אונדז אונטער, מיר זאָלן שוין פאָרן קיין לאָנדאָן. ס'איז איר שוין נמאס געוואָרן דאָס אנטווערפן מיט זייער לשון. אז וו מע גייט און וו מע שטייט, הערט מען נאָר: בריליאנטן! דימענטן! אלע טראָגן זיך ארום מיט פולע קעשענעס, מיט גאנצע פעק בריליאנטן. עס זאָל זיך דאָס אפילו צוקלעבן צו אונדז א בריליאנטל! עמעצער פון זיי זאָל כאָטש ווערן פארלירן א פאָר דימענטלעך, און איך זאָל זיי געפינען! אזוי זאָגט ברכה, און די אויגן אירע ברענען. איך ווייס נישט, וואָס ברכה איז אזוי פארקאָכט אין דימענטן מיט בריליאנטן. איך וואָלט אייך אוועקגעגעבן אלע שטיינער פון דער גאנצער וועלט פאר איין קעסטל פארבן מיט א בערשטעלע אויף צו מאָלן. איך האָב אויסגעמאָלט א שיף נישט לאנג מיט א שטיפטל אויף פאפיר. א שיף מיט א כאליאסטרע עמיגראנטן, קעפ אויף קעפ. איך האָב דאָס מאָלעכטס אוועקגעשענקט גאָלדעלען, דעם מיידל, וואָס מיט די קאליע־אויגן. גאָלדעלע האָט דאָס געוויזן דעם פריילײן זײטשיק. יענע האָט דאָס באוויזן אין דער „עזרה" פאר דער גאנער וועלט. האָט דערזען אויך מײן ברודער אליהו, האָב איך געהאט פון אים: „מענטשעלער! וועסט אויפהערן אמאָל מאָלן מענטשעלעך, צי ניין?" מײן ברודער אליהו האָט מיך שוין לאנג אזוי נישט געשלאָגן. איך האָב עס דערציילט גאָלדעלען, האָט דאָס גאָלדעלע דערציילט דעם פריילײן זײטשיק. האָט דאָס פריילײן זײטשיק פירגעהאלטן מײן ברודער אליהו, פארוואָס ער שלאָגט מיך. זי האָט אים באוויזן דאָס מאָלעכטס און האָט איבער אים געטענהט און געטענהט. מײן ברודער אליהו האָט זי אויסגעהערט, און אז ער איז געקומען אהיים, האָב איך ערשט דעמלט פון אים געהאט. מײן ברודער אליהו זאָגט, אז ער מוז מיר ארויסשלאָגן דעם שגעון פון מאָלן מענטשעלעך...

ג.

היינט זענען מיר געווען דאָס לעצטע מאָל ביי דער „עזרה“. וואָס מיר האָבן דאָרט געטאָן — ווייס איך נישט. מיין ברודער אליהו האָט עפּעס געטענהט. פּיניע האָט געמאַכט מיט די הענט. ברכה האָט זיך אריינגעמישט אין מיטן. די מאמע האָט געוויינט. די וואָס זיצן אין דער „עזרה“ האָבן עפּעס גערעדט צו אונדז, געוויינלעך, אויף דייטש. דריי זענען דאָרטן געזעסן, און אַלע דריי האָבן זיך פארהערט, ווער קאָן בעסער רעדן דייטש... פרעגט מיך בחרם, וואָס זיי האָבן דאָרטן גערעדט? אז מיין קאָפּ איז מיר גאָר דאָרטן, אויפן שיף, אויפן ים, אין לאָנדאָן, אין אמע־ריקע. און דאָ קומט צו לויפן גאָלדעלע אין איין אָטעם:

— דו פאָרסט שוין מאקע?

— איך פאָר.

— ווען?

— מאָרגן.

— וווהין?

— קיין לאָנדאָן.

— און פון דאָרטן?

— קיין אמעריקע.

— און איך בלייב דאָ מיט מיינע קאַליע־אויגן, און מיין טאטע־מאמע — גאָט ווייסט, ווען איך וועל זיי זען!

אזוי זאָגט גאָלדעלע און וויינט מיר אָפּ דעם קאָפּ. עס טוט מיר וויי דאָס הארץ. איך וויל זי טרייסטן, האָב איך נישט קיין ווערטער. איך קוק אויף איר און טראַכט מיר: „רבונו של עולם! וואָס האָסטו צו אָט דעם מיידל? וואָס האָט זי דיר געטאָן?“... איך נעם זי ביי דער האנט. איך גלעט זי:

— וויין נישט גאָלדעלע. אָט וועסטו זען, איך וועל קומען קיין אמעריקע און וועל מאכן א לעבן, איז דאָס ערשטע — שיק איך דיר ארויס א בלוישטיינדל אויף צו שמירן די אויגן. נאָכ־דעם וועל איך דיר שיקן א שיפסקארטע, א האלבע שיפסקארטע, ביסט דאָך נאָך נישט אלט קיין צען יאָר. וועסטו קומען צו פאָרן קיין אמעריקע. דאָרט וועט אויף דיר ווארטן אין „קעסטל־גארטל“ דיין טאטע מיט דיין מאמע. איך וועל אויך זיין אין „קעסטל־גארטל“. אז דו וועסט צופאָרן מיטן שיף קיין אמעריקע, זאָלסטו קוקן אין „קעסטל־גארטל“ און זאָלסט מיך זוכן מיט די אויגן. איך וועל האלטן אָט דאָס בלוישטיפטל אין די הענט — זעסטו? אז דו וועסט דערזען אין אמעריקע א יינגל מיט אָט אזא בלוישטיפטל — זאָלסטו וויסן, אז דאָס בין איך, מאָטל

פּייסים. נאָכדעם, אז דו וועסט אראָפּ פון שיף, וועסטו זיך צע־קושן מיט דיין טאטע־מאמע. אהיים וועסטו נישט גיין מיט זיי דו וועסט זיי נאָר איבערגעבן די זאכן דייגע און בעסער גיין אָנקוקן מיט מיר אמעריקע. איך וועל דיר ווייזן גאנץ אמעריקע, מחמת איך וועל דאָך שוין זיין קלאָר אין דעם אויף אויסנווייניק. נאָכ־דעם וועל איך דיך ברענגען אהיים צו דיין טאטע־מאמע, וועסטו עסן מיט זיי וועטשערע, א פרישע יויך...

גאָלדעלע האָט נישט געוואָלט הערן ווייטער. זי איז מיר געפאלן אויפן האלדז און געקושט מיך. איך זי אויך.

ד.

אָט די ברכה, הערט איר, האָט א טבע: ווו מע פארזייעט זי נישט, דאָרט וואקסט זי אויס. זי דארף אָנקומען אקוראט אין דער מינוט, ווען איך געזעגן מיך מיט גאָלדעלען! געזאָגט האָט זי מיר גאָרנישט. קיין האלב וואָרט אפילו. זי האָט נאָר אויס־געצויגן מיט איר מאנסבילשער שטים אפשר אויף דריי קלאפטער:

„אז—וי—וי—וי?...“

נאָכדעם האָט זי עפּעס מאָדנע צונויפגענומען די ליפּן, פאר־דרייט די נאָז. א הוסט האָט זי אויך געטאָן בשעת מעשה: „ע—העם!“ און איז אוועק גלייך צו מיין ברודער אליהו. וואָס זי האָט אים געזאָגט, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אז איך בין ארויסגעגאנגען פון דער „עזרה“, האָט מיר אליהו אָפּגעשמעקט א געשמאקן פּאטש. עס האָט מיר געקלונגען איןביידע אויערן.

— פארוואָס? — פרעגט אים די מאמע. — פאר ווען?

— ער ווייסט שוין, פארוואָס!... — ענטפערט איר מיין ברודער אליהו, און מיר גייען אלע אויף דער סטאנציע. דאָרט איז א מהומה, א טאראראם. מע דארפן זיך פּאקן. איך האָב ליב זען, ווי מע פּאקט זיך. אויף פּאקן זיך איז מיין ברודער אליהו איין בריה. אז עס קומט צו פּאקן זיך, ווארפט ער אראָפּ די קאָ־פּאָטע און הייבט־אָן קאָמאנדעווען: „גיט אהער דאָס קויטיגע גרעט!... מאמע, דעם טשייניק!... דאָס היטעלע, ברכה, דאָס הי־טעלע, גיכער!... די קאלאָשן, פּיניע, דו בלינדער יאצקאָ, דו סלי־פּאק איינער, דו זעסט נישט? אָט שטייען די קאלאָשן ביי דיר אונטער דער נאָז!... מאָטל, וואָס שטייסטו, ווי א ליימענער גולם? העלף עפּעס טאָן! ער ווייסט נאָר מאָלן מענטשעלעך! מענטשע־לעך!...“

דאָס מיינט ער שוין מיך. איך טו מיך א וואָרף און הייב אָן העלפן טראָגן און ווארפן וואָס עס קומט מיר אין די הענט. ווערט מיין ברודער אליהו אין כעס, למאי איך ווארף, און וויל מיך שלאָגן. שטעלט זיך איין פאר מיר די מאמע: „וואָס ווילסטו האָבן פונעם קינד?“... געפעלט נישט ברכהן, למאי די מאמע רופט מיך „קינד“, און צעקריגט זיך מיט דער מאמען. דערמאָנט איר די מאמע, אז איך בין א יתום, און וויל אָנהייבן וויינען. זאָגט איר אליהו: וויין, וויין! וויין אויס דאָס לעצטע ביסל אויגן!...

אָט באלד פארלאָזן מיר אנטווערפן.
זיי געזונט, אנטווערפן!

XXII

# לאָנדאָן, פּאַרוואָס ברענסטו נישט?

## א.

זינט איך לעב, בין איך נישט געווען אויף אַזאַ יאַריד, ווי אין לאָנדאָן. נישט אין לאָנדאָן איז אַ יאַריד, נאָר לאָנדאָן אַליין איז אַ יאַריד. סע קלאַפּט און סע קלינגט און סע פּייפט און סע טראַסקעט, און מענטשן — מענטשן אַזוי ווי מאָן, אַזוי ווי מערעשקעס! פונוואַנען נעמען זיך אַזוי פיל מענטשן, און וווּהין לויפן זיי? אַפּנים, זיי זענען הונגעריק, אָדער זיי האַלטן ביי אוועקפאָרן. אַנישט, וואָס דאַרף מען זיך אַזוי שטופּן, שלאָגן זיך מיט די עלנבויגנס, אומוואַרפן אַ מענטשן און טרעטן אים מיט די פיס? איך רעד פון פיניען. אונדזער חבר פיניע, אויב איר געדענקט, האָט אַ נידעריקע ראיה. דערצו האָט ער אַ טבע, ער האַלט דעם קאָפּ אַרויף און פּלאָנטערט מיט די פיס. אַ פאַרטראָגענער מלאך. דער קאָפּ פליט ביי אים. דעם ערשטן ברוך־הבא האָט ער געכאַפּט אויף דער באַן. מיר זענען נאָר אַרויסגעקראָכן פון וואַגאָן, האָט זיך שוין געטראָפן אַן אומגליק. דער ערשטער איז אַרויסגעפלויגן פיניע. אײַן הויז פאַרקאַטשעט, איין זאָק אַראָפּגעלאָזט, דעם האַלדזטיכל פון יענער זייט — אַזוי ווי תמיד. איך האָב נאָך פיניען קיינמאָל נישט געזען אַזוי האָפּערדיק. ער האָט געברענט, ווי אויף פּאָקן. ער האָט אָנגעהויבן שיטן מיט מאָדנע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז: „לאָנדאָן! ענגלאַנד! דיזראַעלי! באָקל! היסטאָריע! ציוויליזאַציע!...“ עס איז אוממעגלעך געווען אים איינצושטילן. עס האָט נישט געדויערט קיין צוויי מינוט, איז אונדזער חבר פיניע שוין געלעגן

אויף דער ערד, און מענטשן האָבן געשפּאַנט איבער אים, ווי מע שפּאַנט איבער א שיט האָלץ. א גליק, וואָס זיין ווייב טייבל האָט געמאכט א געוואלד: „פיניע, ווו ביסטו?“ האָט זיך מיין ברודער אליהו געגעבן א וואָרף און האָט אים ארויסגעשלעפּט א צעקנייטשטן און אן אָפּגעבליאקעוועטן, ווי אן אלטן קאפּאָ־ליוש. דאָס איז געווען נומער איינס. דעם צווייטן פּסק האָט ער נעכאפּט דעם זעלבן טאָג אין שטאָט, און דווקא אויף דער יידי־שער גאס, וואָס מע רופט זי מיט א מאָדנעם נאָמען „ווייטשע־פּעל“, דאָרט ווו מען פארקויפט פיש און פלייש, סידורים, ציצית, עפּל, קוואס, טאָרט מיט צוקערלעקער, מיט אָנגעשניטענע שטיקלעך הערינג, טליתים, לימענעס, וולומשקע, אייער, גלעז־לער, טעפּ, קאלאָשן, לאָקשן, בעזעמער, פייפלער, פּעפער, שטריק — פונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונדז. ס'זאָל פעלן א האָר. אפילו בלאָטע אויך, ווי ביי אונדז. און שמעקן שמעקט אויך ווי ביי אונדז. אמאָל נאָך ערגער. מיר האָבן זיך דערפרייט. אז מיר האָבן דערזען דעם „ווייטשעפּעל“. פיניע האָט זיך שוין צופיל דערפרייט. „באַרדיטשעוו! — האָט ער זיך צעשריגן. — גע־וואלד, יידישע קינדער! מיר זענען נישט אין לאָנדאָן, מיר זענען אין באַרדיטשעוו!“. אוי, האָט ער געכאפּט א באַרדיטשעוו! איך האָב געמיינט, מע וועט אים דארפן אוועקפירן אין שפּיטאָל. פון דעמלט אָן לאָזט אים טייבל אליין נישט גיין איבער לאָנדאָן אפילו א טריט. איך קוק אויף דעם „ווייטשעפּעל“ און טראכט מיר: רבונו של עולם, אז אין לאָנדאָן איז אזוי, היינט וואָס קאָן שוין זיין אין אמעריקע?!...

רעדט־זשע אָבער מיט ברכהן, זאָגט זי, אז לאָנדאָן וואָלט געמעגט פארברענט ווערן נאָך איידער מיר זענען געקומען. פון דער ערשטער מינוט, וואָס מיר זענען געקומען קיין לאָנדאָן, האָט מיין שוועגערין ברכה געוואָרפן אן אומחן אויף דער שטאָט — סכנות! ס'איז דען א שטאָט? — זאָגט זי. — ס'איז נישט קיין שטאָט, ס'איז א גיהנום! עס וואָלט געמעגט קומען אויף איר א שרפה נאָך פאראיאָרן! אזוי זאָגט ברכה, און מיין ברודער אליהו פּרוווט זיך פארענטפערן די שטאָט, זוכן מעלות. נאָר עס העלפט אים, ווי א טויטן באנקעס. ברכה הערט נישט אויף צו שיטן פעך און שוועבל אויף דער שטאָט און ווינטשעוועז, זי זאָל אָפּ־ברענען. קיין אנדער שטראָף ווינטשט זי איר נישט, נאָר ברע־נען. פיניעס ווייב טייבל האלט זי אונטער. די מאמע זאָגט: „אפשר וועט גאָט רחמנות האָבן און דאָס לאָנדאָן וועט זיין אונדזער לעצט אָפּקומעניש?“ נאָר מיר אין דרייען: איך און

אליהו און פּיניע האָלטן פון לאָנדאָן אַז עולם ומלואו. אונדז איז דווקא געפעלן אָט דער טומל, וואָס סע טומלט, מיט דעם קאָכעניש, וואָס סע קאָכט.

וואָס אַרט עס אונדז, אַז סע קאָכט? לאָז קאָכן. אונדז געפעלט גאָרנישט, וואָס מיר גייען אַרום אָן אַרבעט. מיר זוכן אַ קאַמיטעט און קאָנען נישט געפינען. ווען מיר פרעגן, איז אָדער מע ווייסט נישט, אָדער מע וויל נישט ענטפערן. מע האָט קיין צייט נישט. מע איז פאַרטראָגן. מע לויפט! מיר מוזן אָבער האָבן אַ קאַמיטעט. מיר קאָנען זיך אָן אַ קאַמיטעט נישט באַגיין. נישט מחמת קיין זאַך, נאָר מחמת דעם, וואָס מיר האָבן נישט מיט וואָס צו דערשלעפן זיך קיין אַמעריקע. מיין ברודער אליהום קעשענע האָט זיך אויסגעליידיקט. דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פאַר אונדזער האַלבער דירה, איז אַוועק ווי אַ רויך. פּיניע לאַכט פון אליהון: „וואָס וועסטו טאָן מיט דער קעשענע?“ אליהו איז אין כעס. ער האָט פּיינט, אַז מע טרייבט קאַטאָוועס. ער איז פּונקט דער היפּך פון זיין חבר פּיניע. ער איז אַ פאַרוויינטע נשמה. פּיניע רופט אים: „דאָס פאַרזאָרגטע באַלעבעסל“... איך האָב פּיניען ליב נאָר דערפאַר, וואָס ער איז תמיד פריילעך. זינט מיר זענען געקומען קיין לאָנדאָן איז ער נאָך געוואָרן פריילעכער. ער זאָגט, אַז דאָרט אין קראָקע, לעמבערג, בראָד, אַנטווערפּן, וויִן, מוז מען רעדן דייטש. דאָ אין לאָנדאָן איז אַ מחיה. מע קאָן רעדן יידיש, ווי אין דער היים. דאָס הייסט: האַלב יידיש, האַלב רוסיש.

דאָס לשון זייערס איז ערגער נאָך פון דייטש. ברכה זאָגט, אַז דריי ענגלענדער מעגן זיין אַ כפּרה פאַר איין דייטש. זי זאָגט: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אַז אַ גאַס זאָל הייסן „וויטשעפּעל“, און געלט זאָל הייסן „אייפּעני“, „טאַפּעני“, „טריפּעני“? ס'איז דאָ נאָך אַ וואָרט, וואָס געהער זיך אָן מיט געלט, הייסט עס „פייף“. מיט דעם דאָזיקן „פייף“ האָט זיך געטראָפן ביי אונדז אַ גאַנצע מעשה, אויב איר ווילט, קאָן איך זי אייך דערציילן.

## ב.

איר ווייסט דאָך שוין, אַז מיר זוכן אַ קאַמיטעט אין לאָנדאָן. געפינען אין לאָנדאָן אַ קאַמיטעט — איז פּונקט, ווי אין אַ וואָגן שטרוי אַ נאָדל. נאָר ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גאַט אויף

דער וועלט, גייען מיר איינמאָל אזוי איבערן „ווייטשעפּעל". פאַר־נאכטלעך איז דאָס געווען. דאָס הייסט, נישט פארנאכט, נאָך בייטאָג. אין לאָנדאָן איז נישטאָ נישט קיין בייטאָג, נישט קיין אינדערפרי. אין לאָנדאָן איז שטענדיק פארנאכט. באגעגנט אונדז א ייד מיט א קורץ ווייטיקל, מיט א טשודנעם קאפּעליוש און מיט זוכענדיקע אויגן.

— איך וואָלט געמעגט שווערן, אז איר זענט יידן...

אזוי זאָגט צו אונדז דער ייד מיטן קורצן ווייטיקל, און פּי־ניע ענטפערט אים:

— קאָניעטשנאָ! נאָך וואָסערע יידן! פון יידנלאנד!...

— ווילט איר אפשר פארדינען א מצווה?

אזוי מאכט ווידער דער ייד, און פּיניע ענטפערט אים:

— למשל־נאפּרימער?

— איך האָב יאָרצייט, און קאָן נישט אוועקגיין פון דער היים. עס פעלט מיר אויס נאָך א פּאָר מענטשן צו א מנין... דאָס בחורל איז שוין בר־מצווה, צי נאָך נישט?

דאָס מיינט ער מיך. מיר איז דאָס דווקא געפעלן, וואָס ער רופט מיך „בחורל" און מיינט, אז איך בין שוין בר־מצווה.

ארויפגעדראפּעט זיך מיט אים אין דער פינצטער אויף די טרעפּ, זענען מיר אריין אין א פינצטער חדרל, אָנגעפּאקט מיט קליינע פארמורזשעטע קינדער און אָנגעפילט מיט א געדיכטן ריח פון „געפרייטע" פיש. קיין מנין איז נאָך נישט געווען. עס האָבן נאָך געפעלט זיבן. דער ייד האָט אונדז געבעטן זיצן, און אליין האָט ער געגעבן א שפרונג אויף דער גאס, טאָמער וועט ער כאפּן נאָך א צוויי יידן. ער האָט געגעבן עטלעכע שפרונג, ביז ער האָט צונויפגעשלאָגן א מנין. איך האָב מיך דערווייל באקענט מיט די פארמורזשעטע קינדערלעך און געכאפּט א קוק אין אויוון. דאָרט האָבן זיך „געפרייט" פיש. ביי אונדז אין דער היים זאָגט מען „געפּרעגלט". דאָ דארף מען זאָגן „געפרייט". איך ווייס נישט, פארוואָס? אפשר דערפאר, ווייל ס'איז א פרייַלאנד, הייסט דאָס געפרייטע פיש? אָדער דערפאר, ווייל די פיש פרייען זיך בשעת מע פרעגלט זיי? סיי־ווי־סיי זענען געפרייטע פיש גאָר־נישט אזוי שלעכט, ווי מיין שוועגערין ברכה מאכט דעם אָנ־שטעל. ווען מע גיט מיר איצטער א שטיקל געפרייטע פיש, וואָלט איך זיך מחיה געווען. איך מיין, אז ברכה אליין וואָלט זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט. מיר האָבן אלע א גאנצן טאָג כמעט געפאסט. מיר לעבן שוין עטלעכע טאָג מיט א שטיקל הערינג און מיט רעטעך. אין „ווייטשעפּעל" קריגט איר גוטע שווארצע

רעטעכער. דער ייד וואָלט געטאָן א שכל, ווען ער בעט אונדז מיר זאָלן בלייבן מיט אים עפּעס נעמען אין מויל אריין. אפּנים, ער הייבט אָן צו פילן, אז מיר ווילן עסן. פונוואנען ווייס איך דאָס? מחמת, וויבאלד מיר האָבן אָפּגעדאווענט מנחה און ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם קדיש, האָט ער אונדז באלד אָפּגעדאנקט פאר דער טרחה און האָט אונדז געזאָגט, אז מיר קאָנען גיין. מיין ברודער אליהו האָט אָבער געוואָלט האָבן דורך אים א שמיקל טובה. האָט ער געמאכט א שמועס מיט אים וועגן קאָמיטעט, און געכאַפּט א קוק בשעת מעשה אויף די געפרייטע פיש און געגעבן א שלונג אראָפּ. דער ייד האָט מיט איין האנט געהאלטן ביי דער קליאמקע פון דער טיר, און מיט דער אנ־דערער האנט האָט ער אונדז דערציילט פונעם קאָמיטעט עפּעס זייער נישט קיין פריילעכע מעשיות. ערשטנס, האָט דער ייד געזאָגט, אז עס הייבט זיך גאָרנישט אָן — גאָר נישטאָ קיין קאָמיטעט. דאָס הייסט, ס'איז דאָ א קאָמיטעט, עטלעכע קאָ־מיטעטן, נאָר די לאָנדאָנער קאָמיטעטן גיבן נישט אזוי גיך קיין געלט. אויב איר ווילט באהילפיק זיין פון א לאָנדאָנער קאָמיטעט, מוזט איר פריער זיך גוט אָנלויפן, ברענגען פאפירן און עדות, אז איר זענט אן עמיגראנט און פאָרט קיין אמעריקע. מחמת ס'איז דאָ א סך עמיגראנטן, וואָס זאָגן נאָר, אז זיי פאָרן קיין אמעריקע. נאָכדעם, אז איר ברענגט שוין אלצדינג, קאָן מען אייך פון קאָמיטעט געבן צושטייער נאָר אויף צוריקוועגס, דאָס הייסט, איר זאָלט פאָרן צוריק אהיים. מחמת די לאָנדאָנער קאָמיטעטן האלטן נישט פון אמעריקע. דערהערט אזעלכע דיבורים, איז מיין ברודער אליהו באלד געוואָרן אין כעס (איר ווייסט דאָך, אז ער איז א כעסן). און פיניע איז דאָך אוודאי א היציקער פארשוין, האָט ער אָנגעהויבן צו פייערן אויף זיין לשון:

— קאק מאָזשנע — ווי אזוי איז דאָס מעגלעך? קאקאָי פּאָלנע פּראוו — ווי האָבן זיי דאָס רעכט אונדז הייסן פאָרן צוריק? קאק אים נע סטידנאָ — ווי שעמען זיי זיך נישט אין א לאנד פון ציוויליזאציע?

שלאָגט אים איבער דער ייד פונעם מגין, האלט אָפן די טיר און זאָגט צו אים:

— רעד אהער, רעד אהין! אָט האָב איך אייך געגעבן אן אדרעס פון א קאָמיטעט, פאָרט זיך דורך אליין צום קאָמיטעט, וועט איר זען, אז ס'איז אָללרייט.

## ג.

ארויסגעגאנגען פונעם יאָרצייט, איז אונדז נאָכגעלאָפן דער ריח פון די געפרייטע פיש. מיר אַלע האָבן געקלערט וועגן זיי, נאָר רעדן האָט קיינער נישט גערעדט פון זיי, א חוץ ברכה. זי האָט זיי אָנגעבענטשט א פולן קאָפּ. זי האָט זיי געווינטשעוועט, זיי זאָלן זיך דערווערגן, רבונו של עולם, מיט זייערע געפרייטע פיש, וואָס זיי אווירן אויף א מייל. מיין מאמע קאָן נישט לײַדן:

— וואָס האָסטו צו זיי? נעבעך ערלעכע מענטשן! זיצן אין אזא גיהנום — פונדעסטוועגן, אז עס קומט צו א יאָרצייט, זוכט מען א מנין.

דערויף ענטפערט איר ברכה:

— שוויגער! לאָזן זיי אייך ברענגען אינײַנעם מיט זייערע יאָרצייטן און מיט זייערע געפרייטע פיש! מע שטעלט־אָפּ פרעמדע מענטשן, מע רופט זיי אריין צו זיך אין שטוב אריין, — נעם גיב דעם קינד א שטיקל געפרייטע פיש כאָטש פון א יוצא וועגן...

דאָס מיינט זי מיך. אָט ערשט בין איך געוועזן ביים יידן א „בר־מצווה־בחורל“, איצט בין איך שוין געוואָרן ביי ברכהן א „קינד“... גוטע יאָרן, אז ברכה נעמט זיך אָן מיין קריוודע! אזוי טראכט איך. מיר לאָזן זיך אלע זאלבעזעקסט צום קאָמיטעט. אן עצה האָט אונדז דער ייד געגעבן, א דאנק אים, אז מיר זאָלן נישט גיין צו פוס — מיר זאָלן בעסער זיך אויפזעצן אויפן טראמוויי און פאָרן גלייך. האָט אָבער דער לאָנדאָנער טראמוויי א טבע — ער האָט פיינט זיך אָפּשטעלן. וויפל מע זאָל צו אים נישט מאכן מיט די הענט, ער טוט זיך זיינס — ער לויפט. נאָכלויפן אים וועט אייך נישט העלפן — איר וועט אים נישט כאפּן. א גליק, וואָס איינער האָט זיך אויף אונדז דערבארעמט, און דווקא אן ענגלענדער מיט אָפּגעגאָלטע וואָנסעס, (טאָמער זעט איר א מענטשן מיט געגאָלטע וואָנסעם, זאָלט איר וויסן, אז ס'איז אן ענגלענדער). דער ענגלענדער האָט געזען, אז מיר מאכן מיט די הענט צו די טראמווייען, און די טראמווייען לויפן, האָט ער אונדז צוגעפירט צו א קלויסטער און האָט אונדז אָנגעוויזן מיט די הענט, אז דאָ זאָלן מיר שטיין. כך הוה. עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט, איז אָנגעלאָפן א טראמוויי און האָט זיך אָפּגעשטעלט. זענען מיר אלע אריין — איך, און מיין ברודער אליהו, און אונדזער חבר

פיניע, און די מאמע און ברכה, און טייבל — און מיר פאָרן. גייט צו דער קאָנדוקטאָר און הייסט זיך, מע זאָל נעמען בילעטן. שטעלט זיך ארויס פיניע און פרעגט אים: סקאָלקאָ־וויפל? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר: „פייף". פרעגט אים פיניע נאָך אמאָל: סקאָלקאָ־וויפל? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר ווידער אמאָל, שוין מיט כעס: „פייף". דרייט זיך אוים צו אונדז פיניע און זאָגט: טשטאָ טאקאָיע, איר הערט? ער הייסט מיר פייפן! גייט צו מיין ברודער אליהו און פרעגט אים מיט די הענט: וויפל קאָסט א פאָר? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר, שוין רעכט אין כעס: „פייף!" צעלאכט זיך פיניע, און אליהו רופט זיך אָן צום קאָנדוקטאָר שוין אויך מיט כעס: „פייף אליין!"... ווערט דער קאָנדוקטאָר מלא גזלן, טוט א צי ביי א שטריק, שטעלט אָפּ דעם טראמוויי און ווארפט אונדז ארויס מיט אזא רציחה, גלייך ווי מיר האָבן אים געוואָלט קוילען און צונעמען זיין רייזע־טאש מיטן געלט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז דאָס, וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט „געפייפט", האָט ער דאָס געמיינט פינף.

נו? זאָל נישט קומען א שרפה אויף לאָנדאָן?

אזוי זאָגט ברכה, און מיר גייען אין קאָמיטעט אריין צו פוס.

ד.

אין לאָנדאָנער קאָמיטעט איז פריילעך, ווי אין אלע קאָמיטעטן. אין הויף וואלגערן זיך עמיגראנטן, אזוי ווי מיסט, און אינעווייניק אין שטוב זיצן מענטשן און רויכערן ציגארן און זאָגן זיך איינס דאָס אנדערע: אָללרייט. דער חילוק איז, וואָס די דייטשע קאָמיטעטשיקעס טראָגן די וואָנסעס פארדרייט ארויף און רעדן אויף דייטש, און די לאָנדאָנער קאָמיטעטשיקעס האָבן אָפּגעגאָלט די בערד מיט די וואָנסעס אינגאנצן און רעדן: „אָללרייט!" א טעאטער מיט זיי. די מאנסבילן גייען געגאָלט, און די ווייבער טראָגן אלע פארוקן אויף די קעפּ. און נישט נאָר די ווייבער — אפילו די מיידלעך טראָגן צונויפגעקלעפּטע האָר מיט אויסגעקרייזלטע בוקלעס, האָבן אלע גרויסע ציין און זענען אזוי מיאוס, אז סע שלאָגט צו דער גאַל. פונדעסטוועגן, לאכן זיי פון אונדז אין די אויגן, טייטן מיט די פינגער, און קווייטשען אזוי, אז ס'איז א בזיון פאר

ליימן. צוויי מיידלעך האָבן אונדז אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס און האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו מיין ברודער אליהו, ער זאָל גיין אין „בארבער־שאָפּ". פריער האָבן מיר נישט פארשטאנען, וואָס דאָס באדייט. איצט ווייסן מיר שוין: גיין אין בארבער־שאָפּ הייסט אָפּשערן זיך און אָפּגאָלן זיך. מאָדנע ברואים. אליין גייען זיי פארדריפּעט ביזן האלדז, פרעסן אין מיטן גאַס געפרייטע פיש, וואָס לאָזן זיך הערן פאר א מייל, און האָבן פיינט האָר. שיכורים זענען זיי אויך גאנץ נישקשהדיקע, נאָר זיי וואלגערן זיך נישט אויף דער גאַס, אזוי ווי ביי אונדז. מע לאָזט זיי נישט. א לאנד איז דאָס זייער א ווילס, זאָגט ברכה, נאָר עס וויל נישט ברענען.

— וואָס וועט דיר ארויסקומען, אז ס'וועט ברענען?

אזוי פרעגט ביי איר מיין ברודער אליהו, און כאפּט פון איר א מיאוסן פּסק. ברכה, אז זי וויל, קאָן זי. אמאָל, מאכט זיך, זאָל זי אייך שווייגן, נישט רעדן א וואָרט צו קיינעם. און אמאָל עפנט זיך אויף ביי איר א קוואל פון ווערטער. איז אָדער פארשטעלן זיך די אויערן מיט וואטע, אָדער לויפן אין דער וועלט אריין. איך גיב אייך איבער אירע רייד, וואָרט ביי וואָרט:

— וואָס שטעלסטו זיך אזוי איין פאר דעם געבענטשטן לאַנדאָן מיטן שווארצן הימל, מיט די געגאָלטע מאָרדעס, מיט דעם שיינעם ווייטשעפּל, מיט די געפרייטע פיש, מיט די אלטע מיידן, מיט די געדרייטע בוקלעס, מיט די פארדריפּעטע קליידלעך, מיט די קבצנים וואָס טרינקען דזשינדזשער־ביר, מיט די קאָנדוקטאָרן, וואָס הייסן „פייפן", מיט די יידן, וואָס האָבן יאָרצייט אין זשאלעווען א טרינק וואסער? אזא שטאָט מוז ברענען!

אזוי זאָגט ברכה אין איין אָטעם, ווי די עשרת בני המן, און לאָזט אויס מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט:

— לאָנדאָן, פארוואָס ברענסטו נישט?!...

רבונו של עולם! ווען וועלן מיר שוין זיין אין אמעריקע???...

I

# מזל־טוב, מיר זענען שוין אין אמעריקע!

א.

אונדז קומט מזל־טוב — מיר זענען שוין אין אמעריקע. דאָס הייסט, מע זאָגט, אז מיר זענען אין אמעריקע. אמעריקע האָבן מיר נאָך נישט געזען, וואָרום מיר זענען נאָך דערווייל אין „קעסטל־גארטל“. דאָס הייסט, אמאָל האָט דאָס אזוי געהייסן. היינט הייסט עס שוין מער נישט „קעסטל־גארטל“, נאָר „עלים איילאנד“. פארוואָס עפּעס „עלים איילאנד“? „ווייל דאָס שטיקל לאנד האָט אמאָל געהערט צו איינעם אלי, איז ער געווען א גאר ביז דער סטעליע“. אזוי זאָגט אונדזער חבר פּיניע צום גראם, ווי זיין שטייגער איז. פּיניע איז אין כעס אויפן עלים איילאנד מיט סכנות. למאי מע פארהאלט די אָרעמע עמי־גראנטן און די רייכע לאָזט מען אריין גלייך, ווי זיי קומען אָן מיטן שיף. דאָס פּאסט, זאָגט ער, נאָר פאר פּאָניע־גנב, נישט פאר אזא פרייע מדינה, ווי אמעריקע. אלע דארפן דאָ זיין גלייך. נישטאָ קיין אָרעם, נישטאָ קיין רייך. און ער הייבט אָן שיטן מיט נעמען: קאָלומבוס, שעקספּיר, באָקל, ציוויליזאציע... ער קלויבט זיך אָנשרייבן אויף זיי א ליד און אוועקגעבן זיי א גאָב, אז דער שווארצער יאָר זאָל זיי נעמען! האָט ער נישט קיין טינט און פעדער און קיין ברעקל פּאפּיר. זאָגט אים מיין ברודער אליהו, אז אויב עס געפעלט אים נישט דאָס לאנד, האָט ער א ברירה פאָרן צוריק. און דאָס געדענקט איר מסתמא פון אמאָל, אז די צוויי, פּיניע און אליהו, זענען זעלטן שוה

בשוה. וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר. „דער זומער מיטן ווינטער" — רופט זיי מיין ברודער אליהום ווייב, ברכה, און כאַפּט אַ מיאוסן פּסק פון איר מאַן, פון אליהון. ער רופט זי אָן „בהמה", און „סאָטע ציג", און נאָך אַזעלכע נעמען, וואָס ס'איז נישט כדאי איבערצוחזרן. מישט זיך אריין די מאַמע און זאָגט צו איר שנור, אַז קען רייסן זיך, טאָר אַ מענטש נישט זיין אין מיטן, וואָרום ער קאָן כאַפּן אַ דראַפּ....

ב.

וואָס טוען מיר אין עליס איילאַנד? מיר וואַרטן ביז מע וועט קומען פון שטאָט, באַקאַנטע און פריינד, און מע וועט אונדז אויסשרייבן. כאָטש שרייבן האָט מען אונדז אויסגע־שריבן שוין וויפל מאָל. מע האָט אונדז געשריבן, פאַרשריבן און אויסגעשריבן פאַרן אַרויפגיין אויפן שיף, און אויפן שיף גופא, און איצט, ביים אַראָפּגיין פון שיף. און אַלע מאָל די איינגענע חכמה: ווער זענען מיר? וווהין פאָרן מיר? און ווען מיר האָבן אין אַמעריקע?

דערציילן מיר זיי, אַז ס'איז געווען אַ ייד פּייסי דער חזן — איז ער געשטאָרבן. האָט ער איבערגעלאָזט אַן אלמנה — דאָס איז די מאַמע. האָט זי אַ זון — הייסט ער אליהו. האָט ער אַ ווייב — הייסט זי ברכה. האָט ער אַ חבר — הייסט ער פּיניע. האָט ער אַ ווייב — הייסט זי טייבל. און איך בין דער מוזיניק — הייס איך מאָטל. און דאָס איז מיין חבר — הייסט ער מענדל. אין וויל ער איז אַ גרויסער — האָט אים ברכה אַ נאָמען געגעבן לאָשאַק.

ווען מען האָבן מיר אין אַמעריקע? גאַנץ אַמעריקע איז אונדז באַקאַנט און אַלע יידן זענען אונדזערע פריינד. ראשית חכמה, משה דער איינבינדער און זיין ווייב פּעסיע די גראָבע — אונדזערע אַ שכנה, מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע קינדער. האָט זיך יעדער זיין נאָמען מיט זיין צונעמעניש. און מיר רעכענען זיי אויס אויף די פינגער: פּיניע קלעצל, וועלוול קאָטער, מענדל טשערנאָהוז, חיים בופלאָקס, פייטל פּעטעלעלע און הערשל מיט דער גאָלי אויפן שטערן, וואָס מע רופט אים „ושתי"...

שלאָגט מען אונדז איבער אין מיטן און מע זאָגט אונדז: „גענוג", גענוג, קליינוואַרג. עלטערע! גיט אהער עלטערע!"

גיבן מיר זיי עלטערע און רעכענען זיי אויס די נעמען: יונה דער בעקער, א ייד א כעסן. איז נישט איינס. זיין ווייב ריוועלע די בעקערין, א יידענע מיט א רעטאָנדע. איז נישט צוויי. דאָס הייסט, זי האָט געהאט א רעטאָנדע, האָט מען זי אוועקגעגנבעט אויף דער גרענעץ. דערהערט דאָס וואָרט „גרענעץ" דערמאנט זיך די מאמע אָן אונדזערע זאכן, וואָס מע האָט אויך אוועק־געגנבעט אויף דער גרענעץ. הייבט זי אָן בעטן, טאָמער איז מעגלעך, מע זאָל איר קריגן די זאכן, — און הייבט אָן צו וויינען. פאלט אָן אויף איר אליהו, למאי זי וויינט. זאָגט זי, אז איצט איז זי שוין אין אמעריקע און האָט שוין קיין מורא נישט פאר די אויגן, מעג זי שוין, זאָגט זי, וויינען און וויינען.

ג.

ווי אזוי מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט די אויגן — איז טאקע א נס מן השמים. למאי ווי אזוי זענען מיר לעבן געבליבן פון דער נסיעה אויפן ים? איז עס דען נישט געווען קיין נסים ונפלאות? וויפל מאָל האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן דעם מלאך־המוות. דעם טויט פאר די אויגן? וויפל מאָל האָבן מיר זיך שוין געהאט אָפּגעזעגנט מיטן לעבן?

תחילת, אז מיר זענען ארויף אויפן שיף „פּרינץ אלבערט", איז דווקא געווען גוט און פיין. איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך געלאָזט אויסמעסטן דעם „פּרינץ אלבערט" אין דער לענג און אין דער ברייט. קיינעם איז נישט געווען אזוי גוט, ווי אונדז. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאט אזא קוואַרטיר, ווי איצט. א וואסער־שטוב. א דריי־גאָרנדיקע שטוב אויפן וואסער. איך האָב אייך זי געהאט שוין אמאָל אויסגעמאָלט מיט אלע פּישטשעוקעס. שטעלט אייך פאָר — איר זיצט, דאכט זיך, אין שטוב, אָדער איר שפּאצירט ארום, די הענט אין די קעשענעס, און — איר פאָרט! איר עסט און — איר פאָרט! איר טרינקט און — איר פאָרט! הייגט די מענטשן, וואָס איר זעט זיך אָן. א וועלט מיט מענטשן. א גאנצע שטאָט פאָרט מיט אייך. און מחמת אלע פאָרן אויף איין שיף און אלע פאָרן אין איין אָרט אריין, קיין אמעריקע — באקענט איר זיך מיט אלעמען און אלע באקענען זיך מיט אייך, און איר ווערט געוואָר אין איין טאָג אזוי פיל זאכן, וואָס אין אן אנדער אָרט וואָלט איר עס נישט דערגאנגען אין א יאָר.

ד.

ווי־ווי, וויפל באקאנטע מיין מאמע און מיין שוועגערין ברכה מיט פּיניעס ווייב טייבל האָבן זיך געמאכט צווישן די ווייבער. נאָר דאָס איז געווען גאָרנישט קעגן די באַקאַנטע, וואָס מיין ברודער אליהו און זיין חבר פּיניע האָבן זיך געפונען צווישן די מאנסבילן. וויפל מע האָט נישט גערעדט און גערעדט, האָט מען נישט געקאָנט זיך גענוג אָנרעדן. ווייבער האָבן גערעדט מער פון היימישע זאכן. פון זאכן, וואָס זענען שייך צו דער קיך, צו דער שפּיזארניע, ווייסגרעט, קוכיק גרעט, בעטגעוואנט, זאָקן, ציכלער, רעטאָנדעס. און די מאנסבילן — די האָבן גערעדט פון אמעריקע, פּרנסה, קאָלומבוס, גזירות, פּאָגראָמען.

אָן גזירות און אָן פּאָגראָמען קאָנען זיי זיך נישט באגיין. און איך האָב אייך שוין לאנג געזאָגט, אז איך האָב עס פיינט. הייבט מען אָן רעדן פון גזירות אָדער פון פּאָגראָמען, גיי איך אוועק. איך נעם מיין חבר מענדל פאר א האנט, און מיר לאָזן זיך שפּאצירן איבער די גאסן פון „פּרינץ אלבערט“.

ה.

„פּרינץ אלבערט“ איז גענוג גרויס. און שיין. שטיינערנע טרעפּ. מעשענע פּאָרענטשעס. שטאָל און אייזן ווו מע טוט זיך א ריר. הייסט „מענטשן“. איך מיין די באדינער. מע רופט זיי „סטיוארדס“. און „גווירסעס“. הייסט מאטראָסן — אזוי ווי די רוחות. לויפן ארום הין און הער. איך און מענדל זענען זיי מקנא. מיר גיבן זיך דאָס וואָרט, אז מיר וועלן אויסוואקסן, ווערן גרויסע, זאָלן מיר זיך פארשרייבן פאר מאטראָסן.

איין חסרון האָט דער „פּרינץ אלבערט“. מע לאָזט אונדז נישט אומעטום זיין. קוים ווילן מיר געבן א קוק־ארייַן א ביסל וויַיטער פון צווישנדעק, וו מיר פאָרן, אזוי טרייבט מען אונדז דורך. טאקע די מאטראָסן גופא. גרויסע רשעים. און די פּאסאזשירן אליין, פון יענע העכערע קלאסן, זענען אויך רשעים, וואָרום זיי זאָלן נישט זיין קיין רשעים וואָלטן זיי פארזאָגט די מאטראָסן, מע זאָל אונדז נישט טרייבן. וואָס וועלן מיר זיי טאָן? מיר וועלן זיי אָפּבייסן? מיין חבר מענדל איז גלאט נישט צופרידן. ער פארשטייט נישט צו וואָס דארף מען קלאסן? ער זאָגט, אז אין אמעריקע איז נישטאָ קיין

קלאסן. טאָמער גלייב איך אים נישט קאָן איך א פרעג טאָן מיין ברודער אליהו. האָט אָבער מיין ברודער אליהו פיינט, אז מע פרעגט ביי אים פוסטע זאכן. איך וועל שוין בעסער פרעגן ביי אונדזער חבר פיניע.

אונדזער חבר פיניע האָט דווקא ליב צו רעדן פון אזעלכע זאכן. ער קאָן אייך אָפּשיטן מיט רייד. און האָט איר אים נאָר זאטשעפּעט מיט א וואָרט, איז ווי אן אָנגעדרייטער וועקזייגער. ער וועט נישט אנטשוויגן ווערן, ביז דאָס רעדל וועט זיך אליין נישט אָפּשטעלן.

ו.

איך האָב געפּאקט פיניען בעת ער איז געזעסן אויפן דעק. ער האָט אריינגעטאָן זיין שפּיץ נאָז אין א בוך. מחמת ער איז א קורצזיכטיקער, לייענט ער נישט מיט די אויגן, נאָר מיט דער שפּיץ נאָז. איך בין צוגעגאנגען צו אים נאָענט.

— רב פיניע, איך דארף אייך עפּעס פרעגן.

פיניע האָט צוגענומען די נאָז פון בוך.

וואָסטו זאָגן, קטנתי? — קטנתי הייסט ביי אים קליינטשי־קער. אזוי רופט מיך פיניע בעת ער איז אויפגעלייגט. און אויפגעלייגט איז ער כמעט אלע מאָל. אפילו דעמלט, ווען ער קריגט זיך מיט מיין ברודער אליהו, און אפילו דעמלט, ווען זיין טייבל בלאָזט זיך. דערצייל איך אים אזוי און אזוי. צי ס'איז אמת, וואָס מע זאָגט, אז אין אמעריקע איז נישטאָ קיין קלאסן?

האָט איר באדארפט אָנקוקן, ווי אָט דער פיניע האָט זיך אָנגעצונדן און צעפלאקערט זיך און גענומען רעדן און קייען און שפּייען און שיט מיט פייערדיקע הויכע ווערטער: אז אמע־ריקע איז דאָס איינציקע לאנד, זאָגט ער, פון אמתער פרייהייט און פון אמתער גלייכהייט. אין אמעריקע, זאָגט ער, קאָנסטו זיצן אָט־אָ־דאָ־אָ, און נעבן דיר זאָל זיצן דער „פּרעזידענט", און ווייטער א ביסל זאָל זיצן א בעטלער, א שלעפּער, א ניקס שבניקס. און נאָך א ביסל ווייטער — א גראף, א שררה, א מיליאָנשטשיק! ציוויליזאציע! פּראָגרעס! קאָלומבוס!... און דאָ הייבט ערשט פיניע אָן ארויסצושיטן זיינע שענסטע ווערטער. מישט זיך אריין א ייד אן עמיגראנט, א ווילד־פרעמדער:

— אז ס'איז יאָ אזא גליקלעכע מדינה, ווי איר זאָגט, ווו אלע זענען גלייך, פונוואנען זשע נעמען זיך דאָרטן שלעפּערס און גראפן און בעטלערס און שררות? ממה־נפשך...

נאָר מיר לאָזן איבער פיניען מיטן יידן מיט נאָך יידן, זיי זאָלן זיך רייסן — אבי מיר זענען דערגאנגען וואָס מיר דארפן, אז אין אמעריקע זענען קיין קלאסן נישט פאראן. קומט אויס, אז מענדל איז גערעכט. ער זאָגט, אז קלאסן דארף מען פיינט האָבן. דאָס הייסט, אז די פאסאזשירן פון די העכערע קלאסן דארף מען פיינט האָבן. פארשטיי איך נישט, פארוואָס? וואָס האָב איך צו זיי? זאָגט מענדל: וואָס האָבן זיי זיך פארשלאָסן ביי זיך אין צווייטער און אין ערשטער קלאס צווישן די שפּיגלען? וואָס שטייט זיי אזוי נישט אָן, די גרויסע פריצים, צו זיצן מיט אונדז אָט דאָ, צווישן דעק? מיר זענען דען קיין מענטשן נישט גלייך מיט זיי? אונדזער גאָט איז דען נישט דער אייגענער, וואָס זייער גאָט? — דערפאר האָט ער דערלעבט אין זיי א נקמה. ס'איז געקומען א נאכט, וואָס די מיוחסים פון צווייטער און ערשטער קלאס האָבן זיך אראָפּגעלאָזט צו אונדז, אין דריטע קלאס, און געוואָרן גלייך מיט אונדז אלעמען.

דאָס איז געווען אין דער נאכט פון יום=כפור, צו כל=נדרי.

ז.

מחמת דער „פרינץ אלבערט“ איז ארויסגעגאנגען עשרת=ימי=תשובה, איז אונדז אויסגעקומען צו פראווען יום=כפור אויפן שיף. ערב יום=כפור האָבן מיר זיך פארפאסט מיט געבראָטענע קארטאָפל — „פעטייטעס“ רופט מען עס דאָ. קיין כשרע קיך איז אויף „פרינץ אלבערט“ נישט פאראן, לעבן מיר די גאנצע צייט פון פעטייטעס. און ברויט גיט מען אונדז לרוב. און טיי און צוקער אלע טאָג. ס'איז גאָרנישט אזוי שלעכט. מע וואָלט געקאָנט א גאנץ יאָר אזוי לעבן. זאָגט אָבער ברכה, מיין ברודער אליהוס ווייב, אז פון פעטייטעס ווערט געשוואָלן דער בויך. נאָר וואָס זי קאָן זאָגן! ס'איז דען פאראן א זאך, וואָס זאָל איר געפעלן? אויף אלצדינג געפינט זי אייך א חסרון. למשל, איר געפעלט נישט דער „פרינץ אלבערט“, למאי ער קריכט. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, זאָגט זי, אז א נסיעה זאָל געדויערן צען טעג? זאָגט מען איר, אז שולדיק איז נישט די שיף — שולדיק איז דער ים. און אונדזער חבר פיניע נעמט זיך אונטער איר געבן צו פארשטיין, אז דער ים באטרעפט דריי מאָל אזוי פיל וויפל די יבשה, די טריקעניש. זאָגט מיין ברודער אליהו, אז נישט דריי מאָל, נאָר צוויי מאָל אזוי פיל. וואָס=וואָס — נאָר

געאָגראַפיע ווייסט ער בעסער. אויף דער וועלט איז פאַראַן, זאָגט ער, צוויי דריטל וואַסער, איין דריטל טריקעניש. קומט, זאָגט ער, אויס די רעכענונג, אַז ים איז צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי יבשה. זאָגט פיניע: ניין, דריי מאָל. זאָגט אליהו: ניין, צוויי מאָל. „דריי מאָל!" „צוויי מאָל!" — צעקריגט מען זיך, נאָר מע בעט זיך גיך איבער.

ח.

ווער וועט דאַווענען פאַרן עמוד. זאָגן כל־נדרי? פאַרשטייט זיך, מיין ברודער אליהו. ער איז טאַקע קיין חזן קיינמאָל נישט געווען. איז אָבער זיין טאַטע געווען אַ חזן, און אַ באַרימטער חזן. אַ קול־נגינה האָט ער. עברי קאָן ער. וואָס דאַרף מען נאָך? און דערצו האָט שוין אונדזער חבר פיניע מיטגעהאָלפן, אַז מע זאָל מיין ברודער אליהו בעטן זאָגן כל־נדרי. ער האָט אַרויסגע־לאָזט אַ קלאַנג איבערן גאַנצן שיף, איינגערוימט יעדן באַזונדער אַ סוד אויפן אויער, אַז אָט דער יונגערמאַן מיטן געלן בערדל — (אליהו) איז אַ מוראדיקער בעל־מנגן. זיין דאַווענען — פּס! און ווער שמועסט, אַז זיין קליין ברודערל, אָט דער קטנתי (דאָס מיינט מען מיך), זאָל אים אונטערהעלפן אויף זיין סאָפּראַנאָ, וועלן מיר האָבן אַ יום־כפור, אַז גאָט און לייט וועלן אונדז מקנא זיין.

וויפל אליהו האָט זיך נישט געבעטן, מע זאָל אים לאָזן צו־רו. וויפל ער האָט נישט געשווירן, אַז ער האָט זינט ער לעבט נאָך נישט געדאַוונט פאַרן עמוד ימים־נוראים. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שמע־ישראל. מע האָט אים כמעט מיט געוואַלד אַוועקגעשטעלט פאַרן עמוד (אַ קיילעכיק טישל, מיט אַ ווייסן לייַ־לעך איבערגעדעקט), און מיך האָט פיניע גענומען פאַר אַן אויער: „גיי. קטנתי, צו דער אַרבעט!" און מיר האָבן אַוועקגע־לייגט פאַר די פּאַסאַזשירן אַ כל־נדרי, וואָס זיי וועלן אים האָבן צו געדענקען אויף דור־דורות.

ט.

נישט אַזוי דער כל־נדרי, ווי די „יעלות". און נישט אַזוי די „יעלות", ווי דער געוויין פון די ווייבער און פון די מאַנסבילן. פריער האָט מען נאָר געקרעכצט, געזיפצט, געשנייצט די נעזער.

דערנאָך האָט מען גענומען ווישן די אויגן. דערנאָך — וויינען שטילערהייט. דערנאָך — וויינען העכער און העכער, שרייען, קוויטשען און פאַלן חלשות. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז ערשט פאַראַיאָרן איז מען געווען איטלעכער ביי זיך אין דער היים. יעדער אין זיין שול. אויף זיין פּלאַץ. ביי זיין שטענדער מיט זיין מחזור. געהערט זיין חזן. זיינע זינגערלעך. איצט איז מען נע=ונד, געיאָגט און געטריבן, ווי די שאָף, וואָס מע פירט צו דער שחיטה, צונויפגעפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. מע קאָן דעם אָטעם נישט כאַפּן. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז אפילו די אויסגעפּוצטע פּאַסאַזשירן פון די העכערע קלאַסן מיט די הויכע גלאַנצענדיקע צילינדערס אויף די קעפּ האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געווישט מיט זיידענע טיכלעך כלומרשט דעם שוויים. נאָר איך האָב גוט געזען טרערן ביי זיי אויף די אויגן. דער טרויער איז געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו די סטיואַרדס און די מאַטראָסן זענען מיט דרך=ארץ געשטאַנען פון דער וויטן און צוגעקוקט, ווי יידן האָבן זיך איינגעוויקלט אין ווייסע טליתים. שטייען אין די זאָקן און שאָקלען זיך און וויינען יאָמערן — אַפּנים, ס'איז זיי גוט ביטער אויפן האַרצן. און מיין ברודער אליהו האָט זיך צעזונגען. און איך העלף אים אונטער. און דאָרטן אין ווינקל, צווישן די ווייבער, שטייט די מאַמע אין דער יום=טובדיקער זיידענער פּאַטשיילע, מיטן מחזור אין די הענט, און באָדט זיך אין טרערן.

דער מאַמען איז היינט גוט, ווי די וועלט. היינט איז איר טאָג!

י.

אויף מאָרגן האָבן מיר זיך געפּעדערט אויפצושטיין אַ ביסל פריער, מע זאָל זיך שטעלן זאָגן „אדון=עולם“ מיטן אַלטן באַקאַנטן נוסח. ס'איז אָבער דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. ס'איז געווען אוממעגלעך נישט נאָר צו דאַווענען — מע האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. נישט געקאָנט טרעפן צום עמוד. עס איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מיר זעען נישט כמעט איינס דאָס אַנדערע. עס איז נמאס דאָס לעבן. ס'איז שלעכט, שלעכט צום שטאַרבן. יאָ, מיר שטאַרבן.

וואָס האָט זיך געטראָפן? איצט בין איך מיד, לאָז איך עס איבער אויף מאָרגן.

II

# קריעת ים־סוף

## א.

איך האָב אייך געהאַט אָנגעהויבן צו דערציילן פון דעם פּסק, וואָס מיר האָבן געכאַפּט יום־כּפּור אין דער פרי אויפן שיף „פּרינץ אַלבערט". דאָס איז געווען אַ מיאוסער פּסק. מירן אים געדענקען דאָס גאַנצע לעבן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ קלייניקייט. עפּעס אַ כמאַרעלע, אַ שוואַרץ, אַ געדיכט וואָלקנדל, האָט זיך נאָך פון ביינאַכט, באַלד נאָך כּל־נדרי, באַוויזן אויפן עק הימל. פריער פון אַלעמען האָבן עס דערזען איך און מיין חבר מענדל. וואָרום אַז אַלע יידן זענען נאָך געווען אונטן, געוויינט און געזאָגט תהלים נאָך כּל־נדרי, האָבן מיר, איך און מענדל, אַרומגעשפּאַצירט איבערן „פּרינץ אַלבערט". דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע, געזעסן און געשוויגן. עס איז געווען שטיל און וואַרעם און גוט אויפן האַרצן. נאָר אַ ביסל אומעטיקלעך. וואָס מענדל האָט געטראַכט — ווייס איך נישט. איך האָב געטראַכט פון גאָט, וואָס זיצט אָט דאָרט, אין הימל. ווי גרויס ער דאַרף זיין, אַז דאָס איז אַלצדינג זיינס? און וואָס טראַכט ער זיך, אַז ער הערט אַזוי פיל יידן זאָגן תהילים, לויבן אים און גיסן אויס פאַר אים דאָס האַרץ? די מאַמע זאָגט, אַז ער הערט און זעט אַלעמען. און אַז ער ווייסט אַלצדינג אפילו דאָס, וואָס איך טראַכט אין דער מינוט ביי זיך אין האַרצן. אויב אַזוי, איז נישט גוט. וואָרום איך האָב נאָר וואָס געטראַכט פון אַ גוטן עפּל, פון אַ זיסן באַר און כאָטש פון אַ טרונק וואַסער. קאַלט וואַסער. פוי

די פּעטייטעס ברענט אויפֿן הארצן — און טרינקען טאָר מען נישט. יום־כּפּור נאָך כּל־נדרי — ווער וועט דאָס טרינקען וואַסער? מיין ברודער אליהו וועט מיך הרגענען. ער וויל גאָר, איך זאָל פֿאסטן ביז מאָרגן ביינאכט נאָך יום־כּפּור. זאָגט די מאמע: „מירן זען“. דערווייל זוכט זי מיך אויף דער גאנצער שיף און קאָן מיך נישט געפֿינען. ווייזט איר אָן א מאטראָס, אז דאָרט, ביים סאמע שפּיץ, זיצן מיר, איך און מיין חבר מענדל. שרייט זי: „מאָטל! מאָטל?“ — „וואָס איז, מאמע?“ — „וואָס הייסט וואָס איז? שלאָפֿן גיי! מאָרגן דארף מען אויפֿשטיין פֿרי, האָסט פֿארגעסן? ס׳איז יום־טוב!“... גלוסטן גלוסט זיך נישט. נאָר מע דארף גיין שלאָפֿן.

ב.

אויף מאָרגן, אז מיר האָבן זיך אויפֿגעכאפּט אין דער פֿרי, איז שוין דער גאנצער הימל געווען באלייגט. דער ים האָט זיך צעבייזערט מיט סכּנות. די כוואליעס האָבן זיך אויפֿגעהויבן העכער פֿונעם שיף, געוואָרפֿן דעם „פּרינץ אלבערט“, ווי עפּעס א שפּענדל, א שפּילעכל. די מאטראָסן האָבן גענומען לויפֿן אהין און אהער, ווי די פֿארסמטע מייז. די סטיואַרדס האָבן זיך צוגעהאַלטן ביי די פּאָרענטשעס. די פּאסאזשירן זענען געגאנגען הארט ביי די ווענט און געפֿאלן כמעט אויף יעדן טריט. מיט אמאָל האָט געגעבן א גאָס א שלאקס־רעגן. דונערן האָבן זיך געטראָגן איינס נאָך דאָס אנדערע. גאָט פֿאָרט אויף זיין רייטוואָגן. אום יום־כּפּור גאָר!... איין בליץ נאָכן אנדערן באלייכט אויף א רגע דעם שווארצן גערדיכטן הימל. דער „פּרינץ אלבערט“ קרעכצט, שאָקלט זיך אהין און אהער, ארויף און אראָפּ. און דער רעגן שמייסט. וואָס איז דאָס? א מבול אויף דער וועלט? האָט דאָך גאָט געשוווירן, אז קיין מבול וועט ער שוין מער נישט ברענגען קיין מאָל אויף דער ערד...

— קריעת ים־סוף. — זאָגט מיין ברודער אליהו. און אונדזער חבר פּיניע באַמקעט צו: „יאָ, ס׳איז קריעת ים־סוף“... דאָס ערשטע מאָל, וואָס די צוויי זאָגן ביידע איין זאך. דאָס וואָרט „קריעת ים־סוף“ האָט אויסגענומען. אלע מאָל הייבט זיך אויף אן אנדער פּארשוין, טוט א קוק אין דרויסן ארויס און גיט צו, אז ס׳איז קריעת ים־סוף. דערנאָך לויפֿט ער עפּעס מאָדנע אוועק אין א זייט אריין. דאָרט גיט ער אָפּ דער מאמעס מילך, און

מער זעט מען אים שוין נישט... ווער מיר דאַווענען? וואָס מיר יום־כּפּור? מע האָט שוין גאָר פֿאַרגעסן אפֿילו, וווּ מען איז אין דער וועלט...

ג.

פֿון אונדזער משפּחה האָט דעם ערשטן פּעטשאַטעק געמאַכט ברכה. זי האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז אָט שטאַרבט זי! דערנאָך האָט זי גענומען שעלטן מיין ברודער אליהו, למאַי ער האָט זי איינגערעדט צו פֿאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט געוווּסט פֿריער, אַז אַמעריקע איז סיביר. ערגער פֿון סיביר. סיביר איז גאָלד קעגן אַמעריקע!... האָט זיך די מאַמע געוואָלט אָננעמען די קריוודע פֿון איר זון. זי האָט איר גענומען זאָגן אַ ביסל מוסר, אַז אַ מענטש באַדאַרף אַלצדינג קאָנען איבערטראָגן, וואָרום ס'איז אַ גאָטס זאַך. אַ סימן, סע שטייט אין טייטש־חומש געשריבן... האָט זי אָבער נישט געקאָנט אַרויסרעדן וואָס אין טייטש־חומש שטייט געשריבן, וואָרום ס'איז איר מיט אַמאָל געוואָרן נישט גוט אויף צו חלשן. אויף איר קוקנדיק, האָט גענומען חלשן אונדזער חבר פּיניעס ווייב, טייבל. איז פּיניע אַרויס מיט לשון: „מיט די ווייבער איז דיר נאָר אַ באַשרייבונג, אַ קאָמעדיע!“ — ער האָט אַריינגעלייגט ביידע הענט אין די הויזנקעשענעס און פֿאַררוקט דאָס קאַפּעליושל אויף אַ זייט. ער האָט געזאָגט: „שוטים! נאַראָנים! דאַכט זיך, וואָס קאָן עס מיך אַרן, אַז דער ים שטורעמט און די שיף קאַטשעט זיך? אַ מענטש, אַ בר־דעת, גיט זיך אַן עצה. בעת די שיף טוט זיך אַ בויג אַהער, בויג איך זיך אויס אַהין. און אַז די שיף בויגט זיך אַהין, טו איך זיך אַ בויג אַהער. ווערט עס אָנגערופֿן באַלאַנץ“...

און בויגנדיק זיך אַהין און אַהער, האָט פּיניע אונדז באַוויזן אַ „באַלאַנץ“, אַז ס'איז נישט גוט געוואָרן אויך מיין ברודער אליהו, און ביידע האָבן זיי גענומען און אוועקגעגעבן וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט... דאָס אייגענע האָבן געטאָן אויך די איבעריקע פּאַסאַזשירן. מע האָט זיך קוים פֿאַרשלעפּט איטלעכער צו זיין געלעגער און מען איז אַנידערגעפֿאַלן, ווי די סנאָפּעס, און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער רעכטער גיהנום פֿון קריעת ים־סוף...

ד.

איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך געהאַלטן לענגער פון אַלעמען. מענדל האָט געהאַט אַ סגולה פון אַן עמיגראַנט, וואָס איז געפאָרן מיט אונדז אינײַנעם און האָט אונדז כּסדר געגעבן עצות. דער דאָזיקער עמיגראַנט איז אַ „געריכערטע ליולקע". אַזוי זאָגט ער אַליין אויף זיך. ער איז שוין דרײַ מאָל געפאָרן אויפן ים קיין אַמעריקע היין און צוריק. ווייסט ער אַ סגולה צום ים. די סגולה באַשטייט אין דעם, מע זאָל זיצן אין דרויסן אויף דער פּאַלובע, קוקן אין דער ברייט פונעם ים, נישט אין דער לענג, און נישט אין זינען האָבן, אַז איך פאָר רייטנדיק אויף אַ פערד, נאָר אַז איך שליטל זיך מיט אַ שליטן אויפן שניי. דער סוף איז געווען, אַז דער עמיגראַנט, די „געריכערטע ליולקע", איז געלעגן אַ טויטער אויף זײַן געלעגער, און איך און מיין חבר מענדל זענען מיר פונעם רעגן געוואָרן פּיטש-נאַס, כאָטש אויסצודרייען. צו אונדזערע געלעגערס האָבן מיר שוין אַליין נישט געקאָנט טרעפן. מע האָט אונדז גענומען מחילה אונטער די הענט און אָפּגעפירט אין אונדזער רו אַריין.

ה.

וויפל צייט דאָס קריעת ים-סוף האָט גענומען? אַ טאָג, צוויי און אפשר אַלע דרײַ — דאָס ווייס איך נישט. איך האָב שוין פאַרגעסן. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איז געווען אַ פרייד צו לעבן אויף דער וועלט. דער הימל איז געוואָרן ריין, ווי גין-גאָלד. דאָס וואַסער — ווי אַ גלאָז. דער „פּרינץ אַלבערט" איז געלאָפן אַן אויסגעצוואָגענער, אַן אויסגעפּוצטער, געשניטן מיט די רעדער דאָס וואַסער, געפּינעט, געברויזט און געשפּריצט אויף אַלע זייטן. די פּאַסאַזשירן האָבן אויפגעלעבט. מען איז אַרויס אין דרויסן אַלע, גרויס און קליין, אויף דער וואַרעמער זון, אויף דער שיינער, ליכטיקער וועלט. עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אָט באַלד וועט מען קאָנען זען דאָס לאַנד. איך און מיין חבר מענדל זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַלעמען די גוטע בשורה, אַז מע זעט שוין דאָס לאַנד. פון דער ווייטן האָט דאָס אויסגעזען ווי אַ געלע, גרויסע פּליאַמע. די פּליאַמע ווערט אַלע מאָל גרעסער און ברייטער. מע זעט שוין שיפן פון דער ווייטן. אָן אַ שיעור.

שיפן מיט הויכע, דינע זעגלבוימער. גיך זענען פארגעסן געוואָרן אַלע צרות. די פּאסאזשירן האָבן זיך אַלע אָנגעטאָן יום־טובדיק. די ווייבער האָבן זיך אויסגעפּוצט. מיין ברודער אליהו האָט צע־קעמט די באָרד. ברכה און טייבל האָבן זיך אויסגעשלייערט. די מאמע האָט אָנגעטאָן איר שבתדיקע זיידענע פאטשיילע. איך און מיין חבר מענדל האָבן נישט געהאט וואָס אָנצוטאָן, און ס'איז טאקע קיין צייט אויך נישט געווען. מע האָט שוין געהאלטן אָט־אָט ביים צופאָרן צו דעם ברעג פון אמעריקע. עס איז געוואָרן א ליכט אין די אויגן און גוט אויפן הארצן. פּונקט אזוי האָבן זיך באדארפט פילן די יידן נאָך קריעת ים־סוף. עס האָט זיך געגלוסט זאָגן שירה.

ו.

„שלום עליכם דיר, קאָלומבוס! זיי געגריסט, דו פרייע מדינה! דו גאָלדענע, גליקלעכע מלוכה!“

אזוי האָט אונדזער חבר פּיניע באגריסט דאָס נייע לאנד. ער האָט אזש אראָפּגעכאפּט דאָס קאפּעליושל, זיך איינגעבויגן און זיך פארנייגט. און אזוי ווי איר ווייסט, אז ער האָט א נידעריקע ראיה, האָט ער נישט באמערקט, אז עס לויפט פארביי א גע־זונטער, פארשוויצטער מאטראָס, מיט א רויט פאררויכערט פּנים, און האָט זיך מיט אים צעבוצקעט פּנים אל פּנים. דאָס הייסט, אונדזער חבר פּיניעס שפּיץ נאָז איז אויסגעקומען דעם פאררוי־כערטן מאטראָס אקוראט צווישן די אויגן. א גליק, וואָס דער מאטראָס איז בטבע א גוטער גוי, נישט קיין רשע. האָט ער באטראכט אונדזער פּיניען מיט דער צעשלאָגענער נאָז, א שמייכל געטאָן און א מורקע געגעבן אונטער די וואָנסעס. אפשר, דאָס איז געווען א קללה אויף אמעריקאנער לשון.

ז.

מיט אמאָל איז געוואָרן א בהלה. דריטע־קלאס־פּאסאזשירן, בעט מען, זאָלן מוחל זיין אראָפּ אונטן אין זייערע שטייגעלעך. צוריק פארנעמען זייערע ערטער. פריער מיט גוטן, דערנאָך מיט בייזן. ווער עס איילט זיך נישט צו גיין, כאפּט א סטוסאק פון הינטן. אלע זענען דאָ, יונג און אלט. יידן און ווייבער און קינ־

דער, גויים, טערקן, ציגיינער. ס'איז א דערשטיקעניש. די טיר האָט מען געשלאָסן. א קייט האָט מען אויפגעהאָנגען אן אייזערנע. מיר קאָנען זען נאָר דורך די פענצטער, וואָס אין דרויסן טוט זיך. קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט געפילט אזוי שלעכט, ווי אצינד. מיר האָבן אויסגעזען ביי זיך אין די אויגן, ווי געפאנגענע. „פארוואָס? פאר ווען?“ — אזוי טענהט צו מיר מיין חבר מענדל און די אויגן זיינע ברענען, שיסן מיט פייער...

ח.

לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מיר זענען שוין געקומען. געקומען קיין אמעריקע. נאָר וואָס דען? די פאסאזשירן פון ערשטער און צווייטער קלאס האָט מען אראָפגעלאָזט דורך א לאנגן לייטער מיט אפשר הונדערט טרעפ. נו, און וואָס וועט זיין מיט אונדז? מיר זענען דאָך שוין אין אמעריקע!

— נישט פאר אונדז געדאכט! — רופט זיך אָפּ א ייד א שניידער פון הייסין. דווקא נישקשה פון א מענטשל, נאָר א ביסל א נודניק. ער גייט אויסגעפוצט, טראָגט שארפעברילן, האלט פון זיך אן עולם ומלואו און האָט ליב רעדן אויף צו להכעיס. ער דארף נאָר הערן וואָס איר זאָגט, זאָגט ער קאפויר. צווישן אים און אונדזער חבר פיניע זענען שוין פאָרגעקומען עטלעכע סטיטשקעס. מיין ברודער אליהו האָט זיי קוים צעגומען. דער שניידער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, מער מיט פיניען קיין וואָרט נישט רעדן. דערפאר, וואָס פיניע האָט אים באליידיקט. ער האָט אים אָנגערופן מיט אלע מיאוסע נעמען: „חייט“, „שניידערוק“ און „פאלגוץ“. און האָט אים א פרעג געגעבן: וויפל האָט ער אויף זיין לעבן אָנגעגנבעט „יתור“?... איצט, אז מע האָט אונדז פארשפארט, האָט זיך דער הייסינער שניידער מיט אמאָל צערעדט. און דווקא מיט לשון־קודש־ווערטער:

— מה אנו, מה חיינו — וואָס זענען מיר? ווער זענען מיר? משול כחרס הנשבר — מיר זענען געגליכן צו, להבדיל, סקאָט. סקאָט אז מע פירט אריין, דארף מען דאָס באטראכטן...

פאלט אָן אויף אים אונדזער חבר פיניע. ער זאָגט, אז דער משל איז נישט גלייך צום נמשל. אז מע רעדט פון אמעריקע, באדארף מען, זאָגט ער, פריער די הענט וואשן. און ער הייבט אָן שיטן מיט זיינע שיינע ווערטער, ווי פיניע קאָן, ער קאָן נישט הערן, אז מע רעדט אויס א שלעכט וואָרט אויף אמעריקע. פארענטפערט זיך דער הייסינער שניידער. ער זאָגט, אז ער רעדט

גישט פון אמעריקע גישט גוט, נישט שלעכט. ער זאָגט דאָס נאָר אקעגן דעם, וואָס ס'איז אלצדינג גוט, און שיין, און פיין, נאָר נישט פאר אונדז געדאכט... אונדז וועט מען אזוי גיך נישט אראָפּלאָזן... פּיניע גייט ארוים פון די כלים. ער שרייט:

— וואָס דען וועט מען מיט אונדז טאָן? מע וועט אונדז איינזאלצן? „מע וועט אונדז נישט איינזאלצן, — זאָגט דער הייסינגער שניידער מיט גאל און האָט הנאה — נאָר מע וועט אונדז ברענגען אין אזא מין אָרט, וואָס מע רופט דאָס „עלים איילאנד“. דאָרט וועט מען אונדז פארשפארן ווי די קעלבלעך אין א שטאל, ביז אונדזערע פריינד און באקאנטע וועלן זיך אמאָל דערמאָנען קומען אונדז אראָפּנעמען“...

פּיניע שפּרינגט אזש אונטער: „עס איז דיר אן אנטיק מיט דעם יידן! בראָש ווייסט אייך דער דאָזיקער חייט פון אלע שווערע הערצער! נישט אזוי אלט, ווי געניט! אָט ווייסן מיר אויך, אז ס'איז דאָ א קעסל־גארדן, מיין איך אז „עלים איילאנד“, פונדעסטוועגן האָב איך נישט געהערט פון קיינעם, אז „עלים איילאנד“ איז געשטעלט געוואָרן דערויף, מע זאָל האלטן מענטשן אזוי ווי קעלבלעך“... וואָס ווייטער היצט זיך אונדזער פּיניע אלץ מערער. ער טרעט ארויף אויף דעם הייסינגער שניידער, גלייך ווי ער וואָלט אים וועלן דורס זיין. דער הייסינגער שניידער שרעקט זיך איבער און רוקט זיך אָפּ. ער זאָגט:

— שאט! זעט נאָר! מע האָט אים געקווילעט די קאפּאָטע! גערעדט אויף זיין אמעריקע! איז לא פּדלתי! מירן עלטער ווערן מיט א פּאָר שעה, וועלן מיר קלוגער ווערן...

III

# אין געפענגעניש

## א.

נישט אומזיסט האָט אונדזער חבר פיניע געוואָרפן אַן אום=
חן אויף „עלים=איילאנד“, גרייט געווען מאכן דערויף א ליד און
צעקריגט זיך מיט מיין ברודער אליהו. דעם כעס האָט ער אָבער
געהאלטן אין זיך. פיניע האָט נישט געוואָלט, אז דער הייסינער
שניידער זאָל וויסן, אז ער, פיניע, איז נישט צופרידן מיט אמע=
ריקע. האָט ער זיך געמאכט הארץ. נאָר אינעווייניק האָט דאָס
אים געברענט מיט סכנות. „סטייטש=סטייטש, מע זאָל נעמען
מענטשן און איינשפארן זיי, ווי סקאָט, ווי ארעסטאנטן, ווי גע=
פאנגענע!“ — אזוי האָט ער געטענהט שטילערהייט מיט אליהון
נאָכדעם, ווי מע האָט אונדז געבראכט צו פירן אויף „עלים
איילאנד“. קומט אויס, אז דער הייסינער שניידער איז געווען
גערעכט. ער האָט פריער נביאות געזאָגט, אז ס׳וועט אזוי זיין.
נישט מער, ער האָט א ביסל איבערגעכאפט די מאָס. ער האָט
געזאָגט, אז מע וועט אונדז איינשפארן אין א שטאל. צום סוף
האָט מען אונדז ארייַנגעפירט אין א גרויסער ליכטיקער שטוב
און מע האָט אונדז געגעבן עסן און טרינקען און אלצדינג אומ=
זיסט, אָן געלט. גוטע ליבע מענטשן! נאָר וואָס דען? איידער
מיר האָבן דערלעבט צו קומען צו דער דאָזיקער שטוב — טאטע=
פאָטער! דורך א לאנגער בריק מיט טירעלעך ביי די זייטן זענען
מיר דורכגעגאנגען אייַנציקווייז. אויף יעדן טריט האָט אונדז
אָפּגעשטעלט אן אנדער אָנשיקעניש מיט א קנעפּל, באקוקט, בא=

טראכט, באזוכט, באטאפט. פריער פון אלצדינג האָט מען מיט א ווייס פאפירל אונדז איבערגעקערט די ברעמען אויף דער ליג־קער זייט, באטראכט די אויגן. דערנאָך די איבעריקע אברים. און יעדער באזונדער שטעלט אוועק אויף אייך א צייכן מיט עפּעס א קריידל און טוט אייך א ווייז מיט דער האנט, וווהין איר זאָלט גיין — רעכטס אָדער לינקס. דערנאָך זענען מיר ערשט אריינגעקומען אין יענער גרויסער שטוב, וואָס איך זאָג אייך. און ערשט דאָרט האָבן מיר זיך אָפּגעזוכט איינס דאָס אנדערע. ביז דעמלט זענען מיר געווען צעטומלט און נישט געקאָנט געפינען זיך. און צעשראָקן זענען מיר געווען, ווי די קעלבער, ווען מע פירט זיי צו דער שחיטה.

ב.

וואָס האָבן מיר, מיינט איר, מורא געהאט? די גאנצע מורא אונדזערע איז געווען — דער מאמעס אויגן: וואָס וועט זיין מיט אירע רויטע פארוויינטע אויגן? לאָזט זיך אויס, אז איר האָט מען ווינציקער פון אלעמען געקוקט אין די אויגן אריין.

— דאָס האָט ער זיך געמיט, דער טאטע אייערער, א ליכ־טיקן גן־עדן זאָל ער האָבן!... — אזוי האָט געזאָגט די מאמע און האָט אונדז אלעמען ארומגענומען און צעוויינט זיך אזש פאר פרייד. זי האָט גאָרנישט געוווסט וואָס צו טאָן פאר ווויל־טאָג. און אויך מיין ברודער אליהו איז געוואָרן גאָר אן אנדער מענטש. אזוי האָט ער א טבע, אז בעת מע לויפט, מע פאָרט, מען איז צעטראָגן, לאָזט ער אויס זיין גאנץ ביטער הארץ צו מיר. עס פליען פעטש, ווי האָלץ. און ברכה העלפט אים אונטער מיט א קללה. איצט איז אויף אים א נייע הויט געוואָרן. ער האָט ארויסגעשלעפט פון קעשענע און געשענקט מיר אן אָראנזש. דאָס הייסט, א מאראנץ. פארבליבן ביי אים פונעם שיף. אויפן „פרינץ אלבערט" האָט מען אונדז געטיילט אלע טאָג מאראנצן. אָראנ־זשעס רופט מען עס דאָרט. ווער עס האָט געוואָלט, דער האָט געגעסן. ווער נישט — דער האָט זיין מאראנץ באהאלטן, אז קיינער זאָל נישט זען, ווייט אין קעשענע. איך האָב מיינע נישט באהאלטן. ווי אזוי קאָן מען זען אזא פּרי און נישט אויפעסן?

— נאָר העבער פון אלע האָט אויסגעדריקט זיין גדולה אונדזער חבר פּיניע. ער האָט געזאָגט צו אונדז אלע:

— נו? ווער איז קלוג? איך, צי איר? האָב איך נישט געזאָגט, אז דאָס האָבן שונאים אויסגעטראכט אויף אמעריקע,

אז מע לאָזט נישט אריין א מענטשן, וואָס האָט פּאַרוווּנטע אויגן? מענטשן ליידיקגייערס, ליגנערס, באַרעדערס, לשון־הרע־ניקעס, בייזע צינגער, לײַדאָקעס, פּאַרכעס! זיי וועלן שוין באַלד אויסטראַכטן אויף אַמעריקע, אַז מע טרייבט צו דער שמד. ווו איז ערגעץ דער הייסינער שניידער, אַ רוח אין זיין טאַטנס בוי־נער אַריין?...

האָט זיך, הייסט דאָס, אונדזער פֿיניע ווידער איבערגעבעטן מיט אַמעריקע.

ג.

פֿון גרויס אימפּעט האָבן מיר זיך אין דער בהלה גאָרנישט אַרומגעקוקט, אַז פֿון אונדזער קאָמפּאַניע פֿעלט איינער. דאָס איז געווען מיין חבר מענדל. די ערשטע האָט זיך אַרומגעזען דווקא ברכה. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און אַ פּלעסק געגעבן מיט די הענט: „ווײַ איז מיר — ווו איז דער לאָשאַק?" „אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן!" — זאָגט די מאַמע, און מיר האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געגעבן זוכן מענדלען. און מענדל איז נישטאָ. פֿאַרפֿאַלן, ווי אין וואַסער אַריין.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שולדיק איז ער אַליין. מאַקע מענדל, מיין איך. ביים פֿאַרהער האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרפּלאָנטערט. קודם האָט ער זיך פֿאַרשטעלט, ווי דעמלט אין דייטשלאַנד, פֿאַר אַ שטומען. דערנאָך האָט ער מיט אַמאָל אָנ־געהויבן צו רעדן מוראַדיקע נאַרישקייטן. אָט האָט ער געזאָגט, אַז ער איז ערשט אַלט צען יאָר, און אָט איז אים אויסגעקומען צו זאָגן, אַז ער איז שוין בר־מצווה און אַז ער לייגט שוין תּפֿי־לין. און צום סוף האָט ער זיך מודה געווען און אויסדערציילט פֿאַר די קנעפּלעך דעם גאַנצן אמת: אַז ער איז אַ פֿאַרלווירענער. דאָס הייסט, אַז ביים אַריבערכאַפּן זיך איבער דער גרענעץ האָבן טאַטע־מאַמע אים ערגעץ אין דייטשלאַנד פֿאַרלוירן, און אַז מיר האָבן אים פֿרילאָנטשעט. און אַז ער קאָן נישט אָנרופֿן דעם ריכטיקן אָרט און אַדרעס פֿון זיינע עלטערן, ווייל ער ווייסט אַליין נישט. ער זאָל וויסן, זאָגט ער, ווו זיי זענען, דאַרף ער נישט קיינעמס לאַסקע. ער וואָלט אַליין, זאָגט ער, צו זיי גע־טראָפֿן. האָט מען אים דעריבער איינגעשפּאַרט, מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, אין אַ באַזונדער חדר. מע וועט זיי שפּעטער אַלע איננ־נעם צוריקשיקן.

ד.

דערהערט אזא מעשה, האָבן מיר זיך ארויסגעשטעלט אַלע פאר דעם אומגליקלעכן מענדל. די מאמע האָט געמאכט א גע־וואלד. זי וועט דארפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאר א לעבעדיקן יתום. טאַטער באגעגנט זי זיך אַמאָל דאָ מיט זיינע טאטע־מאמע — וואָס וועט זי זיי זאָגן?

— ווארט אויס א קאפּיטשקעלע — איר זענט נאָך מיט זיך אַליין אויך נישט פארטיק... — אזוי זאָגט צו איר דער הייס־גער שניידער. „ויבוא המן" — זאָגט פּיניע און קוקט ביין אויפן שניידער. ער איז גרייט אים אָנכאפּן פארן גאָרגל. דער שניידער מאכט זיך נישט ווויסנדיק. ער טוט און דרשנט, גלייך ווי עמעצער פרעגט ביי אים. ער לייגט אונדז שטיינער אויפן הארצן. ער רעכנט אויס א גאנץ צעטל פון צרות, יסורים און לייד, וואָס מיר האָבן נאָך אויסצושטיין. מע וועט ביי אונדז, זאָגט ער, פריער נעמען די אדרייסים פון אונדזערע פריינד אָדער באקאנטע. דערנאָך וועט מען ביי אונדז נעמען, זאָגט ער, געלט אויף צו קלאפּן א דעפּעש צו אונדזערע באקאנטע און ווארטן, ביז עמעצער וועט אַמאָל קומען. און ערשט דעמלט, זאָגט ער, ווען יענער וועט זאָגן, אז ער קען אונדז און ווייסט אונדז און איז ערב פאר אונדז, אז מיר וועלן דאָ זיין גוט און פרום צו גאָט און צו לייטן, וועט מען אונדז, זאָגט ער, ארויסלאָזן פון געפענגעניש.

פארשטייט זיך, אז אונדזער חבר פּיניע צינדט זיך אָן, ווי א שוועבעלע. ער קוקט אויף מיין ברודער אליהו און רעדט צום שניידער. ער פרעגט ביי אים נאָר איין זאך: פונוואנען איז ער דאָס אזוי געניט אין די זאקאָנעס פון „עלים איילאנד"? ענט־פערט אים דער שניידער, אז ער האָט זיך באקענט דאָ אויפן שיף מיט איינעם אן עמיגראנט, וועלכער איז שוין געפאָרן קיין אמעריקע דריי מאָל הין און צוריק. דאָס מיינט ער, אפנים די „גערויבערטע ליולקע". פון אים איז ער דאָס געוווויר געוואָרן אַלע דינים און מנהגים. און נישט נאָר דאָס אַליין. ער האָט פון דער „גערויבערטער ליולקע" געגנאשט נאָך א סך, א סך זאכן, וואָס זענען שייך צו אמעריקע. אזוי, אז ער פאָרט אהין שוין א פארטיקער, אן אמעריקאנער. ער ווייסט שוין אפילו, ווי אזוי צו רעדן אויף אמעריקאנער לשון. צום ביישפּיל: „מַשיקן", „קי־טשן", „שוגער", „מיסטער", „בוטשער", „בריטש". וואָס דאָס באדייט — וויל ער נישט זאָגן. אז מירן זיין אויפן אָרט, זאָגט

ער, וועלן מיר שוין אליין געוווּיר ווערן וואָס דאָס איז. פּיניע מוט א מאך מיט דער האנט און טרעט אָפּ אויף א זייט, ווי איינער רעדט: „עלעהיי א הונט בילט"...

ה.

מיינט איר, אז עס איז נישט געווען אלצדינג אקוראט, ווי דער הייסינגער שניידער האָט אונדז פירגעזאָגט? — נישט גע־מינערט א האָר! אז מיר זענען דורכגעגאנגען די שבעה מדורי גיהנום פון די דאָקטוירים, האָט מען אונדז א פרעג געגעבן, וועמען האָבן מיר אין אמעריקע? שטעלט זיך ארויסעט פריער די מאמע: „פרעגט בעסער, וועמען האָבן מיר נישט?" און זי איז גרייט שוין אויסצורעכענען ביי די נעמען אלע אונדזערע פריינד און באקאנטע. א חיות א קוק צו טאָן אויף מיין מאמען אצינד, נאָך דעם, וואָס מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט אירע פאר־וויינטע אויגן. מיין מאמע איז שוין נישט קיין יונגעמשקע, נאָך זי איז נאָך מלא חן. איך האָב שוין לאנג נישט געזען, די מאמע זאָל אזוי שיינען, ווי זי שיינט אצינד. לאָזט זי אָבער מיין ברו־דער אליהו נישט רעדן. די אדרייסים זענען, זאָגט ער, ביי אים פארשריבן אויף א שטיקל פאפיר. ווייסט ער בעסער. מישט זיך אריין פּיניע און זאָגט, אז מע פרעגט נעמען, נישט קיין אדריי־סים. האקט אים אָפּעט ברכה און זאָגט, אז בסך־הכל האָט ער, פּיניע הייסט עס, קיינעם נישט אין אמעריקע. די אלע פריינד און באקאנטע זענען אונדזערע פריינד. ווערט פּיניע אָנגעצונדן און פרעגט ביי איר א קשיא: „מיט וואָס, למשל, איז פּעסיע די גראָבע, אָדער איר מאן משה דער איינבינדער, אונדז מער שמעלקע, ווי אים?" ענטפערט אים ברכה, אז פּעסיען האָט זי אין דער ערד. אז זי זאָגט קרובים, מיינט זי דאָס איר טאטן יונה דעם בעקער. לאָזט זיך אויס, אז גערעכט איז אליהו. זיי פרעגן נישט אויף באקאנטע. זיי פרעגן אויף אדרייסים. און עס הייבט זיך אָן א חתונה מיט אדרייסים.

ו.

אויף אדרייסים לייענען איז, פארשטייט זיך, פּיניע מער בריה פון אונדז אלעמען. נעמט ער צו ביי אליהון דאָס פאפירל, טראָגט דאָס צו צום שפּיץ נאָז און לייענט די אדרייסים מיט

דעם ניגון, ווי מע לייענט תנאים אויף א קנס־מאָל. פאַרשטייט מען אָבער נישט וואָס ער זאָגט. עס קומט אוים ביי אים יעדעס וואָרט קאַפּויר. רייסט אַרוים ביי אים אליהו דאָס פּאַפּירל מיט די אַדרייסים און גיט עס איבער דעם „קנעפּל". זאָגט דאָס „קנעפּל" צוויי ווערטער: „אָל־רייט". ווייסן מיר נישט וואָס דאָס באַטייט. זאָגט אונדז דער הייסינער שניידער, אַז ער ווייסט. די ווערטער „אָל" און „רייט" איז, זאָגט ער, אַלציינס, ווי, למשל, ביי אונדז די ווערטער „מילא בקיצור". אָדער „מהכתיתי". אָדער „נו־נו". דאָס הייסט, עס וועט שוין זיין ווי געוווּנטשן.

דערנאָך האָט מען גענומען ביי אונדז קליינגעלט און מע האָט אוועקגעקלאַפּט צוויי דעפּעשן. איין דעפּעש צו משה דעם איינבינדער מיט זיין ווייב פּעסיע די גראָבע. די אַנדערע — צו יונה דעם בעקער. און אַליין האָבן מיר זיך דערוויילע מכבד געווען מיט א גוטן אָנבייסן. דער אָנבייסן איז געווען נישט אַזוי פויגלדיק. דאָס ביסל טיי, וואָס מע האָט דערלאַנגט, האָט ברכה געזאָגט, אַז מע קאָן עס שניידן מיט א מעסער. דערפאַר האָט אונדז דער אָנבייסן נישט געקאָסט גאָרנישט נישט. אויף „עלים איילאַנד" באַקומט מען, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַלץ אומזיסט. איבערגעכאַפּט דעם הונגער, האָבן מיר גענומען וואַרטן אויף אונדזערע פריינד און באַקאַנטע.

ז.

נישט אַזוי גיך טוט זיך עס אָבער, ווי עס רעדט זיך. עס זענען אונדז גוט די אויגן אַרוים, ביז מיר האָבן דערלעבט צו זען א באַקאַנטן. די ערשטע איז געקומען אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע מיט איר מאַן משה דעם איינבינדער. דאָס הייסט, געזען האָבן מיר זיי נישט — מיר זיצן דאָך איינגעשפּאַרט. נאָר מע האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז ס'איז געקומען צו אונדז א דיקע פרוי מיט איר מאַן. האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זיין פּעסיע מיט איר משהן. מע לאָזט זיי נישט צו צו אונדז. מע האַלט זיי דאָרט אויפן פאַרהער. קרענקט דאָס אונדז זייער. גיט מען אונדז אַן עצה, מיר זאָלן אונטערשמירן די שומרים, וואָס ביי דער טיר, וועט מען אפשר זיי יאָ צולאָזן. לאָז זיין כאָטש פון דער וויטן. זאָגט אָבער אונדזער חבר פּיניע, אַז אַמעריקע איז נישט „ריסעגלאַנד". אין אַמעריקע שמירט מען

נישט. זאָגט דער הייסינער שניידער (אומעטום איז ער דאָ), אז די גאַנצע וועלט איז איין שטאָט. „כסף וזהב מטהר ממזרים"... פיניע בלייבט אָן לשון.

ח.

אוודאי איז דער הייסינער שניידער געווען גערעכט. עס האָט אונדז געקאָסט א קוואדער (אזא מטבע פון א פערטל טאָלער), און מיר האָבן געזען דורך די גראַטעס אונדזער שכנה פעסיע. דאָס רויטע פנים מיט דעם פעטן גוידער האָבן געשוויצט. געשמייכלט צו אונדז פון דער ווייטן. די מאַמע האָט צו איר געשאָקלט מיטן קאָפּ, און ביידע האָבן געוויינט מיט טרערן. הינטער אירע ברייטע פּלייצעס האָט ארויסגעקוקט איר מאַן, משה דער איינבינדער. שוין נישט אין א קאשקעט, ווי אין דער היים, נאָר אין א קאפעליוש גאָר. אין א מינוט ארום האָט זיך באוויזן אויך יונה דער בעקער מיט די בייזע אויגן. יונה האָט זיך ווינציק־וואָס פארענדערט. נאָר די באָרד — אוי־ווייי! די באָרד!... זיין ווייב פון דער רעטאָנדע איז אויך געקומען. מע וויל זיך אָפּגעבן שלום־עליכם, מע וויל זיך ארומנעמען, האלדזן זיך, קושן זיך. מע וויל זיך צעפרעגן איינס ביי דאָס אנדערע, וואָס מע מאכט? און וואָס הערט זיך אויף דער וועלט? און ווי אזוי לעבט זיך עס אָט דאָ, אין אמעריקע? איך, למשל, גיי־אוים ווייסן, וווּ איז ושתי? וואָס טוט מיין שוועגערינס שוועסטערל אלטע? (מע האָט זי מיר גערעדט אמאָל, אויב איר געדענקט, פאר א כלה). און די גאַנצע כאַליאַסטרע וואָס מאכט? נאָר גיי שריי חי וקיים, אז מע קאָן נישט א ריר טאָן זיך. מע האלט אונדז פארשפּארט. זעען — זעען מיר זיך דורך די גראַטעס, אזוי ווי ארעסטאנטן, אזוי ווי געפאנגענע, אָדער אזוי ווי חיות...

ט.

א רחמנות געבעט אויף אונדזער חבר פיניע. ער קאָן אונדז נישט קוקן גלייך אין די אויגן אריין. ס'איז אים א בזיון פאר אמעריקע. איר וואָלט געמעגט שווערן, אז ס'איז זיין אמעריקע, און ער דארף אָפּגעבן דערפאַר דין־וחשבון. אָט פון דעמלט אָן

האָט ער געוואָרפן אַן אויג אויף „עלים איילאנד“ און האָט צוגעטראַכט דעם גראַם, אַז „דאָס שטיקל לאַנד געהערט צו איינעם אַלי, וואָס איז אַ נאַר ביז דער סטעליע“... און דעריבער פאַרדריסט עס מיין ברודער אליהו, מחמת ער הייסט דאָך אויך אַלי. צעאַמפּערט מען זיך און מע הייבט אָן צו קריגן זיך. מישט זיך אַריין ברכה, און דווקא פון פיניעס צד, און זאָגט מיט אַ משל, ווי איר שטייגער איז, אַז „פאַר אַ געשלאָגענעם הונט ווייזט מען נישט קיין שטעקן“... וואָס מיינט זי דערמיט?

IV

# א ים פון טרערן

## א.

טאָמער איז קארג די אייגענע צרות, יסורים און פּיין, האָט אונדז גאָט באשערט פרעמדע צרות אויף עלים איילאַנד. טאָמער איז קארג געווען די טרערן, וואָס מיין מאמע האָט פארגאָסן פון זינט מיין טאטע איז געשטאָרבן און פון זינט מיר שלעפּן זיך ארום איבער דער וועלט ביז צו היינטיקן טאָג, באַדארף זי איצטער וויינען און טרערן גיסן אויף די אומגליקן, וואָס מיר זעען זיך אָן אָט־אָ־דאָ, אויף עלים־איילאַנד. אלע מינוט שיקט איר גאָט צו א נייעם חורבן. די מאמע נעמט זיך יעדע זאך צום הארצן. זי ברעכט די הענט. זי באהאלט דאָס פּנים און וויינט זיך אוים שטילערהייט.

— דו זינדיקסט, מאמע! — זאָגט צו איר מיין ברודער אליהו, און מיר דאכט זיך, אז ער איז גערעכט. וואָס האָט זי צו וויינען? מיר שלעפּן זיך שוין מער נישט איבער דער וועלט, ווי מיר האָבן זיך געשלעפּט ביז אהער. די נסיעה אויפן אים זענען מיר, דאנקען גאָט, אויך איבערגעקומען. מיר זענען שוין כמעט אין אמעריקע. נאָך א שעה, נאָך צוויי שעה, — און מיר זענען פריי. נאָר ווי אזוי זאָל מען נישט וויינען, אז מע זעט פאר זיך אזוי פיל אומגליקן? אזוי פיל טרערן? א ים פון טרערן?

איבערדערציילן אייך אלע אומגליקן, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעזען אויף עלים איילאַנד, באדארף איך אוועקזיצן מיט אייך א טאָג מיט א נאכט און דערציילן, דערציילן און דערציילן.

ב.

אשטייגער, וואָס וועט איר זאָגן אויף אזא מעשה? טאטע־מאמע און פיר קינדער זענען פארהאלטן געוואָרן, נישט אהער, נישט אהין. וואָס איז די מעשה? ביים פארהער האָט זיך ארויס־געוויזן, אז זייערס א קינד, א מיידל פון א יאָר צוועלף, קאָן נישט ציילן אויף צוריק. מע פרעגט זי: „וויפל ביסטו אלט"? זאָגט זי: „צוועלף יאָר". פרעגט מען זי ווידער: „וויפל ביסטו אלט געווען פאראיאָרן אין דער צייט?" ווייסט זי נישט. זאָגט מען איר: „צייל פון איינס ביז צוועלף". ציילט זי. זאָגט מען איר: „צייל פון צוועלף צוריק ביז איינס". קאָן זי נישט. ווען מע פרעגט ביי מיר אזא זאך: צייל, — צייל איך דאָך ווי א וואסער: צוועלף, עלף, צען, ניין, אכט, זיבן, זעקס, פינף, פיר, דריי, צוויי, איינס. א טייערע מציאה! איז געבליבן, אז מע קאָן דאָס מיידל קיין אמעריקע נישט ארייננלאָזן.

פרעגט זיך: וואָס וועט זיין מיט איר טאטע־מאמע און מיט די איבעריקע קינדער? — צווזען דעם צער פון פאָטער און מוטער און דעם רחמנות פון דעם קינד — דארף מען זיין פון שטיין, מע זאָל נישט צעגאנגען ווערן. וויינט די מאמע אויף זיי קוקנדיק, און מיין שווענעריו ברכה און אונדזער פיניעס וויב טייבל ווישן אויך די אויגן.

ג.

צי, אשטייגער, ווי געפעלט אייך אזא געשיכטע? מיט אונדז פאָרט א יידענע, הייסט זי צביה. איז זי אן עגונה, דער מאן האָט זי אוועקגעוואָרפן שוין לאנג. האָט זי צעשיקט בריוו איבער אלע עקן פון דער וועלט. איז איר אָנגקומען א ידיעה, אז איר מאן איז ערגעץ אין צינצינאטע, א שטאָט אזעלכע אין אמעריקע. פאָרט זי דאָס אהין אים צו פאקן. האָט מען איר געגעבן אן עצה נאָך אויפן שיף, אז זי זאָל ארויסרופן גלאט א יידן פון ניו־יאָרק, וואָס זאָל זאָגן, אז ער איז דאָס איר מאן, וועט מען זי ארונטערנעמען. די דאָזיקע עצה שטאמט פון דער „געררוי־כערטער ליולקע„, וואָס איך האָב אייך שוין דערציילט וועגן אים. דער הייסינער שניידער האָט אויך א סך מיטגעהאָלפן. די „געררויכערטע ליולקע" האָט זיך אונטערגענומען צו שיקן איינעם א גאָענטן פריינד, אז ער זאָל זיך ארויסגעבן פאר איר

מאַן... ס'איז געקומען צום שפּיץ, ביים פאַרהער, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די גאַנצע מעשה איז א שווינדל. דער ייד איז א באַווייבטער און קערט זיך אַזוי אָן מיט דער עגונה, ווי איר קערט מיר אָן א פעטער. וויי־ווײַ, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן! גאַנץ עלים איילאַנד איז געגאַנגען כאַדאָראָם. אונדזער חבר פיניע האָט דערלעבט א נקמה אין דעם הייסינער שניידער. און כאָטש אין האַרצן איז פיניע גזלן אויף עלים איילאַנד, למאַי מע האָט אונדז פאַרהאַלטן, נאָר ארויסבאַווייזן דאָס פאַרן הייסינער שניידער — א מכה! אדרבא, ער האָט זיך נאָך געריצט מיט אים:

— נו, פאַניע חייט? האָב איך נישט געזאָגט פריער, אז אמעריקע איז נישט ריסענלאַנד? אין אמעריקע גייט נישט אָן קיין שווינדל, קיין חכמות און קיין דריידלעך? קאָלומבוס, לעבן זאָלסטו!

האָט ער אָבער געכאַפּט א מיאוסן פּסק פון מיין מאַמען און נאָך מער — פון מיין ברודער אליהום ווייב ברכה. און זיין אייגן ווייב טייבל האָט אויך צוגעלייגט א קנייטל. די ווייבער האָבן אים שיער די אויגן נישט ארויסגעדראַפּעט, למאַי ער לאַכט אָפּ פון מענטשן, וואָס עס גיסט זיך בלוט פון זיי. און ווי אויף צו־להכעיס, האָט די מאַמע זיך באַפריינדעט מיט דער עגונה, געוואָרן מיט איר ווי שוועסטער. איצט שיקט מען די עגונה אָפּ צוריק, און דער ייד, וואָס האָט זיך ארויסגעשטעלט פאַר איר מאַן, וועט אויך קיין האָניק נישט לעקן. דערווייל האָט מען זיי ביידע פאַרהאַלטן, און מיין מאַמע איז דערפון אויס מענטש.

ד.

א יונג ווייבל, בלוט און מילך, פאָרט קיין באָסטאָן צו איר מאַן. האָט זי א קינד, א מיידעלע מיט געקרייזלטע הערעלעך, א בילד. הייסט עס קעצעלע. דער אמתער נאָמען אירער איז קיילע, נאָך איר באָבע. נאָר מע האָט זי פאַרצויגן „קעצעלע“. קעצעלע איז נאָך דריי יאָר נישט אַלט. נאָר עס לויפט ארום און רעדט און זינגט און טאַנצט. „פּרינץ אַלבערט“ איז פול מיט דעם קינד. קעצעלען האָבן אַלע ליב. מע האַלדזט דאָס און מע קושט דאָס און מע נעמט דאָס איבער פון האַנט צו האַנט. קעצעלע! קעצעלע! מיט אונדז איז דאָס דאָזיקע ווייבל געוואָרן גאָר נפש אחת. זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער מאַמען אויף

א מינוט. זי האָט איר אויסדערציילט איינגאַנצן איר האַרץ. איבערגעלייענט אונדז אַלע בריוולעך, וואָס איר מאַן שרייבט צו איר. העכער דריי יאָר, אַז זיי האָבן זיך נישט געזען. ער קען אפילו נישט דאָס קינד. ער האָט דאָס נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער חלומט פון דעם טאָג ווי נאַכט. ער קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער וועט אַמאָל דערזען זיין קינד, זיין קעצעלע. דערביי גיסט זי שוין מיט טרערן, און מיין מאַמע ווישט די אויגן. לאָך איך פון זיי ביידן — וואָס דאַרף מען וויינען? און איך נעם קעצעלען אויף די הענט. און איך האָדעווע זי מיט שטיקלעך עפּל און מיט אָראַנזשעס, מאַראַנצן הייסט עס, גלייך אין מויל אַריין. קעצעלע קוקט מיר אין די אויגן, לאַכט צו מיר און גלעט מיך מיט איר קליין סאַמעטן הענטל. און איך קוש איר די קליינע וואַרעמע פינגערלעך. אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט קיין קעסטעלע מיט פאַרב. איך וואָלט אויסגעמאָלט קעצעלען אויף פּאַפּיר מיט אירע געקרייזלטע זיידענע האָרעלעך, מיט אירע בלויע שיינע אייגעלעך און מיט איר פּנימל פון אַ מלאך. מיין חבר מענדל לאַכט פון מיר, וואָס איך האָב צו טאָן מיט אַ קוקלע. ביי אים איז זי אַ „קוקלע"!

איז זיך מיישב קעצעלע שוין נאָענט צו אַמעריקע און ווערט קראַנק און... עס גייט מיר איבער אַ פראָסט איבערן לייב, אַז איך דערמאָן זיך אין יענער צייט. אַ שטיק פון מיין לעבן האָט אַוועקגענומען ביי מיר אָט דאָס קינד. איך קען גאָר וועגן דעם נישט רעדן, נישט טראַכטן אַפילו. שלעפּט מיך נישט פאַר דער צונג, איך זאָל אייך זאָגן, וואָס מע האָט געטאָן מיט קעצעלען...

איך וועל אייך נאָר דערציילן דעם רחמנות פון דער יונגער מוטער, בעת מיר זענען אָנגעקומען אויף עלים איילאַנד. זי האָט נישט געוויינט. אויף אַלעמען האָט זי געקוקט מיט גלעזערנע פאַרגלי־ווערטע אויגן. וואָס מע האָט זי געפרעגט, האָט זי נישט געענ־טפערט. מע האָט מורא, אַז דאָס ווייבל איז געווירט... מע וועט זי צוריק שיקן. מיין מאַמע לייגט איין די וועלט. מיין ברודער אליהו איז אויסער זיך. ער קען נישט אַריבערטראָגן דער מאַמעס טרערן. און פּיניע באַהאַלט זיך עפּעס. מע זעט אים נישט.

## ה.

איר מיינט, אַז נאָר יידן האָבן צרות אויף עלים איילאַנד? גויים ווערן אויך נישט ווייניק אויסגעריסן. עס פאָרט מיט אונדז אַ גאַנצע כאָפּטע איטאַליענער. אַלע אין סאַמעטענע הויזן און

מיט הילצערנע שיך אויף די פיס. אז זיי גייען, קלאַפּן זיי, ווי די פערד מיט די קאָפּיטעס. ווילדע גויים. אויסגעצייכנטע מענטשן. נאָך מיר זענען זיי גאָר די כפּרה. זיי רופן מיך מיט א מאָדנעם נאָמען: „פּיקאָלאָ באמבינאָ". זיי זענען מיך מכבד מיט ניסלעך און מיט ראָזשינקעס פון די סאמעטענע הויזן־קעשענעס. און איך האָב דאָס דווקא נישט פיינט. רעדן קאָן איך נישט מיט זיי מחמת זיי פארשטייען נישט מיין לשון, איך פארשטיי נישט זייער לשון. נאָר מיר געפעלט, ווי זיי רעדן צווישן זיך. הארט קומט אוים ביי זיי די ריש: „באָנא סעררורא!", „מיאָ קאררראָ!", „פררערגאָ סיניאָררע!"...

דארף זיך טרעפן אן אומגליק. סאמע צום רעכטן שפּיץ, אז ס'איז געקומען צום פארהער, האָט זיך איינער פון דער כאָפּטע ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט. ער האָט דערציילט דעם אמת, אז זיי האָט ארויסגערופן א פּאָדריאטשיק אויף דער ארבעט פון לאָנדאָן דורך א קאָנטראקט ביי עפּעס א בריק. און דאָס, זאָגט מען, טאָר מען נישט אין אמעריקע. וויל מען זיי אָפּשיקן צוריק. רעדן זיי אלע אינאיינעם, מאכן מיט די הענט און קוועטשן די ריש: „סאקררראמענטאָ!"... העלפט אָבער נישט קיין זאך. דער רחמנות אויף זיי איז זייער גרוים ביי עטלעכע פון זיי האָב איך געזען טרערן אויף די אויגן.

ו.

מזל־טוב! מיר האָבן א חתונה אויף עלים איילאנד. פונוואנען האָט זיך גענומען א חתונה? וועט איר הערן. א מיידל פון טשודנאָוו — א יתומה, לאה איז איר נאָמען. א שווארץ־חנעוודיקע און א צוגעלאָזטע. דעם גאנצן וועג, וואָס מיר זענען אויפן שיף, איז זי מיט אונדזערע ווייבער, מיט ברכהן און מיט טייבלען, איין זעל, איין נשמה. דורך זיי ווערן מיר געוויר, אז לאה איז אן עלנדע, האָט קיינעם נישט אין לאנד. פון קליינווייז־אויף ארבעט זי. זי האָט זיך צונויפגעשלאָגן א ביסל געלט און פאָרט עם קיין אמעריקע. זי קאָן נישט זיין מער אין טשודנאָוו. מע האָט דאָרטן געהרגעט איר טאטן אין פּאָגראָם. איר מאמע איז פאר צרות געשטאָרבן. זי איז געבליבן, ווי אויפן וואסער. גוטע מענטשן האָבן זיך אויף איר דערבארעמט, אויסגעלערנט ארבעטן. זי נייט און שטעפּט און שטיקט און פּרעסט — „גאָלדענע הענט", זאָגט אויף איר די מאמע. אלע זענען זיכער, אז אין אמעריקע וועט מען לאָזן אָפּגילטן פאר איר ארבעט. און א

חתן וועט זי דאָרט קריגן — דעם בעסטן. לאה לאָזט אראָפּ די אויגן און ווערט רויט, ווי פּייער... די צרה איז — זי האָט נישט קיינעם אין אמעריקע, ווער ס'זאָל זי ארונטערנעמען. האָט זיך געפונען אויף „פּרינץ אַלבערט" א בחור. לייזער באר. ער איז א סטאָליער און פאָרט צו זיינעם א פעטער אין טשיקאגאָ. לייזער איז מגושעם. ער איז א געלער און האָט גראָבע צווייענדיקע ליפּן, נאָר איך האָב אים ליב פאר זיינע לידער. ער זינגט אויסגע־צייכנט יידישע לידער. איז געבליבן: אזוי ווי לייזער האָט ווער סע זאָל אים ארונטערנעמען און לאה האָט קיינעם נישט, זאָל ער, לייזער באר, זאָגן, אז לאה קער אים אָן א כלה... פארשטייט זיך, אז דאָס שמד־שטיק וואקסט פון יענעם יידן. וואָס מיר רופן „די גערויכערטע ליולקע". און אזוי איז דאָס טאקע געוועזן. ביים פארהער איז ער — דער חתן, זי — די כלה. דאכט זיך, גוט? לאָזט זיך אויס, אז אויף עלים איילאנד גייען נישט אָן אזעלכע שטיקלעך. וויבאלד אז חתן־כלה, באדארף זיין א חופּה. וויינט לאה מיט סכנות. רעדט מען איר אוים דאָס הארץ: „וואָס ארט דיר, נארעלע? ווערסט קומען אין שטאָט, וועט ער דיר געבן א גט, ביסטו צוריק די לאה ווי געוועזן"... האָט זי מורא, טאָמער ניין?... נאָר ווערן אָפּגעשיקט צוריק איז בעסער? בקיצור, ס'איז א חופּה. א טרויעריקע חופּה. אָן כלי־זמר. נאָר מיט א רב, מיט א שמש און מיט טרערן, טרערן אָן א שיעור. א ים פון טרערן.

ז.

גוט איז נאָר איין מענטשן. ווייסט איר וועמען? — דעם הייסינער שניידער. ער האָט דערלעבט א נקמה אין אונדזער חבר פּיניע. ווער איז צו אים גלייך? זאָגן זאָגט ער גאָרנישט נישט. נאָר ער שפּאנט ארום פארביי אונדז, גלעט זיך דאָס בערדל, קוקט אויף פּיניען דורך זיינע שארפע ברילן. פּיניע איז אָבער קליגער פון אים. ער האָט ארייינגעשטעקט זיין שפּיץ נאָז עפּעס אין א ביכל, זעט כלומרשט נישט דעם שניידער. ער האָט אים אין דער לינקער פּאה!

ה.

א ביסל אייגענע צרות, א ביסל פרעמדע יסורים פארשטערן אונדז די שמחה, וואָס מיר זענען אין אמעריקע. מיר האָבן זיך אזוי פיל אָנגעזען דאָ אויף דעם עלים איילאנד און אָנגעהערט, אז מיר זענען מיד געוואָרן און האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אונדזער גאנצע

משפחה קאָפּ אויף קאָפּ און געקוקט אהין, אין דער גרויסער ראַשיקער שטאָט אריין, וואָס ליגט נאָך ווייט פון אונדז. ווייסט איר, ווי אזוי מיר האָבן אויסגעזען? מיר האָבן געכאפּט דעם אָנבליק פון א סטאדע שעפּעלעך, וואָס שטייען צונויפגעפּרעסט אין פעלד אין א הייסן זומער־טאָג, נישט ווייט פון די רעלסן פון א באַן, און קוקן פארווּנדערט, ווי די וואַגאָנעס לויפן מיט א רעש פארביי און ווערן פארשווּנדן. אן עבירה, וואָס איך האָב נישט קיין בליי־שטיפט און קיין שטיקל פּאפּיר אויף אָפּצומאָלן אונדזער צונויפ־געפּרעסטע משפחה, און אויך די אַלע איבעריקע איינגעשפּארטע עמיגראַנטן אויף עלים איילאַנד, ווי זיי זיצן יעדער אויף זיין פּעקל. מע זיפצט און מע דערציילט זיך אויס איינס פאר דאָס אנדערע דאָס ביטערע הארץ. אנדערע שווייגן שטיל, און אנדערע וויינען, באָדן זיך אין טרערן. אין א ים פון טרערן.

V

# מיט ביידע פיס אויף דער ערד

## א.

אויב איר זענט קיינמאָל נישט געפאָרן אויפן ים, אויב איר זענט קיינמאָל נישט געווען צען טעג מיט צען נעכט אויפן וואסער, אויב איר זענט קיינמאָל נישט געווען געפאנגען אויף „עלים איילאנד“ און האָט נישט אָנגעזען זיך און נישט אָנגעהערט זיך מיט צרות, יסורים און פּיין, און נישט געבאָדן זיך אינעם ים פון טרערן, און נישט ארויסגעקוקט, מע זאָל אייך קומען אויס־לייזן, — אויב איר האָט דאָס אלצדינג אליין נישט פארזוכט אויף אייערע אייגענע פּלייצעס, וועט איר נישט פילן דעם טעם, וואָס הייסט שטיין מיט ביידע פיס אויף דער ערד. ווען איך זאָל נישט מורא האָבן פאר מיין ברודער אליהו און נישט שעמען זיך פאר לייטן, וואָלט איך אנידערגעפאלן אויף דער ערד און וואָלט זיך איבערגעקוליעט דריי מאָל מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. אזוי גוט און ליכטיק און פריילעך אויפן הארצן איז מיר געוואָרן, אז איך האָב דערפילט, אז איך שטיי מיט ביידע פיס אויף דער טריקעניש. איר קאָנט פארשטיין, אז אפילו אזא מרה־שחורהניק ווי מיין ברודער אליהו, האָט שוין אויך באקומען אן אנדער פּנים. ער האָט געריבן א האנט אָן א האנט און א זאָג געגעבן צו אונדז אלעמען: „זענען מיר, הייסט עס, אין אמעריקע?“ — „מיטן אויבערשטנס הילף, געלויבט זאָל זיין דער נאָמען זיינער!“ — זאָגט דערויף די מאמע און טוט א קוק ארויף אויפן הימל. דערנאָך לייגט זי צו מיט א טיפן זיפץ:

„ווער עס לעבט, דער קומט. קומען קומט נישט נאָר דער, וואָס ליגט אין דער ערד“...

דאָס מיינט זי שוין דעם טאטן. קיינמאָל און ערגעץ נישט פארגעסט זי נישט דעם טאטן, איר זאָלט זאָגן — אויף א מינוט.

ב.

נאָר מער פון אלץ און שטארקער פון אלע באווייזט ארוים זיין פרייד אונדזער חבר פיניע. דער איז — איך האָב מורא צו זאָגן — גאָר משוגע געוואָרן, פשוט אראָפּ פון זינען. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט מיטן פנים צום ים און, אויפגעהויבן די רעכטע האנט אין א קולאק, האָט ער אוועקגעלייגט א גאנצן מענה־לשון:

— הערט צו, איר חמורים, רשעים, שיכורים, כוליגאנעס, פּאָגראָמשטשיקעס! דאָס האָבן מיר אייך צו פארדאנקען, וואָס מיר געפינען זיך אצינד אין אזא פרייער, גליקלעכער מדינה! ווען נישט איר מיט אייערע גזירות, רדיפות און פּאָגראָמען, וואָלטן מיר נישט געוווסט פון קאָלומבוסן און קאָלומבוס וואָלט נישט געוווסט פון אונדז! איר וועט דאַרטן לאנג וואַרטן, ביז מיר וועלן קומען צו אייך צוריק! אזוי ווי איר זעט נישט אייערע אויערן, אזוי וועט איר שוין נישט זען אונדז, ווייל איר וועט לעבן! איר וועט זיך אמאָל ארומקוקן, אז איר האָט געהאט א פאָלק ישראל און נישט געוווסט, ווי צו שאַנעווען דאָס דאָזיקע פאָלק! איר וועט האָבן א וויסטן סוף, אזוי ווי שפּאַניען האָט געהאט. איר וועט וויינען, ווי די קלויסטער־הינט. איר וועט זיך אמאָל פארבענקען נאָך אונדז! עס וועט זיין ביי אייך א רענדל א ייד. איר וועט אונדז רופן צוריק. נאָר א מכה וועלן מיר צו אייך פאָרן!...

ווער ווייסט, ביז ווי לאנג נאָך אונדזער פיניע וואָלט זיך אזוי געקילט דאָס הארץ, ווען יונה דער בעקער זאָל נישט ארויפלייגן די האנט אויף זיינע פּלייצעס און א זאָג געבן צו אים:

— פיניע! גאָט איז מיט דיר! צו וועמען רעדסטו? צו די שטיינער? קום! מיר וועלן פארשפּעטיקן די פערדי! צי דו ווילסט דאָ בלייבן געבטיקן אויף עלים איילאנד?

מיר נעמען זיך צו די פּעקלעך און לאָזן זיך גיין צו דער פערדי.

ג.

עס רעדט זיך אָבער גאָר אַזוי. נישט אַזוי גיך זעצן מיר זיך פאָרן. איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן אויף זיך אַ פּעקל — מיין חבר מענדל. מע לאָזט דאָך אים נישט אַרויס. און אָן אים קאָנען מיר זיך נישט רירן. די מאַמע זאָגט, אַז זי וועט נישט קאָנען רואיק זיין אין אַמעריקע, אויב חלילה מע שיקט דעם יתום אָפּ צוריק, גאָט ווייסט וווהין. אַ גליק, וואָס מיר האָבן זיך אויף עלים איילאַנד דערשלאָגן צו אַזאַ חברה, וואָס הייסט „הכנסת אורחים“. די חברה האָט אויף עלים איילאַנד אירן אַ מענטשן. זייער אַ גוטער מענטש און אַ צוגעלאָזטער. צו דעם דאָזיקן מענטשן האָט מען אונדז אָנגעוויזן. פאַר אים האָבן מיר דערציילט דעם גאַנצן אמת, וואָס מיט דעם בחור איז געשען. פאַרשטייט זיך, אַז געריעדט האָבן אַלע אײנײנעם. האָט אונדז דער מענטש אָפּגעהאַקט אין מיטן און פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן צווישן זיך אויסקלויבן איינעם אַ רעדנער. נאָך אַ היפּש שטיקל צייט אין שפּאַרעניש איז געבליבן אַז רעדן זאָל דווקא ברכה, מיין ברודער אליהוס ווייב. פאַרוואָס עפּעס ברכה? ווייל די מאַנסבילן, אליהו און פּיניע, קאָנען נישט זען איינער דעם אַנדערן רעדן און נישט אַריינפאָרן אים אין מיטן. און די מאַמע רעדט דווקא גוט, נאָר אַ ביסל צופיל. דאָס הייסט, אַז זי הייבט אָן צו רעדן, מוז זי אָנהויבן פון מה־טובו. ווי אַזוי מיר האָבן געהאַט אַ טאַטן, האָט ער געהייסן פּייסי. און אַז ער איז געווען אַ חזן. דערנאָך, ווי אַזוי ער איז, נישט דאָ געדאַכט, קראַנק געוואָרן. און אַזוי ווייטער און ווייטער. ווייל יענער נישט אויסהערן ביזן סוף. און מיין שוועגערין ברכה מאַכט דאָס בקיצור. אַ וואָרט און צוויי און אַ מאָרימש, ווי משה דער איינבינדער זאָגט.

ערשט דעמלט, אַז ברכה האָט אין קורצע ווערטער איבער־געגבן מענדלס געשיכטע, האָט דער מענטש פון דער חברה „הכנסת־אורחים“ זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט. ער איז ערגעץ אוועקגעלאָפן, געקומען צוריק און ווידער אוועקגעלאָפן. קוים מיט צרות, מיט לייד — מע האָט געבראַכט דעם בחור.

ד.

און אַז מע האָט געבראַכט דעם בחור, מענדלען הייסט עס, האָט דער מענטש פון דער „הכנסת־אורחים“ אים אָנגענומען פאַר אַן אויער און האָט אים אַריינגעזאָגט אַ גאַנצע דרשה:

„געדענק, בחורל, אז מיר זענען ערב פאר דיר, אז דו וועסט זיך גוט אויפפירן. צוויי יאָר נאָכאנאנד ביסטו אין אונדזער רשות... מירן אויף דיר אכטונג געבן. טאָמער פירסטו זיך נישט אויף, ווי עס געהער צו זיין, שיקט מען דיך ארויס צוריק פון וואנען דו ביסט געקומען!"... דערנאָך האָט דער מענטש פארשריבן זיין נאָמען און אונדזערע אלעמענס נעמען און די נעמען פון אונדזערע פריינד און באקאנטע און זייערע אדרייסים. און מיר זענען פריי. מיר קאָנען גיין, וווהין מיר ווילן און טאָן וואָס מיר ווילן.

מיינט איר אפשר, אז מענדלען האָט דאָס גערירט? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. מיין חבר מענדל איז אזא נפש, וואָס ווערט נישט נתפעל פון קיין זאך. און דערפאר האָב איך אים ליב. דערמאָן איך מיך אָן מיין חבר מענדל, וואָס ער איז געווען און וואָס עס איז פון אים געוואָרן שפעטער, העט־העט, אין א צייט ארום — איז טאקע גאָטס נסים. נאָר אזא לאנד, ווי אמעריקע, קאָן מאכן פון קליין גרויס, פון נידעריק הויך, כמעט פון טויט לע־בעדיק... נאָר מיר האלטן נאָך דערווייל פון פאָרנט, ביי דער פעררי.

ה.

די פעררי — דאָס איז אזא מין שיף, אָדער א פאראָם אזעל־בער, וואָס מע קאָן אריבערפאָרן אויף אים מיט פערד און וואָגן און מיט האק און פאק. די פעררי איז גענוג ברייט און לאנג, אז איך און מיין חבר מענדל זאָלן קאָנען זיך נעמען פאר די הענט און שפאצירן אין דער לענג און אין דער ברייט. די ערשטע מינוט איז די מאמע געווען פארטראָגן מיט אונדזערע מחותנים און מיט אונדזערע באקאנטע. אלע האָבן גערעדט, זיך אויסגעפרעגט איינס ביי דאָס אנדערע וואָס סע הערט זיך. שפעטער א ביסל האָט זי זיך געכאפט, אז מיר זענען נישטאָ — נישט איך, נישט מיין חבר מענדל. אווראי האָט זי געמאכט א גוואלד. זי האָט אנדערש נישט גערעכנט, נאָר אז מיר זענען ארייננעפאלן און וואסער אריין און דערטרונקען געוואָרן. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז מיר האָבן דערזען טרעפ, זענען מיר ארויף אויפן צווייטן שטאָק פון דער פעררי, און פון דאָרטן האָבן מיר דערזען א מוראדיק הויכע גרויסע אייזערנע פיגור פון עפעס א נקבה, וואָס זעט אויס ווי אן אם... מיר האָבן קיין צייט נישט געהאט אפילו רעכט צו באקוקן די דאָזיקע פיגור, האָבן מיר דערהערט

דער מאמעס קולות און דערזען פאר זיך אליהון. ער איז געווען אויף אונדז מלא גזלן פארן דערשרעק, וואָס מיר האָבן אָנגעוואָרפן אויף זיי אלעמען מיט אונדזער פארפאלן ווערן. מיר וואָלטן זיך נישט געגארט פון אים. מיין ברודער אליהו וואָלט אונדז פאר אזא זאך רעכט באצאָלט, האָט זיך געטראָפן א גליק — מיין שווענגעריין ברכה האָט זיך דערפילט נישט גוט און האָט ארויסגעלאָזט א קוויטש נישט מיט איר קול: „אוי, שוויגער, ס'איז מיר שלעכט!"... און זי וויל שוין אָנהייבן אירע שטיק, אזוי ווי אויפן ים. לאנג לעבן זאָל דער הייסינער שניידער (ער וויל גאָר פון אונדז נישט אָפּשטיין אויף א ווײַלע!) ער פאלט אָן אויף ברכהן און זאָגט איר מוסר: „אזא אָסאָכע, ווי איר, קיין עין־הרע, זאָל נישט וויסן דעם חילוק פון א ים ביז א קליין טייכל — פע, שעמען מעגט איר זיך!"...

פארענטפערט זיך ברכה. זי האָט נישט געוווּסט, אז ס'איז א טייך. זי האָט געמיינט, אז מיר זענען שוין ווידער אויפן ים. וואָס קומט איר דערפאר?... זאָגט פיניע, אז אים דאכט זיך, אז נאָכן ריח אליין קאָן מען דערקענען, וועלכעס איז ים און וועלכעס איז א טייך, א ים, זאָגט ער, שמעקט מיט פיש, און אין א טייך זענען קיין פיש נישטאָ. פרעגט אים דער הייסינער שניידער: פונוואַנען איז געדרונגען? ענטפערט אים פיניע, אז ער רעדט גאָרנישט צו אים, און אז ער האָט בכלל פיינט ארײַנלאָזן זיך אין וויכוחים מיט א שניידער. מישט זיך שוין אריין משה דער אײַנבינדער, פעסיעס מאַן. ער מאכט פיניען אָן אויסרייד, אז ער איז איצט אין אמעריקע נישט אין „ריסעגלאנד". אמעריקע, זאָגט ער, איז א לאנד פון שניידערס. דאָ אין אמעריקע, זאָגט ער, איז א שניידער אזא מיוחס, ווי ביי אונדז דער שענסטער באלעבאָס, און אפשר נאָך מער. אין אמעריקע, זאָגט ער, האָבן שניידערס א „יוניע". א „יוניע" איז כמעט דאָס, וואָס ביי אונדז א „צעך". נאָר די היגע „יוניע", זאָגט ער, איז גאָרנישט דאָס, וואָס אונדזער צעך...

— און מיר, בעקערס, האָבן זיך אונדזער „יוניע". — לייגט צו יונה דער בעקער. — אונדזער בעקער־יוניע איז אפשר אזוי גרויס, ווי די שניידער־יוניע.

— זאָגט כאָטש להבדיל! — שלאָגט אים איבער משה דער אײַנבינדער. און עס גייט אוועק א חתונה, וועלכע „יוניע" איז גרעסער.

— נאָך עטלעכע מינוט, און מיר זענען אין „נעוויאָרק". — זאָגט פיניע צו אליהון, בכדי איבערצורייסן דעם שמועס פון די

„יוניעס“, וואָס האָט זיך אונדז אַלעמען שוין צוגעגעסן... מיר קוקן זיך איין אין דער שטאָט, וואָס וואַקסט פאַר אונדזערע אויגן און באַווייזט זיך אַלע ווײַלע נענטער. אַך! וואָס פאַר אַ שטאָט! אַך! וואָסערע הויכע הײַזער! קלויסטערס, נישט קיין הײַזער! און פענצטער! טויזנט פענצטער!... ווען איך האָב בײַ זיך איצט אַ בלײַשטיפט מיט אַ בויגן פאַפּיר!

ז.

טרראַך - טאַררררעראַך — טאַך - טאַך - טאַך! טאַך! דזין - דזין - דזין - גלין-גלאָן! הו-הא! הו-הא! הו-הא! דו-דו-דו-דו--דו-דו! פּי-ין! איי-איי-איי-איי-איי-איי! און ווידער אַמאָל — טראַך-טאַררעראַך-טאַך-טאַך-טאַך! און אין מיטן הערט זיך אַ הײַזעריקער קוויטש פון אַ פאַרטשעפּעטן חזיר: חרו! חרו! חרו!... — אָט דאָס זענען געווען די קולות מיט די געוואַלדן, וואָס מיר האָבן דערהערט אין דער ערשטער מינוט, אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק. ביז אַהער, כּל-זמן מיר זענען געווען אויפן וואַסער, זענען מיר געווען רואיק. נאָר דאָ, ווי באַלד מיר האָבן דערפילט, אַז מיר שטייען טאַקע מיט ביידע פיס אויף דער ערד, אין דעם רעכטן אַמעריקע, אַזוי איז אויף אונדז אָנגעפאַלן אַ שרעק, אַ טומל מיט אַ בהלה...

די ערשטע האָט זיך פאַרלוירן די מאַמע. ווי אַ ספּאַלאָשעטע הון אַ קוואָטשקע, וואָס ציטערט איבער אירע הינדעלעך, צעשפּרייט זי די פליגל, פּיקט און קוואָקעט און הייבט אויף אַ געפילדער, פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען די מאַמע מײַנע. זי האָט צענומען ביידע הענט און געמאַכט אַ געוואַלד: „מאָטל! מענדל! אליהו! ברכה! פּיניע! טייבל! ווו זענט איר? אַהער גייט!“...

— גאָט איז מיט אײַך, שווינגער! וואָס שרײַט איר? — זאָגט צו איר ברכה, און מײַן ברודער אליהו לייגט צו: „דער סוף וועט זײַן, אַז איבער דײַן געשריי מיט דײַן געפילדער וועט מען אונדז אַרויסשיקן צוריק פון אַמעריקע!“...

— פּורים נאָכן קאַלטן קוגל! — כאַפּט אים אונטער אונדזער חבר פּיניע און לייגט אַרײַן ביידע הענט אין די קעשענעס, און דאָס קאַפּעליושל אַרויפגערוקט אַרויף. — אַזוי לאַנג קרענקט פּאָניע-גנב, ווי לאַנג מע וועט אונדז שוין פון דאַנען פּטור ווערן! דו האָסט פאַרגעסן, אַז אַמעריקע איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט אויף שוץ און באַהעלטעניש פאַר די אַלע, וואָס ווערן

געיאָגט און געפּלאָגט, געשטויסן און געטריבן פון אַלע עקן פון דער וועלט?...

דער געדראַנג פון מענטשן איז געווען זייער גרויס. אונדזער חבר פיניע האָט שיער נישט געכאַפּט דעם זעלבן פּסק, וואָס אַנומלטן אין לאָנדאָן, ביי אונדזער אַריינפאָרן אין יענער שטאָט אַריין. דאָס הייסט, נאָך א מינוט און ער וואָלט געלעגן א צע־קנייטשטער, א צעטראָטענער אויף דער גאַס. איצטיקס מאָל איז ער אָפּגעקומען נאָר מיט א סטוסאַק אין א זייט אַריין. נאָר אַזוי שטאַרק איז געווען דער קלאַפּ, אַז דאָס קאַפּעליושל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט ביי אים פון קאָפּ און, אונטערגעכאַפּט פון עם ווינט, איז דאָס אַוועקגעפלויגן א ביסעלע אָן א זייט. דאָס האָט צוגענומען ביי אונדז אומזיסט עטלעכע מינוט איבעריקע צייט. מיר האָבן דעריבער פאַרשפּעטיקט די קאַר. דאָס הייסט, דעם טראַמוואַי. ביי אונדז הייסט דאָס טראַמוויי, ביי זיי — קאַר. פיניען איז דאָס וואָרט „קאַר" בעסער געפעלן, ווי טראַמוויי. וואָרום ס'איז קירצער. מיר האָבן אָבער לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן. עס איז באַלד אָנגעקומען נאָך א קאַר, און מיר אַלע האָבן זיך אַרויפגעקאַראַטשקעט מיט די פּעקלעך אויף דער קאַר, פאַרכאַפּט אַלע ליידיקע ערטער. און מיר פאָרן אין שטאָט אַריין.

— דאַנקען השם יתברך — פּטור געוואָרן פון א פּריטשעפּע, פון דעם הייסיגער שניידער! — פרייט זיך אונדזער חבר פיניע, און מיין ברודער אליהו זאָגט צו אים: „וואַרט־אויס, פריי זיך נאָך נישט! אַז מיר וועלן ווערט זיין ביי גאָט, וועלן מיר זיך מיט אים נאָך באַגעגענען נישט איין מאָל אין ניו־יאָרק"...

VI

# אין ניו־יאָרק אויף דער סטריט

### א.

דער ארײנפאָר אין שטאָט ניו־יאָרק איז שרעקלעך. דאָס פאָרן אליין איז נאָך נישט אזוי געוואלדיק, ווי דאָס איבערזעצן זיך פון איין וואגאָן אינעם אנדערן. איר האָט זיך נאָר וואָס ארײנגעזעצט — אהא! — איר פליט שוין, ווי די אָדלערס, אין דער הויך, איבער א לאנגער שמאָלער בריק אויף צו דערהרגעט ווערן. ווערט דאָס אָנגערופן ביי זיי „עלעוויטער". מיינט איר, אז איר זענט שוין פארטיק? האָט צייט א ביסל. איר קריכט ארויסעט פונעם „עלעוויטער" און איר זעצט זיך איבער אין אן אנדער וואגאָן און איר לאָזט זיך אראָפּ דורך טרעפּ, ווי אין א קעלער ארײן, און איר לויפט אונטער דער ערד מיט אזא אימפּעט. אז עס שווינדלט אייך אין די אויגן. דאָס ווערט שוין אָנגערופן ביי זיי „צאָבהיי". — פארוואָס הייסט דאָס „עלעוויטער" און דאָס „צאָבהיי"? — זאָגט מיין ברודער אליהו, אז „עלעוויטער" נעמט זיך פונעם וואָרט „לייטער". און „צאָבהיי" זאָגט מען ביי אונדז אויך, אז מע טרייבט אָן א פאָר אָקסן. לאכט פון אים אונדזער חבר פיניע מיט סבנות. ער זאָגט: „ס'א משל אקעגן א טאָרבע פלעקער! אָקסן, זאָגט ער, קוים וואָס זיי קריכן, און דאָס פליט"! ענטפערט אים אליהו: „דערויף איז דאָס אמעריקע, ס'זאָל פליען"... מישט זיך ארײן מיין שוועגערין ברכה און זאָגט, אז דאָס אייגענע אמעריקע וואָלט געווען א סך בעסער, ווען מע זאָל דאָ נישט אזוי פליען, ווי מע פליט. זי שווערט זיך, אז מער פאָרט זי שוין נישט, אן עק! נישט מיטן „עלעוויטער" און נישט

מיטן „צאַבהיי“ — זי זאָל וויסן גליקלעך ווערן. זי וועט שוין, זאָגט זי, בעסער גיין צו־פוס, איידער אזוי משוגענערווייז פליען העגדום־פעגדום איבער דער כמארע, אָדער לויפן אונטער דער ערד. דערביי האָט זי געזאָגט א ווערטל: „הייב מיך נישט און וואַרף מיך נישט“... א מאָדנע יידענע מיין שוועגעריןן. ביי מיר וואָלט איר, פאַרקערט, געפעלט, איך זאָל אַרומפאָרן מיטן „עלע־ווייטער“ און מיטן „צאַבהיי“ א גאַנצן טאָג מיט א גאַנצער נאַכט. מיין חבר מענדל איז דאָס אייגענע.

ב.

דאַכט זיך, מיר זענען שוין אויסגעוועזן א וועלט. דאַכט זיך, מיר האָבן זיך שוין געגוג אָנגעזעזן מיט די טראַמווייען אין לעמ־בערג, אין קראָקע, אין ווין, אין אַנטווערפּן און אין לאָנדאָן. נאָר אַזא ענגשאַפט מיט אַזא שטופן זיך און אַזא דערשטיקעניש, ווי אָט דאָ, אין דעם גיהנום, האָבן מיר אין ערגעץ נישט געזען! קאָפּ אויף קאָפּ. איינער אַרויס, צוויי אַריין. זיצן איז נישטאָ וווּ. דאַרף מען שטיין. פאַלט מען אום. מוז מען זיך אָנהאַלטן ביים רינג. הייסט עס דאָ „הענגען אויפן סטראַפּ“. ווערט מען פאַרקליאַקנעט. העלפט גאָט, עס ווערט ריין אַיין אָרט, איז פאַראַן דערויף א סך בעלנים. קוים מיט צרות פאַרכאַפּט אַן אָרט. אין קוקט זיך אַרום, זיצט איר צווישן צוויי גויים. ביידע שוואַרצע. א ניגער מיט א ניגערטע. מגושמדיקע ברואים. מוראדיק גראָבע ליפּן. גרויסע ווייסע ציין און ווייסע נעגל. זיי זיצן און קייען עפּעס, מאַלע־גיירען אזוי ווי אָקסן. ערשט דערנאָכדעם בין איך געוווירן געוואָרן, אַז דאָס וואָס זיי קייען ווערט אָנגערופן ביי זיי „טשאָיינגאָם“. דאָס איז אַזא מין קאָנפעקט פון גומי־לאַסטיק. מע האַלט דאָס אין מויל און מע קייעט דאָס. אַראָפּשלינגען טאָר מען דאָס נישט. יונגע באָיעס, דאָס הייסט קליינע יינגלעך, אַלטע לייט און קאַליע־קעס מאַכן דערפון א לעבן. אונדזער חבר פּיניע, אויב איר גע־דענקט, איך האָב אייך אַמאָל דערציילט, איז בטבע א גרויסער נאַשער. ער האָט ליב זיסע זאַכן. האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו די דאָזיקע קאָנפעקטלעך און האָט פּאַוואָלינקע איינגעשלונגען א גאַנץ שאַכטל. דער סוף איז געווען — ער האָט זיך אָנגעמאַכט א חתונה אין מאָגן, שיער נישט אָפּגעסמט זיך. דאָקטוירים האָבן אויסגעפּאָמפּעט ביי אים דורכן האַלדז די טשאָיינגאָם. מע האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן. נאָר איך פאַרלויף אויף צו פריער. מיר קערן זיך אום צוריק צו אונדזער ערשטן אַריינפאָר אין דער שטאָט ניו־יאָרק.

ג.

דעם גאנצן וועג, וואָס מיר זענען געוואָרן אויפן „עלעווייטער“ און אויפן „צאָבהיי“, האָבן אונדזערע לייט, די מאנסבילן מיט די ווייבער, געהאלטן אין איין רעדן. איך זאָג רעדן, אָבער ס'איז נישט אמת. ווער קאָן דאָס רעדן אויפן „עלעווייטער“? אָדער אויפן „צאָבהיי“? אז דער רעש, מיטן געפילדער, מיטן גראגערן פון די רעדער, מיטן גרילצן פון די רעלסן, מיטן קלינגען פון די פענצטער מאכן אייך טויב. איר אליין הערט נישט אייער קול. איר מוזט שרייען איינס צום אנדערן, ווי בעת איר רעדט צו א טויבן. אונדזערע לייט זענען אזש הייזעריק געוואָרן שרייענדיק. די מאמע האָט עטלעכע מאָל געבעטן זיך ביי פּעסיען:

— פּעסעניו, נשמהניו, הארצעניו, ליובעניו! לאָזט דאָס איבער אויף שפּעטער!...

מע ווערט אנטשוויגן אויף א מינוט און מע הייבט אָבער באלד אָן ווידער אמאָל צו שרייען אויף א קוליקולות. וואָרום מען איז דאָך לעבעדיקע מענטשן, גוטע פריינד, געוועזענע שכנים. ווי אזוי קאָן מען זיך איינהאלטן און נישט אויסרעדן זיך די הערצער? מע האָט זיך אזא צייט נישט געזען. און צו רעדן איז דאָ אזוי פיל! אזוי פיל!

ד.

אָנגערעדט זיך און אָנגעשריגן זיך וועגן זייטיקע זאכן, איז מען ארויף אויף א שמועס ־וועגן וווהין צו פארפאָרן און ביי וועמען אָפּצושטעלן זיך. נאָך א סך וויכוחים און שפּארענישן איז געבליבן, אז די מאמע און איך און אונדזער חבר פּיניע מיט זיין טייבלען זאָלן מיר זיך אָפּשטעלן ביי אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע. און אליהו מיט זיין ווייב ברכה זאָלן פארפאָרן צו זייערע שווער און שוויגער, יונה דעם בעקער און ריוועלע די בעקערין. נו, און מענדל? זאָגט פּעסיע, אז מענדלען נעמט זי צו זיך. זאָגט ריוועלע די בעקערין — ניין. ביי פּעסיען, זאָגט זי, זענען, קיין עין־הרע,·פאראן אָן אים אויך א היפּש ביסל עסערס. פּארדריסט דאָס פּעסיען. זי זאָגט, אז ס'איז נישטאָ קיין איבעריקע ציין אין מויל און קיין איבעריקע קינדער ביי א מוטער.

— שאט! ווייסט איר וואָס? לאָמיר פרעגן דעם בעל־דבר אליין. — אזוי זאָגט משה דער איינבינדער, פּעסיעס מאן, און ער

טוט א פרעג ביי מענדלען: ווהין וויל ער בעסער — צו אים אָדער צום בעקער? ענטפערט אים מענדל, אז ער וויל זיין דאַרטן, וו זיין חבר מאָטל. איך אליין האָב אויך גאָר אנדערש נישט גע־טראכט, אז אזוי באדארף מענדל זאָגן.

ה.

— אָט דאָ באלד, נאָך איין סטיישען, סטאַפּען מיר! — רופט זיך אָן יונה דער בעקער שוין אויף אמעריקאנער לשון. מיר פאַר־שטייען נישט, וואָס הייסט „סטיישען" און וואָס הייסט „סטאַ־פּען"? פארטייטשט ער אונדז, אז סטיישען הייסט א סטאנציע און סטאַפּען מיינט מען אָפּשטעלן זיך, ארויסקריכן.

— מחותן! פון ווען אָן האָט איר עס אָנגעהויבן רעדן אויפן היגן לשון? — פרעגט אים די מאמע, און ריוועלע די בעקערין ענטפערט פאר איר מאַן:

— איך בין איין ערב, מחותנתטע, אז אין א וואָך ארום וועט איר אויך אָנהויבן רעדן אויפן היגן לשון. וואָרום אז אירט ארויס־קומען אין סטריט און פרעגן: וו איז דאָ דער קצב? וועט איר מעגן קצבן פון היינט ביז איבערמאָרגן, וועט אייך קיינער נישט ענטפערן.

פרעגט זי די מאמע:

— ווי אזוי זשע דען זאָל איך זאָגן?

ענטפערט שוין פּעסיע די גראָבע:

— אירט מוזן זאָגן „דער בוטשער".

— אזוי לאנג קרענקען זיי! — מישט זיך אריין מיין שווע־גערין ברכה. — זיי זאָלן אפילו אויפלויפן, וועל איך זיי זאָגן קצב, קצב און קצב!

ו.

מיט אמאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. אונדזער מחותן יונה דער בעקער האָט געכאַפּט די מחותנתטע ריוועלע די בעקערין מיט מיין ברודער אליהו מיט מיין שוועגערין ברכה און האָבן זיך גע־געבן א לאָז צום ארויסגאנג. האָט זיך די מאמע אויך אויפגע־הויבן. זי האָט געוואָלט גיין באגלייטן אירע קינדער, זיך געזע־גענען מיט זיי. אויך פּיניע פון זיין זייט האָט זיך אויפגעהויבן, געגאנגען געזעגענען זיך מיט זיין חבר אליהו און טאקע אין איינ־

וועגס אָפּרעדן מיט אים ווו און ווען מע זאָל זיך זען. נאָר ווער? וואָס? וועמען? איידער מע קוקט זיך ארום איז שוין יונה דער בעקער מיט דער בעקערין מיט מיין ברודער אליהו און מיט זיין ווייב ברכה אויף יענער זייט. דער קאָנדוקטאָר האָט שוין פארהאקט די טיר. דער וואגאָן האָט זיך געגעבן א ריס. אונדזער פיניע, ווי ער איז געשטאנען פארטראכט און צעטומלט, אזוי האָט עס אים געגעבן א שליידער פון די פיס. אין א וויילע ארום איז ער שוין געלעגן ביי א שווארצער גויע (א ניגערטע) אויפן שויס. האָט אים די ניגערטע געגעבן א וואָרף פון זיך מיט ביידע הענט, אזוי, אז ער איז אוועקגעפלויגן אויף דער צווייטער זייט באנק און דאָס קאפעליושל צו דער טיר. און טאָמער איז קארג, איז נאָך געוואָרן א געלעכטער אויך. דער גאנצער וואגאָן האָט געלאכט. איך און מיין חבר מענדל האָבן אויך געלאכט. האָבן מיר געכאפט א פסק פון דער מאמע און פון פיניעס ווייב טייבל, למאי מיר לאכן. גייט, זייט א בריה, אדרבא, און לאכט נישט!

ז.

אלצדינג אויף דער וועלט האָט אן עק. געקומען א סוף צו אונדזער אריינפאָר אין ניו-יאָרק. מיר זענען שוין אויף דער גאס. דאָ הייסט עס „סטריט“. ווען איך זאָל נישט וויסן, אז מיר זענען אין אמעריקע, וואָלט איך זיכער געמיינט, אז מיר זענען אין בראָד, אָדער אין לעמבערג. די אייגענע יידן, די אייגענע ווייבער, די אייגענע געוואלדן, דאָס אייגענע מיסט, וואָס דאָרטן. נישט מער, דער טומל מיטן הארמידער איז דאָ א סך גרעסער. און דער רעש איז שטארקער, הילכיקער. אויך די מויערן זענען העכער. א סך העכער. זעקס עטאזשן איז א געלעכטער. פאראן הייזער פון צוועלף עטאזשן. און פון צוואנציק. און פון דרייסיק. און פון פערציק. און נאָך העכער. נאָר וועגן דעם שפּעטער. דערווייל, זענען מיר מיט אונדזערע פעקלעך אויף דער סטריט. מיר האָבן נאָך א שטיק וועג צו גיין צופוס. דאָ הייסט עס — „וואָקן“. און מיר וואָקן. פריער וואָקט משה דער איינבינדער מיט זיינע קורצע פיס. נאָך אים וואָקט זיין ווייב פעסיע די גראָבע. קוים וואָס די פיס טראָגן זי. אזוי פעט און שווער איז זי. נאָך פעסיען וואָקן פיניע מיט זיין טייבל. פון פיניעס וואָקן קאָן מען בלייבן אָן א בויך לאכנדיק. פיניע, אז ער וואָקט, טאנצט ער אונטער מיט זיינע דינע לאנגע פיס, וואָס פארטשעפּען זיך איינער אין

דעם אנדערן. איין הויז אראָפּ, דער אנדערער ארויף. דאָס קאַ־
פּעליושל ארויסגערוקט. דאָס האלדז־טיכל אין צפון־זייט. א מאָדנע
פיגור, בעט זיך אויפן פּאפּיר. איך און מיין חבר מענדל וואָלטן
פון הינטן, שפּעטער פון אלעמען. מיר שטעלן זיך אָפּ במעט ביי
יעדן פענצטער. אונדז איז געפעלן, וואָס די אויפשריפטן זענען
אויף יידיש, און וואָס עס שטייען ארויסגעשטעלט אלע יידישע
זאכן: סידורים, טלית־קטנים, יארמלקעס, מזוזות, מצות — אין
מיטן דערינען, סאמע אין אָנהייב ווינטער, מצות! משמעות, א
יידישע שטאָט. לאָזט מען אונדז אָבער לאנג נישט שטיין. די
מאמע רופט אונדז: „אהער גייט!" — מוז מען גיין.

ח.

ווער עס האָט נישט געזען די ניו־יאָרקער סטריט — דער
האָט גאָר קיין שיינס נישט געזען. וואָס געפינט איר נישט אויף
דער סטריט? יידן האנדלען. ווייבער זיצן און שמועסן. קינדער
אין די וועגעלעך שלאָפן. „קערעדזשעס" הייסן, דאָ די וועגעלעך.
אלע קערעדזשעס האָבן איין פּנים. דאָ אויף דער סטריט האָדעוועט
מען די קליינע עופהלעך מיט מילך פון קליינע פלעשעלעך. גרע־
סערע קינדער שפּילן זיך. און שפּילן שפּילט מען זיך מיט טוי־
זנטערליי שפּילעכלעך: מיט קנעפּלעך, מיט רעדלעך, אין באַל, אין
וועגעלעך, אין שליטעלעך און אין „סקייטס". דאָס איז א מין זאך
אויף פיר רעדלעך, צוגעבונדן צו די פיס, און אויף דעם רעדלט
מען. מע קאָן טויב ווערן פון דעם געפילדער, וואָס די קינדער
הייבן אויף אויף דער סטריט. די סטריט געהערט צו די קינ־
דער. קיינער וועט נישט וואגן זיי פונדאנען צו פארטרייבן. און
בכלל איז אמעריקא א לאנד, וואָס איז באשאפן געוואָרן פאר די
קינדערס וועגן. און דערפאר האָב איך ליב דאָס לאנד. אנו, לאָז
עמעצער פּרווון אָנרירן א קינד מיט א פינגער! מיין ברודער
אליהו האָט דאָס פארזוכט אויף זיין אייגענער הויט. ער וועט שוין
פארזאָגן א צענטן. אזוי איז געווען די מעשה:

איינמאָל בין איך מיט מענדלען געווען אויף דער סטריט און
געשפּילט אין „טשעקעס". דאָס איז א שפּיל מיט קיילעכיקע
הילצערנע קנעפּלעך, וואָס מע שיסט מיט זיי. איז אָנגעקומען
סאמע אין רעכטן שפּיל מיין ברודער אליהו. האָט ער מיך, נאָך
דער אלטער מאָדע, אָנגעכאַפּט ביים אויער מיט איין האנט און
מיט דער אנדערער געווען גרייט מיר שענקען א פּאָר פיינע
פּעטש. וואקסט אויס א באָי, א „ווערגעלעץ", ווי פון אינטער דער

ערד. ער לויפט צו צו מיין ברודער און רייסט מיך ארויס פון זיינע הענט. דערנאָך פארקאטשעט ער די ארבל און זאָגט עפּעס צו אליהון אויף אמעריקאנער לשון. נאָר אזוי ווי מיין ברודער פארשטייט נישט קיין ענגליש, נעמט דער ווערגעלעץ און טראָגט אים אונטער א צוגעמאכטן קולאק גלייך אונטער דער נאָז. קלייבט זיך באלד צונויף א רעדל מיט מענטשן. און מיין ברודער פאר־ענטפערט זיך פאר זיי אויף יידיש, אז ער קער מיך אָן א ברודער, מעג ער דעריבער מיט מיר לערנען דרך־ארץ. זאָגן אָבער די צונויפגעלאָפענע, אז אין אמעריקע גייען נישט אָן די זאכן. א ברודער, נישט א ברודער, — שלאָגן א קלענערן פון זיך טאָר מען נישט...

גו, גייט האָט נישט ליב אזא לאנד!

ט.

דערווייל האָב איך מיך פאררעדט און גאָר פארגעסן, אז מיר זענען שוין געקומען אהינצוצו, ווו מיר דארפן זיך אָפּשטעלן. דאָס הייסט, ביי אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע און ביי איר מאַן משה דעם איינבינדער. ארייננגעקומען צו זיי אין שטוב, האָבן מיר נישט געטראָפן קיינעם פון דער כאליאסטרע. איך קוק זיך ארום אויף אלע זייטן. איך זוך מיט די אויגן מיין אמאָליקן חבר „ושתי“. נישטאָ נישט ושתי, נישט קיינער. ווו זענען זיי אהינ־געקומען אלע? וועט איר הערן א שיינס.

VII

# די כאַליאַסטרע אויף דער ארבעט

## א.

איך האָב אייך געהאַט דערציילט, אַז מיר זענען אַריינגעקו־מען צו אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע און צו איר מאַן משה דעם איינבינדער אין ניו־יאָרק. האָבן מיר פון זייער גאַנצער כאַ־ליאַסטרע קיינעם נישט געטראָפן אין דער היים. וואָס איז די מעשה? — די כאַליאַסטרע איז אויף דער ארבעט. נאָר איידער איך וועל אייך גיין דערציילן, וואָס פאַר אַן אַרבעט יעדער פון זיי האָט, באַדאַרף מען אייך פריער באַשרייבן, ווי אַזוי אַ ייד אַן איינבינדער פאַרגינט זיך צו זיצן אין אַמעריקע. ערשטנס, די שטוב. ביי אונדז אין שטעטל וואָלט פּעסיע די גראָבע גאָר מורא געהאַט אַרויפצוקלעטערן אַזוי הויך. מע גייט און מע גייט און מע גייט אפשר אויף הונדערט טרעפּ, ביז מע קומט אַריין אין אַ דירה־מלוכה. חדרים און חדרימלעך אָן אַ שיעור. דאָ הייסט עס „רומס“. אין יעדן רום — בעטלעך מיט קאָלדרעס, מיט פאָרהענגלעך אויף די פענצטער, און איין רום, וואָס מע רופט דאָס „קיטשן“. ביי אונדז הייסט עס קיך. נאָר קיין אויוון איז נישטאָ. אַן אייזערנע פּליטע מיט לעכער אויף צו קאָכן, און וואַסער צאַפּט זיך דאָ פון דער וואַנט. קאַלט וואַסער און הייס וואַסער — וויפל איר ווילט! איר דאַרפט נאָר געבן אַ דריי מיטן קראַן — און פאַרטיק.

ב.

שפּעטער, אַז מײַן ברודער אליהו און זײַן װײַב ברכה זענען געקומען צו אונדז געװױר װערן, װאָס מיר מאַכן, האָט אים אונדזער חבר פּיניע אָנגענומען פאַר אַ האַנט, אַרײַנגעפירט אין קיטשן, באַװיזן די צװײ קראַנען מיט װאַסער און איז אַרױס מיט לשון, װי פּיניע קאָן. ער האָט געזאָגט:

— װאָס זאָגסטו עפּעס, אליהו, אויף קאָלומבוסן? מעג נישט זײַן פּאַניע די כּפּרה פאַר זײַן מיגדסטן נאָגל, װאָס אַ חוץ בראָנפן און אַ חוץ פּאַגראָמען װײסט ער נישט װער עס האָט אים געשלײערט?...

װעט אים דען מײַן ברודער אליהו אָפּשװײַגן? רופט ער זיך אָן צו אים, צו פּיניען הײסט עס: „איצטער ביסטו שױן אינגאַנצן פאַר קאָלומבוסן. װאָס האָסטו אָבער געזאָגט פריער אַ ביסל, אויף עליס אײַלאַנד?“ פאַרענטפערט זיך פּיניע און זאָגט, אַז עליס אײַלאַנד געהער נישט צו אַמעריקע. עליס אײַלאַנד, זאָגט ער, ליגט אויף דער גרענעץ צװישן אַמעריקע און צװישן אויסלאַנד. זאָגט אָבער מײַן ברודער אליהו, אַז עס הײבט זיך גאָרנישט אָן. צעקריגט מען זיך, װי דער שטײגער איז בײַ די צװײ חברים. ביז עס מישט זיך אַרײַן ברכה און מאַכט צװישן זײ אַ שלום. זי זאָגט, אַז זײ װײסן בײדע מער פון אַ טויטן, און אַז דעריבער איז זײער קריגן זיך נישט װערט אַן אָפּגעריבענער גראָשן. נאָר איך האָב אײך אָנגעהויבן צו דערצײלן פון משה דעם אײנגבינדערס שטוב און בין אַרויף גאָר אויף אַנדערע זאַכן. האָט קײן פאַריבל נישט — מיר קערן זיך אום צו אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע און צו אירע קינדער, צו דער כאַליאַסטרע.

ג.

אַװדאי האָט זיך אונדזער משהן און אונדזער פּעסיען קײנמאָל נישט געחלומט אַזאַ גוטס, אַז זײ װעלן זיצן אין אַזאַ שטוב און האָבן רומס. אויף אַלצדינג אַ רום. אויף צו שלאָפן אַ רום, הײסט עס „בעד־רום“. און אויף צו עסן האָבן זײ אַ באַזונדער רום, װאָס מע רופט דאָס „דײַנינג־רום“. פאַרװאָס עפּעס דײַנינג־רום? ברעכן זיך אליהו און פּיניע די קעפּ און קאָנען נישט פאַרשטײן. מילא בעד־רום — װײַל דאָרטן שטײען בעטן. אָבער דײַנינג־רום —װאָס איז די טײַטש „דײַנינג“? פאַרװאָס נישט „עס־רום“? מישט זיך אַרײַן משה דער אײנגבינדער און זאָגט צו זײ:

— צי וואָס זאָלט איר זיך ברעכן אומזיסט דעם מוח? אבי איך בין א באַלעבאָס אין ניו־יאָרק, גאָט צו דאנקען, און מיינע קינדער ארבעטן אלע מיט גאָטס הילף, און מע מאכט א לעבן אין אמעריקע...

איך באקוק אָט דעם משה דעם איינבינדער און טראכט מיר: רבונו של עולם! ווי א מענטש בייט זיך איבער! אין דער היים האָט מען אים גאָרנישט געהערט רעדן אפילו. אומעטום און אלע מאָל איז געווען פּעסיע. ער האָט נאָר געוווסט מאכן פּאַפּ און קלעבן ספרים. און דאָ איז ער געוואָרן מיט א קאָפּ העכער. א קלייניקייט — א מענטש האָט נישט קיין שום דאגות! אלע קינ־דער ארבעטן און ברענגען געלט. איך וועל אייך אויסרעכענען איטלעכן ביי די נעמען, וואָס פאר אן ארבעט ער טוט און וויפל ער פארדינט. די מאמע איז מקנא אונדזער שכנה פּעסיע, וואָס גאָט האָט איר געשענקט אזוי פיל קינדער, קיין עין־הרע.

ד.

דער עלטערער בחור, קלעצל האָט ער געהייסן אין דער היים. דאָ הייסט ער סעם. פארוואָס עפּעס סעם? — ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אז ער פארדינט שוין געלט. ער איז אָנגעשטעלט אין „פּייפּער־באקס־פעקטארי“. איר ווייסט אָבער נישט מיט וואָס מען עסט דאָס, באדארף מען אייך פארטייטשן. דאָס איז א פאַ־בריק, ווו מע מאכט שאכטלען פון קארטאָן־פּאפּיר. מיינט נישט, אז דאָס איז אזא שווערער דזשאב (דזשאב הייסט א מלאכה). ער אליין בסך־הכל מאכט נאָך נישט קיין שאכטלען. ער צעטראָגט זיי נאָר. הייסט עס דאָ אויף זייער לשון: ער „דעליווערט“ זיי. דאָס הייסט, ער נעמט אין יעדער האנט א באנדל שאכטלען פון א צען טוץ און לויפט מיט זיי איבער די ענגע סטריטן, צווישן קארס און אויטאָמאָבילס. מע דארף אכטונג געבן, זיי זאָלן חלילה נישט צעקוועטשט ווערן. ער באקומט דערפאר דריטהאלבן טאָלער א וואָך און האָפט אויף א „רעיז“, דאָס הייסט, אויף א הוספה. ס׳איז מעגלעך, אז מיט דער צייט זאָל ער נעמען דריי טאָלער א וואָך. דאָס איז דערוויל, שפּעטער א ביסל, זאָגט אים צו דער באָס (א באַלעבאָס הייסט דאָ „באָס“), אז ער וועט אים אויס־לערנען די ארבעט, ווי אזוי צו מאכן די שאכטלען. ער זאָגט צו אים: „דו זיי נאָר א גוד באָי, וועסטו זיין אָלרייט“. אויף אונדזער לשון הייסט עס: „זיי א מענטש, וועסטו עסן אין סוכה“.

ה.

דאָס צווייטע בחורל, וואָס מע האָט אים אמאָל גערופן וועלוול קאָטער, און היינט הייסט ער שוין ווילי איז אויך א דעליווער־באָי, דאָס הייסט א ייִנגל, וואָס מע שיקט אים. ער איז אין א „גראָסערי־סטאָר“. ביי אונדז הייסט עס א „באקאליינע קלייט“. דאָס איז שוין א ביסל א שווערערער דזשאָב. מע דאַרף זיך פע־דערן גאַנץ פרי, אז גאָט אליין שלאָפט נאָך. מע דאַרף קודם אויס־סאָרטירן און אויספּאַקן אַלע אָרדערס. דערנאָך צעטראָגן די באָנדלעך צו די קונים. דאָ הייסן זיי „קאָסטאָמערס“. אין די באָנדלעך געפינען זיך זעמעלעך, פּוטער, קעז, אייער, צוקער, מילך, קרים — סמעטענע הייסט עס. מע דאַרף זיך מיט דעם דראַפּען אויף צוויי הונדערט טרעפּ אויף דעם „טאָפּ־פלאָר“, דאָס הייסט, גאַנץ אויבן אונטערן דאַך. און דאָס באַדאַרף אָפּגעטאָן ווערן גיך אין איין אָטעם; וואָרום ער דאַרף נאָך קומען צוריק אין סטאָר צוקערן דאָס מיסט, אויפראָמען און טאָן נאָך עפּעס אַן אַרבעט ביז האַלבן טאָג. נאָך האַלבן טאָג איז ער פריי. באַקומען באַקומט ער נישט קיין סך. אינגאַנצן פיפצן סענט א טאָג, א חוץ פּרייזיק, פּרייזיק באַקומט ער א גאַנצן קוואָדער מיט א חלה אויף שבת.

ו.

דאָס, וואָס איך האָב אייך דערציילט אויבן, קער זיך אָן מיט די גרעסערע בחורים. די קלענערע לאָזט מען דאָ נישט אַרבעטן אין דער פרי. מחמת דאָ, אין אַמעריקע, מוזן קליינע קינדער לער־נען, גיין אין סקול. דאָס הייסט, אין חדר אַריין. אַנישט — טוט זיך חושך. און לערנען לערנט מען אומזיסט. און מע גיט אייך נאָך צו ביכער אויך. אונדזער חבר פיניע, אַז ער האָט דאָס דער־הערט, איז ער געוואָרן אויסער זיך. ער האָט זיך דערמאָנט אַז ביי אונדז, אין דער היים, לאָזט מען גאָר יידישע קינדער נישט אַריין אין גימנאַזיע. און דאָ, אין אַמעריקע, שלעפּט מען אייך מיט געוואַלד. אַנישט — וועט איר צאָלן שטראָף. „צוליב דעם אַליין, זאָגט פיניע, וואָלט זיך פּאָניע געמעגט באַגראָבן א לעבעדיקער אין דער ערד אַריין!“...

נאָר אזוי ווי אין סקול גייט מען נאָר א האלבן טאָג, קאָן מען דעם אנדערן האלבן טאָג עפּעס טאָן און פאַרדינען א פּאָר טאָלער. טוען זיי טאקע אזוי, פּעסיעס קלענערע קינדער. איינער, אָט דער וואָס מע רופט אים טשערנאָהוז, ארבעט אין א אפּטייק. דאָ הייסט עס א „דראָג־סטאָר". ער וואשט פלעשלעך, גייט אין פּאָסט־אפיס נאָך מארקעס. דאָ הייסט עס „סטעמפּס" און עס פארקויפט זיך אין דער אפּטייק. ער באקומט פאר זיין ארבעט, נאָר פאר א האלבן טאָג, א טאָלער מיט א קוואָדער א וואָך. „עס גייט נישט צופוס" — זאָגט משה דער איינבינדער און נעמט צו ביי אים דאָס געלט.

ז.

פּייטל פּעטעלעלע, דאָ הייסט ער שוין פיליפּ, גייט אויך א האלבן טאָג אין סקול, און דעם אנדערן האלבן טאָג פּעדלט ער מיט יידישע גאזעטן. דאָ הייסט עס „פּייפּערס". ער לויפט ארום אויף איסט־בראָדוויי — אזא סטריט — און שרייט: „פּייפּערס, פּייפּערס!" און רופט דערביי אוים דעם נאָמען פון יעדן פּייפּער. ער מאכט דערפון פון פערציק ביז פופציק סענט א טאָג, און אמאָל מער אויך. פארשטייט זיך, אז דאָס גייט אויך אוועק צום פּאָטער אין טאָפּ אריין. אלע פארדינען, און דער איינ־בינדער האלט זיי אלעמען אוים.

ח.

אלע פארדינען, אפילו מיין חבר הערשל, דער וואָס מיט דער גולקע און וואָס מע רופט אים דערפאר „ושתי". דאָ הייסט ער שוין נישט ושתי און נישט הערשל, נאָר הערי, און לערנט אין סקול. דעם אנדערן האלבן טאָג נאָך דער סקול שטייט ער ביי א סטענד אין ריווינגטאָן סטריט ביי א באקאנטער יידענע, טאקע פון אונדזער שטעטל, און העלפט איר פארקויפן רייז, גרויפּן, הירזש, ארבעס, בעבעלעך, ניס, ראָזשינקעס, מאנדלען, פייגן, טייטלען, באָקסערן, און זייערע אונערקעס אויך. קיין סך ארבעט דערביי האָט ער נישט. ער דארף נאָר אכטונג געבן, מע זאָל נישט צעשלעפּן. וואָרום א יידענע, אז זי גייט צו פרעגן אויף גרויפּן, כאפּט זי אריין דערווייל א ראָזשינקע, אָדער א מאנדל, אָדער א

טייטל אין מויל אריין. דערפאר כאפט ער אָבער אליין אָפּטלעך אריין פון די זיסע זאכן. ושתי אָדער הערדי וועט מיר נישט פארלייקענען. ער האָט זיך מיר מודה געווען, אז ער האָט זיך איינמאָל אזוי צוגעכאפּט צו די ראָזשינקעס, אז עס האָט אים נאָכדעם דריי טעג ווי געטאָן דער בויך. באקומען באקומט ער פאר זיין ארבעט גאָרנישט. בלתי נאָר דאָס, וואָס עס פאלט אים אריין פאר העלפן אָפּטראָגן א קאָסטאָמער. קריגט ער דערפאר א פּעני אָדער צוויי. און אמאָל א ניקל — פינף סענט. ביי אונדז הייסט עס „נא טשאי“. דאָ הייסט עס א „טיפּ“. דאָס ברענגט אים אריין ביז א טאָלער א וואָך. אין דער היים האָט ושתי קיין קאָפּיקע קיינמאָל נישט געזען אין חלום אפילו. סיידן פורים ביי שלח-מנות פאנאנדערטראָגן. איז אָבער פורים נאָר איינמאָל אין יאָר. און דאָ איז ביי אים פורים אלע טאָג. אלע טאָג פארדינט ער געלט.

— קאָלומבוס! — ביסט ווערט, מע זאָל דיך אָפּגילטן! — האָט געזאָגט אונדזער חבר פּיניע, ווען ער איז דורכגעגאנגען פארביי ריווינגטאָן סטריט און דערזען ושתין ביים סטענד. ער האָט אים געגעבן צו לייזן דריי סענט פאר באָקסערן און איין סענט ושתין „נא טשאָק“, אָדער א „טיפּ“, ווי עס הייסט דאָ, אין אמעריקע.

ט.

און משה דער איינבינדער אליין זיצט אויך נישט ליידיק. ער פארנעמט זיך נישט מיט איינבינדעריי, ווי אין דער היים. מחמת דאָ, אין אמעריקע, זאָגט ער, דארף מען צו דער מלאכה האָבן א ממון מיט געלט אויף צו דינגען א סטאָר, קויפן אינסטרו- מענטן און האָבן באקאנטשאפט. און ווידער, זאָגט ער, זיין א „האנט“ ביי יענעם, דאָס הייסט גיין דינען — איז שוין נישט די יאָרן. האָט מען אים געגעבן אן עצה — צווישן יידן ווערט מען נישט פארפאלן, — אז ער זאָל זיך איינפּיקסן א סטענד פון ספרים, ביכער און ביכלעך אויף עסעקס סטריט, וועט ער מאכן א לעבן. אונדזער חבר פּיניען איז דאָס אזוי געפעלן, אז ער זאָגט, ער וואָלט אויך א בעלן געווען האָבן אזא פּרנסה. און געפעלן איז דאָס אים, זאָגט ער, דערפאר, ווייל ארום דעם וואָס מע גייט שמירט מען זיך. פּיניע האָט ליב ספרים און ביכער, ווי א פיש האָט ליב וואסער. ער, אז ער כאפּט זיך צו צו א בוך און שטעקט אריין דעם שפּיץ נאָז, וועט איר אים נישט אָפּרייסן.

## י.

און אפילו אונדזער מחותן, יונה דער בעקער, פארנעמט זיך אויך נישט מיט זיין פריערדיקער מלאכה, דאָס הייסט, מיט בעקעריי. פארוואָס? אלץ די אייגענע מעשה. אויף צו עפענען א בעקעריי באדארף מען, זאָגט ער, דאָ האָבן ראָטשילדס פארמעגן. און אויסער דעם, באדארף מען, זאָגט ער, באלאנגען צו דער „יוניע". און ער איז דערויף, זאָגט ער, שוין צו אלט. און גיין ארבעטן ביי יענעם נישט אין א „יוניע" האָט ער מורא, אז מאָמער מאכט זיך א סטרייק — און דאָס איז אין אמעריקע אלע טאָג, — קאָן ער קריגן א צעשפּאָלטענעם קאָפּ. וואָסזשע טוט מען? איז דאָך שלעכט. האָט מען אים געגעבן אן עצה, אז קיין ברויט און חלה זאָל ער טאקע נישט באקן. נאָר וואָס דען? — קנישעס! היימישע קנישעס. מילכיקע מיט קעז, אָדער פארעווע מיט קרויט. און וואָס זאָלט איר קלערן — אונדזער מחותן מאכט נישט שלעכט. גאָרנישט שלעכט! זיינע קנישעס האָבן א שם אויף דער איסט־סייד. אז אירט גיין אויף עסעקס סטריט, וועט איר דערזען אָנגעשריבן אויף א פענצטער מיט גרויסע אותיות אויף יידיש: ב כ א ן פ א ר ק ו י פ ט מ ע ן ה יי מ י ש ע ק נ י ש ע ס — זאָלט איר וויסן, אז דאָס איז אונדזער מחותן, מיין ברודער אליהום שווער, יונה דער בעקער. און מאָמער וועט איר זען טאקע אויף דער אייגענער סטריט, אקוראט אקעגן, אויך א יידישן אויפשריפט און אויך מיט גרויסע אותיות: ב כ א ן פ א ר ק ו י פ ט מ ע ן ה יי מ י ש ע ק נ י ש ע ס — זאָלט איר וויסן, אז דאָס איז שוין נישט אונדזער מחותן יונה דער בעקער. דאָס האָט מען שוין געמאכט אים א קאָנקורענציע. זאָלט איר אהינצו נישט גיין. גיין זאָלט איר בעסער צו אונדזער מחותן, צו מיין ברודער אליהום שווער. א סימן וועט איר האָבן, אז איר וועט ארייַנקומען, וועט איר באלד דערקענען אונדזער מחותן — ער איז א בייזער. און אויב איר וועט נישט דערקענען אים, וועט איר דערקענען זי, אונדזער מחותנתטע, ריוועלע די בעקערין. זי איז מיט א גוידער און טראָגט קארעלן. און מיין שווענגערין ברכה וועט איר דאָך געווים דערקענען. זי האָט גרויסע פיס. און איר קליין שוועסטערל, א ראבעטינע מיידל מיט א צעפל, דרייט זיך דאָרט ארום. זי הייסט אלטע, און מע האָט זי מיר אמאָל געהאט גערעדט פאר א כלה. נאָר פון איר וועלן מיר שמועסן אן אנדערש מאָל.

VIII

# מיר זוכן א דזשאב

## א.

מע קאָן נישט באקלאָגן זיך. מיר זענען זייער אָנגעלייגטע געסט ביי אונדזער שכנה פעסיע די גראָבע און ביי איר מאַן משה דער איינבינדער, און עס איז אונדז דאָרט גאָרנישט שלעכט. און פריילעך איז אויך גענוג. ווער שמועסט זונטיק, דער טאָג, וואָס די כאַליאַסטרע איז פריי, — דעמלט איז א לעבן. מיר נעמען זיך צונויף אלע, גאַנץ קליינוואַרג — און מיין חבר מענדל אויך מיט אונדז — און מיר גייען אוועק אין טעאַטער אריין. איך מיין דאָס די „מוווינג־פיקטשורס“. עס קאָסט א ניקל א פּארשוין, און איר זעט זיך אָן אזעלכע וואונדירים, אז דער קאָפּ דרייט זיך אזש! איך זאָל זיין דעם קייסערס א זון, אָדער דזשייקאָב שיפס אן אייניקל, וואָלט איך גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט געלעגן אין די מוווינג־פיקטשורס. איך וואָלט גאָר קיינמאָל נישט ארויסגעקראָכן פון דאָרטן. מיין חבר מענדל אויך דאָס אייגענע. און ושתי, דער וואָס הייסט שוין היינט הערי, אויך אזוי. גייט זשע אָבער רעדט מיט מיין ברודער אליהו, זאָגט ער, אז ס'איז א שטותעריי. ס'איז גאָרנישט, זאָגט ער. ס'איז פאַר קינדער. פרעגט זיך א קשיא: ווי באלד, אז פאַר קינדער, פאַרוואָס זשע רייסט זיך אהין אונדזער חבר פיניע? און זיין ווייב טייבל? און מיין שווענעריין ברכה? האָט מיין ברודער אויף אלצדינג א תירוץ. די ווייבער, זאָגט ער, האָבן אזוי פיל שכל וויפל די קינדער. און פיניע, זאָגט ער, רייסט זיך אהין נאָר אים, אליהון, אויף צו להכעיס. דער שפּיץ איז געווען, אז אליהו האָט אזוי לאַנג

גערעדט, ביז ער איז איינמאָל אין אַ זונטיק אויך מיטגעגאַנגען מיט אונדז. פֿון דעמלט אָן לאָזט ער גישט דורך קיין איין זונטיק און גייט אין די מווינג־פּיקטשורס. מיר גייען אַלע. יונג און אַלט. קליין און גרויס. אפֿילו פּעסיע אין משה און אונדזערע מחותּנים — אַלע, אַלע. נאָר די מאַמע גייט נישט. „איר מאַן, זאָגט זי, וועט ליגן אין דער ערד, און זי וועט גיין אין טרעיאַטער — נישט דערלעבן וועלן דאָס, זאָגט זי, אירע שונאים“!...

ב.

עס איז נישט שלעכט ביי אונדזערע שכנים. טאַקע גאָר־גאָר נישט שלעכט. עס איז אָבער נישט קיין תּכלית כּסדר זיין ביי יענעם אַ גאַסט. מע באַדאַרף עפּעס זען אַ מועכץ, „טרייען אַ דזשאָב“. און אַמעריקע באַדאַרף יעדער „מאַכן אַ לעבן“ אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. ער גייט אַרום פֿאַרזאָרגט מער פֿון אַלעמען. ער קומט אַלע טאָג צו אונדז פֿון זיין שווער יונה דעם בעקער און זעצט זיך אַוועק מיט דער מאַמען רעדן וועגן תּכלית. ברכה זיצט אויך דערביי. און אונדזער חבֿר פּיניע איז אויך דאָ. ער, פּיניע, האָט פּלאַנען און פּראָיעקטן אָן אַ שיעור. נאָר אַלע זיינע פּלאַנען טויגן אויף כּפּרות. דאָס הייסט, טויגן טויגן זיי, נאָר זיי געפֿעלן נישט מיין ברודער אליהו. און טאָמער געפֿעלט עס אליהון, געפֿעלט עס נישט ברכהן. למשל, פּיניען איז געקומען אַ געדאַנק, אַז ער און אליהו און ברכה און טייבל זאָלן אַלע פֿיר גיין אַרבעטן אין שאַפּ און ווערן שניידערס. דאָס הייסט, נייען אויף דער מאַשין. דאָ רופֿט מען דאָס „אָפּערייטערס“. זאָגט אָבער ברכה, אַז ס'איז נישט כּדאַי געוועזן צוליב דער שייגער מלאָכה אַוועקוואַרפֿן די היים, זיך איינשטעלן דאָס לעבן איבערן ים און ווערן שניידערס אויף דער עלטער. ענטפֿערט איר דערויף אליהו, אַז ער ווייסט נישט וואָס איז שענער — פֿאַר־קויפֿן קנישעס אויף עסעקס סטריט, אָדער אַרבעטן ביי דער מאַ־שין? ווערט ברכה אָנגעצונדן, למאַי אליהו וואַרפֿט איר אויס קנישעס. זי גיט אים אָנצוהערעניש, אַז ווען נישט איר טאַטנס קנישעס אויף עסעקס סטריט וואָלטן זיי אַלע געשטאָרבן פֿאַר הונגער...

## ג.

אונדזער חבר פּיניען האָב איך ליב פאַר זיין רעדן. ער, אַז ער צעהיצט זיך, איז אַ חיות צו הערן. אויסגעהערט אַלע־מענעם טענות, כאַפּט ער זיך אויף, מאַכט מיט ביידע הענט און לייגט אוועק אַ מענה־לשון. איך געדענק איטלעכס וואָרט. אָט ווי אַזוי פּיניע האָט גערעדט:

— אָ! איר פּינצטערע, ווילדע מענטשן וואָס איר זענט! אין אייך ליגט טיף איינגעוואָרצלט דער גלות פון יענעם וויסטן לאַנד פון פּאָניע, ימח שמו וזכרו! אַמעריקע איז אָבער נישט חזיר־לאַנד! אַלע מיליאָנערן און מיליאַרדערן אין אַמעריקע האָבן יונגערהייט געאַרבעט שווער און ביטער. ווער אין אַ שאַפּ, און ווער אויף דער סטריט. פרעגט ביי ראָקענפעלער, קאַרנעגי, מאָרגען, וואַנדערבילד, וואָס זענען זיי געווען אַמאָל? צי האָבן זיי נישט געקערט די סטריט? צי האָבן זיי נישט אַרומגעטראָגן קיין פּייפּערס אויף צו פאַרקויפן? צי האָבן זיי נישט געפּוצט פרעמדע שיך פאַר אַ ניקל? צי נעמט, למשל, דעם קעניג פון אויטאָמאָבילן, מיסטער פאָרד — פרעגט אים, צי איז ער נישט געווען אַמאָל אַ שאָפער, אַן אָנטרייבער? אָדער נעמט גאָר די גרויסע מענטשן, אַשטייגער, אַ וואַשינגטאָן, אַ לינקאָלן, אַ רוזוועלט — זענען זיי דען געבוירן געוואָרן גרויסע מענטשן, פּרעזידענטן? צי אַפילו דער איצטיקער פּרעזידענט ווילסאָן, זאָל ער מיר מוחל זיין, איז נישט געווען קיין מלמד?...

## ד.

דאָס קאָן שוין מיין ברודער אליהו נישט פאַרטראָגן. ער האַקט איבער אונדזער חבר פּיניען סאַמע אין מיטן:

— ע, פּיניע, דו רעדסט שוין על ה׳ ועל משיחו און אויף „ננתקה“, דו פאַרגעס נאָר נישט, אַז דערווייל איז ווילסאָן מלך...

נאָר פּיניע, אַז ער צעהיצט זיך, איז געפערלעך. ער לאַכט זיך אויס פון מיין ברודער אליהו:

— כאַ־כאַ! מלך? וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? נישטאָ קיין מלך אין אַמעריקע! אַ פרייע מדינה! אַ דעמאָקראַטי־טשעסקע!...

— בקיצור, איז נישט קיין מלך, איז ער פּרעזידענט, וואָס איז די נפקא־מינה? — פּרוּווט זיך אליהו. און פּיניע האַקט אים אָפּ:

— ס'א גרויסע נפקא־מינה! פון מלך ביז פּרעזידענט איז אזא הילוק, ווי פון „יכבה" ביז „יבבה!" א מלך איז א מלך, און א פּרעזידענט איז א פּרעזידענט! א מלך איז בירושה, און א פּרע־זדענט קלויבט מען אוים. ווילן מיר — איז ווילסאָן פּרעזדנט אויף נאָר פיר יאָר, ווילן מיר נישט — איז ער צוריק א מלמד. און ראָס ווייסטו, אז אין עטלעכע יאָר ארום קאָן איך אויך זיין א פּרעזידענט?

— דו? א פּרעזידענט?...

— איך — א פּרעזידענט!...

ה.

זינט איך קען מיין ברודער אליהו האָב איך אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אזוי לאכענדיק, ווי איצט. מיין ברודער אליהו, ווייסט איר דאָך, איז בכלל א מענטש א פארזאָרגטער, א מרה־שחורהניק. זעלטן ווען איר זעט אים, ער זאָל לאכן. און אפילו אז ער לאכט, איז אויך נאָר מיט א האלבן מויל. איצטיקס מאָל איז עפּעס אָנגעפאלן אויף אים אזא געלעכטער, אז מיין מאמע האָט זיך אזש איבערגעשראָקן פאר אים. עס איז אָבער טאקע געווען פון וואָס צו לאכן. מע האָט באדארפט נאָר א קוק טון אויף אונדזער חבר פּיניען, ווי אזוי ער האלט די הענט אין די קעשענעס פון זיינע שמאָלע הויזן, וואָס קוים זיי כאפּן ארום די בייע גרויסע אמעריקאנער שיך, אויפן האלדז־טיכל, וואָס טייבל מאכט אים אלע מאָל צורעכט, ס'זאָל ליגן גלייך, און עס פּאָלגט נישט, כאָטש גיב דעם א קרענק, און אויף זיין הארט קליין אמע־ריקאנער קאפּעליושל, וואָס וויל נישט זיצן אויף איין אָרט, און דער עיקר — אויף זיינע קורצזיכטיקע אויגן מיט זיין שפּיציקער נאָז, וואָס קוקט־אראָפּ אין מויל אריין.

— רבונו של עולם! אָט דאָס וועט זיין אמאָל א פּרעזידענט?... זייט א בריה און לאכט נישט!

ו.

גוט אָנגעלאכט זיך, רופט זיך אָן מיין ברודער אליהו צו דער מאמען אזוי:

— מילא, אונדז האָט שוין אונדזער פּיניע באוואָרנט. מיר גייען אלע אין שאפּ און ועלן גייען קליידלעך אויף דער מאשין.

און פיניע אליין איז דאָ אוודאי שוין א באוואָרנטער מענטש — ער וועט דאָך זיין, אם ירצה השם, א פּרעזידענט... וואָס טוט מען אָבער מיט אונדזער קליינוואַרג?

דאָס מיינט ער מיך און מיין חבר מענדל. ער קאָן נישט ליידן, וואָס מיר גייען ארום בטל. ער איז אין כעס סכנות, למאי מיר דרייען זיך ארום איבער דער סטריט און שפּילן אין „באָל" אָדער אין „טשעקעס" (ביי אונדז הייסט עס „מיאטש" און קנעפּלער). ער האָט זיך א פּרווו געטאָן מיך אָנצונעמען ביים אויער, געדענקט איר דאָך, וואָס פאר א מיאוסן פּסק ער האָט געכאַפּט פון א „ווערגעלעץ", וואָס האָט אים צוגעשטעלט א קולאק גלייך אין נאָז אריין — ער זאָל וויסן, אז אין אמעריקע קאָן מען זיך „פייטן", דאָס הייסט שלאָגן. נאָר מיט א גלייכן.

— וואָלט איר שוין געהאט אזא דאגה מיט זיך, ווי איר האָט א דאגה מיט די קינדער!... — רופט זיך אָן משה דער איינבינדער און דערמיט גיט ער אונדז אָנצוהערעניש, אז מיר זענען טאקע זייער ווילע געסט, נאָר ס'איז שוין צייט, מיר זאָלן עפּעס טאָן, עפּעס אליין פארדינען אונדזער שטיקל ברויט...

ז.

הייגט אונדז, מיינט איר, איז דאָס איינגענומען צו זיצן ביי יענעם אויף לאסקאַווע ברויט? מיין מאמע העלפט ארוים פּעסיען אין קיטשן. זי באקט און קאָכט און וואשט און רוימט. אונדזער חבר פיניעס וייב טייבל פארבעט די בעטן און קערט אוים די רומס. פיניע אליין העלפט משה דעם איינבינדער אויפן סטענד ביי די ספרים. כאָטש דעם אמת זאָגן, איז פון פיניעס הילף נישטאָ א סך צו ווארטן. וואָרום פיניע, אז ער דערזעט ספרים, איז אים נישט אָפּצורייסן. שטעקט ער אריין די נאָז אין א בוך — איז א גוטן טאָג! דאָס אליין וואָלט נאָך אויך נישט אויסגעמאכט. האָט ער א טבע — ער דראקעט. גאָט האָט אים צוגעשיקט א פּאָנטאַן־פּען, וואָס די טינט גייט נישט אוים אייביק און אייביק. פּאַפּיר איז דאָ וואָלוול, וועלוועלער פון באָרשטש, — זיצט ער און דראקעט.

דו לערנסט זיך שרייבן? — פרעגט אים אליהו. נאָר פּיניע ענטפערט אים נישט. ער לייגט צונויף דאָס אָנגעשריבענע און באהאלט עס וייט־וייט און די זייט־קעשענעס פון פּידזשאק פון ביידע זייטן, און ער זעט אוים ווי געשוואָלן.

ח.

מיר, איך, און מיין חבר מענדל, זיצן אויך נישט ליידיק. ביז מיר וועלן אמאָל קריגן א דזשאב, העלפן מיר אוים דער כאַ־ליאסטרע ווי ווייט מעגלעך. איך העלף דעם עלטערן באַי קלעצל, וואָס מע רופט אים איצטער „סעם", ביים צעטראָגן די פּעקלעך פון די פּייפּער־באקסעס. און מיין חבר מענדל רייבט זיך אמאָל ארום וועלוועלען, וואָס הייגט הייסט ער „ווילי", אין דער באקאלייגע סטאָר, און אמאָל ארום פּיטלען, וואָס מע רופט אים היינט פילים, דער וואָס פּעדלט מיט יידישע „פּייפּערס". פאר אונדזער ארבעט באקומען מיר פון זיי נישט קיין שום געצאָלט, א חוץ גאָר, וואָס זיי נעמען אונדז זונטיק אויף זייערע הוצאות אין מע־אטער, איך מיין, אין די מוווינג־פּיקטשורס; און אז מיר גייען ארויס פון די מוווינג־פּיקטשורס, זענען זיי אונדז מכבד מיט „מאראָזשענע". דאָ הייסט עס „אייז־קרים", אין מע עסט דאָס אָדער מיט צוויי שטיקלעך ביסקוויט, וואָס זעט אוים ווי א פּורימדיק פּלעדל, אָדער מע טרינקט עס מיט סאָדע־וואסער. דערנאָך „נעמען מיר א וואָק", א שפּאציר הייסט עס, און פּארק. און פּארקן זענען דאָ אין ניו־יאָרק א סך, און אומעטום לאָזט מען אייך אריין אומזיסט, אָן געלט. אמעריקע איז שוין איין מאָל א לאנד! וווהין איך וויל — אהין גיי איך, און וואָס איך וויל — דאָס טו איך.

ט.

האָב איך צייט, כאפּט איך זיך אראָפּ צו מיין אמאָליקן חבר ושתי (היינט הייסט ער שוין הערדי). איז אָבער זיין באָסיכע (באלעבאָסטע) פונעם סטענד נישט צופרידן. זי האָט באמערקט, אז ושתי רוקט מיר אונטער אמאָל א באָקסער און אמאָל א פּאָר ראָזשינקעס מיט מאנדלען. „צוויי נאשערס, זאָגט זי, קאָן איר סטענד נישט פארטראָגן"... גיי איך שוין מער נישט צו ושתין, צו הערדין הייסט דאָס. איך װארט ביז ער קומט אויף דער נאכט אהיים, ברענגט ער מיר אלע מאָל צו טראָגן עפּעס אין קעשענע אויף צו נעמען אין מויל אריין. דערזעט ברכה אז איך קיי, שטעלט זי מיר צו א בענקעלע פאר מיין ברודער אליהו. פרעגט מיך אליהו, וואָס איך קיי? זאָג איך: „טשאָינגאָם". אָט דאָס, וואָס אלע קייען אין אמעריקע, זאָגט ברכה, אז עס קערט זיך איר איבער די גאל פון דעם קייען וואָס מע קייעט דאָ.

זאָגט איר אליהו: „עלעהיי, זאָל זיך דיר דאכטן, אז בהמות מאַ־
לעניירען"... קאָן דאָס פּיניע נישט ליידן, למאי אליהו פארגלייכט
די אמעריקאנער צו בהמות. ער זאָגט:

— דו נעמסט א פאָלק, דאָס ערשטע, דאָס גרעסטע, דאָס
קליגסטע און דאָס פרייסטע פאָלק אין דער וועלט, און פארגלייכסט
זיי צו, להבדיל, בהמות?!... איך וואָלט א בעלן געווען, זאָלסט
מיר זאָגן נאָר איין זאך — וואָס וואָלט פון אונדז געווען, ווען
קאָלומבוס זאָל חלילה נישט געווען אנטדעקן אמעריקע?

— וואָלט עס אן אנדערער אנטדעקט! — ענטפערט אים אָפּ
מיין ברודער אליהו גאָר פראָסט און דווקא נישט לאנג געטראכט.

י.

דאנקען השם יתברך, איך קאָן אייך אָנזאָגן א בשורה —
מיר האָבן שוין א דזשאב. מירן שוין נישט דארפן מער ארומגיין
ליידיק. מירן שוין נישט דארפן אָנקומען צו לאסקאווע ברוינס.
מיר ארבעטן שוין אין שאפּ. דאָס הייסט, נישט איך און נישט
מיין חבר מענדל. אונדז נעמט מען נישט. מיר זענען נאָך צו
יונג. אין שאפּ גייען ארבעטן דערוויילע צוויי פון אונדזער משפּחה:
מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע. וואָס הייסט ארבעטן
אין שאפּ, און ווי אזוי ארבעט מען דאָרט? — דאָס גיי איך
אייך דערציילן.

# IX

# מיר ארבעטן אין שאפּ

## א.

ווי אזוי מען ארבעט אין שאפּ — קאָן איך אייך אקוראט נישט זאָגן. וואָרום איך ווייס אליין נישט. מע לאָזט מיך נאָך אהינצו נישט אריין. וואָרום איך בין נאָך נישט בר־מצווה. איך ווייס נאָר דאָס, וואָס איך הער פון מיין ברודער אליהו און פון אונדזער חבר פּיניע. אלע אויפדערנאכט, אז זיי קומען אהיים פון שאפּ, דערציילן זיי אונדז חידושים ונפלאות. זיי קומען אלע מאָל אויסגעמאטערט און הונגעריק. און מיר זעצן זיך עסן וועטשערע. ־אָ הייסט עס „סאפּער“. ברכה האָט פיינט אָט דאָס וואָרט, אזוי ווי אן ערלעכער ייד האָט פיינט חזיר. נאָך א וואָרט איז פאראן, וואָס מיין שוועגערין קאָן נישט אריבערטראָגן. דאָס איז א „ווינדע“. א ווינדע הייסט דאָ א פענצטער. זאָגט ברכה דערויף: „ווינד און ווי זאָל זיין צו זיי“... הייַנט קאָן זי נישט הערן, אז מע זאָגט „סטאקינגס“. איר וועט קיינמאָל נישט פאלן דערויף, אז סטאקינגס זענען זאָקן. אָדער אשטייגער, וואָס וועט איר זאָגן אויפן וואָרט „דישעס“? דאכט זיך, אז „פּאָסודע“, זאָגט ברכה, איז א סך שענער? אָדער וואָס קאָן זיין פּשוטער פון א „לעפל“? גיין. לווינט זיי נישט. ביי זיי קומט אויס, אז א לעפל איז א „ספּון“. נישט אומזיסט זאָגט ברכה א ווערטל (זי האָט זיך אירע אייגענע ווערטלעך): „אמעריקע איז א לאנד, סטייק איז א מאכל, פּאָרק איז א גאָפּל און ענגעלש איז א שפּראך“...

## ב.

מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע ארבעטן אין צוויי באזונדערע שעפּער. איינער איז אַן „אָפּרייטער". דאָס הייסט, מחילה, א שניידער. דער אנדערער איז א „פּרעסער". אַן „אָפּרייטער" דארף נישט גייען מיט די הענט. ער שטעפּט ביי דער מאשין. דאָס דארף מען אָבער אויך קאָנען. עס שטעפּט זיך נישט אליין. ווי זשע קומט דאָס צו מיין ברודער אליהו, אז אונדזער טאטע, און אונדזער טאטנס טאטע, און אונדזער טאטנס טאטנס טאטע איז קיינמאָל קיין שניידער נישט געווען און א מאשין קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען? מיר שטאמען, זאָגט די מאמע, פון לייטער חזנים, רבנים און שמשים. איז דאָך שלעכט! איז דאָס אָבער אמעריקע. אין אמעריקע איז נישטאָ א זאך, וואָס א מענטש זאָל נישט קאָנען. אין אמעריקע לערנט מען זיך אוים. א סימן האָט איר — למאי א רב? זיין א רב דארף מען דאָך אוודאי קאָנען. א רב מוז כאָטש קאָנען פּסקענען שאלות. פונ־דעסטוועגן זענען פאראן אין אמעריקע רבנים, דאָ הייסן זיי „רעווערענטן", וואָס אין דער היים זענען זיי געווען קצבים. מיין ברודער אליהו האָט זיך דאָ באקענט מיט א מוהל, מיט א רעווערענט, וואָס מע נעמט אים אויף בריתן. אין דער היים איז ער געווען א שניידער, און נאָך א דאמסקע דערצו!

פרעגט אים אליהו: היתכן?"...

ענטפערט ער אים: „אמעריקע!"...

## ג.

ווי אזוי האָט זיך מיין ברודער אליהו אויסגעלערנט שטעפּן?

— למאי ווי אזוי איז דער דאמסקע שניידער געוואָרן א מוהל? איז אליהו געבעך טאקע גוט אויסגעריסן געוואָרן. מע האָט אים געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין מיט דער מאשין. איז ער דורכגעגאנגען עטלעכע מאָל הין און צוריק און איז געוואָרן אָלל־רייט. אויף מאָרגן האָט ער שוין געשטעפּט. מאָלט אייך, אז אָך און ווי איז געווען צום שטעפּן. נאָר גוט איז דאָס. למאי פּיניע האָט דאָס אויך נישט געקאָנט באווייזן? נישט מחמת ער האָט זיך געפוילט ארבעטן. חס וחלילה! פּיניע וועט אייך גיין ארבעטן טאטשקע־ארבעט — אבי מאכן א לעבן אין אמעריקע. איז די צרה, וואָס ער האָט א נידעריקע ראיה

און טוט אַלצדינג כאַפּענדיק. מע האָט אים אויך אָוועקגעזעצט בײַ דער מאַשין, ווי מײַן ברודער אליהו. מע האָט אים אויך געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין הין און צוריק מיט דער מאַשין. האָט זיך געטראָפן מיט אים אַן אומגליק. דאָ ווערט דאָס אָנגערופן „אַן עקסידענץ“. אונדזער חבר פּיניע האָט אין אײַלעניש פאַרשטעפּט דעם פּידזשאַק און האָט צוגעשטעפּט דעם לינקן אַרבל צו דער מאַשין. אַ גליק כאָטש, וואָס נישט די האַנט. ווײ-ווײ, וואָס מע האָט זיך אָנגעלאַכט פון אים! חברה שנײַדערס האָבן אויפגעהויבן אַ הוררא! „גרינהאָרן“ האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן. גרינהאָרן איז די טײַטש אַ גרינער. און אַ גרינער הייסט אַזעלכער, וואָס איז נאָר-וואָס אַראָפּגעקומען פון דער היים און ווייסט נישט, ווו אַ טיר עפנט זיך. גרינהאָרן איז אַ בזיון. ערגער פון אַ גנב... נאָר דאָס וואָלט נאָך געווען, ווי זאָגט ברכה, אַ האַלבע צרה. דאַרף זיך טרעפן — אָט וועט איר הערן וואָס.

ד.

פּונקט אין דעם שאַפּ, ווו מײַן ברודער אליהו האָט געאַרבעט בײַ דער מאַשין און אונדזער חבר פּיניע איז אויך געקומען לערנען די אַרבעט, האָט זיך געפונען אונדזערער אַן אַלטער באַקאַנטער און פּיניעס אַ שונא — דער הייסינער שנײַדער. אויב איר האַלט קאָפּ, זענען מיר מיטן הייסינער שנײַדער געפאָרן אינאיינעם אויף איין שיף, אויפן „פּרינץ אַלבערט“. איר דאַרפט געדענקען מסתמא דאָס אויך, אַז מיט אונדזער חבר איז דער הייסינער שנײַדער געווען אויף מעסערשטעך. באַדאַרף גאָט פירן אַזוי, אַז פּיניע זאָל זיך מיט אים באַגעגענען אין איין שאַפּ. און נאָך ווי אַזוי באַגעגענען! אין דעם דאָזיקן שאַפּ איז דער הייסינער שנײַדער אַ גאַנצער מאַכער. ער איז נישט קיין אָפּערייטער בײַ דער מאַשין, נאָר אַ „קאַטער“. דאָס הייסט, ער איז אַ צושנײַדער. ער שנײַדט צו, און די אָפּערייטערס נייען. איז אים נאָך ווינציק. ער זאָגט, אַז ער וועט לאַנג נישט זײַן אין די ביזגעס. ער האָפט גאָר אין גיכן ווערן אַ „דעזײַנער“. דאָס איז שוין גאָר אַ גרויס שטרײַמל. אַ דעזײַנער הייסט אַזעלכער, וואָס מאַכט פאַסאָנען. אַ דעזײַנער פאַרדינט פּופציק טאָלער אַ וואָך, און פינף און זיבעציק טאָלער אַ וואָך, און הונדערט אויך! אַז עס באַגליקט אַ מענטשן, ווייסט ער נישט פון וואַנען! ווי זאָגט ברכה: „אײַנעם גיט גאָט גאָר, דעם אַנדערן גאָרנישט“...

ה.

אז פיניע איז אריינגעקומען אין שאפ, קומט אים דער היי־סינער שניידער אקעגן. ער שטעלט אוועק אויף אים די שארפע ברילן, ציט אויס פיניען א יד און מאכט צו אים: „העללאו, לאנדסמאן! האו דו יו דו?”... דאס הייסט: „שלום־עליכם, וואס מאכט איר, רב קרוב?“... קוקט אויף אים אונדזער חבר פיניע מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן. ווער איז דער ליץ? ער האט אים גארנישט דערקענט. ערשט, אז יענער האט אים אנגערופן דעם נאמען פונעם שיף „פרינץ אלבערט“, האט זיך פיניע דערמאנט ווער דאס איז. און ס'איז אים געוואָרן, זאגט ער, דריי לעבער אין הארצן! דאכט זיך, וואס האט אים דער הייסינער שניידער געטאן? ער קאן אבער, זאגט פיניע, זיין פנים נישט אנקוקן. ער זאל וויסן, זאגט ער, פארדינען טויזנט טאלער א שעה, וועט ער אין דעם דאזיקן שאפ נישט זיין קיין מינוט אפילו! און דערצו נאך דער עקסידענץ מיטן צוגעשטעפטן ארבל...

ו.

בקיצור — פיניע וויל שוין נישט זיין קיין אפרייטער. ער גייט אוועק אין אן אנדער שאפ און באשטעלט זיך דארט פאר א פרעסער. אן אונטערפרעסער דערווייל. אז ער וועט זיך אויס־לערנען די ארבעט, וועט ער גיין העכער און העכער. ביז וווהין?

— מע קאן נישט וויסן. — זאגט פיניע. — קיינער ווייסט נישט ווערעמענס מארגן ס'איז. נישט קארנעגי, זאגט ער, נישט וואנדערבילד, נישט ראקענפעלער האבן געוווסט, אז זיי וועלן אמאל זיין דאס, וואס זיי זענען...

דערווייל ווערט נאך פיניע גוט פארשווארצט. און אלץ איבער זיין טבע, וואס ער האט ליב אלצדינג טאן כאפענדיק. און דערצו נאך זיין נידעריקע ראיה. ער קומט אלע טאג אהיים א צע־בריטער.

איינמאל איז ער געקומען מיט א סקאלימשעטער נאז. וואס איז די מעשה? ער האט זיך ביים פרעסן אפגעבריט די נאז. ווי קומט דאס פרעסל צו זיין נאז? זאגט פיניע, אז זיין נאז האט נישט געוואַרט, ביז דאס פרעסל וועט זיך מטריח זיין צו דער נאז. ער קאן באשטיין, זאגט ער, אז זיין נאז זאל גיין צום פרעסל. ווי קומט זי, די נאז, צום פרעסל? לאזט זיך אויס, אז פיניע האט גאר געזוכט א שטיקל ארבעט, און ווייל ער האט

א נידעריקע ראיה, האָט ער זיך דעריבער אָנגעבויגן האַרט צום טיש און האָט געטראָפן מיטן שפּיץ נאָז גלייך אויפן אָנגע־גליטן פּרעסל.

— א שלימזל אז ער פאַלט אין שניי, טרעפט ער אויך אויף א שטיין...

איך מיין, אז איך וועל אייך נישט דערציילן, ווער דאָס האָט געזאָגט, וועט איר אויך טרעפן, אז דאָס האָט געזאָגט ברכה. מיין שוועגעריין קאָן אריינזאָגן...

## ז.

ברכה איז נישט צופרידן. מיין מאמע אויך נישט. טייבל אויך נישט. איר האָט אמאָל געזען, אז ווייבער זאָלן זיין צו־פרידן? זיי באוויינען אונדז, מאנסבילן, וואָס מיר דאַרפן אזוי האָרעווען אין אמעריקע, בכדי צו מאכן א לעבן. א קלייניקייט — ארבעטן אין שאַפּ! אז האלב נאָך זיבן אין דער פרי מוז מען שוין זיין אויף דער ארבעט. א שעה נעמט צו דאָס פאָרן אהין. עפּעס איבערכאַפּן דאַרף מען. דאַווענען דאַרף מען דאָך אוודאי. היינט רעכנט אויס, ווען מיר דאַרפן אויפשטיין? און פארשפּעטיקן טאָר מען נישט קיין מינוט אפילו. וואָרום טאָמער פארשפּעטיקט איר, רעכנט מען אייך אראָפּ פאר יעדע פינף מינוט א האלבן טאָג ארבעט. ווי אזוי ווייסט מען דאָס, צי איר האָט פארשפּעטיקט, אָדער ניין? דערויף איז דאָס אמעריקע. אין אמעריקע האָט יעדער שאַפּ אזא מין זייגער. אז איר קומט אין שאַפּ, גייט איר צו צום אלעם ערשטן און טוט א קוועטש דעם זייגער. ווערט דאָס אָנגערופן אויף זייער לשון: „פּאָנטשן די קלאַק". „קלאַק" איז א זייגער און נעמט זיך, זאָגט מיין ברודער אליהו, פון גלאָק. א גלאָק קלינגט און א זייגער, זאָגט ער, קלינגט אויך. אָבער נאָר א וואנט־זייגער. א סימן האָט איר: א קעשענע־זייגערל קלינגט נישט, הייסט עס „וואטש". פרעג איך ביי אליהון: פארוואָס עפּעס וואטש? זאָגט ער: „ווי דען זאָל עס הייסן?" זאָג איך: „וואטשל". פרעגט מיך אליהו: פארוואָס עפּעס „וואטשל"? זאָג איך: „אז א זייגער איז א זייגערל, דאַרף זיין וואטש א וואטשל. עלעהיי, זאָג איך, א „באָי" איז א יונג, איז א יינגל „באָיטשיק", און א קליין יינגעלע — א „באָיטשיקל"... ווערט אליהו אין כעס און זאָגט מיר, אז איך האָב זיך אויס־געלערנט פון אונדזער חבר פּיניע זאָגן אלצדינג פארקערט. א גליק, וואָס פּיניע איז נישטאָ דערביי. פּיניע זאָל זיין, וואָלטן

זיי זיך שוין געאמפּערט איבערן וואָרט „וואַטש“, אַזוי ווי זיי האָבן זיך געאַמפּערט און שיער נישט צעשלאָגן זיך איבערן וואָרט „ברעקפיש“ — אָנבייסן. דערפאַר, זאָגט אליהו, איז אָן אָנבייסן ברעקפיש, ווייל צום אָנבייסן עסט מען פיש, אָדער הערינג. זאָגט פּיניע: „ווי באַלד אַז הערינג, פאַרוואָס זשע זאָגט מען נישט: „ברעקהערינג“?“ זאָגט אים אליהו: „בהמה וואָס דו ביסט! און וואָס איז א הערינג — נישט קיין פיש?“ פילט זיך פּיניע, אַז ער איז געשלאָגן, זאָגט ער, „ווייסטו וואָס? לאָמיר פרעגן ביי אַן אַמעריקאַנער יידן!“ און מע פוילט זיך נישט און מע שטעלט אָפּ א געגאָלטן יידן אין מיטן גאַס (שבת איז דאָס געווען) און מע טוט אים א פרעג אויף א טשיקאַוועסט: „פּעטער! איר זענט שוין לאַנג אין אמעריקע?“ זאָגט ער: „דרייסיק יאָר, וואָס איז דען?“... זאָגן זיי: „מיר ווילן אייך עפּעס פרעגן. גיט אונדז צו פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָגט מען ביי אייך אויף אַן אָנ־בייסן ברעקפיש?“ קוקט זיי אָן דער ייד און זאָגט צו זיי: „ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז אויף אַן אָנבייסן זאָגט מען ביי אונדז ברעקפיש?“ „ווי אַזוי זשע דען זאָגט מען?“.

— ברעקפעסט! ברעקפעסט! ברעקפעסט! — שרייט זיי אויס דריי מאָל דער ייד גלייך אין פּנים אריין און איז זיי מכבד מיט׳ן נאָמען „גרינע חיות“...

ח.

איך האָב מורא, אַז מיר וועלן זיך מיטן שאַפּ נישט עלטערן. מיין ברודער אליהו זאָגט, אַז די אַרבעטער האָבן צרות פונעם „פאָרמאַן“. יעדער שאַפּ האָט א פאָרמאַן — אַן עלטסטן, אַן אויפזעער. און נישט נאָר איין פאָרמאַן, יעדער שטאָק האָט זיך זיין פאָרמאַן. אויף דעם שטאָק, וווּ אליהו אַרבעט, איז דער פאָרמאַן א המן, א רשע מרושע. ער איז אַליין אַמאָל געווען אַן אָפּרייטער. נאָר ער האָט זיך אויפגעאַרבעט און איז געוואָרן א פאָרמאַן. די אַרבעטער זאָגן, אַז ער איז ערגער פונעם „באָס“. באָס איז א לשון־קודש־וואָרט און שטאַמט פונעם וואָרט „בעל הבית“. אַזוי זאָגט אליהו, און פּיניע מוז אָפּשווייגן. וואָרום אויף לשון־קודש איז אליהו בעל־מצר. פאָרט א חזנס א זון... נאָר מיר קערן זיך אום צום פאָרמאַן. מע האָט אַרויסגעלאָזט א קלאַנג אין שאַפּ, אַז דער פאָרמאַן רוקט דעם זייגער. אַזוי, אַז ווען איר זאָלט נישט קומען, וועט איר פאַרשפּעטיקן — וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ ממזר?... און אונדזער חבר פּיניע דערציילט

פון זיין שאפ נאָך שענערע מעשיות. זייער פאָרמאַן, זאָגט ער, לאָזט נישט דעם ארבעטער א קוק טון אין א פייפער אריין. לייענען א צייטונג ביי דער ארבעט — חיות נישט זיכער! רווי-כערן שמועסט מען נישט. א וואָרט טאָר מען נישט אויסרעדן צווישן זיך. ס'איז אזוי שטיל, זאָגט ער, אז מען קאָן הערן א פליג! אויסער דעם טראסק מיטן גראגערן פון די מאשינען. נאָך א מעלה האָט זיין שאפ. דאָרט ווערן די פרעסלער אָנגעוואָרעמט מיט גאז. דאָ זאָגט מען נישט גאז, נאָר „געז". דאָס הייסט, שטינקען שטינקט עס אזוי ווי ביי אונדז גאז. נאָר מע טאָר נישט זאָגן גאז. מע דארף זאָגן געז. אקוראט פארקערט. סע זאָל ביי אונדז אין דער היים הייסן געז, וואָלט מען דאָ מסתמא געזאָגט גאז.

ט.

הקיצור, די געז פון די פרעסלער פארהאַקט אזוי דעם קאָפ, אז די ארבעטער אין שאפ פאלן אין חלשות און מוזן סטאפן די ארבעט. רעכנט מען זיי אָפ פון דער „פיידע". דאָס הייסט, אז עס קומט צום אָפּנעמען פאר דער וואָך, וואָס מע האָט פארדינט, ווערט א לאָך. דאָ האָט איר פארשפעטיקט פינף מינוט — אראָפּ א האלבער טאָג. דאָ זענט איר צו פרי אוועקגעגאנגען — אראָפּ א האלבן טאָג. דאָ זענט איר געפאלן חלשות — פארפאלן א טאָג.

ניין. מע קאָן שוין מער נישט אריבערטראָגן. מע וועט מוזן ארויס אין א סטרייק.

X

# מיר סטרייקן!

## א.

מיר דאכט, אז ס'איז גאָר נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווו אז מע סטרייקט. דאָס האָט אזא פּנים, ווי אז איר לערנט ביי א רבין, וואָס שלאָגט זיך צו שטארק, נעמט מען אָפּ ביי אים די קינדער און מע זוכט אן אנדערן מלמד. דערווייל הערט איר אויף צו גיין אין חדר. מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע האָבן אויפגעהערט צו גיין אין שאפּ. אונדזער שטוב האָט שוין גאָר אן אנדער פּנים, זינט זיי זענען אין דער היים. אזוי האָבן מיר זיי אָנגעקוקט איין מאָל אין וואָך — זונטיק. וואָרום, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, אז מען ארבעט אין שאפּ, מוז מען אויפשטיין כאור, בכדי מע זאָל חלילה נישט פארשפּעטיקן. און אז זיי זענען געקומען אהיים, פלעג איך שוין שלאָפן. פארוואָס? דערפאר, וואָס זיי האָבן גע־ארבעט „אָווערטיים". דאָס הייסט, אז אלע אנדערע ארבעטער זענען געגאנגען אהיים, זענען אונדזערע לייט, נאָך געזעסן אין שאפּ ביי דער ארבעט. נישט דערפאר, וואָס מע האָט זיי געגייט פון קהל. זיי האָבן געארבעט אָווערטיים, בכדי זיי זאָלן מער פארדינען. אי, אז ס'איז געקומען צום צאָלן, האָט מען ביי זיי אָפּגעריסן טעג — וואָס זענען זיי שולדיק? „עלעהיי, גזלנים זענען אונדז באפאלן"... אזוי האָט געזאָגט מיין ברודער אליהו.

— עלעהיי, דו ביסט א לעקיש! — זאָגט צו אים מיין שוועגעריןברכה. ווען זי, זאָגט זי, זאָל ארבעטן אין שאפּ, וואָלט זי זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאשע. זי זאָגט, אז אלע

פאַרלייט מיט אַלע באַסעס וואָלטן ביי איר געקייעט די ערד. און איר מעגט איר גלויבן. ברכה קאָן!

ב.

דערפאַר האָט זי זיך געקילט דאָס האַרץ, אַז אַלע שעפּער האָבן דערקלערט אַ סטרייק. דאָס הייסט, אַלע שניידערס, וויפל ס'איז פאַראַן אין ניו־יאָרק, האָבן אַוועקגעלייגט שער און אייזן און — גוד באַי. ווייַ־ווייַ, וואָס סע האָט זיך אָפּגעטאָן! אין דער היים, און אויף דער סטריט, און אין די האָלס! אַ „האָל" — איז אַ זאַל, אָדער אַ טעאַטער. מע קלויבט זיך צונויף אהינצוצו אַלע שניידערס פון גאַנץ ניו־יאָרק אויף אַ מיטינג, און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט. איר הערט זיך דאָרט אָן אַזעלכע ווערטער, וואָס איר האָט זיי קיינמאָל נישט געהערט: „דזשענעראַל סטרייק"... „יוניאָן"... „אָרגאַניזירט"... „אכט און פערציק שטונדן"... „העכערע ווייַדזשעס"... „בעסערע באַהאַנדלונג"... „סקעבס"... „סטרייק־ברעכערס"... „פּיקעטס"... און נאָך כדומה אַזעלכע ווערטער, וואָס איר פאַרשטייט זיי נישט. מיין חבר מענדל זאָגט, אַז ער פאַרשטייט זיי יאָ. נאָר געבן מיר צו פאַרשטיין קאָן ער נישט. „ווערסט עלטער ווערן, זאָגט ער מיר, וועסטו אַליין פאַרשטיין". עס קאָן זיין. דערווייל קוק איך זיך צו, ווי דער עולם היצט זיך, און עס בייסן זיך מיר די הענט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַלע אַראָפּכאַפּן אויף פּאַפּיר. אויסמאָלן איטלעכן באַזונדער, ווי ער זעט אויס, וואָס ער טוט, ווי אַזוי ער שטייט און ווי אַזוי ער רעדט.

ג.

למשל, נעמט מיין ברודער אליהו. ער אַליין רעדט נישט קיין וואָרט. ער גייט נאָר צו צו איטלעכם רעדל און שטעקט אריין די נאָז. אָדער ער לייגט צו אַן אויער. בעת מעשה בייסט ער די בעגל און איז שטאַרק אויפגערעגט. אַ פאַרגעניגן צו זען מיין ברודער, ווי ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ יעדן איינציקן, וואָס ער רעדט. ער איז מיט אַלעמען מרוצה, וואָס יענער זאָל נישט זאָגן. אָט איז צוגעקומען צו אים אַ שניידער מיט אַ גולקע אויף איין זייט קאָפּ — פון דער לינקער זייט. דער שניידער האָט אים אָנגענומען ביי אַ לאַץ און טרייסלט אים און רעדט אין אים

אריין, אז ס'איז ארויסגעוואָרפן דער גאַנצער טאַרעראַם. די שניידערס וועלן מיט זייער סטרייק גאָרנישט אויספירן. מחמת די „אסאָסיאיישן“ פון די „מאַנופעקטשורערס“ איז צו שטאַרק פאַר אונדז! שאָקלט אים מיין ברודער צו מיטן קאָפּ. און איך האָב זייער מורא, אז מיין ברודער אליהו ווייסט אזוי, וואָס באַדייט „אסאָסיאיישן“ און „מאַנופעקטשורערס“, ווי איך... וואָרום אָט איז צוגעגאַנגען צו אליהון אן אנדער שניידער מיט א פּנים פון א קאַטשקע. אז ער רעדט, פּאַטשט ער מיט די ליפּן. דער שניידער האָט אָנגענומען מיין ברודער פאַר א קנעפּל און האָט לאַנג איבער אים גערעדט, געפּאַטשט מיט די ליפּן. ער האָט אַלע מינוט אויסגערופן: „ניין! מיר מוזן קעמפן, אויסקעמפן ביזן סוף!“... האָט אים מיין ברודער אויך אויסגעהערט און אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אז עבירה, וואָס מיין שוועגערין איז דאָ נישטאָ. זי וואָלט אים שוין עפּעס אריינגעזאָגט...

ד.

גאַנץ אנדערש האָט אויסגעזען אונדזער חבר פּיניע. ווער עס האָט אים נישט געזען און ווער עס האָט אים נישט געהערט רעדן אויף א מיטינג, — דער האָט גאָר קיין שיינס נישט געזען אויף זיין לעבן. אונדזער פּיניעס פיגור דאַרף אייך זיין באַקאַנט נאָך פון מיינע פריערדיקע מעשיות. זיינע קורצזיכטיקע אויגן מיט זיין לאַנגער שפּיצעכיקער נאָז, וואָס קוקט אַראָפּ אין מויל אריין, געדענקט איר מסתמא. זיינע לאַנגע שמאָלע הויזן, איין הויז אַראָפּ, איין הויז ארויף, און זיין שניפּס אויף דער צעשפּילעטער מאַנישקע — האָט איר אוודאי אויך נישט פאַרגעסן. הייגט זיין רעדן, זיין פּינען מיט דער נשמה און זיין שיטן פונעם ארבל מיט הויכע שיינע ווערטער און מיט קלינגענדיקע נעמען פון גרויסע לייט? אצינד שטעלט אייך פאָר, אז פּיניע צעהיצט זיך און רעדט פאַר אן עולם פון טויזנטער מענטשן, וואָס ווילן אים דווקא נישט הערן. אָנגעהויבן האָט ער אזש פון קאָלומבוסן, ווי אזוי ער האָט אנטדעקט אמעריקע, און איז באַלד ארויף אויף די פאַראייניקטע שטאַטן, און האָט זיך פאַרמאָסטן צו רעדן און צו רעדן. האָט מען אים נישט געלאָזט.

— ווער איז דער ספּיקער? — פרעגט איין שניידער ביים אנדערן.

— א גרינהאָרן! — ענטפערט אים יענער.

— וואָס וויל ער?

— וואָס דבּרט ער?
— וואָס האקט ער א טשייניק?
— שאראפּ! — שרייט אוים איינער, און א סך אנדערע כאפּן אים אונטער:
שאראפּ!...

ה.

„שאראפּ" איז אפילו א מיוּאוּם וואָרט. דער טייטש פוּנעם וואָרט איז „אראָפּ פוּנעם מארק!" נאָר אונדזער חבר פּיניע שרעקט זיך נישט פאר קיין ווערטער. פּיניע, אז ער צערעדט זיך, איז ווי א פאס וואסער, וואָס מע האָט אָפּגעשטעקט און פאר־וואָרפן דעם צאַפּן. איר קאָנט צוהאלטן מיט דער האנט, פאר־שטאָפּן מיט א שמאטע — עס וועט אייך קיין זאך נישט העלפן. ביז דאָס וואסער וועט נישט ארויסגיין ביזן לעצטן טראָפּן, איז אן עבירה אייער טרחה. פּיניע מוז אָפּרעדן זיינס. סיידן מע זאָל אים אראָפּשלעפּן פון דער בינע. דאָ הייסט עס נישט בינע. דאָ הייסט עס „סטיידזש". איצטיקס מאָל האָט מען אים טאקע געמוזט אזוי טאָן. צוויי שניידער־יונגען, פּרעסערס, האָבן אים גענומען פאר ביידע הענט און מע האָט אים מיט כבוד אראָפּ־געפירט פוּנעם סטיידזש. דאָס האָט אים אָבער גאָרנישט גע־שטערט אויסצופירן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אויספירן. ער האָט דאָס איבעריקע דערערדט, שוין גייענדיק מיט אונדז אהיים. און אז מיר זענען געקומען אהיים, האָט ער נאָך לאנג גערעדט פאר מיין מאמען און פאר מיין שווענעריין ברכה און פאר זיין ווייב טייבל. איך און מיין חבר מענדל זענען אויך געווען צווישן די צוהערער. און מיר דאכט, אז ווערליג פּיניע האָט געטענהט, איז ער גערעכט. נאָר גייט רעדט מיט ווייבער. אז פּיניע האָט זיך גוט אָנגערעדט, רופט זיך אָן מיין שווענעריין ברכה מיט א משל, ווי איר שטייגער איז:
— וואָס איז דעם אינדיק פאר א חילוק, צי מע קוילעט אים פּורים צו דער סעודה, צי פּסח צום סדר?...
טאָמער ווייסט איר, וואָס מיינט דערמיט ברכה?...

ו.

דערווייל גייט אוועק א טאָג און א טאָג. דער סטרייק איז א סטרייק. די ארבעטער זענען שטאָל און אייזן. מיטינגען מאכט מען אלע טאָג. און אלע מאָל אויף א נייעם פּלאץ. די מאנו־

פעקטשורעס, הער איך זאָגן, האלטן זיך אויך שטארק, זיי ווילן נישט נאָכגעבן. זיי וועלן אָבער מוזן נאָכגעבן. אזוי זאָגן אלע. נישטאָ א זאך, וואָס די ארבעטער זאָלן נישט אויספירן. ס'איז אמעריקע! עס האלט שוין ביים לעצטן מיטל. אז דאָס וועט נישט העלפן, איז עק וועלט! אזוי זאָגן אונדזערע לייט. וואָס איז דאָס פאר א מיטל? מיר וועלן זיך צונויפזאמלען אלע סטרייקער פון גאנץ ניו-יאָרק און מיר וועלן דורכגיין איבער די סטריטן מיט א מארטש. דאָס הייסט, טויזנטער און טויזנטער שניידערס וועלן זיך דורכשפאצירן מיט די פאָנען איבער דער שטאָט. מיר און מיין חבר מענדל איז דאָס דווקא געפעלן. מיר וועלן זיין די ערשטע. רעדט זשע אָבער מיט אזא יידענע, ווי מיין שוועגערין ברכה, זאָגט זי, אז ביי איר זעט דאָס אויס, ווי קינדער שפּילן זיך אין סאָלדאטלעך... זי זאָגט: „אן עבירה אייערע שיך“... האָט איר באדארפט אָנקוקן אונדזער פיניען און הערן, וואָס ער האָט איר געזאָגט דערויף!

ז.

מיר האָבן שוין געהאלטן מיטן סטרייק גאנץ ווייט. איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך שוין צוגעגרייט, ווי מע גרייט זיך צו צו דעם פערטן דזשולאי. דעמלט איז א יום-טוב אין אמעריקע. מע שיסט אויף דער סטריט מיט די פייער-קרעקערס און עס טרעפט זיך, זאָגט מען, אז מע דערהרגעט א מענטשן. א קלייניקייט — דער פערטער דזשולאי? דאָס איז דאָך דער טאָג, וואָס די פאראייניקטע שטאטן האָבן זיך באפרייט פון די שונאים...

איך און מענדל זענען שוין געווען יום-טובדיק. איז אונדז פארשטערט געוואָרן די שמחה. אויף קאנעל סטריט האָט מע געהרגעט א מענטשן. די ידיעה האָט אונדז געבראכט פיניע. ער איז געווען אויפן אָרט און האָט געזען דעם געהרגעטן. ער זאָגט, אז דער מענטש האָט פארדינט דעם טויט. ער איז געווען, זאָגט ער, א גענגסטער. פרעגט אים די מאמע: „וואָס הייסט א גענגסטער? א גנב?“ זאָגט פיניע: „ערגער פון א גנב!“ פרעגט אים די מאמע: „א גזלן?“ זאָגט פיניע: „א גענגסטער איז ערגער פון א גזלן. וואָרום א גזלן איז א גזלן, און א גענגסטער איז א געדונגענער גזלן. דעם מענטשן האָט מען געדונגען, ער זאָל שלאָגן די סטרייקערס. איז ער באפאלן א מיידל א סטרייקערין און האָט זיך פארמאָסטן זי צו שלאָגן. האָט זי געמאכט א געוואלד,

זענען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן און ס׳איז ארויס א געשלעג״... מער האָט מען פון פיניען נישט געקאָנט ארויסבאַקומען גאָר־נישט. ער האָט ארומגעשפּאַנט מיט זיינע לאַנגע פיס הין און צוריק. ער האָט געפּינטעט מיט דער נשמה. ער האָט געשפּריצט מיט פייער. ער האָט זיך געריסן ביי די האָר און געשאָטן מיט ווערטער און מיט נעמען:

— איי־איי, קאָלומבוס! איי־איי, וואשינגטאָן! איי־איי־, לינקאָלן!

דער סוף איז געווען — פיניע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אנטלאָפן!

ח.

ביז עפּעס וואָס, דערווייל האָט דאָס אונדז געטראָפן. מיך און מיין חבר מענדל. די מאמע האָט זיך געשווירן ביי איר געזונט און ביי איר לעבן, אז זי וועט אונדז נישט ארויסלאָזן אויף דער סטריט פאַר קיין געלט אין דער וועלט! נישט מיך, נישט מענדלען, נישט אליהון, נישט ברכהן און נישט טייבלען. וואָרום ווי באלד אז עס האלט שוין, זאָגט זי, אזוי ווייט, אז מע הרגעט מענטשן אין סטריט — איז שוין עק וועלט! זי האָט אָנגע־וואָרפן אויף אונדז אלעמען אזא פּחד, אז טייבל האָט זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד. גאָט ווייסט, ווו איר פיניע איז אצינד!... האָט די מאַמע שוין פארגעסן אָז אונדז און האָט גענומען אויסרעדן דאָס הארץ נעבעך טייבלען: אז מיר האָבן א שטארקן גאָט. און אז עס וועט איר פיניען גאָרנישט געשען. און אז ער וועט מיט גאָטס הילף קומען בשלום אהיים. און אז ער וועט זיין א מאן צו זיין ווייב און א טאטע צו זיינע קינדער־לעך, וואָס וועלן, אם ירצה השם, אמאָל זיין. וואָרום דערווייל האָט גאָך טייבל קיין קינד און קיין רינד. זי דאָקטערט זיך און האָפט, אז זי וועט נאָך אמאָל האָבן קינדער.

— און א סך קינדער! — זאָגט די מאמע.

— אמן הלוואי! — זאָג איך און כאַפּ א פּאַטש פון מיין ברודער אליהו, איך זאָל נישט זיין קיין שייגעץ און זאָל נישט שטופּן די צונג אהין, ווו מע דאַרף נישט...

ט.

געלויבט איז גאָט — געקומען פיניע. און געקומען איז ער מיט א שמחה, א גדולה: דער מענטש דער גענגסטער, וואָס מע האָט אים געהרגעט, לעבט און וועט לעבן. נאָר א קאַליעקע

וועט ער שוין בלייבן אויף אייביק. מע האָט אים נישט דערהרגעט אויף טויט. מע האָט אים נאָר אזוי גוט אָנגעהרגעט. מע האָט אים אויסגעזעצט אן אויג און איבערגעבראָכן א האנט. „א מצווה — לאָז ער נישט זיין קיין גענגסטער!“ האָט אָבער די מאמע אויף אים רחמנות: „לאָז ער זיך זיין, זאָגט זי, וואָס ער איז. פאראן א גאָט אין הימל, לאָז ער זיך, זאָגט זי, מיט אים רעכענען. פארוואָס, זאָגט זי, קומט אים, אז מע זאָל אים איבערברעכן א האנט און אויסזעצן אן אויג? וואָס זענען שולדיק זיין ווייב און קינדער געבעך, זיי זאָלן האָבן א טאטן א קאליעקע?“...

י.

דער סטרייק האָט זיך פארצויגן, און מיר גייען ארום אָן א שטאָך ארבעט. מיין ברודער אליהו איז אוים מענטש. די מאמע רעדט אים אוים דאָס הארץ. זי זאָגט, אז דער גאָט, וואָס האָט אונדז געבראכט קיין אמעריקע, וועט אונדז מסתמא נישט פארלאָזן. אונדזער מחותן יונה דער בעקער און אונדזערע גוטע פריינד פעסיע די גראָבע און איר מאן משה דער איינבינדער און די איבעריקע פריינד און גוטע פריינד קומען אלע טאָג און טרייסטן אונדז מיט גוטע ווערטער. זיי זאָגן, אז דער הימל איז צו דער ערד נישט געפאלן. ווו שטייט דאָס געשריבן, אז מע מוז לעבן אין אמעריקע נאָר פון שניידעריי? מע קאָן מאכן א לעבן אָן שניידעריי אויך. והראיה? אָט וועל איך אייך דערציילן, ווי אזוי מיר מאכן א לעבן אין אמעריקע.

XI

# כתרילעווקע אין ניו־יאָרק

א.

איידער איך גיי אייך דערציילן, ווי אזוי מיר מאכן א לעבן אין דעם נייעם לאנד, מוז איך אייך פריער איבערבעטן ביי די נעמען, וועמען, ווער איז דאָ אין אמעריקע פון אונדזערע פריינד און באקאנטע. ווייל נאָר זיי צו דאנקען האָבן מיר זיך ביסלעכווייז ארויפגעארבעט און אָנגעהויבן צו מאכן א לעבן. לאָזט זיך אויס, אז מיר האָבן דאָ פריינד און באקאנטע — קיין עין־הרע, קיין בייז אויג! גאנץ כתרילעווקע האָט זיך אריבערגע־פּעקלט אהער, קיין אמעריקע. נאָך אונדזער אוועקפאָרן פון דער היים איז געוואָרן, זאָגן זיי, דאָרטן א בהלה, א מהומה, א לויפעניש. עס האָט אויסגעבראָכן, זאָגן זיי, א מוראדיקער פּאָגראָם, א שחיטה און א שריפה — די גאנצע שטאָט איז אוועק מיטן פייער! ווער האָט אונדז געבראכט די נייעס — די מאמע. ווו ערגעץ א צרה, ווערט פריער פון אלע געוווּיר די מאמע. פון וואנען? פון בית־המדרש. פון דער כתרילעווקער שול. ס'איז פאראן אזא שול אין ניו־יאָרק.

ב.

די ערשטע וואָך, אז מיר זענען געקומען אין שטאָט אריין, האָט די מאמע קודם־כל זיך צעפרעגט אויף א שול, וווהין צו גיין שבת דאווענען. זענען אין ניו־יאָרק, ברוך השם, פאראן

שולן כמעט אויף יעדער סטריט. האָט אונדז אונדזער שכנה פעסיע אָפּגעפירט דעם ערשטן שבת אין שול אריין. די שול איז טאקע אונדזער שול. דאָס הייסט, די יידן, וואָס דאַווענען דאָרטן, זענען אַלע פון אונדזער שטעטל. זי הייסט מיטן נאָמען „כל ישראל אנשי כתריל עוו קע". אָדער „די כתרילעווקער שול". האָבן מיר זיך דאָרט דערזען מיט א סך באקאנטע פון אונדזער שטאָט. טרעפט, וועמען מיר האָבן געזען? אז איר וועט זיין מיט אכצן קעפּ, וועט איר אויך נישט טרעפן. ערשטנס — דעם חזן. אונדזער הערש־בער דעם חזן מיט דער גרויסער באָרד. אָט דער, וואָס איך בין ביי אים געווען אמאָל א זינגערל, אויב איר געדענקט, און האָב זיך ארומגעטראָגן מיט זיין דאָבטשען. א קינד א קאליעקע. דאָס קינד איז געשטאָרבן נאָך דאָרטן, אין דער היים, בשעתן פּאָגראָם. און הערש־בער דער חזן מיט דער הזנטע מיט די עלטערע קינדער זענען אלע דאָ אין אמעריקע און מאכן א לעבן. הערש־בער איז דאָ א חזן און א מוהל און א מלמד אויך. דאָ הייסט דאָס נישט מלמד. דאָ הייסט דאָס „טיטשער". פארוואָס טיטשער? ווייל ער טיטשט די קינדער. דאָס הייסט, ער קנייפּט זיי שטילערהייט, קיינער זאָל נישט זען. מחמת שלאָגן א קינד טאָר מען דאָ נישט, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט. הערש־בער האָט, זאָגט מען, דאָ גאנץ פיין פרנסה. נאָר ער האָט זיך שטארק איבערגעאנדערשט. דאָס הייסט, איזן איז ער דער אייגענער, וואָס געווען, נאָר ער גייט אנדערש אָנגעטאָן. אין דער היים ווען ער טוט אָן אזא קאפּעליוש ווי דאָ, וואָלט מען אים נאָכגעלאָפן. די קאפּאָטע איז ביי אים אויך פארקירצט. און די פאות אונטערגעהאקט. נאָר די באָרד טשעפּעט ער נישט. טשעפּען אים אָבער אנדערע די באָרד. דאָ, אין אמע־ריקע. האָט מען פיינט א באָרד. ערגער ווי אן ערלעכער ייד האָט פיינט חזיר. אנומלטן האָבן אים דערטאפּט אין מיטן סטריט שקצימלעך — „לויפערס" הייסן זיי דאָ — און האָבן אים נאָר געוואָלט אָפּשערן די באָרד. א גליק, וואָס יידן זענען אָנגעקומען און האָבן אים ארויסגעראטעוועט פון די „לויפערס" הענט. פון דעמלט אָן, אז ער גייט אין סטריט, באהאלט ער די באָרד אינגם אויבערראָק.

ג.

בערע דער שוסטער איז אויך דאָ. דאָס איז דער בערע, וואָס מיין ברודער אליהו האָט זיך געהאַט אונטערגענומען אמאָל ארויסטרייבן ביי אים די מייז. אויב איר געדענקט, האָט בערע דער שוסטער ליב צו דערציילן גוזמאות. אויסטראכטן זאכן, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. דאָס הייסט, ער איז א ייד א ליגנער. דאָ ווערט עס אָנגערופן א „בלאָפער". ער איז דאָ אויך דערזעלבער שוסטער, וואָס אין דער היים. ער דער־ציילט פון זיין שוסטעריי אזעלכע גליקן, אז ווען ס'זאָל זיין כאָטש א דריטל אמת, וואָלט אויך געווען גוט. ער זאָגט, אז ער איז דאָ דער גרעסטער שוסטער אין אמעריקע. מיט זיינע שטיוול, זאָגט ער, טראָגט מען זיך ארום איבערן גאנצן לאנד. ער שווערט מיט אזעלכע שבועות, וואָס מע מעג גלייבן א משומד, אז דער פרעזידענט אליין האָט זיך באשטעלט ביי אים א פּאָר שטיוול. זאָגט מיין ברודער אליהו, אז די מעשה מיטן פּרע־זידענטס שטיוול איז פונקט אזוי אמת, ווי די מעשה, וואָס בערע דער שוסטער האָט אונדז אמאָל דערציילט, ווי אזוי די מייז האָבן ביי אים אויפגעגעסן א קאַץ... דאָ, אז עמעצער דערציילט אזעלכע מעשיות, זאָגט מען אויף אים, אז ער „האקט א טשייניק", אָדער אז ער „בלאָפט". מיר געפעלן בעסער די ווערטער „ער האקט א טשייניק". עס איז מיר אזוי שטארק גע־פעלן, אז איך האָב עס ארויפגעבאפט אויף פּאפּיר. דאָס הייסט, איך האָב אויסגעמאָלט בערע דעם שוסטער, ווי ער האלט א האמער. אויפן טיש שטייט א גרויסער טשייניק, און ער האקט אים... אלע די, וואָס האָבן געזען דאָס בילד, האָבן זיך געקאטשעט פאר געלעכטער. אפילו מיין ברודער אליהו האָט אויך געשענקט א האלבן שמייכל. ער שלאָגט מיך שוין מער נישט דערפאר, וואָס איך מאָל מענטשעלעך. ער בורטשעט נאָר און זאָגט: „אז ס'איז נישטאָ וואָס צו טאָן, איז דאָס אויך אן עסק".

ד.

וואָס דארפט איר מער? רב יאָסי דער נגיד, וואָס אלע האָבן זיך געווונטשן ביי אונדז, חוץ זיין שאָדן, כאָטש א דריט־חלק, — איז ער אויך דאָ אין אמעריקע. ער איז שוין אָבער אוים נגיד. וואָס איז די מעשה? אים האָט אוועקגעהרגעט דער פּאָגראָם. דאָס הייסט, פונעם פּאָגראָם גופא האָט ער אליין

נישט אזוי שטארק געליטן. דאָס הייסט, געראַבירט האָט מען אים. דאָס מעבל צעבראָכן. דאָס בעטגעוואַנט צעריסן. די סחורה פון קלייט צענומען. נאָר געשלאָגן האָט מען זיי נישט. מחמת זיי זענען געלעגן אלע אין א קעלער דריי טעג מיט דריי נעכט. שיעור נישט אויסגעאנגען פון הונגער. דאָס אלצדינג וואָלט געווען א האלבע צרה. דאָס אומגליק איז געווען דאָס, וואָס אלע זיינע בעלי־חובות האָבן אים אָנגעזעצט. האָט ער אויך געמוזט אָנזעצן. ווער וואָלט זיך גערעכט, אשטייגער, אז אזא איש בטוח, ווי רב יאָסי, זאָל דארפן אָנזעצן און אנטלויפן פון כתרילעווקע? אין מיטן ביינאכט איז ער אנטלאָפן, וווהין — קיין אמעריקע. זיין זונדל העניך מיטן אייגל, געדענקט איר, ווי אזוי ער האָט געלאכט פון מיר, וואָס איך פאָר קיין אמעריקע? איצט שלעפט ער זיך ארום דאָ איבער די סטריטן. אז ער דערזעט מיך, אנטלויפט ער. עס שטייט אים נאָך היינט אויך נישט אָן צו רעדן מיט מיר. המנס גדלות! מיין חבר מענדל זאָגט, אז ער מוז אים מאכן בלוי דאָס אנדערע אייגל. מענדל האָט פיינט, אז מע נעמט זיך איבער, אָדער אז מע בלאָזט פון זיך.

ה.

שענער פון אלץ איז, וואָס מנשה דער רופא און מנשהכע די רופאטע זענען אויך דאָ. איר געדענקט דאָך מן הסתם זייער גאָרטן מיט זייערע פערשקעס, מיט זייערע ווײַנשל, מיט זייערע עפל און מיט זייערע בארן? איז דאָס אלצדינג אוועק מיטן רויך און מיטן פייער. מע האָט זיי פארברענט זייער שטוב מיט זייער גאָרטן. געמאכט פון אלצדינג אש. איר זאָלט זיי אָנקוקן, וואָלט איר זיי נישט דערקענט. ביידע זענען זיי געוואָרן גרוי און אלט. ער שטופט א פושקארט מיט עפל און מיט אָראנזשעס, און זי פעדלט מיט וויסאָצקים טיי. „אז אָך און וויי — זאָגט די מאמע מיינע מיט טרערן אויף די אויגן — אויף וואָס זיי זענען איבערגעקומען“...

— א שיינע ריינע כפרה — זאָגט מיין ברודער אליהו, און איך האלט מיט אים. א מצווה אויף מנשהכע די רופאטע. זי איז געווען א רשעטע. געזשאלעוועט אן אָרעמען א פארפוילטן עפל, וואָס איז אראָפּגעפאלן פונעם בוים. זי מיינט, אז איך האָב שוין פארגעסן די מעשה, ווי אזוי מע האָט מיך אמאָל געפאקט ביי איר אין גאָרטן... איך וועל עס געדענקען וויפל איך וועל לעבן!

## ו.

אין דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך ארומגעשלעפּט איבער אויסלאנד, האָט מען דאָרט אין דער היים געפּאָגראָמעוועט אונדזערע כתרילעווקער יידן, געראבירט די קלייטן און געברענט די הייזער. א סברה, אז אונדזער האלבע שטוב, וואָס מיר האָבן פארקויפט צו זילי דעם שניידער, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן, און זילי דער שניידער איז איצטערט הי. ער איז א שניידער ווי געווען. דער הילוק איז, וואָס דאָרט, אין דער היים, איז ער געווען א באלעבאָס פאר זיך, און דאָ, אין אמעריקע, ארבעט ער ביי יענעם. אמאָל איז ער אן „אונטערפּרעסער" ביי הויזן, און אמאָל איז ער אן „אָפּרייטער" ביי דער מאשין. ער פארדינט, זאָגט ער, זיינע זיבן־אכט טאָלער א וואָך. עס וואָלט אים געווען, זאָגט ער, ווינציקלעך אויף צו מאכן א לעבן, ברענגען אים אריין זיינע קינדער — דריי קינדער האָט ער, און אלע מיידלעך — דריי מאָל אזוי פיל. זיי ארבעטן ביי „שוירטס". העמדער הייסן דאָ „שוירטס". פרעג איך ביי מיין ברודער אליהו, פארוואָס הייסן העמדער „שוירטס"? זאָגט מיין ברודער אליהו, אז ער ווייסט נישט, פון וואָסער א שורש עס נעמט זיך דאָס וואָרט „שוירטס". זאָגט צו אים אונדזער חבר פּיניע, למאי ער ווייסט נישט דעם שורש פון נאָך א סך אנדערע ווערטער? זאָגט אליהו, אז פון אנדערע ווערטער ווייסט ער יאָ דעם שורש, פרעגט אים פּיניע: „פונוואנעט זשע נעמט זיך דאָס וואָרט „בוטשער", און פארוואָס איז בוטשער א קצב?" זאָגט אים אליהו: „דערפאר, וואָס א קצב צעבוטשערעט דאָס פלייש אויף שטיקלעך"... פרעגט אים פּיניע: „פונוואנעט זשע נעמט זיך עס, וואָס א שניידער הייסט דאָ „אָפּרייטער"? זאָגט אליהו: „דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס... וואָס... וואָס האָסטו זיך צוגע־טשעפּעט צו מיר? וואָס איך בין מחויב דיר צו פארטייטשן אלע ווערטער, וואָס מע זאָגט דאָ אין אמעריקע?".

— ששא! שריי נישט! מע ווערט פון דיר נישט גליקלעך! — זאָגט פּיניע און דרייט זיך אויס צו מיר מיטן פּנים. — קום נאָר אהער, קטנתי. אז דו ווילסט וויסן עפּעס א זאך, זאָלסטו קיינמאָל נישט פרעגן ביי דיין ברודער אליהו, וואָרום ער ווייסט נישט.

— איר ווייסט ביידע מער פון א טויטן! — מישט זיך אריין מיין שוועגערין ברכה און שטעלט זיך איין פאר איר מאן

ז.

דערווייל האָב איך מיך פֿאררעדט פֿון זייטיקע זאכן און האָב פֿארגעסן, אז איך האָב גענומען אויסרעכענען, ווער פֿון אונדזערע באקאנטע זענען דאָ, אין אמעריקע. א חוץ אונדזער חבר פּיניעס משפּחה, איז גאנץ כתרילעווקע אצינד אין אמעריקע. און ס'איז א סברה, אז פּיניעס משפּחה קלייבט זיך אויך אהערצוצו. פּיניעס פֿאָטער, הערש־לייב מעכאניק, און זיין פֿעטער שניאור דער זייגערמאכער שרייבן צו פּיניען, אז זיי וואָלטן שוין לאנג ארויסגעפֿאָרן, האָבן זיי נישט מיט וואָס. בעטן זיי, מע זאָל זיי ארויסשיקן שיפֿסקארטן. קלייבן מיר איצטער א פּעני צו א פּעני. אז מיר וועלן צונויפֿקלייבן די ערשטע עטלעכע טאָלער אויף איינצוצאָלן אן אויפֿגאָב, וועלן מיר זיי ארויסשיקן שיפֿס־קארטן אויף אויסצוצאָלן. און זיי וועלן מיט גאָטס הילף געווים אויסצאָלן. וואָרום זיי קומען אהער נישט מיט ליידיקע הענט. הערש־לייב דער מעכאניק שרייבט, אז ער האָט צוגעטראכט א נייעם אויוון, אזא מין אויוון, וואָס מע דארף צו אים האָבן זייער ווייניק האָלץ. כמעט גאָלע גאָר נישט. ווי אזוי? דאָס איז זיין סוד... און שניאור דער זייגערמאכער האָט אויסגעקלערט א זייגער, וואָס גאנץ אמעריקע וועט לויפֿן קוקן אויף חידושים. וואָס זשע איז דאָס פֿאר א מין זייגער? וועט איר הערן, וואָס מע שרייבט צו פּיניען פֿון דער היים.

ח.

דער זייגער אליין איז א געוויינטלעכער וואנט־זייגער מיט א געוויינלעכן ציפֿערבלאט. נאָר וואָס דען? אז איר קוקט זיך גוט צו צום ציפֿערבלאט, דערזעט איר אויסגעמאָלט די זון מיט דער לבֿנה מיט אלע צוועלף שטערן. ביי טאָג זעט מען מער ארויס די זון. און ביינאכט — די לבֿנה מיט די שטערן. זענט איר פֿארטיק? האָט צייט! אלע מאָל, ווען דער זייגער שלאָגט־אויס צוועלף, עפֿנט זיך אויף פֿאר אייערע אויגן א קליין טירעלע און עס קומט ארויס פֿריער אן אָפּיצער מיט א שפּאגע. דערנאָך צוועלף סאָלדאטן־מוזיקאנטן. דער אָפּיצער טוט א מאך מיט דער שפּאגע, און די צוועלף סאָלדאטן שפּילן אָפּ א מארש און גייען אוועק. מאכט זיך צו דאָס טירעלע — און שוין! ווי מיינט איר, קאָן מען מיט אזא זייגער פֿארדינען געלט אין אמעריקע? אויף דעם זייגער האָט פּיניעס פֿעטער פֿארבראכט היפּשע עטלעכע

יאָר. ער איז שוין געווען ביי אים כמעט אינגאנצן פארטיק. האָט מען אים בעתן פּאָגראָם צעריבן אויף שטיקלעך. נאָר עס מאכט נישט אוים, אבי דער שכל פונעם זייגער איז געבליבן ביי אים. לאָז ער נאָך קומען קיין אמעריקע, וועט שוין זיין, ווי מע זאָגט דאָ, אָלל־רייט.

ט.

און ווי אזוי מיר מאכן א לעבן — האָב איך אייך אלץ נישט געזאָגט. נאָר דאָס לאָז שוין זיין אויף מאָרגן.

XII

# מיר מאכן א לעבן

## א.

דער ערשטער האָט זיך ארויפגעשלאָגן אויף א וועג און גענומען מאכן א לעבן מיין ברודער אליהו. און וועמען האָט ער צו פאַרדאַנקען? דער מאמען, זי גייט אלע שבת דאַוועגען אין כתרילעווקער בית־המדרש, באַגעגנט זי זיך מיט מענטשן. האָט זי זיך באַקענט מיט דער פּרעזידענטיכע, דאָס מיינט מיט דער גבאיטע פון שול. וואָרום א גבאי אין א שול הייסט דאָ פּרעזידענט. די פּרעזידענטיכע איז א ווילע יידענע און האַלט פון מיין מאמען. דערפאַר, וואָס מיין מאמע ווייסט אלע מאָל, ווו דער חזן האַלט און וואָס דער חזן זאָגט. און די היגע ווייבער ווייסן נישט ווער עס האָט זיי געשלייערט. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהוס ווייב ברכה. מיין שוועגערין ברכה זאָגט, אז די היגע ווייבער גייען אין שול נאָר צו באַווייזן זייערע בארליאַנטן. דאָ הייסט דאָס „דיימאַנטס". און אז זיי זענען מחילה גרויסע בהמות. אזוי זאָגט ברכה. און אז זיי ווייסן נישט קיין צלם פאַר קיין אלף. און אז זיי קאָנען נאָר גוט פרעסן און רעדן לשון־הרע... האַקט איר איבער די מאמע און זאָגט, אז „אָט דאָס אליין, מאַכטער לעבן, איז דאָך אויך לשון־הרע"... פאַרענטפערט זיך ברכה, אז זי מעג, וואָרום זי זאָגט דאָס פאַר אייגענע, נישט פאַר פרעמדע... נאָר מיר קערן זיך אום צו־ריק צו דער פּרעזידענטיכע און צו איר מאַן, דעם פּרעזידענט פון דער כתרילעווקער שול.

ב.

האָט איר ווען געהערט פון דער „היברו נייִשאָנאַל וווּרשט־קאָמפּאַניע“? דאָרט פאַרקויפט מען יידישע כשרע קאָלבאַסעס. דאַרע קישקע, געבראָטענע צונגען און געריוכערטע פליישן. אין אַלע עקן שטאָט האָבן זיי „סטאָרס“, ווו איר קומט אַריין קויפן כשר וווּרשט. אויב איר זענט הונגעריק און האָט צייט, הייסט איר אייך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך, נאָר וואָס פון דער זאַד, און איר עסט דאָס מיט כריין, אָדער מיט זענעפט. ווי אַזוי איר ווילט. אויב איר זענט נישט קורץ אין געלט, קאָנט איר זיך הייסן דערלאַנגען נאָך אַ פּאָרציע. איך און מיין חבר מענדל האָבן אַמאָל אַריינגעשטעלט דריי פּאָרציעס און האָבן געפילט, אַז מיר וואָלטן בייגעקומען נאָך צוויי פּאָרציעס — איז ביי אונדז אָבער אויסגעגאַנגען פּאָדעס... נאָר נישט דאָס האָב איך אייך געוואָלט דערציילן.

ג.

וואָס איך האָב אייך געוואָלט דערציילן איז אָט וואָס. דער פּרעזידענט פון אונדזער שול איז איינער פון די באַלעבאַטים אין דער „היבדו נייִשאָנאַל וווּרטש־קאָמפּאַניע“. האָט די מאַמע דורך דער פּרעזידענטיכע געפּועלט ביים פּרעזידענט, אַז מע זאָל אַריינעמען מיין ברודער אליהו און דער „היברו נייִשאָנאַל וווּרשט־קאָמפּאַניע“ פאַר אַ מענטשען. דאָ הייסט עס אַ סיילעסמאַן, אַ פאַר־קויפער. און נישט נאָר אַ פאַרקויפער אַליין, נאָר טאַקע אַ „ווייטער“ אויך. דאָס הייסט, אַז איינער קומט אַריין און הייסט זיך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך — דאַרף מען זיך נישט שעמען און דערלאַנגען. האָט זיך אַפילו מיין ברודער די ערשטע צייט געבּרעקלט: „ס'טייטש, אַ יונגערמאַן מיט אַ בערדל, פּייסי דעם חזנס אַ זון און יונה דעם בעקערס אַן איידעם, זאָל זיין אַ משרת!“... האָט אים אונדזער חבר פּיניע אַוועקגעגעבן אַ גאָב. „וואָס מיינסטו? — האָט אים פּיניע געריבן די ביינער. — דו מיינסט, אַז דו ביסט אײנעם פאַרשאָלטענעם כתרילעווקע? דו ביסט אין אַמעריקע ביסטו! אין אַמעריקע האָבן אַזעלכע פיינע מענטשן, ווי דו, למשל, אַ קאַרנעגי, אַ ראָקעפעלער, אַ וואַנדערבילד, געפּעדלט מיט גאַזעטן, אַרומגעטראָגן שוועבעלעך (דאָ הייסט עס „מעטשעס“) און געפּוצט שטיוול אויף דער סטריט!

לייען די געשיכטע פון א דזשאָרדזש וואשינגטאָן, פון אן איי־בראם לינקאָלן, אָדער פון אנדערע גרויסע לייט, וועסטו זען, אז פּייסי דעם חזנס זון מעג אָנשטיין פּארקויפן קישקעלעך"...

ד.

דאָ האָט אָבער אונדזער חבר פּיניע געכאפּט א מיאוסן פּסק פון מיין מאמען. וואָרום כל זמן פּיניע האָט געשאָטן מיט נע־מען: קארנעגי, ראָקענפעלער, וואנדערבילד, — האָט איר נישט געארט. נאָר אז ער האָט דערמאָנט דזשאָרדזש וואשינגטאָן און אייבראם לינקאָלן אינאיינעם מיט מיין טאטן פּייסי דעם חזן — האָט דאָס איר פארדראָסן. זי האָט געזאָגט, אז זי קען נישט וואשינגטאָנען און וויים נישט ווער אברהם לינקאָלן איז געווען. עס קאָן זייער זיין, אז דאָס זענען געווען גאנץ לייטישע מענטשן און גאנץ שיינע יידן. נאָר זי וויל נישט, מע זאָל איר מאנס נאָמען באציען אהער קיין אמעריקע. לאָז ער זיך זיין, זאָגט זי, דאָרטן אין גן־עדן א גוטער מליץ פאר איר און פאר אייך און פאר כל ישראל.

— אמן! — זאָג איך, און כאפּ א פּאטש פון מיין ברודער אליהו — איך זאָל נישט זיין קיין עזות־פּנים.

ה.

בקיצור — מיין ברודער אליהו האָט א דזשאב און מאכט א לעבן. ער פּארקויפט קישקעלעך און דערלאנגט צום טיש און באקומט דערפאר, ערשטנס, פינף טאָלער א וואָך, און א חוץ לזה, צוויי מאָל אין טאָג עסן — איז אויך עפּעס ווערט. הייגט וואָס איז ווערט דאָס וואָס עס קומען אריין אין „סטאָר" קויפן פלייש א וועלט מיט מענטשן? אלע טאָג מאכט ער נייע באַ־קאנטשאפטן מיט די פיינסטע לייט פון ניו־יאָרק. עס איז דאָ א האָפענונג, אז מיין ברודער זאָל גיין העכער און העכער. מחמת ער איז באליבט פון די באלעבאטים און זייער בכבודיק ביי די קאָסטאָמערס. א קאָסטאָמער האָט הנאה, אז אים באדינט א מאטנס א קינד. נישט קיין געבוירענער משרת... איין שטיקעלע חסרון האָט מיין ברודער — דאָס וואָס עס וואקסט אים, נישט פאר אייך געדאכט, א באָרד. ער זאָל נישט האָבן קיין באָרד,

וואָלט ער געווען גאָר־גאָר אָלל־רייט. איז אָבער, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זיך זיין באָרד אין אמעריקע ביי אים צעוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג. דאָס הייסט, מער אין דער ברייט ווי אין דער לענג. זאָגט אים פיניע, אז ער וואָלט געמעגט דאָס בערדל, אויף אמעריקאנער לשון גערעדט, אביסל „צו־פיקסן", אזוי ווי ער פיניע, האָט געטאָן. ער האָט זיך אריינגע־כאַפּט צו א שערער (דאָ הייסט עס א באַרבערשאַפּ") און האָט זיך אוועקגעזעצט, זאָגט ער, אויפן „טשער" (אזא שטול) און פארוואָרפן דעם קאָפּ און נישט געזאָגט קיין וואָרט. מחמת ער האָט נאָך דעמלט נישט געקאָנט רעדן קיין ענגליש. איז צוגע־גאנגען דער שערער, דער „באַרבער" הייסט עס, און האָט אים, זאָגט ער, אָנגענומען ביי דער נאָז — אזוי זאָגט פיניע — און האָט נישט געטאָן גאָרנישט. ער האָט אים, זאָגט ער, נאָר אָנ־געזייפט גוט דאָס גאנצע פּנים און איז זיך דורכגעגאנגען מיט א גאָלמעסער מער נישט אז צוויי מאָל, און האָט אים געהייסן אויפשטיין, און אז ער איז אויפגעשטאנען, אזוי דערציילט פּי־ניע, און האָט געגעבן א קוק אין שפּיגל, האָט ער זיך אליין נישט דערקענט. אויף זיין פּנים איז נישט געבליבן, איר זאָלט זאָגן, א סימן פון א באָרד, אָדער פון וואָנסעס. גלאַט, ווי א לאָקשנברעט. עס האָט זיך אים, זאָגט ער, אויסגעוויזן, אז ער שמייכלט... וויי־וויי, וואָס ער האָט געהאט פון זיין וויב טייבל! זי האָט געבער געחלשט צוויי מאָל און איז אזש קראַנק געוואָרן פון צרות און פאַר בזיון. דאָס איז אָבער נאָר געווען די ערשטע צייט, איצט האָט זי זיך שוין צוגעוווינט. איר פיניע גאָלט זיך אלע וואָך דאָס גאנצע פּנים און זעט אויס, ווי אן עכטער אמע־ריקאנער. ער רעדט שוין גאָר ענגליש און קייעט שוין כסדר „טשואינגגאָם". ער שלינגט דאָס שוין אָבער מער נישט אַראָפּ... דערצו, ווען ער זאָל נאָך וועלן אכטונג געבן, די מאַנישקע זאָל זיך ביי אים נישט צעשפּילען, דאָס האַלדזטיכל זאָל זיין אויף אן אָרט, און ביידע הויזן זאָלן זיין גלייך, נישט איינער אַראָפּ, דער אנדערער ארויף, — וואָלט ער שוין געווען א גאַנצער דזשענ־טעלמען, א ספּאָרט.

ו.

פיניע זאָל נישט האָבן אויף זיך קיין דרייקאָפּ (ער שטאַמט דאָך פון א משפּחה פון „קעמפּענטשן"). און דער קאָפּ זיינער זאָל אים נישט טראָגן אין די גרויסע געשעפטן, וואָס דאָ הייסט

עס „ביזנעס“, וואָלט ער געקאָנט מאכן א לעבן. ער מאכט אזוי אויך א לעבן. נאָר דער חסרון איז, וואָס ער וואַרפט זיך אַלע מאָל אויף אַן אנדער דזשאָב. דערפאַר האָט ער א מעלה, וואָס ער שעמט זיך נישט מיט קיין אַרבעט אין דער וועלט. ער וועט אייך טאָן וואָס איר וועט אים הייסן, אבי מאכן א טאָלער. קערן די סטריט — איז קערן די סטריט. שאַרן קוילן — איז שאַרן קוילן. פּעדלען מיט גאַזעטן — איז אוודאי גוט. אַמעריקע, זאָגט ער, איז א פרייע מדינה און א בזיון איז, זאָגט ער, נאָר גנבע־נען. דערפאַר, זאָגט ער, אַרבעטן דאָ אַלע און קיינער גנבעט נישט. גנבענען, זאָגט ער, גנבענען דאָ נאָר די איטאַליענער, א געבוירענער אַן אַמעריקאַנער, זאָגט ער, וועט נישט גנבענען, עס מעג ליגן גאָלד. א אַמעריקאַנער וועט אייך קיינמאָל נישט אָפּ־נאַרן. און קיין ליגן וועט אייך קיינמאָל אַן אַמעריקאַנער נישט זאָגן. אזוי דרינגט פּיניע. ער האָט שוין אפילו געמאכט א ליד אויף אַמעריקע. דאָס גאַנצע ליד געדענק איך נישט. עטלעכע שורות פון דעם קאָן איך אייך זאָגן אויף אויסנווייניק. אָט אזוי הייבט זיך עס אָן ביי אים:

„קאָלומבוסעס מדינה
איז א לאַנד פאַר גרינע.
דאָס איינציקע געבליבן,
וואָס א ייד מאַכט דאָ א לעבן...
דאָס לאַנד איז גרויס
גאָר אָן א סוף.
דאָ האַקט מען נישט קיין טשייניק,
דאָ ווייסט מען נישט פון בלאָף...“

דערנאָך זינגט זיך ביי אים ווייטער און ווייטער, און לאָזן לאָזט ער אויס מיט אזא מין גראַם:

„אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון יושר,
האָט א פּרעזידענט און נישט קיין קייסער“...

לאַכט פון אים מיין ברודער אליהו. ער זאָגט, אז „יושר“ גראַמט זיך עפּעס נישט אזוי גוט מיט „קייסער“. ענטפערט אים פּיניע מיט א משל: „אז דער מאַן הייסט מענדל, מעג מען עסן פון זיין פענדל. און אז דער מאַן הייסט לייזער, איז א רוח אים אין טאַטן... פרעגט די וועלט א קשיא: וווּ איז דאָ דער גראַם? איז דער תירוץ: א רוח אים אין טאַטן אָן א גראַם“...

ז.

איר מיינט, אז אונדזערע ווייבער מאכן נישט קיין לעבן? איך מיין דאָס מיין ברודער אליהום ווייב ברכה און אונדזער חבר פּיניעס ווייבל טייבל. זיי ארבעטן ביי „נעק־טיים" (מע־נערשע שניפּסן). און ווען האָבן זיי צו פאַרדאַנקען? ווידער אמאָל מיין מאמען, אין ווידער אמאָל צוליב דעם, וואָס זי גייט אלע שבת אין שול אריין. דאָרט האָט זי זיך באקענט מיט אן אָלרייטניטשקע, א נגידות הייסט עס (א נגיד הייסט דאָ אן „אָל־רייטניק"). די דאָזיקע אָלרייטניטשקע איז אמאָל געווען, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, א דינסט־מיידל ביי אונדז אין כתרילעווקע, טאקע ביי רב יאָסי דעם נגיד. איר נאָמען איז קריינדל. מיט דער קריינדלען איז א גאנצע געשיכטע, וואָס קאָן דערציילט ווערן אין קורצן.

ח.

ביי אונדז, אין כתרילעווקע, איז אמאָל געווען א קצב מיטן נאָמען מלך. מלך דער קצב. האָט דער מלך געהאט א יונג מיטן נאָמען נחמיה. האָט ער זיך פאַרליבט, אָט דער נחמיה הייסט עס, אין דער מויד, אין קריינדלען, און געוואָלט מיט איר חתונה האָבן. האָט ער נישט געהאט מיט וואָס. האָט ער זיך מיישב געווען איינמאָל, — מלך דער קצב האָט אים געגעבן געלט, ער זאָל פאָרן אויפן יאריד קויפן א בהמה, — האָט ער גענומען דאָס געלט, נחמיה הייסט עס, און איז אוועק מיט דער מויד, מיט קריינדלען הייסט עס, קיין אמעריקע. האָט דאָס אים בא־גליקט און ער איז געוואָרן אן אָלרייטניק, און קריינדל איז געוואָרן אן אָלרייטניטשקע, איצט האָבן זיי א פאבריק. דאָ הייסט עס א פעקטאָרי, פון נעק־טיים, דאָס הייסט פון האלדזטיכלער. האָט זיך געטראָפן א מעשה, די אָלרייטניטשקע, קריינדל הייסט דאָס, האָט געהאט יאָרצייט נאָך איר מאמען. איז זי געקומען אין שול און האָט זיך צערעדט מיט דער מאמען און זיך גע־לאָזט דערקענען. דערהערט פון דער מאמען, אז מיין טאטע איז געווען פייסי דער חזן, האָט זי זיך נאָך מער צוגעלאָזט צו מיין מאמען און צוגעזאָגט אונדז באהילפיק צו זיין מיט וואָס נאָר מעגלעך. האָט איר די מאמע געזאָגט, אז קיין הילף וויל זי נישט, זי פארלאנגט נאָר ארבעט פאר אירע קינדער. א וואָרט און א

וואָרט — די אָלרייטניטשקע האָט אויסגעפּועלט ביי איר מאַן דעם אָלרייטניק, ער זאָל געבן אַן אָרט ביי זיך אין דער פּעקטאָרי פאַר מיין שוועגערין ברכה און פאַר אונדזער חבר פּיניעס ווייבל טייבל. זענען זיי א פּאָר וואָכן געגאַנגען אויף בראָדוויי ארבעטן אין דער פּעקטאָרי. און דערנאָך האָט די מאַמע געפּועלט, מע זאָל זיי געבן ארבעט אהיים, נישט זיצן א גאַנצן טאָג אין שאַפּ.

ט.

עס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן: כל זמן דער „סי־זען" האָט זיך געהאַלטן, איז מען געווען „ביזי", דאָס הייסט, מע האָט געהאַט ארבעט. שפּעטער, אַז ס'איז געוואָרן „סלעק־טיים", דאָס הייסט, ס'איז קיין ארבעט נישט געווען, זענען אונדזערע ווייבער געבליבן אָן ארבעט. מיר האָבן זיך אָבער שטאַרק נישט גענומען צום הארצן, וואָרום „גאָט איז א פּאָטער — מיט איין האַנט שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער". אַזוי זאָגט די מאַמע. איך פאַרשטיי דאָס נישט מיטן שכל: צו וואָס דאַרף גאָט שטראָפן און דערנאָך היילן? אמער, לאָז ער נישט שטראָפן, וועט ער פאַרשפּאָרן היילן... און ווידער זאָגט די מאַמע, „אַז גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה"...

י.

אקעגן וואָס זאָגט זי דאָס? — וועט איר באַלד הערן. נאָר לאָמיר זיך אביסל אָפּרוען, כדי איך זאָל כוח האָבן דערציילן ווייטער.

XIII

# די רפואה פאר דער מכה

## א.

איך האָב אייך צוגעזאָגט דערציילן, וואָס מיין מאמע האָט געמיינט מיט דעם, וואָס זי זאָגט, אז „גאָט שיקט צו די רפואה פאר דער מכה“? אזוי איז געווען די מעשה:

מיין ברודער אליהו איז נמאס געוואָרן צו דינען אין דער „יידישער נייִשאָנאַל ווורשט־קאָמפּאַניע“. ס'איז נישט פאר אים קיין דזשאָב. פארגעסט נישט, אז מיין ברודער אליהו איז פּייסי דעם חזנס א זון. ער איז א יונגערמאן אן איידעלער. ער האָט א קול־נגינה. קאָן גאנץ פיין דאַווענען פארן עמוד. ווי פּאַסט דאָס פאר אזא יונגנמאן צו דערלאנגען קישקעלעך צום טיש? דאָס דערלאנגען אליין וואָלט נאָך אפשר נישט אויסגעמאכט, זענען אָבער פאראן אלערליי מענטשן. פאראן מענטשן איידעלע. אן איידעלמאן, א טאטנס א קינד, קומט אריין און הייסט זיך דערלאנגען א פּאָרציע ווורשטלעך און זעצט זיך אוועק, עסט אויף די ווורשטלעך, באצאָלט און גוט באַי.

## ב.

פאראן אָבער אזעלכער, וואָס איז נישט קיין איידעלמאן. עס מאכט זיך אמאָל א גראָבער נפש. קאָכט ער אוים דאָס וואסער. דאָס זענען אים די קישקעלעך נישט געווען היים. דאָס פעלט אים זענעפּט. און אז ער רעדט, זאָגט ער נישט, ווי א מענטש: „זייט=

זשע מוחל, גיט מיר נאָך א פּאָרציע". נאָר ער טוט א פּייף, אָדער א קנאַק מיט די פינגער און א הוק: „סעי וועיטער! גיוו מי נאָך א פּאָרציע!" און מיין ברודער אליהו איז נישט געוווינט געוואָרן, מע זאָל צו אים אזוי רעדן. ווערט ער אָנגעצונדן. ער ענטפערט נישט אזא גראָביאַן. ווערט דער גראָביאַן אין כעס און שרייט נאָך העכער: „סעי, פּראָפעסאָר! קאם היער!" ענטפערט אים דעמלט אליהו: „וואָס פאר א פּראָפעסאָר בין איך אייך?"... ווערט יענער נאָך מער אין כעס און צעשרייט זיך. דערהערט דער באַלעבאָס. קומט ער צו צו מיין ברודער און פרעגט אים: „וואט איז די מערידער וויט יו?" דאָס הייסט: וואָס טוט זיך עם מיט דיר?... ענטפערט אים נישט אליהו. פרעגט אים דער באַלעבאָס: „פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, אז מע פרעגט דיך?" זאָגט אים אליהו: „פרעגט מיך ווי א מענטש, וועל איך אייך ענטפערן". פרעגט אים דער באַלעבאָס: „וועלכעס הייסט ווי א מענטש?" ענטפערט אים אליהו: „א מענטש רעדט אויף יידיש"... פרעגט אים ווידער דער באָס: „און אז איך רעד אויף ענגליש, בין איך א פּיפערנאָטער?"... ענטפערט אים אליהו: „עס קאָן זיין"...

— אויב אזוי, — זאָגט צו אים דער באָס — קריגסטו די סעק. דאָס הייסט, דו קאָנסט מאָרגן זיצן אין דער היים...

ג.

„דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט, אבי נישט פאַרקויפן קיין קישקעלעך". אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. אונדזער חבר פּיניע שטימט מיט אים נישט איין. פּיניע גייט מיט דעם גאנג, אז אמעריקע איז א פרייע מדינה, אז אין אמעריקע באַדאַרף אלצדינג אָנשטיין. און טאָמער ווילט איר אים איבערשפּאַרן, הייבט ער באלד אָן מיט זיינע מיליאָנערן: קאַרנעגי... וואַנדערבילד... ראָקענפעלער... פרעגט אים אליהו:

— פונוואנען קענסטו זיך מיט די דאָזיקע לייט?

ענטפערט אים פּיניע אָפּ:

— למאי פון וואנען וויים איך, וואָס אין דעם רוסישן „הויף" טוט זיך?

פרעגט אים ווידער אליהו:

— נו־יאָ, פונוואנען ווייסטו דאָס?

ענטפערט אים פּיניע אָפּ:

— זאָלסט לייענען אזוי פיל ראָמאַנען, ווי איך, וואָלסטו אפשר אויך געוווּסט...

ד.

דאָס מיינט פיניע די ביכער, וואָס ער לייענט ביי אונדזער משה דעם איינבינדער. זיי זענען געדרוקט אויף פראָסט יידיש. און גראָב זענען זיי. און שווער. שווערער פון דער מאמעס טייטש-חומש. משה דער איינבינדער גיט זיי אויף איבערלייענען. ער מאכט דערפון א לעבן. וואָרום איין בוך לייענען אפשר הונ- דערט מענטשן. צום מייניסטן, ווייבער. ווייבער האָבן ליב ראָ- מאנען. מיין שוועגערין ברכה לייענט זיי אַלע שבת בייטאָג, ווי א וואסער. מיין מאמע און פיניעס ווייב טייבל האָבן ליב צו הערן, ווי ברכה לייענט. די מאמע ווערט באלד אנטשלאָפן. נאָר טייבל הערט און זיפצט. אמאָל וויינט זי. זי האָט א ווייך האַרץ. ס'זאָל נישט זיין שבת און מע זאָל מעגן, וואָלט איך אויסגעמאָלט מיט א פענזל אויף פאפיר, ווי אזוי ברכה לייענט, און ווי אזוי די מאמע שלאָפט, און ווי אזוי טייבל וויינט...

נאָר מיר האָבן זיך א ביסל פאררעדט, און מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט, ווי אזוי גאָט שיקט צו די רפואה פאר דער מכה.

ה.

פריער — וועגן דער מכה. געווים איז דאָס א מכה, אז א יונגערמאן, ווי מיין ברודער אליהו, גייט ארום אָן א שטאָך ארבעט. ער קאָן נישט טאָן דאָס, וואָס אונדזער פיניע טוט. פיניען, למשל, שטייט אָן נעמען א לאָפּאטע ווינטער און רייניקן דעם שניי פון דעם טראָטואַר... אליהו זאָגט, אז ער וואָלט אויך גע- גאנגען רייניקן דעם שניי, נאָר נישט אין סטריט. זאָגט צו אים פיניע: „וואָס דען האָסטו געוואָלט? מע זאָל דיר אריינטראָגן דיין פאָרציע שניי אין שטוב אריין?“ ברענט דאָס אליהון, וואָס פיניע איז אויפגעלייגט.

— אפּנים, ס'איז דיר גוט, וואָס דו זאָגסט ווערטלעך? — טוט אים אליהו א זאָג און באקומט פון אים אן ענטפער.

— שור איז מיר גוט, אז איך דערמאָן זיך, אז איך בין אין אמעריקא, נישט אין פאָגראָמענלאנד.

— א גדולה אויף דיין באבען! — זאָגט אליהו, און פאר הארצווייטיק גייט ער אוועק גאָר אין שול אריין, אין כתרי- לעוווקער בית-המדרש. און דאָ, אין כתרילעוווקער בית-המדרש, קומט די רפואה צו דער מכה. ווי אזוי? וועט איר הערן א שיינס.

ו.

מיר דאכט, איך האָב אייך שוין אמאָל דערציילט, אז אין דעם זומער, וואָס מיר האָבן זיך ארומגעשלעפּט איבערן לאָנ־דאָנער ווהייטשעפּעל, איז דערווייל אין דער אלטער היים, אין אונדזער ליבן כתרילעווקע, אויסגעבראָכן א כפול־שמונהדיקער פּאָגראָם מיט א שרפה א צוגאָב. וואָס מע האָט געקאָנט רא־בעווען, האָט מען געראבעוועט, וואָס מע האָט געקאָנט צעברעכן, האָט מען צעבראָכן. דאָס איבעריקע האָט מען אונטערגעצונדן און פארברענט. מילא, פון אָרעמע לייט שמועסט מען נישט. אחוץ די עטלעכע קישעלעך האָבן זיי נישט געהאט וואָס צו פארלירן. זיי האָבן געדאנקט גאָט, וואָס זיי זענען כאָטש ארויס מיטן לעבן. וואָרום עס זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבן געכאפּט קלעפּ, און אזעלכע וואָס זענען פון די קלעפּ געשטאָרבן. אָרעמע עופהלעך נעבעך זענען א טייל צעריסן געוואָרן פון די כוליגאנעס און א טייל זענען אויסגעגאנגען פון הונגער. גאָר פון די רעדט מען נישט. רעדן רעדט מען פון יענע, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי געווען נגידים, גבירים, אדירים, און היינט זענען זיי געבליבן קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים, אָן א העמד אויפן לייב און אָן א שטיקל ברויט. אָט פון די דאָזיקע געפאלענע, אז מע טוט א טראכט, — אזוי זאָגן אונדזערע לייט — גייט איבער א פראָסט איבערן לייב! פארוואָס גייט נישט איבער קיין פראָסט איבערן לייב, אז מע טוט א טראכט וועגן די אָרעמע לייט און וועגן זייערע אָרעמע עופהלעך, וואָס זענען צעריסן געוואָרן פון די כוליגאנעס און וואָס זענען אויסגעגאנגען פאר הונגער? — דאָס קאָן איך נישט פארשטיין. מיין חבר מענדל אויך נישט. ער זאָגט, אז די כתרילעווקער יידן האָבן שוין אזא טבע: אז אָרעמאן, אז ער גייט אויס פון הונגער, איז ביי זיי גאָר נישט. און א נגיד אז ער ווערט א קבצן — כאפּט זיי אוועק דער רוח!...

ז.

בקיצור — צווישן אונדזערע כתרילעווקער נגידים, גבירים, אדירים איז געווען איינער מיטן נאָמען משה־נח. אחוץ וואָס ער האָט געהאט אן איינענע שטוב מיט א הויף, מיט א גאָרטן, איז ער גלאט געווען א גביר. א סימן: זומער פלעגט ער ארומ־גיין אין די גאטקעס. דאָס הייסט, אין די אונטערהויזן. און אויף די אונטערהויזן — א כאלאט. א ייד אן אָרעמאן וועט נישט

וואגן באווייזן זיך אין די אונטערהויזן. מסתמא, דארף מען רעכענען, איז ער א תקיף, א ייד א גביר — וועמען הערט ער?... היינט ווייסט די גאנצע וועלט, אז פון זיין מאמען איז אים געבליבן בירושה דריי קלייטן אין מיטן מארק. און א בהמה האָט ער געהאט אלע מאָל א מעלקעדיקע. די דריי קלייטן האָבן אים געגוג אריינגעטראָגן צום לעבן. נאָך איבער געגוג. פונדעסטוועגן האָט זיין ווייב נחמה־מירל (מע האָט זי גערופן „דחבה־בירל"), דערפאר, וואָס זי האָט א פארלייגטע נאָז. גע־שלעפט פון דער מעלקעדיקער בהמה כמעט די גאנצע הוצאה פון דער שטוב. און בכדי מע זאָל איר נישט געבן קיין עין־הרע, האָט „דחבה־בירל" ליב געהאט זיך קלאָגן, אז איר „בהבה" האָט זיך אויפגעהערט צו „בעלקן" און זי גיט נישט קיין „בילך"... נאָר כתרילוועקע נארט מען נישט אָפּ. אלע האָבן געוווסט, אז ס'איז א ליגן — די בהמה האָט זיך נישט אויפ־געהערט צו מעלקן און זי גיט מילך... היינט שטעלט אייך פאָר, אז אזא ייד, ווי משה־נח, אנטלויפט קיין אמעריקע. א נאקעטער, א באָרוועסער, ווי די מאמע האָט אים געהאט, — זאָל מען אויף אים נישט האָבן קיין רחמנות? נאָר וואָס קאָן טון משה־נח אין אמעריקע? ער וועט דאָך נישט גיין ארבעטן אין א שאפּ. זיינע קינדער אויך נישט. האָבן זיך די חברה „אנשי כתרילעווקע" אויף אים ארומגעקוקט און האָבן אים געמאכט פאר א שמש אינעם כתרילעווקער בית־המדרש.

ח.

אין אמעריקע א שמש זאָלט איר נישט אוועקמאכן מיט דער האנט. אין אמעריקע א שמש לעבט שענער ווי אין כתרילעווקע א באלעבאָס. פון יאָרצייטן אליין קאָן מען דאָ נתעשר ווערן. מע האלט דאָ זייער שטארק פון יאָרצייטן. א גאנץ יאָר דאַוונט מען דאָ נישט. מע האָט קיין צייט נישט. „טיים איז מאָני" — צייט איז געלט. אזוי גייט דאָ דאָס לשון. נאָר אז איינער האָט יאָרצייט — ווארפט ער אוועק אלע ביזנעס און לויפט אין שול אריין. און פון שול לויפט ער אוועק אין א יידישן רעסטאָראנט און הייסט זיך געבן א כשרן אָנבייסן, וואָרום ער האָט יאָרצייט. און ווייבאלד ער האָט יאָרצייט, לעקט אָפּ דער שמש א ביינדל. און ווער שמועסט א בר־מצווה — דעמלט פאלט שוין אריין דעם שמש גאָר א גראָבס. ביי אונדז, אין דער אלטער היים, אז א ייִנגל ווערט בר־

מצווה, טוט מען אים אָן תפילין און ער מוז שוין גיין אַלע טאָג דאַווענען. דאָ, אין אמעריקע, א בר־מצווה — איז א יום־טוב. מע טוט אָן דעם בחור'ל א טליתל. מע רופט אים אויף, ווי א חתן, צו דער תורה. ער קוויטשעט אויס, ווי א יונג האָנעכל, די הפטורה. דערנאָך הייבט ער אויף די הענטלעך און בעלע־בעטשעט עפּעס א דרשה, אויסגעחזרט אויף אויסנווייניק, און דווקא אויף אייננלעש. חס־וחלילה נישט אויף יידיש. דערנאָך גייט צו דער ראבינער (דאָ הייסט ער „ראביי“, און גייט געגאָלט דאָס גאנצע פּנים. און זעט אויס ווי ביי אונדז א פּוילישער קסיאָנדז). ער לייגט ארויף די ברייטע ארבל אויפן בר־מצווה און בענטשט אים „יברכך“....

ט.

קורץ, משה־נח האָט א גוטן דזשאב. איין זאך נאָר, וואָס ער מוז נעבעך אליין גיין צו די באַלעבאַטים קאָלעקטן. דאָס הייסט, איינמאָנען די „בעבור־שנדרם“ מיט די דיוס. דאָס הייסט, דאָס חודש־געלט פון די באַלעבאַטים. נו, פּאַסט דאָס פאר א יידן, וואָס איז ערשט נישט לאנג געווען א נגיד, — זאָל גיין קאָלעקטן? זיין ווייב „דחבה־בירל“ האָט אזש געוויינט פאר מיין מאמען, אויסגעגאָסן איר גאנץ ביטער הארץ פאר איר. זי האָט געזאָגט: איר בעגט מיר גלויבן בדאבדות, אז איטלעכט באָל, וואָס בייד באד דארף גיין האָדער בעבור שדררם, זעט ער זיך ביטד בלאך־הבוות....“ איך האָב מורא, אז קיינער פון אייך וועט נישט פארשטיין אזא לשון. עפּעס קומט דאָס אויס תרגום. מוז מען אייך איבערעזצן: „איר מעגט מיר גלויבן בנאמנות, אז איטליכם מאָל, וואָס מיין מאן גייט מאָנען בעבור־שנדרם, זעט ער זיך מיטן מלאך־המות“.... אויסגעהערט פון נחמה־מירלען איר ביטער הארץ, גיט איר מיין מאמע א גלייכע עצה, אז איר משה־נח זאָל נעמען מיין ברודער אליהו פאר א קאָלעקטאָר. אים וועט דאָס זיין א הילף, און מיין ברודער וועט מאכן א לעבן... פאר־שטייט זיך, אז משה־נח האָט זיך אָנגעכאפּט אין דעם פּלאן מיטביידע הענט. מיין ברודער אליהו האָט זיך אפילו צום אָנהייב א ביסל געקווענקלט. ס'איז אים נאָך געווען א ביסל פּריקרע. איז אונדזער חבר פּיניע אים געקומען צו הילף. ער האָט זיך צעלאָזט מיט זיין לשון, ווי ער קאָן. ער האָט אוועקגעגעבן אליהון א רעכטע פּאָרציע:

— איך פארשטיי נישט, וואָס איז מיט דיר די גרויסקייט? מיט וואָס ביסטו מער מיוחס פון קארנעגי, ראָקענפעלער, וואנדער־בילד?... און — פאשאָל!

פיניע, אז ער וויל, קאָן ער!

### י.

ווער וואָלט זיך עס, אשטייגער, גערעכט, אז פון אזא קליינעם דזשאב, ווי זיין א קאָלעקטאָר ביי א שמש פון א שול, זאָל זיך אויספיקן מיט דער צייט א סך א גרעסערער דזשאב? און נישט איין דזשאב, נאָר צוויי דזשאבן. איין דזשאב אלס קאָלעקטאָר פון א פוירניטשור־ביזנעס פאר מיין ברודער אליהו. און דער אנדערער דזשאב אלס קאָלעקטאָר פון א אינשורענס־קאָמפאניע — פאר אונדזער חבר פיניע. נאָר איך זע נאָך אייערע פנימער, אז איר הייבט נישט אָן צו פארשטיין, וואָס איז אזעלכעס „פויר־ניטשור" און וואָס איז „אינשורענס". ווארט מיר צו א ווײַלע — איך וועל אייך אלצדינג דערקלערן.

# XIV

# מיר קאָלעקטן

## א.

דערפאַר איז גוט אין אמעריקע, וואָס אַלצדינג טראָגט מען אריין אין שטוב אריין. און אַלצדינג גיט מען דאָ אייך אויף אויסצאָלן. פאַר איין טאָלער א וואָך קאָנט איר אייך אויסמעבלירן אייער שטוב, ווי א גראַף. דאָ זאָגט מען נישט „אויסמעבלירן“. דאָ זאָגט מען, „אויספוירנישן“. וואָרום מעבל הייסט דאָ „פוירניטשור“. פונוואַנען שטאַמט דאָס וואָרט „פוירניטשור“ — ווייס איך נישט. מיין ברודער אליהו דענקט, אז דאָס דאַרף וואַקסן פון צוויי ווערטער: „פאָרניט“ — פון „פאָרינט“, און „טשער“ — א בענקעל, א שטול. זאָגט אָבער אונדזער חבר פיניע, אז עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. ערשטנס, וואָס עפּעס פון פאָרינט, פארוואָס נישט פון הינטן? און פארוואָס עפּעס גראָד א שטול, פארוואָס נישט קיין שפּיגל? און צווייטנס, זאָגט מען דען פאָרניטשער? מע זאָגט דאָך גאָר „פוירניטשער”. און דריטנס, מע זאָגט נישט „פויערניטשער“ נאָר „פויערניטשיר“ מיט א חיריק. זאָגט אים אליהו, אז נאָר א משוגענער וועט זאָגן פוירניטשיר מיט א חיריק. א קלאָרער מענטש וועט אַלע מאָל זאָגן מיט א סגול — „פוירניטשער“. אזוי לאַנג האָבן זיי זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט, עס האָט שוין כמעט געהאַלטן ביי פּעטש. א גליק וואָס ברכה איז דערביי געווען, האָט זי נישט דערלאָזט. ביז ס'איז געבליבן, מע זאָל א פרעג טון אן אמתן אמעריקאַנער. דאָס הייסט, טאַקע ביי א יידן, נאָר ביי אזא יידן, וואָס איז נישט קיין גרינער.

דאָס הייסט, אַזעלכער, וואָס איז שוין דאָ אין לאַנד כאָטש א יאָר עטלעכע און צוואַנציק. לאָזט זיך אויס, אז דאָס וואָרט פּוירנימשער לייגט זיך נישט אויס נישט מיט א חיריק און נישט מיט א סגול, נאָר מיט א מלופּום. דאָס הייסט, מע דאַרף גאָר זאָגן „פּוירני־משור“. היינט גייט זייט א חכם!

ב.

קיינער קויפט דאָ נישט א זאַך פאַר מזומן געלט. סיידן אַזאַ ייד, ווי דזשייקאָב שיף. ער איז דער רייכסטער מענטש, זאָגט מען, אין אמעריקע. רייכער פון אים איז שוין נישטאָ. אזוי זאָגט מיין ברודער אליהו. און אונדזער חבר פּיניע דרינגט, אז ניין. ער זאָגט, אז קאַרנעגי איז א סך רייכער. וואַנדערבילד — אוודאי. און ראָקענפעלער — אוודאי און אוודאי! זאָגט אָבער אליהו: לאָ מיט א ספּאָדיק! יענע זענען אפשר רייכער אין ערד, אין אימע־ניעס. אָבער אין מזומן געלט — בלאָטע! — איז שיף רייכער פון זיי אלע. הייבט שוין פּיניע אָן ארויס פון די כלים און צעשרייט זיך אויף מיין ברודער אליהון, אז ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט. וואָס ראָקענפעלער צעשענקט א יאָר נדבות נאָר, פאַרמאָגט דאָס אפשר נישט שיף אויף זיין מאַיאָנטעק. ווערט שוין מיין ברודער אליהו אין כעס און זאָגט אויף פּיניען, אז ער איז א שונא־ישראל, אן אנטיסעמיט, וואָרום אפילו ס'זאָל זיין אמת, אז ראָקענפעלער זאָל זיין רייכער פון שיפן, דאַרף ער אויך זאָגן, אז שיף איז רייכער. וואָרום ראָקענפעלער איז א גוי, און שיף איז א ייד. צעלאָזט זיך פּיניע און זאָגט:

— און אז שיף זאָל זיין דריי מאָל א ייד, דעריבער זאָל איך זאָגן א ליגן? דו פאַרגעסט זיך, אליהו, צו אָפט, אז מיר זענען אין אמעריקע, און אז אמעריקע האָט פיינט בלאָף?

— אזוי פיל מכות זאָל זיך זעצן אונדזערער שונאים אויף אַזאַ אן אָרט, ווו איך ווייס, און אזוי פיל גוטע יאָר זאָלן מיר אלע האָבן, וויפל ליגנס עס ווערט אויסגערעדט א טאָג נאָר אין ניו־יאָרק אליין, א חוץ ברוקלין און א חוץ בראָנזוויל און א חוץ די בראָנקס!

אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה, און זייער שפּארן זיך נעמט א סוף.

ג.

וויבאלד, אז מע גיט פוירניטשור (גערעדנקט זשע, אז מע דארף זאָגן, „פוירניטשור") אויף אויסצאָלן צו טאָלער א וואָך, דארף מען דאָך האָבן מענטשן, וואָס זאָלן ארומגיין פון שטוב צו שטוב איינמאָנען די טאָלערס. איז דערויף געשטעלט געוואָרן קאָלעקטאָרס, וואָס גייען ארום קאָלעקטן די טאָלערס. קאָלעקטאָרס זענען דאָ אסך. יעדער קאָלעקטאָר האָט זיך זיין „ראוט", זיינע הייזער, ווו ער גייט ארום קאָלעקטן. זיין ארבעט איז אָנקלאפּן אין דער טיר. דערנאָך קומט ער אריין און זאָגט: „גוד מאָרגינג!" — דאָס הייסט א גוט מאָרגן. דערנאָך זאָגט ער: „וועדי נייס דעי" — דאָס הייסט: זייער א שיינער טאָג!"... דערנאָך גיט ער אייך ארויס א קוויטאנציע, נעמט אָפּ דעם טאָלער און זאָגט: „גוד באי". מער דארף ער נישט רעדן. און דאָס היטל אראָפּגעמען איז אויך נישט נייטיק. דאָ איז עס נישט קיין מאָדע. איר קאָנט אריינגיין אינעם רייכסטן הויז אין א היטל, און מיט די קאלאָשן אויף די שטיוול, און איר קאָנט אייך בעת מעשה פּיפּקען א ציגארעט, אָדער פייפן א ניגון, אָדער קייען אייער טשואינגאָם. קיינער וועט אייך נישט זאָגן קיין קרום וואָרט. ס'איז אמעריקע.

ד.

מיין ברודער אליהו איז גאנץ צופרידן פונעם דזשאב. א סך שענער, ווי שטיין אין דער „קאלבאסנע" און פארקויפן קישקעלעך. און פארדינען פארדינט ער אויך א סך מער. ווי וואָסער א וואָך. אמאָל מאכט ער אכט טאָלער א וואָך. אמאָל צען. און אמאָל צוועלף. עס ווענדט זיך אין דער „פּאָגאָדע", אינעם וועטער הייסט דאָס. ביי א גוטן וועטער קאָן מען גיין צו פוס. ביי א שלעכטן וועטער — מוז מען אונטערפאָרן מיט דער קאר. קאָסט דאָס א ניקל. נאָר אזעלכע ניקלס גייען נישט אוועק ביי מיין ברודער קיין סך. וואָרום בטבע איז אליהו א מענטש אן איינגעהאלטענער. גאָרנישט דאָס, וואָס פיניע. אונדזער פּיניע האָט שוין א סך א ברייטערע האנט. זעלטן ווען ער גייט צופוס. ער מוז, זאָגט ער, פאָרן, וואָרום ער האָט א נידעריקע ראיה. אים קאָן מען גרינג איבערפאָרן. נישט אזוי נאָך צוליב זיין קורצזיכטיקייט, ווי צוליב דעם, וואָס ער איז א פארטראכטע בריאה. דער קאָפּ טראָגט אים. און דערצו קאָן ער נישט באגיין זיך א מינוט אָן דעם, ער זאָל נישט אריינקוקן אין א בוך, אָדער אין א „פּייפּער".

און אַמאָל מאַכט זיך, אַז ער האַלט סאַמע אין מיטן שרייבן. דאָס הייסט, ער גייט אַרום און טראַכט — ער הערט גאָרנישט, וואָס מע רעדט צו אים. דערנאָך כאַפּט ער אַ פּענסיל אָדער אַ טינט־און־פּען און הייבט אָן שרייבן, קאָן ער אייך באַשרייבן אפשר צען בויגן פּאַפּיר פון אַלע זייטן. וואָס ער האָט דאָרטן אָנגעשריבן און וואָס טוט ער מיטן אָנגעשריבענעם — דאָס ווייסט קיינער נישט. אפילו זיין ווייב טייבל אויך נישט. אַז מיין ברודער אליהו פרעגט אים, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ענטפערט ער אים:

— מירן עלטער ווערן, וועלן מיר וויסן...

מיר זענען שוין אַ היפּש ביסל עלטער געוואָרן, און מיר ווייסן נאָך אַלץ גאָר נישט.

ה.

פונדעסטוועגן שאַדט דאָס נישט אונדזער חבר פּיניען, ער זאָל מאַכן אַ לעבן. און נאָך ווי מאַכן אַ לעבן! אונדזער פּיניע איז אויך אַ קאָלעקטאָר. נישט ביי פוירניטשור, נאָר ביי „אינשורענס“. ביי אונדז ווערט דאָס אָנגערופן „סעקוראַנץ“, אָדער „פאַרזיכערן זיך פונעם טויט“. דאָ פאַרזיכערן זיך אַלע. יונג און אַלט, ווייבער און קינדער, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברודער, זיידעס און באָבעס און אויך נישט פאַר מזומן, נאָר אויף אויסצאָלן. פון אַ ניקל ביז אַ טאָלער אַ וואָך. וואָס די סומע פון די אינשורענס איז גרעסער, דאַרפט איר אַלץ מער צאָלן. פאַראַן הייזער אַזעלכע, וווּ אַלע מענטשן, פונעם עלטער־זיידן ביזן אוראייניקל, זענען אַלע פאַרזיכערט פונעם טויט. און טאָמער זענען נאָך נישט אַלע פאַרזיכערט, דאַרף דער קאָלעקטאָר זען דעם נישט־פאַרזיכערטן צו פאַרזיכערן. וואָס הייסט דאָס פאַרזיכערן“ און ווי אַזוי פאַרזיכערט מען אַ מענטשן פונעם טויט — ווייס איך נישט אַקוראַט. איך ווייס נאָר, אַז מיין ברודער אליהו האָט זיך אָפּגזאָגט פון דעם דזשאַב. ער האָט בעסער אויסגעקליבן דעם דזשאַב פון פוירניטשור. פאַרוואָס? ווייל ביי פוירניטשור קאָלעקטן דאַרף מען נאָר באַנוצן, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, די ווערטער: „גוד מאָרנינג“ און „גוד באַי“. און ביי אינשורענס דאַרף מען רעדן, צורעדן, פאַררעדן און איבעררעדן. דערויף איז מסוגל נאָר אונדזער חבר פּיניע. ער קאָן איבעררעדן אַ וואַנט. ער קאָן מאַכן רעדנדיק אַ טויטן.

ו.

ביי אונדזער חבר פיניע מאכט נישט אויס, ווער איר זענט און וואָס איר זענט. פון וואָס איר זאָלט נאָר נישט רעדן — ער מוז ארויף אויף זייגעם. זענט איר א פארזיכערטער — מעגט איר דאָך רעדן פון פארזיכערונג. זענט איר נאָך נישט פארזיכערט — דארפט איר דאָך אוודאי רעדן פון פארזיכערונג. און קוים לאָזט איר זיך רעדן, וועט איר זיך שוין פון פיניעס הענט נישט ארויסדרייען. ער וועט אייך שוין פארזיכערן און אויב נישט אייך — איז אייער ווייב. אייער קינד. אייער זיידן. אייער שוויגער. אייער קוזין. אייער שכן (דאָ זאָגט מען נישט „שכן", דאָ זאָגט מען „נעכסטדאָריקער"). דאָס הייסט, איר פארזיכערט זיך, אז טאָמער שטארבט אייער נעכסטדאָריקער פריער פון אייך, באקומט איר פון דער קאָמפּאניע א שיינע פּאָר הונדערט טאָלער. און דער נעכסטדאָריקער פון זיין זייט פארזיכערט זיך אויך. דאָס הייסט, באם חלילה איר שטארבט אוועק פריער פון אים, באקומט ער פון דער קאָמפּאניע א פּאָר הונדערט טאָלער. צאָלן צאָלט איר ביידע דער קאָמפּאניע צו קוואָדער א וואָך. איר זענט נישט מחויב צו גיין אין דער קאָמפּאניע. די קאָמפּאניע טרעפט שוין צו אייך. נישט אליין — דורך איר קאָלעקטאָר. פיניע קומט צו אייך און קאָלעקטעט איין אייערע קוואָדערס. ער קריגט דערפון פּוּפצן פּראָצענט קאָמישאָן.

ז.

דאָס איז פאראן קאָלעקטן. און אויב ער פארזיכערט אייך איבעראנייעס, דאָס הייסט, אויב ער „שרייבט אייך א נייע „פּאָליסי" (אזוי גייט דאָ די שפּראך), באקומט פיניע דער איי־דזשענט פּופצן מאָל אזוי פיל. דאָס וועט הייסן, אז טאָמער צאָלט איר א קוואָדער פּרעמיע, באקומט דער איידזשענט פון דער קאָמפּאניע אין איין קלאפּ פּופצן קוואָדערס! אנו, רעכנט אויס, זייט מוחל, וויפל דאָס מאכט?! היינט שטעלט אייך פאָר, אז טאָמער גערעט דאָס אונדזער חבר פיניען צו שרייבן צוויי, אָדער דריי, אָדער מער פּאָליסים א טאָג, און אלע צו קוואָדערס! דאָס איז דאָך א גאנצער מאיאָנטעק!...

— ווײ איז מיר! איר וועט דאָך אָנשיטן אָט די שטוב מיט גאָלד! — אזוי זאָגט צו אים מיין שוועגערין ברכה, און טייבל

ווערט אזש רויט, קוקנדיק אויף איר פּיניען, ווי ער שלעפּט די קוואָדערס מיט די ניקלס פון אַלע קעשענעס.

— וואָס דען מיינט איר? — ענטפערט איר פּיניע און לייגט־צונויף די קוואָדערס באזונדער און די ניקלס באזונדער. — איר מיינט, אז קארנעגי, וואנדערבילד און ראָקענפעלער זענען געבוירן געוואָרן מיט זייערע מיליאָנען?...

ח.

ווי נעם איך איצט א ווייסן בויגן פּאפּיר? איך וואָלט מיט א שווארצער קויל אָנגעוואָרפן אזא מין בילד: א טיש, אויבן־אָן זיצט די מאמע, צונויפגעלייגט די הענט. נעבן איר, פון איין זייט, שטייט ברכה. א הויכע, א לאנגע, מיט גרויסע פיס. פון דער אנדערער זייט — טייבל. א קליינטשקע, א דארינקע, א פּערטל עוף. ביידע ארבעטן זיי. איינע נייט, די אנדערע שטרייפּט. ביי איין עק טיש שטייט מיין ברודער אליהו, א באוואקסענער מיט א באָרד. האלט א באָנטש קארטלעך אין איין האנט און א פּעקל פּאפּירענע טאָלערס אין דער צווייטער האנט. דאָס האָט ער אָנגעקאָלעקטעט דורכן טאָג. און ביים אנדערן עק טיש שטייט איינגעבויגן אונדזער חבר פּיניע, א געגאָלטער, אָן עכטער אמע־ריקאנער. ער שלעפּט פון ביידע קעשענעס די קוואָדערס מיט די ניקלס. און מחמת ער האָט א נידעריקע ראיה, טראָגט ער צו יעדן קוואָדער מיט יעדן ניקל גלייך צו דער נאָז. אויפן טיש שטייען שוין צווי הויכע קופּקעלעך. איין קופּקעלע איז פון סאמע קוואָדערס, דאָס אנדערע קופּקעלע איז פון לויטער ניקלס. און פּיניע איז נאָך נישט פארטיק. ער האָט נאָך און נאָך. דאָס קאָן מען ארויסזען דורך די הויזנקעשענעס, וואָס זענען פול, זענען געשוואָלן. זיי ווערן אזש צעשפּארט.

ט.

נישטאָ קיין אייביקע זאך אויף דער וועלט, און א מענטש איז קיינמאָל נישט צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט. עס איז אונדז נמאס געוואָרן דאָס ארומגיין קאָלעקטן די פרעמדע טאָלערס מיט די פרעמדע קוואָדערס און ניקלס. בעסער קליינע בולקעלעך איינענע, איידער גרויסע קוילעטשן פרעמדע. אזוי זאָגט מיין שוועגערין ברכה. פריער האָט געוואָרפן אז אום־חן אויפן קאָ־

לעקטן מיין ברודער אליהו. עס האָבן זיך אים צונגעגעסן די ביזנעס. און נישט אזוי די ביזנעס, ווי די קאַסטאָמערס. אנדערע קאַסטאָמערס האָבן אויפגעהערט צאָלן. זיי האָבן געזאָגט: „נעמט אייך צו אייער פּוירניטשור, מיר דאַרפן עס אויף כּפּרות"... אנדערע האָבן געהאַט א טענה, לּמאי די בעט סקריפּעט? לּמאי דער שפּיגל באַווייזט צוויי פּנימער? לּמאי די קאָמאָדע וויל זיך נישט עפענען און נישט פאַרמאַכן? און לּמאי יעדעס בענקל וועגט דריי פּוד? און אז מע זעצט זיך אוועק, איז ווי אויף צוויעבעס!... און אנדערע ווידער זענען זיך מיישב און מופן גאָר אַרוים. דאָס הייסט, זיי קלייבן זיך איבער אויף אן אנדער סטריט — און גיי זיך זיי! נאָר ערגער פון אלץ איז אָט וואָס: פאַראַן אזעלכע, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צאָלן וואָר־געלט. אז זיי האָבן געקאָנט צאָלן, האָבן זיי געצאָלט. איצט קאָנען זיי שוין מער נישט צאָלן. איבער וואָס? דער ברוים־געבער איז קראַנק געוואָרן. אָדער עס איז קיין אַרבעט נישטאָ. אָדער עס האָט אויסגעבראָכן א שטרייק. עס ווילט זיך נישט אָנווערן א קאַסטאָמער. וואָס טוט מען? לייגט אוים אליהו דערווייל פון זיין פּאַקעט. וואָס זאָלט איר קלערן? ס'איז צרות מיט צרות מיט צרות!...

י.

מיינט איר, אז אונדזער חבר פּיניע איז צופרידן מיט זיין דזשאָב? אויך נישט. ביז מע קעטשט א קאַסטאָמער, זאָגט ער, קומט אָן בקריעת ים־סוף. מע רעדט איבער אים, זאָגט ער, דריי טעג מיט דריי נעכט. מע גיט אים צו פאַרשטיין, אזא כאמולע, דעם שכל פון אינשורענס, קוים געפועלט ביי אים איין „אַפּליקיישאָן" לאָזט זיך אוים, אז ער האָט אויפן צווייטן טאָג חרטה געקראָגן, אָדער דער דאָקטאָר האָט אים „רעדזשעקטעט", דאָס הייסט, ער האָט אָנגעשריבן אויף אים המנס מסירות. דער קאַסטאָמער איז אים נישט געפעלן אין שלייער נאקעטערהייט... נאָר דאָס גרעסטע פון אלע אומגליקן און די ערגסטע פון אלע צרות ביי אינשורענס־איידזשענטס איז די „לעפּס". „לעפּס" הייסט, אז א קאַסטאָמער הערט אויף צו צאָלן. דעמלט רעכנט מען אָפּ דעם איידזשענט פופצן מאָל אזוי פיל, וויפל דעם קאַסטאָמערס פּרעמיע האָט באַ־טראָפן. פּיניע זאָגט, אז ווען נישט די „לעפּסעס", וואָלט ער אָנגעשיט אָט די שטוב מיט גאָלד! און אויף זיין שלימזל האָבן עטלעכע קאַסטאָמערס מיט אמאָל, גלייך ווי מע האָט זיך אויס־גערעדט, אויפגעהערט צו צאָלן.

— לאָזן זיי ברענען אויפן פייער, מאקע די קאָסטאָמערס, מיט די אינשורענס, מיט די אגענטן, מיט די „לעפּסעס" און מיט די קאָמפּאניעס! — אזוי זאָגט פיניע. ער וועט שוין בעסער גיין, זאָגט ער, מיט מיין ברודער אליהו אין אייגענע ביזנעס. א פּאָר טאָלער האָבן זיי ביידע מיט גאָטס הילף אָפּגעשפּאָרט. זיי קאָנען שוין טאָן ביזנעס.

און ס'איז געבליבן, אז מיר גייען אין ביזנעס.

XV

# מיר זגייע אין ביזנעס

## א.

וואָס אייער הארץ גלוסט — דאָס געפינט איר דאָ אין די פייפערס, אין די גאזעטן הייסט דאָס. פון פויגלמילך. זוכט איר ארבעט — געפינט איר דאָס אין פייפער. זוכט איר „הענט“, דאָס הייסט ארבעטער, — געפינט איר זיי אין פייפער. זוכט איר א התן אָדער א כלה — געפינט איר עס אין פייפער. זוכט איר א ביזנעס — געפינט איר עס אין פייפער. מיר האָבן געזוכט ביזנעס, דעריבער האָבן מיר גענומען ארייננקוקן אין פייפער אריין טאָג אויף טאָג, און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אזא מין אייווערטייזמענט: „סיגארס=סטיישיאָנערי=קענדי=סאָדע=וואסער=סטענד צו פארקויפן. אקעגן איבער א סקול. אורזאכע פאמיליען טראָבל. גאראנטירט גוטע ביזנעס. קומט שנעל!“...

אויב איר זענט נאָך א גרינער, דאָס הייסט, איר זענט נישט לאנג אין לאנד, באדארף מען אייך פארטייטשן וואָס דאָס מיינט: דאָס איז א טישל, וואָס מע פארקויפט דערויף סיגארעטלער, שרייבגעצייג און צוקערקעס אין סאָדע=וואסער, און א בלאט=צייטונג אויך. דאָס טישל איז אקעגן א שקאָלע. און פארקויפן פארקויפט זיך עס איבער דעם, וואָס א מאן דארף זיך גטן מיט א ווייב, אָדער איבער אן אנדער סיבה אין דער פאמיליע...

ב.

האָט זיך אפילו מיין ברודער אליהום ווייב ברכה אוועק־געשטעלט אקעגן מיט אירע טענות: ערשטנס, פונוואנען ווייסט מען, אז דאָס איז אמת? און צווייטנס, צי וואָס זאָלן מיר קריכן מיט א געזונטן קאָפּ אין א קראנקן בעט אריין? אז מאן און ווייב ווילן זיך גטן — וואָס דארפן מיר זיין אין מיטן?... מיינט איר, אז נאָר דאָ האָט אונדזער ברכה געפונען א טענה? ביי הונדערט אנדערע ביזנעס האָט זי אויסגעזוכט אומעטום אן אנדער חסרון. מיין ברודער אליהו האָט שוין לאנג א מאל געגעבן אויף איר מיט דער האנט. האָט ער אָבער נישט גוט אפּגעשניטן פון איר. זי האָט אים געגעבן צו וויסן, אז ער זאָל גאָר נישט זיין ביי זיך אזוי גדולדיק, אז ער זאָל נישט מיינען אז דאָס, וואָס ער האָט אראָפּגעכאפּט דריי חלקים פון זיין באָרד, גיט אים דאָס רעכט צו בלאָזן פון זיך... דערויף האָט איר אליהו געענטפערט, למאי איר טאטע יונה דער בעקער האָט אראָפּגענומען די גאנצע באָרד?... מישט זיך אריין אונדזער חבר פּיניע און זאָגט: „ווייסט איר וואָס? איך גיי מיט אייך אין געוועט צוויי קעגן איינס, אז אויב איר וועט געפינען צווישן די הונדערט מיליאָן אמעריקאנער א האלב טוץ מענטשן מיט בערד, זאָלט איר מיך אָנרופן בלאָ־פער!“ — „ס'א משל! — רופט זיך אָן די מאמע. — דערימאך גייען קאטשקעס באָרוועס... רעדט שוין בעסער פון אנדערע זאכן“...

מיין מאמע האָט פיינט, אז מע רעדט פון בערד. ס'איז געגנוג פאר איר, זאָגט זי, אז זי דערלעבט צו זען, אז פּייסי דעם חזנס זון האָט געמאכט א מחק פון זיין באָרד, אז אָך און ווי איז צו אירע שונאים!„,

ג.

די ביזנעס, וואָס מיר זענען אין זיי געגאנגען, האָבן געהאט א סך מעלות. די ערשטע מעלה איז געווען, וואָס מיין ברודער אליהו איז, אויב איר געדענקט, נאָך פון דער היים א מייסטער אויף צו מאכן (דאָ הייסט עס מאנופעקטשורן) אלערליי געטראנקן. דעריבער האָט זיך אונדז געלוינט צו מאנופעקטשורן סאָדע־וואסער און פארקויפן א גרויסע גלאָז פאר א סענט. מיט סי־ראָפּ — צוויי סענט. דעם סיראָפּ האָבן מיר אויך אליין געמאכט.

נאָך א מעלה — וואָס מיר האָבן געהאט די ביליקסטע קענדים (קאָנפעקטן). א פולע זשמעניע האָבן מיר געגעבן פאר איין סענט. און אליין האָבן מיר געקאָנט סמאָצקען קענדים. אז איך זאָג „מיר“, מיין איך דאָס מיך און מיין חבר מענדל און פיניען. מיר אלע דריי האָבן געהאָלפן שטיין ביי אונדזער סטענד און געבן א נאש, אז קיינער זאָל נישט זען. סיידן אז ברכה איז געווען דערביי, האָט מען נישט געקאָנט נאשן. און ווי אויף צו־להכעיס, איז ברכה געווען כמעט גאנצע טעג ביים סטענד. געהאָלפן טאָן ביזנעס. אלע האָבן מיר געהאָלפן טאָן ביזנעס. אפילו טייבל, און אפילו די מאמע. א קונה, אז ער איז צוגעגאנגען צו אונדזער סטענד, האָט ער זיך אזש דערשראָקן, דערזעענדיק אזא משפחה מיט אזוי פיל ביזנעסלייט. דאָס איז אָבער דווקא געווען זייער גוט. א קונה האָט ליב קריכן אהין, וווּ ס'איז ענג.

ד.

די בעסטע צייט פאר אונדזערע ביזנעס איז זומער, אין די הייסע טעג. זומער איז אין ניו־יאָרק אן אמתער גיהנום. דער עולם קוויקט זיך דעם גאנצן טאָג מיט מאראָזשענע. „אייז־קרים“ הייסט עס דאָ. אויפן סענדוויטש פארקויפט זיך עס. דאָס הייסט, צוויי ביסקוויטלעך און אין מיטן אביסל אייז־קרים. און דאָס קאָסט א פעני. פארדינען מיר דערביי האלב אויף האלב. נאָר נישט דאָ שטעקט אונדזער פארדינסט. דער גאנצער מזל־ברכה ליגט גאָר ערגעץ אנדערש אין אזא מין קאלטן געטראנק, וואָס מע רופט דאָס „סיידער“. דאָס איז א מין זויער־זיסלעכער, אָדער זיסלעך־זויערער קוואס מיט א שוים און סע שטשיפעט ביי דער צונג. די, וואָס האָבן אמאָל פארזוכט שאמפאניער־וויין, זאָגן, אז ס'האָט א טעם פון אמתן שאמפאניער. און כאָטש „סיידער“ איז אן אמעריקאנער געטראנק, פונדעסטוועגן ווער מאנופאקטשורט אים? — מיין ברודער אליהו. וואָס קאָן דען אליהו נישט? קוקט נישט דערויף, וואָס פיניע מאכט אים אויסצודרייען. אונדזער חבר פיניע האָט שוין עטלעכע מאָל פירגעהאלט: מיין ברודער אליהו. אז זיין שאמפאניער האָט נאָר איין מעלה — ער איז קאלט. ווייטער טויג ער אויף כפרות. קיין קאפ זיסקייט! ענטפערט אים מיין ברודער אָפ מיט א ווידעראגאנד: ווי באלד אז דער שאנפאניער טויג נישט, היינט וואָס זשליאָקעט ער אים גאנצע טעג? זאָגט אים פיניע: „וואָס ארט דיך, אז איך

זשליאָקעֿ? און וויפל קאָן א מענטש אָנזשליאָקען? איך זאָל זשליאָקען פון גאַנץ פרי ביז אויף דער נאַכט, ווייס איך נישט, אויב איך וועל אָנזשליאָקען אויף א ניקל"... מישט זיך אריין ברכה און זאָגט, אז א ניקל גייט אויך נישט צופוס. שטעלט זיך איין טייבל פאר איר מאַן און זאָגט, אז איר פיניע איז א גלייכער שותף צו די ביזנעס, ווי אליהו, און א שותף מעג זיך, דאַכט זיך, פארגינען אויסצוגעבן אמאָל א ניקל? א גליק, וואָס די מאמע איז דערביי. זאָגט זי, מע זאָל זי גילטן, וואָלט זי פאר אירע זינד נישט געוואָלט זיך צורירן צו אָט דער אמעריקאַנער משקה, וואָס האָט א פּנים פון סאַראָוועץ און א טעם פון חלשות!... ווערט א געלעכטער, און דערווייל הערט מען אויף צו זאָגן זיך שמעכווערטלער.

ה.

שפּעטער, העט־העט, אין וויטן זומער, אז עס קומען אויף די קאַוואַנעס (דאָ הייסט עס „וואָטער־מעלאָן"), מאַכן מיר נאָך מער ביזנעס. מיר צעשניידן דעם קאַוואָן אויף א סך שטיקלעך און פארקויפן צו סענט א שטיקל... אז גאָט העלפט א געראָטענעם קאַווען, מאַכט מען פון אים גאָלד. און עס בלייבט נאָך איבער א פּאָר שטיקלעך אויפן סטענד, האָבן מיר א גוטע וועטשערע. וואָרום אָנגעשניטענע קאַוואָנעס טאָר מען נישט לאָזן אויף מאָרגן. ס'וועט פון דעם ווערן דרילים. בעטן מיר גאָט, דאָס הייסט, איך און מיין חבר מענדל און פיניע, ס'זאָל בלייבן וואָס מער שטיקלעך פונעם טאָג...

ו.

דאָס איז אָבער אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן אויף זיך א צייט, א סיזאָן. גייט אַוועק דער זומער — איז אויס שאַמפּאַניער, אויס וואָטער־מעלאָן! דערפאַר איז סיגאַרעטלעך א סחורה, וואָס ווייסט נישט פון קיין סיזאָן. סיגאַרעטלעך גייען א גאַנץ קיילעכיקן יאָר. און מיר מאַכן מיט דעם גאַנץ גוטע ביזנעס. פאַראַן אַלערליי סיגאַרעטן. פאַראַן צו סענט א שטיק. און פאַראַן צוויי שטיק פאַר א סענט. סיגאַרעטן איז אויך אַזאַ אַרטיקל, וואָס מע קאָן אמאָל א גאַש טאָן, פאַררויכערן א סיגאַרעטל בסוד, קיינער זאָל נישט זען. דאָ זאָגט מען נישט רויכערן. דאָ זאָגט מען, „סמוקן".

באדארף זיך טרעפן א מעשה — איך האָב איינמאָל אוועקגע־
שלעפּט א סיגארעטל, און מיר האָבן דאָס פאררויכערט. איך און
מיין חבר מענדל. איך א ציִ, ער א ציִ. און עס וואָלט אָפּגעלאָפן
גלאַט. איז דאָך אָבער דאָ א ברכה אויף דער וועלט. האָט זי באַ־
דארפט דערשמעקן, אז מיר סמוקן א סיגארעטל, גייט זי און
דערציילט דאָס אליהון. האָט מיר מיין ברודער געגעבן א סי־
גארעטל — אז איך וועל דאָס געדענקען! אים האָט שוין נישט
אזוי געארט דאָס סיגארעטל, ווי דאָס, וואָס ס'איז געווען שבת.
פייסי דעם חזנס יינגל זאָל רויכערן אים שבת — באדארף מען
אים הרגענען! פאר אזא זאך האָט שוין אפילו די מאמע
צוגעגעבן, אז דער הונט איז ווערט דעם שטעקן... פון דעמלט
אָן סמוקן מיר שוין נישט קיין סיגארעטן. איך קאָן שוין גאָר
אפילו דעם ריח נישט פארטראָגן...

ז.

אויסער סיגארעטן האָבן מיר אויף אונדזער סטענד פייפערס
צו פארקויפן. יידישע גאזעטן און זשורנאלן. קיין גרויסע ביזנעס
מאכן מיר נישט מיט זיי. דערפאר האָט אָבער אונדזער חבר
פיניע וואָס צו לייענען. ער לאָזט נישט דורך איין פייפער. שטעקט
ער אריין די נאָז, איז אים שווער אָפּצורייסן. עס ציט אים,
זאָגט ער, צו די פייפערס, ווי א מאגנעט. ער האָט שטארק חשק
אליין עפּעס אריינשרייבן אין די פייפערס. ער איז שוין געווען
אויף איסט־בראָדוויי, דאָרט ווו די פייפערס דרוקן זיך, עטלעכע
מאָל. וואָס ער האָט דאָרטן געטאָן — זאָגט ער נישט. איך האָב
מורא אז ער האָט געבראכט צו טראָגן אהינצו א פּאָר פון זיי־
נע לידלעך. מחמת אז מע ברענגט דעם באָנטש מיט פייפערס,
כאפּט זיך צו דעם פריער פון אלעמען אונדזער חבר פיניע. ער
זוכט און נישטערט אין אלע ווינקעלעך. די הענט ציטערן אים
אזש. דערנאָך כאפּט ער זיך אויף און לאָזט זיך לויפן אויף
איסט־בראָדוויי. פרעגט אים מיין ברודער אליהו: וואָס האָט ער
צו טאָן אויף איסט־בראָדוויי? זאָגט אים פיניע, אז ער זוכט
א ביזנעס. פרעגט אים אליהו: מיר טוען דען נישט קיין ביזנעס?
ענטפערט אים פיניע: אָט דאָס הייסט אויך ביזנעס? א גאנצע
משפחה פון זיבן עסערס אויף איין שטיקל סטענד — אויך מיר
א ביזנעס!... פרעגט אים אליהו: וואָסערע זיבן עסערס? רעכנט
אים פיניע אויס אויף די פינגער: ער און זיין טייבל איז נישט

צוויי. אליהו און זיין ברכה איז נישט פיר. די מאמע איז נישט
פינף. און ביידע קטנתים — איז נישט זיבן. די „קטנתים“ —
דאָס מיינט ער מיך און מיין חבר מענדל.

ח.

פארדריסט עס מיין מאמען. זי שטעלט זיך איין פאר מיר און פאר מיין חבר מענדל. זי זאָגט, אז מיר פארדינען אונדזער שטיקל ברויט גאנץ כשר. וואָרום פארטאָג, איידער דער סטענד ווערט געעפנט, צעטראָגן מיר שוין דעם מאָרגן־פּייפּער צו אונדזערע קאָסטאָמערס. דערנאָך גייען מיר אין סקול (יאָ, מיר גייען שוין אין סקול). און אז מיר קומען פון סקול, העלפן מיר אטענדען די ביזנעס. אזוי, טאקע מיט דעם לשון, זאָגט די מאמע. זי רעדט שוין אויך העכער האלב אויפן היגן לשון. א „קיד“ א „הון“ זאָגט זי שוין נישט. זי זאָגט שוין א „טשיקן“ און א „קיטשן“. נאָר וואָס דען? ביי איר קומט נאָך אוים פארקערט: א „קיך“ איז ביי איר א „טשיקן“. און א „הון“ איז ביי איר א „קיטשן“. „איך גיי, זאָגט זי, אין טשיקן אויסזאלצן די קיטשן“... לאכט מען פון איר. לאכט זי אויך. „א דאגה — זאָגט זי — יאק ריידעלע טאָ ריידעלע, אבי דאָברע מיינעלע“... אנו, זייט א בריה און זעצט דאָס איבער אויף איינגעלש!...

XVI

# העללאָו, לאנדסמאַן!

א.

לויפן מיר איינמאָל פאַרטאָג, איך און מיין חבר מענדל, מיט די פרישינקע פּייפּערס צו אונדזערע קאָסטאָמערס. פּלוצעם דער־פּיל איך א זעץ פון הינטן אין פּלייצע און איך הער עמעצער רופט אוים:

— העללאָו, לאנדסמאַן!

דריי איך מיך אום און טו א קוק — ס'איז מאָטל! „מאָטל דער גרויסער". דאָס איז דער מאָטל, וואָס האָט זיך ארומגעשלעפּט מיט אונדז אמאָל איבער דער וועלט. אין קראָקע מיט לעמבערג, אין ווין און אין אנטווערפּן. אויב איר געדענקט, האָט ער מיך אויסגעלערנט שטעלן א גובערנאטאָר אין זייט אריין און איז געווען א בויכרעדער. ער איז אוועק מיט דער כאליאסטרע א סך פריער פון אונדז. אז מיר האָבן זיך נאָך ארומגעבלאָנקעט איבערן לאָנדאָנער ווייטשעפּל, איז ער שוין געווען דאָ אין אמע־ריקע אָלל־רייט. דאָס הייסט, ער האָט שוין געהאט א דזשאב אין א קלינינג־סטאָר, און ער האלט נאָך איצט אויך אָן דעם דזשאב. פרעג איך אים: „וואָס איז דאָס פאר א דזשאב?" דער־קלערט ער מיר, גייענדיק, אז דאָס איז א מין קלינינג־פעקטאָרי, ייִו מע רייניקט מלבושים. דהיינו, ווי אזוי? מע נעמט אריין, זאָגט ער, א פּאָר צעקנייטשטע תחתונים אין אזא מאשין צווישן צוויי פּרעספּליגלען. דורך א באזונדער אייוועלע ווערן די פּרעס־פּליגלען גוט אָנגעוואַרעמט. א מענטש טוט א דריי — אויסגע־פּרעסט א פּאָר הויזן!

ב.

— און וואָס איז אייער דזשאָב? — פרעגט מאָטל דער גרוי־סער ביי מיר און ביי מיין חבר מענדל.

— מיר דעליווערן, זאָג איך, ניוס־פּייפּערס. מיר צעטראָגן, זאָג איך, צייטונגען צו אונדזערע קאָסטאָמערס, איידער מיר גייען אין סקול. און אַז מיר קומען, זאָג איך, פון סקול, העלפן מיר אַטענדן די ביזנעס. מיר האַלטן, זאָג איך, אַ סטענד אויפן קאָרנער, און מיר מאַכן אַ לעבן...

— אָהאָ! — זאָגט מאָטל דער גרויסער. — דו רעדסט שוין נישקשהדיק איינגעלש. וויפל מאַכט איר, זאָגט ער, אַ וואָך, אַזעלכע צוויי ביזנעסלייט, ווי איר?

— אין דורכשניט, אַרום און אַרום, — זאָג איך — קאָנען מיר אויסשלאָגן אַ טאָלער אַ וואָך. און אַמאָל אַ טאָלער און אַ קוואָדער...

— און דאָס אַלץ? — רופט זיך אָן מאָטל דער גרויסער מיט גדלות. — איך פאַרדין אַליין דריי טאָלער אַ וואָך... וואָס איז די נייס פון דעם דאָזיקן דזשענטעלמאַן? — מאַכט מאָטל און ווייזט אָן אויף מיין חבר. זאָג איך, אַז ער הייסט מענדל. צעלאַכט זיך מאָטל און זאָגט, אַז מענדל איז פע! וואָס פאַר אַ נאָמען מענדל? „ווי אַזוי זשע דען, פרעג איך אים, זאָל ער הייסן?“... פאַרמאַכט זיך מאָטל אויף אַ ווײַלע און זאָגט, אַז ער וואָלט באַדאַרפט בעסער הייסן מייק, נישט מענדל. מייק איז שענער. זאָג איך: „ווי אַזוי זשע רופט מען דיך?“ זאָגט ער: „מעקס“. זאָג איך: „וויבאַלד אַזוי, דאַרף איך דאָך אויך הייסן מעקס. איך הייס דאָך אויך מאָטל“. זאָגט ער: „שור הייסטו מעקס“. און ער געזעגנט זיך אָפּ מיט אונדז:

— גוד באַי, מעקס! גוד באַי, מייק!

און מיר רעדן אָפּ, אַז נעקסטן זונטיק זעען מיר זיך אין מוווינג־פּיקטשורס. מיר געבן זיך איינס דאָס אַנדערע די אַדריי־סיס און מיר צעגייען זיך איטלעכער אין זיין וועג אַריין.

ג.

זונטיק נאָך דינער גייען מיר, איך און מיין חבר מייק, וואָס האָט נישט לאַנג געהייסן מענדל, אין מוווינג־פּיקטשורס זען דעם גרויסן מוווינג־סטאַר טשאַרלי טשאַפּלין. מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיניע גייען אויך מיט אונדז. דעם גאַנצן וועג רעדן

זיי וועגן טשארלי טשאפּלין. וואָס פאר א גרויסער מענטש ער איז. וויפל ער קריגט באצאָלט, און אז ער איז א ייד. נאָר אזוי ווי די צוויי קאָנען זיך קיינמאָל נישט אויסגלייכן מיט די מיינונגען, וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אנדערער קאפּויר, פרעגט מיין ברודער אליהו: מיט וואָס איז טשארלי טשאפּלין אזוי גרויס? ענטפערט אים פיניע, אז טויזנט טאָלער א וואָך צאָלט מען נישט גלאט אזוי אבי וועמען... פרעגט אים אליהו: פונוואנען ווייסטו ער? ער האָט געציילט זיין געלט? זאָגט אים פיניע, אז ער האָט געלייענט אין די פּייפּערס. און פונוואנען ווייסט מען, אז טשארלי טשאפּלין איז א ייד? זאָגט אים פיניע, אז סע שטייט אזוי אין די פּייפּערס. פרעגט אים ווידער אליהו: פון וואנען ווייסן דאָס די פּייפּערס? זיי זענען געווען אויף זיין ברית? זאָגט אים פיניע: די פּייפּערס ווייסן אלץ. למאי פונוואנען ווייסט מען, אז טשארלי טשאפּלין איז א שטומער פון געבוירן? און אז ער קאָן נישט שרייבן, נישט לייענען? און אז זיין טאטע איז געווען א שיכור? און אז אליין איז ער געווען א קלאָון אין א צירק? הערט אים אוים אליהו און זאָגט מיט א קאלטן לונג־און־לעבער: „און אפשר איז די גאנצע מעשה א ליגן?“... ווערט פיניע אָנגעצונדן און זאָגט אויף מיין ברודער, אז ער איז א ייד א נודניק... און איך האלט מיט פיניען. כאָטש אליהו קער מיר אָן א לייבלעכער ברודער, נאָר א נודניק איז ער. וואָס אמת איז אמת...

ד.

מיר זענען נאָר־וואָס צוגעגאנגען צו דער קאסע קויפן טיקעטס, דערהערן מיר א קול:

— האַו דו יו דו, מעקס? האו אר יו, מייק?

דאָס איז געווען מאָטל דער גרויסער, וואָס זיין נאָמען איז שוין נישט מאָטל, נאָר מעקס.

— קויפט נישט קיין טיקעטס, — זאָגט אונדז מעקס — איך טריט אייך היינט מיט טיקעטס... דאָס הייסט, ער נעמט אונדז אויף זיינע הוצאות. און ער ציט ארויס פון קעשענע א האלבן טאָלער און טוט אים א וואָרף דעם מיידל, וואָס זיצט ביים פענצטערל, און הייסט זיך געבן דריי טיקעטס אפּסטערז, דאָס הייסט, פון אויבן, אויף דער גאלעריע.

— ווער איז דער שלימזל? — פרעגט אליהו ביי אונדז. דערציילן מיר אים, ווער דאָס איז. באטראכט אים אליהו פון אויבן

ביז אראָפּ און פרעגט אים, פאַרוואָס גיט ער אים נישט אָפּ קיין שלום־עליכם?

— צי דו ביסט שוין געוואָרן אזוי גרויס אין אמעריקע, אז עס שטייט דיר שוין נישט אָן צו רעדן א יידיש וואָרט?...

ענטפערט אים נישט מאָטל דער גרויסער, דאָס הייסט מעקס, קיין וואָרט אפילו. נאָר עס דערהערט זיך א קוויטש פון דער דרויסן־טיר, ווי עמעצער וואָלט אריינגערעדט פון דער סטריט:

— אידיאָט!

מיר אלע דרייען אויס די פּנימער צו דער טיר און מיר זעען קיינעם נישט, מיר באטראכטן זיך איינס דאָס אנדערע פאַרוואונדערט. טוט זיך א וואָרף צו דער טיר פריער אליהו, און נאָך אים פּיניע — נישטאָ קיינער ביי דער טיר. זיי קוקן אויף דער סטעליע, זיי באזוכן אלע ווינקעלעך — נישטאָ קיין נפש. ווער קאָן דאָס זיין? דער חברה־מאן מאָטל, וואָס הייסט שוין מעקס, נעמט אונדז, מיך און מיין חבר מענדל אָדער מייק, פאר די הענט, און אלע דריי קלעטערן מיר ארויף אפּסטערז. דאָרטן זאָגט ער אונדז אויס דעם סוד, אז דאָס האָט ער, מעקס, דורכן בויך ארויסגערעדט דאָס וואָרט „אידיאָט". און ער חזרט דאָס איבער גייענדיק נאָך אמאָל. און עס פאלט אָן אויף אונדז ביידן אזא געלעכטער. אז קוים וואָס מיר קאָנען דערנאָך איינזיצן און זען די קונצן פון טשארלי טשאפּלין.

ה.

זינט איר לעבט האָט איר נאָך אזא פארשלעפּטע קרענק נישט געזען, ווי מאָטל דער גרויסער, אָדער מעקס. דאכט זיך, מע באדארף נישט האָבן קיין גרעסערן קונצנמאכער, ווי טשארלי טשאפּלין. מאכט אים נאָך מעקס מיט אלע פּיטשעווקעס. ארויסגייענדיק פון טעאטער, איז זיך מיישב מעקס און קלעפּט זיך אָן א פּאָר קורצע שווארצע וואָנסעלעך, ווי ביי טשארלי טשאפּלין. דאָס קאַפּעליושל האָט ער אָנגערוקט, ווי טשארלי טשאפּלין. די פיס אויסגעדרייט, ווי טשארלי טשאפּלין. און דאָס גענגעלע מיטן דרייען פונעם הינטן, מיטן מאכן פונעם שטעקעלע — צוויי טראָפּן וואַסער טשארלי טשאפּלין! מיין חבר מענדל, אָדער מייק, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאלטן. ער האָט אים ארומגעכאפּט קושן. און אלע מענטשן, וואָס זענען געשטאנען ביים טעאטער אין דרויסן, האָבן אונדז נאָכגעטייט מיט די פינגער: „אָט גייט דער צווייטער טשארלי טשאפּלין"... איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, אז אפילו אזא

ערנסטער מאַן, ווי מיין ברודער אליהו, האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק. מיין ברודער אליהו האָט אָבער נישט לאַנג געלאַכט. אין איין מינוט איז אים פאַרשטערט געוואָרן דאָס געלעכטער. וואָס איז די מעשה? די מעשה איז, וואָס פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קול, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, עפּעס ווי פון אַ קעלער:

— אי—די—יאָט!

ו.

און אַלע האָבן זיך אָנגעבויגן, אַריינגעקוקט אין קעלער אַריין, וועלכן מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען. אַלע האָבן מיר זיך איינגע־הערט. מעקס האָט זיך אויך איינגעהערט גלייך מיט אַלעמען, גלייך ווי ער ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגן... און פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קול, שוין נישט פון הינטן, נאָר פון אויבן, עפּעס ווי פונעם דאַך אַראָפּ:

— אי—די—יאָט!!...

פריער אליהו און דערנאָך אַלע האָבן פאַרריסן די קעפּ אַרויף, אויפן דאַך. מעקס האָט אויך געקוקט אַרויף. און דאָס האָט געהאַט דעם זיבעטן חן. איך און מיין חבר מייק, וואָס האָבן געוווּסט, פון וואַנען די קולות גייען, האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן מיט אַמאָל אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

ז.

דאָס האָט שוין מיין ברודער אליהו פאַרדראָסן. ווען דאָס זאָל נישט זיין אין ניו־יאָרק אויף דער סטריט, וואָלט מיר שוין אַריינ־געפלויגן אַ פיינע פּאָר פּעטש אין ביידע באַקן. מיינע אויערן וואָלטן זיך אויך נישט געגאַרט. נאָר אַזוי ווי דאָס איז געווען אין מיטן ניו־יאָרק אויף דער סטריט, האָט זיך אליהו באַגנוגנט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אונדז גוט אויסגעשאָלטן, מיך און מיין חבר מייק. און נאָכדעם האָט ער גענומען אונדז זאָגן מוסר. ער האָט אונדז אָנגעוויזן אויף מאָטל דעם גרויסן, דאָס הייסט — אויף מעקסן.

— נעמט אייך אַראָפּ אַ מוסר, — האָט אונדז אליהו געזייפט די פּנימער, — לערנט זיך פון אייערס אַ חבר... אַ בחורל גלייך מיט אייך, פאַרוואָס לאַכט ער נישט אַזוי, ווי איר?...

— אי—די—יאָט! — האָט זיך דערהערט ווידער אַמאָל הינטער אליהוס פּלייצעס. אליהו האָט זיך אויסגעדרייט צוריק. אויף אים קוקנדיק, האָט זיך אויסגעדרייט אונדזער חבר פּיניע. און מיר אַלע נאָך אים. און מעקס האָט זיך אויך געגעבן אַ דריי־אויס צוריק. איך און מייק זענען שיער נישט צעזעצט געוואָרן פון געלעכטער.

ח.

„אין אמעריקע רעדן די שטיינער"... אַזוי האָט זיך אויסגע־דריקט אונדזער חבר פּיניע. ער וואָלט נאָר אַ בעלן געווען וויסן, וועמען רופט מען דאָס „אידיאָט"? רופט זיך אָן מיין ברודער אליהו:

— ווער עס פרעגט, דער איז עס...

ווי דערשטוינט איז ער אָבער געוואָרן, אַז פון אונטער דער ערד האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ פאַרטומפּט קול:

— איר האָט אַ טעות, רב אליהו! ביקאָז דאָס זענט איר אַליין מאקע דער אי—די—אָט! — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ט.

פון דעמלט אָן גייט שוין מער נישט מיין ברודער אליהו אין די מוווינג־פּיקטשורס און וויל נישט הערן פון טשאַרלי טשאַפּלין.

XVII

# מיר גייען פארגרעסערן די ביזנעס

### א.

אין אמעריקע האָט מען פיינט שטיין אויף איין אָרט. אין אמע־ריקע גייט מען פאָרווערטס. דאָס הייסט, מע וואקסט, מע ווערט וואָס א טאָג גרעסער... די ביזנעס, וואָס מיר האָבן געמאכט אויף אונדזער סטענד, האָבן נישט געטראָגן אויף אויסצוהאלטן א משפחה פון, קיין עין־הרע, זיבן פארשוין. האָבן מיר גענומען זוכן א גרעסערע ביזנעס. שוין נישט קיין סטענד, קיין טישל הייסט דאָס. נאָר טאקע א גאנצע סטאָר. א קלייט הייסט דאָס. אין אמעריקע באדארף מען לאנג נישט זוכן. מע דארף נאָר נאָכ־קוקן, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, אין די פייפערס. דאָרט געפינט איר וואָס אייער הארץ גלוסט. טאקע פון פויגלמילך. דער חסרון איז, וואָכ פאר א איינגעפירטע ביזנעס הייסט מען זיך גוט באצאָלן. א נאָמען קאָסט געלט. פאר דער פירמע באדארף מען אמאָל מער באצאָלן, ווי פאר דער סחורה. א סימן האָט איר, אז אפילו אונדזער סטענד, וואָס האָט אונדז אריינגעבראכט קוים צען טאָלער א וואָך, האָבן מיר אויך פארקויפט פאר גוט געלט — נאָר צוליב דער פירמע. א גרינהאָרן האָט דאָס ביי אונדז אָפּ־געקויפט. ער האָט זיך אפילו נישט שטארק נאָכגעפרעגט ביי אונדז, וויפל מיר מאכן. אים איז געווען גענוג צו זען, אז זיבן נפשות דרייען זיך ארום איין סטענד און מאכן א לעבן. מסתמא איז דאָס א „ביזנעס“...

ב.

דעם סטענד האָבן מיר פאַרקויפט מיט דער גאַנצער סחורה, מיט די בעסקעטס, מיט די כּלים און אפילו מיט דער שאָו־קייס. נאָר דעם סוד, ווי אַזוי מע מאַנופעקטשורט סאָדע־וואַסער, אַלערליי סיראָפּן, און, איבערהויפּט, ווי אַזוי מע מאַכט רעם געטראַנק, וואָס מע רופט אים „סיידער" — דאָס האָט מיין ברודער אליהו נישט געוואָלט אויסזאָגן פאַר קיין געלט נישט. ער האָט געזאָגט, אַז איטלעכער מאַנופעקטשורט דאָס, ווי ער פאַרשטייט. למאַי ער מאַנופעקטשורט וויין אויף פּסח? מיין ברודער אליהוס פּסחדיקער וויין האָט אַ שם אין אַמעריקע. קוקט נישט דערויף, וואָס ער מאַנופעקטשורט אים ערשט דאָס ערשטע יאָר. אַלע אונדזערע באַקאַנטע, וואָס דאַוונען מיט אונדז שבת אין אונדזער כּתריאלעווקער שול, האָבן אונדז צוגעזאָגט, אַז וויין אויף פּסח וועלן זיי נישט נעמען אין ערגעץ, נאָר ביי אונדז. אונדזער חבר פּיניע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג און צעפּויקט איבער נוי־יאָרק, אַז מיין ברודער אליהו מאַנופעקטשורט פּסחדיקן וויין — מעג אים טרינקען דער פּרעזידענט. אויף צו פּויקן איז אונדזער פּיניע אַ מזיק. דאָ ווערט דאָס אָנגערופן „אַדווערטייזן". פּיניע זאָגט, אַז דערויף, דאָס הייסט אויף אַדווערטייזמענטס, שטייט אַמעריקע. איטלעכער סוחר מעג לויבן זיין סחורה. יעדער אַרבע־טער מעג אַדווערטייזן זיין מלאָכה. די גאַנצע וועלט מעג וויסן, אַז מיין געטראַנק איז זויער־עסיק. נאָר איך מעג מיר אַדווער־טייזן, אַז ס'איז זיסער פון צוקער. איר מעגט זיין איבערצייגט, אַז מיין אַרבעט איז נישט ווערט קיין פּעני. נאָר איך קאָן עס מיר שאַצן, אַז ס'האָט די ווערט אַ מיליאָן. עס איז אַמעריקע. אַ פרייע מדינה.

ג.

שטאַרק אויסגעפּויקט און צעאַדווערטייזט איבער גאַנץ „דאַון־טאַון" מיין ברודער אליהוס פּסחדיקן וויין, האָט אונדזער חבר פּיניע אָוועקגערופן מיין ברודער אויף אַ זייט און האָט אים אַזוי געזאָגט:

— הער זשע אויס, אליהו. איך האָב דיר אַדווערטייזט דיין פּסחדיקן וויין, וואָס מען דאַרף נישט בעסער. זע־זשע, איך זאָל נישט האָבן דורך דיר קיין בזיונות. וואָרום דו קאָנסט אָנמאַ־

גופעקשטורן אזא וויין, ער זאָל זיין אזוי געשמאַק, ווי דיין געטראנק אין דער אַלטער היים... זאָלסטו געדענקיזן, אז דאָס איז אמעריקע, און דאָ טרינקט מען וויין, נישט קיין קוואס...

דאָ האָט זיך מיין ברודער אליהו געפונען באַליידיקט און האָט נישט געוואָלט ענטפערן פיניען קיין וואָרט אפילו. פאר אים האָט שוין אָפּגעענטפערט ברכה. מיין שוועגערין האָט אָפּגעצוואָגן אונדזער חבר פיניע מיט א הייסן אָקראָפּ. זי האָט זיך אָנגערופן און האָט אזוי געזאָגט:

— עמעצער, א פרעמדער, זאָל שטיין ביי דער זייט און הערן אזעלכע ווערטער, וואָלט ער זיכער געקאָנט מיינען, אז אין אמעריקע זענען לויטער מיוחסים און סטעקראַטן, וואָס טרינקען נישט קיין אנדער משקה, א חוץ וויין, און באָדן זיך אין האָניק און אין שמאַלץ און אין אלדאָס גוטס... לאָס איך האָבן די גליקלעכע יאָר, וויפל קוואָרט סאָראָוועץ און ראָסל פון אוגערקעס עס ווערט דאָ אויסגעטרונקען א טאָג!... איך האָב אליין געזען מיט מיינע אויגן איין אַלרייטניטשקע פון גרענד-סטריט האָט באשטעלט אן עמער עפּל-קוואס מיט א מאה זויערע עפּעלער, קיסליצעס... און די ברכות זאָל איך האָבן, וואָס די קיסליצעס זענען בעסער און געשמאַקער פון די היגע אָרענזשעס מיט די גרייפּ-פרוכטס, וואָס מע ווייסט אפילו נישט, ווי אזוי מע שניידט דאָס און מיט וואָס מע עסט דאָס...

איך גיב נישט איבער ביזן סוף אלצדינג, וואָס ברכה האָט דאָ ארויסגעזאָגט. וואָרום ברכה, אז זי הייבט אָן צו רעדן, וועט זי אזוי גיך נישט אנטשווייגן ווערן. פיניע ווייסט עס גלייך מיט מיר. רוקט ער אָן דאָס היטל און נעמט דעם וועג. דאָס איז די בעסטע עצה. איך טו אויך אזוי.

ד.

„קענדי-סיגאר-סטיישאָנערי-סטאָר מיט פינף רומס. גרויסער באַרגיין. גוטע ביזנעס. בעסטע נאכבארשאפט. אורזאכע סיגנעל. שנעל איבערגעבן". וואָס זאָגט איר אויף דער עברי? איאָ, ס'איז ביי אייך תרגום-לשון? מע מוז אייך פארטייטשן איטלעכס וואָרט באזונדער. אנישט, וועט איר נישט פארשטיין.

דער פשט איז אזוי: „עס גיט זיך איבער א קלייט, ווו מע פארקויפט קאָנפעקטן, סיגארעטן, שרייבגעצייג, גאזעטן און נאָך אזעלכע זאכן. א גרויסע מציאה. מאכט גוטע געשעפטן. די בעסטע

שכנים. און מחמת דער באַלעבאָס איז נישט קיין באַווייבטער, דעריבער גיט ער איבער דאָס געשעפט וואָס גיכער"...

דאָס האָבן מיר אַרויסגעלייענט פונעם פּייפּער, און מיר האָבן אַלע דערפילט, אַז דאָס איז פאַר אונדז די ריכטיקע ביזנעס. גלייך ווי געמאָסטן. און מיר האָבן אָנגעהויבן גיין אָנקוקן די ביזנעס. פריער זענען געגאַנגען די מאַנסבילן. דאָס הייסט, מיין ברודער אליהו, אונדזער חבר פּיניע און מיר אינצווייען, דאָס הייסט, איך און מיין חבר מענדל, וואָס מע רופט אים שוין מייק. אונדז זענען די ביזנעס געפעלן. דערנאָך זענען געגאַנגען די ווייבער: די מאַמע, מיין שוועגערין ברכה און פּיניעס ווייב טייבל. איז זיי נישט געפעלן. איטלעכע פון זיי האָט געפונען אַן אַנדער חסרון. מיין מאַמע האָט געזאָגט, אַז ס'איז איר צו ווייט פון דער שול. דאָס הייסט, ס'איז אויף יענער גאַס אויך פאַראַן אַ שול. איז דאָס אָבער אַ פרעמדע שול. נישט אונדזער כתרילעווקער שול. פרעגט ביי איר אליהו, אויב אין דער שול איז דער אייגענער יידישער גאָט, וואָס אין יענער שול? ענטפערט איר די מאַמע, אַז דער גאָט איז דער אייגענער, נאָר די יידן זענען אַנדערע. זי איז צוגעוווינט צו די כתרילעווקער יידן. מיט כתרילעווקער יידן, זאָגט זי, דאַוונט זיך גאָר אַנדערש. זי קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וועט זי הערן אַן אַנדער בעל־תפילה, נישט אונדזער הערש־בער דעם חזן?

ה.

דאָס איז דער מאַמעס טענות. מיין שווענערין ברכה האָט אויף די ביזנעס אַן אַנדער חסרון: וואָס ווען מיר טאָן, זאָגט זי, מיט אַזוי פיל רומס? צו וואָס דאַרפן מיר פינף רומס? האָט אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע געגעבן אַן עצה: מיר זאָלן די איבעריקע רומס גאַרדינען. אָפּגעבן צו אַ פּאָר קוואַרטיראַנטן מיט קעסט. דאָ ווערט דאָס אָנגערופן: „אַריינגעמען באָרדערס". אַ „באָרדער" הייסט אַ שכן, אַ קוואַרטיראַנט. זאָגט ברכה: „נאָך דאָס פעלט אונדז, האָבן צו טאָן מיט קעסט־קינדער". און טייבל זאָגט איר נאָך איטלעכס וואָרט, ווי אַ פּאַפּוגאַי: „נאָך דאָס פעלט אונדז. האָבן צו טאָן מיט קעסט־קינדער"... זאָגט פּיניע צו זיין ווייבל: „טאָמער וואָלסטו אַמאָל געזאָגט דיין אייגן וואָרט, נישט איבערקייען ברכהס ווערטער?"... טרעט אַרויס ברכה און קילט אָפּ אונדזער פּיניען: „איטלעכער איז אַ מבין אויף יענעם, נישט

אויף זיך"... און טייבל הזרט איבער: „איטלעכער איז א מבין אויף יענעם, נישט אויף זיך"... רופט זיך אָן פיניע צו זיין ווייב: „וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו זאָלסט זיין אליין?". ענטפערט איט ברכה: „וואָלט איך — זאָלט איך, לעקער — איז מקח"... אין טייבל זאָגט איר נאָך „וואָלט איך — זאָלט איך, לעקער — איז מקח"... — טוט פיניע א שפּיי אויס טפו!" — און גייט אוועק.

ו.

מיינט איר, אז נאָר מיר אליין זענען געגאנגען אָנקוקן די ביזנעס? עס האָבן זיך מטריח געווען אויך אונדזערע מחותנים, אונדזערע פריינד און באקאנטע. קודם כל איז געגאנגען אונדזער מחותן, יונה דער בעקער. דערנאָך — זיין ווייב, אונדזער מחותנתטע, ריוועלע די בעקערן. ביידע מיט אמאָל קאָנען זיי נישט איבערלאָזן די קנישעס אויף הפקר. מוזן זיי אלע מאָל גיין איינציקווייז. דערנאָך איז געגאנגען משה דער איינבינדער. און נאָך אים — פעסיע די גראָבע... נאָר שא! דאָ מוז איך מיך אליין אונטערברעכן און זאָגן אויפן היגן לשון: „עקסקיוז מי, איך האָב געמאכט א מיסטייק" אויף אונדזער מענטשלעך לשון װעט דאָס הייסן: „האָט קיין פאריבל נישט, איך האָב געהאט א טעות". פריער איז געגאנגען אונדזער שכנה פעסיע די גראָבע, דערנאָך ערשט איז געגאנגען איר מאן, משה דער איינבינדער. און נאָך זיי זענען געגאנגען גלאט א פּאָר באקאנטע גוטע פריינט, וואָס דאווענען מיט אונדז אין שול, דאָס הייסט, א פּאָר כתרילעווער יידן, וואָס פארשטייען אין די ביזנעס. האָט זיי דער ביזנעסמאן נישט שיין אויפגענומען. דאָס הייסט, ער האָט זיי פּשוט דורכגעטריבן. ער האָט זיי געזאָגט, אז ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אזא גרויסע משפּחה! האָט דאָס מיין מאמען פארדראָסן. איז זי אוועק צו אים מיט מיין שוועגערין ברכה. האָט אים ברכה אָפּגעשפּילט א וויוואט, אז ער וועט זי האָבן צו געדענקען! דער סוף איז געווען, אז דער ביזנעסמאן האָט געשווירן ביי גאָט, אז ער גיט אויף די ביזנעס נאָר צוליב דעם, וואָס ער גייט חתונה האָבן. איצט האָט ער שוין חרטה. אז א יידענע, זאָגט ער, קאָן האָבן אזא מויל, ווי אונדזער ברכה, איז נישט כדאי חתונה צו האָבן. שוין גלייכער, זאָגט ער, בלייבן ביזן טויט א סינגעלמאן. דאָס הייסט א בחור.

ז.

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. דער ביזנעסמאן איז אויסגעגאַנגען פאַרקויפן די ביזנעס, פונקט אזוי ווי מיר האָבן געחלשט נאָך די ביזנעס ובפרט, אז אונדזער סטענד האָבן מיר שוין כמעט פאַרקויפט. איך זאָג „כמעט“, ווייל דער גרינהאָרן, וואָס איז געגאַנגען איבערנעמען אונדזער סטענד, האָט אונדז מיט געוואַלד אריינגעשטופט צען טאָלער אַן אויפגאָב. דאָ הייסט עס א „דעפּאָזיט“. מיר האָבן שוין חרטה געהאַט, וואָס מיר האָבן ביי אים גענומען דעם דעפּאָזיט. וואָרום דער גרינהאָרן איז געהאָנגען איבער אונדז דעם גאַנצן טאָג, ער האָט שוין גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אונדזער סטענד. א ייד א נודניק, א סך א גרעסערער נודניק פון מיין ברודער אליהו. מיין ברודער איז גאָלד אקעגן אים. ער האָט זיך אונדז אזוי איינגעגעסן אין די ביינער, אז מיר האָבן אים געוואָרפן אין פּנים אריין זיין דעפּאָזיט. האָט ער אָבער נישט געוואָלט אים נעמען צוריק. ער האָט זיך פאַרליבט אין אונדזער סטענד. ער איז געווען זיכער, אז מיר ווערן גליקלעך. „א גרינהאָרן בלייבט א גרינהאָרן!“... אזוי זאָגט אונדזער חבר פּיניע.

ח.

וואָס הייסט א „גרינהאָרן“? — פרעגט מיך עפּעס גרינגערס! מיין חבר מייק ווייסט אויך נישט וואָס דאָס איז. מיר הערן, אז מע זאָגט „גרינהאָרן“ — זאָגן מיר אויך. איך בין א בעלן געווען אויף טשיקאַוועסט אָפּמאָלן דעם יידן, וואָס האָט אָפּגעהאַנדלט ביי אונדז דעם סטענד, מיט א ווייס קריידל אויף די שטיינער פונעם טראָטואַר. נאָר אויפן שטערן האָב איך אים צוגעזעצט א לאַנגן האָרן מיט גרינעם קרייד. האָט איר באַדאַרפט הערן די געלעכטערן, וואָס זענען געווען. אלע האָבן דערקענט אונדזער גרינהאָרן און אלע האָבן געלאַכט. א חוץ מיין ברודער אליהו. ער האָט נישט געלאַכט. דאָס הייסט, שלאָגן האָט ער מיך נישט געשלאָגן. נאָר ער האָט מיך געצוואונגען, איך זאָל מיט א נאַסער שמאַטע אָפּווישן דעם גרינהאָרן. אַנישט, וועלן מיר דאַרפן צאָלן שטראָף. פאַר יעדע זאַך צאָלט מען שטראָף. פּרוווט א שפּיי טאָן אין סטריט — וואַקסט־אויס א גאָראָדאָוואָי (דאָ הייסט ער („פּאָליסמאַן”). ער נעמט אייך פאַר אַן אויער און

פירט אייך אָפּ גלייך אין הד־גדיא אריין (דאָ הייסט עס „פּאָלים־סטיישען"). און דאָרטן שטראָפירט מען אייך אָפּ אין פינף מאָלער. זייער שטרענג אין אמעריקע!

ט.

קערט איר אוודאי מיינען, אז דאָ איז אזוי ריין און זויבער, ווי אין אנטווערפּן, און קיינער שפּייט נישט אויף דער סטריט? האָט איר א טעות. מע שפּייט און מע כראָקעט אויף וואָס די וועלט שטייט. אמעריקע — א פרייע מדינה. סיידן אפשר אויף דער פינפטער עוועניו. און דאָס — נישט אומעטום. נאָר דאָרט, וווּ די מיליאָנערן שפּייען נישט. שפּייען שפּייט נאָר דער, וואָס ס'איז אים נישט גוט. און דעם רייכן איז דאָך גוט — וואָס וועט ער שפּייען?...

XVIII

# מיר מופן

## א.

אין אמעריקע איז א מנהג — מע מופט. דאָס הייסט, מע פעקלט זיך פון איין דירה אין דער אנדערער. פון איין ביזנעס אין דער אנדערער. יעדער אייגציקער מוז מופן. מופט ער נישט מיט זיין גוטן ווילן, מאכט מען אים, ער זאָל מופן. דאָס הייסט, אז איר צאָלט נישט קיין דירה־געלט (דאָ הייסט עס „רענט"), גיט מען איין אויף אייך און מע װאַרפט אייך ארויס. ווערט דאָס אָנגערופן, אז מע האָט אייך ארויסגעמופט. דעריבער טאָרט איר זיך נישט וואונדערן, אז מע טוט אייך א פרעג: „ווען מופט איר?" און אז מע פרעגט אייך, מוזט איר ענטפערן. פאר נישט ווען ענטפערן האָט מיין ברודער אליהו געכאפט א פסק פון אונדזער א קאָסטאָמער. וואָס גיט אונדז צו לייזן פאר מעטשעס (שוועבעלער).דאָס הייסט, ער באקומט פון אונדזער סטענד אלע וואָך א באקסל מעטשעס אָן געלט. דאָ גיט מען שוועבעלעך אומזיסט. מע דארף גאָרנישט װאַרטן. ביז מע ווערט געבן. מע גייט צו און מע נעמט אליין.

## ב.

דער קאָסטאָמער, וואָס איך דערצייל אייך, איז א מאָדנער מענטש. עס איז כדאי, איך זאָל אייך אים אָפּמאָלן. ווער ער איז און וואָס ער איז — ווייסן מיר נישט. וווּ ער וווינט און וואָס

זענען זיינע ביזנעס — ווייסן מיר אויך נישט. קיין רייכער מאַן, ווייזט אויס, איז ער נישט. דאָס זעט מען נאָך זיין אויסגערי־בענעם קאָוט, וואָס ער בייט אים קיינמאָל נישט איבער. נאָך זיין אָפּגעבארעט קאפּעליושל און נאָך זיינע געלאַטעטע שיך. דערפאר איז ער אָבער זייער איין אקוראטנע מענטש. ער קומט צו אלע טאָג אין דער זעלבער שעה און צו דער זעלבער מינוט. ער נעמט דעם מאָרגן־פּייפּער, טוט אין אים א קוק אריין אויף דער ערשטער און אויף דער לעצטער פּיידזש, כאפּט א קוק אויך אין דער מיט פונעם פּייפּער און לייגט אים אוועק צוריק. קויפן האָט ער נאָך קיין איינציק מאָל ביי אונדז נישט געקויפט קיין זאַך. א חויז, וואָס ער נעמט אלע וואָך א באקסעלע מעטשעס אומזיסט. און א חויז וואָס ער לייענט אלע טאָג דעם מאָרגן־פּייפּער. האָט דאָס מיין ברודער אליהו מסתמא פארדראָסן. איין מאָל א חכמה, צוויי מאָל א חכמה, אָבער נישט אלע טאָג, איז זיך מיישב אליהו איין מאָל און טוט אים א זאָג:

— עס קאָסט א פּעני...

דער קאָסטאָמער טוט זיך זיינס. דאָס הייסט, ער לייענט די ערשטע און די לעצטע פּיידזש פונעם מאָרגן־פּייפּער. מיין ברודער העכערט דאָס קול:

— עס קאָסט א סענט!...

דער קאָסטאָמער טוט א קוק אין מיטן, לייגט צונויף דעם פּייפּער און לייגט אים אוועק אויפן זעלבן אָרט, ווו ער איז געלעגן.

ג.

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

(אויף דעם אָרט ווערן איבערגעריסן מאָטל פּייסי דעם חזנס מעשיות פון אמעריקע. „מיר מופן" איז געווען די לעצטע זאך, די די לעצטע שורות, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן עטלעכע טעג פאר זיין אוועקגיין פון אונדז, שוין ליגנדיק אויף זיין טויטן־בעט.

ער האָט נאָך אוועקגעשטעלט א גרויסן געכתיבהטן אות „ג“, נאָר נאָכן גימל גייען אין מאנוסקריפּט ליידיקע ווייסע בלעטלעך, אזוי אז דער אומבאקאנטער „קאָסטאָמער“ אָן א נאָמען בלייבט אומבאקאנט, און די אלע ווייטערדיקע בילדער און טיפּן פונעם יידיש=אמעריקאנישן געטאָ=לעבן, וואָס האָבן גערעגט דעם שטענדיק=וואכנדיקן דמיון פון אונדזער גרויסן שילדערער אין זיינע לעצטע טעג, בלייבן פארשלאָסן און פארזיגלט גאָר דער יידישער ליטעראטור.

ווענן דעם דאָזיקן לעצטן קאפּיטל פון שלום=עליכמס שאפן (און אפשר אויך ווענן דעם פריערדיקן פאָר=לעצטן קאפּיטל פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אמעריקע“) איז אונדז, זיינע הויזמענטשן, אויסגעקומען צו הערן פון אים אליין. דינסטיק דעם 9=טן מאי, אין אָוונט, דאָס הייסט, פיר טעג פאר זיין טויט, האָט מען מיך דורכן טעלעפאָן אוועקגערופן פון מיין ארבעט און איבערגעגעבן, אז שלום=עליכם רופט מיך, איך זאָל באלד קומען. פון די דאָקטוירים האָב איך געוווּסט און בין געווען זיכער, אז דעם קראנקס לאגע איז נ י ש ט ערנסט און אז עס דארף נאָך נעמען עטלעכע טעג איז ער וועט געזונט ווערן. און דאָך האָט מיך דעם גאנצן וועג, פון דער „איסט סייד“ ביז בראָנקס, געדריקט א מאָדנער שווערער אנגסט. איך האָב זיך בארואיקט ערשט דעמלט, ווען איך האָב דערזען דאָס פענצטער פון שלום=עליכעמס צימער, פון וועלכן עס האָט זיך געגאָסן א שטילער רואיקער שיין.

איך האָב געטראָפן שלום=עליכמען אויפן בעט דווקא מונטער און עפּוואָס אויפגעלעבט. מע האָט אים געהאט איינגעגעבן נארונג אויף א קינסטלעכן אופן, ווייל די דאָקטוירים האָבן געגלייבט, אז דאָס איז ביי אים א נערוועזע מאָגן=קראנקהייט. מיט עטלעכע שעה צוריק, נאָכמיטאָג, בין איך געווען ביי אים אין צימער, נאָר איצט האָט ער געזאָגט, אז אים דאכט זיך, אז ער האָט מיך נישט געזען שוין עטלעכע טעג. מיט א שוואכן שמייכל אויפן אויסגעמוטשעטן געזיכט האָט ער דערציילט, וואָס פארא וווּנדערלעכע ווירקונג די קינסטלעכע נארונג האָט אויף אים געמאכט — עס האָבן זיך אים ממש געעפנט די אויגן און ער זעט פאר זיך די ליכטיקע וועלט. צווישן אנדערן האָט ער מיך געפרעגט, צי מע ווייסט אין דער רעדאקציע פון דער „װארהייט“ (וווּ ער האָט די לעצטע צייט געשריבן), אז ער איז קראנק, און האָט אונדז דערציילט, אז היינטיקע נאכט (דאָס הייסט, די נאכט פון מאָנטיק אקעגן דינסטיק) האָט ער געשריבן, נישט קוקנדיק אויף

די גרויסע יסורים, וואָס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט א מינוט נישט. „איך ליג אזוי און ליג א גאנצע נאכט, — האָט ער דערציילט, דערביי שווער געכאפּט דעם אָטעם — שלאָפן קאָן איך נישט, די געדאנקען טראָגן... וואָס זשע איז דער תכלית אזוי צו ליגן? זאָג איך צו דער מאמען: וואָס וועל איך דאָ אויסליגן? ביז טאָג איז דאָך ווייט... אמער, גיב אהער די פען און די פּאפּקע מיטן פּאפּיר, וועל איך כאָטש שרייבן. שרייבן איז מיר א סך גרינגער, וואָרום סיי־ווי־סיי מוטשען די געדאנקען, לאָזן נישט צו־רו... און אָט אזוי פּאוואָלינקע האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע קאפּיטלעך פון מאָטלען"...

און די עטוואָס מידע, הימל־קאָלירטע אויגן, וואָס האָבן די לעצטע טעג אָפּגעגעבן מיט א מאָדנע בלויקייט, א ריינע, א ווייטע, ווי די בלויקייט פון הימל, האָבן דערביי אויפגעשטראַלט מיט א קינדיש־קינסטלערישער באגייסטערונג.

דאָס זענען געווען די לעצטע שורות פון שלום־עליכמס שאפן און דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט געערדט וועגן זיין שרייבן. אויף מאָרגן איז זיין לאגע געוואָרן ערנסט, די דאָקטוירים האָבן זיך פארלוירן, און דאָס אומגליק איז אויסגעוואקסן נאָענט, ווי א כמארע...

דער לעצטער מאנוסקריפּט „מיר מופן", כאָטש ס'איז געשריבן מיט שלום־עליכמס כאראקטעריסטישער פיינער און קלאָרער האנטשריפט, איז דאָך צו דערקענען, אז ס'איז געשריבן געוואָרן שוין נישט מיט א געזונטער לייכטער האנט. די אותיות זענען עטוואָס געצוקט און געקרימט, גייען נישט אומעטום גלייך, נאָר דאָ גרעסער און דאָ קלענער, און זענען שוין נישט אזוי פּערלדיק און געטאָקט, ווי דער בארימטער געטאָקטער פּערל־כתב פון שלום־עליכם. עס איז אויך כמעט נישט צו באמערקן אין דעם דאָזיקן לעצטן כתב־יד קיין אויסגעמעקטע און פון אויבן צוגעשריבענע שורות, אזוי ווי ס'איז תמיד געווען די געווינהייט פון שלום־עליכם שטארק צו באארבעטן און צו שלייפן זיינע ווערק. די עטלעכע קליינע קאפּיטלעך זענען, אפנים, געשריבן געוואָרן פון דער ערשטער האנט און האָבן עטלעכע טעג געווארט אויף זייער מייסטער, ער זאָל זיי באפּוצן אויף זיין שטייגער — און האָבן זיך נישט דערווארט...

(אָנמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש)

# דער פארכשופטער שניידער

(ארויסגענומען פון אן אלטן פנקס און באפוצט)

געשריבן אין יאָר 1900.

# דער פארכשופטער שניידער

## קאפיטל א.

איש היה בזלאָדיובקי — א מענטש איז געווען אין זלאָדייעווקע. א שטעטל, וואָס ליגט אין דער סביבה פון מאזעפעווקע, נישט ווייט פון כאפלאפאָוויטש און קאָזאָדאָיעווקע, צווישן יאמפעלי און צווישן סטרייששטש פונקט אויף דעם וועג, וואָס מע פאָרט פון פישי־יאבעדע דורך פעשטי־כוואָסט קיין טעטרעוועץ און פון דאָרטן קיין יעהופעץ; ושמו שמעון אליהו — און זיין נאָמען איז געווען שמעון־עליע, און גערופן האָט מען אים „שמעון־עליע שמע־קולנו“ מחמת ביים דאווענען אין שול האָט ער געהאט א טבע שרייען, ארבעטן, זינגען און ציקלען זיך אויף קולי־קולות. והיה האיש חייט — און געווען איז דער מענטש א שניידער, נישט חלילה פון די געהויבענע שניידערס, וואָס נייען נאָכן „טאבעלטיר“, וואָס מע רופט דאָס „זשורנאל“, נאָר א שניידער א לאטניק, א גרויסער מומחה, הייסט דאָס, אויף לייגן א לאטע, פארצירעווען א לאָך, מע זאָל נישט דערקענען, אָדער איבערניצעווען וואָס פאר א מלבוש איר ווילט אויף דער לינקער זייט, ממש מאכן פון אלט ניי. נעמען, למשל, אן אלטן כאלאט און איבערמאכן אים אויף א קאפאָטע, פון א קאפאָטע א פאָר תחתונים, פון די תחתונים אויסשטיקעווען א לייבל, און פונעם לייבל נאָכדעם עפעס אנדערש — מיינט נישט, אז דאָס איז אזא גרינגע ארבעט! און אויף דעם איז „שמעון־עליע שמע־קולנו“ געווען איין בריה אין דער וועלט. און מחמת זלאָדיי־עווקע איז זייער אן אָרעם שטעטל, וואָס דאָרטן מאכן נייע מלבו־

שים איז עפּעס נישט אזא געווינטלעכע זאך, האָט מען [illegible]יבער געהאלטן פון שמעון=עליען אין זלאָדייעווקע אן עולם ומלואו. איין חסרון נאָר, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויסקומען מיט די נגידים, ליב געהאט אריינקוקן אין קהלשע זאכן, זיך אָננעמען אָן דער קריוודע פון די אָרעמע לייט, רעדן גאנץ אָפנטלעך אויף די בעלי=טובות, וואָס זענען זיך עוסק אין צרכי=צבור, און דעם בעל=טאקסע מאכן מיט דער בלאָטע בפרהסיה, זאָגן אויף אים, אז ער איז א געלט=צאפּער, א בלוטזויגער, א מענטשנפרעסער, און אויף די שוחטים מיט די רבנים, וואָס האָבן געשלאָגן בלאט מיטן בעל=טאקסע — אז ס'איז איין כנופיא, א כיתה פון גנבים, רמאים, קוילערס, רוצחים, גזלנים, א רוח אין זייער טאטנס טאטן אריינגעפלויגן געוואָרן ביז דעם ייִדן תרח, מיטן פעטער ישמעאל אונטערגעשלאָגן!...

צווישן בעלי=מלאכות, חברה „פּועל=צדק“, האָט זיך „שמעון=עליע שמע=קולנו“ גערעכנט פאר א „יודע=נגן“; אויף זייער שפּראך האָט דאָס געהייסן: א מענטש, וואָס פארשטייט אין די קליינע אותיותלעך, מחמת שמעון=עליע פלעגט שיטן מיט פּסוקים, מיט גאנצע שטיקער גמרא און מיט מדרשים, וואָס נישט גע=שטויגן נישט געפלויגן: „עמך“... „קמנתי“... „אָגיל ואשמח“... „היום הרת עולם“... „ויתרוצצו ויתפּוצצו“... „וואָט טיבע יוצר המאורות“... בכתוב, ווי אין פסוק שטייט געשריבן“... וכדומה אזעלכע לשון=קודשדיקע ווערטער, וואָס זענען ביי אים תמיד געווען גרייט. און דערצו האָט ער נאָך געהאט נישקשה פון א קולכל, אפילו א ביסל צו א הילכיקס און א גאָרגלדיקס. נאָר ער איז געווען קלאָר אין אלע נוסחאות מיט אלע ניגונים מיט אלע תפילות אויף אויסגווייניק, און האָט ליב געהאט דעם עמוד מיט סכנות נפשות, און איז געווען גבאי אין שניידערישן שולעכן, געכאפּט פּעטש ווי האָלץ, צוממיינסטן שמחת תורה צו „אתה=הראית“, ווי געווייגטלעך.

„שמעון=עליע שמע=קולנו“, כאָטש ער איז געווען כל ימיו א ביטערער אָרעמאן, מע קאָן זאָגן — כמעט אן אביון, נאָר אראָפּ=פאלן ביי זיך דערמיט האָט ער פיינט געהאט, „אדרבה“, — האָט ער געזאָגט — וואָס מער קבצן מער לעבעדיק, וואָס מער הונגעריק מער געזונגען, ווי די גמרא זאָגט: יאה עניותא לישראל כטשערעוויטשקע קראסני לדיווקע חיורא“...

הקיצור הדבר: שמעון=עליע איז געווען דאָס, וואָס מע רופט אָן אן „אָרעמס און א פריילעכס“. געווען איז ער א נידעריקער, א פארזעניש, ארומגעשטעקט מיט נאָדלען און מיט שטיקלעך

וואַטע אין די געקרייזלטע שוואַרצע האָר; געהאַט האָט ער א קליין צאַפּן בערדל, אביסל א צוגעפּלעטשטע נאָז, די אונטערשטע ליפּ אביסל צעשפּאָלטן, און אויגן גרויסע, שוואַרצע און שטענדיק שמייכלענדיקע, און געגאַנגען איז ער תמיד מיט א טענצל און מיט א לידל אונטער דער נאָז: „היום הרת עולם — גאָר נישט געזאָרגט!“...

ויהי לו בנים ובנות — און ער איז געווען א מטופל מיט קינדער פון אלערליי ווּקס, — צומיינסטן טעכטער, צווישן זיי עטלעכע דערוואַקסענע; ושם אשתו — און זיין ווייב האָט געהייסן ציפּע=ביילע=רייזע, און זי איז געווען זיין „כנגדו“, דאָס הייסט, פּונקט דער היפּך פון אים: א הויכע, א געזונטע, א יידענע א קאָזאַק. פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס נאָך דער חופּה, האָט זי אים גענומען אין די הענט אריין און נישט ארויסגעלאָזט אים, און איז געגאַנגען אין ספּאָדעק, דאָס הייסט: זי איז געווען דער מאַן, נישט ער! ער האָט פאַר איר געהאַט גרויס דרך=ארץ. זי פלעגט אויף אים עפּענען א מויל, פלעגט ער פאַרציטערט ווערן; און אמאָל, אונטער פיר אויגן, אז ס'איז אויסגעקומען, פלעגט זי אים אָפּשמעקן א פּאַטש אויך... דעם פּאַטש פלעגט שמעון=עליע באַהאַלטן אין קעשענע און זאָגן בשעת מעשה א ווערטל מיט א פּסוק.

— היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט! אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן: „והוא — און ער, דער מאַן הייסט דאָס, ימשול — זאָל טון טאָן געוועלטיקן, בך — אין דיר“, איז פאַרפאַלן! עס מעגן קומען כל מלכי מזרח ומערב, וועט זיך זיי נישט העלפן!...

ויהי היום — טרעפט זיך א מעשה. ציפּע=ביילע=רייזע קומט צו גיין איין מאָל זומען קאָשעק פונעם מאַרק, מוט א שמייץ דאָס בינטל קנאָבל מיטן ביסל פּעטרעשקע מיט די קאַרטאָפלעס, וואָס זי האָט איינגעקויפט, און רופט זיך אָן מיט כעס:

— לאָז דאָס גיין אין דער ערד אריין! שוין נמאס ומאוס געוואָרן אלע טאָג, אלע טאָג זיך ברעכן דעם מוח, צו טראַכטן, וואָס קאָכט מען וואַרעמעס. מע באַדאַרף האָבן א קאָפּ פון א מיניסטער! ווידער אמאָל טייגלעך מיט פאַסאָלעס און אָבער אמאָל טייגלעך מיט פאַסאָלעס, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד! „אָט למשל, נחמה=ברכה, אזא קבצנטע, אזא עניטע, אביונטע, אזא דלפונטע באַדאַרף זי האָבן א ציג! פאַרוואָס? וואָרום זי האָט א מאַן לייזער=שלמה, טאָקע א שניידער, נאָר פאָרט א מענטש! א קלייניקייט א ציג? פאַראַן א ציג אין שטוב, איז פאַראַן א

גלעזל מילך פאר די קינדער; מע קאָן אָפּקאָכן אמאָל א קאשע מיט מילך, אָפּשטופּן א ווארעמעס, יוצא זיין מיט א וועטשערע, אמאָל א קריגל פּיד=סמעטענע, א שטיקל קעז און פּוטער — א חיות!

— ביסט נעבעך אוודאי זייער גערעכט! — מאכט שמעון=עליע געלאסן. — פאראן א מדרש: כ ל י ש ר א ל י ש ל ה ם ח ל ק — איטלעכער ייד באדארף האָבן א ציג. ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן...

וואָס טויג מיר דיין פּסוק? — צעשרייט זיך ציפּע=ביילע=רייזע. — איך זאָג א ציג, זאָגט ער גאָר א פּסוק, מיר דאכט, אז איך וועל דיר געבן א פּסוק, וועט דיר ווערן פּסודיק אין די אויגן! מיט פּסוקים נאָר האָדעוועט ער מיך, דער שיינער ברויטגעבער מיינער, דער שלימזל! הערסט דו? איך וועל דיר די גאנצע תורה דיינע אוועקגעבן פאר איין באָרשטש א מילכיקן!...

וכדומה נאָך אזעלכע מינים „אָנצוהערענישן” האָט אים געגעבן ציפּע=ביילע=רייזע עטלעכע מאָל אין טאָג, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז שמעון=עליע האָט איר צוגעזאָגט און געגעבן האנט=תקיעת=כף, אז זי מעג שלאָפן רואיק, עס וועט שוין זיין, מיט גאָטס הילף, א ציג. דער עיקר — בטחון. „היום הרת עולם“ — נאָר נישט געזאָרגט!...

פון דעמלט אָן האָט שמעון=עליע אָנגעהויבן קלויבן א גראָשן און א גראָשן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון א סך נייטיקע זאכן, פארמשכונט די שבתדיקע קאפּאָטע אויף אויסצאָלן וואָכנגעלט און צונויפגעשלאָגן זיך עטלעכע קערבלעך, און ס'איז געבליבן, אז ער נעמט די ממתקים און גייט זיך דורך קיין קאָזאָדאָיעווקע קויפן א ציג. וואָס עפּעס קיין קאָזאָדאָיעווקע? איז דערינען געווען צוויי טעמים: ראשית, איז קאָזאָדאָיעווקע אן ערטל פון ציגן וואָס דער נאָמען אליין באווייזט שוין דערויף: קאָזאָדאָיעווקע איבערגעזעצט אויף יידיש קומט אויס „ציגמעלקנדיקע“. והשנית, האָט ציפּע=ביילע=רייזע געהערט דערציילן פון אירער א שכנה, וואָס זי רעדט נישט מיט איר שוין פון עטלעכע יאָר, אז יענע האָט געהערט פון איר שוועסטער, וואָס איז נישט לאנג געווען ביי איר צו גאסט פון קאָזאָדאָיעווקע, אז דאָרט איז פאראן א ייד א מלמד, רופט מען אים „חיים=כאָנע דער קלוגער“ בלשון סגי=נהור, דערפאר, וואָס ער איז א גרויסער שוטה; האָט דער חיים=כאָנע דער קלוגער א ווייב, רופט מען זי „טעמע=גיטל די שטילשווייגנדיקע“, דערפאר וואָס זי האָט אין זיך גיין מאָס רייד; האָט די טעמע=גיטל די שטילשווייגנדיגע צוויי ציגן, און ביידע מעלקן

זיך. פרעגט זיך א קשיא: פאַרוואָס קומט איר צוויי ציגן, און נאָך מעלקנדיקע דערצו? א גרויסער אומגליק וואָלט געווען, ב'לעבן, זי זאָל נישט האָבן איינע אפילו! פאַראַן, ברוך השם. יידן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין האלבע ציג אפילו — נו, אם כן? שטאַרבן זיי דען?

— ביסט זייער גערעכט! — זאָגט שמעון=עליע צו זיין ווייב. — הערסטו, דאָס איז שוין אן אלטע טענה, ככתוב, ווי אין פסוק שטייט געשריבן: א ס ק א ק ו ר ד ע, ד ב א ר ב א נ ט ע...

— שוין ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין פסוק! — שלאָגט אים איבער זיין ווייב. — מע רעדט פון א ציג, קומט ער מיט א פסוק! דו גיי זיך דורך בעסער אהינצו, צום קאָזאָדאָיעווקער מלמד, און זאָג אים אזוי און אזוי: מיר האָבן געהערט, אז ס'איז ביי אייך פאַראַן צוויי ציגן און ביידע מעלקן זיך. וואָס באַדאַרפט איר צוויי מעלקנדיקע ציגן? אויף כפּרות? ווילט איר דאָך מסתמאָ איינע פון זיי פאַרקויפן — פאַרקויפט זי מיר וואָס וועט אייך אַרן?... אזוי טאַקע זאָלסטו מיט זיי רעדן, דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי, וואָס דען, איך פאַרשטיי נישט? — זאָגט שמעון=עליע. — פאַר מיין געלט באַדאַרף איך זיך נאָך בעטן? פאַר געלט קריגט מען אלץ אין דער וועלט — כ ס ף ו ז ה ב מ ט ה ר ה ז י ר י ם. שלעכט איז נאָר, זעסטו, אז ס'איז חלילה נישטאָ די מטבע, דעמלט איז עני חשוב כמת, מאַכט רש"י: נישטאָ פּאַפּע — גיי ליולי; אָדער ווי מע זאָגט: אָן פינגער קאָן מען קיין פייג נישט שטעלן, ככתוב, ווי אין פסוק שטייט געשריבן: א ס ק א ק ו ר ד ע, ד ב א ר ב א נ ט ע. ד פ א ר ש מ א כ ט ע...

— ווידער אמאָל א פסוק, און אָבער אמאָל א פסוק! עס פּסוקט מיר שוין אין קאָפּ! איינגעזונקען זאָלסטו ווערן! — זאָגט צו אים ציפּע=ביילע=רייזע און באַגראָבט אים גיין איילן אין דער ערד, און טייטשט מיט אים איין אמאָל הונדערט, אז ער זאָל זיך פריער פּרוון ביי חיים=באָנע דעם מלמד, טאָמער ווערט דאָס גיין. איי וואָס, טאָמער וויל יענער נישט? פאַרוואָס זאָל ער נישט וועלן? פאַרוואָס קומט אים צוויי ציגן, און נאָך בעלקנדיקע דערצו? פאַראַן ברוך השם, יידן אויף דער וועלט וואָס פאַרמאָגן נישט קיין האלבע ציג אפילו — נו, אם כן? שטאַרבן זיי דען?...

און אזוי ווייטער, אלץ די אייגענע טענות.

## קאפּיטל ב.

הבוקר אור — ס'איז נאָך טאָג געוואָרן, האָט זיך אונדזער שניידער געפּעדערט, אויפגעשטאַנען און אָפּגעדאַוונט, גענומען מיט זיך דאָס שטעקל מיטן גאַרטל און איז אַוועק אין וועג אַריין בשלום צו פוס.

געווען איז דאָס זומער, אין אַ שיינעם, ליכטיקן, לויטערן, וואַרעמען זומערטאָג. שוין לאַנג געדענקט נישט שמעון-אליע אַזאַ אַן אויסגעצייכנטן, אויסגעשפּילטן טאָג. שוין לאַנג איז שמעון-אליע נישט געווען אין פעלד, אויף דער פרייער לופט. שוין לאַנג האָבן זיינע אויגן נישט געזען פאַר זיך אַזאַ אַן אויסגעצוואַ-נענעם גרינעם וואַלד, אַזאַ שיינע גרינע קאָלדרע, ווי דאָס פעלד איז באַשאָטן מיט אַלערליי קאָלירנדיקע שפּרענקעלעך. שוין לאַנג האָבן זיינע אויערן נישט געהערט אַ פּישטשען פון פייגעלעך, אַ פלאַטערן פון קליינע פערכלעך. שוין לאַנג האָט זיין נאָז נישט געשמעקט אַזאַ געשמאַקן ריח פון גרין גראָז, פון רויער ערד. שמעון-אליע שמע-קולנו האָט פאַרבראַכט כל ימיו אין אַן אַנדער וועלט; זיינע אויגן האָבן געזען פאַר זיך תמיד אַנדערע בילדער: אַ פינצטערע גרוב, ביי דער טיר און אויוון, קאָטשערעס מיט לאָ-פּעטעס, און אַ פּאָמעניצע אַ פולע ווי אַן אויג; ביים אויוון, ביי דער פּאָמעניצע — אַ בעט פון דריי ברעטלעך; אויפן בעט — קינדערלעך אַ סך, קיין עין-הרע, איינס קלענער פונעם אַנדערן, האַלב-נאַקעטע, גאַנץ-באָרוועסע, נישט קיין געצוואָגענע, שטענדיק הונגעריקע... זיינע אויערן האָבן געהערט פאַר זיך שטענדיק אַנ-דערע קולות: „מאַמע ברויט! מאַמע בולקע! מאַמע עסן!"... און איבער אַלע קולות — אַ קול פון ציפּע-ביילע-רייזע: „עסן? נישט עסן זאָל אייך ווערעם, ליבער גאָט, איניינעם מיטן טאַטן אייערן דעם שלימזל! פאַרכאַפּט זאָלט איר נישט ווערן, רבונו של עולם, מיט אים אינאיינעם"... וכדומה אַזעלכע זיסע קולות. זיין נאָז איז געוווינט געווען צו אַנדערע ריחות: אַ ריח פון נאַסע ווענט, וואָס ווינטער נעצן זיי און זומער שימלען זיי, אַ ריח פון זויער-טייג מיט קלייען, פון ציבעלעס און פון קרויט, פון רויע ליים, פון געשאָבענע פישלעך און פון קישקעלעך; אַ ריח פון אַלטע בגדים, וואָס לאָזן זיך הערן אונטערן הייסן פּרעסל מיט אַ געדיכטער פאַרע און מיט אַ מאָדנעם טשאַד...

אַרויסגעריסן זיך אויף אַ ווײַלע פון יענער אָרעמער וויסטער פינצטערער וועלט אויף דער דאָזיקער נייער, פרייער, ליכטיקער, שמעקנדיקער שיין, האָט זיך אונדזער שמעון-אליע געפילט ווי

א מענטש, וואָס איז אין א הייסן זומערטאָג אריינגעשפּרונגען א נאַקעטער אין ים אריין; דאָס וואסער טראָגט אים, די כוואַליעס שלאָגן איבּ, ער טוקט זיך, ער טוקט זיך, ער ציט אין זיך די לופט מיט דער פולער ברוסט — ס'איז מחיה נפשות, ממש א גן־עדן!...

— למשל וואָס וואָלט גאָט געארט — קלערט זיך שמעון־עליע — וואָס וואָלט גאָט געארט, ווען איטלעכער בעל־מלאכה, אשטייגער, זאָל זיך קאָנען אלע טאָג, לאָז זיין כאָטש איין מאָל אין דער וואָך, ארויסגיין אהערצו־צו, אויפן פרייען פעלד א ביסל געניסן פון גאָטס וועלט? איי א וועלטל, א וועלטל! — און שמעון־עליע הייבט אָן אונטערזינגען און פארטייטשן אויף זיין שטייגער:

— אתה יצרת — דו האָסט, גאָט באשאפן, עולמך — דיין וועלטל, מקדם — אויף יענער זייט שטאָט; בחרת בנו — האָסט אונדז אויסדערוויילט, די יידעלעך, מיר זאָלן זיצן דאָרטן אין זלאָדייעווקע אין דער ענגשאפט, קאָפּ־אויף־קאָפּ, אין א דערשטינקעניש; ותתן לנו — און דו האָסט אונדז געטאָן געבן... אוי, צרות האָסט דו אונדז געגעבן מיט ווייטיקן, מיט דלות, קדחת מיט רביעית האָסט דו אונדז געגעבן, ברחמיך הרבים־בים־בים־בים!...

אזוי זינגט זיך שמעון־עליע שטילערהייט אונטער דער נאָז, און עס גלוסט זיך אים א ווארף טאָן זיך דאָ, ווי ער שטייט און גייט אין פעלד. אויפן גרינעם גראָז, כאָטש א ביסעלע געניסן פון גאָטס וועלטל, — דערמאָנט ער זיך, אז ער האָט אן ארבעט, און זאָגט צו זיך אליין: — „עד כאן אומרים בשבת הגדול — געגוג, שמעון־עליע צו זינגען. הלך לעולמו — שפּאַן, ברודער, שפּאַן! אָפּרוען וועסטו זיך שוין, אם ירצה השם, אין דער דעמבענער קרעטשמע. דאָרט האָסטו א שטיקל שאר־בשרי, דאָדי רענדאר. דאָרט קריגט מען צו יעדער צייט א ביסל משקה, ווי אין פּסוק שטייט: ותלמוד תורה כנגד כולם — אביסל מהיכא־תיתי איז בילכער פון אלץ"... און שמעון־עליע שמע־קולנו שפּאַנט ווייטער.

## קאַפּיטל ג.

כאמצע הדרך — פונקט אין דער מיט וועג, צווישן די צוויי שטעט זלאָדייעווקע און קאָזאָדאָיעווקע, שטייט א פעלד־קרעטשמע, וואָס מע רופט זי „די דעמבענע". די דאָזיקע קרעטשמע

האָט אין זיך א כוח עפּעס נאָר א מאַגנעט, וואָס זי ציט צו זיך אלע בעלי=עגלות מיט אלע פאַרשוינען, סיי די וואָס פאָרן פון זלאָדייעווקע קיין קאָזאָדאָיעווקע, סיי די וואָס פאָרן פון קאָזאָדאָיעווקע קיין זלאָדייעווקע — מע מוז זיך אָפּשטעלן אין דער „דעמבענער“ כאָטש אויף עטלעכע מינוט! קיינער ווייסט נישט דעם סוד דערפון נאָך עד היום. א טייל זאָגן, אז ס'איז דערפאַר, ווייל דער באַלעבאָס פון דער קרעטשמע, דאָדי דער רענדאַר, איז זייער א ליבלעכער פאַרשוין און א גרויסער מכניס=אורח, דאָס הייסט, פאַר געלט האָט איר געקאָנט קריגן דאָרטן תמיד א בעסט גלעזל משקה מיט די שענסטע פאַרבייסנס; און א טייל זאָגן, אז ס'איז דערפאַר, ווייל דאָדי איז געווען פון יענער חברה, וואָס מע רופט זיי „טרעפערס“, אָדער „נביאים“, וואָס אליין האַנדלען זיי נישט מיט קיין גנבות, נאָר זיי קערן זיך אָן מיט אלע באַרימטע גנבים א נאָענטער רב שמעלקע... און מחמת קיינער ווייסט דאָס נישט פאַר קלאָר, לכן באַדאַרף מען מאַכן דערפון א שווייג...

דאָדי איז געווען א ייד א מוכסן, א גראָבער, א האָריקער, מיט א גרויסן בויך און מיט א בולבעוואַטער נאָז, און א קול האָט ער געהאַט פון א שור=הבר. אים איז אָפּגעגאַנגען, ווי מע זאָגט, קאָפּווייטיק; פּרנסה האָט ער געהאַט מיטן פולן מויל, בהמות עטלעכע, אויף דער עלטער געבליבן אן אלמן און געווען א ליידיקער מענטש. א גראָבער נפש: א סליחה און א הגדה און א בענטשערל איז ביי אים געווען אלץ איינס. און דערפאַר פלעגט זיך מיט אים שמעון=עליע דער שניידער שעמען: ס'איז אים נישט אָנגעשטאַנען די מעשה, וואָס ער, שמעון=עליע, א יודע=נגן און גבאי אין שולעכל, זאָל האָבן א מוכסן, אן עם=הארץ פאַר א קרוב... און דאָדי פון זיין זייט פלעג'ט זיך שעמען, וואָס ער האָט א „שניידער א פאַלגע“ פאַר א קרוב... זיי האָבן זיך געשעמט איינער מיטן אנדערן. פון דעסטוועגן, אז דאָדי האָט דערזען שמעון=עליען, האָט ער אים אָפּגעגעבן א גאַנץ ברייטן ברוך=הבא, מחמת דאָדי דער רענדאַר האָט פּשוט מורא געהאַט, נישט אזוי פאַרן קרוב אליין. ווי פאַרן קרובס פּיסק.

— אָ, א גאַסט, א גאַסט! וואָס מאַכט עפּעס א ייד שמעון=עליע? וואָס מאַכט עפּעס דיין ציפּע=ביילע=רייזע? וואָס מאַכן דיינע קינדער?

— עט, מה אָנו מה חיינו — וואָס זאָלן מיר מאַכן — האָט אים דער שניידער געענטפערט מיט א פּסוק, ווי זיין שטייגער איז. — מי ברעש ומי במגפה — אמאָל אזוי, אמאָל אזוי, אבי מען איז געזונט, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן:

אספּאַקאָרדע, דבאַרבאַנטע, דפאַרשמאַכטע, דקאַרגאָסע... וואָס מאַכט איר עפּעס, מיין טייערער קרוב? וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך אין דאָרף? זכרנו את הדגה — איך געדענק נאָך אייערע וואַרעניקעס פון פּאַראַיאָרן מיטן ביסל משקה, דאָס איז דאָך ביי אייך דער עיקר. אַריינקוקן אין א ספר האָט איר דאָך פיינט. למה רגשו גויים — וואָס טויג אייך א יידיש וואָרט! ע, רב דאָדי, רב דאָדי! ווען דער טאַטע אייערער, דער פעטער גדליה=וואָלף עליו=השלום, זאָל איצטער אויפשטיין און א קוק טאָן אויף זיין דאָדיקן, ווי ער זיצט דאָס אביסל אין דאָרף צווישן אַלע גויים, להבדיל, וואָלט ער נאָך אַמאָל איבעראיינס געשטאָרבן, איי, האָט איר געהאַט א טאַטן רב דאָדי! געווען א כשרער ייד, לאָז ער מיר מוחל זיין: ער פלעגט טרינקען פון פינצטערער כלי... הקיצור, אין לך אדם שאין לו פּעקל — פון וואָס מע זאָל נישט רעדן — אויפן טויט מוז מען אַרויף... גיט שוין אַהער א ביסל בראָנפן, ווי דער תנא רב פּימפּאָם זאָגט: „קאַפּאָטע במשכנתא שווייַנקייך בנרונם — פאַרזעץ די קאַפּאָטע און נעם אביסל בראָנפן"...

— שוין? דו האָסט אָנגעהויבן שוין מיט דיין לאָקשן=קוי=לעטש? — מאַכט דאָדי און טראָגט אים אונטער אביסל בראָנפן. — דו זאָג בעסער, שמעון=עליע, וווהין פאָרט דאָס א ייד?

— א ייד פאָרט נישט, — זאָגט שמעון=עליע, און מאַכט א כוסה — א ייד גייט צו פוס. ווי מיר זאָגן אין הלל: „רגליהם ולא יהלכו — האָסט פיס, ביסטו נישט קראַנק צו שפּאַנען"...

— אויב אַזוי, — מאַכט דאָדי — זאָג זשע מיר, סערדצע, וווהין שפּאַנט א ייד?

— א ייד שפּאַנט — זאָגט שמעון=עליע און מאַכט נאָך א כוסה — קיין קאָזאָדאָיעווקע שפּאַנט ער, האַנדלען ציגן, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: עזים תעשה לך — ציגן זאָלסטו קויפן...

— ציגן? — פרעגט אים דאָדי פאַרהידושט. — ווי קומט א ייד א שניידער האַנדלען מיט ציגן?

— עס רעדט זיך אַזוי „ציגן"! — מאַכט שמעון=עליע. — מיינען מיין איך א ציג, טאָמער וועט מיר גאָט צושיקן, הייסט דאָס, א ציג א רעכטע. נישט טייער. דאָס הייסט. איר וואָלט קיין ציג נישט געקויפט; נאָר מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע=ביילע=רייזע הייסט דאָס, איר קענט דאָך זי, אַז זי שפּאַרט זיך איין! זי האָט זיך פאַרעקשנט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה — זי וויל א ציג! און א ווייב, זאָגט איר דאָך, באַדאַרף מען פאָלגן, דאָס

איז דאָך א בפירושער „מדרש־פליאה“, הא? איר געדענקט דעם „מדרש־פליאה“?

— אין די זאכן — זאָגט דאָדי — ווייסטו שוין בעסער פון מיר; דו ווייסט דאָך, אז איך בין מיט... מיט... מדרש א קנאפער מהותן!... איך פארשטיי נישט, מיין טייערער קרוב, נאָר איין זאך: ווי קומסטו זיין א מבין אויף ציגן?

— וואָט טיבע יוצר המאורות! — זאָגט שמעון־עליע שוין מיט פארדראָס. — ווי קומט א רענדאר זיין א מבין אויף א סדילקיווער סליחה? פונדעסטוועגן קומט פסח צום סדר, קלאפט איר מיט גאָטס הילף דעם ריינעם „ברכי נפשי“ און זאָגט „זה כפרתי זה חליפתי“, ווי עס געהער צו זיין... וואָס? אפשר נישט אזוי?...

דאָדי דער רענדאר האָט פארשטאנען דעם שטאָך; ער האָט פארביסן א ליפ און האָט זיך געטראכט: „וואַרט, וואַרט, דו שניידערוק, דו פאַלנע! ביכט מיר היינט עפעס צו גייציק, און דו באווייזט זיך מיר היינט צו פיל ארוים מיט דיין תורה! וועסט שוין ביי מיר האָבן א ציג, וועסט זיך קראצן!“... און שמעון־עליע האָט זיך געהייסן אָנגיסן נאָך אמאָל פון יענעם ביטערן טראָפּן, וואָס איז א רפואה צו אלע צרות.

פון אמת קאָן מען נישט אוועקגיין: שמעון־עליע האָט ליב געהאט אביסל בראָנפן, נאָר קיין שיכור איז ער נישט געווען — חס וחלילה! ווען האָט ער דען געהאט אויף א טרונק בראָנפן?... איין חסרון האָט ער נאָר געהאט, וואָס קוים האָט ער גענומען אביסל בראָנפן, אזוי האָט ער באלד געמוזט נעמען נאָך אביסל, און פון אזעלכע צוויי ביסלעך פלעגט ער שוין ווערן מבוסמדיק־פריילעך, די בעקלעך רויטלעך, די אייגעלעך מיט א גלאנץ, און די צונג — די צונג האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן און געקלונגען אָן אן אויפהער.

— אקעגן דעם, וואָס איר זאָגט „צער“, — מאכט שמעון־עליע — „צער“, שער און אייזן. אונדזער פאָלק עמך האָט אין זיך א מעלה, וואָס איטלעכער האָט ליב כבוד, און כבוד איז דאָך, זאָגט איר, לעבער... א ליאדע שוסטערל וואָלט א בעלן געווען זיין גבאי־ראשון כאָטש איבער א פאָמעניצע... זאָג איך צו זיי: ברידערלעך: קטנתי מכל החסדים — איך דארף עס אויף כפרות, קלויבט אייך אוים א שוסטער פאר א גבאי: לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל דעם כבוד, איך וויל נישט קיין פעטש!... זאָגן זיי: בלאָטע! אז צער טוט אָפּ, איז פארפאלן!... זאָג איך: עס קומט אוים ווי אין פסוק שטייט: שמלך לך קצין תהיה לנו — פעטש זאָלסטו כאפּן און

גבאי זאָלסטו זיין... נאָר שאַ, איך האָב מיך אביסל פאררעדט און האָב גאָר פארגעסן, אז איך האָב אויף זיך א ציג. עוד היום גדול — דער טאָג שטייט נישט! א גוטן טאָג, רב דאָדי, חזק, חזק ונתחזק — זייט מיר געזונט און שטארק און מאכט ווארעניקעס!

— פארגעס ז'שע נישט, — מאכט צו אים דער רענדאר — אם ירצה השם, צוריקוועגס, אז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, למען השם, זיך אָפּשטעלן ביי מיר.

— אם ירצה השם, אם ירצה השם, בלי נדר ומסקנא! — זאָגט שמעון־עליע. — אוודאי, ווי דען איז אנדערש? מען איז דאָך נישט מער ווי א „בשר־ודאָס". ווי זאָגט איר: „אָדם א מענטש, צפור א פויגל, קאטשקע רוק זיך"... איר גרייט נאָר צו, רב דאָדי, א רעכט ביסל משקה מיט פארבייסן, דאָס הייסט מאָ־ריטש, ווי אונדז שטייט אָן — אונדזער פאָלק שער און אייזן עמך!

## קאפּיטל ד.

—

ויצא שמעון־אליהו מדעמבינע — און „שמעון־עליע שמע־קולנו" איז ארויסגעגאנגען פון דער דעמבענער קרעטשמע בגילופין, גאנץ פריילעך, ויבוא — און ער איז גע־קומען בשלום, געזונטערהייט, קיין קאָזאָדאָיעווקע. און אז ער איז געקומען קיין קאָזאָדאָיעווקע, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פרעגן, ווו זיצט דאָ ערגעץ רב חיים־כאָנע דער קלוגער, וואָס האָט א ווייב טעמע־גיטל די שטילשווייגנדיקע מיט צוויי מעלקנדיקע ציגן? גאָר לאנג נאָכפרעגן האָט ער נישט באדארפט, וואָרום דאָס שטעטל קאָזאָדאָיעווקע איז נישט אזא כרך פון די כרכי הים, וואָס מע זאָל דאָרט קאָנען, חלילה, פארבלאָנדזשעט ווערן. דאָס גאנצע שטעטל ליגט פאר די אויגן, ווי אויף א טעלער: אָט זענען די יאטקעס מיט די קצבים, מיט די העקערס און מיט די יאטקער־הינט, אָט איז דער מארק, ווו ווייבער דרייען זיך ארום און זאָקן פון איין גויע צו דער אנדערער, טאפּן אלע איין האָן:

— טשועש, טשועש! א שאָ טאָבי זא קורקע?

— יאקא קורקא? צע פּיווען, א נע קורקא!

— נעכיי בודע פּיווען! א שאָ טאָבי זא קורקע? *

---

*— הער נאָר, וואָס ווילסטו פאר דער הון?

— וואָסער הון? ס'איז נישט קיין הון, ס'איז א האָן!

— לאָז זיין א האָן, וואָס ווילסטו פאר דער הון?

אָט נאָך צוויי שפּאַן איז דער שול־הויף, ווו אַלטע ווייבער זיצן איבער מולטערלעך און פּאַרקויפן באַרלעך, סעמעטשקעס און בעבלעך, ווו מלמדים קנעלן, קינדער שרייען און ציגן, ציגן אָן א שיעור, שפּרינגען, שלעפּן שטרוי פון די דעכער, אָדער זיי זיצן אויף דער ערד מיט די אויסגעגלעטע בערדלעך, וואַרעמען זיך אַקעגן דער זון און מעלה־גרהן. און אָט איז שוין די באָד מיט די שוואַרצע פאַררויכערטע ווענט. אָט איז דער טייך, וואָס אויבן איז ער באַדעקט מיט גרינס, ווי מיט א סכך, פול מיט פּיאַווקעס און מיט זשאַבעס, וואָס קוואַקען. דער טייך שיינט אַקעגן דער זון, בלישטשעט ווי מיט דימענטן און שטינקט מיט סכנות־נפשות... און דאָרט, אויף יענער זייט טייך, איז נישטאָ גאָר־נישט, א חוץ ערד און הימל — אויס קאָזאָדאָיעווקע!

אז דער שניידער איז אַריינגעקומען צו רב חיים־כאַנע דעם קלוגן, האָט ער אים געטראָפן ביי דער אַרבעט, ווו ער איז געזעסן מיטן גרויסן טלית־קטן און מיט דער שפּיצעדיקער יאַרמלקע איבער דער גמרא און געלערנט מיט די תלמידים מיט א ניגון אויף קול־קולות די גמרה בבא קמא: „ההוא ברהא — די דאָזיקע ציג, וואָס זי האָט דערזען א מין עסנוואַרג פון אויבן אויפן פּעסל, האָט זיך די ציג צוגעכאַפּט צום עסנוואַרג“...

— צפרא טבא למאָריה דהיטה דקופּא דמחטא! — רופט זיך אָן שמעון־עליע שמע־קולנו אויף תרגום־לשון און זעצט דאָס באַלד איבער אויף פּראָסטן יידיש. א גוטער מאָרגן זאָל זיך אַריינכאַפּן, רבי, צו אייך און צו אייערע תלמידים! איר האַלט מיט זיי, הער איך, סאַמע ביי אזא ענין, וואָס איך אַליין מאַקע האָב מיך מטריח געווען אהער צו אייער זוגתי מרת טעמע־גיטל, מכוח א ציג הייסט דאָס, דהיינו, איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט, נאָר מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּאַרט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה — זי וויל א ציג! און א ווייב, זאָגט איר דאָך, באַדאַרף מען פאָלגן, ס'איז דאָך א בפירושע גמרא: אסקאַקוורדע, דבאַרבאַנטע, דפאַרשמאַכטע, דקאַרנאָסע... וואָס קוקט איר מיך אָן? אל תסתכל בגלעזל אלא בפלעשל — קוקט נישט דערויף, וואָס איך בין א ייד א בעל־מלאכה; יגיע כפּיך אשריך! מסתמא האָט איר געהאָרכט פון איר, איך בין שמעון־עליע חייט מק"ק זלאָדייעווקע, חברה־מאַן אין צעד און גבאי אין שולעכן, כאָטש איך דאַרף עס אויף

כפּרות, לא מעוקצד ולא מדוקצד — איך בין אייך מוחל, זאָג איך צו זיי, דעם כבוד און איך וויל נישט קיין פּעטש! זאָגן זיי: בלאָטע: אז צעך טוט אָפּ, איז פאַרפאַלן: שמלך לך קצין תהיה לנו — פּעטש זאָלסטו כאַפּן און גבאי זאָלסטו זיין!... איך האָב מיך אביסל פאַררעדט און שיער נישט פאַרגעסן אייך אָפּגעבן שלום. שלום־עליכם אייך, רבי! שלום־עליכם אייך, קינדער, צאן־קדשים, שקצים ורמשים, קונדייסים, עכברושים! סע זאָל זיך אייך אזוי וועלן טאַנצן ווי איר ווילט לערנען — אי־אָ, איך האָב געטראָפן?...

דערהערט אזעלכע דיבורים, האָבן חברה תלמידים אָנגעהויבן קנייפּן איינס דאָס אנדערע אונטערן טיש און שיסן מיט די נעזער. זיי זענען דווקא געווען העכסט צופרידן מיטן גאַסט; זיי וואָלטן זיך מחיה געווען, אז גאָט זאָל זיי צושיקן אָפט אזעלכע געסט. נאָר חיים־כאַנע דער קלוגער איז נישט געווען צופרידן; ער האָט פיינט געהאט, מע זאָל אים איבערשלאָגן אין מיטן. האָט ער אריינגערופן זיין ווייב טעמע־גיטל און האָט זיך אומגעקערט צוריק מיט זיינע תלמידים צו דער ציג, וואָס זי האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסנוואַרג, און מע האָט געזונגען אויף א קול: „חייבא רבא — האָט רבא געפּסקנט, אז זי דאַרף באַצאָלן פאַרן עסנוואַרג און פאַרן פעסל דעם גאַנצן היזק“....

שמעון־עליע שמע־קולנו האָט ארויסגעזען, אז מיטן מלמד האָט ער נישט וואָס צו רעדן, האָט ער זיך גענומען צו דער מלמדקע, און בשעת דער מלמד האָט דאָ געלערנט מיט זיינע תלמידים מכוח דער ציג פון דער גמרא, האָט שמעון־עליע דער שניידער געהאַלטן א שמועס מיט טעמע־גיטל די מלמדקע מכוח איר ציג.

— איך בין, ווי איר זעט מיך, א ייד א בעל־מלאכה, — האָט צו איר געזאָגט שמעון־עליע דער שניידער. — אפשר האָט איר געהאָרכט פון מיר — איך בין שמעון־עליע חייט מק״ק זלאָ־דייעווקע, חברה־מאַן אין צעך און גבאי אין שניידערישן שולעכל. כאָטש איך דאַרף דאָס אויף כפּרות! לא מעוקצד ולא מדוקצד — איך בין אייך מוחל, זאָג איך, די פּעטש, איך וויל נישט קיין כבוד!... געקומען בין איך, הייסט דאָס, צו אייך טאַקע מכוח איינער פון אייערע ציגן, דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט נאָר אזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּאַרט: הכצעקתה — איין

מאָל פאר אלע מאָל א ציג! און א ווייב, זאָגט איר דאָך, באדארף מען פאָלגן, ס'איז א בפירושע גמרא...

טעמע־גיטל, א קליין ווייבעלע מיט א נעזל ווי א פאסאָלע, וואָס זי טוט דאָס אלע מאָל א וויש מיט צוויי פינגער, האָט אים אויסגעהערט אביסל און באלד איבערגעשלאָגן אין מיטן:

— זענט איר געקומען, הייסט דאָס, צו מיר אָפּהאנדלען ביי מיר איינע פון מיינע ציגן? וועל איך אייך זאָגן אזוי, מיין ליבער ייד: ערשטנס, האלט איך נישט ביי פארקויפן קיין ציג, וואָרום, לאָמיר זיך נישט נארן, צו וואָס זאָל איך דאָס טאָן? צוליב געלט? וואָס איז געלט? געלט איז קיילעכדיק! געלט גייט אוועק און א ציג בלייבט א ציג, ובפרט נאָך אזא ציג! ס'איז דען א ציג? א מאמע, זאָג איך אייך, נישט קיין ציג! קיין עין־הרע. איר גרינג מעלקן זיך! איר מילך־געבן! היינט איר עסן, וואָס זי עסט! זי עסט דען עפּעס? איין מאָל א טאָג א „פילע" פון קלייען, און דאָס איבעריקע שטרוי פונעם דאך פון בית־המדרש... נאָר גאָרנישט, אויב מע זאָל מיר באצאָלן א רעכטן מקח, בין איך מיך מיישב: געלט איז, ווי זאָגט איר, א יצר־הרע, פאר געלט קאָן איך קויפן אן אנדער ציג, כאָטש אזא ציג ווי מיין ציג איז שווער צו קריגן. ס'איז דען א ציג? א מאמע, נישט קיין ציג... נאָר שאַ! וואָס טויג ווערטער? אָט פיר איך אייך ארײַן די ציג, וועט איר זען!...

און טעמע־גיטל לויפט אוועק, פירט אריין די ציג און ווייזט א פול קריגל מיט מילך, וואָס זי האָט ערשט היינט אָנגעמאָלקן.

דערזען מילך, האָט זיך דער שניידער אזש אָנגעהויבן בא־לעקן, און רופט זיך אָן:

— זאָגט זשע מיר, מיין ליבע יידענע, מה יקר? דאָס הייסט, כמה מעלות טובות — וויפל קאָנט איר זיך הייסן אָנמעסטן פאר אייער ציג, אשטייגער? מחמת ווי באלד נישט אין גלייכן געלט, וועל איך נישט קויפן. ווייסט איר, פארוואָס? ווייל, ערשטנס באדארף איך זי אויף כ־כ־כפרות נאָר אזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבן, ציפע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּארט איין מאָל פאר אלע מאָל: הכצעק...

— וואָס איז שייך וויפל? — האקט אים איבער טעמע־גיטל אין מיטן דעם „הכצעקתה" און טוט א וויש דאָס נעזל. — זאָגט איר אייער מקח, לאָמיר האָרכן! דאָס קאָן איך אייך זאָגן: הערט איר? אז וויפל איר וועט באצאָלן, האנדלט איר א מציאה! ווייסט איר, פאר וואָס? וואָרום אז איר קויפט אוועק ביי מיר די ציג, האָט איר א ציג...

— הערסטו! — שלאָגט איר איבער דער שניידער אין מיטן. — אָט דערפאר וויל איך דאָך זי קויפן, וואָס זי איז א ציג, נישט קיין פיפערנאָטער! דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציג גאָר נישט געקויפט, איך באדארף זי אויף נייַן און נייַנציק כפרות, גאָר אזוי ווי מייַן ווייב זאָל לעבן, ציפע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּארט איין מאָל פאר אלע מאָל: הכצעקה...

— הערסטו! אָט דאָס זאָג איך דאָך — פאלט אים אריין טעמע־גיטל אין די רייד אריין און הייבט אָן ווידער אמאָל אויסרעכענען די מעלות פון איר ציג. לאָזט זי נישט דער שניידער און שלאָגט איר איבער אין מיטן, און אזוי שלאָגן זיי איבער איינס דאָס אנדערע אזוי לאנג, ביז זייערע טענות גיסן זיך צונויף איינייגעם, און עס קומט אויס א מישמאש, א קאשע מיט באָרשטש און מיט לאָקשן: „א ציג, א מאמע, נישט קיין ציג... איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט... א „פילע" פון קלייען... זי האָט זיך איינגעשפּארט איין מאָל פאר אלע מאָל: הכצעקתה... געלט איז קיילעכדיק... אָן עין־הרע, איר גרינג מעלקן זיך... ציפע־ביילע־רייזע הייסט דאָס... זי עסט דען עפּעס... איין מאָל פאר אלע מאָל: הכצעקתה... דאָס איבעריקע — שטרוי פונעם דאך פון בית־המדרש... א ווייב באדארף מען פאָלגן... א ציג? א מאמע, נישט קיין ציג!"...

— טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג אייך צו ציגן, טאָמער? — שלאָגט זיי איבער חיים־כאַנע דער קלוגער אין מיטן און דרייט זיך אוים מיטן פנים צום ווייב. — האָסטו געהערט אביסל? מע האַלט אין מיטן אן ענין האלט מען, מכוח „נזיקין", און זיי: ציג־ציג! ציג־ציג! ממה־נפשך, אָדער פארקויף זיי די ציג, אָדער פארקויף זיי נישט די ציג. ציג־ציג! ציג־ציג! סע ציגט מיר שוין אין קאָפּ ציגט מיר!

— גערעכט! — רופט זיך אָן שמעון־עליע. — ווו תורה, דאָרט איז הכמה! ממה־נפשך, וואָס באדארף מען דאָ לאנג רעדן? לי הכסף ולי הזהב — מייַן געלט, אייער סחורה. זאָגט שלשה דברים, א וואָרט און צוויי און א מאָריטש, ווי אין מחזור שטייט געשריבן: מחספּס מפצפּצים — איז דער פשט...

— וואָס טויג מיר אייער פשט? איר זאָגט מיר בעסער, וואָס גיט איר מיר פאר דער ציג? — מאכט טעמע־גיטל שטילערהייט, בייגט זיך איין ווי א קעצעלע, און טוט א וויש די ליפּן הין און צוריק.

— א משל כחרס הנשבר! — זאָגט שמעון־עליע אויך שטילערהייט. — וואָס הייסט, איך זאָל זאָגן? וואָס בין איך

פאר א זאָגער וואָס? איך זע, אז ס'איז אַל תקשו לבבכם — ארויסגעוואָרפן מיין טרחה! איך וועל ביי אייך, אפּנים, היינט קיין ציג נישט קויפן! האָט קיין פאריבל נישט, וואָס איך האָב אייך דעקוטשעט!...

און שמעון־עליע דרייט זיך אוים מיטן פּנים צו דער טיר און האלט בלומרשט ביי אוועקגיין.

— זעט נאָר זעט! — מאכט טעמע־גיטל און טוט אים א נעם ביים ארבעל. — וואָס האָט איר אזוי קיין צייט נישט. דער טייך ברענט? ממה־נפשך, עפּעס האָט איר דאָך אָנגעהויבן רעדן מכוח א ציג...

בקיצור, די מלמדקע האָט געזאָגט איר מקח, דער שניידער האָט געזאָגט זיין מקח; זי האָט אראָפּגעוואָרפן, ער האָט ארויפגעוואָרפן, א רענדל אראָפּ, א רענדל ארויף — מע האָט זיך אויסגעגלייכט. שמעון־עליע האָט אויסגעציילט די ממתקים, גענומען די ציג אויפן גארטל, טעמע־גיטל האָט באשפּיגן דאָס געלט, וואָס זי האָט געלייזט פאר דער ציג, צוגעווינטשעוועט דעם שניידער, ס'זאָל זיין מיט מזל־ברכה, בשעת מעשה עפּעס געשעפּטשעט שטילערהייט און געקוקט אלע מאָל אויפן געלט און אויף דער ציג און האָט ארויסבאגלייט דעם שניידער מיט א סך ברכות:

— גייט געזונט, און זייט געזונט, און פארנוצט געזונט, און לאָז גאָט געבן, זי זאָל זיין אזוי ווי זי איז געווען ביז אהער, נישט ערגער — בעסער האָט קיין שיעור נישט, און זי זאָל זיך ביי אייך האלטן און האלטן, מעלקן און מעלקן, נישט אויפהערן זיך מעלקן!...

— אָמן, גם אתם! — מאכט דער שניידער און וויל זיך לאָזן גיין צו דער טיר, וויל די ציג נישט גיין, דרייט מיט די הערנער, שפּארט זיך איין מיט די הינטערשטע פיסלעך און מאכט אויף א הילכיק קולכל און ציקלט זיך, ווי א יונג חזנדל, וואָס גייט דעם ערשטן מאָל צום עמוד: מ ה ה ה ה ה ה פּשעי! ו מ ה ה ה ה ה ה ה ה הטאתי!... ווי איינער רעדט: ווהין שלעפּט איר מיך ?...

דעמלט איז שוין אויפגעשטאנען רב חיים־כאַנע דער קלוגער מיט זיין כבוד, און מיטן קאנטשיק אונטערגעהאָלפן ארויספירן די ציג פון שטוב. און די חברה תלמידים האָבן זי אונטער־געטריבן:

— היי, קאָזע! קאָזע! פאשאָל, קאָזע!...

און דער שניידער איז אוועק אין זיין וועג אריין.

ותמאן — און זי האָט נישט געוואָלט, די ציג הייסט דאָס, גיין מיטן שניידער קיין זלאָדייעוועקע, בשום אופן ואופן! זי האָט זיך געריסן צוריק אהיים מיט אלע כוחות! עס האָט איר אָבער גאָרנישט געהאָלפן. שמעון־עליע האָט זי געשלעפּט פאַרן גאַרטל און האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אז ס'איז אַרויס־געוואָרפן איר דרייען זיך און איר בריקן זיך און איר מעקען, וואָס זי מעקעט. ער האָט צו איר אזוי געזאָגט:

— עס שטייט ביי אונדז: בעל כרחך אתה חי — איבער גויט שלעפּסטו אויף זיך דעם גלות. מעגסט יאָ וועלן, נישט וועלן — מע פרעגט ביי דיר קיין עצות נישט. איך בין אויך אמאָל, נישט היינט געדאכט, געווען א פריי פייגעלע, א בחור כהלכה — א פיינער, א יונג מיט א קאמזויל און מיט סקריפּקעס, טשאקנדיק און קנאקנדיק; וואָס איז מיר אָפּגעגאנגען? קאָפּ־ווייטיק? האָט גאָט געזאָגט: לך לך מארצך — קריך, שמעון־עליע אין זאק אריין! האָב חתונה פאַר ציפּע־ביילע־רייזע! האָב קינדער! ווער פאַרשווארצט אויף דיינע יאָר און טעג! כי לכך נוצרת — דערויף ביסטו א שניידער!...

אזוי האָט שמעון־עליע געטענהט צו דער ציג און איז גע־גאנגען געשווינד, כמעט געלאָפן. א ווארעם ווינטל האָט אים צעבלאָזן די פּאָלעס פון דער געלאטעטער קאפּאָטע און האָט פאַרגנבעט זיך אים אונטער די פּאות און גלעט געטאָן אים ביים בערדל, צוגעטראָגן אים צו דער נאָז א געשמאקן ריח פון מיענטע, פון ראָמאשקעס און פון אנדערע פעלדבלומען און קרייטער, וואָס האָבן א ריח פון בשמים, און וואָס זיין נאָז איז צו זיי בכלל נישט געוווינט געוואָרן; און פאַר גרויס התפעלות האָט ער אָנגעהויבן צו דאווענען מנחה, זאָגן „פּטום־הקטורת“, אויס־רעכענען אלע גוטע זאכן: „הצרי והצפּורן, החלבנה והלבונה“, און אלע איבעריקע געווירצן, גאנץ פיין, מיט זייער א שיינעם ניגון, און ער האָט פאַרקאטשעט זיך „אָפּשטעפּן“ א מנחה, אויפן הזנישן שטייגער, גאָר אויף אן אנדער אופן! פּלוצעם... פון וואַנען נעמט זיך דער שטן מקטרג, דער יצר־הרע, און רוימט אים איין א סוד אין אויער אריין:

— הער נאָר אויס, שמעון־עליע, דו יאָלד איינער! וואָס האָסטו זיך דאָ אזוי צעזונגען אויפן ניכטערן הארצן? שוין באלד נאכט, און דו האָסט נאָך און דיין מויל נישט געהאט, א חוץ צוויי

גלעזלעך בראָנפן. הײנט, האָסטו דאָך עפּעס געגעבן דײַן קרוב דאָס הײליקע װאָרט, אַז צוריקװעגס, אם ירצה השם, מיט דער ציג, װעסטו זיך אָפּשטעלן בײַ אים עפּעס צוביסן! געזאָגט א װאָרט — איז פאַרפאַלן. א מויל איז נישט קײן כאַלעװע!

און שמעון־עליע האָט אָפּגעכאַפּט די שמונה־עשרה גאָר בקיצור, זיך אָפּגעקלאַפּט תחנון, און איז אַרײַן צו דאָדי, רענדאַר מיט א שמחה:

— א גוטן אָװנט אײַך, מײַן ליבער קרוב רב דאָדי, איך קאָן אײַך אָנזאָגן א בשורה, מזל־טוב, עם לבן גרתי — איך האָב שױן אײַנגעהאַנדלט א ציג, אָבער א ציג פון ציגנלאַנד, א ציג אשר לא ציגיני אבותנו! איר מעגט זי אָנקוקן און זאָגן אײַער מבינות — איר זענט דאָך עפּעס יאָ א יודע־ספר! אנו, טרעפט, כמה לקו במצרים — װיפל האָב איך באַדאַרפט משלם זײַן?

דאָדי האָט זיך גענומען מיט דער האַנט בײַם קאָזעראָק, זיך פאַרשטעלט פון דער זון, װאָס האָט געהאַלטן בײַ אונטערגײן מיט א גאָלדענעם פּאַס אין עק הימל, און האָט באַטראַכט די ציג, װי א גרױסער מבין, און האָט זי אָפּגעשאַצט פונקט צװײ מאָל אַזױ פיל, װיפל דער שנײַדער האָט באַצאָלט. דערפון איז שמעון־עליע געװאָרן אַזױ אױפגעלײגט אַז ער האָט דערלאַנגט דער רענדאַר א זעץ אין פּלײצע:

— רב דאָדי סערדצע! געזונט זאָלט איר מיר זײַן, צדקת כדברך — איר האָט הײנטיקס מאָל דװקא נישט געטראָפן. אַזױ פיל גליקלעכע יאָר אונדז בײדן!

דאָדי דער רענדאַר האָט אױפגעשטעלט א פּאָר ליפּן און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ אָן װערטער: טפּו־פּו־פּו! װי אײנער רעדט: „א מציאה! א מציאה פון א גנב!“

און שמעון־עליע האָט אײַנגעבױגן דאָס קעפּל אױף א זײַט, זיך א כאַפּ געטאָן מיטן מיטלסטן אױסגעבױגענעם פינגער בײַם זשילעט, גלײַך װי ער װאָלט באַדאַרפט אַרױסכאַפּן פון דאָרט א נאָדל און אַרײַנזעצן אין איר אין דער גיך א פאָדעם.

— נו, רב דאָדי? װאָס װעט איר עפּעס זאָגן, עמך? פאַר־שפּײַען מיר אַן עסק? האַ? איר זאָלט נאָך זען, קײן עין־הרע, װי זי מעלקט זיך, װאָלט איר א מיתה־משונה אײַנגענומען דאָ אױפן אָרט!

— א מיתה־משונה נעם שױן בעסער אײן אַלײן! — רופט זיך אָן צו אים דאָדי.

— אָמן, גם אתם! — זאָגט שמעון־עליע — אויב איך בין יאָ ביי אייך אזא אָנגעלייגטער גאסט, נעמט זשע, זייט מוחל, רב דאָדי, די ציג און באשטאט זי ערגעץ אין שטאל, מע זאָל זי חלילה נישט אוועקלקחנען, און איך וועל דערווייל א דאוון טאָן מעריב, מנחה האָב איך געכאפּט אין וועג, און נאָכדעם וועלן מיר מאכן „שהכל נהיה בדברו“, און טאקע עפּעס צובייסן אויך, ככתוב, ווי אין דער מגילה שטייט: א י ן ק ו צ י ם ב פ ר ו צ י ם — פארן עסן גייט קיין טאנץ נישט. שטייט אזוי געשריבן אין דער מגילה, צי ניין?

— וואָס איז שייך? — מאכט דאָדי. — מסתמא אז דו זאָגסט, סע שטייט — שטייט דאָס; דערויף ביסטו דאָך עפּעס א ייד פון תורה.

אָפּגעדאווענט מעריב און אויסגעשפּיגן צו „עלינו“, רופט זיך אָן דער שניידער צום רענדאר:

— אז דער צער פון טראָגן איז יאָ אזוי גרויס, איז ה ל ע י־ ט נ י נ א מ ן ה א ד ו ם ה ז ה — גיסט אָן, זייט מוחל, פון יענעם גרינעם פלעשל, און לאָמיר נעמען צו קאפּעלעך שפּירט, און לאָמיר זיין געזונט. געזונט דאָס איז ראשית חכמה, ווי מיר זאָגן אלע טאָג אין דאווענען: ה ש כ י ב נ ו ל ש ל ו ם...

גענומען אביסל בראָנפן און פארביסן, האָט זיך אונדזער שניידער צערעדט פאר פייער און פאר וואסער, מכוח זלאָדייעוווקע, מכוח קהל, שול־זאכן, צעך, שניידעריי, שער און אייזן אונדזער פאָלק עמך, בשעת מעשה געמאכט א תל פון זלאָדייעוווקער גבאים מיט די נגידים, מיט זייערע „פּאַראדקעס“, געשוווירן, אז זיין נאָמען זאָל נישט הייסן שמעון־עליע, אויב מע קאָן זיי נישט אוועקגעבן אלע „אויף סימביר“...

— הערט איר, רב דאָדי? — אזוי האָט ער אויסגעלאָזט זיין דרשה מיט א תורה, ווי זיין שטייגער איז: — ב ו ר כ ר ה ו י ח פ ר ה ו — עס וועט א רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין, די בעלי־טובות אונדזערע מיין איך!... זיי ווייסן נאָר צאפּן בלוט, שינדן דעם אָרעמאן, אראָפּנעמען די הויט! פאר דריי קארבן צאָל איך, הערט איר, א פערטעלע א וואָך! נאָר גאָרנישט איך בין נישט קיין „קופּץ בהאָץ“, ווי זאָגט איר, לאָזן זיי איבער־ גיין אויף אנדערע הענט! י ב ו א י ו נ ה — עס וועט קומען אויף זיי א צייט! נישקשה, זיי האָבן נאָך ביי גאָט קיין קוויטל נישט ארויסגענומען! מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, זאָגט מיר אפילו, אז איך בין א שלימזלניק, א לעמעשקע א צע־ קוועטשטע, וואָרום איך זאָל וועלן, האָב איך אויף זיי א בייטש...

נאָר ווער הערט א ווייב? עפּעס האָב איך דאָך אויך א שטיקל דעה! ביי אונדז אין דער הייליקער תורה שטייט בפירוש: ו ה ו א י מ ש ו ל ב ך — איר ווייסט דעם פּשט פון די דאָזיקע ווערטער? ס'איז דאָך צוקער=זיס! הערט זיך איין אקאָרשט אין איטלעכס וואָרט: ו ה ו א — און ער, דער מאַן הייסט דאָס, י מ ש ו ל — זאָל טון טאָן געוועלטיקן!... נאָר וואָס דען? ה ח י ל ו ת ל נ פּ ו ל נ פּ ו ל ת פּ ו ל — איר האָט אָנגעהויבן גיסן, גיסט שוין אָן נאָר אביסל בראָנפן, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט: א ס ק א ק ו ר ד ע, ד ב א ר ב א נ ט ע...

וואָס ווייטער=ווייטער האָט ביי שמעון=עליען די צונג אָנגעהויבן זיך פּלאָנטן, די אויגן קלעפּן זיך, אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז ער האָט זיך צוגעשפּארט צו דער וואנט אויף א ווײלע כאפּן א דרימל, און דאָס קעפּל האָט זיך אים אָנגעבויגן אביסל אויף א זייט, די הענט האָט ער צונויפגעלייגט אויפן הארצן, צוגעהאלטן דאָס צאפּן=בערדל מיט דריי פינגער, און האָט אויסגעזען ווי א מענטש, וואָס איז פארטיפט אין זייער=זייער טיפע מחשבות. ער זאָל בשעת=מעשה נישט געווען צופייפן מיט דער נאָז, אונטערכאָרכלען מיטן האלדז און בלאָזן דורך די ציין: טצ=טצ=טין! — וואָלט קיינער אין דער וועלט נישט געזאָגט אויף אים, אז ער שלאָפט. און כאָטש ער האָט געדרימלט, פונדעסטוועגן האָט דער מוח ביי אים געארבעט גאנץ געשמאק, און עס האָט זיך אים געחלומט, אז ער איז אין דער היים ביי זיין ווארשטיק. אויפן טיש ליגט אויסגעשפּרייט פאר זיינע אויגן א מין מלבוש, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן, וואָס דאָס איז. זאָל איך זאָגן, אז ס'איז א פאָר תחתונים — ווו איז דער קראָק? קיין סימן פון קראָק! זאָל איך זאָגן, אז ס'איז א לייבל אזעלעכס — פון וואנען האָבן זיך גענומען אזעלכע לאנגע ארבל? אלא וואָס דען? מוז איך לערנען דעם פּשט, אז ס'איז לא האָ ולא האָ, נישט קיין לייבל און נישט קיין הויזן — וואָס זשע דען איז דאָס? עפּעס מוז דאָך עס זיין!... שמעון=עליע קערט דאָס איבער אויף דער לינקער זייט — ס'איז גאָר א קאפּאָטע, און נאָך וואָסער קאפּאָטע! א שפּאָגלנייע, א גלאטע, אן אטלאסענע, ער האָט נאָך אויף זיין לעבן אזא קאפּאָטע אונטער דער נאָדל נישט געהאלטן! נאָר ס'איז נישט זיין עסק, ער נעמט ארויס דאָס מעסערל פון זשילעט=קעשענע און זוכט א נאָט און וויל אָנהייבן טרענען די קאפּאָטע. א גליק, וואָס עס באווייזט זיך ציפּע=ביילע=רייזע און הייבט אים אָן שעלטן, באגראָבן אין דער ערד אריין!

— דעם בויך, די קישקעס זאָל מען דיר שוין טרענען, דו שלי־מזל אײנער, דו גרינגע אוגערקע, דו שײנע פּאסאָלע מײנע! דאָס איז דאָך דײַן קאַפּאָטע די שבתדיקע, וואָס האָב דיר געמאכט פון מײַן געלט, וואָס איך האָב אָנגעקליבן פון דער ציג!...

און שמעון־עליע דערמאָנט זיך, אַז ער האָט אַ ציג מיט גאָטס הילף, און עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט! ער האָט אויף זײַן לעבן נישט געזען אַזוי פיל קריגלעך מיט מילך, אַזוי פיל וואַרע־טשקעס מיט קעז! און פּוטער, פּוטער גאַנצע מאַקרעטעס! הײנט מאַסלינקע, פּידסמעטענע, זױערמילך מיט גאַנצע שטיקער „קריהע“, און פּוטער געבעקס עפּעס אָן אַ שיעור, פּלעצלעך אַזעלכע מילכיקע, געבאַקן אויף פּוטער און פון אויבן באַשאָטן מיט זאַמד־צוקער און מיט צימערינג. און דער ריח, דער ריח! עפּעס אַ מאָדנער ריח, אַ באַקאַנטער ריח, פע!... ער פילט, ווי עפּעס קריכט אים אויפן האלדז צווישן קאָלנער, און אונטערן אויער, און אויפן פּנים, און עפּעס קיצלט אים און שטינקט אים גלײַך אין נאָז ארײַן... ער טאַפּט מיט די פינגער און טאַפּט אָן אַ וואַנץ... ער עפנט אויף אײן אויג. דאָס אַנדערע אויג, ער כאַפּט אַ קוק אין פענצטער — אוי־ווײ, אַ צרה, אַ שלאַק, עס שאַריעט אויף טאָג!...

— וואָס טיבע יוצר המאורות! גוט געכאַפּט אַ דרימל! — מאַכט שמעון־עליע צו זיך אַלײן און טוט אַ רײַב מיט די פּלײ־צעס. ער וועקט אויף דעם רענדאַר, פּליט אַרויס אין הויף אַרײַן, עפנט די שטאַל, געמט די ציג אויפן גאַרטל און לאָזט זיך גײן אהײם געשווינד, פּייל אויסן בויגן, ווי אַ מענטש וואָס האָט מורא, ער זאָל הלילה נישט פאַרשפּעטיקן מי יודע וואָס!...

## קאַפּיטל ו.

והאשה — און דאָס ווײַב ציפּע־בײלע־רײזע, אַז זי האָט געזען, אַז דער מאַן זוימט זיך אַזוי לאַנג, האָט זי גאָר נישט געקאָנט פאַרשטײן, וואָס דאָס איז. זי האָט אָנגעהויבן איבערצו־טראַכטן, אפשר האָט זיך חלילה געטראָפן אַן אומגליק, גזלנים זענען אָנגעפאַלן אויף איר מאַן אין וועג, צוגענומען בײַ אים די עטלעכע קערבלעך, אים געקוילעט און פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ גרוב, און זי איז געבליבן, חס ושלום, אַן אײביקע עגונה מיט, קײן עין־הרע, אַזויפיל קינדער, כאָטש נעם און וואַרף זיך אַרײַן, שונאי־ציון, מיט זײ אין טײַך אַרײַן!... אַזעלכע, און כדומה

אזעלכע, מחשבות האָט געבעך ציפּע־ביילע־רייזע יענע נאכט אי־בערגעטראכט, און האָט אפילו נישט צוגעמאכט מיט קיין אויג; און אז עס האָט אויסגעקרייט דער ערשטער האָן אויף טאָג, האָט זי געכאפּט אויף זיך דאָס קליידל און איז ארויס אין דרויסן און האָט זיך געזעצט אויף דער שוועל ארויסקוקן אויף איר מאן, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבן, ער וועט קומען... „א שלימזל גייט אוועק!“ — האָט זי זיך געקלערט און זי האָט זיך צוגעגרייט אים אָפּשפּילן א פּרימאָרגן, ווי ער איז ווערט געווען. נאָר אז זי האָט דערזען ביי אים הינטן צוגעבונדןביים גארטל א ציג, איז איר באלד אָפּגעגאנגען דאָס הארץ, און זי האָט זיך אָנגערופן צו אים מיט גוטן:

— וואָס אזוי לאנג, דו קאנאריקל מיינס, מאנדלבייגעלע? איך האָב דאָך געמיינט, ביסט שוין חלילה אין דער ערד אריין, שיינער תכשיט מיינער, אָדער אזוי עפּעס אן אומגליק געטראָפן, חס ושלום.

און שמעון־עליע האָט זיך צעגארטלט, אוועקגעשטעלט די ציג אין הויז, און האָט אָנגעהויבן שיטן מיט ווערטער, ווי פון א זאק; ער האָט איר פאררעדט די ציין.

— הערסטו, מיין ווייב, האָב איך דיר געקויפט א ציג — פון ציגנלאנד; דאָס איז א ציג אשר לא ציגוני אבותינו! ווי לאנג שמייסט מען זי, די היגע באלעבאָסטעס, ווי לאנג זיי האָבן נאָך אזא ציג נישט געזען אין חלום אפילו! אז עסן עסט זי מכות, סך־הכל, איין מאָל אין טאָג א „פילע“ פון קלייען, און דאָס איבע־ריקע — אביסל שטרוי פונעם דאך פון בית־המדרש; און מילך גיט זי, קיין עין־הרע ווי א קו, מעלקט זיך צוויי מאָל אין טאָג — איך האָב אליין געזען א פול מעלק־שעפל, איך זאָל אזוי זען ביי דיר אלדאָס גוטס! ס'איז דען א ציג? ס'איז א מאמע, נישט קיין ציג! אזוי זאָגט זי, טעמע־גיטל הייסט דאָס. א מציאה פון א גנב, כ'לעבן, קוים־קוים, אויסגעדונגען פאר זיבנטהאלבן קארבן! וויפל, מיינסטו, האָב איך זי געדונגען, איידער איך האָב זי אויסגע־דונגען? אז סך־הכל האָט זי גאָרנישט געוואָלט פארקויפן קיין ציג, קוים איינגערעדט! א גאנצע נאכט געהאקט האָלץ...

און ציפּע־ביילע־רייזע האָט זיך געטראכט בשעת־מעשה: „נחמה־ברכה — א מכה איר א גרויסע! זי מיינט, אז נאָר זי איז א באלע־באָסטע, נאָר זי האָט א ציג, און ווייטער קיינער נישט! איך האָב מורא, אז עס וועט איר ארויס די אויגן, אז זי וועט דערזען, אז ציפּע־ביילע־רייזע שמעון־עליעס ווייב האָב אויך א ציג... און בלומע־זלאטע? און היה־מייטע? כלומרשט גאָר גוטע שוועס־

טער! עס זאָל זיי אָנגיין כאָטש האלב, וואָס זיי ווינטשן מיר, רבונו של עולם!"... אזוי האָט זי זיך געטראכט און האָט איינגע־הייצט אין אויוון, גענומען דערוויילע צוגרייטן רעטשענע לאַקשן אויף אָנבייסן, און שמעון־עליע האָט אָנגעטאָן טלית ותפילין און האָט זיך אוועקגעשטעלט דאווענען, און געשמאק, מיט הארץ — ער האָט שוין לאנג נישט געדאווענט אזוי ווי אצינד! ער האָט געזונגען די הללויהס, געמאכט הזנישע שטיק, צוגעקנאקט מיטן פינגער און האָט אויפגעוועקט מיטן זינגען אלע קינדער. די קינדער זענען געווויר געוואָרן פון דער מאמען, אז דער טאטע האָט געבראכט א ציג, און מע קאָכט לאָקשן מיט מילך, איז געוואָרן ששון ושמחה, און מען איז אראָפּגעשפרונגען פון די בעטלעך אין איינע העמדלעך און מע האָט זיך גענומען פאר די הענטלעך, און מע האָט געכאפּט א טענצל, בשעת־מעשה צוגע־זונגען א לידל, וואָס איז ביי זיי נאָר וואָס באשאפן געוואָרן:

א ציג, א ציג, א ציגעלע!
דער טאטע האָט געבראכט א ציגעלע!
דאָס ציגעלע וועט געבן מי־לעך!
די מאמע וועט קאָכן לאָק־שן!...

געקוקט אויף די קינדער, ווי זיי זינגען און טאנצן, איז שמעון־עליע געוואָרן ברייטער ווי לענגער. ער האָט זיך גע־טראכט: „קינדער געבער, זשעדנע א ביסל מילך... נישקשה, איר וועט שוין היינט, אם ירצה השם זיין זאט... אלע טאָג א גלעזל מילך, און קאשע מיט מילך, און צו דער טיי מילך — א ציג איז טאקע א געזונט אין די ביינער!... וואָס איז מיר אצינ־דערט פישל בעל־טאקסע? איך הער אים, ווי דעם קאָטער! ער וויל נישט געבן קיין פלייש, נאָר ביינער? לאָז ער זיך ווארגן מיט די ביינער! וואָס דארף איך זיין פלייש, אז איך האָב, קיין עין־הרע, מילך? איי, שבת? — אויף שבת קויפט מען פיש, ווו שטייט דאָס, אז א ייד מוז עסן פלייש? איך האָב אין ערגעץ נישט געזען אזא דין!... אלע יידן זאָלן מיך ווערלן פאָלגן, וואָלטן זיי אלע געקויפט ציגן; דעמלט וואָלט אונדזער בעל־טאקסע שיין אויסגעזען מיטן בייכל! עס וואָלט שוין דעמלט א רוח אין זיין טאטנס טאטן אריין!"...

אזוי האָט זיך געטראכט „שמעון־עליע שמע קולנו" און האָט צוגעיפגעלייגט די תפילין, און האָט זיך געוואשן, געמאכט המו־ציא און צוגעגרייט זיך צו דער מילכיקער סעודה. עפּנט זיך

די טיר און עס קומט אריין ציפּע=ביילע=רייזע מיט א לײדיק טעפּל רויט ווי פייער, אין כעס מיט סכנות=נפשות, און א רעגן פון קללות און חרמות האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אויף שמעון=עליעס קאָפּ! נישט קיין קללות זענען דאָס געווען — שטיינער זענען געפאלן פונעם הימל, פּער, און שוועבל, האָט זיך געגאָסן פון ציפּע=ביילע=רייזעס מויל:

— דעם טאטן דיינעם דעם שיכור זאָל עס ארויסוואַרפן, דיך אריינוואַרפן! א שטיין, א ביין זאָל פון דיר ווערן! אין כף=הקלע זאָלסטו גיין! געשאָסן זאָלסטו ווערן פון א ביקס! הענגען און טרינקען, ברענען און בראָטן, שניידן און בראָקן! גיי זע, דו גזלן, דו רוצח, דו משומד איינער, וואָס פאר א ציג דו האָסט מיר געבראכט! א וויסטער א פינצטערער חלום אויף דיין קאָפּ און אויף דיינע הענט און פיס, רבונו של עולם, זיסער פאָטער, האר=ציקער=געטרייער!...

דאָס איבעריקע האָט שוין שמעון=עליע נישט געהערט. ער האָט אָנגערוקט דאָס היטל און איז ארויס פון הויז אַנקוקן דאָס אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפן.

ארויסגעגאנגען אין דרויסן צו דער ציג און דערזען דעם שיינעם תכשיט, ווי ער שטייט צוגעבונדן צום פּלעקל פון דער טיר און מעלה=גרהט זיך קאלטבלוטיק, איז ער געבליבן שטיין אין דער הינער=פּלעט, נישט געוווסט, וואָס טוט מען? וווהין גייט מען? געשטאַנען, געטראכט, געטראכט, און א זאָג געטאָן צו זיך אליין: „תמות נפשי עם פלשתים“ — עס וועט א רוח אין זייער טאטנס טאטן אריין, דעם מלמד מיט דער מלמדקע! זיי האָבן געפונען, מיט וועמען צו טרייבן קאטאָוועס! איך וועל זיי געבן א קאטאָוועס, ס'וועט זיי זיין וויסט און פינצטער! דאכט זיך, גאָר א נעבעכל אָט דער מלמד, מ'ישט זיך כלומרשט נישט אין געשעפט, און צום סוף אזא מעשה! נישט אומזיסט האָבן די תלמידים געכיכיקעט בשעת דער רבי האָט מיך ארויסגעמשלחט מיט דער ציג און די רביצן האָט מיר צוגעווינטשעוועט, זי זאָל זיך ביי מיר מעלקן און מעלקן... איך וועל זיי געבן א מעלקן! איך וועל ביי זיי ארויסמעלקן דאָס דם=התמצית פון די קאָזאָדאָיעווקער כלי=קודש, טונעיאדצעס, קאָטאָוועסטרייבער!“...

אזוי האָט זיך געטראכט „שמעון=עליע שמע=קולנו“ און האָט זיך געלאָזט גיין צוריק קיין קאָזאָדאָיעווקע מיט דער דעה, ער זאָל זיי אָפּשפּילן א וויוואט, ווי זיי זענען ווערט!

געגאנגען פארביי דער דעמבענער קרעטשמע און דערזען דעם רענדאר אויף דער טיר מיטן ליולקעציבעקל אין די ציין האָט זיך אונדזער שניידער צעלאַכט נאָך פון דערווייטן.

— וואָס איז פאר א שמחה אויף דיר, — פרעגט אים דאָדי — וואָס דו לאכסט אזוי?

— טוט א קוק, זייט מוחל, אפשר וועט איר אויך לאכן? — זאָגט צו אים דער שניידער און הייבט אָן לאכן נאָך שטארקער, גלייך ווי צען שדים וואָלטן אים געקיצלט. — נו, ווי געפעלט אייך אשטייגער, רב דאָדי, אזא שלאק? כל האָדם כוזב — ווי ערגעץ א צרה דארף עס טרעפן מיך! איר פארשטייט א מעשה? איך האָב דאָס געהאט א פסק פון מיין ווייב זאָל לעבן, ציפע־ביילע־רייזע הייסט דאָס; זי האָט מיר געגעבן ברכב ובסוסים — אויף שיסל און אויף טעלער, און דווקא אויפן ניכ־טערן הארצן, עס זאָל נאָר פאלן אויפן מלמד מיט דער מלמדקע! מאָלט אייך, איך וועל זיי נישט שווייגן, עס וועט זיין עין תחת עין — א פאטש פאר א פאטש! איך האָב פיינט, אז מע טרייבט מיט מיר אזעלכע קאטאָוועסלעך. אנו, גיט נאָר לעת־עתה, רב דאָדי, פאר הארצווייטיק א גלעזל שפירט, דורכ־שווענקען דעם האלדז, איך זאָל כאָטש כוח האָבן צו רעדן און די נשמה זאָל נישט קליאקנען... לחיים, רב דאָדי, לאָמיר זיין יידן, דאָס איז דער עיקר, ככתוב, ווי עס שטייט געשריבן: היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט! זייט זיכער, איך וועל זיי שוין אָפשפּילן א פרימאָרגן. איך וועל זיי באווייזן, ווי אזוי מע טרייבט קאטאָוועס מיט צעד, שער און אייזן אונדזער פאָלק עמך!

— ווער האָט דיר געזאָגט, אז ס'איז א קאטאָוועס? — מאכט דער רענדאר גאנץ תמעוואטע און פיפקעט מיטן ליולקעלע. — אפשר איז ביי אייך דאָרט ארויס א טעות אין די רייד?

שמעון־עליע איז אזש אונטערגעשפרונגען פאר כעס.

— משל כחרס הנשבר! וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? איך קום צו זיי לכתחילה קויפן א ציג, און רעד מיט זיי ברחל בתך הנאקעטע: א ציג! זאָגט איר גאָר דאָס!...

דאָדי פיפקעט מיטן ליולקעלע, קנייטשט מיט די פלייצעס און צעפירט מיט די הענט, ווי איינער רעדט: „וואָס בין איך שול־דיק? איך בין דאָך אוודאי גאָט די נשמה שולדיק!“...

און שמעון־עליע כאפט די ציג און לאָזט זיך גיין קיין קאָזאָ־דאָיעווקע וחמתו בערה בו — און עס ברענט אין אים א פייער.

קאפיטל ז.

והמלמד — און דער מלמד האָט זיך געטאָן זיין מלאכה, דאָס הייסט, ער איז געזעסן און געקנעלט מיט זיינע תלמידים, געלערנט אליץ יענעם עניַן פון „נזיקין“, און זייער געשריי האָט זיך געלאָזט הערן איבערן גאנצן שול-הויף: כשכשה בזנבה — זי האָט א זעץ געטאָן מיטן ווייידל, די בהמה, ושברה את הכד — און זי האָט צעבראָכן דאָס קריגל“...

— על ישראל ועל רבנן ועל תלמידיהון — א גוטער מאָרגן זאָל אייך זיין, רבי, מיט אייערע תלמידים! — זאָגט שמעון-עליע. — איר מעגט מפסיק זיין אויף א מינוט, נישקשה, די בהמה וועט נישט אנטלויפן און דאָס צעבראָכענע קריגל וועט שוין במילא גאַניץ נישט ווערן. וואָס טויג מיר גרויס — איר האָט מיר אָפּגעטאָן א רעכט שפּיצל, טאקע אויף קאטאָוועס, נאָר וואָס דען? אָהבתי כי ישמע לי — איך האָב פיינט אזעלכע קאטאָוועסלעך! איר האָט דאָך געהערט מסתמא די מעשה פון יענע צוויי יידן, וואָס זענען געוועזן ערב שבת אין מרחץ אויף דער אויבערשטער באנק? רופט זיך אָן איינער צום אנדערן: „נא דיר מיין בעזעמל און שמיים מיך אָפּ“. איז זיך מיישב יענער און טיילט אים איין, ווי עס געהערט צו זיין, צעקארדאַשעט דאָס לייב ביזן בלוט אריין. זאָגט צו אים דער געשמיסענער: „די מעשה דערפון איז אזוי. אויב דו האָסט זיך געוואָלט מיט מיר אָפּרעכענען דאָ, אויף דער אויבערשטער באנק, בשעת איך ליג א נאקעטער און דו האָסט א בעזעמל אין האנט, — מהיכא-תיתי, ביסטו גערעכט; נאָר טאָמער מיינסטו דאָס אויף קאטאָוועס, זאָג איך דיר, אז איך האלט נישט פון אזעלכע קאטאָוועסלעך!“...

— אקעגן וואָס איז דער משל? — פרעגט אים דער מלמד, טוט אויס די ברילן און קראַצט זיך מיט זיי אין אויער.

— דער משל — מאכט שמעון-עליע — איז טאקע אקעגן אייך אליין מיט דער שיינער ציג, וואָס איר האָט מיר אריינגערוקט בשגגה, דאָס הייסט אויף א געלעכטער. פון אזא געלעכטער, הערט איר, קאָן אייך ארויסוואקסן א געלעכטער אויפן פּופּיק! מיינט נישט, אז איר האָט צו טאָן מיט גלאט עפּעס א פאלגע; איך בין שמעון-עליע חייט מק'ק זלאָדייעווקע, חברה-מאן אין צעד און גבאי אין שניידערישן שולעכל, שער און אייזן אונדזער פאָלק עמך!

ביי די לעצטע ווערטער איז שמעון-עליע אזש אונטערגעשפרונגען, און דער מלמד האָט אָנגעטאָן צוריק די ברילן און האָט באטראכט דעם שניידער, ווי א מענטש, וואָס רעדט פון היץ, און דער גאנצער חדר האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער.

למה הרעות לעם הזה — וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי א בייזער מארשאליק? — רופט זיך אָן דער שניידער שוין מיט כעס, — איך קום צו אייך צוגיין און קויף ביי אייך א ציג, גייט איר און רוקט מיר אריין דער רוח ווייסט וואָס!

— עס געפעלט אייך נישט די ציג? — פרעגט אים דער מלמד בתמימות.

— די ציג, זאָגט איר? ס'איז אזוי א ציג, ווי איר זענט גובערנאטאָר!

דער גאנצער חדר שיסט אויס א געלעכטער, און עס קומט אָן טעמע-גיטל די שטילשווייגנדיקע, און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע התוגה: שמעון-עליע רעדט און טעמע-גיטל רעדט אים איבער: דער רבי זיצט און קוקט, די תלמידים לאכן; זיי רעדןביידע אזוי לאנג, ביז טעמע-גיטל ווערט אין כעס, כאפט דעם שניידער פארן האנט און שלעפט אים.

— קומט, קומט צום רב! לאָזן כאָטש יידן זעען, ווי א זלאָדייעווקער שניידער טשעפעט זיך! טראכט אויס א בלבול!

— קומט! — זאָגט שמעון-עליע. — אדרבא, לאָזן מענטשן זען, ווי ערלעכע יידן, כלי-קודש כלומרשט, דערטאַפּן א פרעמדן מענטשן און מאכן פון אים א האנטשירקע, ווי מיר זאָגן אין לאנג-והוא-רחום: ללעג ולקלעמענעיש... קומט טאקע איר אויך, רבי-לעבן! — מאכט ער צום מלמד. און רב חיים-כאָנע טוט אָן דעם פליסענעם קאשקעט אויף דער יארמלקע און עס בלייבט, אז זיי גייען צום רב אלע פיר, דאָס הייסט: דער שניידער, די מלמדקע, דער מלמד און די ציג.

אז די קאָמפּאניע איז געקומען צום רב, האָבן זיי געטראָפן דעם רב אין א ציצן כאלאטל ווישן די הענט און זאָגן „אשר יצר" פּאַוואָלינקע, מיט כוונה, נישט געכאפּט, געקוועטשט איטלעכס וואָרט באזונדער. נקבים, נקבים — חלולים, חלולים!... און אז ער האָט זיך אָפּגעפּארטיקט מיט אלצדינג ארום און ארום, האָט ער צונויפגענומען דאָס כאלאטל און האָט זיך באזעצט אויף זיין שטול, וואָס איז געווען אָן א געזעסל, נאָר פּיסלער מיט פּערענטשעס אלטע, גלאנצנדיקע און שאָקלענדיקע, ווי אלטע ציין ביי אן אלטן מענטשן, וואָס וואָלטן שוין לאנג באדארפט ארויספאלן, נאָר זיי האלטן זיך אויף נסים.

אויסגעהערט ביידע צדדים, וואָס האָבן נישט געלאָזט רעדן איינער דעם אנדערן, האָט דער רב געשיקט רופן דעם דיין מיטן שוחט, מיט די איבעריקע פּאַרנעמסטע לייט פון שטאָט, די „שבעה טובי העיר“, און האָט זיך אָנגערופן צום שניידער בזה הלשון:

— דערציייל, זיי מוחל, נאָך אמאָל די מעשה פון אָנהויב ביזן סוף, און נאָכדעם וועט זי דערציילן.

און שמעון=עליע דער שניידער האָט זיך נישט געפוילט איבערהזרן נאָך אמאָל און נאָך אמאָל די אייגענע מעשה פונעם אָנהויב אָן, אז ער הייסט שמעון=עליע חייט מק'ק זלאָדייעוווקע חברה=מאַן איז צעך און גבאי אין שולעכן, כאָטש ער טענהט מיט זיי: קטנתי מכל הצרות — איך דאַרף עס אויף כפּרות, לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל די פּעטש און וויל נישט קיין כבוד! זאָגן זיי: שמלך לך קצין תהיה לנו — פּעטש זאָלסטו כאַפּן און גבאי זאָלסטו זיין... הקיצור, ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אהער קיין קאָזאָדאָיעווקע נאָך א ציג; דאָס הייסט, ער וואָלט קיין ציג נישט געקויפט — ער באַדאַרף זי אויף ניין און ניינציק כפּרות; נאָר אזוי ווי ער האָט א ווייב זאָל לעבן, ציפּע=ביילע=רייזע הייסט דאָס, האָט זי אים נישט געלאָזט אָטעמען: הכצעקתה — זי וויל א ציג... און א ווייב, זאָגט איר, באַדאַרף מען פאָלגן, איז ער געקומען צו רב חיים=כאָנע דעם גמרא=מלמד און דינגט ביי אים א ציג און רעדט אוים „ברחל בתך הנאקעטע“: א ציג. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז מע האָט ביי אים צוגענומען די עטלעכע קערבלעך און מע האָט אים אריינגערוקט דער רוח ווייסט וואָס, אויף קאַטאָוועס הייסט דאָס, און ער, שמון=עליע, האָט פיינט אזעלכע קאַטאָוועסלעך!... איר האָט דאָך געהערט מסתמא די מעשה מיט יענע צוויי יידן, וואָס זענען פּרייטיק אין באָד...?

און שמעון=עליע דער שניידער הזרט איבער דעם משל פון דער באָד נאָך אמאָל, און דער רב מיט די דיינים מיט די שבעה טובי העיר לאכן.

— האָבן מיר אויסגעהערט איין צד. — רופט זיך אָן דער רב. — אצינד לאָמיר האָרכן דעם אנדערן צד.

שטייט אויף רב חיים=כאָנע דער קלוגער, רוקט אָן דאָס היטל אויף דער יאַרמלקע און הייבט אָן בזה=הלשון:

— שמעו=נא, רבותי! די מעשה איז אזוי געווען די מעשה: איך בין געזעסן און געלערנט מיט די תלמידים בין איך געזעסן, סדר נזיקין האָב איך געלערנט, בבא=קמא — יאָ, בבא קמא...

קומט ארײַן אָט דער ייִד פֿון זלאָדײעװוקע אָט דער, און זאָגט, אַז ער איז אַ זלאָדײעװוקער, פֿון זלאָדײעװוקע זאָגט ער, און גיט אָפּ שלום גיט ער מיר אָפּ, און דערציילט מיר אַ גאַנצע מעשה דערציילט ער מיר, אַז ער איז אַליין אַ זלאָדײעװוקער, פֿון זלאָדײעװוקע, הייסט דאָס, איז ער, און האָט אַ װײַב האָט ער, הייסט זי ציפּע־בײלע־רײזע הייסט זי — יאָ, ציפּע־בײלע־רײזע הייסט זי... אַזױ, דאַכט זיך?

דער מלמד בײגט זיך אָן צום שנײדער, און דער שנײדער, װאָס האַלט זיך די גאַנצע צײַט בײַם בערדל, שטײט מיט צונױפֿגעמאַכטע אױגן, דאָס קעפּל אַביסל אױף אַ זײַט, און שאָקלט זיך און זאָגט אױף זײַן לשון:

— אמת ויציב ונכון! זי הייסט אַלע דרײַ נעמען: ציפּע און בײלע און רײזע. אַזױ האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן, און אַזױ רופֿט מען זי פֿון זינט איך קען זיך מיט איר שױן פּאַװאָלינקע אַ יאָר דרײַסיק. נאָר לאָמיר האָרכן, װאָס װעט איר װײַטער זאָגן, ידידי? איר פֿאַררעדט נאָר נישט די צײַן! איר רעדט בעסער עסק. על הראשונים ועל האחרונים — װאָס איך האָב גערעדט און װאָס איר האָט גערעדט, װי שלמה המלך זאָגט: „אין חדש תחת השמש“ — קײן חכמות גײט נישט אָן...

— איך װײס גאָר נישט איך! — מאַכט דער מלמד דערשראָקן און באַװײַזט אױף דער מלמדקע. — זי האָט מיט אים גערעדט, זי, זי האָט מיט אים געהאַנדלט זי. איך װײס גאָר נישט איך!

— אַצינד — זאָגט דער רב — לאָמיר האָרכן, װאָס װעט זי עפּעס זאָגן?

און דער רב באַװײַזט מיטן פֿינגער אױף דער מלמדקע, און טעמע־גיטל די שטילשװײַגנדיקע װישט זיך אָפּ די ליפּן, שפּאַרט זיך אונטער מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער האַנט הײבט זי אָן צו טענהן גיך, אָן אַן אָפּשטעל, און דאָס פּנים בשעת מעשה פֿלאַמט איר װי אַ פֿײַער.

— הערט זשע אױס, ײדישע קינדער, די מעשה דערפֿון איז אַזױ: אָט דער ייִד, דער זלאָדײעװוקער שנײדער הייסט דאָס, זאָל מיר מוחל זײַן, איז... איז אָדער אַ משוגענער אָדער אַ שיכּור, אָדער איך װײס אַלײן נישט װאָס! איר האָט געהערט אַ מעשה? אַ ייִד קומט צו מיר צו גײן אַזש פֿון זלאָדײעװוקע אָט דער דאָזיקער, און טשעפּעט זיך צו װי אַ קלעק, אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל, איך זאָל אים פֿאַרקױפֿן אַ ציג, איך האָב געהאַט צװײ, און דער־

ציילט מיר דערביי א פּזמון, אז ער וואָלט קיין ציג נישט געקויפט, ער באַדאַרף זי אויף כּ=כּ=כּפּרות, נאָר אזוי ווי ער האָט א ווייב, ציפּע=ביילע=רייזע הייסט זי, האָט זי זיך איינגעשפּארט איין מאָל פאר אלע מאָל — א ציג! און א ווייב זאָגט ער, באַדאַרף מען פאָלגן, איר פארשטייט א משל? טענה איך: וואָס גייט דאָס מיר אָן? איר ווילט ביי מיר אוועקקויפן א ציג, פארקויף איך אייך, דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציג גאָר נישט פארקויפט פאר קיין געלט, וואָרום וואָס איז געלט? געלט איז קיילעכיק. געלט גייט אוועק און א ציג בלייבט א ציג, ובפרט נאָך אזא ציג — ס'איז דען א ציג? ס'איז א מאמע, נישט קיין ציג! קיין עין=הרע, איר גרינג מעלקן זיך, איר מילך געבן, הײנט איר עסן משטיינס געזאָגט, זי עסט דען עפּעס? איין מאָל אין טאָג א „פּילע" פון קלייען, דאָס איבעריקע א ביסל שטרוי פונעם דאך פון בית=המדרש. נאָר צוריק שמועסנדיק, האָב איך מיך מיישב געווען אזוי: איך האָב דאָך, קיין עין=הרע, צוויי ציגן, און געלט איז א יצר=הרע... בקיצור, דאָ האָט זיך שוין אריינגעמישט מיין מאַן, זאָל לעבן, און מיר זענען דורכגעקומען מיטן שניידער פארן מקח — מיינט איר, וויפל? נישט מער זאָלן מיינע שונאים פארמאָגן, רבונו של עולם! און איך האָב אים אָפּגעגעבן די ציג, אויף אלע מיינע ליבע געזאָגט געוואָרן אזא ציג. ס'איז דען א ציג? א מאמע, נישט קיין ציג! קומט ער צו גיין, דער שניידער, מיט א בלבול, ס'איז נישט קיין ציג, זאָגט ער! שא, ווייסט איר וואָס? אָט שטייט זי. גיט, זייט מוחל, אהער א מעלקשעפל, וועל איך זי אויסמעלקן פאר אייך אין די אויגן!

און זי האָט אנטליען ביי דער רביצין דאָס מעלקשעפל און האָט אויסגעמאָלקן די ציג פאר אלעמען אין די אויגן, צוגעטראָגן דאָס שעפל מיט מילך איטלעכן באזונדער, פריער, געווינטלעך, דעם רב, נאָכדעם די דיינים, און נאָכדעם די שבעה טובי העיר, און דעם איבעריקן עולם, און ס'איז געוואָרן ביים רב אין שטוב א ליארעם, א געפּילדער — הימל עפן זיך! דער האָט געזאָגט: מע באַדאַרף קנסענען דעם זלאָדייעווקער שניידער, ער זאָל שטעלן משקה! דער האָט געזאָגט: קנסענען אליין איז נאָך ווינציק — מע באַדאַרף ביי אים צונעמען די ציג! און דער האָט געזאָגט ניין, די ציג איז א ציג, זאָל ער זיך עלטערן מיט איר אין עושר און אין כבוד; מע באַדאַרף אים מכבד זיין מיט גוטע עטלעכע פאנטאָפל און ארויסוואַרפן מיט דער ציג איניינעם צו אלדי שווארצע יאָר!

דערזען אזא מעשה, האָט זיך שמעון־עליע פּאוואָלינקע אַרויסגערוקט פונעם רבם שטוב און האָט געמאַכט פּליטה.

## קאַפּיטל ח.

וישא החייט את רגליו — און דער שניידער האָט גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און איז אַוועק מיט דער ציג אַהיים גיך און געשווינד, ווי א מענטש, וואָס לויפט פון א שרפה. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי מע יאָגט אים חלילה נישט נאָך, און האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז אַרויס „חנם אין כסף — טרוקן אָן פּעטש"...

דורכגעגאַנגען פאַרביי דער דעמבענער קרעטשמע, האָט זיך שמעון־עליע געקלערט: „מכות וועסטו ביי מיר וויסן דעם אמת"! און ער האָט פאַרלייקנט פאַר דאָרין די גאַנצע מעשה.

— נו וואָס הערט זיך? — פרעגט אים דאָדי כלומרשט נייגעריק.

— וואָס זאָל זיך הערן? — זאָגט שמעון־עליע. — פאַר מיר האָט מען דרך־ארץ! מיט מיר טרייבט מען נישט קיין קאַטאָוועס, כי אדם אני ולא פּארד — איך בין דאָך עפּעס נישט קיין יינגעלע! איך האָב דאָס א ביסל געעפּנט אויף זיי א פּה־קדוש, זיך פאַרהערט א ביסל מיטן מלמד אין תורה, לאָזט זיך אויס, אַז איך ווייס בעסער פון אים, וואָס אין די קליינע אותיות טוט זיך... בקיצור הדבר, זיי האָבן מיך איבערגעבעטן און געגעבן מיר די ציג, וואָס איך האָב געקויפט. אָט איז זי. נאָט אייך זי אויף א מינוט, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט: הנפש קח לך והרכוש תן לי — נעמט אייך דעם נפש און מיר גיט א ביסל בראָנפן.

— גענוג, ער איז א גדלן, איז ער נאָך א ליגנער אויך!" — טראַכט זיך דאָדי דער רענדאַר. — „מע באַדאַרף מיט אים מאַכן נאָך אַמאָל דאָס אייגענע שפּיל און הערן, וואָס וועט ער זאָגן ווייטער?"

און צום שניידער האָט ער געזאָגט:

— איך האָב פון דיינעטוועגן, שמעון־עליע, א גלעזל אַלטן „ווישניק", אויב דו האָסט חשק.

— פונעם יין המשומר? — מאַכט שמעון־עליע און באַלעקט זיך אַזש. — מהיכא־תיתי, ווייזט אַהער, וועלן מיר אייך זאָגן א מבינות; איך ווייס, אַז ביי אייך דאַרף זיין א גוט גלעזל

ווישניק, נאָר לאו כל אדם כוזב — נישט איטלעכער איז דערויף א מבין.

אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזל, האָט זיך ביי אונדזער שניידער אויפגעבונדן די צונג און ער רופט זיך אָן צום רענדאר:

— זאָגט נאָר, מיין ליבער קרוב, איר זענט דאָך עפּעס א ייד, וואָס קאַטאָרי איר זענט נישט קיין נאר, כלעבן, און איר קערט זיך אָן מיט אלערליי מענטשן; זאָגט מיר נאָר, איר גלייבט אין כשוף? פארבלענדעניש?

— דהיינו? — פרעגט אים דאָדי תמעוואטע.

— דהיינו — זאָגט שמעון־עליע — א דבוק, א לץ, א נישט־גוטער, א גלגול?...

— אקעגן וואָס זאָגסטו דאָס? — מאכט דאָדי מיט א תמע־וואטן פּנים און פּיפּקעט מיטן ליולקעלע.

— איך שמועס עס גלאט אזוי אקעגן דרינען. — זאָגט „שמעון־עליע שמע־קולנו" און הערט נישט אויף צו רעדן פון גלגולים, פון מכשפים, פון מכשפות, שדים און רוחות, לצים, שרעטעלעך, וואָווקעלאקעס. דאָדי הערט־צו כלומרשט מיט קאָפּ, פּיפּקעט מיטן ליולקעלע; נאָכדעם שפּייט ער אויס און רופט זיך אָן צום שניידער:

— דו ווייסט, שמעון־עליע, וואָס איך וועל דיר דערציילן? איך וועל היינטיקע נאכט, דאכט מיר, מורא האָבן שלאָפן. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, פאר מתים האָב איך תמיד מורא געהאט, נאָר פון היינט אָן הייב איך שוין אָן גלייבן אין גלגולים און אין לצים אויך...

— א ברירה האָט איר? — מאכט צו אים דער שניידער.

— פּרוּווט נישט גלייבן! אנו, לאָז זיך נאָר אריינכאפּן צו אייך עפּעס א רעכטער לץ און אָנהייבן פּראַווען זיינע רעכטע שטיק: איבערקערן אייך די דייזשע באַרשטש, אויסגיסן דאָס וואסער, אויסטרינקען אלע קריגלעך, איבערברעכן אייך אלע טעפּלעך, פארקניפּן די ציצית פונעם טלית־קטן, אריינוואַרפן אייך א קאץ אין בעט אריין, און די קאץ זאָל ליגן ביי אייך אויפן הארצן, ווי צען פּוד משא, און איר זאָלט זיך נישט קאָנען רירן, און אז איר וועט אויפשטיין, זאָל אייך די קאץ קוקן גלייך אין די אויגן אריין, ווי א זינדיקער מענטש...

— גענוג! גענוג! — מאכט דער רענדאר, שפּייט־אויס און פארוואַרפט מיט די הענט. — גענוג דיר שוין צו דערציילן אקעגן נאכט אזעלכע מעשיות!

— זייט מיר געזונט, רב דאָדי האָט קיין פּאריבל נישט, איך האָב אייך א ביסל דעקוטשעט; איר ווייסט אליין, אז איך בין נישט שולדיק, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט: ל א ה י ו ד ב ר י ם — ניע מיעלא באבא כלאָפּאָטע... א גוטע נאכט!

## קאפּיטל ט.

כ ש ב א ה ח י י ט — אז דער שניידער איז געקומען אהיים, איז ער אריין אין שטוב אריין מיט א ירגזון, גאנץ ברייטלעך, און האָט געוואָלט געבן א פּעטשאטשעק זיין ווייב, ווי זי איז ווערט, נאָר ער האָט זיך איינגעהאלטן מיט אלע כוחות. ער האָט זיך געטראכט „עט, א יידענע בלייבט א יידענע! לאָז מיינס איבערגיין!“ און פון דרך־שלום וועגן האָט ער דערציילט פאר זיין ווייב א שיינעם ליגן.

— הערסטו, ציפּע־ביילע־רייזע מיין ברודער? פאר מיר האָט מען, אפּנים, פּאָרט דרך־ארץ. מילא, וואָס דער מלמד מיט דער מלמדקע האָבן פון מיר געהאט — בין איך דיר מוחל; איך האָב זיי געגעבן, וויפל עס איז אין זיי אריין! און חוץ לזה האָב איך זיי אוועקגעשלעפּט צום רב, האָט דער רב אָפּגעפּסקנט, אז זיי באדארפן צאָלן קנס, וואָרום אז אזא ייד, ווי שמעון־עליע, קומט צו זיי האנדלן א ציג, באדארף זיין ביי זיי דער גרעסטער כבוד וואָרום אָט דער שמעון־עליע, זאָגט דער רב, איז א ייד קאטאָרי וועלכער...

ציפּע־ביילע־רייזע האָט אָבער מער נישט געוואָלט אויסהערן די שבחים, וואָס מע לייגט אויף איר מאן. זי האָט געוואָלט אָנקוקן וואָס גיכער די אמתע ציג, וואָס איר מאן האָט געבראכט; האָט זי געכאפּט דאָס טעפּל און איז אוועק אין הויז אויסמעלקן די ציג. און עס האָט נישט לאנג געדויערט און ציפּע־ביילע־רייזע איז אריינגעלאָפן אין שטוב אריין שוין אָן ווערטער; זי האָט אָנגענומען שמעון־עליען מחילה פון הינטן ביים קאָלנער און האָט אים מיט דריי גוטע סטוסאקעס ארויסגעוואָרפן מיט דער שיינער ציג אינאיינעם „צו אלדי שווארצע וויסטע פינצטערע יאָר“...

געבליבן אין דרויסן מיט דער שיינער ציג, האָבן זיך ארום דעם שניידער צונויפגעקליבן א גאנץ רעדל יידן, ווייבער און קינדער, און האָבן אויסגעהערט די חידושים, וואָס שמעון־עליע האָט זיי

דערציילט, אז די דאָזיקע ציג, וואָס ער האלט אויפן גארטל, איז נאָר דאָרט, אין קאָזאָדאָיעווקע, א ציג, וואָס מעלקט זיך און גיט מילך, נאָר קוים קומט ער מיט איר אהער, אזוי ווערט זי אויס ציג... שמעון=עליע האָט געשווירן מיט כל השבועות, מע מעג גלויבן א משומד, אז ער אליין האָט געזען מיט זיינע אויגן, ווי מע האָט זי אויסגעמאָלקן ביים רב אין שטוב און אָנגעמאָלקן א פול מעלקשעפל מיט מילך... א סך מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באטראכט די ציג גאנץ ערנסט, איבערגעפרעגט די מעשה נאָך אמאָל און נאָך אמאָל, און שטארק געחידושט זיך... אנדערע האָבן געלאכט, געמאכט חוזק און געזאָגט ווערטלעך, און אנדערע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ, אויסגעשפּיגן און א זאָג געטאָן:

— א שיינע ציג! ס'איז אזוי א ציג, ווי איך בין א רביצין.

— וואָס דען איז דאָס?

— א גלגול! איר זעט נישט, אז ס'איז א גלגול?...

— דאָס וואָרט „גלגול“ ווערט אונטערגעכאפּט פונעם גאנצן עולם; עס ווערן דערציילט אלערליי מעשיות פון גלגולים, וואָס האָבן זיך געטראָפן דאָ אין זלאָדייעווקע, אין קאָזאָדאָיעווקע אין יאמפּעלי, אין פּישי=יאבעדע, אין כאפּלאפּאָוויטש, אין פּעטשיכוואָסט — אויף דער גאנצער וועלט. ווער ווייסט נישט די מעשה מיט לייזער=וואָלפס פערדל, וואָס מע האָט דאָס געמוזט ארויספירן הינטער דער שטאָט, הרגענען און מקבר זיין אין תכריכים?... צי, א שטייגער, ווער האָט נישט געהערט די מעשה מיטן פערטל עוף, וואָס בשעת מע האָט דאָס דערלאנגט שבת צום טיש, האָט דאָס אָנגעהויבן צו רירן מיטן פליגעלע?... וכדומה אזעלכע אמתע מעשיות.

אז שמעון=עליע האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער, האָבן אים א גאנצע קאָמאנדע פון הדר=יינגלעך באגלייט מיט כבוד. זיי האָבן אים נאָכגעשריגן:

— הורראַ, שמע=קולנו! הורראַ, מעלקנדיקער שניידער!

דער גאנצער עולם האָט זיך געהאלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

דאָ האָט שוין שמעון=עליען אָנגענומען פארן הארצן; גענוג ער האָט אזא אן אומגליק, מאכט מען נאָך פון אים חוזק! איז ער אוועק מיט דער ציג איבער דער שטאָט, האָט געמאכט א געוואלד צווישן חברה „פּועל=צדק“: ס'טייטש, וואָס שווייגט מען? ער האָט זיי דערציילט די גאנצע מעשה, וואָס מע האָט אים אָפּגעטאָן אין קאָזאָדאָיעווקע, זיי באוויזן די ציג... האָט

מען באלד געשיקט נאָך בראָנפֿן, און ס'איז געבליבן, מע זאָל גיין צום רב, צו די דיינים און צו די איבעריקע „שבעה טובי העיר“, מע זאָל שרייען פֿאַר זיי, איינלייגן די וועלט: סטייטש, ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ רציחה, מע זאָל דערטאַפּן אַן אָרעמען יידן אַ שניידער, ביי אים אויסנאַרן די לעצטע עטלעכע קערבלעך, אים פֿאַרקויפֿן כלומרשט אַ ציג און ארייַשטופּן אים דער רוח ווייסט וואָס? און נאָך מאַכן פֿון אים חוזק שוין דאָס אַנדערע מאָל? אַזאַ מעשה האָט זיך דאָך נישט פֿאַרלאָפֿן אפֿילו אין סדום!

און חברה „פּועל־צדק“ זענען געקומען צו רב, צו די דיינים און צו די איבעריקע „שבעה טובי־העיר“, האָבן געשריגן פֿאַר זיי, אייַנגעלייגט די וועלט: סטייטש, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ רציחה, מע זאָל דערטאַפּן אַן אָרעמען יידן אַ שניידער, אויסנאַרן ביי אים די לעצטע עטלעכע קערבלעך, אים פֿאַרקויפֿן כלומרשט אַ ציג און אַרייַנשטיפּן אים דער רוח ווייסט וואָס שוין דאָס אַנדערע מאָל? אַזאַ מעשה האָט זיך דאָך נישט פֿאַרלאָפֿן אפֿילו אין סדום!...

און דער רב מיט די דיינים מיט די איבעריקע „שבעה טובי העיר“ האָבן אויסגעהערט די טענות, האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אויף דער נאַכט אַלע ביים רב אויף אַן אסיפֿה, און ס'איז געבליבן, מע זאָל טאַקע דאָ אויפֿן אָרט אָנשרייבן אַ רעכטן בריוו צו די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די איבעריקע „שבעה טובי העיר“. און די זלאָדייעווקער רבנים, דיינים און די איבעריקע „שבעה טובי העיר“ האָבן זיך אוועקגעזעצט און האָבן אָנגעשריבן אַ בריוו צו די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די „שבעה טובי העיר“ אויף לשון־הקודש אין זייער אַ שיינער מליצה. אָט איז דער בריוו אות באות:

„לכבוד צו די רבנים, דיינים, חכמים, גאונים, מפורסמים, זיילן פֿון דער וועלט, וואָס דאָס גאַנצע הויז פֿון ישראל איז אָנגעלעגט אויף זיי. פֿריד זאָל זיין צו אייך און פֿריד זאָל זיין צו אַלע יידן פֿון דער הייליקער קהלה אין קאָזאָדאָיעווקע און אַלדאָס גוטס זאָל טון רוען אויף זייערע קעפּ, אָמן.

„היות כפי אונדזערע אויערן האָבן געטאָן הערן, אַז ס'איז געטאָן געוואָרן זייער אַ גרויסע עוולה צו איינעם פֿון אונדזערע שטאָט־לייט, רב שמעון־עליע ב"ר בענדיט־לייב חיים, וואָס מע רופֿט אים שמעון־עליע שמע־קולנו, היינו: צוויי פֿון אייערע לייט, המלמד רב חיים־כאָנע מיט זיין פּלונית מרת טעמע־גיטל שתחיה, האָבן אויסגענאַרט מיט קלוגשאַפֿט ביי אונדזער

שניידער געלט, סך זיבעטהאלבן רובל זילבער, וואָס זיי האָבן אריינגעטאָן צו זיך אין די כלים און האָבן אָפּגעווישט די ליפּן און זאָגן: מיר האָבן נישט געטאָן קיין אומרעכט — און אַזוי טוט זיך נישט ביי יידן! מיר אלע, וואָס שטייען אונטן געחתמעט, זאָגן עדות, אז דער דאָזיקער שניידער איז אַן אָרעמער בעל־מלאכה און אַ מטופּל מיט קינדער, וואָס איז זיך מפרנס ערלעך מיט אייגענער האָרעוואַניע, און דוד המלך האָט דאָך שוין לאנג געזאָגט אין תהלים: יגיע כפּיך כי תאכל — די מידקייט פון דיינע הענט, אז דו וועסט פון עסן, וועט דיר זיין אַז וווּל און גוט, זאָגן אונדזערע חכמים: דער פּשט איז: ווויל אויף דער וועלט און גוט אויף יענער וועלט. בכן, טוען מיר אייך בעטן, איר זאָלט באלד חוקר ודורש זיין דערויף, וואָס ס'איז געטאָן געוואָרן, און אייער משפּט זאָל ארויס ווי די זון, און איר זאָלט מקיים פּסק זיין איינס פון די צוויי: אָדער מע זאָל אומקערן דעם שניידער זיין געלט בשלימות, אָדער מע זאָל אים ארויסגעבן זיין ציג, וואָס ער האָט געקויפט, מחמת די ציג, וואָס ער האָט געבראַכט צו פירן, איז נישט קיין ציג!... דאָס קאָן אייך די גאַנצע שטאָט גיין שווערן אַ שבועה דאו־רייתא... און לאָז זיין שלום צווישן יידן, ווי אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: נישטאָ נאָך אזא געבענטשטע כלי פאר יידן ווי שלום. שלום זאָל זיין צו אייך, שלום צום ווייטסטן און צום נאָענטסטן, שלום צו אלע יידן, אָמן!

„פון אונדז אייערע קנעכט, וואָס אייער מינדסט פינגערל איז גרעבער פון אונדזערע לענדן.

„נאום הרב בהרב ז"ל... ונאום הרב בהרב ז"ל... ונאום ברוך קאַפּאָטע, זרח פּופּיק, פישל וויקידיילאָ, חיים קוויטש, ניסל קאַטשען, מאָטל שאַלעכץ, יהושע־העשל קישקיש".

## קאַפּיטל י.

בלילה ההוא — אין יענער נאַכט האָט געשיינט די לבנה און האָט אַראָפּגעקוקט אַראָפּ אויף זלאָדייעווקע מיט אירע פינצטערע האלב־איינגעפאלענע הייזלעך, וואָס שטייען צונויפגעקוועטשט, אָן הייפן, אָן ביימלעך, אָן פּאַרקאַנס. ווי אַ

בית־עלמין זעט אויס בייגאכט די שטאָט, אַן אַלטער בית־על־
מין מיט אַלטע מצבות, וואָס אַ סך פון זיי שטייען אָנגעבויגן
בורעים, און אַסך וואָלטן שוין לאַנג איינגעפאַלן, ווען זיי זאָל
נישט זיין אונטערגעשפּאַרט מיט קלעצער. און כאָטש די לופט
איז דאָרט נישט אַזוי פּויגלדיק, און די ריחות פונעם מאַרק
און פונעם שולהויף זענען עפּעס נישט אַזוי געשמאַק, און דער
שטויב איז געדיכט און שטייט הויך ווי אַ מויער, — פון
דעסטוועגן זענען אַלע מענטשן אַרויס, ווו טאַראַקאַנעס פון
די לעכער, יידן און ווייבער, אַלטע לייט און קליינע קינדער,
„כאַפּן אַ לופטל" נאָך דעם הייסן ברענענדיקן טאָג, דער עולם
האָט זיך אויסגעזעצט אויף די שוועלן אַ ביסל שמועסן, פּלאַ־
פּלען דברים בטלים, אָדער גלאַט אַזוי קוקן אַרויף אין הימל
אַריין, באַטראַכטן די צורה פון דער לבנה, מיט די מילי־מילאָסן
שטערן, וואָס אַז מע זאָל זיין מיט אַכצן קעפּ, איז אוממעגלעך
זיי איבערצוציילן!

אין יענער נאַכט האָט זיך שמעון־עליע דער שניידער אַרומ־
געדרייט איינער אַליין אין אַלע הינטערגעסלעך מיטן תכשיט,
וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין קאָזאָדאָיעווקע, זיך געהיט
פאַר די ווייסע־חברהניקעס, מע זאָל אים נישט דערזען. ער האָט
געטראַכט, אַז עס וועט ווערן טאָג, זאָל ער זיך ווידער לאָזן
אין וועג אַריין, און דערווייל האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צו האָדל
דער אַקציזניטשקע אין שענקל, נעמען פאַר האַרצווייטיק אַ
ביסל בראָנפן און אויסרעדן זיך אַ ביסל דאָס האַרץ, זיך האַלטן
מיט איר אַן עצה מכח דעם אומגליק וואָס ער האָט אויף זיך
גענומען.

האָדל די אַקציזניטשקע איז געווען אַ ווייבל אַן אַלמנה, אַ
„מאַנסבילשער קאָפּ", אויסגעבונדן מיט גאַנץ „גאַטשאַלסטווע"
און אַ גוטע שוועסטער מיט אַלע בעלי־מלאכות אין שטאָט. פון
וואַנען נעמט זיך דער נאָמען „אַקציזניטשקע"? איבער אַ מעשה,
וואָס זי איז מיידלווייז געווען זייער אַ שיינע, אַ יפת־תואר;
האָט אַן אַקציזניק, זייער אַ רייכער, זי דערזען איינמאָל דורכ־
פאָרנדיק פאַרביי זלאָדייעווקע, בשעת זי האָט געטראָגן געגנדז
צום שוחט; האָט זי דער אַקציזניק אָפּגעשטעלט און אַ פרעג
געטאָן:

— מיידל, וועמענס ביסטו?

האָט זי זיך פאַרשעמט, צעלאַכט און איז אַנטלאָפן גע־
וואָרן; האָט מען איר פון דעמלט אָן אַ נאָמען געגעבן „די
אַקציזניטשקע"... אַנדערע זאָגן, אַז דער אַקציזניק איז געווען

ביי איר נאָכדעם אין דער היים, גערעדט מיט איר טאטן, נחמיה ווינאָקור, געוואָלט פאר איר חתונה האָבן, זי נעמען ווי זי שטייט און גייט און נאָך צוצאָלן איר טאטן אין בייטל אריין. איז שוין כמעט געווען „תנאים“, האָט דאָס שטעטל זי געגו־מען אין די מיילער אריין, איז צעקראָכן געוואָרן דער שידוך, און זי האָט גאָר חתונה געהאט נאָכדעם א שטילע חתונה פאר עפּעס א שלימזל, א חולה־נופלדיקן; האָט זי שטארק געוויינט. נישט געוואָלט גיין צו דער חופּה, האָט זיך דעמלט די גאנצע שטאָט געוויגט. מע האָט געזאָגט, אז זי איז גאָר געווען פאר־קאָכט אינעם אקציזניק, און מע האָט געמאכט א לידל אויף איר, וואָס ווייבלעך און מיידלעך זינגען דאָס נאָך עד היום אין זלאָדייעווקע. דאָס לידל הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„די לבנה האָט געשיינט,
האַלב נאכט איז געווען —
און האָדעלע זיצט ביי דער טיר...“

און עס לאָזט זיך אויס מיט די ווערטער:

„איך האָב דיך ליב, דושינקע,
גאָר אָן אן עק,
איך קאָן אָזש נישט לעבן אָן דיר!“

אָט דאָס איז געווען האָדל די אקציזניטשקע, און פאר איר האָט דאָס אונדזער שניידער אויסגעגאָסן זיין ביטער הארץ: דערציילט אלצדינג, וואָס ביי אים אויף דער נשמה טוט זיך, און געבעטן, זי זאָל אים געבן אן עצה: וואָס טוט מען?

— וואָס טוט מען? איר זענט דאָך עפּעס יאָ, ווי דוד המלך זאָגט אין שיר־השירים: שחורה אני ונאָוה — ווער ס'איז שיין, איר זענט ביידע זאכן... גיט מיר אן עצה: וואָס טוט מען?

— וואָס זאָל מען טאָן? — זאָגט צו אים האָדל און שפּייט־אויס. — איר זעט דען נישט, אז ס'איז א גלגול? וואָס וועט איר זיך האלטן מיט דער באָמבע? נעמט און ווארפט אים ארויס צו אלדי שווארצע יאָר! איר קאָנט נאָך האָבן, חס ושלום, דעם אייגענעם פּסק, וואָס מיין מומע פּערל האָט געהאט, לאָז זי זיין ווייט אָפּגעשיידט פון מיר, זי איז שוין אויף דער אמתער וועלט.

— דהיינו? — פרעגט שמעון־עליע דערשראָקן.

— דהיינו, — זאָגט האָדל מיט א זיפץ — מיין מומע פּערל, עליה השלום, איז געווען אן ערלעכע יידענע א כשרע. אונדזער משפּחה זענען אלע ערלעכע... כאָטש דאָ, אין דעם וויסטן זלאָדייעווקע, פארברענט זאָל דאָס ווערן, האָט מען ליב בארעדן איטלעכן באזונדער, געוויינטלעך, הינטער די אויגן, וואָרום אין די אויגן זענען זיי גרויסע חליפתניקעס, קוצעני-מוצעני... בקיצור, מיין מומע פּערל, עליה השלום, איז איינמאָל געגאנגען אין מארק, זעט זי: עס ליגט א קניילעכל בײַנוול אויף דער ערד. איז זי זיך מיישב: א קניילעכל בייַנוול קומט צו נוץ; בייגט זי זיך אָן און הייבט דאָס אויף. זי נעמט דאָס קניילעכל בייַנוול און לאָזט זיך גיין, טוט דאָס איר א שפּרונג אין פּנים אריין און א פאל אויף דער ערד, בייגט זי זיך אָן מסתמא נאָך אמאָל און הייבט דאָס אויף, טוט דאָס איר ווידער א שפּרונג אין פּנים אריין און א פאל אויף דער ערד. בייגט זי זיך ווידער אמאָל אָן, נעמט דאָס ווידער אמאָל, טוט דאָס איר ווידער א שפּרונג אין פּנים און א פאל אויף דער ערד. איז זי זיך מיישב און טוט א שפּיי אויפן קניילעכל בייַנוול (כאפּט דאָס דער וואטנמאכער!), און וויל שוין גיין אהיים. זי טוט א קוק — דאָס קניילעכל בייַנוול קאטשעט זיך איר נאָך; זי פּרווט זיך לויפן — דאָס קניילעכל בייַנוול קאטשעט זיך. בקיצור, זי איז געקומען אהיים א טויטע נעבעך, געפאלן חלשות, און האָט נאָכדעם אָפּגעקרענקט אפשר א יאָר כסדר. וואָס, מיינט איר, איז דאָס געווען, א שטייגער? אנו; טרעפט?...

— עט! כולם אהובים, כולם ברורים — אלע ווייבער זענען אויף איין שניט! — זאָגט שמעון=עליע. — ס'איז באבסקע מעשיות, פּוסטע מילן, באָצרעס, פּידרוד מיט לאקריצע! מע זאָל זיך ווען צוהערן, וואָס ווייבער פּלעטשען, וואָלט מען באדארפט מורא האָבן פארן אייגענעם שאָטן, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: נ ש י ם ד ע ת ן ק ל ו ת — ווייבער זענען גענדז... נאָר גאָרנישט, היום הרת עולם — נישט געזאָרגט! האָט אייך א גוטע נאכט.

און שמעון=עליע דער שניידער לאָזט זיך גיין ווייטער.

די נאכט האָט זיך אויסגעשטערנט. די לבנה האָט געשפּאַצירט צווישן שטיקער וואָלקן, וואָס זענען אוים, ווי הויכע טונקעלע בערג, באלייגט מיט זילבער. מיט א האלבן פּנים האָט די לבנה אראָפּגעקוקט אויף דער שטאָט זלאָדייעווקע, וואָס האָט געהאלטן אין רעכטן שלאָף. א טייל באלעבאטים, וואָס האָבן

מורא פאר וואנצן, האָבן זיך אריבערגעפּעקלט מיטן בעטגע־וואנט אין דרויסן, זיך איבערגעדעקט מיט די געלע ליילעכער איבערן קאָפּ, געכראפּעט גאנץ געשמאק און געזען זיסע חלו־מות: חלומות פון פּדיון אויפן יריד, פון לייזונג א סך, פון א פּארדינסטל א גראָבס; חלומות פון א פּריץ זייער א ווילן, א געשעפטל א גוטס; חלומות פון א שטיקל ברויט, פון פּרנסה בכבוד און פון כבוד אליין — פאַרשידענע חלומות!... מע זעט נישט אויף דער גאס קיין לעבעדיקן נפש; מע הערט נישט קיין פּיפּס אין ערגעץ, — אפילו די יאטקע־הינט, וואָס האָבן זיך געגוג אָנגעבילט און אָנגעמאָרדעוועט דורכן טאָג, האָבן זיך איינגענאָרעט צווישן די קלעצער, באהאלטן די מאָרדעס צווישן די לאַפּעס — און שאַ! זעלטן־זעלטן כאַפּט זיך ארויס ביי זיי א האלבער „האַו“ בשעת עס חלומט זיך זיי עפּעס א ביינדל, וואָס אנדערע הינט שארפן זיך דערויף די ציין, אָדער בשעת עס דאכט זיך זיי, אז א פליג האָט זיך פארקליבן אין אויער אריין און רוימט זיי איין א סוד... זעלטן־זעלטן פליט־דורך א נארישער זשוק מיט צעלאָזטע פליגל, דרייט זיך און שוועבט אין דער לופטן אויף איין אָרט, זשומעט ווי א סטרונע פון א באס און מאכט: זששששש!!, טוט א פאל אָן דער ערד און ווערט אנטשוויגן... אפילו דער שטאָט־שומר, וואָס אלע נאכט גייט ער ארום, היט די קלייטן און קלאַפּט מיט צוויי שטעקלעך: קלאַ!... קלאַ!... קלאַ!... האָט היינטיקס מאָל, ווי אויף־צו־להכעיס, אויסגעטרונקען, האָט זיך צוגעשפּארט צו א וואנט און איז געשמאק אנטשלאָפן געוואָרן... אין דער דאָזיקער שטי־לער נאכט דרייט זיך אום שמעון־עליע דער שניידער איינער אליין איבער דער גאנצער שטאָט, און ער ווייסט נישט, צי זאָל ער גיין, צי זאָל ער שטיין, צי זאָל ער זיצן... און ער גייט־ארום און רעדט צו זיך אליין שטילערהייט:

— ואָתה שונרא ואָכלה לגדיא — נע מאלא באבא כלאָפּאָטע — קופּילע סאָבי קאָנא!... לאָז קומען א פּאָהיבעל אויף דער דאָזיקער ציג! א ציג?... ה־ח־ח־חד גדיא! חד־גדיא!

ער צעלאכט זיך און שרעקט זיך איבער פאר זיין אייגענעם געלעכטער. בשעת מעשה גייט ער דורך פארביי דער „קאלטער שול“, וואָס האָט א שם מיט אירע מתים, וואָס דאַווענען דאָרטן אלע שבת־צו־נאכטס, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען און אין טליתים, און עס דאכט זיך אים, ווי ער הערט עפּעס א מין געזאנג: או—או—או! ווי א ווינט, וואָס בלאָזט אין קוימען אריין ווינטער ביינאכט... ער טרעט אָפּ פון דער „קאלטער שול“,

לאָזט זיך גיין אין דער גוישער גאַס, דערהערט ער אַ קול „פּצסססס!“ דאָס פּייפט אַ פּוהאַטש, וואָס האָט זיך פאַרקליבן גאַנץ אויבן, אויפן שפּיץ קלויסטער... עס פאַלט אויף אים אָן אַ שרעקלעכע מרה־שחורה, אַ פּחד, מיט סכנות־נפשות! נאָר ער שטאַרקט זיך, ער מאַכט זיך אַ האַרץ און וויל זאָגן עפּעס אַ פּסוק, אַזעלכן, וואָס מע זאָגט ביינאַכט, אַז מע זאָל קיין מורא נישט האָבן; האָט ער אָבער פאַרגעסן דעם פּסוק, אַרויסגעפלויגן פונעם קאָפּ! און מעשה־שטן, קומען אים אָקעגן אַלערליי מוראדיקע בילדער פון באַקאַנטע, וואָס זענען שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט... און ער דערמאָנט זיך אָן אַ סך שרעקלעכע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אויף זיין לעבן: מעשיות מיט שדים, מיט רוחות און מיט לצים אינעם געשטאַלט פון קעלבלעך... מעשיות מיט שרעטעלעך, וואָס לויפן ווי אויף רעדלעך, מיט וואַוקעלאַקעס, וואָס גייען אויף די הענט, מיט מינים באַשעפענישן, וואָס קוקן אויף איין אויג... — מעשיות מיט לעבעדיקע מתים, וואָס גייען־אום אין עולם־התוהו, אָנגעטאָן אין תכריכים... שמעון־עליע פועלט ביי זיך, אַז די דאָזיקע ציג, וואָס ער פירט זיך מיט איר אַרום, איז נישט קיין ציג, נאָר אַ גלגול, אָדער אַ לץ, וואָס אָט באַלד שטעלט ער אים אַרויס אַ צונג אויף צען אַרשין, אָדער ער טוט אַ פּאַטש מיט די פליגל און טוט אַ געשריי איבער דער גאַנצער שטאָט: „קו־קאַ־רי־קו!“... שמעון־עליע פילט, אַז עס הייבט זיך אים דער מוח; שטעלט ער זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, בינד־אָפּ דעם גאַרטל; ער וויל פּטור ווערן פון דער באָמבע. ווער? וואָס? דער שיינער בחור שטייט, ער וויל נישט אָפּטרעטן פונעם שניידער אויף אַ מינוט אפילו! שמעון־עליע פּרוווט זיך לאָזן גיין אַ פּאָר טריט — ער גייט אים נאָך; ער נעמט זיך רעכטס — גייט ער רעכטס; ער נעמט זיך לינקס — ער גייט לינקס...

— שמע ישראל! — שרייט־אויס שמעון־עליע נישט מיט זיין קול און לאָזט זיך לויפן אין דער וועלט אַריין. און אַזוי ווי ער לויפט, דאַכט זיך אים, אַז עמעצער יאָגט אים און מעקעט אים נאָך אויף אַ דין ציגן קולעכל און רעדט צו אים, ווי אַ מענטש, און זינגט, ווי אַ חזן:

— מ — — — — לך ממית ומחיה!... ונ־אַ־אַ־אַ־אַ־מן אתה להחיות מתים!...

## קאַפּיטל יא.

בבוקר — אין דער פרי, אַז ייִדן זענען אויפגעשטאַנען גיין דאַווענען, ווייבער — אין מאַרק אַריין, און מיידלעך — צו דער טשערעדע, האָט מען געפונען שמעון⸗עליען דעם שניידער זיצן אויף דער ערד, און נעבן אים די שיינע ציג זיצט, די פּיסלעך אונטער זיך, מעלה⸗גרהט און שאָקלט מיטן בערדל. מע גייט צו צום שניידער, מע רעדט צו אים — ער ענטפערט נישט אַ וואָרט; ער זיצט און קוקט, ווי אַ ליימענער גולם... איז באַלד געוואָרן אַ רעדל, אַן אָנגעלויף פון דער גאַנצער שטאָט, אַ גערעדעריי, אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער ביזן הימל: „שמעון⸗עליע... ציג... שמע⸗קולנו... גלגול... לץ... וואָוקעלאַקע... נישט⸗גוטער... פאַרשטעלט... געפירט... געפאָרן רייטנדיק אַ גאַנצע נאַכט... געמוטשעט... פאַרמוטשעט“... בשעת מעשה זענען געפלויגן געגוג ליגנס: איטלעכער האָט דערציילט, אַז ער האָט אַליין געזען אים פאָרן רייטנדיק...

— ווער איז געפאָרן אויף וועמען? — פרעגט אַ ייִד און שמעקט אַריין דעם קאָפּ אין רעדל אַריין. — שמעון⸗עליע אויף דער ציג, צי די ציג אויף שמעון⸗עליען?

דער גאַנצער עולם שיסט⸗אויס אַ געלעכטער.

— אַז אָך און ווי איז צו אייך מיט אייער געלעכטער — רופט זיך אָן אַ ייִד אַ בעל⸗מלאכה. — ייִדן מיט בערד! באַווייבטע! טאַטעס פון קינדער! שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האַלדז אַריין! וואָס האָט איר זיך צונויפגעקליבן אַהער צו לאַכן? איר זעט נישט, אַז דער שניידער איז אויס מענטש, נעבעך טויט⸗קראַנק? בעסער פירט אים אָפּ אַהיים און שיקט רופן דעם רופא, נישט שטיין אָט⸗אַ⸗דאָ און שטשירען די ציין, אַ רוח אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין!!!

די דאָזיקע ווערטער האָט דער בעל⸗מלאכה אויסגעשאָסן, ווי פון אַ האַרמאַט, און דער עולם האָט אויפגעהערט צו לאַכן. דער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך וואַסער, דער איז אוועקגעלאָפן צו יודל דעם רופא. מע האָט גענומען שמעון⸗עליען דעם שניידער, מחילה, אונטער די הענט און מע האָט אים אָפּגעפירט אַהיים און אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. באַלד איז געקומען צו לויפן יודל דער רופא מיט זיין גאַנץ קלאַפּערגעצייג און האָט אים געגעבן „גרויס ראַטונעק“: ער האָט אים געשטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס און געשלאָגן צו דער אָדער, געצאַפּט בלוט אָן אַ שיעור.

— וואָס מער בלוט מע וועט אים אָפּצאַפּן, — אזוי האָט יודל אליין געזאָגט — וועט אלץ זיין בעסער, מחמת אלע שלאפקייטן, נישט דאָ געדאַכט, נעמען זיך פון אינווייניק, פון די „געבליטן". — אזוי האָט יודל דער רופא געגעבן צו פארשטיין די „חכמת הדאָקטאָריע", און האָט צוגעזאָגט, אז אויף דער נאַכט, אם ירצה השם, וועט ער אריינקומען נאָך אמאָל.

און אז ציפּע־ביילע־רייזע האָט א קוק געטאָן אויף איר מאַן, ווי ער ליגט נעבעך, דער שלימזל, אויף דעם צעבראָכענעם טאַפּטשאַן, מיט א סך שמאַטעס איינגעדעקט, די אויגן ארויף, די ליפּן פארשמאַכט, רעדט פון היץ, עס קלעבט זיך נישט א וואָרט צו א וואָרט, — האָט זי אָנגעהויבן צו ברעכן די הענט, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, וויינען, יאָמערן און קלאָגן מיט דעם נוסח, וואָס מע באַוויינט א טויטן:

— ווי איז מיר, ווינד איז מיר, א דונער איז מיר א גרוי־סער!

אויף וועמען לאָזט דו מיך אי־בער מיט מיינע קליינע קינ־דער?!...

און די קינדער, נאַקעטע און באָרוועסע נעבעך, האָבן זיך צונויפגעקליבן ארום דער אָרעמער מאַמע און האָבן איר געהאָלפן וויינען. די עלטערע האָבן געוויינט שטילערהייט, באַ־האַלטן די פּנימער, געשלונגען די טרערן און די קלענערע, וואָס האָבן נישט פארשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, האָבן גלאַט געוויינט אויף א קול וואָס ווייטער אלץ העכער און העכער; און אפילו גאָר דאָס קליינטשקע, א ייִנגעלע פון א יאָר דריי, מיט אַן אויסגעמוטשעט געל פּנימל, האָט זיך צוגערוקט צו דער מוטער מיט זיינע אויסגעבויגענע קרומע פיסלער און מיטן גראָבן בייכעלע, ביידע הענטלעך אריינגערוקט אין קעפּל און האָט גענומען גאָר א הויכן טאָן: „מאַמע, וויל עעסן!!!" דאָס אלצדינג איינעם איז געווען אזא מין געזאַנג וואָס א פרעמדער מענטש האָט נישט געקאָנט בשום אופן שטיין דערביי; ווער ס'איז אריינגעקומען צום שניידער אין שטיבל אריין, איז ער באַלד ארויסגעלאָפן פון דאָרטן א צעטראָגענער, מיט א צע־בלוטיקט הארץ און מיט א צעבראָכן געמיט, און אז מע האָט אים א פרעג געטאָן; וואָס טוט עפּעס שמעון־עליע? — האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „אז אָך און וויי איז אים!"... עטלעכע ווייבער, נאָענטע שכנות, זענען געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט פארוויינטע פּנימער, מיט רויטע נעזער, געקוקט ציפּע־ביילע־רייזען גלייך אין די אויגן

אריין, געמאכט בשעת מעשה משונה מאָדנע פּיסקעס, צונגע־שאָקלט מיט די קעפּ, ווי איינער רעדט: „אז אָך און ווי איז צו דיר ציפּע־ביילע־רייזע!"

א חידוש נפלא! פּופּציק יאָר האָט שמעון־עליע שמע־קולנו אָפּגעלעבט אין זלאָדייעוווקע אין אָרעמקייט ,אין דחקות, גע־לעגן, ווי א וואָרעם, אין דער פינצטער, קיינער האָט פון אים נישט גערעדט, קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס פאר א מענטש דאָס איז. אצינד, אז ער איז פארשלאָפט געוואָרן, האָט ער זיך מיט אמאָל ארויסבאוויזן מיט אלע זיינע מעלות טובות; מען איז מיט אמאָל געוווּיר געוואָרן, אז שמעון־עליע איז געווען א זעלטענע, א גוטע, א כשרה נשמה, א גרויסער בעל־צדקה, דאָס הייסט, ער פלעגט רייסן ביי נגידים און טיילן די אָרעמע לייט, זיך קריגן פאר זיי מיט דער גאנצער שטאָט און זיך שלאָגן ביזן בלוט אריין, זיך טיילן מיט יענעם מיטן לעצטן ביסן, און נאָך און נאָך א סך מעלות און שבחים האָט מען נאָכדערציילט נאָך דעם אָרעמען שניידער, ווי מע דערציילט נאָך, אשטייגער, נאָך א טויטן בשעת דער לוויה, און מען איז אים געגאנגען מבקר־חולה זיין כמעט פון דער גאנצער שטאָט, און מע האָט אים געראטעוועט מיט כל המעגלעכקייטן, ער זאָל חלילה, נישט שטארבן פאר דער צייט...

## קאפיטל יב.

והפּועלים — און די בעלי־מלאכות פון דער שטאָט זלאָדייעוווקע האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף אן אסיפה ביי האָדל די אקציזנימשקע, געשטעלט בראָנפן, געשריבן, געפילדערט, געארבעט מעשים, געזידלט די נגידים, געוויינטלעך, הינטער די אויגן, זיי געמאכט מיט דער בלאָטע.

— זלאָדייעוווקע — א שיינע שטאָט, ברענען זאָל זי! וואָס שוויגן זיי, די נגידים אונדזערע, א וויסטן סוף זאָלן זיי האָבן?!... איטלעכער קאָכט זיך אין אונדזער בלוט, און ס'איז נישטאָ קיינער, ווער ס'זאָל זיך אָננעמען אונדזער קריוודע! געלט אין דער קאָראָבקע ווער צאָלט? — מיר! א צרה, א שלאַק, א שוחט, א באָד, להבדיל, — ביי וועמען רייסט מען די הויט? — ביי אונדז! וואָס שווייגט איר, יידן? לאָמיר גיין צו די רבנים, דיינים און די שבעה טובי העיר זיי טרייבערן די קישקעס!

וואָס איז דאָס פאר א הפקרות, מע זאָל לאָזן קוילן א גאנצע משפחה?! הבה נתחכמה!!!...

און חברה „פּועל=צדק“ זענען אוועק צום רב און האָבן דאָרט געמאכט א געוואלד. האָט זיי דער רב איבערגעלייענט דעם ענטפער, וואָס ער האָט נאָר=וואָס באקומען דורך א בעל=עגלה פון די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די שבעה טובי העיר.

אָט וואָס ס'איז געשטאנען אין בריוו:

„לכבוד צו די רבנים, דיינים, חכמים מפורסמים, בערג זאָלן אקעגן טראָגן פריד צו די גילדענע העגגלייכטער בק"ק זלאַדייעווקע אמן.

תיכף ווי מיר האָבן מקבל געווען אייערע רייד, וואָס זענען געווען ווי האָניק צו אונדזערע מיילער, האָבן מיר זיך צונויפגעזאמלט אלע און חוקר ודורש געווען די זאך אקוראט, און האָבן געפונען, אז אומזיסט האָט מען געטאָן, חושד זיין איינעם פון אונדזערע לייט; נישט מער, אז דער שניידער אייערער איז א שאלקהאפטיקער מענטש, ער האָט אויסגעטראכט א בלבול און אָנגעפירט א רכילות צווישן צוויי קהילות. ער איז ווערט, מע זאָל אים קנסענען! מיר, וואָס שטייען געחתמעט אונטן, קאָנען אייך עדות זאָגן און גיין שווערן, אז מיר האָבן געזען מיט אונדזערע אויגן, ווי די ציג מעלקט זיך, הלוואי זאָלן זיך אלע יידישע ציגן אזוי מעלקן! הערט אים נישט, דעם שניידער, וואָס ער וועט אייך דערציילן פּזמונות! איר זאָלט זיך נישט קערן צו די ווערטער פון די פארדאָרבענע לייט, לאָזן פארשטאָפּט ווערן די מיילער, וואָס רעדן שקרים! שלום זאָל זיין צו אייך און שלום זאָל זיין צו אלע יידן פון איצט און ביז אייביק און אייביק.

„די רייד פון אייערע יינגערע ברידער, וואָס וואלגערן זיך אינעם שטויב פון אייערע פיס:

„נאום הרב בהרב ז"ל... ונאום הרב בהרב ז"ל... ונאום העניך גאָרגל, יקותיאל שמאראווילדע, שעפּסל קאַרטאָפל, פּישל קאטשאלקי, בערל בראָנפן, ליב וואָרעטשאָק, עליע פּעטעלעלע“.

אז דער רב האָט איבערגעלייענט פאר די בעלי=מלאכות דעם דאָזיקן בריוו, זענען זיי געוואָרן נאָך מער אָנגעצונדן. „אהא! קאָזאָדאָיעווקער שקצים! מע מאכט נאָך פון אונדז חוזק?! באַדארף מען זיי באווייזן דרך=ארץ. שער און אייזן אונדזער פאָלק

— עמך!"... און מע האָט באַלד געמאַכט אַ נייע אַסיפה, געשיקט נאָך בראָנפן, און ס'איז געבליבן, מע זאָל נעמען די שיינע ציג און מע זאָל גיין גלייך קיין קאָזאָדאָיעווקע איבערקערן דעם מלמד מיט דעם חדר מיט דער גאַנצער שטאָט!

אומר ועושה — געזאָגט און געטאָן. חברה האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ שטיק זעכציק בעלי־מלאכות: שניידערס, סטאָליערס און קאָוואַלעס, קצבים, העקערס, אנשי־חיל, געזונטע יונגען, איינס אין איינס, אָנגעוואָפּנטע מיט כלי־זיין — ווער מיט אַ הילצערנעם אַרשין, און ווער מיט אַן אייזערן פּרעסל, ווער מיט אַ קאָפּיט פון אַ שטיוול, ווער מיט אַ האַק און ווער מיט אַ האַמער, און ווער מיט גלאַט אַזוי פון בעלעבאַטישקייט: אַ קאַטשאַלקע, אַ ריבאייזן, אָדער אַ קאָלאָדאַטש־מעסער, — און ס'איז געבליבן, מע זאָל גיין גלייך אין קאָזאָדאָיעווקע אויף מלחמה, להרוג, לאבד ולהשמיד — הרגענען, פאַרלירן און פאַרטיליקן! איין מאָל פאַר אַלע מאָל — האָבן חברה געזאָגט: — תמות נפשי עם פּלשתים — דער טויט זאָל זיי זיין און אַן עק זאָל דאָס האָבן!

— שאַט, רבותים! — רופט זיך אָן איינער פון דער חברה פּועל־צדק. — איר זענט שוין גרייט אויפן פּידפּאַלעק, פאַרטיק אָרום און אָרום. ואיה השה — וווּ איז די ציג?

— יאָ, זעט־נאָר, וווּ איז ערגעץ אַהינגעקומען דער גלגול?

— אַנטרונען געוואָרן!

— נישט קיין נאַרישער גלגול! כלעבן, ווהין האָט ער געקאָנט אַנטלויפן?

— מסתמא אַהיים, צום מלמד, וואָס פאַרשטייסט דו דאָ נישט?

— משוגע וועט ער ווערן! דו רעדסט, ווי אַ בהמה!

— ביסט אַליין אַ פערד; וווּ דען האָט ער געקאָנט אַנטלויפן?

בקיצור, וואָס טויגן די טענות? שריי היינט, שריי מאָרגן, והילד איננו — נישטאָ קיין ציג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## קאַפּיטל יג.

כעת — אַצינד לאָזן מיר איבער דעם פאַרכשופטן שניידער זיך ראַנגלען מיטן מלאך־המות און חברה בעלי־מלאכות זיך גרייטן צו מלחמה, און מיר גייען אַריבער צום גלגול, דאָס הייסט, צו דער ציג.

דער גלגול, אז ער האָט דערזען די בהלה, וואָס איז געוואָרן אין שטעטל, האָט ער זיך מיישב געווען: וואָס טויג אים דער מסחר? וואָס נוצט אים זיין צוגעבונדן צום שניידער, ארומ־שלעפּן זיך מיט דעם שלימזלניק הין און צוריק און פּגרן פון הונגער? אמער וועט ער בעסער לויפן אין דער וועלט אריין, ווו די פיס וועלן טראָגן! אבי נישט זיין נע־ונד! און אונדזער חברה־מאן האָט געמאכט פּליטה גאָר אויף אן אנדער אופן, גע־לאָפן משוגענערווייז גאָר נישט געפילט די ערד אונטער זיך, נישט געקוקט אויף דרך־ארץ, געשפּרונגען איבער יידן און איבער ווייבער, אָנגעמאכט אן אומגליק, א חורבן אין מארק — סכנות־נפשות! איבערגעקערט טישלעך מיט ברייטלעך און פּלעצ־לעך, מולטערס מיט ווינשל און מיט ווייםפּערלעך, געשפּרונגען איבער טעפּ און גלאָזווארג, געשליידערט, געשמיצט און געבראָכן — טראַך־טארעראַך! צווישן די ווייבער איז געוואָרן א בהלה, א קוויטשעריי: „ווער איז?... א שלימזל! א ציג!... א באשע־פעניש!... א גלגול!... א קלאָג צו מיר!... אוי, אן אומגליק!... ווו איז ער?... אָט איז ער!.. כאַפּט אים!... לאָז מען אים כאַפּן!“... און א גאנצע כאַליאסטרע יידן מיט פארקאטשעטע פּאָלעס און ווייבער מיט אונטערגעשטעקטע קליידלעך, מחילה, האָבן זיך געלאָזט לויפן איינער איבערן אנדערן. נאָר אומזיסט: אונדזער חברה־מאן האָט דערפילט וואָס הייסט פ ר יי ה יי ט, האָט ער זיך געלאָזט לויפן ווו די אויגן טראָגן.

און דער שניידער נעבעך?... און דער היוצא־לנו־מזה?... און דער מאי־קא־משמע־לן פון דער מעשה? — וועט פרעגן דער לעזער. צווינגט מיך נישט, קינדער! דער סוף איז געווען נישט קיין גוטער סוף. אָנגעהויבן האָט זיך, ווי דאָס רוב פריי־לעכע געשיכטעס, אוי־וויי, זייער טרויעריק... און מחמת איר קענט דעם מחבר פון דער געשיכטע, אז ער איז בטבע נישט קיין מרה־שחורהניק און האָט פיינט קלאָגעדיקע און האָט ליב בעסער לאכנדיקע מעשיות, און מחמת איר קענט אים און ווייסט, אז ער האָט פיינט „מאָראל“ און זאָגן מוסר איז נישט זיין דרך, — לכן געזעגנט זיך מיט אייך דער פארפאסער מתוך שחוק, לאכנדיק, און ווינטשט אייך, אז יידן, און גלאט מענטשן אויף דער וועלט, זאָלן מער לאכן איידער וויינען. לאכן איז געזונט. דאָקטוירים הייסן לאכן...

# פינף און זיבעציק טויזנט

איר זאָגט „פּעקלער“?... אלץ הייסט ביי אייך „פּעקלער“!... מיר דאכט, אז זינט גאָט האָט באשאפן די וועלט, און זינט יידן זענען א פאָלק, האָט מען נאָך פון אזא „פּעקל“ נישט געהערט און נישט געזען אין חלום אפילו! אויב איר האָט צייט, רוקט זיך צו, זייט מוחל, און הערט מיך אוים מיט קאָפּ, וועל איך אייך דערציילן פון אלף ביז תיו, מיט אלע ברעקלער און מיט אלע פּיטשעווקעס, א מעשה מיט פינף און זיבעציק טויזנט. איך פיל, אז ס'איז מיר ענג אָט=אָ=דאָ=אָ, סע קוועטשט מיך, סע ברענט אין מיר א פייער, איך מוז, איך מוז דאָס ארויסגעבן פון זיך!... איר פארשטייט צי ניין?... נאָר איין זאך וועל איך פון אייך בעטן: אז איך וועל זיך אָפּשטעלן, אָדער פארקריכן קיין בויבעריק, זאָלט איר מיך דערמאָנען ווו איך האלט, וואָרום פון דער חתונה אָן, פון די פינף און זיבעציק טויזנט הייסט דאָס, האָט מיר אָנגעהויבן, נישט פאר אייך געדאכט, זשומען אינעווייניק אין קאָפּ, און סע מאכט זיך מיר היינט אָפּט, אז איך פארגעס ווו איך האלט... איר פארשטייט, צי ניין?... זאָגט נאָר, האָט איר נישט ביי זיך קיין פינף און זיבעציק טויזנט... טפו! מיין איך א ציגאר טיטון?

קורץ און גוט, ווו האלט איך? ביי די פינף און זיבעציק טויזנט הייסט דאָס... היינטיקן ערשטן מאי האָב איך, ווי איר זעט מיך, געוואונען די פינף און זיבעציק טויזנט. דאכט זיך, אין פלוג, וואָס איז דאָ פאראן צו האָרכן? קארג מענטשן פאראן, וואָס

געווינען געלט? למאי אָט האָט איינער א ניקאָלאיעווער, זאָגט מען, אויסגענומען די רי"ש אלפים? צי אָט האָט אן אָדעסער יונגערמאנטשיק, א בוכהאלטער פון א קאנטאָר, געוונען פערציק טויזנט קארבן — און שא, שטיל, פיין, שיין, מהיכא-תיתי... אמת, אויף די גרויסע געווינסן קוקט ארוים די גאנצע וועלט, הונדערט זעקס און דרייסיק מיליאָן מענטשן זענען אונדז מקנא. איר פארשטייט צי ניין? נאָר די מעשה איז, וואָס א געווינס צו א געווינס איז נישט גלייך, די מעשה מיט דעם געווינס איז א מעשה נפלא, א געקייטלטע מעשה, א מעשה אויף א מעשה, און א מעשה בתוך מעשה, און א מעשה איבער א מעשה. מע באַדארף זיך, הערט איר, גוט אונטערצוגארטלען, מע זאָל זי אויסהאָרכן ביזן סוף און פארשטיין, וואָס דאָ טוט זיך.

קודם כל באדארף איך מיך פאר אייך פאָרשטעלן, ווער איך בין. איך וועל מיך פאר אייך נישט גיין בארימען, אז איך בין דער גרויסער למדן, מיטן גרויסן עושר, מיטן גרויסן פילאָזאָף. איך בין, ווי איר זעט מיך, א ייד פון א גאנץ יאָר — א ייד א באלעבאָס הייסט דאָס, מיט אן אייגענער שטוב, מיט א שטיקל גאָמען און מיט א שטיק ווערדע ביי זיך אין שטעטל. איר פארשטייט, צי ניין?... אמת, אמאָל האָב איך געהאט געלט, טאקע גאָר א סך געלט, — וואָס איז שייך צו זאָגן א סך? בראָדסקי האָט אוודאי אסך מער; נאָר גאָרנישט, עטלעכע טויזנט קערבלעך האָב איך געהאט, האָט זיך, ווי זאָגט איר גאָט ארומגעקוקט אויף מיר, עס האָט זיך מיר פארגלוסט, פארשטייט איר מיך, מיט אמאָל רייך ווערן, האָב איך א האנדל געטאָן אין די הונגעריקע גובערניעס מיט ברויט, און בין געבליבן, ווי מע זאָגט, אָן א פירער. א שטיקל גליק באָטש, וואָס נישט דערונטער, מיינט איר דאָך מן הסתם, אז ווי באלד איך האָב אָנגעווירן דאָס געלט, בין איך געוואָרן חלילה ביי זיך געפאלן? קענט איר מיך נישט! איך בין, פארשטייט איר, אזא נפש, וואָס געלט שפּילט ביי מיר אזא ראָלע, ווי וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ווי אָט דאָס אש פונעם פאפּיראָס. לחלוטין גאָרנישט, אָבער טאקע גאָלע גאָרנישט! וואָס איז שייך צו זאָגן גאָרנישט? געלט איז אוודאי א גוטע זאך, נאָר גיין זיך שלאָגן איבער דעם, מפקיר זיין דאָס לעבן — דאָס נישט. שלעכט איז נאָר, אז ס'איז נישטאָ דאָס, וואָס מע באדארף, אז מע קאָן זיך נישט שטעלן ווי סע געהער צו זיין, אז מע קאָן נישט געבן די נדבה מיט דעם נדר, וואָס איך וואָלט וועלן געבן. איר מעגט מיר זיכער גלויבן, אז איך זע בשעת מע גייט-צו צו יענעם באלעבאָס און

מע מאָגט ביי אים א דרייערל אויף דער שטאָט, און ביי מיר נישט, עקט זיך מיר דאָס חיות. איר פארשטייט, צי ניין? איך וויל גיכער כאַפּן א פּסק פונעם ווייב, פארוואָס ס'איז נישטאָ אויף שבת, איידער אָפּזאָגן אן אָרעמאַן, בשעת עס באָמבלט זיך נאָך א פערציקער אין בייטעלע. איר פארשטייט, צי ניין?... אָט אזא מין מעשוגענער בין איך! האָט איר נישט ביי זיך א פערציקער... טפו! מיין איך א שוועבעלע אויף צו פאררויכערן?

קורץ און גוט, ווו זשע האַלט איך? האָב איך אָנגעווווירן די עטלעכע גילדן און בין געבליבן, הייסט דאָס, אָן א פערציקער. אז איך האָב אָנגעווווירן די עטלעכע גילדן און בין געבליבן אָן א פערציקער, רוף איך מיך אָן איינמאָל אין א שיינעם פרימאָרגן צו מיין ווייב: „הערסטו, צפּורה, וואָס איך וועל דיר זאָגן? מיר זענען ריין". מאכט זי צו מיר: „וואָס הייסט, מיר זענען ריין?" זאָג איך: „מיר האָבן שוין נישט א פערציקער!" איז דאָך עס א יידענע, הייבט זי דאָך אָן מסתמא צו ליארמען: „וויי איז מיר, וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר, א שלאק איז מיר, יעקב-יוסל, וואָס רעדסטו, ווו איז דיין געלט?... „שא, שא, זאָג איך, וואָס פילדערסטו אזוי? ווו שטייט דאָס געשריבן, אז ס'איז מיין געלט? ה' נתן וה' לקח. אָדער, ווי זאָגט איר: נע בילאָ או מיקיטא הראָשי אי נע בודע! ווו שטייט דאָס, זאָג איך, געשריבן, אז יעקב-יוסל באַדאַרף זיצן אין פיר דירות און האַלטן צוויי דינסטן און ארויסגיין מיט דער שיינער שבתדיקע קאַפּאָטע? למאי, זאָג איך, אָט זענען פאראן יידן, וואָס גייען-אויס פון הונגער, — נו, אם כן, שטארבן זיי דען? אז מע זאָל וועלן, זאָג איך, גיין מיט דעם גאנג, למאי דאָס, למאי יענץ, וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט"... און נאָך כדומה אזעלכע ווערטער מיט משלים האָב איך איר געבראכט, און זי, מיין ווייב הייסט דאָס, האָט פארשטאנען, אז איך בין גערעכט, איר פארשטייט, צי ניין?... דאָס באַדאַרפט איר וויסן, אז איך האָב מיין אייגנס א ווייב, וואָס איך באַדאַרף מיך מיט איר כלל נישט שעמען — זי פארשטייט אן עסק; לאנג טענהן באַדאַרף מען נישט. זי האָט באַלד אויפגעהערט צו פילדערן צו ליארמען און האָט נאָך, אדרבה, גענומען מיר אויסרעדן דאָס הארץ, אז מסתמא איז דאָס א באַשערטע זאַך, אז גאָט איז א פאָטער, ער וועט מסתמא אויספירן... און טאַקע ניש-לאנג געטראַכט, גענומען און פארדונגען די דירה א שכן, אליין זיך באַזעצט אין איין שטיבל מיט א קיך, די דינסטן, מחילה, אָפּגעשאַפט, דאָס ווייב, זאָל מאריך ימים זיין, האָט פארקאַטשעט די אַרבל און

זיך אליין אוועקגעשטעלטביים אויוון, און איך האָב מיך אליין אויפגערופן המישי: „יעמוד רב יעקב־יאָסל קבצן!“ זיך פאַר־שריבן, ווי זאָגט איר, פאר אַן אָרעמאַן. וואָס איז שייך זאָגן אַן אָרעמאַן? פאראַן, מאָלט אייך, גרעסערע אָרעמע־לייט פון מיר; פאָרט, ווי זאָגט איר. אַ שטיקל נחלה, אַ שטוב, וואָס מע קאָן ציען פון איר די פרנסה. דער חסרון איז נאָר, וואָס ס'איז פיר וואָכן אין חודש. אין אַ חודש זאָל מער נישט זיין ווי צוויי וואָכן, וואָלט מען מיט דער הוצאה אפשר אויסגעקומען אַקו־ראַט; און אַזוי בלייבן איבער צוויי וואָכן אויפן אַנדערן חודש, איז נישט גוט, וואָס זאָלט איר קלערן! נאָר גאָרנישט, ווי זאָגט איר: מיט צרות ווערט מען געוווינט. ס'איז גאָר נישטאָ קיין בעסערס און קיין רואיקערס, זאָג איך אייך, ווי אַן אָרעמאַן: מען איז פטור, פאַרשטייט איר מיך, פון קאָפּדרייעניש, פון צאָ־לעניש, לייעניש, באָרגעניש, לויפעניש, עולם־התוהו! איז דאָך אָבער פאראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, זאָגט ער: „וואָס טויג דיר, יעקב־יוסל, לעבן בארוט, אָן צרות? אַ בילעט האָסטו? נא דיר פינף און זיבעציק טויזנט און ווער פאַרשוואַרצט!“... איר פאַרשטייט, צי ניין?... האָט איר נישט ביי זיך קיין בילעט... טפו! מיין איך אַ פּאַפּיראָס טיטון?

קורץ און גוט, ווו זשע האַלט איך? ביים בילעט הייסט דאָס. אַ בילעט? אָט־אַזוי־אָ האָט זיך מסתמא אַ ייד אַ בילעט און גענומען־אויס די פינף און זיבעציק טויזנט? וואַרט־צו אַ קאַפּע־טשקע! ערשטנס, אויף וואָס האַלט אַ ייד אַ בילעט? ער זאָל אים קאָנען פאַרזעצן און נעמען געלט. גיי זשע, דו שוטה, יעקב־יוסל, טראָג־אַריין דעם בילעט אין אַ באַנק און נעם געלט! איז דער תירוץ: ראשית, איז נישטאָ ביי אונדז אין שטעטל קיין בענק, והשנית, וואָס איז מיר די באַנק? אַ באַנק קאָן דען נישט אָנ־זעצן, אַז זי וויל?... די וועלט איז נישט הפקר, מע כאַפּט נישט פון די הענט, און ווער דאַרף עס מיין בילעט? איר פאַרשטייט, צי ניין? אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה געטראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָרנישט געטראַכט, און האָב מיך מיישב געווען: איך האָב אַ שכן, וואָס זיצט ביי מיר אין דער דירה טאַקע, אַ יונגערמאַן אַ בעל־הלוואה, זייער אַ פיינער יונ־גערמאַן, אַ יונגערמאַן, וואָס קען שיין לערנען, אַ לייטישער יונ־גערמאַן — פאַרוואָס זאָל איך נישט אָפּלייגן דעם בילעט ביי אים? לאָז ער מיר נאָר געבן אויף אים צוויי הונדערטער, וועל איך אוודאי נעמען, — פאַרוואָס זאָל איך נישט נעמען? בין איך אַריינגעגאַנגען צו מיין שכן, בירנבוים הייסט ער, און רוף מיך

אָן צו אים: „פּאני בירנבוים, אפשר וועט איר מיר געבן צוויי הונדערט קערבלעך אויף מיין בילעט?“ מאכט ער: „איך וועל אייך געבן צוויי הונדערט קערבלעך אויף אייער בילעט“. זאָג איך: „וויפל וועט איר מיר רעכענען פּראָצענט?“ זאָגט ער: „וויפל זאָל איך אייך רעכענען פּראָצענט?“ זאָג איך: „איך ווייס, וויפל איר זאָלט מיר רעכענען פּראָצענט? רעכנט מיר באנקאָווע פּראָצענט“. מאכט ער: „איך וועל אייך רעכענען באנקאָווע פּראָצענט“... בקיצור, מיר האָבן זיך אויסגעגלייכט מיטן פּראָצענט און איך האָב אים אוועקגעגעבן דעם בילעט אויף פינף חדשים און האָב גענומען די צוויי הונדערט קערבלעך. איר פארשטייט, צי ניין? גיי זשע, דו שוטה, יעקב־יוסל, און נעם־ארויס ביי אים א צעטל, אז דו האָסט ביי אים אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע מיט אזא און אזא נומער! ניין. גייט ער, בירנבוים הייסט דאָס, און נעמט, אדרבא, ביי מ י ר ארויס א צעטל, אז איך האָב ביי אים אנטליען אויף פינף חדשים צוויי הונדערט קארבן אויף אָט אזא און אזא בילעט, מיט אזא און אזא נומער, מיט אזא און אזא סעריע; און באם איך צאָל אים נישט אָפּ צום זמן די צוויי הונדערט קערבלעך, איז אזא און אזא בילעט מיט אזא און אזא נומער און מיט אזא און אזא סעריע זיין בילעט, און איך האָב צו אים קיין טענות נישט... איר פארשטייט, צי ניין? וואָס האָב איך מיר בשעת מעשה געקלערט? איך האָב מיר געקלערט: וואָס האָב איך דאָ מורא? ממה־נפשך, עס וועט קומען צום זמן און איך וועל אויסקויפן דעם בילעט, איז דאָך אוודאי גוט; אלא נישט, וועל איך אים באצאָלן די עסקא, וואָס אים קומט, וועט ער מיר ווארטן — פארוואָס זאָל ער מיר נישט ווארטן? וואָס ארט דאָס אים, אבי עסקא! איר פארשטייט, צי ניין?

כך הוה. ס'איז געקומען צום זמן, האָב איך דאָך מסתמא דעם בילעט נישט אויסגעקויפט; ס'איז אוועקגעגאנגען די פינף חדשים מיט נאָך פינף חדשים, און אָט אזוי פּאוואָלינקע האָט זיך אוועקגעצויגן צוויי יאָר מיט פינף חדשים; פּראָצענט, געווינטלעך, צאָל איך אים, דאָס הייסט, אמאָל געצאָלט און אמאָל נישט געצאָלט, — וואָס האָב איך מורא? ער וועט פארקויפן מיין בילעט? ער וועט נישט פארקויפן מיין בילעט! למאי זאָל ער פארקויפן מיין בילעט? אזוי האָב איך מיר בשעת מעשה געטראכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר נישט געטראכט... און די צייט דערווייל איז נישט גוט, קיין געשעפטן

איז נישטאָ, וואָכן זענען אין חודש אלץ איבעריקע, מע מוטשעט זיך, וואָס זאָל מען טאָן? אבי, ווי זאָגט איר, יאָרן, קיין צרות איז מען נישט זשערנע... ביז היינטיקן פאַר־פּסח...

היינטיקן פאַר־פּסח האָט מיר גאָט צוגעשיקט א געשעפטל: איך האָב געהאנדלט עטלעכע וואגאָן הירזש, ס'איז געוואָרן חשוב הירזש, האָב איך פארקויפט די הירזש און האָב דווקא פארדינט אויף די הירזש, דאנקען גאָט, שיינע עטלעכע קערבלעך, און האָב געהאט א פּסח, מעגט איר מיר גלויבן, אז בראָדסקי — בראָדסקי איז גאָרנישט אקעגן מיר! א קלייניקייט, א מענטש איז נישט שולדיק קיינעם א פּרוטה נישט, און פארמאָגט נאָך זיין אייגנס א פּאָר הונדערט קערבלעך אויך, היינט ווער איז צו מיר גלייך, איר פארשטייט, צי ניין? נעם זשע, דו שוטה יעקב־יוסל, טראָג־אריין בירנבוימען די צוויי הונדערטער און קויף אוים דעם בילעט! ניין, בין איך מיך מיישב: וואָס האָב איך נישט קיין צייט? בירנבוים וועט נישט אנטלויפן מיטן בילעט; איך וועל נאָך צייט האָבן אויסקויפן דעם בילעט נאָך פּסח, אָדער אנישט — וועל איך איינצאָלן פּראָצענט וויפל סע קומט און ארויסנעמען א קוויטל אויפן בילעט. אזוי האָב איך מיר בשעת־מעשה געטראכט, און אפשר האָב איך בשעת־מעשה גאָר נישט געטראכט. איר פארשטייט, צי ניין? און בין אוועק־געגאנגען און האָב פארן געלט געהאנדלט זעק, און האָב אָפּ־געלייגט די זעק אין אן אמבאר; האָט גאָט געטאָן א נס, מע האָט אָפּגעשלאָגן דעם שלאָס פונעם אמבאר — ס'איז געווען היינטיקן נאָך־פּסח איז דאָס געווען, פונקט דעם דרייסיקסטן אפּריל, די נאכט וואָס אקעגן ערשטן מיי, ווען סע שפּילט דער בילעט — און מע האָט אוועקגעגנבעט די זעק. און איך בין וויטער געבליבן אָן א פּערציקער.

— צפּורה, זאָג איך צו מיין ווייב, ווייסטו וואָס איך וועל דיר דערציילן א נייעס? מיר זענען שוין ווידער רייך.

— וואָס הייסט, זאָגט זי, מיר זענען רייך?

— מיר האָבן שוין נישט, זאָג איך, איין זאק אפילו.

— וואָס הייסט, זאָגט זי, ווו זענען אהינגעקומען די זעק?

— מע האָט זיי, זאָג איך, היינטיקע נאכט ארויסגעטראָגן פונעם אמבאר.

הייבט זי דאָך אָן מסתמא צו ליארעמען און צו פּילדערן ווי דער שטייגער איז פון א יידענע, רוף איך זיך אָן צו איר:

— שא־שא, צפּורה, שריי נישט אזוי, ביסט נישט איינע ביי גאָט! עלעהיי, זאָג איך, לאָז זיך דיר דאכטן, אז ס'איז פאַר־

ברענט געוואָרן די שטוב, און מיר זענען ארוים נאקעט־הויל, ווי די מאמע האָט אונדז געהאט, — וואָלט דיר דעמלט געווען בעסער?

— ס'א גוטער משל! — זאָגט זי. — דעריבער באדארף מען אוועקגנבענען די זעק?

— וואָס געהער זיך אָן, זאָג איך, דאָס מיט דעם? אָט וועסטו געדענקען מיין וואָרט, זאָג איך, עס וועלן זיך געפינען די זעק...

— פון וואנען, זאָגט זי, וועלן זיי זיך צו דיר נעמען? די גנבים וועלן דיר אונטערווארפן די גנבישע זעק, דערפאר וואָס דו הייסט יעקב־יוסל?... זיי האָבן, אפנים, מער נישט וואָס צו טאָן?...

— ע, ביסט א נאר! זאָג איך. — וואָס גאָט קאָן טאָן, קאָן א מענטש גאָר נישט צוטראכטן אפילו...

כך הוה. די זעק זענען דאָך מסתמא געווען פארפאלן, ווי אין וואסער אריין. ווער מיר זעק? וואָס מיר זעק? איך בין גאָר ארומגעפלויגן, ווי א משוגענער, געהאט צו טאָן מיט פאָ־ליציע, געזוכט אין אלע ווינקעלער, גענישטערט אין אלע מיזן־לעכער. נאָר ווער? וואָס? גיי זוך דעם פאראיאָריקן שניי, דעם נעכטיקן טאָג! איר פארשטייט, צי ניין? דער קאָפ איז אין דער ערד, דאָס הארץ איז ניכטער, אין מויל איז טרוקן, אויף דער נשמה איז וויסט און פינצטער, — שטיי איך מיר אזוי אין מארק ביי אונדז אויף דער בערזע, ביי דער אפטייק הייסט עס, און עס פליט מיר דורך א מחשבה אין קאָפ, — ס'איז געווען אין דער פרי, ארום זייגער צוועלף איז דאָס געווען: „ס'טייטש, ס'איז דאָך עפעס היינט א יום־הדין, ערשטער מיי, דער בילעט שפילט, א קשיא אויף גאָט? מיר האָבן א גרויסן גאָט און א שטארקן! ער קאָן דאָך, אויב ער וויל נאָר, באגליקן מיך מיט מיין גאנצער משפחה!“... און דאָ דערמאָן איך מיר אָן די געגנבע־טע זעק, פארגעס איך, אז ס'איז ערשטער מיי און אז איך האָב א בילעט, וואָס שפילט, און לאָז מיך ווידער אמאָל זוכן די זעק, עפעס האָט זיך געפונען א שטיקל סליד פון די זעק, — און אזוי דעם גאנצן טאָג מיט דער גאנצער נאכט, ביז אויף מאָרגן, דעם צווייטן מיי. אליין בין איך פארטארעראמט, א גאנצן מעת־לעת אין מויל נישט געהאט, שוין זייגער איינס, דאָס הארץ גייט מיר אונטער, איר פארשטייט, צי ניין? איך קום אהיים, פאלט נאָך אָן אויף מיר דאָס ווייב:

— טאָמער וואָלסטו נעגאנגען זיך וואשן און עפעס נעמען אין מויל אריין? טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג זעק? דיינע

זעק ליגן מיר אָט-אָ-דאָ-אָ! כאַפּט דער רוח די זעק! מע באַדאַרף זיך טאַקע נעמען דאָס לעבן פֿון די זעק? אַזוי ווי מיט די זעק, אַזוי אָן די זעק! נאַ דיר אַן עסק מיט זעק! זעק-זעק! זעק-זעק!

— ווייסטו וואָס, מיין ווייב? — זאָג איך צו איר. — טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג זעק? סע זעקט מיר שוין אַזוי אויך גוט אין קאָפּ, קומסטו צו גיין און זאָלצסט מיר אויף די וווּנדן: זעק-זעק! זעק-זעק! איר פֿאַרשטייט, צי ניין? אפשר געפֿינט זיך ביי אייך נאָך אַ זאַק... טפֿו! מיין איך נאָך אַ פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, ווו זשע האַלט איך? ביי די זעק הייסט דאָס. מילא, פֿאַרפֿאַלן די זעק. וואָס זאָל מען טאָן? די נשמה אויסשפּייען קאָן מען נישט. איך וואַש מיך און זעץ מיך צום טיש — ווער? וואָס? עס קריכט נישט אין מויל אַריין.

— וואָס איז מיט דיר, יעקב-יוסל? — פֿרעגט מיך מיין ווייב זאָל לעבן. — ווער איז דיר איבערגעגאַנגען דעם וועג היינטיקן טאָג?

— איך ווייס אַליין נישט, וואָס מיר איז! — זאָג איך און וואַרף אַוועק אין מיטן עסן און לייג מיך צו אַביסל אויף דער סאָפֿע. אַזוי ווי איך ליג מיר אַזוי טראָגט מען מיר אַריין דאָס בלאַט פֿון דער פּאָסט. נעם זשע, דו שוטה, יעקב-יוסל, און טו אַ קוק אין בלאַט, ס'איז היינט דער צווייטער מיי, אפשר האָט דיין בילעט עפּעס געווונען? — ווער? וואָס? פֿרעגט מיך בהרט, צי ס'איז היינט דער צווייטער מאַי, צי ס'איז היינט דער צוויי-און-צוואַנציקסטער יוני, צי גאָר ראש-חודש קרעמעניץ! איר פֿאַרשטייט, צי ניין? און איך נעם דאָס בלאַט און הייב-אָן צו לייענען, געוויינטלעך, פֿון מה-טובו. בקיצור, איך ליג מיר אַזוי און לייען אַלערליי נייעסן: געשאָסן, — געהאָנגען, געשטאָרבן — געקוילעט, די ענגלענדער מיט די בורן — עס קריכט מיר מסתמא אין איין אויער אַריין, פֿון אַנדערן אַרויס. וואָס מיר ענגלענדער, ווער מיר בורן, אַז ביי מיר האָט מען אַוועקגעגנבעט די זעק? אַ כּפּרה אַלע ענגלענדער מיט אַלע בורן פֿאַר מיינע זעק! אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה געטראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה נישט געטראַכט גאָרנישט, און מיש מיר דאָס בלאַט פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער, פֿון דער אַנדערער אויף דער דריטער — איך טו אַ קוק: טיראַזש!... פֿליט מיר דורך פּלוצעם אַ מחשבה: אפשר האָט מיין בילעט אויסגענומען כאָטש ת"ק קערבלעך? אַצינד וואָלט דאָס מיר צו מיינע

זעק דווקא געווען צוגעפּאסט, ווי געוווּנטשן! און איך נעם און קוק־איבער פון אונטן אויף אַלע ת״קער — נישטאָ; טויזנטער — נישטאָ; פינפטויזנטער, אכטטויזנטער, צענטויזנטער, — אוודאי נישט, אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז איך בין געקומען צו די פינף־און־זיבעציק טויזנט. און אז איך בין געקומען צו די פינף־און־זיבעציק טויזנט, האָט מיר עפּעס מיט אמאָל זיך א וואָרף געטאָן אין די אויגן און א זעץ געטאָן אין קאָפּ: סעריע 2289, נומער 12! איך וואָלט געמעגט שווערן, אז ס'איז מיין נומער! נאָר ווייס איך! ווי קומט צו מיר שלימזל, אזא גרויס געווינס? איך קוק זיך גוט איין אין די ציפערס — רבונו־של־עולם! ס'איז פּאָרט מיין נומער! איך וויל אויפשטיין — קאָן איך נישט; איך בין ווי צוגעוואָקסן געוואָרן צו דער סאָפע. איך וויל א געשריי טון: „צפּורה!“ — קאָן איך נישט; די צונג איז מיר עפּעס מיט א מאָל ווי צוגעוואָקסן געוואָרן צום גומען. איך האָב זיך אָנגענומען מיט אַלע כוחות, בין אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום טיש־קעסטל, א קוק געטאָן ביי זיך אין בוך. יאָ, ווי איך בין א ייד: סעריע 2289, נומער 12!...

— צפּורה, — זאָג איך צו מיין ווייב און די הענט ציטערן מיר און די ציין אין מויל קלאַפּן. — דו ווייסט? עס האָבן זיך געפונען די גנבהשע זעק...

קוקט זי מיך אָן ווי א משוגענעם.

— וואָס רעדסט דו? די ווייסט וואָס דו רעדסט?

— איך זאָג דיר, מאַך איך צו איר — גאָט האָט אונדז אומגעקערט אונדזערע זעק בכפל כפלים און מיט פּראָצענט... אונדזער בילעט האָט אויסגענומען און מיר האָבן געוווּנען, זאָג איך, א פולע היטל מיט געלט!

— דו זאָגסט דאָס ערנסט, יעקב־יוסל, צי דו לאַכסט פון מיר?

— וואָס הייסט, — זאָג איך, — איך לאַך? איך זאָג דאָס גאַנץ ערנסט, אַ גדז קומט מזל־טוב, מיר האָבן געוווּנען געלט!

— וויפל־זשע האָבן מיר געוווּנען? — מאַכט זי צו מיר און קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין, ווי איינער רעדט: „אנו, לאָז דאָס נאָר זיין א ליגן, וועסט די זיך פון מיר נאַרן!“

— אשטייגער, כדומה למשל, וויפל האָסטו א השגה זאָלן מיר געווונען?

— איך ווייס? — זאָגט זי. — עטלעכע הונדערט קערבלעך מסתמא?

— פאַרוואָס נישט — זאָג איך — עטלעכע טויזנט?

— וויפל הייסט עטלעכע טויזנט — זאָגט זי — פינף? צו־זעקס? צי אפשר טאקע אלע זיבן?...

— אויף מער — זאָג איך — האָסט דו, אפנים, קיין השגה נישט?

— צענטויזנט? — זאָגט זי.

— האָב שכל, — זאָג איך — נעם א ביסל העכער!

— פופצן טויזנט?

— נאָך העכער!

— צוואנציק? פינף־און־צוואנציק?

— נאָך העכער!

— יעקב־יוסל, — זאָגט זי — זאָג, מוטשע נישט!

— צפורה! — זאָג איך און נעם זי אָן ביי דער האנט און קוועטש־זי. — מיר האָבן געוווּנען אן עושר מיט געלט! א גאנצן גביר האָבן מיר געוווּנען! אזוי פיל געלט, וואָס עס האָט זיך דיר קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט אין חלום אפילו!

— נו, זאָג זשע, זאָג, וויפל האָבן מיר געוווּנען, יעקב־יוסל, צי נישט ביי דער נשמה!

— מיר האָבן געוווּנען — זאָג איך — א פוּיטעקע, א סך געלט, אן אוצר, א סומע פון פינף־און־זיבעציק טויזנט קארבן! דו הערסט, צפורה? פינף־און־זיבעציק טויזנט!

— געלויבט ביסט דו, גאָט! — זאָגט זי און כאפט זיך אויף און הייבט אָן ארומלויפן איבערן שטוב און ברעכן די הענט.

— געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען דיינער, וואָס דו האָסט זיך ארומגעקוקט אויף אונדז אויך אמאָל און האָסט אונדז באַגליקט! א דאנק דיר, א דאנק דיר!... האָסטו נאָר גוט אבטונג געגעבן, יעקב־יוסל, האָסט חלילה קיין טעות נישט? געלויבט ביסט דו, גאָט, דערבארעמדיקער פאָטער, הארציקער־געטרייער! די גאנצע משפחה וועט זיך מחיה זיין, גוטע פריינד וועלן זיך פרייען, שונאים וועלן צעפּיקעט ווערן! א קלייניקייט — אזוי פיל געלט, קיין עין־הרע! וויפל זאָגסט דו, יעקב־יוסל, פינף־און־זיבעציק טויזנט?

— פינף־און־זיבעציק טויזנט! — זאָג איך. — גיב מיר צפורה, די קאפּאָטע, לאָם איך גיין.

— וווהין וועסט דו גיין?

— וואָס הייסט וווהין זאָל איך גיין? צו בירנבוימען באדארף איך ארייננגיין, דער בילעט ליגט דאָך ביי אים פארזעצט... און קיין צעטל האָב איך פון אים נישט...

אז איך האָב איר אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, איז זי געוואָרן אַלערליי קאָלירן, מיין ווייב הייסט דאָס, און נעמט מיך אָן פאר ביידע הענט און רופט זיך אָן צו מיר:

— יעקב־יוסל, ווי גאָט איז דיר ליב, גיי נישט גלייך. באַטראַכט זיך פריער, וואָס דו טוסט און וווהין דו גייסט און ווי אזוי דו זאָלסט מיט אים רעדן. פארגעס נישט, ס'איז פינף־און־זיבעציק טויזנט!

— דו רעדסט ווי א יידענע! — זאָג איך. — און אז פינף־און־זיבעציק טויזנט איז וואָס? וואָס בין איך עפּעס, א ייִנגעלע?

— פאָלג מיך, — זאָגט זי, — יעקב־יוסל, באַטראַכט זיך פריער, האַלט זיך אָן עצה מיט א גוטן פריינד, גיי נישט גלייך אהין, איך וועל דיך נישט לאָזן!

קורץ און גוט, איר ווייסט דאָך, אז א ווייב שפּאַרט זיך איין, פירט זי אויס אירס. מיר האָבן אריינגערופן א גוטן פריינד, דערציילט אים די גאַנצע געשיכטע. אויסגעהערט די מעשה, מאַכט ער, אז זי איז גערעכט, מיין ווייב הייסט דאָס, וואָרום פינף־און־זיבעציק טויזנט איז נישט קיין שפּילעכל; דערווייל ליגט דער בילעט ביי יענעם, און קיין צעטל אויף אים איז נישטאָ, געלט איז א יצר־הרע, א קשיא אויף א מעשה — טאָמער קומט אים אָן א שלעכטע מחשבה, ס'איז פינף־און־זיבעציק טויזנט!

איר פארשטייט, צי ניין? וואָס זאָל איך אייך זאָגן — זיי האָבן מיך אריינגעוואָרפן אין אזא מרה־שחורה, אז איך האָב שוין אליין אויך אָנגעהויבן מורא האָבן און איבערקלערן מי יודע וואָס... ווי אזוי־זשע טוט מען דאָ? איז געבליבן, איך זאָל נעמען מיט זיך צוויי הונדערט קערבלעך (געלט איז געוואָרן מיט דער רגע, וואָרום אז מע געווינט פינף־און־זיבעציק טויזנט, ווערט מען שוין א בטוח) און זאָל מיטנעמען מיט זיך א מענטשן, דער מענטש זאָל דערווייל שטיין הינטער דער טיר, און איך זאָל מאַכן מיט מיין בירנבוימען א שמועס, באַצאָלן אים זיין חוב מיט פּראָצענט און אויסקויפן דעם בילעט. איז דאָך ממה־נפשך: וועט ער אָפּגעבן דעם בילעט, איז דאָך אוודאי גוט; אלא נישט, וועל איך כאָטש האָבן אן עדות... איר פארשטייט, צי ניין? „דאָס איז אָבער אלצדינג גוט, — טראַכט איך מיר — אויב ער ווייסט נאָך נישט, אז דער בילעט האָט געוווּנען די פינף־און־זיבעציק טויזנט. וואָס טוט מען אָבער, אז ער האָט אויך א בלאַט, און האָט אויך געזען, אז דער נומער האָט געוווּנען די פינף־און־זיבעציק טויזנט. און וואָס טו איך, אז ער זאָגט, אשטייגער, ווי

יענע יידענע מיטן טעפּל: „ערשטנס, האָב איך אייך שוין לאנג אָפּגעגעבן אייער בילעט; און צווייטנס, איז אייער נומער גאָר נישט דער נאָמער; און דריטנס, האָב איך ביי אייך קיינמאָל קיין בילעט נישט גענומען!?“... איר פאַרשטייט, צי ניין? סיידן אפשר גאָט האָט א נס געטאָן, ער ווייסט נאָך נישט פון קיין געווינס?

— געדענק=זשע, יעקב=יוסל, ס'איז נישט קיין קלייניקייט — דו גייסט איצטער אויף פינף=און=זיבעציק טויזנט! מע זאָל ביי דיר נישט דערקענען אויפן פּנים קיין סימן, קיין זכר פון קיין פינף=און=זיבעציק טויזנט! און וואָס סע זאָל זיך מיר דיר נישט טרעפן, זאָלסט דו געדענקען, אז דאָס לעבן איז טייערער פון פינף=און=זיבעציק טויזנט!

אזוי מאַכט צו מיר מיין ווייב זאָל געזונט זיין און נעמט מיך אָן פאר ביידע הענט און זאָגט מיר, איך זאָל איר געבן דאָס וואָרט, דאָס הייליקע וואָרט, אז איך זאָל זיין רואיק... רואיק? איר פאַרשטייט, גיי זיי רואיק, אז דאָס הארץ קאָכט אין מיר, און די געדאנקען שלאָגן, און איך קאָן מיר נישט מוחל זיין: „סטייטש, סטייטש, יעקב=יוסל שוטה, נעמסט און גיסט אוועק א בילעט פון פינף=און=זיבעציק טויזנט א בירנבוימען, א ווילד=פרעמדן, און נעמסט נישט ארויס ביי יענעם קיין צעטל, קיין איינגעטונקטע פען! איר פאַרשטייט, צי ניין?... געפינט זיך נישט ביי אייך קיין איינגעטונקטע פען... טפו! מיין איך קיין פּאַפּיראָס טיטון?

קורץ און גוט, ווו=זשע האַלט איך? ביי בירנבוימען הייסט דאָס. שיין וואָלט געווען, טראַכט איך מיר, ווען מיין בירנבוים זאָל האָבן געהאַט לאנג דורכגעקוקט דאָס בלאַט און ווייסט שוין פון די פינף=און=זיבעציק טויזנט גלייך מיט מיר, און אפשר נאָך פריער פון מיר, און איך קום צו אים און זאָג אים: „גאָט העלף אייך, פּאַני בירנבוים“... „גוט יאָר. וואָס ווילט איר עפּעס זאָגן?“... „ווו איז מיין בילעט, פּאַניע?“... „וואָסער בילעט?“... „דער בילעט, סעריע 2289, נומער 12, וואָס איך האָב אייך פאַרזעצט“... קוקט ער מיך אָן ווי א תם... אָט אזעלכע מחשבות פליען מיר דורך אין קאָפּ, און אין הארצן ווערט מיר ענג, אין האַלדז שטיקט מיך. נישטאָ קיין „דעכאַניע“, קיין פּיצל אָטעם! צום סוף, וואָס לאָזט זיך אויס? איך קום צו בירנבוימען: ווו איז בירנבוים? — ער שלאָפט... ער שלאָפט? איז דאָך א סימן, אז ער ווייסט נאָך נישט פון קיין פּותר און פון קיין חלום, געלויבט ביסטו גאָט!... איך קום אריין צו אים אין שטוב

אריין, טרעף איך דאָס ווייב זיינס, פייגעלע רופט מען זי, אין קיך. ס'איז א רייך און א היץ און א טוואן ביזן האלדז.

— ברוך הבא, א גאסט, רב יעקב=יוסל! — מאכט צו מיר פייגעלע און בעט מיך אריין אין שטוב אריין, און באזעצט מיך גאנץ אויבנאָן, און פרעגט, וואָס איז די מעשה, וואָס מע זעט מיך נישט?

— איך ווייס פארוואָס מע זעט מיך נישט? איך ווייס אליין נישט! — זאָג איך און קוק איר בשעת מעשה אין די אויגן אריין און טראכט מיר: „זי ווייסט שוין, צי זי ווייסט נאָך נישט? דאכט זיך, אז זי ווייסט נאָך נישט?... און אפשר ווייסט זי שוין?“...

— וואָסזשע מאכט איר עפּעס, רב יעקב=יוסל?

— וואָס זאָל איך מאכן? — זאָג איך. — מסתמא האָט איר געהערט פון מיין „פּעקל“?

— פון וואָסער „פּעקל“?

— סטייטש, איר האָט גאָרנישט געהערט — זאָג איך — די מעשה מיט די זעק, וואָס מע האָט ביי מיר אוועקגעגנבעט?

— אָט דאָס איז דאָס „פּעקל“? — מאכט זי. — דאָס איז דאָך שוין אן אלטע מעשה! איך האָב געמיינט עפּעס א נייעס.

„עפּעס א נייעס?“... צי מיינט זי נישט די פינף=און=זיבעציק טויזנט?“ — אזוי טראכט איך מיר און קוק איר גלייך אין די אויגן אריין און קאָן ביי איר אין די אויגן נישט איבערלייענען גאָרנישט, גאָלע גאָרנישט, קיין פּיצל נישט אפילו!

— אפשר וועט איר טרינקען א גלעזל טיי, רב יעקב=יוסל, וועל איך הייסן צעבלאָזן דעם סאמאָוואר ביז מיין מאן וועט אויפשטיין.

— א גלעזל טיי? מהכא=תיתי, פארוואָס נישט? — מאך איך צו איר און דאָס הארץ גייט מיר אונטער, קיין „דעכאניע“ איז נישטאָ, קיין פּיצל אָטעם, אין מויל איז טרוקן, אין שטוב היים, דער שוויס רינט, און זי, פייגעלע הייסט דאָס, רעדט צו מיר — לאָם איך אזוי וויסן א בייזע וועטשערע מיט אייך אינגיינעם, ווי איך ווייס וואָס זי רעדט! אז דער קאָפּ איז מיר גאָר דאָרטן, אין יענעם אלקיר, וווּ בירנבוים ליגט און שלאָפט און כראָפּעט אזוי געשמאק, איר פארשטייט, צי ניין?

— פארוואָס טרינקט איר נישט? — מאכט זי צו מיר, פייגעלע הייסט דאָס.

— וואָס דען טו איך? — זאָג איך און דריי מיטן לעפעלע אין גלאָז.

— איך דרייט מיטן לעפעלע — זאָגט זי — שוין א שעה בסדר, און טרינקען טרינקסט איר נישט.
א דאנק, — זאָג איך — איך טרינק נישט קיין קאַלטע, מיין איך קיין הייסע טיי; איך האָב ליב, זאָג איך, אז די טיי שטייט זיך אָפּ און ווערט גוט הייס, מיין איך גוט קאַלט, דאָס הייסט, זי ווערט גוט אָפּגעהיצט, מיין איך אָפּגעקילט...
— עפּעס זענט איר מיר זייער צעטראָגן, רב יעקב־יוסל! — מאכט זי צו מיר. — איר זענט אזוי צעטראָגן, אז איר ווייסט גאָר נישט וואָס איר רעדט. שוין זשע באדאַרף מען זיין אזוי צעטראָגן, אז מע גנבעט אוועק די זעק? גאָט וועט העלפן, די זעק וועלן זיך נאָך געפינען. איך האָב געהערט, מע זאָגט, ס׳איז פאראן א סליד... שא, מיין מאן רירט זיך שוין, ער שטייט שוין אויף, אָט גייט ער!
ארויסגעקומען איז מיין חברה־מאן א פארשלאָפענער מיט א זיידן יארמלקעלע אויפן קאָפּ, זיך געריבן די אויגן און געקוקט אויף מיר פון צפון־זייט.
— וואָס מאכט א ייד, רב יעקב־יוסל?
די ערשטע מחשבה מיינע איז געווען: „ער ווייסט? צי ער ווייסט נישט? דאכט זיך, אז ער ווייסט נישט? און אפשר יאָ?“
— וואָס זאָל מען מאכן? — זאָג איך. — איר האָט דאָך געהערט מיין אומגליק מיט די זעק?
— די מעשה האָט שוין א באָרד; דערציילט אונדז עפּעס נייעס... געפינט זיך נישט ביי דיר, פייגעלע, אביסל איינגע־מאכטס, ס׳איז מיר פאסקודנע אין מויל פונעם שלאָף. — מאכט בירנבוים און פארקרימט זיך.
„נו, ווי באלד עס ווילט זיך אים איינגעמאכטס, איז א סימן, אז ער ווייסט נאָך גאָרנישט נישט“... — אזוי קלער איך מיר און איך פארבינד מיט אים א שמועס דער רוח ווייסט פון וואָס, עס קלעבט זיך נישט א וואָרט צו א וואָרט. אינעווייניק אין בויך גענזלט מיך, אין האלדז שטיקט מיך, איך פיל, אז עס עקט זיך מיר דאָס חיות, אָט פאַל איך אום, אָט הייב איך אָן צו שרייען אויף א קול: „געוואלד, יידישע קינדער, פינף און זיבעציק טויזנט!“ איר פארשטייט, צי נייןי?.. ביז גאָט האָט רחמנות געהאט, איך בין ארויף אויף א שמועס מכוח פּראָצענט.
— איך קאָן אייך, פאני בירנבוים, געבן א ביסל פּראָצענט זאָג איך, דאָס הייסט, איך קאָן אייך באצאָלן דאָס פּראָצענט, וואָס אייך קומט אויפן בילעט.

— אַך, מהכאַ־תיתי, מיטן גרעסטן כבוד! — מאכט ער און פאַרזוכט א לעפּעלע איינגעמאכטס.

— וויפל־זשע וועט איך קומען, זאָג איך, פּראָצענט הייסט דאָס?

— איר ווילט וויסן, מאכט ער, א חשבון, צי איר ווילט טאקע צאָלן געלט?

— ניין, זאָג איך, — איך מיין טאקע, הייסט דאָס, צאָלן געלט ממש.

— פייגעלע! אנו, גיב נאָר אהער דאָס בוך...

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, בין איך פון טויט לעבעדיק געוואָרן: „ער ווייסט נעבעך נישט פון וואָס צו זאָגן!"...

באַצאָלט דאָס פּראָצענט, רוף איך זיך אָן צו אים:

— פאַרשרייבט זשע טאקע, זייט מוחל פאניע בירנבוים, ביי אייך אין בוך הייסט דאָס, אז איר האָט מקבל געווען ביי מיר פּראָצענט פאַר מיין בילעט סעריע 2289, נומער 12.

— פאַרשרייב, מאכט ער, פייגעלע, פאַרן בילעט סעריע 2289, נומער 12.

„ער הייבט נישט אָן צו וויסן!" — קלער איך מיר און פאַרבינד מיט אים א שמועס מכחן בילעט, אז עס לוינט גאָר נישט צו האָבן א בילעט און צאָלן פאַר אים פּראָצענט; און וואָס וועט זיין מיטן בילעט אויף ווייטער?...

— אקעגן וואָס, הייסט דאָס, זאָגט איר דאָס? — מאכט ער צו מיר און טוט א קוק אויף מיר מיט איין אייגל פון צפון־זייט.

— פונעם דאָזיקן קוק האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין הארצן; ס'איז מיר נישט געפעלן דער קוק, איר פאַרשטייט, צי ניין? נאָר איך האָב מיך באלד פאַרכאַפּט און האָב א זאָג געטאָן:

— פאַרשטייט איר, פאני בירנבוים איך זאָג דאָס אקעגן דעם, וואָס סע פאַלט הוצאות אויפן בילעט. איר וואָלט, כלעבן, געמעגט נעמען ביי מיר אויף ווייטער מיט א פּראָצענט ווי־ניקער; פאַרט, ווי זאָגט איר, אלטע באקאנטע און נאָענטע שכנים.

— ניין, — זאָגט ער, — אלצדינג יאָ, נאָר דאָס נישט. ווילט איר אזוי, איז רעכט, אנישט — באַצאָלט מיר מיין געלט און פאַרזעצט אייך אים ערגיץ אנדערש.

— טאקע היינט? — זאָג איך און דאָס הארץ קלאפּט מיר, ווי א האמער: טיק־טיק־טאַק! טיק־טיק־טאַק!

— אפילו באלד! — מאכט ער.

— נאט זשע אייך אייער געלט! — זאָג איך און נעם און לייג אים אנידער זיינע צוויי הונדערטער, און דאָס הארץ — אָט־אָט שפּריגט דאָס ארויס!

— נעם געלט! — זאָגט ער צו פייגעלען און אליין בייגט ער זיך אָן צו דעם גלאָז טיי און פארבייסט מיט א לעפעלע איינגעמאכטס. נאָכן לעפעלע נעמט ער נאָך א לעפעלע, און נאָך יענעם לעפעלע — נאָך א לעפעלע און נאָך א לעפעלע. איך וואָלט שוין וועלן דערלעבן זען א בילעט, און צום סוף עסט ער גאָר איינגעמאכטס! מיך קאָסט יעדע מינוט, יעדע רגע בלוט און געזונט! מע קאָן אָבער קיין חזיר נישט זיין; יענער האָט ליב איינגעמאכטס — לאָז אים וואויל באקומען. טרייבן יענעם האלדז־און־נאקן פּאסט אויך נישט, מוז מען זיצן און געהאקטע וואונדן און ווארטן ביז ער וועט מאכן אן עק מיטן איינגעמאכטס. איר פארשטייט, צו גיין?... געפינט זיך נישט ביי אייך א ביסל, איינגעמאכטס. טפו! מיין איך א פאפּיראָס טיטון!

קורץ און גוט, ווי־זשע האלט איך? מיין חברה־מאן עסט איינגעמאכטס. אָפּגעגעסן דעם איינגעמאכטס און אָפּגעווישט די ליפּן, רופט ער זיך אָן צו מיר.

— רב יעקב־יוסל, געלט האָב איך ביי אייך אָפּגענומען, פראָצענט האָט איר מיר באצאָלט, אצינד באדארף איך אייך, הייסט דאָס, געבן אייער בילעט?

— אפנים האָט דאָס! — מאך איך כלומרשט קאלטבלוטיק און פאל שיער חלשות פאר פרייד.

— דער חסרון אָבער — מאכט ער — איך קאָן אייך היינט דעם בילעט נישט געבן.

ווי ער האָט מיר אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, האָב איך דערפילט, אז עס האָט זיך מיר עפּעס א ריס געטאָן אינעווייניק אין הארצן; איך בין מיט אמאָל אראָפּגעפאלן פונעם זיבעטן הימל גלייך אויף דער ערד. ווי אזוי איך האָב מיך געהאלטן אויף די פיס — פארשטיי איך נישט.

— וואָס איז די מעשה, פאני בירנבוים, פארוואָס קאָנט איר מיר נישט געבן מיין בילעט?

— דערפאר, — זאָגט ער — וואָס איך האָב אים נישט ביי זיך.

— וואָס הייסט — זאָג איך — איר האָט אים נישט ביי זיך?

— ער ליגט ביי מיר — זאָגט ער — אויף מיין רעכענונג אין באנק.

דערהערט די דאָזיקע דיבורים, איז מיר געוואָרן אביסעלע גרינגער אויף דער נשמה, און איך האָב מיך פארטראכט.

— וואָס האָט איר זיך — מאכט ער צו מיר — אזוי פאר־טראכט?

— גאָרנישט, זאָג איך, איך שטיי און טראכט, ווי אזוי קומט די קאַץ איבערן וואסער?

— גאנץ פשוט — מאכט ער: — איך פאָר מאָרגן אין שטאָט אריין, ברענג איך אייך דעם בילעט.

— אויך געפּועלט! — זאָג איך און הייב מיך אויף און געזעגן זיך אָפּ, און לאָז מיך גיין כלומרשט צו דער טיר און קער זיך אום באלד צוריק.

— געפעלט אייך בעסער, פאני בירנבוים, וואָס פאר א שטיק סוחר איך בין? דאָס געלט האָב איך אייך אָפּגעגעבן, פראָצענט אָפּגעצאָלט, דער בילעט ליגט ביי אייך, — גיט־זשע מיר כאָטש א קוויטל אויפן בילעט!

— אויף וואָס נוצט אייך א קוויטל? — מאכט ער — איך בין ביי אייך נישט קיין בטוח אויף צוויי הונדערט קערבלעך אָן א קוויטל?

— און אפשר זענט איר אויך גערעכט? — זאָג איך און לאָז מיך גיין צו דער טיר און קער מיך אום ווידער אמאָל צוריק.

— ניין, — זאָג איך צו אים — עס פאסט עפּעס נישט, ס'איז נישט מעשה סוחר; אז מע האָט ביי יענעם א בילעט, באדארף מען האָבן א קוויטל... פאָלגט מיך, פאני בירנבוים, גיט מיר א קוויטל, פארוואָס זאָלט איר מיר נישט געבן קיין קוויטל?

פּלוצעם הויבט זיך אויף מיין בירנבוים, גייט־אוועק צו זיך אין אלקיר אריין הינטערן פאָרהאנג אין טוט א רוף פייגעלען צו זיך.

— פאני! — רוף איך זיך אָן צו אים. — איך ווייס אויף וואָס איר רופט צו זיך פייגעלען. איר ווילט איר הייסן, זי זאָל שיקן די דינסט קויפן דאָס בלאט, ס'איז היינט דער צווייטער מאי, ווילט איר א קוק טאָן, צי האָט דער בילעט נישט געוווּנען קיין געלט? למאי זאָלט איר זיך אומזיסט מטריח זיין? איך וועל אייך בעסער אליין אָנזאָגן די בשורה, אז מיין בילעט האָט דאנקען גאָט, געוווּנען שיין געלט!

— מיין פארשווין איז געוואָרן אלערליי קאָלירן.

— טאקע באמת? — זאָגט ער. — לאָז אייך גאָט העלפן! וויפלזשע האָט ער געוווּנען?

— ער האָט געוווּנען — זאָג איך — היבשלעך, אויף אלע ייִדישע קינדער געזאָגט געוואָרן, און דערפאר טאקע וויל איך ביי אייך א קוויטל, איר פארשטייט, צי נייִן?

— איך זאָג דאָך אייך — מאכט ער: — לאָז אייך גאָט העלפן אפילו די רמ״ח אלפים — איך פארגין אייך, גלייבט מיר, מיטן גאנצן הארצן! פאָרט וויפל האָט דער בילעט געוווּנען? וואָס האָט איר מורא אויסצוזאָגן?

— פאני בירנבוים! — זאָג איך. — וואָס טויגן אונדז לאנגע מחזקות מיט איבעריקע רייד! דער בילעט האָט געוווּנען פינף־און־זיבעציק טויזנט קארבן, און ער ליגט ביי אייך, פראַצענט האָב איך אייך באצאָלט, דאָס געלט האָב איך אייך אָפּגעגעבן, — גיט מיר אָפּ מיין בילעט! איר זאָגט, איר האָט נישט דעם בילעט, ער ליגט אין באנק? גיט מיר ארויס א קוויטל, און אז עק לאָז דאָס האָבן!

וואָס טויג אייך — ביי מיין פארשוין האָבן זיך מיט א מאָל איבערגעקערט די אויגן און דאָס פּנים איז אים געוואָרן אָנגעצונדן. איך האָב ארויסגעזען, אז ס'איז מיט אים נישט פריילעך, רוף איך אים אָפּ אויף א זייט און נעם אים אָן ביי די הענט און זאָג צו אים:

— ליבער פריינד! האָט רחמנות אויף מיר און אויף זיך, זאָגט וואָס ווילט איר. מיר וועלן דורכקומען. מוטשעט מיך נישט. איך שטיי קוים אויף די פיס. זאָגט וויפל ווילט איר, און גיט מיר ארויס א קוויטל אויפן בילעט. ס'ין נאריש, איך וועל אָן א קוויטל פון דאנען נישט אוועקגיין, וואָרום ס'איז פינף־און־זיבעציק טויזנט קארבן!

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — מאכט ער און די אויגן ברענען ביי אים ווי פייער. — מיר וועלן זיך פארלאָזן אויף מענטשן: וואָס מענטשן וועלן זאָגן, אזוי וועט זיין.

— וואָס טויג אונדז — זאָג איך — מענטשן? לאָמיר בעסער אליין זיין מענטשן. פאָלגט מיך, בירנבוים, ווי גאָט איז אייך ליב, זאָגט וואָס ווילט איר. לאָמיר נישט דערלאָזן צו קיין לייטיש געלעכטער און צו סקאנדאלן!

— גאָר מענטשן! — זאָגט ער. — וואָס מענטשן וועלן זאָגן, אזוי וועל איך טאָן...

איך האָב ארויסגעזען, אז איך וועל מיט אים גאָר נישט מאכן, האָב איך אויפגעעפנט די טיר און רוף מיך אָן צו מיין פארשוין, דעם עדות הייסט דאָס: „זיידל! אצינד קאָנסטו גיין!“ מיין זיידל האָט געכאפּט די פיס אויף די פּלייצעס און איז אוועק

און האָט אויסגעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז יעקב־יוסלס בילעט האָט אויסגענומען פינף־און־זיבעציק טויזנט, און אַז דער בילעט ליגט ביי בירנבוימען און בירנבוים גיט דעם בילעט נישט אַרויס!... איר פאַרשטייט, צי ניין?... מער האָט מען נישט באַדאַרפט האָבן: עס איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, איז די שטוב ביי בירנבוימען געוואָרן פול, די גאַס פאַרפלייצט, עס איז געוואָרן אַ רעש, אַ טומל, אַ הו־האַ: „בילעט"... „יעקב־יוסל"... „בירנבוים"... „פינף־און־זיבעציק טויזנט"... חברה האָבן זיך אָנגענומען מיין קריווּדע, עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געקלאַפּט אין טיש, אַנדערע האָבן צוגעזאָגט געבן פּעטש, ברעכן ביינער, צעטראָגן די שטוב אויף פּיץ־פּיצלעך, גאָרנישט אויף קאַטאָוועס. ביז ס'איז געבליבן, אַז מע פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויפן גביר. ווי אַזוי דער גביר וועט פּסקענען, אַזוי וועט זיין. און מיר האָבן זיך געלאָזט, גאַנץ קהל הייסט דאָס, צום גביר.

אונדזער גביר, דאַרפט איר וויסן, איז אַ מענטש אַ שטילער, אַ ליטוישער און אָן אָרנטלעכער מאַן ביז גאָר. בסך־הכל האָט ער גאָר פיינט אַזעלכע מעשיות מיט בוררותן! נאָר אַז גאַנץ קהל איז אַריינגעפאַלן צו אים מיט אַ געוואַלד: „ראַטעוועט!" אַנישט, צעטראָגט מען אים די שטוב! — האָט ער קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט און האָט געמוזט איבערנעמען אויף זיך די התונה. און מיר האָבן זיך צעשריבן, אַז מיר פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אויף אים, און טאַקע אויף זיין נאָמען האָט געבעד בירנבוים איבערגעשריבן דעם בילעט, און ס'איז געבליבן, אַז, אם ירצה השם, מאָרגן אָדער איבערמאָרגן פאָרן מיר אַלע אין שטאָט אַריין אַרויסנעמען דעם בילעט פון באַנק, און וויפל דער גביר וועט הייסן באַצאָלן בירנבוימען, אַזוי פיל וועל איך באַצאָלן. איר פאַרשטייט, צי ניין?... נאָר איר מיינט דאָך מסתמא, אַז דערמיט האָט דאָס אַן עק? טע־טע־טע! אָט דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע התונה. איך האָב, פאַרשטייט איר מיך, אַ שותף צו מיין בילעט. ווו האָט איר געזען אַ ייִד זאָל האָבן אַליין אַ גאַנצן בילעט? — ווער איז מיין שותף? מיין שותף איז טאַקע מיינער אַן אייגענער ברודער, העניך הייסט ער, און זיצן זיצט ער אין אַ קליין שטעטל, נישט ווייט פון אונדז, און דורך אים, הייסט דאָס, האָב איך טאַקע דעם דאָזיקן בילעט פאַרזעצט ביי דעם דאָזיקן בירנבוים; דאָס הייסט, פאַרקערט מיין איך, דורך מיר, הייסט דאָס, האָט ער, דער ברודער מיינער, פאַרזעצט דעם דאָזיקן בילעט ביי דעם דאָזיקן בירנבוים... איר פאַרשטייט, צי

נײַן? נאָר דרינען איז א גאַנצע מעשה, וואָס איך מוז אײַך
דערציילן אקוראט, איר זאָלט פארשטיין.
קורץ און גוט, ווו=זשע האלט איך? ביי מיין ברודער הענעך,
הייסט דאָס. מילא, האָב איך מיין אייגנס א ברודער הענעך
ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן?
ס'איז דאָך נישט שייך צו רעדן אויף אן אייגענעם ברודער,
ווי זאָגט איר: „שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פנים“. נאָר גאָר=
נישט, כאטא פאָקרישקע... מיר האלטן עפּעס נישט איינס פון
דאָס אנדערע, איר פארשטייט, צי נײַן?... וואָס איך האָב, מאַלט
אײַך, געטאָן פון זיינעטוועגן — זאָל דאָס מיר אקעגן קומען.
איך מעג מיך בארימען, אז איך האָב אים געשטעלט אויף די
פיס. פריער גאָט, נאָכדעם איך האָב אים געמאכט פאר א לייט.
איך באדארף מיך פאר אײַך נישט אויסשטעלן, איר פארשטייט,
צי נײַן?... איז, דאכט זיך מיר, אז ער שיקט מיר אריין א בילעט
און בעט מיך, איך זאָל דעם בילעט פארקויפן, אָדער פארזעצן,
און קריגן אויף אים צוויי הונדערטער און ארויסשיקן אים דאָס
געלט, — מעג איך דאָס טאָן, צי נײַן?... איי, פרעגט איר בהרם:
וואָס בילעט? ווער בילעט? גיי האָב אין זינען. דעם בילעט,
סטראכיר אים, פראָצענט צאָל, — וואָס גייט דאָס אים אָן,
אשטייגער? און אז גאָט האָט געהאָלפן, דער בילעט האָט געוווּ=
נען. — ווער האָט זיך געשלאָגן קאָפּ אָן וואנט מיט בירנבוימען?
ווער האָט שיער דעם שלאק באקומען, איידער ער איז ארויף
מיט אים אויף א שטיקל דרך? און לסוף, אז ס'איז געקומען
צו עפּעס, טענהט ער דער ברודער מיינער: „ווער האָט דיך
געבעטן, דו זאָלסט הלשן פאר מיין בילעט?“... איר הערט די=
בורים? געפעלט אײַך, אשטייגער, אזא מין טענה פון א גראָבן
יונג?.. האָט דאָך דאָס מיך געוויינטלעך, גוט פארדראָסן און
פארבראָטן ביים הארצן: „ע, אז דו ביסט יאָ אזא גראָבער נפש,
וווּ שטייט דאָס געשריבן, אז דער בילעט איז דיינער? „ווע=
מענס דען, זאָגט ער, בילעט איז דאָס?“ „וועמענס ער איז
— איז ער, זאָג איך; לעת=עתה באדארף מען פאָרן דעם בילעט
ארויסראטעווען פון פרעמדע ידים, וואָרום ס'איז נישט קיין
שפּילעכל, זאָג איך, ס'איז פינף=און=זיבעציק טויזנט
קארבן!“... איר פארשטייט, צי נײַן?... נו, וואָס קומט מיר
דערפאר? באדארף מען מיר מאכן סקאנדאלן? קלאפּן אין טיש
אריין? ברעכן בענקלעך?... הערט איר, אז די וועלט זאָגט, אז
פון א חזירישן עק קאָן מען קיין שטריימל נישט מאכן, איז
טאקע, אפּנים, אן אמת... איך האָב מיך מיישב געווען: וואַס

וועל איך דאָ מיט מיין ברודער האריקן זיך אומזיסט? הונדערט זעקס און דרייסיק מיליאָן מענטשן זענען אונדז מקנא אויפן געווינס — צום סוף קריגן מיר זיך, אייגענע ברידער: מיין בילעט, דיין בילעט, — פע, חלשות! מע באדארף זען קודם כל באוואָרענען דעם בילעט; דאָס איז, דאכט מיר אביסל בילכער? הא? וואָס זאָגט איר? נישט אזוי?... נו, גיי טענה מיט א פראָסטן מענטשן! איך מיין טאקע מיין ברודער הענעך מיין איך, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאר די רייד... וואָרום ווען ער זאָגט מיר פריער, וואָס אים קוועטשט, ווען ער דערציילט מיר פריער, אז דאָס איז נישט גלאט אזוי א בילעט, ווי אלע בילעטן, אז דאָס איז א מעשה מיט א ביינדל, —וואָלט איך דאָך געוווסט וואָס איך האָב צו טאָן!... ערשט ווען האָט זיך מיין ברודער הענעך אויסגעקוועטשט מיטן ביינדל?

— העט־העט שפעטער, אז דער בילעט איז שוין לאנג אריבער אויפן גבירס נאָמען, און דער סליעדאָוואטעל האָט אויפן דאָזיקן בילעט, הייסט דאָס, אנידערגעלייגט, מחילה, אן ארעסט טאקע אין באנק, און אונדז האָט מען גענומען איטלעכן באזונדער צום סמיק, דאָס הייסט, דער סליעדאָוואטעל האָט אונדז געשיקט בעטן צו זיך, מיר זאָלן זיך מטריח זיין אים דערציילן אקוראט די מעשה מיטן בילעט: „פון וואנען האָט זיך, זאָגט ער, גענומען צו מיר דער דאָזיקער בילעט? און וואָס פאר א מחותן, זאָגט ער, איז דאָ בירנבוים? און וואָס געהער זיך, זאָגט ער, אָן אהער דער גביר?“ — א גאנצע חתונה! איר פארשטייט, צי ניין?... איי, וואָס געהער זיך אָן אהער דער סליעדאָוואטעל? צו וואָס דארף ער וויסן די דאָזיקע אלע מעשיות?

— הערסטו, אָט דאָס איז דאָך טאקע די רעכטע מעשה מיטן ביינדל! דאָס איז א מין ביינדל, הערט איר, וואָס נישט אהער, נישט אהין, מיט אזא ביינדל קאָן מען זיך דערווארגן!... איר ווילט וויסן, פון וואנען האָט זיך גענומען דאָס דאָזיקע ביינדל? דאָס דאָזיקע ביינדל האָט זיך גענומען פון עפעס א מאָנאך, א גלח. איר פארשטייט, צי ניין?... עפעס א מאָנאך, א גלח פאראן דאָרטן, ווו מיין ברודער הענעך זיצט, האנדלט מיט אים דער ברודער מיינער אויפן וואָרט שוין פון כמה וכמה יאָרן, לייט ביי אים געלט און פארקויפט אים סחורה, און זיי לעבן צווישן זיך ווי די בעסטע גוטע פריינד. איר פארשטייט, צי ניין?...

ויהי היום, טרעפט זיך א מעשה, — אזוי דערציילט דער גלח, און גיי גלויב אים אויף זיינע הייליקע נאמנות, — דער אחי מיינער קומט צו אים צו גיין און זאָגט צו אים: „פאָטערל,

איך באדאַרף האָבן א נמילות־חסד א פּאָר הונדערטער, ס'איז ביי מיר יאַריד"... מאַכט צו אים דער כומר:

— ווו זאָל איך דיר נעמען, אז איך האָב קיין געלט נישט?

— ס'איז קיין שום תירוץ נישט! — זאָגט צו אים דער אחי מיינער. — איך באַדאַרף האָבן צוויי הונדערט קאַרבן ווי אין לעבן אַריין.

— א מאָדנער ייד דו ביסט! —.זאָגט צו אים דער כומר. — איך זאָג דאָך דיר, אז קיין געלט האָב איך נישט. א בילעט, אויב דו ווילסט, א ווינגרעשנע, קאָן איך דיר לייען, און דו גיי קריג דיר אויף אים געלט...

איר פאַרשטייט, צי ניין? אָט דאָס איז טאַקע דער דאָזיקער בילעט, וואָס האָט געוווּנען, הייסט דאָס, די פינף־און־זיבעציק טויזנט. אזוי זאָגט דער גלח, הייסט דאָס, און גיי גלויב אים אויף זיינע הייליקע נאמנות. אציגד, אז דער בילעט האָט געוווּנען, — קומט דאָך מסתמא דער גלח צו לויפן צו מיין ברודער און זאָגט אים אזוי און אזוי: דער בילעט האָט, דאַנקען גאָט, געוווּנען היבשלעך געלט... מאַכט צו אים דער אחי מיינער: „יאָ, מע זאָגט, אז ער האָט געוווּנען געלט"... מאַכט צו אים דער כומר: „נו, וואָסזשע וועט זיין?" מאַכט צו אים דער אחי מיינער: „וואָס זאָל זיין?"... בקיצור, אהין־אהער, מילא ווער־טלעך אָן א זייט — ער זאָגט אים דאָס, ער ענטפערט אים יענץ; ער פרעגט אים פּדרוך, ענטפערט ער אים בווידעם; קיין שוואַרץ אויף ווייס, אויף פּאַפּיר, איר פאַרשטייט, צי ניין, האָבן זיי ביידע נישט. מילא, מיין אחי האָט כאָטש א בילעט, און דער כומר וואָס האָט? עגמת־נפש האָט ער!... וואָס טויג אייך, ס'איז גע־בליבן — ער בעט ביי אים, דער גלח הייסט דאָס, כאָטש עטלעכע טויזנט קערבלעך. נעם־זשע, דו גראָבער מענטש, דו העגנדער איי־נער, פאַרשטופּ אים דאָס מויל מיט עטלעכע טויזנט קערבלעך, און לאָז זיך יענער נישט טשעפּען! טענהט אָבער דער אחי מיינער: „פאַרוואָס קומט אים? דער בילעט איז דאָך מיינער; איך זאָל אזוי האָבן, זאָגט ער, אלדאָס גוטס, ווי איך האָב אים אוועקגע־קויפט ביי אים שוין א מעשה פון דריי יאָר!"... וואָלט אפשר אָפּגעלאָפן גלאַט. איז דאָך אָבער אונדזערע יידעלעך זאָלן זיין געזונט! און דאָס שטעטל אליין איז א גוט שטעטל — אפשר האָט איר געהערט פון דעם? „פּישי־יאַבעדע" הייסט דאָס, דאָס שטעטל, כשמה כן היא, א שטאָט פון יאַבעדניקעס, מוסרים, פאַרברענט זאָל זי ווערן אין א זומער־טאָג! וואָס טויג אייך, מען איז אוועק צום גלח און מע האָט אים אויפגעקלערט, אז ער קאָן

דאָ מאכן גימל, און מע האָט אים ארויפגעפירט, ער זאָל נישט מאכן קיין לאנגע שהיות, פאָרן אין דער גרויסער שטאָט אריין גלייך צום פּראָקוראָר און איינגעבן אזוי און אזוי, אז יידן, הייסט דאָס, האָבן ביי אים אויסגענארט א בילעט, און דער בי־לעט האָט געווונען פינף־און־זיבעציק טויזנט, און מע גיט אים נישט אָפּ דעם בילעט... איר פארשטייט, צי ניין?... וואָס טויג אייך, דער גלח האָט זיך דווקא נישט געפוילט און האָט געטאָן אלצדינג וואָס מע דאַרף, נאָך מער ווי מע באדאַרף, און מע האָט אויפן בילעט, מחילה, אנידערגעלייגט אן ארעסט, און סע פארבינדט זיך פאוואָלינקע א גאנצער עסק, טאקע גאָר נישט אויף קאטאָוועס... אָט האָסטו דיר אזא מין שלאק, טאַמער איז קארג! נא דיר גאָר א ביינדל, א גלח!... מיין אחי האָט שוין אפילו מיט אים נאָכדעם געענדיקט פאר צענטויזנט, נאָכ־דעם — פאר פופצנטויזנט קארבן, האָט דער גלח חרטה גע־קריגן. מע האָט אים אזוי צעדרייט, פארשטייט איר, אז ער ווייסט שוין אליין נישט וואָס ער זאָל וועלן... אָט דאָס האָט איר אייך די מעשה מיטן ביינדל, איר פארשטייט, צי ניין?...

קורץ און גוט, ווי־זשע האלט איך? ביים ביינדל, הייסט דאָס. גאָט האָט אונדז באשערט א רעכט ביינדל, וואָס זאָלט איר קלערן, נישט איינצושלינגען און נישט אויסצושפייען! נישט אהער און נישט אהין! איז דאָך אָבער פאראן א גאָט אויף דער וועלט, א גרויסער גאָט, ווי זאָגט איר, וואָס מיט איין האנט שטראָפט ער, מיט דער אנדערער היילט ער, — האָבן זיך גע־פונען מענטשן, גוטע ברידער, מחותנים, גוטע פריינד, און גלאט מענטשן, מע האָט זיך ארייגגעלייגט אין דער מיט, געדרייט, געפרוווט אויף אלע זייטן, הין און צוריק, פון מיין ברודער צום גלח, פונעם גלח צו בירנבוימען, פון בירנבוימען צו מיר, און פון אונדז ביידן צו מיין ברודער, און פון אונדז אלע דריי ווידער צום גלח — א דרייעניש, א לויפעניש, א געפּאַרעריי, א גערעדעריי, א געשפּארעריי, — בקיצור, מע האָט אונדז קוים מיט צרות מיט לייד אויסגעגלייכט. ווי אזוי אויסגעגלייכט? — פרעגט נישט, אבי אויסגעגלייכט! ווי זאָגט איר: פון קריוודע קאָכט מען וועטשערע, אָדער ווי מיין אחי האָט געזאָגט, אז מע האָט אים צוגויפגעפירט מיטן גלח.

— וואשע פּרעפּאָדאָביע, — זאָגט ער — יאק נע פּסק, טאָ פּסאקעץ, געבאי בודע יחלוקו...

— געבאי בודע יחלוקו! — זאָגט אים דער גלח. — אלע טי, הענעך מאָשעניק!...

— לחיים, פּאָטערל, זא וואשע זדראָוויע! — זאָגט צו אים מיין אחי און טראָגט אים אונטער א גלעזל, און מיר אלע נעמען צו גלעזלעך, און מע טרינקט אויס און מע צעקושט זיך

— פיין, שיין, צופרידן... שייך זאָגן צופרידן? ווי קאָן מען זיין צופרידן, אז איטלעכער פון אונדז האָט געהאט כמעט ביי זיך אין האנט די פינף=און=זיבעציק טויזנט און האָט זיי ארויסגעלאָזט אויפן ווינט — פפו! איר ווילט וויסן, ווי אזוי? גאט אייך א פּראָסטן חשבון: מילא, פון מיר שמועסט מען נישט: האָב איך נישט פינף=און=זיבעציק טויזנט, א שיינע ריינע כפרה! נאָר איך פרעג אייך: וואָס וואָלט געטאָן, אשטייגער, מיין ברודער הענעך, ווען איך זאָל אים נישט געוועזן געבן קיין דעפּעש, אז אונדזער בילעט האָט אויסגענומען די פינף=און=זיבעציק טויזנט? און אנדערער אויף מיין אָרט, אז ער דערזעט אזא געווינס, ווייסט איר וואָס ער טוט? ער ווישט אָפּ די ליפּן און מאכט א שווייג. וואָס מיך ברודער? ווער מיר הענעך? — וואָרום זאָל זיך אים דאכטן, אז איך האָב גאָר פארקויפט דעם בילעט! אָדער עלעהיי איך האָב אים פארזעצט ביי בירנבוימען און האָב אים נישט אויסגעקויפט צו דער צייט, — און א צעטל פון מיר האָט דאָך בירנבוים, אז איך האָב איינגעלייגט ביי אים אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע, און באם איך קויף נישט אויס צו דער צייט, איז אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע — איר פארשטייט, צי ניין?... נאָר וואָס דען?... אז ס'איז מיר גאָר נישט געקומען אויף דער מחשבה, איך זאָל אזוי ריין זיין פון שלעכטס! וואָרום ווי איר זעט מיך אָט=אָ, בין איך אזא ייד, וואָס קאטאָרי געלט שפּילט ביי מיר גאָר א קליינע ראָלע! וואָס איז דען, אייגנטלעך, געלט? געלט איז בלאָטע, אבי גאָט העלפט, ווי מיין ווייב זאָגט, מען איז געזונט און מען האָט אלצדינג, וואָס מע באדארף... נאָר גאָר נישט, פארדראָסיק איז דאָס, פאָרט, ווי זאָגט איר, פינף=און=זיבעציק טויזנט! איר פארשטייט, צי ניין?...

אצינד נעמט בירנבוימען. בירנבוים איז דאָך טאקע גאָט די נשמה שולדיק; ער האָט דאָך טאקע נעבעך ארויסגעלאָזט די פינף=און=זיבעציק טויזנט ממש פון די הענט! גלאט ער איז אן ערלעכער, א לעצט=אָרנטלעכער יונגערמאן, און וויל נישט נהנה זיין פון א פרעמדן בילעט; ער וויל נאָר, מע זאָל א פרעג טאָן מענטשן, וואָס מענטשן וועלן זאָגן, איר פארשטייט, צי ניין? ווייטער וואָלט דאָך געוועזן, ווי זאָגט איר, א כשערער טאָפּ מיט א כשרן לעפל, וואָרום ער האָט דאָך טאקע פון מיר א

צעטל, אז באַם איך קויף נישט אויס ביי אים דעם בילעט צו דער צייט, איז אַזאַ און אַזאַ בילעט פון אַזאַ און אַזאַ סעריע — איר פאַרשטייט, צי ניין? נעמט דער דאָזיקער בילעט און געווינט פונקט די פינף־און־זיבעציק טויזנט! נו, פרעג איך אייך, קאָן נישט די גאַל צעזעצט ווערן?... האָט איר שוין, הייסט דאָס, צוויי אומגליקלעכע נפשות אויף דער וועלט, וואָס האָבן כמעט פון קעשענע פאַרלוירן צו פינף־און־זיבעציק טויזנט קאַרבן — וואָס? נישט אַזוי?...

דער דריטער אומגליקלעכער נפש איז מיין ברודער העגעך נעבעך. ער גייט גלאַט אַרום ווי אַ גזלן, אַ געקוילעטער האָן, און ס'איז טאַקע אַ ביטערער רחמנות אויף אים, וואָס ער נעמט אַזוי ווינציק געלט, וואָרום ער איז דאָך טאַקע געווינט געוואָרן אַלע יאָר און אפשר צוויי מאָל אין יאָר, אַז בילעטן שפּילן, געמענ־אויס פינף־און־זיבעציק טויזנט, נישט ווינציקער! גייט ער אַרום און שרייט: „וואָס האָבן זיי צו מיר? וואָס ראַבעווען זיי מיך? אַלעמען גיב געלט! דעם גלה גיב, דעם ברודער גיב, בירגבוימען גיב — זיי ווילן מיך מאַכן פאַר אַ קבצן!“ איר פאַרשטייט, צי ניין?...

דער פערטער, דער גלה הייסט דאָס, איז דאָך אַוודאי אַן אומ־גליקלעכער גלה! ער שווערט, און מע מוז אים גלייבן אויף זיינע הייליקע נאמנות, אַז ער פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס יידן טיילן זיך מיט זיין געלט? „מילא העגעך, זאָגט ער, מעג זיך טאַקע זיין אַ מאַשעניק, און סע קומט אים אַוודאי גיין אין חדר אַריין, — איז ער אָבער פאָרט אַ היימישער מענטש און אַ גוטער ברו־דער... אָבער דאָס גאַנצע איבעריקע „קהל“, — זאָגט ער, — וואָס פאַר אַ מחותנים איז „קהל“ צו מיין בילעט?!“... איר פאַרשטייט, צי ניין? גיי רעדט מיט אַ גלה און גיב אים צו פאַר־שטיין, וואָס הייסט אָרנטלעך: אַז דער איז אַ ברודער, וואָס האָט געהאַט ביד צו נעמען אינגאַנצן אַזוי, אַז קיין האָן זאָל אפילו נישט קרייען, און דער איז אַ לעצט־אָרנטלעכער יונגער־מאַן, וואָס האָט פון מיר אַ צעטל, אַז אַזאַ און אַזאַ בילעט פון אַזאַ און אַזאַ סעריע — איר פאַרשטייט, צי ניין? ער מיינט דען עפּעס, בירגבוים הייסט דאָס? ער מאָנט דען געלט? ער האָט דען עפּעס טענות? חס וחלילה! ער וויל נאָר, מע זאָל אַ פרעג טאָן מענטשן, וואָס מענטשן וועלן זאָגן! אַ מענטש, וואָס האָט זיך איינגעליבט אין מענטשן, אַ מענטשלעכער מענטש — איר פאַרשטייט, צי ניין?...

הכלל, פיר מענטשן האָבן געוווּנען, הייסט דאָס, צו פינף=און=זיבעציק טויזנט אויף א חלק און פיר מענטשן האָבן פאַרלוירן צו פינף=און=זיבעציק טויזנט — פיר אומגליקלעכע געקוילעטע מענטשן!... נאָר גאָרנישט, אויסגעלייכט זיך — איז פאַרפאַלן. מסתמא איז דאָך עס א באַשערטע זאַך... וואָסזשע בלייבט=איבער צו טאָן אַצינד? אַצינד באַדאַרף מען, הייסט דאָס, נעמען און זיך צעטיילן מיטן בילעט, דאָס הייסט, מע באַדאַרף גיין אַלע פיר אין באַנק אַריין, אַרויסנעמען דעם בילעט, אָפּנעמען דאָס געווינס, אָפּגעבן איטלעכן זיינס און זאָגן מזל=טוב און טרינקען מאַריטש. איאָ? האָט זשע צייט אביסל, פּאַוואָלינקע, נישט געכאַפּט. ערשטנס, ליגט דאָך אויפן בילעט עפּעס א התימה פונעם סלעדאָוואַטעל, באַדאַרף מען דאָך קודם=כּל באַפרייען, הייסט דאָס, דעם בילעט. ווייל דער גלח נישט באַפרייען דעם בילעט ביז מע וועט אים נישט באַוואָרענען מיט זיין חלק. איר פאַרשטייט, צי ניין?... ווי אַזוי=זשע באַוואָרנט מען אים מיט זיין חלק? באַדאַרף מען דעם בילעט, הייסט דאָס, אַראָפּנעמען פונעם גבירס חשבון און איבערלייגן אים אויף מיין ברודער העגעכס און אויפן גלחס נאָמען. ווייל דער גביר נישט הערן, נישט זען. באַשר ער טענהט, דער גביר הייסט דאָס, און איז דווקא גערעכט:

— וואָס בין איך פאַר א מחותּן צו א פרעמדן בילעט? ווי קאָן איך הייסן איבערגעבן א פרעמדן בילעט, פון פינף=און=זיבעציק טויזנט, אַז איך ווייס נישט וועמענס בילעט דאָס איז? פריער איז ער געווען בירנבוימס מיט יעקב=יוסלס, הייגט הער איך, אַז ער איז גאָר א העגעכס מיט א גלחס, שפּעטער וועלן זיך אַלע מאָל אַרויסבאַווייזן נייע באַלעבאַטים, נייע העגעכס מיט נייע גלחים — וואָס וועל איך טאָן, אַז זיי וועלן נאָכדעם מאָנען ביי מיר איטלעכער באַזונדער צו פינף=און=זיבעציק טויזנט? ווו וועל איך נעמען, קינדערלעך, אַזוי פיל געלט אויף צו באַצאָלן? איך בין דאָך נישט בראָדסקי!

איר פאַרשטייט, צי ניין? האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק מיט אַדוואָקאַטן. און אַדוואָקאַטן זענען דאָך פּונקט ווי די דאָקטוירים: וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער קאַפּויר. געלט נעמען זיי אַלע און גיבן עצות, איטלעכער אַן אַנדער עצה. איין אַדוואָקאַט זאָגט, אַז דער גביר מעג זייער שיין איבערגעבן דעם בילעט וועמען ער וויל... און דער אַנדערער זאָגט: ער טאָר נישט בשום אופן איבערגעבן דעם בילעט... קומט דער דריטער און זאָגט, אַז ער מוז איבערגעבן, אַנישט — קאָן ער האָבן

אויף זיך א „פּעקל“, למאי ער גיט נישט איבער... קומט נאָך אַן אַדוואָקאַט און זאָגט: לאָז זיך דער גביר גלאַט אַזוי אָפּזאָגן פונעם בילעט, וועט דאָס זיין ווי געוווּנטשן... קומט נאָך איינער און זאָגט: הס מלהזכיר! באַם ער זאָגט זיך אָפּ פונעם בילעט, דער גביר הייסט דאָס, בלייבט דער בילעט הענגען אין דער לופטן, קאָן ער נאָכדעם האָבן אויף זיך א רעכט „פּעקל“!... קומט נאָך אַן אַדוואָקאַט און זאָגט: אדרבא, טאָמער זאָגט ער זיך נישט אָפּ, האָט ער ערשט אויף זיך א „פּעקל“!... קומט א נייער אַדוואָקאַט און זאָגט א נייעם דין: דער גביר, זאָגט ער, מעג זיך אָפּזאָגן, ניט אָפּזאָגן — ער וועט סיי־ווי־סיי האָבן אויף זיך א פּעקל... איר פאַרשטייט, צי ניין? נאָר מיר דאַכט, אַז ער האָט שוין אויף זיך א גוט „פּעקל“, וואָרום, א חוץ וואָס מע דולט אים אַלע מינוט דעם ספּאָדעק, פּאָרט ער נעבעך אַלע וואָך אין דער גרויסער שטאָט אַריין, אונדזער גביר הייסט דאָס, פון איין אַדוואָקאַט צום אַנדערן, צאָלט געלט און בעט, מע זאָל אויף אים רחמנות האָבן, געבן א עצה, ווי אַזוי ער זאָל פּטור ווערן פון דער דאָזיקער באָמבע? ס'איז א גאַנצ רחמנות, זאָג איך אייך און א חרפּה, א בזיון פאַר לייטן. מע נעמט א מענטשן, אַן ערלעכן, א שטילן מענטשן, וואָס טשעפּעט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט, און מע הענגט אים אָן אַזא באָמבע, א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז — און האַלט זיך געזונטערהייט!... טאָמער ווייסט איר פאַרוואָס? פאַר ווען? פאַרוואָס קומט אים אַזא באָמבע? דערפאַר וואָס מענטשן האָבן זיך אַריינגעלייגט, געוואָלט א ייִדן א טובה טאָן, איר פאַרשטייט, צי ניין?... האָט איר נישט ביי זיך נאָך א באָמבע.. טפו! מיין איך נאָך א פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, וואָ־זשע האַלט איך? ביי דער באָמבע הייסט דאָס, וואָס מע האָט אָנגעהאָנגען אונדזער גביר... ווילט איר דאָך מסתמא וויסן, וואָס הערט זיך מיט דער באָמבע? גאָר נישט, די באָמבע איז א באָמבע! לעת־עתה הענגט זי נאָך אין דער לופטן... דער גביר העצקעט זיך אַלע וואָך הין און צוריק אין דער גרויסער שטאָט אַריין צו די אַדוואָקאַטן, די אַדוואָקאַטן נעמען געלט און גיבן עצות — דער אַזוי, דער אַנדערער אָט אַזוי, און דער דריטער נישט אַזוי און נישט אַזוי, נאָר פּונקט קאַפּויר, ווי געוויינטלעך... וואָס דער סוף דערפון וועט זיין — ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל, וואָרום קיין מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן דאָס גאָרנישט משיג זיין, וואָס דערפון קאָן אַרויס; וואָרום טאָמער דערגייט דאָס חלילה צו

א משפּט, ווייסט מען נישט, מיט וואָס עס קאָן זיך ענדיקן...
איר פאַרשטייט, צי ניין? דערווייל ווער ליגט ניין איילן אין
דער אדמה? יעקב=יוסל! אז די שטאָט, — וואָס זאָג איך די
שטאָט? — די גאַנצע וועלט האָט מיט מיר צו טאָן! איטלעכער
טייט אויף מיר מיט די פינגער: „אָן גייען די פינף=און=זיבעציק
טויזנט!“... פון געשעפט איז מען אָפּגעריסן; אין קעשענע איז
נישטאָ א דרייערל, נאָך ערגער ווי פריער; מיין ווייב שעמט זיך
ארויסצוקומען אין מארק אריין — מע רופט זי „די נייע נגי=
דית“... מיך האָט מען דעם ערשטן שבת אין שול מכבד געווען
מיט „ששי“ גאָר אויף אן אנדער אופן. מע האָט שוין אפילו גע=
מאכט א חשבון פון די פינף=און=זיבעציק טויזנט, וויפל איך ב א=
ד א ר ף געבן אויף דער שטאָט, וויפל איך ז אָ ל צעטיילן אָרעמע
קרובים, און וו אָ ס איך וועל טאָן מיטן איבעריקן. דער האָט גע=
זאָגט, אז איך וועל מסתמא ווערן א בעל=הלוואה; און ד ע ר האָט
געדרונגען, אז גיכער וועל איך האנדלען מיט ברויט, אזוי ווי איך
האָב א מ אָ ל געהאנדלט; און ד ע ר האָט אויסגעוויזן, אז דאָס
בעסטע איז פאַר מיר א קאַנטאָר: מיט א קאַנטאָר, זאָגן זיי,
מאך איך די בעסטע געשעפטן ביי אונדז אין שטאָט, וואָרום
וואָסער קאַנטאָר ביי אונדז פאַרמאָגט דען מיט אמאָל א קאַפּי=
טאל פון פינף=און=זיבעציק טויזנט? מע מיינט מעות מזומנים
מיינט מען. טאקע וואָס מזומנים הייסט! איר פאַרשטייט, צי
ניין?... וואָרום ביי אונדז אין שטעטל זענען די יידן גרויסע
אפּיקורסים; קיינער גלויבט גאָר נישט, אז ס'איז ערגעץ פאַראַן
במזומנים; מער ווי א פינף=און=צוואַנציקער אן אייגענער... אונ=
דזער שטעטל, דאַרפט איר וויסן, איז אויך א רעכט שטעטל, דער
רוח האָט דאָס נישט גענומען! דאָס איז א שטעטל, פאַרשטייט
איר מיך, פון די שטעטלעך, וואָס מע פרעגט אויף זיי!... פאַראַן
ליידיקגייערס גענוג, וואָס האָבן נישט וואָס צו טאָן, גייט מען
ארום פון שמונין צו בונין און מע רעדט=אָפּ פון דער גאַנצער
וועלט. קיין אייגענע געשעפטן איז נישטאָ, האָט מען אין זינען
יענעמס. מע קלייבט זיך צונויף אין מארק ביי דער אַפּטייק,
אויף דער „בערזע“ הייסט דאָס, און מע האלט אין איין שאַצן
יענעמס עסקים: מע האָט מ ו ר א, טאָמער פאַרדינט יענער, און
אז יענער דערלייגט, איז מען זיך מחיה, עס קומט צו א שטיק
געזונט... הייַנט פאַרשטייט איר, וואָס פאַר א כמארע עס האָט
זיך אָנגערוקט אויף דער שטאָט, אז מע האָט דערהערט פון די
פינף=און=זיבעציק טויזנט? פון יענעם טאָג אָן מאכט זיך זיי
שוין נישט צו דאָס מויל פון אין=דער=פרי ביז ביינאכט. מע

װערטלט זיך און מע שטעכט זיך. אײנער דעם אנדערן עסט־אױס די גאַל, קריכט־אַרײַן מיט די פּיס אין האַרצן.

— פאַרװאָס האָט א י ר בעסער נישט אױסגענומען די פינף־און־זיבעציק טױזנט? זײ װאָלטן דאָך אײַך איצטער שטאַרק צו־בּוץ געקומען!...

— למאי א י ר נישט? איר באַדאַרפט זײ א סך נײטיקער פון מיר!...

בכדי עס זאָל דעם איבעריקן עולם פאַרדריסן, האָט אײנער א בעל־חשבון אױסגערעכנט, אז איך בין דער גרעסטער גביר אין שטאָט. „עס איז א פּראָסטער חשבון — זאָגט ער: — פינף־און־זיבעציק טױזנט האָב איך געװוּנען, א קערבל זעקס־זיבן טױזנט באַטרעפט די דירה מײַנע — האָט איר א קײמאָ־לן פון פינף־און־אכציק, קרוב צו מאה אלף קאַרבן. נו, און אז א ייִד, װאָס פאַרמאָגט טױזנט קאַרבן, מעג מען, דאַכט זיך, אױף אים זאָגן, אז ער פאַרמאָגט צװײ, װאָרום אז מע שאַצט א ייִדן אין רי״ש אלפים, פאַרמאָגט ער דאָך קײן הונדערט טױזנט אױך נישט! אלזאָ, בין איך, הײסט דאָס, א ייִד פון רי״ש אלפים, דאָס הײסט, דער גרעסטער גביר אין שטאָט; אײ, ס׳איז פאַראַן נאָך גרעסערע גבירים פון מיר? איז דער תירוץ: פון װאַנען װײסט מען? װער איז געװען בײַ זײ אין קעשענע און װער האָט געצײלט זײער געלט? אפשר זענען זײ נאָך דערונטער? איר פאַרשטײט, צי נײן?... א סך מענטשן האָט דאָס טאַקע אָנגערירט ביז דעם בײן. זײ האָבן נעבעך נישט געקאָנט דאָס איבערטראָגן: װי נעמט דאָס מיט אמאָל א געמײנער ייִד, פּלוצעם אין מיטן דרינען, און װערט, אָן קאָפּװײטיק א גביר פון פינף־און־זיבעציק טױזנט?... פאַראַן בײ אונדז אײנער, אן אלטער בחור, א רײַכער און א קאַר־גער, האָבן חברה אומיסטן אונטערגעשיקט א שליח, אײנעם א „מענדל־באָרד“, ער זאָל אים אָנזאָגן די גוטע בשורה, אז יעקב־יוסל האָט געװוּנען די פינף־און־זיבעציק טױזנט, איז אים געװאָרן נישט פאַר אײַך געדאַכט, אזױ שלעכט, אז מע האָט געמײנט, ס׳איז אן עק פונעם יונגעמאַן! א ביטערער רחמנות — ער איז נעבעך עטלעכע טאָג כסדר אומגעגאַנגען אָן א קאָפּ! און אצינד, אז ער האָט דערהערט די געשיכטע מיט מײַן ברודער העניעך און די מעשה מיטן בײַגדל, איז אים צוגעקומען א שטיק געזונט. „לאָז שױן בעסער זײַן, זאָגט ער, דעם גלח; פאַרװאָס קומט א ייִדן אזױ פיל געלט?“... איר פאַרשטײט, צי נײן?... נאָר איר מײנט, אז אײגענע פאַרגינען שױן? אזױ לאַנג שמײסט מען זײ! זײ זאָלן קאָנען דערטרינקען אין א לעפל װאַסער!... מאָלט

אייך. ווען עס פאלט אריין צו מיר מאקע די פינף־און־זיבעציק טויזנט, וואָלטן געווען אנדערע ווערטער; דעמלט וואָלטן מסתמא אַלע הנאה געהאט: אי אייגענע, אי פרעמדע. נאָר אז עס האָט זיך שוין געמאכט אזוי, איז שוין ווידער אנדערע ווערטער... ניש־קשה, די משפחה מעג זיך נייען א בייטל — ביי מיין ברודער הענעך וועט מען צעפּירן די הענט. ער איז א רעכטער נדבן, מיין הענעך זאָל געזונט זיין; ער, אז ער וועט אָנהייבן געבן „נתינות", וועט זיין וואָס צו זען, ס'איז א סברה, אז ער האָט שוין אסיג־נירט פון פינף־און־זעכציק ביז צוויי־און־זיבעציק רובל אויף חתונה מאכן אן אָרעמע שוועסטער; און דעם אַלטן טאטן האָט ער מנדר געווען א גאנצן הונדער־טער א הארטן: לאָז ער וויסן, הייסט דאָס, דער אַלטער טאטע, אז זיין זון האָט אויסגענומען די פינף־און־זיבעציק טוי־זנט. איר פארשטייט, צי ניין?... דאָס זענען די היימישע קרובים. און די וואָס פון דערווייטן האָבן זיך גלאט א לאָז געטאָן צו מיר פון דער גאָרער וועלט, דער מיט אזא „פעקל", און דער מיט אזא „פעקל"... א סך האָבן אויף דעם חשבון אָנגעהויבן טאָן שדוכים, חתונה מאכן קינדער. אייניקע האָבן זיך גענגט צוליב דעם, וואָס זיי וועלן נאָכדעם קאָנען גרייכן צו עפּעס גרעסערס... מילא, איז דאָס כאָטש קרובים; ווי זאָגט איר: פון אייגענע מוז מען ליידן. איר פארשטייט, צי ניין? אָבער פון פרעמדע, פון ווילד־פרעמדע וואָס בין איך נאָך מחויב צו טראָגן? פארוואָס קומט דאָס מיר? פאר וועמענס זינד?... ווו איך האָב ערגעץ א שונא, הערט איר, ווינטש איך אים אזא געווינס פון פינף־און־זיבעציק טויזנט! איר מעגט מיר גלייבן בנאמנות, אז דאָס אָפּגעבן מזל־טוב, וואָס איטלעכער גיט מיר אָפּ, מיט דעם אונטערשמייכלען זיך, מיט די הניפהלעך פון איטלעכן באזונדער — בין איך שוין נישט אומשטאנד איבערצוטראָגן! מענטשן, וואָס איך קען זיי נישט און ווייס זיי נישט, קומען צו מיר צו גיין זיך מיט מיר אן עצה האַלטן.

— מיר האָבן געהערט, זאָגן זיי, פון אייך, רב יעקב־יוסל, מיר האָבן שוין לאנג פון אייך געהערט, אז איר זענט א קלוגער מענטש. מיינט נישט, זאָגן זיי, אז מיר מיינען עפּעס דערמיט א מיין, וואָס גאָט האָט אייך באגליקט די פינף־און־זיבעציק טויזנט — חלילה וחס! גלאט אזוי, זאָגן זיי, מיר זענען געקומען צו אייך אביסל אויסרעדן זיך דאָס הארץ...

איר פארשטייט, צי ניין?... איינער איז געקומען צו מיר עפּעס פון א מאָדנער שטאָט, איך האָב שוין פארגעסן ווי זי

הייסט, פון א ווייטער מדינה, וואָס מיין זיידנס באָבע איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען. עס עפנט זיך די טיר, עס קומט אריין פּלוצעם א ייד, לייגט אָפּ דאָס פּעקל.

— שלום עליכם!

— עליכם שלום! פון וואנען איז א ייד?

— פון אויסרייסן. דאָס זענט איר רב יעקב־יוסל?

— דאָס בין איך יעקב־יוסל. וואָס ווערט איר זאָגן גוטס?

— זענט איר דאָס טאקע אליין, הייסט עס, אָט דער רב יעקב־יוסל, וואָס האָט אויסגעגומען די פינף־און־זיבעציק טויזנט? דאָס בין איך אומיסטן, זאָגט ער, געקומען צו פאָרן אהער; דאָס הייסט, איך פאָר במילא פארביי, האָב איך דערהערט די מעשה מיט די פינף־און־זיבעציק טויזנט, האָב איך מיך מיישב געווען: פאָ, לאָס איך אראָפּפאָרן אהער אויף א טאָג; איך וויל אָנקוקן מיט מיינע אויגן דעם דאָזיקן גליקלעכן, וואָס האָט געווו־נען די פינף־און־זיבעציק טויזנט. ס'איז נישט קיין קלייניקייט — ס'איז פינף־און־זיבעציק טויזנט!!!...

איר פארשטייט, צי ניין? גיי, דערציייל איטלעכן באזונדער א מעשה מיט א בירנבוים, וואָס וויל מענטשן, און מיט א ברודער, וואָס הייסט הענעך, און מיט א ביינדל, און מיט א גביר, און מיט א באָמבע, און מיט אדוואָקאטן, און מיט רוחות, און מיט שדים!... איך זאָל האָבן, הערט איר, די גליקלעכע יאָר, וואָס ס'איז פריער, פאר די פינף־און־זיבעציק טויזנט, געווען בעסער ווי איצטער, נאָך די פינף־און־זיבעציק־טויזנט, און רואיקער אוודאי! איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך בין שוין איצטער נישט זיכער מיטן לעבן אויך. אָט בין איך געווען נישט לאנג אין דער גרויסער שטאָט ביי די אדוואָקאטן דאָרטן, האָט מיך איינער א חברה־מאן פארנארט צו זיך אהיים אויף פּאָדאָל, כלומרשט אויף טיי; איך קום צו אים אויף פּאָדאָל, ביינאכט איז דאָס געווען, טרעף איך דאָרטן נאָך איינעם א חברה־מאן, א יידן מיט דווקא א שיינער באָרד, זיצן איבער א ספר; גיט ער מיר אָפּ שלום, שטייט־אויף פארדרויכערן א פּאפּיראָס, פארלעשט די לאָמפּ, און מיר בלייבן אין דער פינצטער... איר פארשטייט, צי ניין? עס וואָלט כדאי געווען, כ'לעבן, ס'זאָל נישט זיין אזוי שפּעט און איר זאָלט זיך אזוי נישט כאפּן אין וועג אריין, אייך דערציילן די דאָזיקע מעשה אויך, און אויף יענער מעשה זיצט נאָך א מעשה, אָדער ווי זאָגט איר: אויף א בלאָטער א פרישטש און אויף א מכה א בלאָטער. איר פארשטייט, צי ניין?...

קוריץ און גוט, ווו=זשע האלט איך, הייסט עס? ביים סוף פון דער מעשה. א סוף, מיינט איר? האָט צייט א ביסל, נישט גע=כאפּט, ס׳איז ערשט אָן אָנהייב. וואָס זאָג איך אָן אָנהייב? עס הייבט נאָך גאָר נישט אָן צו זיין קיין אָנהייב אפילו! און ווער איז שולדיק? איך אליין טאקע! שייך זאָגן איך בין שולדיק? וואָס בין איך שולדיק? איך ווייס? איך בין דאָך נישט מער ווי א מענטש, ווי זאָגט איר, א בשר=ודם, נאָר אז ס׳איז באשערט אַן אומגליק, העלפט זיך עפּעס? וואָס בין איך שולדיק, למשל, אז איך... נאָר שאַ! מע טאָר נישט כאפּן די פיש פאר די לאָקשן, מיין איך פארקערט — די לאָקשן פאר די פיש. לאָם איך אייך בעסער דערציילן פּאַוואָלינקע, נישט געכאפּט, די גאנצע מעשה פונעם אָנהייב, דאָס הייסט, נישט פונעם אָנהייב, נאָר פונעם לעצטן אָנהייב, דאָס הייסט, פון דעם, וואָס איר מיינט, אז ס׳איז שוין דער סוף... על כל פנים, אז גאָט האָט געהאָלפן, מיר האָבן זיך דעמלט, אויב איר געדענקט, מיט צרות, מיט אנגסטן; איינגעטיילט מיטן בילעט, הייסט דאָס, איטלעכן באזונדער זיין חלק, — געוויינטלעך, נישט אזוי גיך טוט זיך עס ווי סע רעדט זיך; מע האָט זיך גענוג אָנגערעדט, אָנגע=הרגעט מיט איטלעכן באזונדער. אז דער גלח טענהט: פאר וואָס קומט אונדז געלט, מיר און בירנבוימען, אונדז ביידן הייסט עס? און מיין ברודער הענעך איז א בעלן, איך זאָל מיך פארלאָזן אויף זיין יושר און אויף זיין גוטן ווילן און אויף זיין השגה. און מיין הברה=מאן, בירנבוים הייסט עס, שרייט, אז ער וויל גאָרנישט — ער וויל נאָר מענטשן, האָרכן וואָס מענטשן וועלן זאָגן. איר פארשטייט, צי ניין? האָבן זיך אריינגעמישט אין דעם דאָזיקן עסק מעקלערס, און דווקא דריי מיט אמאָל; צוגעהאָ=רעוועט, אויסגעגלייכט — אָן עק, א סוף. און ס׳איז געבליבן, אויב איר געדענקט, — וואָסזשע, הייסט דאָס, איז געבליבן? ס׳איז געבליבן, אז מיר זאָלן זיך צונויפקלויבן אלע פיר, הייסט עס, אוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט אריין, ארויסנעמען דעם בילעט, אָפּנעמען דאָס ביסל מינץ, צעטיילן זיך מיט די חלקים, גאַ דיר, גיב מיר — און א גוטן טאָג מיט דער קאפּאָטע! יאָ, ווען זשע איז דאָס געוואָרן? נאָפּשיקלאַד, אז ס׳איז פאראן א בילעט. אָבער אז ס׳איז קיין בילעט נישטאָ? שייך זאָגן, ס׳איז קיין בילעט נישטאָ? א בילעט איז פאראן א בילעט, נאָר, אויב איר געדענקט, ווו ליגט ער דער בילעט? פארצוויאָ=קעוועט אין א באנק ערגעץ, אויף א פרעמדן נאָמען, און פון אויבן אויפן בילעט הייסט עס, אויב איר געדענקט, ליגט, איך

בעט איבער אייער כבוד, אַז ארעסט פּונעם סליעדאָוואַטעל — גיי נעם ארויס אזא בילעט! וואָסזשע טוט מען? באדארף מען קודם־כל, אויב איר געדענקט, זען, מען זאָל צעררייבן דעם עסק — לאָז דערווײַלע, הייסט עס, ווערן אויס עסק, וועט מען שוין נאָכדעם זען וואָס מע האָט צו טאָן. איר פאַרשטייט, צי ניין? ווער־זשע באדארף צעררייבן דעם עסק, סע זאָל ווערן אויס עסק? פאַרשטייט זיך, אז דער גלח. זאָגט אָבער דער גלח, אויב איר געדענקט: לאָז מען אים פריער באַוואָרענען, דאָס הייסט, איבער־געבן דעם בילעט אויף זיין נאָמען, וועט ער זען, מע זאָל צעררייבן דעם עסק. איז ער, דאכט זיך, אויך גערעכט? ווער־זשע באדארף דאָס איבערגעבן דעם בילעט אויף זיין נאָמען, אז ער זאָל צעררייבן דעם עסק? פאַרשטייט זיך, אז דער גביר אונדזערער. קומען מיר מסתמא צו אונדזער גביר און בעטן אים, ער זאָל זיין אזוי גוט און איבערגעבן דעם בילעט, וועט מען צעררייבן דעם עסק. טענהט דער גביר ווידער די אייגענע טענה, אויב איר געדענקט, און איז אויך גערעכט: „וואָס האָט איר צו מיר? — זאָגט ער. — וואָס האָט איר מיר אָנגעהאָנגען א פרעמדן עסק?“ טענהן מיר: „גערעכט זענט איר טאקע; נאָר וואָס זאָלן מיר טאָן, אז אָן אייך קאָן מען נישט צעררייבן דעם עסק?“ זאָגט ער: „אם כן, וואָס בין איך שולדיק? צעררייבט אייך יאָ דעם עסק און צעררייבט אייך נישט דעם עסק, — וואָס איז מיין עסק?“... איר פאַרשטייט, צי ניין?... האָט איר נישט ביי זיך אַן עסק... טפו! מיין איך א פּאַפּיראָס?...

קורץ און גוט, ווי־זשע האלט איך, הייסט דאָס? ביי צעררייבן דעם עסק. עצות אהער, עצות אהין — ס'איז געבליבן: לאָדן זיך. און וויבאלד לאָדן זיך, באדארף מען פרעגן אַן אדוואָקאט. און וויבאלד פרעגן ביי אַן אדוואָקאט, באדארף מען פאָרן אין שטאָט אריין. הייבט זיך אָן: ביי וואָסער אדוואָקאט זאָל מען פרעגן? זאָגט דער, מע זאָל פרעגן ביי דעם אדוואָקאט, און יענער זאָגט, מע זאָל פרעגן ביי יענעם אדוואָקאט. פרעגט מען דאָך מסתמה ביי ביידע אדוואָקאטן, א ברירה האָט מען? זאָגט דאָך מסתמה ביי ביידע אדוואָקאטן, א ברירה האָט מען? זאָגט דאָך אדוואָקאט; זאָגט דער דריטער אדוואָקאט בווידעם; איז דאָך ביטער — גייט מען צו א פערטן אדוואָקאט... בקיצור, איך באדארף אייך דערציילן וואָס אדוואָקאטן זענען? אדוואָקאטן און דאָקטוירים — דאָס איז איין מכה; אדוואָקאטן און דאָקטוירים זענען לכתחילה באשאפן געוואָרן, זיי זאָלן זאָגן איינס דאָס אנדערע אויף צו להכעיס. וואָס יענער זאָגט, באדארף דער

זאָגן פּונקט קאַפּויר, ווי, להבדיל, דער תּרגום. איך האָב אַ גוטן ברודער, זאָגט ער: וואָס איז דען, אייגנטלעך, דער תּרגום? דער תּרגום, זאָגט ער, איז אַ צו־להכעיסניק; דער תּרגום דאַרף זאָגן לאַקירדע. למשל, אַז דער חומש זאָגט „ויאמר" — קומט דער תּרגום און זאָגט „ואמאר"; און אַז דער חומש זאָגט „לאמר", איז, דאַכט מיר, וואָס קאָן דאָס דיר שאַטן, רב תּרגום, אַז ס'וועט שטיין לאמר? ניין, לווינט אים נישט! נאָר ל—מי—מר! — און גיי טו אים עפּעס! איר פאַרשטייט, צי ניין? אַז איין אַדוואָקאַט זאָגט, אַז מיר אַלע פיר זאָלן איינגעבן אַ פּאַפּיר אויף דער באַנק און אויפן גביר, למאַי זיי געבן אונדז נישט אַרויס דעם בילעט, — דאַכט זיך, אַ גלייכער איינפאַל, האַ? קומט דער אַנדערער אַדוואָקאַט און זאָגט: אַז איינגעבן באַדאַרפן נאָר צוויי, איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, און נאָר אויפן גביר אליין, למאַי ער הייסט נישט די באַנק, זי זאָל איבערגעבן דעם בילעט. דאַכט זיך, אויך נישט קרום, האַ, וואָס זאָגט איר? זאָגט אָבער דער דריטער אַדוואָקאַט וואָס פאַר אַ מחותּן בין איך מיט דער באַנק? די באַנק קען מיך? זי האָט געהאַט מיט מיר עסקים? איינגעבן לאָז בירנבוים אליין, און נישט אויף דער באַנק, נאָר אויפן גביר אליין, וואָרום וואָס איז שולדיק די באַנק, אַז ער אַליין, בירנבוים הייסט עס, האָט ערשט נישט לאַנג געהייסן די באַנק, זי זאָל איבערטראָגן דעם בילעט פון זיין חשבון על חשבון הגביר? דאַכט זיך, גערעדט ווי אַ מענטש, האַ? קומט נאָך אַן אַדוואָקאַט און דרינגט, אַז: איינגעבן באַדאַרף נישט איך און נישט בירנבוים — איינגעבן באַדאַרף נאָר דער גלח מיט מיין ברודער, הענעך הייסט עס! דאַכט זיך, ס'איז אויך מיט אַ גאַנג, האַ? קומט אַן אַנדער אַדוואָקאַט און פאַלט גאָר אויף אַזאַ מין המצאה: מע באַדאַרף זיך, זאָגט ער, גאָר נישט לאָדן, וואָרום לאָמיר זען, פון וואַנען, זאָגט ער, האָט זיך גענומען אין באַנק אַ בילעט אויפן גבירס נאָמען? בירנבוים האָט אים אַריינגעטראָגן. ווו האָט בירנבוים גענומען אַ בילעט? ביי יעקב־יוסלען, ביי מיר הייסט עס. ווו האָב איך אים גענומען? ביי מיין ברודער, הענעך הייסט דאָס. ביי וועמען האָט אים גענומען מיין ברודער, הענעך הייסט דאָס? אַנטליען, מיין איך געקויפט ביים גלח. ער זאָגט געקויפט, דער גלח זאָגט גען ליען — וואָס מאַכט דאָס אויס, אַ פאַרפאַלענער עסק. על כן, זאָגט ער, לאָז דער גלח מאָנען דעם בילעט ביי מיין ברודער הענעך, מיין ברודער הענעך ביי מיר, איך ביי בירנבוימען, און בירנבוים — ביי וועמען? בירנבוים ביי דער באַנק. איי, די באַנק טענהט דאָך: זי קען שוין נישט בירנבוימען, זי קען נאָר

דעם גביר? טאָ לאָז בירנבוים מאָנען ביים גביר, און דער גביר לאָז מאָנען ביי דער באַנק. איי, דער גביר האָט מורא, טאָמער — וואָס? טאָמער לאָדט מען אים? איז פאַראַן, זאָגט ער, אַן עצה: לאָז בירנבוים אַרויסגעבן אַ צעטל, קוויטירן הייסט עס, דעם גביר, איך זאָל קוויטירן בירנבוימען, און מיין ברודער הענעך זאָל קוויטירן מיך, און דער גלח זאָל קוויטירן מיין ברודער הענעך. נו, ווי געפעלט אייך אַן איינפאַל? וואָס קאָן שוין זיין גלייכער דערפון? געפינט זיך נאָך אַן אַדוואָקאַט אַ חכם און פרעגט אַ קלאָץ־קשיא: שאַט, פון וואַנען ווייסן מיר, זאָגט ער, אַז דער בילעט ענדיקט זיך שוין מיטן גלח? טאָמער ליגט ערגעץ באַהאַלטן אויפן בוידעם נאָך אַ נפש וואָס וועט אויפשטיין מאָרגן, וועט ברענגען עדות מיט פאַפּירן און וועט טענהן: „דער בילעט איז מיינער! קינדער, וווּ איז מיין בילעט?!“ וואָסזשע וועט זיין? וועט ער מאָנען שוין נישט קיין בילעט, נאָר פינף־און־זיבעציק טויזנט! ביי וועמען? נישט ביי קיינעם, נאָר ביים גביר! איי, דער גביר האָט אַ צעטל פון בירנבוימען, בירנבוים פון מיר, איך פון מיין ברודער הענעך, מיין ברודער הענעך פונעם גלח? לאָז דער גביר גיין, זאָגט ער, נאָכדעם לאָדן בירנבוימען, בירנבוים מיך, איך מיין ברודער הענעך, מיין ברודער הענעך דעם גלח — פּונקט די אייגענע מעשה, וואָס מיטן חד־גדיא: ציגעלע־קעצעלע, קעצעלע־הינטעלע, הינטעלע־שטעקעלע, שטעקעלע־פייערל, פייערל־וואַסערל, וואַסערל־אָקסעלע, אָקסעלע־שוחטל — איר פאַרשטייט, צי ניין?... איז שוין ווידער שלעכט! וואָסזשע טוט מען באַדאַרף מען גיין צו אַ נייעם אַדוואָקאַט, צו קאָפּערניקאָוון אליין און פון קאָפּערניקאָוון צו נאָך אַ גרעסערן אַדוואָקאַט, צום „גאָלדענעם־ווייזער“, וואָס טויג אייך, מיר האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין אַדוואָקאַט, מיר האָבן זיך מיט זיי, מיט די דאָזיקע אַדוואָקאַטן הייסט עס, אַזוי פאַראַדוואָקאַטעט דעם קאָפּ, אַז ווי מיר זענען געשטאַנען און ווו מיר זענען געגאַנגען האָט מען געהערט נאָר אַדוואָקאַט און אַדוואָקאַט. האָט איר נישט ביי זיך אַן אַדוואָקאַט... טפו! מיין איך אַ פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, וווּ־זשע האַלט איך, הייסט עס? ביי די אַדוואָקאַטן. גאָט האָט געהאָלפן, די אַדוואָקאַטן האָבן געפונען אַן עצה — פאָרט אַדוואָקאַטן! וואָסזשע איז די עצה? די עצה איז אַזאַ מין עצה: אַז איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, זאָלן קודם־כל, פריער פאַר אַלע היומס, איינגעבן אַ פּאַפּיר, צעשרייבן זיך ביים נאָטאַריוס הייסט עס, אַז מיר זענען נישט שייך צום בילעט כלל וכלל, קיין שום מחותנים נישט הייסט עס, און אַז

דעם דאָזיקן בילעט האָט מיר צוגעשיקט מיין ברודער הענעך, וואָס ער האָט אים גענומען, געקויפט הייסט עס, ביים גלח, אויף צו פארזעצן, און איך האָב אים פארזעצט ביי בירנבוימען און גענומען אויף אים רי״ש קערבלעך. — ווי די מעשה איז געווען, דאָס הייסט, דעם רעכטן, דעם ריינעם, דעם אמתן אמת! דאכט זיך, פּראָסט און פּשוט, אָן שפּיצלעך, אָן חכמות און אָן אויבער־הסברות — וואָס קאָן זיין בעסער, ווי דער אמת? איז אָבער קיינער דערויף פריער נישט געפאלן, איר פארשטייט, צי ניין?... נאָר שאַט, איר זענט נאָך נישט פארטיק, וואָס הייסט, מיר וועלן נעמען, איך און בירנבוים, מירביידע הייסט עס, און וועלן ארויסגעבן אויף זיך אזא בייטש? און וואָס וועט זיין מיט אונדזערע חלקים? וואָס וועלן מיר טאָן, אז מע וועט אונדז נאָכדעם זאָגן „ישקני״?... זיך גיין פארלאָזן אויף מיין ברודערס יושר און אויפן גלחס נאמנות? איי, מיר האָבן זיך צעשריבן מיט זיי אויף פּאפּיר און געטרונקען לחיים? בלאָטע! א בויגן פּאפּיר קאָסט א גראָשן, און לחיים קאָן מען טרינקען אלע טאָג, אבי ס׳איז נאָר פאראן, ווי זאָגט איר, אביסל בראָנפן. וואָסזשע האָבן מיר געוואָלט, איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס? א באוואָרעניש — מע זאָל אונדז באוואָרענען אונדזערס, וואָס אונדז קומט... איר פארשטייט, צי ניין?... אָט דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די רעכטע התונה: „באוואָרענישן? פארוואָס קומט זיי באוואָרענישן? גענוג זיי געמען אומזיסט געלט, גיב זיי נאָך באוואָרענישן!״ האָט דאָך עס אונדז אָנגע־נומען ביים הארצן: „סטייטש, פאר אונדזער ערלעכקייט, איר אזעלכע און אזעלכע! גענוג מע טוט אייך אזא טובה, — מע וואָלט דאָך געקאָנט צונעמען ביי אייך אינגאנצן די פינף־און־זיבעציק טויזנט, אז קיין האָן זאָל אפילו נישט קרייען, — האָט איר נאָך טענות?!״... קומט אייך, הייסט דאָס, א דאנק, א קניפּ אין בעקל?״... אזוי זאָגט דער ברודער מיינער, הענעך, הייסט דאָס. האָט דאָך עס מיך פארדראָסן! א וואָרט פאר א וואָרט, פּיטש־פּאטש, ווי געוויינטלעך צווישן ברידער... הקיצור, געפועלט — מע וועט אונדז שוין געבן א באוואָרעניש. וואָס פאר א באוואָ־רעניש? קוויטלעך? — א קוויטל איז א סוכה־שער. וועקסלעך? אן עבירה וועקסל־פּאפּיר. וואָס דען? — מזומן געלט, ווי מיין באבע עליה־השלום פלעגט זאָגן: „דאָס בעסטע מילביקס איז א שטיקל פלייש״. ווו־זשע קריגט מען מזומן געלט, אז קיין מזומן געלט איז היינטיקע צייטן נישטאָ ביי קיינעם. שייך זאָגן ביי קיינעם? פאראן געלט, און א סך, נאָר ביי די בראָדסקים. „הכלל,

ס'איז פּוסטע דיבורים! ביז מע וועט נישט לייגן קיין באוואָרעניש, וועל איך נישט חתמענען!" „וואָס פאר א באוואָרעניש?" „וואָס פאר א באוואָרעניש איר ווילט, אבי א באוואָרעניש, די וועלט זאָל פון מיר נאָכדעם נישט לאכן, זאָגן, אַז יעקב=יוסל איז געווען א בהמה". איר פארשטייט, צי ניין?... דאָס איז אייך איין מאָל אוועק. און מיין חברה=מאַן, בירנבוים, הייסט עס, האָט זיך טאקע גענומען פשוט ווידער אמאָל צו דער אלטער טענה: מ ע נ ט ש ן!... באשר, זאָגט ער, אזוי ווי ער גיט איצטער, זאָגט ער, ארויס פון זיך אזא מין געשריפטס, א ר ע צ ע פּ י ם, הייסט עס, אויף אייביק, לכן וויל ער, מע זאָל זיך מיט אים פארלאָזן אויף מענטשן, וואָס מענטשן וועלן זאָגן, אזוי וועט זיין. „ווידער אמאָל מענטשן? — זאָג איך. — מע האָט דאָך א י י ן מאָל געענדיקט, — וואָס טויגן אייך מענטשן?" „פארשטייט איר מיך, זאָגט ער, בירנבוים הייסט עס, איך וויל מע זאָל א פרעג טאָן מענטשן, אפשר וועלן מענטשן געפינען, אז סע קומט מיר גאָרנישט, — למאי=זשע זאָל איך נעמען אומזיסט געלט?"... איר פארשטייט, צי ניין?... איך שריי באוואָרעניש, און ער טענהט מענטשן. „באוואָרעניש וועט, זאָגט ער, זיין נ אָ כ ד ע ם; פריער זאָל מען פרעגן מ ע נ ט ש ן". „איר האָט זיך שוין ווידער אמאָל, זאָג איך, צעמענטשלט? סע מענטשלט מיר שוין, זאָג איך, אין קאָפּ פון אייערע מענטשן! בעסער אין זינען האָבן, זאָג איך, א באוואָרעניש; א באוואָרעניש איז בילכער"...

קורץ און גוט, ווו=זשע האלט איך, הייסט עס? ביים באוואָרעניש. מע האָט אונדז, לאָז זיך אייך דאכטן, באוואָרנט, פארבונדן איינס דאָס אנדערע, ווי עס געהערט צו זיין, זיך צעשריבן פון אלע זייטן הייסט עס, און דווקא ביים נאָטאריוס, און מע האָט איינגעגעבן די אלע פאפירן אהין ווו מע דארף, און מע האָט אָנגעהויבן גיין צו אדוואָקאטן, שרייבן פאפירן, אזא פאפיר און אזא פאפיר, העצקען זיך אלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אין דער גרויסער שטאָט אריין, לייגן הוצאות, צאָלן בעטל=געלט, שלאָפן מיט וואנצן, אבי סע הייסט „האָטעל" (אכסניא לוינט זיי נישט!), עסן פּאָרציעס, געפרעגלטע טאראקאנעס, אבי סע הייסט „בראטן" (ראָסלפלייש לוינט זיי נישט!) שוויצן ווי אין א שוויץ=באָד, בראָטן זיך אויף דער זון, פוצן די שטיינער, ווערן טויב און דול פון עם קלאפּן און פונעם טראסקען און פונעם הו=הא, טאָמער ווייסט איר וואָס? א גדולה — פינף=און=זיבעציק טויזנט! נעביי=בי וואָלט דאָס שוין געווען, אן עק לאָז דאָס האָבן, ווי זאָגט מיין ווייב זאָל לעבן: „א קופּערנער גראָשן אויף דער וואָר איז טייערער

פון א גאָלדן רענדל אין חלום. דיינע פינף=און=זיבעציק טויזנט, זאָגט זי, האָבן מיר שוין געמאכט פינף און זיבעציק לעכער אין הארצן. איך וואָלט דיר מוחל געווען דעם כבוד — צו וואָס האָב איך עס, זאָגט זי, באַדאַרפט?"... „ע, ביסט א יידענע, זאָג איך, און א יידענע בלייבט א יידענע"... אזוי זאָג איך צו איר, און פילן פיל איך, אז זי איז גערעכט, ווארום וואָס האָב איך דערפון, אז אין מארק אריין נעמען קאָן מען דאָס נישט? זיך נאָר געקויפט אומזיסט שונאים: דער איז מיר גלאט מקנא, און דער פארגינט מיר נישט, האָט מורא, טאָמער נעם איך געלט, פארוואָס קומט יעקב=יוסלען אזוי פיל געלט, איר פארשטייט, צי ניין?... וואָס זאָל איך קלערן, עס האָט זיך גענוג בלוט אָפּגעצאפּט, ביז מע האָט דערלעבט הערן דאָס גוטע וואָרט, אז דער עסק איז שוין א צעריבענער עסק, אוים עסק! און עס איז גענוג די אויגן ארויסגעקראָכן, ביז מע האָט דערלעבט זען דעם בילעט אין א גוטער שעה, אין א מזלדיקער שעה! נאָר איר מיינט, אז אָט אזוי גיך האָבן מיר דערזען דעם בילעט? פּאוואָלינקע, נאָר נישט געכאפּט. פריער האָט מען באַדאַרפט, ס'זאָל איבערגיין די צייט, דער חודש הייסט עס, וואָס טאָמער גיט עמעצער איין, אז ער איז נישט צופרידן מיטן משפּט. דעם דאָזיקן חודש וויים איך נישט, אויב איך בין געשלאָפן איין נאכט אפילו. עס האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אלץ אזעלכע ווילדע=משונה חלומות, אז נישט איין מאָל פלעג איך מיך, איר פארשטייט, צי ניין, אויפכאַפּן אין מיטן ביינאכט און שרייען נישט מיט מיין קול: „צפּורה, איך פלי!"... „וווהין פליסטו? — זאָגט זי צו מיר. — וואָס איז פאר א פליען אויף דיר? שפּיי אוים דריי מאָל און דערצייל מיר, וואָס האָט זיך דיר געחלומט?" „עס האָט זיך מיר געחלומט, זאָג איך, א שיינער חלום; עס האָט זיך מיר געחלומט, אז איך האָב פליגל און איך פלי, און עס פליען מיר נאָך ווילדע ברואים, מיני מאָדנע באשעפענישן, שלאנגען און עקדישן, און ווילן מיך נאָר דורס זיין"... דאָס איז איין מאָל געווען. דאָס אנדערע מאָל האָט זיך מיר געחלומט, אז איך זיץ אויף א זאק, א גרויסן, אָנגעבלאָזענעם זאק; דער זאק איז א גומענער זאק און א רויטער, און ביי דער זייט שטייט אָנגעצייכנט אויף אים מיט גרויסע ציפערן: 75.000... ס'איז שבת ביי טאָג, זומער=צייט, איר פארשטייט, צי ניין, די גאנצע שטאָט יידן און ווייבער גייען ארום אויפן שפּאציר, שטעלן זיך אָפּ אלע ווייל און קוקן, קוקן אויף מיר מיט אויגן... פּלוצעם — טררראך! — עס הערט זיך א קנאק; דאָס האָט געפּלאָנעט דער גומענער זאק, און איך פאל, פאל

מיט א געשריי: „צפורה, געלאָפּנעט!“ „גאָט איז מיט דיר! ווער? ווער האָט געלאָפּנעט? לאָזן מיינע שונאים לאָפּנען!“... אזוי זאָגט צו מיר מיין ווייב און וועקט מיך אויף פונעם שלאָף און איז מיר מסתמא פּותר־חלום צו גוטן, ווי געוויינטלעך א ווייב.

קורץ און גוט, ווו־זשע האלט איך, הייסט עס? ביים בילעט ארויסנעמען. אז ס'איז געקומען צום גיין דעם בילעט ארויס־נעמען, האָט זיך אָנגהויבן א נייער עסק: מי ומי ההולכים — ווער זענען, הייסט עס, די גייערם? איטלעכער באזונדער איז ביי זיך אוודאי זייער א גרוסער בטוח, נאָר אינגאנצן פארגלויבן זיך אויף יענעם בין איך אויך נישט מחויב — ס'איז צו א גרויסער נסיון, ס'איז פינף־און־זיבעציק טויזנט קער־בלער! איר פארשטייט, צי ניין?... בכן איז געבליבן, איך גלויב דיר נישט, דו גלויבסט מיר נישט — לאָמיר בעסער גיין אלע זאלבענאנד. דהיינו, וואָס הייסט אלע זאלבענאנד? א פּארשוין צען. פון וואנען האָבן זיך גענומען צען פּארשוינען? רעכנט־אויס, וועט איר זען: איך בין נישט איינס, בירנבוים איז נישט צוויי, דער גלח איז נישט דריי, מיין ברודער הענעך הייסט עס, איז נישט פיר, דריי אדוואָקאטן (איינער פונעם גלחס צד, איינער פון מיין ברודערס צד, א טאראשטשער אדוואָקאט, און איינער פון מיין צד מיט בירנבוימס צד, א טשערקאסקער אד־וואָקאט) — האָט איר שוין א קיימאָ־לן פון קיין עין־הרע זיבן פּארשוין; הײנט די דריי מעקלערס, וואָס האָבן זיך ארײנגעלייגט אין געשעפט און אויסגעגלייכט אונדז, — אָט האָט איר אייך פונקט צען פּארשוין, א מנין הייסט עס... איז אפילו תחילת געווען אביסל פּריקרע; מיין ברודער, הענעך הייסט עס, האָט זיך געשמיצט און געוואָרפן, למאי עס גייען אזוי פיל מענטשן, א גאנצע כאליאסטרע! געניג, זאָגט ער, וואָלט געווען, דאכט זיך, מיר זאָלן גיין אינצווייען, ער מיטן גלח הייסט עס... ס'איז אים נישט אָנגעשטאנען די מעשה, אפנים, וואָס קיינער וואָל זיך נישט פארלאָזן אויף זיין יושר מיטן גלחס נאמנות. עס האָט זיך אים אָבער געהאָלפן מאָלט איך, ווי דער פּאראיאָריקער שניי, וואָרום איטלעכער האָט געהאט אן אנדער טענה, און אַז געווען גערעכט. למשל, איך האָב אויסגעוויזן, אז איך מוז גיין, וואָרום איך בין א ברודער — נישט מחמת כבוד, נאָר מחמת דעם, וואָס איין ברודער דעם אנדערן מעג אָנפייפן; וואָס וועל איך אים נאָכדעם טאָן? גיין לאָדן צום ונתנה־תוקף? ס'איז דאָך א ברודער!... און מיין בירנבוים האָט געטענהט, אז ווי־באלד אן אייגענער ברודער וויל נישט גלויבן, מעג ער, א ווילד־פרעמדער, פאר זיין ערלעכ־

קיים אוודאי נישט פארלאָזן זיך אויף נסים! ער איז אזוי אויך,
זאָגט ער, געגוג יוצא... און מע קאָן נישט זאָגן, ער זאָל זיין אינ=
גאנצן אומגערעכט... די דריי אדוואָקאטן שמועסט מען נישט,
אז זיי מוזן זיין דערביי, וואָרום מע וועט נאָך באדארפן, זאָגן
זיי, שרייבן און שרייבן... איז געבליבן, הייסט עס,
נאָר די מעקלערס! זאָגן די מעקלערס; אז גיין באדארפן זיי אויך
גיין, און דווקא אלע דריי, וואָרום זיי זענען שוין, זאָגן זיי, געשלאָ=
גענע הינט, געניטע מענטשן הייסט עס; זיי זענען דורכגעגאנגען,
זאָגן זיי, א גוטע שקאָלע; זיי האָבן דורכגעמאכט דעם קורס פון
דער בערזע אין יעהופעץ, ווייסן זיי שוין וואָס באדייט מעקלער=
געלט, „קארטאזש" הייסט עס; דאָס איז אזא געלט, ווי רח"ש,
וואָס מע מוז, זאָגן זיי, זיין ביים ערשטן טעלער=ברעכן, איר פאר=
שטייט, צי ניין?... אָפּגערעדט האָבן מיר נאָר, אז צונויפקומען
זיך זאָלן מיר כאָטש נישט אלע מיט אמאָל, נאָר איינציקווייז;
און אזוי ווי איטלעכער באזונדער האָט זיך געפעדערט זיין דער
ערשטער, לכן זענען מיר אלע געווען ביי דער באנק כאור הבוקר,
זיך ארומגעדרייט אין דרויסן א היבשע ווילע, ביז מע האָט אונדז
אויפגעעפנט די טיר, און מיר זענען אריינגעגאנגען אָפּנעמען דעם
בילעט. נו, און דאָס פארשפּאָר איך דאָך אייך דערציילן וואָס א
באנק איז. א באנק האָט פיינט כאפּן זיך — זי האָט זיך צייט.
וואָס גייט איר אָן בילעט, יעקב=יוסל, פינף=און=זיבעציק טויזנט,
גלחים, הענעכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילן נעבעך פאר=
דינען, און גלאט מענטשן? ווייס איך — אפילו נישט אין דער
לינקער פּאה! דער פאררויכערט זיך א פּאפּיראָס, דער רעדט
דברים בטלים, דער טרינקט א גלעזל טיי, דער פארשניצט א
שטיפטל, דער לייענט א גאזעט — אריינגעשטעקט די נאָז טיף=
טיף און הייבט נישט אויף דעם קאָפּ, כאָטש גיב אים א קרענק!
מיר דרייען זיך ארום, מיר גענעצן, הוסטן, מיר וואָלטן שוין
גערן דערלעבן די מינוט, די רגע — איז נישטאָ דער בוכהאל=
טער. געקומען דער בוכהאלטער — נישטאָ דער קאסיר. געקומען
דער קאסיר — נישטאָ דער דרעקטער. ווו איז דער דרעקטער? ער
שלאָפט נאָך. דער באלעבאָס פון דער באנק, הייסט עס, ליגט זיך
און שלאָפט. וואָס גייט אים אָן, אשטייגער, בילעטן, יעקב=יוסל,
פינף=און=זיבעציק טויזנט, גלחים, הענעכס, בירנבוימס, מעקלערס,
וואָס ווילן נעבעך פארדינען, און גלאט מענטשן? וויפל קאָן ער
אשטייגער, נעמען דאָ געהאלט, אזא מין דרעקטער? אוודאי זעקס
טויזנט קארבן, און אפשר אכט, און פארוואָס נישט אלע צען?
קארג האָרעוועט ער נעבעך?... איך וואָלט זיך דאָ געשטעלט פאר

האלב, כלעבן, פאר א דריטל, און וואָלט אפשר מער געארבעט פון אים, און געטרייער אוודאי!... אזוי שטיי איך מיר בשעת מעשה און טראכט און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר נישט געטראכט, איר פארשטייט, צי ניין?... און בתוך כך קומט אָן דער דרעקטער. אָנגעקומען דער דרעקטער, האָבן מיר זיך מסתמא א לאָז געטאָן צו אים אלע מיט אמאָל. האָט ער זיך עפּעס ווי איבערגעשראָקן און א מאך געטאָן מיט דער האנט. זענען צוגעגאנגען צו אים נאָר די אדוואָקאטן, אלע דריי הייסט עס, און דער גלח, און האָבן אים דערלאנגט די פּאפּירן, איר פארשטייט, צי ניין?... האָט זיך דער דרעקטאָר פארשלאָסן, ביי זיך מיט די פּאפּירן, און מיר האָבן גענומען ווארטן און ווארטן, ווארטן און ווארטן; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז מיר האָבן זיך דערוווארט: דער דרעקטער איז ארויסגעגאנגען מיט עפּעס א גראָבן פּנים און האָט זיך אוועקגעשטעלט צו אונדז, מחילה, מיטן הינטן, רעדן, — רעדט ער נאָך. וואָס גייט אים אָן בילעטן, יעקב=יוסל, פינף=און=זיבעציק טויזנט, גלחים, הענעכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילן נעבעך פארדינען, און גלאט מענטשן?... פּלוצעם דרייט ער זיך אוים צו אונדז מיטן פּנים: „וואשי בומאגי גאָטאָווי, סטופאיטע אוו קאססו — שוין פארטיק, הייסט עס, אייערע פּאַפּירן, גייט צום קאסיר“... נישט געקאָנט זאָגן פריער, איר פארשטייט, צי ניין?... גענומען די פּאפּירן, האָבן מיר זיך א לאָז געטאָן צום קאסיר און דערלאנגט אים די פּאפּירן, געמיינט, אָט דאָ זענען מיר שוין פארטיק; צום סוף — ווער? וואָס? עס הייבט זיך גאָר נישט אָן! דער קאסיר איז פארנומען, ער ציילט געלט, פּאפּירלעך, הונדערטערס און ת"קערס אזוי ווי מיסט, און גאָלד, גאָלד גאנצע קופּקעלעך, א פולער טיש! וויפל קאָן דאָ זיין געלט? ווי איז מיר, ווען איך פארמאָג א צענט=חלק כאָטש, לאך איך מיך אוים אויפן גאנצן בילעט!... אָט אזוי שטיי איך מיר בשעת מעשה און טראכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָרנישט געטראכט; און ער, דער קאסיר הייסט עס, האלט אין איין ציילן דאָס גאָלד, ער זאָל עס אפילו אונדז שענקען א קוק! וואָס גייט אים אָן, אשטייגער, בילעט, יעקב=יוסל, פינף=און=זיבעציק טויזנט, גלחים, הענעכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילן נעבעך פארדינען, און גלאט מענטשן?... דאָס גאָלד ביי אים אין די הענט פליט — פליט מיט א משונה=זיסן קלאנג, מיטן קלאנג פון גאָלד. א „גאָלדענער קלאנג“, איר פארשטייט, צי ניין?...

קורץ און גוט, ווו=זשע האלט איך, הייסט עס, ביים ביסל גאָלד. איבערגעציילט דאָס גאָלד, הייבט ער אויף אויף אונדז די ברילן,

טוט א נעם ביי אונדז די פאפירן און א מיש, ווי מע צײלט געלט,
הונדערטערס אשטײגער, מיט א מאָדנעם קנאַק מיט די פינגער!
עפנט=אויף דאָס טישקעסטל, נעמט ארויס פון דאָרטן א גאנץ
גרויסן פאקעט; עפנט אויף א קאָנווערט, רײסט אים אויף, נעמט=
ארויס פון דאָרטן דעם בילעט, דעם אמתן בילעט הייסט עס, און
טוט א פרעג: „ווער נעמט?"... האָבן זיך א לאָז געטאָן מיט
אמאָל צען פאָר הענט. „ניין! — רופט זיך אָן דער קאסיר. — אזוי
פיל הענט קאָן איך דעם בילעט נישט געבן; קלויבט אייך אויס
איינעם פון אייער קאָמפּאניע"... האָבן מיר, איר פארשטייט, צי
ניין, אויסגעקליבן איינעם פון אונדזער קאָמפּאניע, דעם עלטסטן
פון די דריי אדוואָקאטן. דער עלטסטער פון די דריי אדוואָקאטן
האָט גענומען דעם בילעט פאוואָלינקע אין ביידע הענט אריין,
ווי מע נעמט א קינד בשעת יידישן, און האָט אים צוגעטראָגן
פריער צום גלח, נאָכדעם צו מיין ברודער, הענעך הייסט עס,
נאָכדעם צו מיר און צו בירנבוימען, אונדז ביידן הייסט עס, מיר
זאָלן זען, צי איז דאָס דער זעלבער בילעט טאקע, צי ניין?...
האָט דער גלח געזאָגט, אז ער האָט אים דערקענט נאָך פון דער
ווייטן ביים קאסיר אין די הענט; ער האָט אויף אים, זאָגט ער,
א גוטן סימן. וואָס פאר א סימן? — וויל ער נישט זאָגן... און
מיין ברודער, הענעך הייסט עס, האָט געשווירן ביי אלדאָס גוטס,
אז ווען מע וועקט אים, למשל, זייגער צוויי ביינאכט און מע טראָגט
אים צו דעם דאָזיקן בילעט, דערקענט ער אים מיטן קוק! איר פאר=
שטייט, צי ניין?... און איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, האָבן
דווקא דעם בילעט נישט דערקענט — למאי זאָל איך זאָגן אזא
זאך, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן? מיר האָבן נאָר גוט
באטראכט די סעריע מיטן נאָמער 12 הייסט עס — דאָס איז
דאָך דער עיקר, ווי זאָגט איר, הא? און מיר האָבן זיך געלאָזט
פון דאָרט גלייך אין גאָסודארסטווענע באנק אריין, אָפּשקאָנטירן
דעם בילעט, אָפּנעמען די ממתקים הייסט עס, די פינף=און=זיבע=
ציק טויזנט. געגאנגען זענען מיר אלע אינײנעם, און דווקא צו=
פוס, כאָטש ס'איז ארויף=בארג. דער עלטסטער פון די אדוואָ=
קאטן האָט געהאלטן דעם בילעט אויבן=אויף, גאנץ שטארק, מיט
ביידע הענט, ער זאָל אים חלילה נישט פארלירן, אָדער מע זאָל
אויף אים, הס=ושלום, נישט איבערטראכטן, אז ער וויל מאכן די
קונץ, איבערבייטן — א קשיא אויף א מעשה, אזא שלימזלדיקער
בילעט, איר פארשטייט, צי ניין?... און געגאנגען זענען מיר
שוין נישט נאָר זאלבעצענט — מיר זענען שוין געווען מער פון
צוויי מנינים. פון וואנען האָבן זיך גענומען, קיין עין=הרע, אזוי

פיל מענטשן? וועל איך אייך זאָגן: ערשטנס, גלאַט אַזוי, גוטע באַקאַנטע פון מיין שטעטל זענען גראָדע געווען דעם טאָג אין דער גרויסער שטאָט, און דערזען, מיר גייען שוין מיטן בילעט אין גאָסודאַרסטווענע באַנק אַריין אָפּנעמען די פינף־און־זיבעציק טויזנט, זענען זיי אונדז נאָכגעגאַנגען אַביסל באַגלייטן, און טאַקע אין איינוועגס אַ קוק טאָן, ווי אַזוי מע נעמט דאָס גרויסע געווינס, וואָרום נישט אַלע טאָג קאָן מען אַזעלכעס זען. הקיצור, וואָס זאָלט איר קלערן, מיר האָבן געהאַט אַ שיינע לוויה, און אַ שיינעם ברוך־הבא אין גאָסודאַרסטווענע באַנק. דער יעפרייטער, וואָס שטייט ביי דער טיר, האָט זיך אַפילו תחילת אַביסל דערשראָקן, אַז ער האָט דערזען פאַר זיך, קיין עין־הרע, אַזוי פיל יידן מיט אַ גלח אין מיטן; פון דעסטוועגן האָט ער אונדז גאַנץ פיין אויפגענומען און אַריינגעבעטן איינציקווייז אין באַנק אַריין. צוגעגאַנגען מיטן בילעט אַהין ווו מע דאַרף און געזאָגט וואָס מיר באַדאַרפן, האָט מען אונדז צוגעפירט צו איינעם אַ טשינאָווניק מיט אַ ווייסער גלאַנצנדיקער ליסינע, ווי אַ מילכיקער טעלער, און מע האָט אים איבערגעגעבן אונדזער בילעט און מע האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן, וואָס — ווייס איך נישט. יענער וואָס מיט דער ליסינע, וואָס איז געזעסן אויף יענער זייט קראַטעס, האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ וואָרף געטאָן אויף אונדז אַ שאַרפן קוק דורך די ברילן און געטאָן זיך זיין אַרבעט: ער האָט געהאַלטן אין די הענט אַ שאַרף מעסערל, איר פאַרשטייט, צי נייַן, און האָט מיטן מעסערל געקראַצט אין אַ בוך, געקראַצט און געקראַצט, אָן אַן אויפהער. ער קראַצט און מיר שטייען אין געהאַקטע ווונדן און קוקן, ווי ער קראַצט, און דער גאַנצער איבעריקער עולם שטייט און קוקט אויף אונדז און באַטראַכט אונדז פון קאָפּ ביז די פיס, און ער, דער טשינאָווניק מיט דער ליסינע, הערט נישט אויף צו קראַצן, און אַרום און אַרום אויף אַלע טישן זיצן נאָך טשינאָווניקעס און ציילן געלט, — נאָר ווי אַזוי, מיינט איר, געלט? אַזוי ווי פּאַלאָווע, ווי מיסט! גאָלד — גאַנצע סטערטעס! דער קאָפּ דרייט זיך אַזש, דער „גאָלדענער קלאַנג" הילכט אַזש אין די אויערן, און סע שעמערירט אין די אויגן! „ווער האָט דאָס אויסגעקלערט, טראַכט איך מיר, אָט דאָס געלט, וואָס איבער דעם ווערן מענטשן אַזוי פאַרשוואַרצט, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, און איינער דעם אַנדערן וואָלט נאָך איינגעשלונגען לעבעדיקערהייט — נישטאָ קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין פאָטער, קיין קינד, קיין שכן, קיין גוטער פריינד, קיין טייערס אויף דער וועלט, נאָר געלט און געלט און געלט!"... אַזוי טראַכט איך מיר, און אפשר, האָב איך

בשעת מעשה גאָר נישט געטראַכט, איר פאַרשטייט, צי ניין?... און ער, דער טשינאָווניק, הייסט עס, הערט נישט אויף צו קראַצן, וואָרום וואָס גייט אים אָן, אשטייגער, בילעט, יעקב־יוסל, פינף־און־זיבעציק טויזנט, גלחים, הענעכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילן נעבעך פאַרדינען, און גלאַט מענטשן?... נאָר אַלצדינג אויף דער וועלט איז דאָך ביז א צייט; גאָט האָט רחמנות געהאַט, דער טשינאָווניק האָט אויפגעהערט צו קראַצן, צונויפגעלייגט דאָס שאַרפע מעסערל, באַהאַלטן דאָס אין זשילעט־קעשענע, אַרויסגענומען א קלאָר־ווייסע פאַטשיילע, גוט אויסגעשנייצט די נאָז, ווי מע באַדאַרף; נאָכדעם האָט ער א נעם געטאָן דעם בילעט, פּשוט ווי מע נעמט א פּראָסטן בויגן פּאַפּיר פאַר א גראָשן, געעפנט עפּעס א בוך, א ספר־הזכרונות, און געקוקט — געקוקט, א קוק אין בוך און א קוק אויפן בילעט, א קוק אויפן בילעט און א קוק אין בוך. „ער האָט, אַפּנים מורא, דער דאָזיקער חכם, אַז דער בילעט איז א געמלאַכהטער בילעט"... — אַזוי טראַכט איך מיר. — „קראַץ־קראַץ! — טראַכט איך מיר. — שמעק־שמעק! ס'איז אַן אמתער בילעט נעבעך, נישט קיין פאַלשער!"... פּלוצעם זע איך, ער נעמט דעם בילעט, טוט אים א וואָרף אונדז כמעט גלייך אין פּנים אַריין מיט די דאָזיקע ווערטער (איך געדענק זיי אַזוי ווי אַצינד געדענק איך זיי):

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז דער דאָזיקער בילעט האָט געוווּנען די פינף־און־זיבעציק טויזנט?...

איר פאַרשטייט, צי ניין? ווער האָט אונדז געזאָגט??? ווי געפעלט אייך אַזאַ משל?!

— וואָס הייסט, — זאָגן מיר, — ווער האָט אונדז געזאָגט? דער בילעט אַליין האָט אונדז געזאָגט, אַז ער האָט געוווּנען די פינף־און־זעבעציק טויזנט; די סעריע 2289 נומער 12!

— יאָ, — מאַכט ער צו אונדז גאַנץ ערנסט — דאָס איז אמת, די סעריע נומער 2289 נומער 12 האָט טאַקע געוווּנען פינף־און־זיבעציק טויזנט, און אייער בילעט איז 2298 נומער 12. א קליין טעותל, מאַליענקאַיאַ אָשיבאָטשקאַ...

געפעלט אייך עפּעס אַזאַ נייעס? מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? תחילת, אַז ער האָט אונדז אַרויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, זענען מיר געווען אַלע ווי צעמישט. מיר האָבן גערעכנט: אָדער ער איז דול, אָדער מיר זענען משוגע, אָדער ס'ע חלומט זיך אונדז א חלום. און מיר האָבן גענומען קוקן איינס אויף דאָס אַנדערע. נאָכדעם האָבן מיר זיך ערשט דערמאָנט א קוק טאָן

אין בילעט אריין — יאָ, ווי מיר זענען יידן! סעריע 2298 נומער 12! איר פארשטייט, צי ניין?...

וואָס זאָל איך אייך דערציילן ווייטער, מיין ליבער פריינד? איך בין דאָס גאָר נישט אימשטאנד אייך איבערצוגעבן א צענט־חלק אפילו, איר זענט דאָס נישט אימשטאנד צו באשרייבן, און קיינער איז נישט אימשטאנד זיך פאָרשטעלן דאָס בילד, די קארטינע, וואָס איז פאָרגעקומען דעמלט אין באנק, בשעת מיר זענען געבליבן שטיין אלע אָן לשון, געקוקט איינס אויף דאָס אנדערע. אויף די פנימער איז געווען אָנגעצייכנט — וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ס'איז גאָרנישט געווען קיין פנימער פון מענטשן, איר פארשטייט, צי ניין, ס'איז געווען חיות און בהמות איז דאָס געווען, אינעם געשטאלט פון מענטשן, בהמות בצורת אדם הייסט עס. איינער דעם אנדערן זאָל קאָנען דורס זיין, וואָלט ער אים דורס געווען מיטן קוק, מיט די אויגן! דאכט זיך, וואָס? וואָס האָט מען אייך געטאָן אזעלכעס? עס האָט זיך אייך געחלומט א חלום פון פינף־און־זיבעציק טויזנט? נו, אם כן, באדארף מען זיך נעמען דאָס לעבן? שוין זשע האָט דאָס לעבן קיין שום ווערדע נישט, א חוץ געלט? משוגעים, איר פארשטייט, צי ניין?... אויף קיינעם האָט מיך נישט פארדראָסן, הערט איר, ווי אויף מיין חברה־מאַן, אויף בירנבוימען הייסט עס. מילא, די איבעריקע הברה האָמן כאָטש פארענטפערט זיך, ארויפגעלייגט די באָד איינס אויף דאָס אנדערע: דער גלח האָט ארויפגעלייגט אינגאנצן אויף מיין ברודער הענעך, און מיין ברודער הענעך האָט געזאָגט: פרעגט אים בחרם, עס האָט זיך אים אפילו נישט געחלומט קיין פינף־און־זיבעציק טויזנט, און ער וואָלט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ווען איך, יעקב־יוסל הייסט עס, זאָל אים נישט געווען קלאפן קיין דעפעש און אָפגעבן מזל־טוב, איר פאר־שטייט, צי ניין? „שיין האָסט דו, זאָגט ער, געקוקט, ברודער מיינער, אין בלאט!"... „פאר וואָס האָסט דו, זאָג איך, נישט געקוקט?" „דו ביסט געווען, זאָגט ער, דער גאנצער ברעכער, ביי דיר איז געווען, זאָגט ער, דער בילעט, דו ביסט, זאָגט ער, ד ע ר ר ע כ ט ע ר ב א ל ע ב אָ ס!"... איר הערט א מעשה? פריער, אז ס'איז געווען די פינף־און־זיבעציק טויזנט, האָט מען מיך געוואָלט אָפלייקענען גאָר אינגאנצן, און איצט, אז עס האָט זיך אויס־געלאָזט א טייך, בין איך שוין ד ע ר ר ע כ ט ע ר ב א ל ע ב אָ ס. איר פארשטייט, צי ניין? גאָר גאָרנישט. איך, יעקב יוסל, דאָס כפרה־הינדל, נעם אויף זיך די גאנצע באָד; לאָז זיין א י ך בין דער גאנצער חייב! איי, ווו זענען געווען א י י ע ר ע אויגן,

בהמות? איר האָט דאָך אויך געזען גלייך מיט מיר א מאָל ניינצן די אַלע פּאַפּירן, מיט די קוויטאַנציעס, מיט די סטראַ־ כאָווקעס, ווו עס שטייט בפירוש סעריע 2298, נומער 12, און געוווּנען האָט גאָר די סעריע 2289 נומער 12, — פאַר וואָס איז אייך נישט איינגעפאַלן א קוק צו טאָן, אז די 9 שטייט פריער פאַר דער 8? און אז דער בילעט איז שוין געווען ביי אייך אין די הענט, זענט איר, דאַכט זיך, נישט קליין געווען א קוק צו טאָן נאָך א מאָל אין דער טאַבעליע, וואָס פאַר א סעריע האָט געוווּנען די פינף־און־זיבעציק טויזנט: צי די סעריע 2298, צי די סעריע 2289? אין באַנק אריין, זעט איר, האָט איר זיך, נישט געפּוילט גיין א גאַנצע כאַליאַסטרע — וואָס איז? איר האָט געמיינט, אָט נעמט איר געלט? איר פאַרשטייט, צי ניין?... נאָר אויף קיינעם האָט מיך אזוי נישט געברענט, זאָג איך, אייך, ווי אויף דעם חברה־מאַן, בירנבוים הייסט עס. איר האָט אים באַדאַרפט אָנקוקן, ווי ער איז זיך געשטאַנען ביי דער זייט, ווי א ווילד־פרעמדער, גלייך ווי מיט אים געהער זיך דאָס נישט אָן גאָרנישט. אָט ערשט, דאַכט זיך, האָט ער געאַרבעט מעשים: מענטשן! מענטשן! ער וויל זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן! און איצט שטייט ער, ווי א כשר לעמעלע, נעבעך גאָט די נשמה שולדיק!... האָט דאָס מיך שוין אָנגענומען, איר פאַרשטייט, צי ניין, ביים הארצן, און איך האָב זיך מיישב געווען: לאָם איך מיר כאָטש קילן דאָס הארץ פאַר מיין בלוט, וואָס ער האָט מיר אָפּגעצאַפּט דעמלט, דעם צווייטן מיי, אויב איר געדענקט, בשעת איך בין געשטאַנען פאַר אים און געבעטן זיך, ווי ביי א גזלן, ער זאָל מיר ארויסגעבן דעם בילעט.

— פאַני בירנבוים! — רוף איך מיך אָן צו אים. — אצינד האָט איר צייט זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן; אָט שטייען מענטשן אין באַנק. קיין עין־הרע, א סך! וואָס שווייגט איר? איר ווילט שוין נישט קיין מענטשן? אויס מענטשן?...

דער גאַנצער עולם איז געשטאַנען, איר פאַרשטייט, צי ניין, און געקוועלט. פון וואָס מע האָט געקוועלט — קאָן איך אייך נישט זאָגן: צי דאָס קוועלן איז געווען פון דעם, וואָס איך רוף מיין חברה־מאַן, בירנבוימען הייסט עס, אויף מענטשן? צי ס'איז גלאַט געווען אָנגעלייגט ביים עולם, וואָס פון די פינף־און־זיבעציק טויזנט האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך? קאָן איך אייך זאָגן, איר פאַרשטייט, צי ניין, און שווערן ביי וואָס איר ווילט, אז עס הייבט מיך נישט אָן צו ארן דאָס געלט — לאָז דאָס ברענען אויפן פייער! ארן ארט מיך נאָר, פאַרוואָס אז

בשעת *מע האָט נאָר געמיינט*, אז יעקב=יוסל האָט פינף=און=זיבעציק טויזנט, איז יעקב=יוסל געווען „רב יעקב=יוסל“; און איצט, אז מען איז געוואָר געוואָרן, אז יעקב=יוסל האָט, איך בעט איבער אייער כבוד, א פייג, ניִשט קיין פינף=און=זיבעציק טויזנט, — איז אן עק, אוים רב יעקב=יוסל!... וואָס, פארכעס, אין אייער פאָטער און מוטער אריין! וואָס האָב איך דאָ חוטא=בעגל געווען? יאָ פינף=און=זיבעציק טויזנט, נישט פינף=און=זיבעציק טויזנט — וואָס איז דאָ די נפקא=מינה?... הערט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, פאניע שלום=עליכם? איר מעגט זיך טאקע איבערנעמען מיט אייערע יידעלעך און מיט דער גאנצער וועלט! ס'איז, הערט איר, פע, א פאסקודנע וועלט, און א פאלשע וועלט, און א פארפירטע וועלט, און א נארישע וועלט! נאָר זייט זיך מודה, עס קלינגט אייך נאָך נישט אין די אויערן און עס דרייט זיך נאָך נישט אויף אייך דאָס היטל פון מיינע פינף=און=זיבעציק טויזנט? האָט נאָר קיין פאריבל נישט, וואָס איך האָב אייך אפשר אָנגעדולט א קאָפ, און זייט מיר געזונט, איר פארשטייט, צי נייִן, און לאָז גאָט געבן בעסערע געשעפטן.

# ווען איך בין ראָטשילד

א מאָנאָלאָג פון א כתרילעווקער מלמד

געשריבן אין יאָר 1902.

# ווען איך בין ראָטשילד

(א מאָנאָלאָג פון א כתרילעווקער מלמד)

— ווען איך בין ראָטשילד, — האָט זיך צעלאָזט א כתרי־לעווקער מלמד איינמאָל אין א דאָנערשטיק, בעת די רביצן האָט אים געמאָנט אויף שבת און ער האָט נישט געהאט, — אוי, ווען איך זאָל זיין ראָטשילד! טרעפט, וואָס איך טו? ראשית חכמה פיר איך איין א מנהג, אז א ווייב זאָל תמיד האָבן ביי זיך א דרייערל, בכדי זי זאָל פארשפּאָרן דולן א ספּאָדיק, אז סע קומט דער דאָנערשטיק און ס'איז נישטאָ אויף שבת... והשנית, קויף איך אוים די שבתדיקע קאפּאָטע, אָדער ניין — דעם ווייבס קעצענעם בורנוס — לאָז זי אויפהערן פּיקן אין קאָפּ אריין, אז ס'איז איר קאלט! און קויף אוועק די דאָזיקע שטוב אינגאנצן מיט אלע דריי הדרים, מיט דער קאמער, מיט דער שפּיזארני, מיטן קעלער, מיטן בוידעם, מיט הכל בכל מכל פלעקל, — לאָז זי נישט זאָגן אז ס'איז איר ענג; נא דיר אייעק צוויי הדרים, קאָן דיר, באק דיר, וואש דיר, בראָק דיר, און לאָז מיך צורו, איך זאָל קאָנען קנעלן מיט מיינע תלמידים מיט א ריינעם קאָפּ! נישטאָ קיין דאגות פּרנסה, מע באדארף נישט קלערן, ווו נעמט מען אויף שבת — מהיה נפשות! די טעכטער אלע חתונה גע־מאכט, אראָפּ א האָרב פון די פּלייצעס — וואָס פעלט מיר? הייב איך מיך אָן ארומקוקן אביסל אויף דער שטאָט. דאָס ערשטע בין איך מנדר א נייעם דאך אויפן אלטן בית־המדרש, לאָז אויפ־הערן קאפּען אויפן קאָפּ, בשעת יידן דאווענען: און, להבדיל, דאָס מרחץ בוי איך איבער אויפסניי, וואָרום נישט היינט־מאָרגן

— עס וועט דאָרט מוזן זיין אַן אומגליק, חס־ושלום. טאָמער פאַלט דאָס אויס אקוראַט בשעת נשים באָדן זיך, און וויבאַלד דאָס באָד, מוז מען שוין דאָס הקדש אוודאי צעוואַרפן און אנידערשטעלן א „בקור־חולים“, אָבער טאקע וואָס א בקור־חולים הייסט, מיט בעטלעך, מיט א דאָקטאָר, מיט רפואות, מיט יאיכלעך אלע טאָג פאַר די חולאים, ווי עס פירט זיך אין לייטישע שטעט. און א „מושב־זקנים“ שטעל איך אוועק, אלטע יידן לומדים זאָלן זיך נישט וואַלגערן אין בית־המדרש ביי דער הרובע. און א חברה „מלבוש־ערומים“, אָרעמע קינדער זאָלן נישט ארומגיין, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט די פּיפּקעס אין דרויסן, און א חברה „גמילות־חסדים“, אז איטלעכער ייד, סיי א מלמד, סיי א באַל־מעלאָכע, סיי א סוחר אפילו זאָל פאַרשפּאָרן צאָלן פּראָצענט. נישט דאַרפן פאַרמישכונען דאָס העמד פונעם לייב, און א חברה „הכנסת־כלה“, אז ווו ערגעץ אן אָרעם מיידל, נעבעך א דער־וואַקסענע, זאָל מען זי אויסקליידן, ווי עס געהער צו זיין, און חתונה מאַכן, און נאָך כדומה אזעלכע חברות פיר איך איין ביי אונדז אין כתרילעווקע... נאָר וואָס איז שייך עפּעס דווקא נאָר ביי אונדז אין כתרילעווקע? אומעטום, ווו עס געפינען זיך נאָר אחינו בני ישראל, פיר איך איין אזעלכע חברות, אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט! און בכדי עס זאָל זיך פירן מיט א סדר, ווי עס געהער צו זיין — טרעפט, וואָס טו איך? מאַך איך אויף אלע חברות איין חברה א גרויסע, א צדקה־גדולה־חברה, וואָס גיט אכטונג אויף אלע חברות, אויף אלע יידן, דאָס הייסט, אויף דעם כלל ישראל, אז יידן זאָלן אומעטום האָבן פּרנסה און לעבן אין אחדות און זאָלן זיצן אין די ישיבות און לערנען: חומש מיט רש״י, מיט גמרא, מיט תוספות, מיט מהרש״א, מיט אלע שבע חכמות און מיט אלע שבעים לשון, און אויף אלע ישיבות זאָל זיין איין ישיבה א גרויסע א יידישע אקאַדעמיע, אין דער ווילנע געוויינטלעך, וואָס פון דאָרטן זאָלן ארויסגיין די גרעסטע לומדים און חכמים אין דער וועלט, און אלצדינג זאָל זיין אומזיסט, „על חשבון הגביר“, אויף מיין קעשענע, און אלצדינג זאָל זיך פירן מיט א סדר און מיט א פּלאַן, עס זאָל נישט זיין קיין „גיב־מיר־נאַ־דיר־כאַפּלאַפּ“, און אלע זאָלן אין זינען האָבן נאָר טובת־הכלל!... און בכדי מע זאָל קאָנען טראָגן אויף דעם „כלל“ — וואָס דאַרף מען? דאַרף מען באַוואָרענען דעם „פּרט“. און מיט וואָס קאָן מען באַוואָרענען דעם פּרט? געוויינטלעך, מיט פּרנסה: וואָרום פּרנסה, הערט איר, דאָס איז דער רעכטער עיקר; אָן פּרנסה קאָן נישט זיין קיין

אחדות; איבערן שטיקל ברויט, משטיינס געזאָגט, איז איינער דעם אנדערן יורד לחייו, קאַפּאַל יענעם קוילן, סמען, הענגען!... אפילו די שונאי ישראל, אונדזערע המנס פון דער גאנצער וועלט, מיינט איר, וואָס האָבן זיי צו אונדז: גאָרנישט. נאָר צוליב פרנסה. זיי זאָלן האָבן פרנסה, וואָלטן זיי גאָר אזוי שלעכט נישט געווען. פרנסה ברענגט צו קנאה, קנאה ברענגט צו שנאה, און דערפון, רחמנא ליצלן, נעמען זיך אלע צרות אויף דער וועלט, אלע אומגליקן, נישט דאָ געדאכט, מיט אלע רדיפות, מיט אלע הריגות, מיט אלע רציחות און מיט אלע מלחמות...

אוי, די מלחמות, די מלחמות! דאָס איז, הערט איר, נאָר א שחיטה פאר דער וועלט! ווען איך בין ראָטשילד, מאך איך אויס מלחמות אָבער טאקע לחלוטין אויס!

ווערט איר דאָך פרעגן: ווי אזוי? נאָר מיט געלט. דהיינו? איך וועל עס אייך געבן צו פארשטיין מיט א שכל: למשל, צוויי מלוכות צעאמפּערן זיך איבער א נארישקייט דאָרט, א שטיקל ערד, וואָס איז ווערט א שמעק טאבאקע; „טעריטאָריע" הייסט עס ביי זיי. די מלוכה זאָגט, אז די טעריטאָריע איז איר טעריטאָריע און די מלוכה זאָגט: „ניין, ס'איז מיין טעריטאָריע". מששת ימי בראשית, הייסט עס, האָט גאָט באשאפן אָט דאָס שטיקל ערד פון איר כבוד וועגן. קומט צונייַן א דריטע און זאָגט: „איר זענט ביידע בהמות; די טעריטאָריע איז אלעמענס טערי-טאָריע, א רשות הרבים הייסט עס". הקיצור, טעריטאָריע אהער, טעריטאָריע אהין, מע „טעריטאָריעט" אזוי לאנג, ביז מע הייבט אָן שיסן פון ביקסן און הארמאטן, און מענטשן קוילן זיך איינס דאָס אנדערע ווי די שאָף, און בלוט, בלוט גיסט זיך אזוי ווי וואסער.

אָבער אז איך קום צו זיי לכתחילה און זאָג זיי: „שאט, ברי-דערלעך לאָזט אייך דינגען. אין וואָס גייט דאָ ביי אייך, איינגטלעך, דער גאנצער סכסוך? מע פארשטייט דען נישט אייער מיין? איר מיינט נישט אזוי די הגדה, ווי די קניידלעך. טעריטאָריע איז דאָך ביי אייך נאָר אָן אויסרייד; דער עיקר איז דאָך ביי אייך יענע מעשה, פעמי-מעמי, קאָנטריבוציע! און וויבאלד לשון קאָנטרי-בוציע — צו וועמען קומט מען אָן מיט א הלוואה? צו מיר, צו ראָטשילדן הייסט עס. אָבער, ווייסט איר וואָס? נא דיר, ענגלענ-דער מיט די לאנגע פיס און מיט די קעסטלדיקע הויזן, א מיליארד! נא דיר, נארישער טערק מיט דער רויטער יארמלקע, א מיליארד! נא דיר, מומע רייזל, אויך א מיליארד, ממה-נפשך, גאָט וועט אייך העלפן, וועט איר מיר אָפּצאָלן מיט פּראָצענט,

נישט חלילה קיין גרויס פּראָצענט, פיר אָדער פינף לשנה, איך וויל אויף אייך נישט רייד ווערן"...

פארשטייט איר שוין? אי איך האָב געמאכט א געשעפט, אי מענטשן הערן אויף צו קוילן איינס דאָס אנדערע, ווי די אָקסן, אומזיסט און אומנישט. און וויבאלד אויס מלחמות, הייסט צו וואָס באדארף מען דאָס כלי־זיין, מיטן חייל, מיט אלע זיבעצן זאכן, מיטן גאנצן טאראראם? אויף תשעה נייַנציק כפּרות! און וויבאלד אויס כלי־זיין, אויס חיל, אויס טאראראם, איז דאָך אויס שנאה, אויס קנאה, אויס טערק, אויס ענגלענדער, אויס פראנצויז, אויס ציגיינער, אויס ייד, להבדיל — די גאנצע וועלט באקומט גאָר דעמלט אן אנדער פּנים, ווי אין פּסוק שטייט ביי אונדז געשריבן: והיה, און ס'וועט זיין, ביום ההוא, דאָס הייסט, אז משיח וועט קומען!"... (שטעלט זיך אָפּ).

און אפשר, הא?... ווען איך בין ראָטשילד, קאָן זיין, אז איך בין גאָר מבטל דאָס געלט. אויס געלט! וואָרום, לאָמיר זיך נישט נארן, וואָס איז דען געלט? — געלט איז דאָך, אייגנטלעך, גאָר א הסכם, אן איינגערעדטע זאך. מע האָט גענומען א שטיקל פּאפּיר, אוועקגעשטעלט א צאצקע און אָנגעשריבן: „טרי רובליא סרעבראָם". געלט, — זאָג איך אייך, איז נישט מער ווי א יצר־הרע, א תאווה אזעלכע, איינע פון די גרעסטע תאוות, וואָס אלע ווילן דאָס און קיינער האָט דאָס נישט... אָבער, אז סע זאָל לחלוטין נישט זיין קיין שום געלט אויף דער וועלט, וואָלט דאָך דער יצר־הרע נישט געהאט וואָס צו טאָן, און די תאווה וואָלט נישט געווען קיין תאווה. איר פארשטייט, צי ניין? איי וואָס? איז דאָך די קשיא: ווו וואָלטן דעמלט גענומען יידן אויף שבת? (פארטראכט זיך אויף א ווייַלע). איז דער תירוץ: למאי ווו וועל איך איצטער נעמען אויף שבת?...

# גימנאזיע

געשריבן אין יאָר 1902.

# גימנאזיע

ווינטער, אקעגן מיר זיצט א ייד פון מיטעלע יאָרן, מיט א געל בערדל, שוין אביסל גרוילעך. א טכוירן טולופּל, אביסל אָפּגעבארעט. מיר האָבן זיך צערעדט.

— דער ערגסטער שונא, הערט איר, — רופט ער זיך אָן צו מיר — וועט אייך נישט טאָן דאָס, וואָס א מענטש קאָן טאָן זיך אליין, ובפרט, אז עס מישט זיך אריין א יידענע, א ווייב הייסט עס. אקעגן וואָס, מיינט איר, זאָג איך עס? אקעגן מיר אליין טאקע. אָט נעמט מיך, למשל, ווי איר זעט מיך אָטאָ — דאכט זיך, וואָס? א ייד, כ'לעבן, א מיטלמעסיקער. אויף דער נאָז ביי מיר שטייט נישט אויפגעשריבן: צי איך האָב געלט, צי האָב איך קיין געלט נישט, צי אפשר בין איך גאָר דערונטער? עס קאָן זיין, אז אמאָל האָב איך דווקא יאָ געהאט געלט, און נישט אזוי געלט אליין, געלט איז בלאָטע — פרנסה האָב איך געהאט, און בכבוד, און שטיל, נישט געפלויגן, נישט געטראס־קעט, ווי אנדערע, וואָס האָבן ליב פּי־פּו־פּא. ניין! איך גיי מיט דעם גאנג, אז שטיל און פּאמעלעך איז בעסער. שטיל און פּאמעלעך האָב איך מיר געהאנדלט, שטיל און פּאמעלעך א פּאָר מאָל געשטעלט זיך, אָפּגעעקט מיט די סוחרים, און ווידער גענומען זיך שטיל און פּאמעלעך צו דער ארבעט. איז דאָך אָבער פאראן א גאָט אויף דער וועלט, האָט ער מיר מזכה געווען מיט מיין אייגנס א ווייב... זי איז דאָ נישטאָ, קאָנען מיר רעדן עפנטלעך... א ווייב, הייסט דאָס, ווי אלע ווייבער, דאָס

הייסט, אז אויפן קוק איז זי אפילו דווקא גאָר נישקשהדיק.
אָן „אָסאָבע“, קיין עין־הרע, צוויי מאָל אזוי די גרויס ווי איך,
און נישט קיין מיאוסע, טאקע א יפת־תואר, קאָן מען זאָגן,
און נישט קיין נארישע, א קלוגע, מע קאָן זאָגן א גאנץ קלוגע,
א בר־דעת, א גאנצער מאנסביל — און דאָס איז ערשט דער
גאנצער חסרון: אוי, נישט גוט, הערט איר, אז דאָס ווייב איז
א מאנסביל! טויזנט מאָל קלוג — אז דער אויבערשטער האָט
פאָרט באשאפן פריער אָדם־הראשונען און נאָכדעם שוין חוהן.
גייט־זשע אָבער רעדט מיר איר, זאָגט זי: „וואָס דער אויבערשטער
האָט באשאפן פריער אייך און נאָכדעם אונדז — דאָס איז,
זאָגט זי, זיין עסק; נאָר דאָס, זאָגט זי, וואָס ער האָט מיר, זאָגט
זי, אריינגעגעבן אין פּיאַטע מער שכל, ווי דו האָסט אין קאָפּ,
בין איך אין דעם, זאָגט זי, כלל נישט שולדיק“. „אקעגן וואָס,
זאָג איך, איז דאָס געקומען צו רייד?“ „אקעגן דעם, זאָגט זי,
איז דאָס געקומען צו רייד, זאָגט זי, אריינגעבן אין גימענאזיע
באדארף אויך אין זינען האָבן איך“. „וווּ שטייט דאָס, זאָג איך,
געשריבן, „גימענאזיע“? איך קאָן נישט באשטיין, זאָג איך, אז
ער זאָל די תורה אויסלערנען אין דער היים?“ „איך האָב דיר
שוין טויזנט מאָל, זאָגט זי, געזאָגט, אז דו וועסט ביי מיר נישט
פּועלן, איך זאָל, זאָגט זי, גיין קעגן די וועלט; די וועלט איז זיך,
זאָגט זי, נוהג, אז קינדער גייען היינט אין גימענאזיע“. „נאָך מיין
שכל, זאָג איך, קומט אויס, אז די וועלט איז משוגע“. „נאָר דו
איינער, זאָגט זי, ביסט א קלאָרער! די וועלט, זאָגט זי, זאָל גיין
מיט דיין שכל, וואָלט זי געהאט א שיין פּנים!“ „איטלעכער
מענטש, זאָג איך, גייט זיך מיט זיין שכל“. מיינע שונאים, זאָגט
זי, און מיינע פריינדס שונאים מעגן דאָס פארמאָגן אין קעשענע,
אין קאסטן און אין שאפע, וואָס דו פארמאָגסט אין קאָפּ, וואָלט
שוין דעמלט געווען אויף איין אופן“. „אז אָך און ווי איז, זאָג
איך, דעם מאנסביל, אז א נקבה דארף אים זאָגן מבינות!“...
„אז אָך און ווי איז, זאָגט זי, דער נקבה, וואָס האָט אזא מאנס־
ביל, וואָס די נקבה זאָל דארפן זאָגן אויף אים מבינות!“... היינט
גייט טענהט זיך אוים מיט א ווייב! אז איר זאָגט איר דאָס,
ענטפערט זי אייך בווידעם, איר זאָגט איר א וואָרט, גיט זי אייך
אויסגאָב צוועלף, און טאָמער שווייגט איר איר אָפּ, הייבט זי גאָר
אָן צו וויינען, אָדער זי נעמט, איך בעט איבער אייער כבוד, און
פאלט הלשות — זעט איר, דעמלט בין איך אייך שוין אוודאי
מקנא! בקיצור, אהין־אהער, אויסגעפירט האָט זי, נישט איך,
וואָרום לאָמיר זיך נישט נארן, אז זי וויל, איז עפּעס א תירוץ?...

על=כפּנים, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? — גימענאַזיע! מע באַדאַרף, הייסט עס, זיך נעמען צוגרייטן אים, ער זאָל אַריין, ראשית=חכמה, אין „מלאָדשי פּריגאָטאָוויטעלנע“. אַוודאי איז עס אַ גרויסע תורה: אַ קלייניקייט — „מלאָדשי פּריגאָטאָוויטעלנע“! דאַכט מיר, אַז ביי אונדז אַ ליאַדע חדר=ייִנגל, אַ דרדקי, וועט זיי אַלע פאַרשטעקן אין גאַרטל. ובפרט נאָך אַזעלכער ווי מײַנער, וואָס מע זאָל אויספאָרן און אימפּעריע, וועט איר נישט געפינען דעם צווייטן! איך בין דאָך אַ פאָטער, נישט שייך צו זאָגן; נאָר יענער האָט אַ קאָפּ, וואָס סע עקט זיך די וועלט! וואָס טויג אייך לאַנגע רייד, ער איז אַוועקגעגאַנגען און, האָט זיך געשטעלט און האָט געהאַלטן און האָט... נישט אויסגעהאַלטן. וואָס איז די מעשה? ער האָט געכאַפּט אַ צוויי פאַר רעכענען. ער איז, זאָגן זיי, שוואַכלעך אינעם חשבונען, אין „חכמת האַמאַטעמאַטיקע“ הייסט עס. ווי געפעלט אייך אַזאַ געשיכטע? יענער האָט אַ קאָפּ, וואָס סע עקט זיך די וועלט, מע זאָל אויספאָרן אַן אימפּעריע, דערציילן זיי מיר מעשיות — מאַטעמאַטיקע! בקיצור, ער האָט נישט אויסגעהאַלטן! דאָס האָט מיך אַוודאי זייער גוט פאַרדראָסן: ער איז שוין געגאַנגען האַלטן, נעבעך=בי וואָלט ער אויסגעהאַלטן. נאָר איך בין דאָך אַ מאַנסביל, נישט קיין נקבה, האָב איך מיך מיישב געווען: אַ שיינע ריינע כפּרה, אַ ייִד איז געווינט געוואָרן... גייט זשע אָבער שמועסט מיט איר, אַז זי האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ משוגעת: איין מאָל פאַר אַלע מאָל — גימענאַזיע! — טענה איך מיט איר: „זאָג מיר, זאָג איך, זאָלסט מיר זײַן געזונט, צו וואָס, זאָג איך, דאַרפסטו דאָס? צום פּריזיוו? — איז ער, ברוך השם, אַ באַוואָרנטער, זאָג איך, אַן אײנאונאייִנציקער. צו פּרנסה? — באַדאַרף איך עס, זאָג איך, אויך אויף כּפּרות: וואָס אַרט מיך, זאָג איך, אַז ער וועט זײַן אַ קרעמער גלייך מיט מיר. צי אַזוי אַ סוחר, ווי אַלע ייִדן? און טאָמער איז אים, זאָג איך, באַשערט צו זײַן אַ נגיד, אַ באַנקיר, בין איך, זאָג איך, אויך נישט בדלות“. אַזוי טענה איך מיט איר, הערט עפּעס די וואַנט? „גלייכער אַזוי, וואָס ער איז, זאָגט זי, נישט אַריין אין מלאָרשי פּריגאָטדוויטעלנע“. „וואָס איז זדען“? „אַזוי, זאָגט זי: ער וועט שוין, זאָגט זי, בעסער אַריין גלייך אין סטאַרשע פּריגאָטאָוויטעלנע“. עס שפּילט ביי מיר אַוודאי אַ גרויסע ראָלע, אַז יענער האָט אַ קאָפּ, מע זאָל אויספאָרן אַן אימפּעריע! וואָס לאָזט זיך אויס דער סוף? ס'איז געקומען צו דעם רעכטן שפּיל —

ווידער א צוויי. שוין נישט פאר מאטעמאטיקע; א נייער אומגליק: דאָס אויסלייגעכטס איז ביי אים נישט ווי מע באדארף, דאָס הייסט, לייגן לייגט ער אוים גוט, נאָר וואָס דען? אויף איין אות איז ער אביסל דאָסיק: אויף דער „בוקווע יאטי“. דאָס הייסט, שטעלן שטעלט ער אים, דעם „יאטי“, פארוואָס זאָל ער אים נישט שטעלן? דער הסרון, זאָגן זיי, ער שטעלט אים נישט דאָרט, וווּ מע באדארף. בין איך בדלות! איך ווייס גאָר נישט, הערט איר, ווי אזוי וועל איך קאָנען פאָרן קיין פּאָלטאַווע און קיין לאָדזש אויפן יאריד, אז טאָמער וועט ער חלילה נישט שטעלן דעם „יאטי“ אָט דאָרטן, ווו זיי ווילט זיך! הכלל, אז מע האָט אונדז אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, האָט זי דאָך מסתמא איינגעלייגט די וועלט; געפלויגן צום דרעקטאָר, געטענהט, אז ער קאָן, ער יכולט: א סימן, זאָגט זי, אָט לאָז מען אים אריינפירן און פארהערן איבערנייס, נאָך אמאָל פונעם אָנהייב. האָט מען זי דאָך געהערט מסתמאָ ווי דעם פאראיאָריקן שניי — געשטעלט א צוויי! און נאָך א מין צוויי, מיט א מינוס א צוויי, און גיי רוף מיך קנאקניסל! א געוואלד, א געפילדער: סטייטש, ווידער נישט אויסגעהאלטן! זאָג איך צו איר: „נו אם=כן, זאָג איך, וואָס זאָל מען טאָן? באדארף מען זיך, זאָג איך, טאקע נעמען דאָס לעבן?! א ייד, זאָג איך, איז געווינט געוואָרן“... ווערט זי דאָך מסתמאָ אָנגעצונדן און הייבט דאָך אָן מסתמא צו פייערן, באגראָבן און שעלטן, ווי זיי קאָנען... נאָר דאָס בין איך אייך מוחל. א רחמנות איז נעבעך געווען אויף אים, אויפן קליינעם, א צער בעלי=חיים. סטייטש, אזא אומגליק: אלע וועלן זיך אָנטאָן אין ווייסע קנעפּלער, און ער נישט!... טענה איך מיט אים: „שוטה איינער, וואָס דו ביסט! פרא=אָדם! ס'איז דען א היכי=תמצא, זאָג איך, אז די גאנצע וועלט זאָל אריין? נארעלע, עמעצער מוז דאָך, זאָג איך, בלייבן אין דער היים אויך, צי ניין? עלעהיי, זאָג איך, צום פריזיוו“... ווערט זי מלא כעס און פאלט אָן אויף מיר מיט א געוואלד: „א שיינער בעל=רחמניק, זאָגט זי, ווער בעט דיך, זאָגט זי, זאָלסט אים טרייסטן מיט אזעלכע קלוגע דבורים? דו זעסט בעסער, זאָגט זי, מע זאָל פון זיינעטוועגן קריגן עפּעס א רעכטן לערער, זאָגט זי, א באזונדערן, א רוסישן, אויף גראמאטיקע!“...

איר הערט ווערטער? שוין צוויי לערערס זאָל איך האלטן; איין לערער מיט איין מלמד איז קארג! בקיצור, אהין=אהער, אויסגעפירט מסתמא האָט זי, נישט איך, וואָרום אז זי וויל, איז עפּעס א תירוץ?...

על־כּפּנים, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? מע האָט צוגענומען א נייעם לערער, א רוסישן שוין, נישט חלילה קיין יידישן, פּע! נאָר טאקע א גוי ממש. וואָרום גראמאטיקע, פארשטייט איר מיך. אין ערשטן קלאס אריין — דאָס איז דאָך הארבער פון כריין. א קלייניקייט — גראמאטיקע! „בוקווע יאטי“! מילא, איך זאָל אייך דערציילן פונעם לערער, וואָס גאָט האָט אונדז צוגעשיקט, איז נאָר א בזיון אויסצוזאָגן. מיר האָבן געהאט פון אים אָפּגע־שניטענע יאָר. ער האָט אונדז אלעמען געמאכט מיט דער בלאָטע גלייך, געלאכט און געשפּעט פון אונדז אין די אויגן. למשל, ער האָט, ברענען זאָל ער, קיין אנדער זאך אים נישט געקאָנט אויסקראצן, בשעת לערנען מיט אים גראמאטיקע, ווי קנאָבל: „טשאסנאָק, טשאסנאָקאָ, טשאסנאָקו, טשאסנאָקאָיו“ — דער רוח זאָל אים נעמען! ווען נישט זי, וואָלט איך אים אָנגענומען פארן גאָרגל און וואָלט אים ארויסגעוואָרפן צו אלדי שווארצע יאָר מיט זיין שיינער גראמאטיקע! ביי איר איז אָבער אלצדינג געווען כדאי. וואָס איז? ער וועט וויסן, ווו מע דארף שטעלן א „יאטי“ און ווו נישט. מאָלט אייך, מע האָט אים דעם ווינטער געגעוג אָנגעמוטשעט, און ערשט ארום שבועות האָט ער באדארפט גיין צו דער שחיטה. געקומען נאָך שבועות, איז ער געגאנגען און געשטעלט זיך און געבראכט צו טראָגן אהיים שוין נישט קיין צוויי, נאָר א פיר מיט א פינף, א שמחה, א גדולה — מזל־טוב! מע ווייסט נאָך נישט אקוראט, צי ער איז אריין; דאָס וועט מען ערשט וויסן ארום אווגוסט. פארוואָס נישט באלד? גייט פרעגט זיי! נאָר וואָס זאָל מען טאָן? א ייד איז געוווינט געוואָרן...

געקומען אווגוסט, איך טו א קוק — מיינע רוט נישט; פונעם דירעקטאָר צום ספּעקטאָר, פונעם ספּעקטאָר צום דירעקטאָר. וואָס לויפסטו היינט ארום, זאָג איך צו איר, ווי א פארסמטע מויז, זאָג איך, פון שמונים צו בוגין?“... „וואָס הייסט, זאָגט זי, וואָס איך לויף? ביסט נישט קיין היגער? דו ווייסט, אפּנים נישט זאָגט זי, וואָס עס טוט זיך אָפּ היינטיקע יאָרן, זאָגט זי, אין די גימנאזיעס מיט די פּריצעגטן?“... כך הוה — וואָס לאָזט זיך אויס? ער איז דאָך טאקע נישט אריין! פארוואָס? ווילט איר וויסן? דערפאר, וואָס נישט קיין צוויי פינפן, ער זאָל געווען, זאָגן זיי, האָבן צוויי פינפן, וואָלט ער אפשר, זאָגן זיי, אריין. איר הערט? — אפשר! געפעלט אייך דער „אפשר“? מילא, וואָס איך האָב געהאט פון איר — דאָס בין איך אייך מוחל. א רחמנות איז נעבעך געווען אויף אים. אויפן קלייגעם; ליגט מיטן פּנים אין קישן און הערט נישט אויף צו וויינען. אזוי לאנג

אזוי ברייט, ביז מע האָט אים געמוזט נעמען א נייעם לערער, טאקע א סטודענט פון דער גימענאזיע און מע האָט אים גענומען צוגרייטן שוין אין דער צווייטער קלאס אריין, נאָר באופן אחר, וואָרום צווייטע קלאס איז נישט קיין שפּילכל: אהינצו דארף מען שוין, א חוץ גראמאטיקע און מאטעמאטיקע, אויך געאָגראַפיע, מיט טשיסטאָפּיסאניע, מיט איך ווייס אליין נישט וואָס! כאָטש אז מע וויל צוריק, נאט אייך דריי גראָשן; א שטיקל מהרש"א איז א סך שווערער פון אלע זייערע לערנעכטסן, און אפשר שכלדיקער אויך. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? א ייד איז געוווינט געוואָרן...

בקיצור, עס האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה אוראָקן: אויפגעשטאנען גאנץ פרי — די אוראָקן, אָפּגעדאווגט און איבערגעביסן — די אוראָקן. א גאנצן טאָג — אוראָקן. ביז שפּעט ביינאכט הערט מען ווי ער טאראכאנעט: „אימעניטעלנע=דאַטעלנע, סלאָזשיטעלנע=וויטשיטאטעלנע“ — עס גרילצט אזש אין די אויערן! ווער עסן? וואָס שלאָפן? „גענומען נעבעך א נפש, זאָג איך, און מע מוטשעט אים אוימזיסט=אומנישט! ס'איז, זאָג איך, א צער בעלי=חיים, דאָס קינד, זאָג איך, וועט חלילה קראנק ווערן!“ „ביים זיך אָפּ, זאָגט זי די צונג!“ וואָס טויג אייך, ער איז אוועקגעגאנגען ווידער אמאָל צו דער שחיטה און ער האָט געבראכט צו טראָגן גאָלע פינפן! וואָס דען? יענער האָט א קאָפּ, מע זאָל אויספּאָרן אן אימפּעריע! איז, דאכט זיך, גוט? איאָ? געקומען צום שפּיץ, מע האָט ארויסגעהאָנגען אין דער גימענאזיע די נעמען פון אלע צוגענומענע קינדער אויף דער וואנט, מע טוט א קוק — נישטאָ מיינער! א געוואלד, א געשריי: סטייטש, אזא רציחה! גאָלע פינפן!!! אָט וועט זי גיין אָט וועט זי לויפן, אָט וועט זי זיין אזוי און אזוי!... בקיצור, זי איז געגאנגען און געלאָפן — אזוי לאנג, ביז מע האָט זי געבעטן, זי זאָל אויפהערן דולן א קאָפּ, דאָס הייסט, מע האָט זי פּשוט, צווישן אונדז רעדנדיק, מחילה, דורכגעטריבן. און אז מע האָט זי דורכגעטריבן, איז זי ערשט דעמלט אריינגעפאלן אין שטוב אריין מיט א געוואלד עד לב השמים: „סטייטש, זאָגט זי, וואָס פאר א פאָטער ביסטו? דו זאָלסט זיין, זאָגט זי, א געטרייער פאָטער, א ווארעמער, אזוי ווי אנדערע פאָטערס, וואָלסטו, זאָגט זי, אויך געפונען א זכות=אבות, אזוי ווי אנדערע צום דרעקטאָר, פּראָטעקציעס, קענטשאפּט!“... געפעלט אייך אן איינפאל פון א יידענע? קארג, אפנים, וואָס איך טראָג אויפן קאָפּ די זמנים מיט די יארידים, מיט די קוויטלעך, מיט די וועקסלען, מיט די פּראָטעסטן,

מיט די איבעריקע צרות? צי דו ווילסט אפשר, זאָג איך, איך זאָל זיין אן אָנזעצער איבער דיין גימענאזיע מיט דיינע קלאסן. וואָס ליגן מיר שוין, זאָג איך, אָט אדאָ?!"... וואָרום מען איז דאָך, ווי זאָגט איר, נישט מער ווי א מענטש, און איטלעכער מענטש האָט דאָך א גאל, שיסט מען אוים... גאָר אויסגעפירט האָט מסתמא זי, נישט איך. וואָרום אז זי וויל, איז עפּעס א תירוץ?...

על־כּפּנים, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? איך האָב גענומעו זוכן זכות־אָבות, קענטשאפט; איך האָב מיר געשווארצט דאָס פּנים, געליטן בזיונות, וואָרום יעדער פרעגט א קשיא, און איז גערעכט. „איר זענט, קיין עין־הרע, זאָגן זיי, רב אהרן, א ייד א באלעבאָס און האָט איין שטיקל בן־יחיד, — וועלכער גוטער יאָר טראָגט אייך, איר זאָלט זיך מיט אים שטופּן ווו מע דאַרף נישט?"... נו, גיי דערצייל זיי מעשיות, אז איך האָב מיין אייגנס א ווייב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר, וואָס האָט זיך אריינגענומען א משוגעת אין קאָפּ אריין: גימענאזיע און גימענאזיע און גימענאזיע! וואָס טויג אייך, איך בין, ווי איר זעט מיך אָט־אָ אליין אויך נישט פון די גרויסע שלימזלניקעס. איך האָב מיר מיט גאָטס הילף אויסגעטראָגן א שטיקל וועג, גלייך אהין ווו מע באדאַרף, איך האָב מיך דערשלאָגן צום אָדון בפקדך אין קאבינעט אריין, צום דרעקטאָר, הייסט עס, איך האָב מיך אוועקגעזעצט מיט אים איינטענהן, אזוי און אזוי — איך קאָן, ברוך השם, רעדן מיט א פּריץ, אז איך וויל, די צונג פּיקן באדאַרף מען מיר נישט. „טשטאָ וואם אוגאָדנאָ?" — פרעגט ער מיך און בעט מיך זיצן. זאָג איך אים שטיל אויפן אויער: „גאָספּאָדין דרעקטער, זאָג איך, מי, זאָג איך, ליודי נע באָגאטיע נאָ או נאס, זאָג איך, יעסט, זאָזג איך, מאלענקע סאָסטאָיאניע אי אדין כאָראָשעי, זאמעטשאטעלנע מאלטשיק, קאטאָרע, זאָג איך, כאָטשעט אוטשיטסא; אי יא, זאָג איך, כאָטשו; נאָ מאָיע זשענא, זאָג איך, אָטשען כאָטשעט!"... מאכט ער צו מיר נאָך אמאָל: „טשטאָ וואם אוגאָדנאָ?" זאָג איך צו אים נאָך אמאָל און רוק מיך צו צו אים נאָך נענטער: „פּריצוגיו, זאָג איך, מי, זאָג איך, ליודי נע באָגאטיע, נאָ או נאס, זאָג איך, יעסט, זאָג איך, מאלענקע סאָסטאָיאניע אי אָדין כאָראָשעי, זאמעטשאטעלנע מאלטשיק, קאטאָרע, זאָג איך, כאָטשעט אוטשיטסא; אי יא, זאָג איך, כאָטשו; נאָ מאָיא זשענא, זאָג איך, אָטשען כאָטשעט!"... און קוועטש אים דעם „אָטשען", ער זאָל מיך פארשטיין... איז דאָך עס אָבער א גוישער קאָפּ, שטויסט ער זיך נישט וואָס

איך מיין, און מאכט צו מיר שוין מיט כעס: „טאק טשטאָ זשע וואס אוגאָדנאָ?!“ גיי איך און לייג אריין די האנט אין קעשענע פאוואָלינקע און נעם ארויס פאוואָלינקע און מאך צו אים פאַ־וואָלינקע: איזוויניטיע, גאָספּאָדין דרעקטאָר, מי, זאָג איך, ליודי נע באָגאטיע, נאָ או נאס, זאָג איך, יעסט מאלענקע, זאָג איך, סאָסטאָיאניע אי אָדין כאראָשעי, זאמעטשאטעלנע מאלטשיק, קאטאָרע, זאָג איך, כאָטשעט אוטשיטסא; אי יא, זאָג איך, כאָטשו; נאָ מאָיא זשענא, זאָג איך, אָטשען כאָטשעט!“ און קוועטש דעם „אָטשען“ נאָך שטארקער, און נעם און רוק אים אריין... בקיצור — יאָ! ער האָט פארשטאנען וואָס איך מיין. און גייט און נעמט ארויס א ביכעלע און פרעגט מיך אויס, ווי אזוי איך הייס, און ווי אזוי עס הייסט דער זון מיינער, און אין וואָסער קלאס וויל איך, ער זאָל אריין?... קלער איך מיר: „אָט אזוי זשע רעד!“ און איך מאך אים קלאָר, אז הייסן הייס איך קאַץ, אהרן קאץ, און מיינער הייסט משה, מאָשקע הייסט עס, און אריין, וויל איך, זאָל ער אין דריטע קלאס. רופט ער זיך אָן צו מיר: וויבאלד אז איך הייס קאץ און מיין זון הייסט משה, מאָשקע הייסט עס, און וויל אריין אין דריטע קלאס, זאָל איך אים ברענגען, זאָגט ער, צו פירן אין יאנוואר, וועט ער דעמלט געוויס אריין. איר פארשטייט? שוין גאָר אנדערע דיבורים! אפנים, אז מע שמירט, פאָרט מען?... דער חסרון איז נאָר, וואָס נישט באלד. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? מע הייסט ווארטן, דארף מען ווארטן. א ייד איז געוווינט געוואָרן...

געקומען יאנוואר — ווידער אמאָל א טארעראם, א לויפעניש אהין, אהער, הײנט־מאָרגן דארף זיין אן אסיפה, א סאָוויעט הייסט עס. עס וועלן זיך צונויפקלייבן דאָרטן דער דרעקטאָר מיטן ספּעק־טאָר מיט אלע לערערס פון דער גימנאזיע, און ערשט נאָך דער אסיפה, נאָכן סאָוויעט הייסט עס, וועט מען וויסן, צי ער איז אריין, צי ניין. געקומען צו דער רעכטער ארבעט — מיינע איז נישטאָ אין דער היים; נישטאָ קיין ווארעמעס, נישטאָ קיין סאמאָוואר. נישטאָ גאָרנישט. וווּ איז זי ערגעץ? זי איז אין גימענאזיע איז זי. דאָס הייסט, נישט אין גימנאזיע, נאָר ביי דער גימנאזיע; דרייט זיך ארום אין דרויסן אויפן פראָסט פון גאנץ פרי אָן און ווארט ביז מע וועט זיך צעגיין פון דער אסיפה, פונעם סאָוויעט הייסט דאָס... דער פראָסט ברענט, א זאווערוכע, ס'קערט די וועלט — און זי דרייט זיך ארום אין דרויסן ביי דער גימענאזיע און ווארט. א שיינע מעשה! דאכט מיר, דו ווייסט גאנץ גוט, אז וויבאלד מע זאָגט צו, איז מסתמא הייליק, ובפרט...

איר פאַרשטייט? נאָר גייט רעדט מיט א יידענע! בקיצור, זי וואַרט א שעה, זי וואַרט צוויי, זי וואַרט דריי, זי וואַרט פיר; אַלע קינדער זענען זיך שוין צעגאַנגען אַהיים פון דער גימנאַזיע, און זי וואַרט נאָך. וואָס טויג אייך, זי האָט אָבער אַזוי לאַנג געוואַרט, ביז זי האָט זיך פאַרט דערוואַרט: עס עפנט זיך די טיר און עס גייט אַרויס פון דאָרטן איינער פון די לערערס. שפרינגט זי צו צום לערער און טוט אים א כאַפּ, צי ווייסט ער נישט, מיט וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט די אסיפה, דער סאָוויעט הייסט דאָס? זאָגט ער: פאַרוואָס זאָל ער נישט וויסן? מע האָט, זאָגט ער, צוגענומען אַרום און אַרום פינף-און-אַכציק קינדער, דריי-און-אַכציק קריסטלעכע און צוויי יידישע. פרעגט זי, וועמען? זאָגט ער: איינעם א שעפּסלזאָן און איינעם קאַץ. דערהערט דעם נאָמען קאַץ, מיינע — פייל אויסן בויגן, פאַלט אַריין אין שטוב אַריין מיט א גדולה: „מזל טוב! איך דאַנק דיר, רבונו של עולם! איך דאַנק דיר! צוגענומען! צוגענומען!“... און בשעת מעשה שטייען איר טרערן אין די אויגן. מיר, פאַרשטייט זיך, טוט אוודאי אויך הנאה די מעשה, נאָר גיין טאַנצן בין איך נישט מחויב; דערויף בין איך דאָך א מאַנסביל, נישט קיין נקבה... איך זע אַרויס, זאָגט זי צו מיר, אַז ביי דיר איז דאָס ווינציק=וואָס אַנגעלייגט?“ „פון וואַנען, זאָג איך, לערנסטו דיר אַזוי דעם פּשט?“ „אַזוי, זאָגט זי, וואָרום דו ביסט א קאַלטער מלאך. דו זאָלסט, זאָגט זי, וויסן, ווי אַזוי דאָס קינד געבעדט צאַפּלט, וואָלסטו נישט אַזוי געזעסן. דו וואָלסט שוין לאַנג, זאָגט זי, געלאָפן אים באַשטעלן א מונדירל, זאָגט זי, און א היטעלע און א רענצעלע, זאָגט זי, און מאַכן, זאָגט זי, א סעודה פאַר גוטע פריינד“. „וואָס עפּעס פּלוצעם א סעודה אין מיטן דרינען, זאָג איך, ס'איז א בר-מצווה? צי א קנס-מאָל?“ אַזוי מאַך איך צו איר גאַנץ רואיק, וואָרום איך בין דאָך עפּעס א מאַנסביל, נישט קיין נקבה... ווערט זי ברוגז און הערט גאָר אויף צו רעדן! און א ווייב, אַז זי הערט אויף צו רעדן, איז דאָך טויזנט מאָל ערגער ווי געשאָלטן, וואָרום אַז זי שעלט, הערט מען כאָטש א קול פון א מענטשן, און אַזוי — גיי רעד צו דער וואַנט!... בקיצור, וואָס זאָלט איר דאָ קלערן? מסתמא האָט זי אויסגעפירט, נישט איך. וואָרום אַז זי וויל, איז עפּעס א תירוץ?...

על-כּפּנים, מע האָט געמאַכט א סעודה, מע האָט צונויפגערופן פריינד און גוטע פריינד, און מיינעם האָט מען אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס, א מונדיר זייער א שיינעם מיט ווייסע קנעפּלעך, א היטעלע און פון פאָרנט א צאַצקע — א גובערנאַטאָר!...

אָן אים, אָנעם קלײנעם הײסט עס, האָט מען באמת געהאט א מצווה נעבעך, באמת ארײנגעזעצט א נײע נשמה, ממש מחיה געווען. ער האָט געשײנט, זאָג איך אײך, ווי די זון אום תמוז. דער עולם האָט געטרונקען לחיים, געווינטשעוועט: „ער זאָל לערנען געזונטערהײט און ענדיקן געזונטערהײט די גימנאזיע, און זאָל גײן און גײן"... „עט, זאָג איך, דאָס איז דווקא נישט אזוי נײטיק; מע וועט זיך באגײן, זאָג איך, אָן דעם אויך. לאָז ער מיר נאָר דורכגײן די ערשטע עטלעכע קלאסן גימענאזיע, זאָג איך, מאַד איך אים התונה, אם ירצה השם, מיט גאָטס הילף"... רופט זיך אָן מײנע מיט א שמײכעלע און קוקט בשעת מעשה אויף מיר מיט אויגן: „זאָגט אים, אז ער האָט, זאָגט זי, מחילה, א גרויסן טעות: ער גײט, זאָגט זי, מיטן אלטן שניט"... „זאָגט איר, אז איך זאָל, זאָג איך, האָבן די ברכות, וואָס דער אלטער שניט איז, זאָג איך, געווען בעסער פונעם נײעם שניט"... זאָגט זי: „זאָגט אים, אז ער איז, לאָז ער מיר מוחל זײן..." ווערט צווישן עולם א געלעכטער: „אוי, זאָגן זײ, רב אהרן, האָט איר א ווײב, קײן עין־הרע! א קאָזאק, נישט קײן ווײב!"... בתוך כך האָט דער עולם גענומען צו גלעזלעך ווײן, גוט א לעק געטאָן, איז מען געוואָרן, ווי זאָגט ער, לעבעדיק, און מע האָט געכאפט א רקודל גאָר אויף אן אנדער אויפן; מע האָט אונדז גענומען בײדן אין קאָן ארײן, און דעם קלײנעם אויך אין מיטן, און מע האָט געהעפעט גאָר קײן מעשה נישט, טאקע ביזן ווײסן טאָג ארײן. אין דער פרי זענען מיר אוועק מיט אים אהינצו. געקומען אהינצו, איז נאָך מסתמאָ פרי, צוגעשלאָסן טיר און טויער, נישטאָ, ווי זאָגט ער, קײן משוגענער הונט אין דער ווײבערישער שול. אָנגעשטאנען זיך אין דרויסן און גוט אָנגעפרוירן זיך אויפן פראָסט, האָבן מיר זיך פשוט מחיה געווען, אז מע האָט אונדז געעפנט די טיר און מע האָט אונדז, ברוך השם, ארײנגעלאָזט אינעווײניק. גיך האָבן אָנגעהויבן צונויפקומען זיך די חברה קלײנוואַרג מיט די רענצלעך אויף די פלײצעס. ס'איז געוואָרן א ליארעם, א טומל, א גערעדעריי, מיט א לאכערײ, מיט א הו־הא — א יאריד! בתוך־כך קומט צו צו אונדז עפעס אײנער מיט גאָלדענע קנעפ, א לערער פון דער גימענאזיע ווײזט אויס, און מיט א בויגן פאפיר אין די הענט, און טוט מיך א פרעג: וואָס דארף איך? ווײז איך אים אויף מײנעם, אז דאָס האָב איך אים געבראכט צו פירן אין חדר, אין גימענאזיע הײסט דאָס. פרעגט ער מיך: אין וועלכע קלאס? זאָג איך: אין דריטע; ערשט נישט לאנג, זאָג איך, צוגענומען. פרעגט ער מיך: ווי

אזוי איז דער נאָמען זיינער? זאָג איך: קאַץ, משה קאַץ, דאָס הייסט — מאָשקע קאַץ. זאָגט ער: מאָשקע קאַץ? מאָשקע קאַץ איז ביי אים נישטאָ אין דריטער קלאַס; פֿאַראַן, זאָגט ער, ביי אים א קאַץ, אָבער נישט קיין מאָשקע, נאָר מאָרדוך קאַץ... זאָג איך: „קאַקאָי מאָרדוך? מאָשקע, א ניע מאָרדוך!“ מאַכט ער צו מיר: „מאָרדוך“, און טיטשעט מיר דאָס פּאַפּיר אין פּנים אַריין. איך אים: מאָשקע! און ער מיר: מאָרדוך! בקיצור, מאָשקע=מאָרדוך, מאָרדוך=מאָשקע, מיר האָבן זיך אזוי לאַנג געמאָשקעט און געמאָרדוכט, ביז מיר זענען געוואָרן א שיינע מעשה: וואָס סע האָט געזאָלט מיינעם, איז געווען יענעם, איר פֿאַרשטייט א חתונה? טעות גוי מותר... מע האָט טאַקע צוגענומען איינעם א קאַץ — יאָ! — נאָר, על=פּי טעות, אַן אַנדערן, נישט אונדזערן. פֿאַראַן, פֿאַרשטייט איר מיך, צוויי קעץ ביי אונדז אין שטאָט!...

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איר האָט באַדאַרפֿט זען דאָס צער=בעלי=חיים פֿון מיינעם, בשעת מע האָט אים געהייסן מחילה, אַראָפּנעמען די צאַצקע פֿונעם היטעלע! א כלה צום באַדעקנס באַדאַרף געוויס אזוי פֿיל טרערן נישט פֿאַרגיסן, וויפֿל מיינער האָט יענעם טאָג אויסגעגאָסן! וואָס איך האָב אים נישט גע=בעטן — נישט מיט גוטן, נישט מיט בייזן! „זעסטו, זאָג איך צו איר, וואָס דו האָסט אָפּגעאַרבעט פֿאַר א חתונה? האָב איך דיר, זאָג איך, נישט געזאָגט, אז דיין גימנאַזיע איז פֿאַר אים א שחיטה? גאָט זאָל העלפֿן, זאָג איך, עס זאָל אונדז כאָטש, זאָג איך, אָפּלויפֿן גלאַט, ער זאָל דאָס חלילה, זאָג איך, נישט אויס=קרענקען“... „לאָזן מיינע שונאים זאָגט זי, קרענקען, אז זיי ווילן. מיין קינד, זאָגט זי, מוז אַריין אין גימנאַזיע! איז ער נישט אַריין, זאָגט זי, איצטער, וועט ער אַריין, אם ירצה השם, איבעראיאָר; איז ער נישט אַריין, זאָגט זי, דאָ, וועט ער אַריין אין אַן אַנדער שטאָט — אַריין מוז ער, סיידן, זאָגט זי, איך וועל חלילה צו מאַכן אַן אויג און די ערד וועט מיך צודעקן!“ — איר האָרכט דבורים? און ווער, מיינט איר, האָט אויסגעפֿירט — איך, צי זי? לאָמיר זיך נישט נאַרן — אז זי וויל, איז עפּעס א תירוץ?...

על=כּל=פּנים, איך וועל אייך שוין קיין סך נישט מאַריך זיין. איך האָב דאָס מיך אביסל אָנגעהעצקעט מיט אים, אויסגעוויזן מיט אים ווו די וועלט האָט אַן עק, ווו ערגעץ א שטאָט, ווו ערגעץ א גימנאַזיע — דאָרט זענען מיר געווען, זיך געשטעלט, געהאַלטן, און דווקא אויסגעהאַלטן, און דווקא גוט אויסגעהאַלטן,

און דווקא נישט אריין. פארוואָס? אלץ איבער די פּריצענטן! איך מעגט מיר גלייבן, איך האָב מיך דעמלט אליין אָנגעקוקט, ווי א משוגענעם: „שוטה! וואָס? וואָס איז דאָס פליען, וואָס דו פליסט ארום פון איין שטאָט אין דער אנדערער? צו ווילסטו גוטע יאָר באדארפסטו עס האָבן? נו, און אז ער וועט שוין אריין, וואָס וועט דעמלט זיין? ניין. זאָגט אייך וואָס איר ווילט — נצחון; איז א גרויסע זאך! ס'איז שוין ביי מיר אליין אריין אין א מין עקשנות, פארשטייט איר מיך, און דער אויבערשטער האָט רחמנות געהאט און האָט מיר צוגעשיקט אין פּוילן א גימנאזיע אזעלכע, א „קאָמערטשעסקע", וואָס אהינצו נעמט מען צו אויך איטלעכן קריסט, להבדיל, איינעם א יידן, סע מאכט אוים אזוי גרוים ווי פּופּציק פּריצענט הייסט עס. נאָר וואָס דען? יעדער ייד, וואָס וויל, אז זיין קינד זאָל אריין, מוז ער קומען צו גיין מיט זיין קריסט, איז אויב ער האלט אוים, דער קריסט הייסט דאָס, און מע טראָגט אריין פאר אים די קלינגערס, פּראוואָאָ־טשעניע הייסט דאָס, איז דעמלט פאראן א שטיקל האָפענונג... אנשטאָט איין פּעקל האָט מען דעמלט אויף זיך, הייסט דאָס, צוויי. איר פארשטייט? געגוג סע טריקנט מיר דער מוח אויף מיינעם, באדארף מיר נאָך דארן דער קאָפּ אויף יענעמס, וואָרום טאָמער האלט נישט אוים חלילה עשו, איז דעמלט יעקב אין דער ערד... כר־הוה. איידער איך האָב געקריגן דעם קריסט, איינעם א שוסטער, כאָלאוואַ הייסט ער, איז מיר אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם. צום סוף, ס'איז געקומען צו דעם רעכטן שפּיל, מיינט איר, אז מיין שוסטער איז נישט אריין אין דער אדמה, אזוי ווי קורח? און דווקא אויף „זאקאָן באָזשע"! וואָס טויג אייך, מיינער האָט זיך געמוזט בכבודו ובעצמו אוועקזעצן מיט אים חזרן „זאקאָן באָזשע"... איי, די קשיא: ווי קומט מיינער צו „זאקאָן באָזשע?" דאָס זאָלט איר נישט פרעגן, וואָרום אז יענער האָט א קאָפּ, מע זאָל אויספּאָרן אן אימפּעריע איז דאָך נישט שייך!... בקיצור, גאָט האָט געהאָלפן די גוטע שעה, די גליקלעכע — זיי זענען ביידע אריין. זענט איר שוין פארטיק? געקומען צום אריינ־שרייבן אין די ביכער אריין, ארויסגענומען א קוויטאנציע — מיין גוי איז נישטאָ! וואָס איז די מעשה? ער וויל נישט, דער ערל, אז זיין זון זאָל זיך געפינען צווישן אזוי פיל יהודים, כאָטש נעם גיב אים א קרענק! ער זאָגט: צו וואָס נוצט עס אים, אז אלע טירן זענען פאר אים סיי־ווי־סיי אָפן און ער קאָן אריין וווהין ער וויל? און גייט זאָגט אים אפשר, אז ער איז

אומגערעכט! „וואָסזשע, זאָג איך, ווילסטו, פאניע כאָליאוואַ?“ זאָגט ער: „גאָרנישט“. בקיצור, אהין-אהער, מענטשן, גוטע ברידער — מע איז אוועק מיט אים אין א טראקטיר געמאכט א כוסה, איינע און צוויי און דריי — איידער כ׳האָב דערלעבט זען דאָס גוטע קוויטל, אז ער איז אריין, זענען מיר די אויגן ארויסגעקראָכן, און דאנקען השם יתברך, כ׳האָב געמאכט א ברכה, „ברוך שפּטרני“.

געקומען אהיים — א נייע צרה! וואָס איז שוין ווייטער? מיינע האָט זיך איבערגעלייגט און באטראכט: סטייטש, איין אונאיינציקער, איין אויג אין קאָפּ, וועט ער זיין דאָרטן. און מיר — דאָ? וויבאלד אזוי, צו וואָס טויג איר, זאָגט זי, איר וועלט? — „וואָסזשע, זאָג איך, ווילסטו, למשל?“ זאָגט זי צו מיר: „וואָס זאָל איך וועלן? דו ווייסט נישט, וואָס איך וויל? איך וויל, זאָגט זי, זיין מיט אים“. „נו? און די שטוב?“ — זאָג איך, „די שטוב, זאָגט זי, איז א שטוב“... האָט איר עפּעס צו איר? וואָס טויג אייך, זי האָט זיך אויפגעזעצט און איז אוועקגעפאָרן מיט אים אהינצו, און איך בין געבליבן איינער אליין איבער דער גאנצער שטוב. מאָלט אייך א שטוב — אזא יאָר אויף מיינע שונאים! דאָס לעבן איז געוואָרן אויס לעבן, דאָס געשעפט איז געוואָרן אויס געשעפט. אלצדינג איז געגאנגען אָרצה, און מיר האָבן געהאלטן אין איין שרייבן בריוולעך; איך שרייב צו איר, זי שרייבט מיר אָפּ; בריוולעך אהין, בריוולעך אהער: „שלום לזוגתי היקרה“.. „שלום לבעלי היקר... „אין גאָטעס ווילן, שרייב איך איר, וואָס וועט זיין דער תכלית? מע איז דאָך נישט מער ווי א מענטש! אָן א באלעבאָסטע, משטיינס געזאָגט“... בקיצור, עס האָט מיר געהאָלפן, ווי דער פאראיאָריקער שניי. אויסגעפירט מסתמא האָט זי, נישט איך. וואָרום אז זי וויל איז עפּעס א תירוץ?...

על-כפּנים איך ענדיק אייך שוין די מעשה. איך האָב מיך צעבראָכן, צעלאָמעט, געמאכט א תל פונעם געשעפט, אויסגעפארקויפט, בדיל-הדל געוואָרן, און איך האָב מיך איבערגעפּעקלט, מחילה, אהין, צו זיי. געקומען אהין, צו זיי. אָנגעהויבן ארומקוקן זיך, ווו בין איך אין דער וועלט, שמעקן, אויסשמעקן, קוים מיט צרות איך האָב מיך ארויפגעשלאָגן אויף א שטיקל דרך, געמאכט א שטיקל שותפות מיט איינעם א מוהר, אפילו אזוי א גאנץ לייטשער מענטש, א פיינער באלעבאָס, א וואַרשעווער פון די נאלעווקעס, און א שטיקל

גבאי אין שול; נאָר אין תוך אריין א דרייער, א שווינדלער, א קעשענע=גנב — מיך שיער אומגליקלעך געמאכט! פאַרשטייט איר שוין מסתמא, ווי דער קאָפּ איז מיר דעמלט געווען אין דער ערד? דערווייל, איך קום צו גיין איינמאָל אהיים, מיינער גייט מיר אקעגן עפּעס מאָדנע, רויטלעך אויפן פּנים און אָן א צאצקע אויפן היטל. מאך איך צו אים: „הער נאָר, משהל, ווו איז ערגעץ די צאצקע דיינע?“ מאכט ער צו מיר: „וואָסער צאצקע?... זאָג איך: „דאָס קנעפּל“. זאָגט ער: „וואָסער קנעפּל?“... זאָג איך: „דאָס קנעפּל, וואָס אויפן היטל; ערשט אויף יום=טוב געקויפט א ניי היטל מיט א נייער צאצקע!“... ווערט ער נאָך רויטער ווי פריער און מאכט צו מיר „אראָפּגענומען“... זאָג איך: „וואָס הייסט אראָפּגענומען?“ זאָגט ער: „איך בין פריי“.. זאָג איך. „וואָס הייסט דו ביסט פריי?“ זאָגט ער: „מיר זענען אלע פריי“... זאָג איך: „וואָס הייסט איר זענט אלע פריי?“ זאָגט ער: „מיר גייען שוין נישט,... זאָג איך: „וואָס הייסט איר גייט שוין נישט?“ זאָגט ער: מיר האָבן געמאכט יד=אחת, מיר זאָלן נישט גיין“... זאָג איך: „וואָס הייסט איר האָט געמאכט יד=אחת? וואָס פאר מאכערס? וואָס פאר יד=אחתניקעס? — זאָג איך. — דערויף האָב איך מיך טאקע אויסגעבראכט, מפקיר געווען פון דיינעטוועגן, דו זאָלסט נאָכדעם קאָנען מאכן יד=אחת?! אז אָך און ווי, זאָג איך, צו דיר און צו מיר און צו אונדז אלעמען! גאָט זאָל געבן, זאָג איך, עס זאָל זיך כאָטש נישט אויסלאָזן צו יידישע קעפּ, וואָרום אומעטום, זאָג איך, איז דאָך דער ייד דאָס כפּרה=הינדל!“... אזוי מאך איך צו אים און הייב אָן פייערן, זאָגן מוסר, ווי געוויינטלעך א פאָטער רעדט מיט א קינד. איז דאָך אָבער פאראן א ווייב, זאָל מאריך ימים ושנים זיין, קומט זי צו לויפן און לייגט מיר אוועק א מענה=לשון, אזוי און אזוי, אז איך בין שוין גאָר אויסגעוועפּט געוואָרן, אז איך הערט נישט אָן צו וויסן, זאָגט זי, וואָס/ אויף דער וועלט טוט זיך, אז עס איז היינט געוואָרן, זאָגט זי, אז אנדער וועלט גאָר, א קלוגע וועלט, אן אָפענע וועלט, א פרייע וועלט, א וועלט, זאָגט זי, פון אלע גלייך. אוים אָרעם, אוים רייך, אוים הארעלע=קנעכטעלע, אוים שעפעלע=שערעלע, אוים הינטעלע=האווקעלע, אוים קעצעלע=דראפּעלע, אוים מייזעלע=בייסעלע... „טע=טע=טע, זאָג איך, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו דיר, מיין ווייב, אזא מאָדנע שפּראך? עפּעס א ניי לשון, זאָג איך, נייע ווערטער! אפשר וואָלסטו

שוין, זאָג איך, אין איינוועגס ארויסגעלאָזט די הינער, זאָג איך, פון דער שטייג, קיש־קיש, קורא נא סוואָבאָדע?“... ווערט זי אָנגעצונדן, גלייך ווי איך וואָלט אויף איר אויסגע־גאָסן צען עמער זודיק וואסער — און נגנו! — ווי זיי קאָנען... מילא, מוז מען שוין אויסהערן די דרשה ביזן סוף. איז אָבער דער חסרון, וואָס ס׳איז אָן א סוף. „ווייסטו וואָס, זאָג איך, שא, זאָג איך, אָבער לאָז זיין געגוג, זאָג איך, און שלאָג מיך אין הארצן: חטאתי, זאָג איך, עויתי ופשעתי, זאָג איך, און אן עק, זאָג איך, אבי לאָז זיין שטיל!“ וויל זי נישט הערן, נישט זען. „ניין, זאָגט זי, זי וויל וויסן, למאי, און סטייטש, און געוואלד, און בפירוש, און אדרבא, און וואָס הייסט עס, און ווי געשיקט זיך עס, און נאָך אמאָל, און טאקע נאָך אמאָל דאָס אייגענע!“...,

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך בעט אייך — ווער האָט דאָס אויסגעטראכט א... ווייב?

# גענדז

א מאָנאָלאָג פון א יידענע, וואָס הייסט בתיה, קוילעט גענדז חנוכה און פרעגלט שמאלץ אויף פסח.

געשריבן אין יאָר 1902.

# געגנדז

— פאַראַיאָרן חנוכה האָב איך, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר מיר געדאַכט, נישט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, געהאַט אַן אומגליק מיט אַ גליק אינאיינעם. איר מעגט דאָס האָרכן; אַזאַ מעשה טרעפט זיך איין מאָל אין טויזנט יאָר! איך האַנדל מיט געגנדז האַנדל איך און מיט פּסחדיקער שמאַלץ שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר — האָט זיך מיר, הערט איר, אַזאַ מעשה נאָך נישט געטראָפן.

איך האַנדל מיט געגנדז... איר מיינט, אָט אַזוי נעמט מען דאָס און מע האַנדלט? ראשית חכמה, הויבט זיך אָן אַזוי: קומט אָסיען־צייט, אַרום נאָך־סוכות, הויבט מען אָן איינקויפן געגנדז, און פאַרוואַרפן די געגנדז אויפן ווינטער אין שטייג אַריין, און האָדעווען די געגנדז, און אַכטונג געבן אויף די געגנדז; און קומט חנוכה, הויבט מען אָן די געגנדז קוילן און מאַכן פון געגנדז געלט. נאָר איר מיינט, אַז אָט אַזוי גרינג קויפט מען געגנדז, און מע פאַרוואַרפט געגנדז, און מע קוילעט געגנדז, און מע מאַכט פון געגנדז געלט? ערשטנס, דאָס קויפן געגנדז. קויפן געגנדז דאַרף מען האָבן מיט וואָס. קיין לאַגער־געלט, קיין קאַפּיטאַלן אייגענע, הייסט עס, איז דאָך נישטאָ. מוז מען לייען, אָנקומען צו רב אַלטערן. און רב אַלטערן קענט איר דאָך — ס'איז אַ ייד, וואָס האָט ליב אויסקאָבן דאָס וואַסער. דאָס הייסט, אָפּזאָגן זאָגט ער נישט אָפּ, נאָר ער הייסט קומען מאָרגן, מאָרגן — איבערמאָרגן, נעמט אַרויס

די נשמה. און ערשט נאָכדעם הויבט ער אָן ציען די קליי: שלעפּן פּריצענט, צורעכענען טעג. ס׳איז א גוטער רב אלטער! נישט אומזיסט האָט ער אזעלכע פּיסקעס, און זי, אלטעריכע, מיין איך, האָט א פּנים — אויף אלע מיינע ליבע, און א פּאָר באקן — כאָטש א מעסער אָנצושארפן. היינט אירע פּערל! אָט האָט זי ערטש נישט לאנג פּארקנסט דאָס טעכטערל — איך זאָל דאָס פּארמאָגן מיט אייך איינעם, הערט איר, — א דריט־חלק, רבונו־של־עולם, וואָס דאָס קנס־מאָל האָט אָפּגעקאָסט, וואָלט איר פּאר־שפּאָרט האנדלען מיט געגדז... כאָטש א חתן האָט זי גענומען — שטראָף מיך, גאָט, אויב איך וואָלט אזעלכן פּאר מיינע זינד געגעבן מיין טאָכטער, אז בסך־הכל האָט ער גאָר א פּליך — איר רופט עס פּליך, איך רוף עס פּארך נאָר ס׳איז נישט מיין באָבעס דאגה, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך אויך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנדערן. האָט קיין פּאריבל נישט, ס׳איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א יידענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

איינקויפן געגדז... ווו קויפט מען געגדז? אויפן מארק, מיינט איר דאָך מן־הסתם? אוודאי־יאָ! מיר, זאָלן דארפן אלע געגדז צונויפקויפן אויפן מארק, וואָלטן מיר געגאנגען אין גאָלד! אז איר ווילט קויפן געגדז אויפן מסחר, באדארפט איר זיך מטריח זיין אויפשטיין כאור, דעמלט ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך, און ארויס־גיין העט־ווייט הינטערן שטאָט, אויף יענער זייט מילן. געפינט זיך אָבער נאָך איינע אזא קלוגעטשקע, ווי איר, און קומט ארויס נאָך פריער פון אייך אויף יענער זייט מילן. געפינט זיך נאָך א קלוגערע פון יענער איד און קומט־ארויס נאָך פריער און נאָך פריער — וואָס טויג אייך, סע ווערט א גאנצער יאריד, און דאָרטן שטייט מען און מע ווארט און מע לאָקערט, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבן, א גוי וועט ארויסברענגען א פּאָר געגדזלעך, באפאלט מען אים מיט די געגדזלעך פון אלע זייטן: „שאָ, טאָבי, טשולאָוויטשע, זא גוסקו?“ — וואָס ווילסטו, הייסט עס, פאר געגדזל? אין אויב ס׳איז א גוי א סוחר און לאָזט זיך רעדן, קאָנט איר זיך מיט אים כאָטש דינגען! און אז גאָט העלפט, טרעפט איר אויף א מאנקאליגיק, וואָס לאָזט נישט צו, כאָטש גיב אים א קרענק! „העט־בא, שרייט ער, גיי אוועק! נעמא או מעגע גוסקו“ — איך האָב נישט, הייסט עס, קיין געגדזל! און גיי טו אים עפּעס! טענהט איר דאָך צו אים: „היתכן? שאוש טי כאָטשעש, א סיפּע דיר אין פּנים, אי נעכיי טובי באָזשע דאיע קרענק אין די ביינער אי דאָברע קדחת!“... און ער — אין איין קול: „העט, גע פּראָדאי־

גוסקו" — איך פֿאַרקויף ניט, הייסט עס, קיין געגנדז!... און אַז גאָט האָט רחמנות געהאַט, דער גוי האָט אַרויסגעלאָזט דאָס געגנדזל פֿון דער האַנט, באַדאַרף מען דאָס געגנדזל ערשט באַטראַכטן. און באַטראַכטן געגנדז באַדאַרף מען קאָנען; ס'איז אַ סברה, הערט איר, אַז אויף געגנדז באַדאַרף מען זיין אַ מבֿין, ווי, להבֿדיל, אויף בריליאַנטן. ביי אייך, למשל, קומט־אַרויס, אַז אַלע געגנדז זענען גלייך. דאָס ווייסט איר, אַז ס'איז פֿאַראַן געגנדז און ס'איז פֿאַראַן גאָנערס? אַ גאַנדז איז ניט קיין גאָנער. אַ גאַנדז איז אַ גאַנדז, און אַ גאָנער איז אַ גאָנער, אַ גאַנדז נעמט אויף זיך שמאַלץ, און אַ גאָנער — מכּות איי, ווי אַזוי ווייסט מע״ן, וועלכעס איז אַ גאַנדז און וועלכעס איז אַ גאָנער? מע ווייסט שוין! ערשטנס, נאָכן טשובעקל — אַ גאָנער טראָגט אַ טש בעקל אויפֿן קעפּל און האָט אַ לאַנגן האַלדז. היינט דערקענט מען אַ גאָנער נאָכן קול — ער האָט אַ גראָבן קול, ווי ביי אַ מאַנסביל. און אַז ער גייט, גייט ער תּמיד פֿריִער פֿאַר די געגנדז, אויך ווי אַ מאַנסביל, ווי, להבֿדיל, אַ מענטש. ביי אונדז אַ מאַנסביל, ער מעג זיין דער גרעסטער שלים־מזל, אַבי אַ מאַנסביל, גייט ער אויף צו־פֿריִער, ווי איינער רעדט: דאָס בין איך!... וואָס דאַרפֿט איר מער? אָט נעמט מיין מאַן. דאַכט זיך, מע דאַרף שוין ניט קיין גרעסערן שלים־מזל, ווי מיין נחמן־בער, וואָס האָט ניט געפּרוּווט פֿאַרדינען זינט איך קען אים פֿאַר אַ מאַן קיין צוויי צעבראָכענע גראָשן! דער גאַנצער יחוס — באַשר בכן וואָס איז? ער קאָן לערנען און וואָס ער איז יאָסקע דעם נגידס אַ וויטער קרובֿ, ווי זאָגט איר: דעם פֿערדס בייטש־שטעקלעס פֿאָדקאָווע... פֿרעגט מ'ך, וואָס האָב איך פֿונעם נגיד דעם קרובֿ? די שונאים זאָלן דאָס פֿאַרמאָגן אויף איין אָנבייסן! עגמת־נפֿש האָב איך, צרות, מיט בזיונות גאָר, וואָס מע וואַרפֿט מיר אויס, אַז מיין קרובֿה, מיין קרובֿהס שנור הייסט עס, גייט מיט די אייגענע האָר... און ס'איז דווקא ניט קיין ליגן — זי איז אַ רעכטע טשאַטשקע! איך רעד ניט אויף איר חלילה קיין שלעכטס, און פֿון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אַנדערן. האָט קיין פֿאַריבל ניט, ס'איז ביי מיר אַזאַ טבֿע, ווי זאָגט איר: אַ יידענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

איינקויפֿן געגנדז... איינגעקויפֿט די געגנדז, באַדאַרף מען, הייסט עס, די געגנדז פֿאַרוואַרפֿן אויפֿן ווינטער אין שטייג אַריין. נאָר איר מיינט, אַז פֿאַרוואַרפֿן געגנדז איז שוין גאָר אַ גרינגע זאַך? האָט איר אויך אַ טעות! גוט איז צו פֿאַרוואַרפֿן געגנדז, אַז איך

האָב מיר מיין דירה מיט מיין קאמער און איך בין מיר, ווי זאָגט איר, איינע אויפן יאריד. ווי־זשע איז אָבער דער דין, אז איך בין געזעסן, נישט היינט געדאכט, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום יידן געדאכט אין שכנות ביי יענטען, קיין באזונדער קעמערל האָב איך נישט געהאט, און די באלעבאָסטע מיינע אליין, יענטע הייסט עס, האָט אויך אונטערגעהאנדלט מיט גענדז און מיט פסחדיקער שמאלץ, — אגו, פרווט, אשטייגער, האָבן מיט יענטען גענדז אין איין קאמער און נישט פאטשן זיך מיט איר דריי מאָל א טאָג! האָט איר אייך איין מאָל אוועק. היינט פרווט זיך א חכם און דערקענט, וועלכע גענדז ס'איז אייערע גענדז? און וועלכע גענדז ס'איז אירע גענדז? אנומלט, אז איך בין, נישט היינט געדאכט, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום יידן געדאכט, געזעסן מיט איר אין שכנות, האָט זיך ביי איר, ביי יענטען הייסט עס, אויפגעריסן די שטייג אין קעמערל און עס זענען ארויס, זאָל זיך אייך דאכטן, אלע גענדז און האָבן זיך צוגעכאפט צו מיין קארעטע מיט האָבער, — איז ווער האָט געהאט היזק? ווער האָט באדארפט שרייען? איך, צי זי? גייט זי נישט און פאלט נישט אָן אויף מיר? זי זאָל געווען, זאָגט זי, וויסן אז איך האנדל מיט גענדז, וואָלט זי מיר, זאָגט זי, נישט פארדונגען די דירה פאר קיין הונדערט מיליאָן רענדלעך! זאָג איך צו איר, „מיט וואָס דען, האָט איר געמיינט, האנדל איך? מיט בארליאנטן?“ זאָגט זי צו מיר: איר זענט אליין א גוטער בארליאנט, און האָט א מאן א בארליאנט און קינדער בארליאנטן!“... זאָל איך איר שווייגן?... א מאָדנע יידענע אָט די יענטע! אזוי וועט זי אייך אוועקגעבן דאָס לעבן מיט דער נשמה. טאָמער זענט איר, חלילה, קראנק, וועט זי זיך מפקיר זיין פון אייערטוועגן. נאָר א שפיל־שליווע איז זי — מע זאָל באהיט און באוואָרנט ווערן! אָט האָבן מיר זיך איינמאָל, ערב־חנוכה איז דאָס געווען, — איך זאָל אייך דערציילן, וואָלט איר אויף זיך די האָר געריסן!... דער חסרון, וואָס איך קוק נישט אריין אין יענעמס טעפּלעך, און רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנ־דערן. האָט קיין פאריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א יידענע האָט אין זיך גיין מאָס רייד...

איצטער גייט א סדרה: פארוואָרפן גענדז... אז איר ווילט, די גענדז זאָלן אייך געראָטן, זאָלט איר פארוואָרפן די גענדז אינעם אלטן חודש. גאָט זאָל אייך היטן, איר זאָלט זיך צורירן צו גענדז אין אָנהויב חודש, תיכף נאָכן מולד — ס'איז אן אומ־

גליק! די גענדז וועלן אייך נישט געראָטן: די גענדז וועלן זיין גראָב אויפן ביין, און דין אויף דער הויט, און אויף פּלאָסטערן זאָלט איר זיך פון די גענדז גאָר נישט ריכטן. פּלאָסטערן פארגעסט! אויך בייטאָג, ווען איטלעכער דרייט זיך ארום, זאָלט איר קיין גענדז נישט פארוואַרפן. גלייכער פארנאכט, ביי א ליכט, אָדער אפילו אין דער פינצטער, נאָר בשעת מעזה זאָלט איר זיך געבן א קניפּ און זאָגן שטילערהייט דריי מאָל: „אזוי ווי איך בין אויפן לייב, אזוי זאָלסטו זיין אויפן לייב“,,, מיין מאן לאכט אפילו פון מיר און זאָגט, אז ס'איז ווערט א שמעק טאבעק. נאָר איך זאָל וועלן צוהערן אלצדינג, וואָס ער זאָגט, וואָלט איך געוועזן לייטן גלייך. למאי ער פארגינט זיך זאָגן, דער מאן מיינער, — ער איז א גאנצער למדן, זיצט טאָג ווי נאכט און קוקט אין די ספרים, — אז כפּרות שלאָגן איז א נארישער מנהג? ווי געפעלט אייך, א שטייגער? מאָלט אייך, ער האָט זיך פון מיר נישט געגארט פאר אזעלכע ווערטער! „ביסט דאָס אליין טאקע דערגאנגען, זאָג איך, מיט דיין אייגענעם שכל?“... זאָגט ער: „סע שטייט אזוי געשריבן אין די ספרים“. „קומט אויס, זאָג איך, אז איך, און די מאמע מיינע, און די מומע דבורה, און נחמה־בריינע, און סאָסי, און דוואָסי, און צביה, און צפּורה, און אלע — זענען בהמות?... שווייגט ער, דער חכם, און ס'איז זיין גליק, וואָרום איך קאָן אים, הערט איר, אָפּשפּילן א פרימאָרגן, ער זאָל מיר געדענקען דריי טעג כסדר! איר מיינט, איך בין, חלילה, אזא ארורה, אן אָנכאפּערין? גלייבט מיר, איך ווייס גאנץ גוט, וואָס הייסט א בן תורה, א ייד וואָס זיצט און לערנט, כאָטש ער טוט נישט קיין האנט אין קאלט וואסער. איר מיינט, ער פוילט זיך? ער וואָלט געבעד געטאָן אלצדינג, ס'זאָל נאָר זיין וואָס... זיצט ער און לערנט. לאָז ער לערנען. וואָס דארף איך זיין האָרעוואניע, אז איך קאָן אליין באשטיין דאָס שטעטל מיינס, אז איך קאָן אליין אויסקומען ווי ס'איז נישט מיט דער הוצאה אין שטוב, חלילה נישט אָנקומען צו יענעם. אליין, אומעטום אליין, אין מארק און אין שטוב, און אוועקגעשטעלט זיך ביים אויוון, צוגעשטעלט דאָס טעפּל קארטאָפליעס, און די קינדער אָנגעטאָן און אָפּגעשיקט אין חדר — דאָס איז ביי מיר דער עיקר! ברויט, זעט איר, מאכט זיך, פעלט אמאָל, חלה אויף שבת טרעפט, אז ס'איז נישטאָ. נאָר פאר די קינדער שכר־לימוד — פיר זכרים האָב איך, זאָלן געזונט זיין, א חוץ מיידלעך — דאָס מוז זיין, עס מעגן פאלן שטיינער פונעם הימל! איך בין נישט גלייך צו די היינטיקע, וואָס די קינדער זייערע שטופּן זיי אין די קלאסן,

ווי, למשל, אונדזער חזנס יונג בערל, א פּאַלנע גוי מיט קאַלבאַס. כאַפּט אים דער רוח, איך בין נישט גאָטס סטראַפּטשע, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנדערן. האָט קיין פאַריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א יידענע האָט אין זיך גיין מאָס רייד...

פאַרוואָרפן די געגנדן, באַדאַרף מען נאָר זען, די געגנדן זאָלן האָבן האָדיוועלע, דאָס עסן צו דער צייט און דאָס טרינקען צו דער צייט. און ווייטער גאָרנישט. וואָרום געגנדז איז נישט קיין קאַטש־קעס און נישט קיין עופות. קאַטשקעס האָבן מורא פאַר פּאָקן, און עופות — פאַר א טכויר, און געגנדז באַדאַרפן נאָר עסן. — און עסן — עסן געגנדז אַלצדינג: געגנדז עסן האָבער, געגנדז עסן פּראָסע, געגנדז עסן קאַשע, געגנדז עסן, איך בעט איבער אייער כבוד, נאָך ערגערס... א גאַנדז קלויבט נישט איבער. א גאַנדז שלינגט אַלצ־דינג. א גאַנדז איז תמיד הונגעריק, ווי ביי אן אָרעמאַן קינדער, להבדיל. ביי אן אָרעמאַן קינדער עסן, קיין עין־הרע, געשמאַק אַלצדינג, וואָס מע גיט זיי, און זענען קיינמאָל נישט זאַט. איך וויים עס פון זיך זעלבער. לאָזן זיי זיין געזונט, די קינדער מיינע, אַז זיי קומען פונעם חדר, קיין עין־הרע נישט, קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן — איידער מע קוקט זיך אַרום, שטאַרבט א ברויט, און פון א טאָפּ קאַרטאָפליעס בלייבט נישט איבער, איר זאָלט זאָגן, אויף א רפואה! און קומט שבת, מוז מען זיי אויס־טיילן חלה, ווי לעקעך, און דאָס איבעריקע פאַרשלינגען, וואָרום עס וועט נישט בלייבן אויף מאָרגן קיין זכר אפילו! קינדער, הערט איר, איז א ווילע זאַך און א ליבע זאַך. עס וואָלט מיר נישט גמאס געוואָרן און נישט שווער געווען קיין צען קינדער, פופצן קינדער, פינף און זיבעציק קינדער אויסצוהאַלטן. איין חסרון נאָר — אָט דער פּיסק! נגידים באַדאַרפן זיך פילן איך וויים אליין נישט ווי גליקלעך, אַז זיי ווייסן ווויל, אַז זייערע קינדער ליגן זיך שלאָפן זאַט און עס חלומט זיך זיי נישט קיין בעט־לערס, זיי כאַפּן זיך נישט אויף ביינאַכט מיט א געוויין: „מאַמע ע־ע־ע־סן!"... הערט איר, דאָס האַרץ טוט ווי, ווערט אָקערשט נישט צעשפּרונגען, און מע מוז נאָך, מאָלט אייך, אָנשרייען אויף זיי: „שלאָפן, ממזרים! וואָס פאַר עסן איז מיטן ביינאַכט? שלאָפן, שלאָפן!"... פונדעסטוועגן, זאָלט איר זען די נגידים, ווי עס כאַפּט זיי אוועק דער רוח, טאָמער ווערט ביי זיי געבוירן, חלילה, אן איבעריק קינד! איי־איי־איי! אָט איז ביי אונדז נישט לאַנג אוועקגעגאַנגען איינע א נגידיתטע, א ווייבל בלוט און מילך,

און א גוטע זעל, א צדיקית, ביילצע האָט מען זי גערופן, א שיינע, א געזונטע, א שטאַרקע. מיינט איר, איבער וואָס? ס'איז נישט כדאי צו דערציילן, זי איז שוין אויף דער אמתער וועלט, לאָז זי האָבן א ליכטיקן גן־עדן. איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס אויף קיינעם, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנדערן. האָט קיין פאריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א יידענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

אוי, א פּרנסה גענדז!... דאָס הייסט, גענדז איז א פּרנסה אפילו נישט קיין שלעכטע, און אז גאָט גיט אריין אין די גענדז די ברכה, קאָן מען אָן די גענדז פארדינען א שיין קערבל. נאָר וואָס דען? דאָס טרעפט זיך איין מאָל אין צען יאָר. גיכער קאָן זיך מאכן, מע זאָל ביי די גענדז נישט פארדינען גאָרנישט — מע זאָל נאָך דערלייגן! היינט די האָרעוואניע, וואָס ארום די גענדז, איז אזא גרויסע האָרעוואניע, אז ס'איז, כ'לעבן, נישט כדאי דער גאנצער טאראראם. איי, איז דאָך די קשיא: וויבאלד אז ביי די גענדז איז קיין פארדינסט נישטאָ, היינט צו וואָס באדארף מען האנדלען מיט גענדז? איז דער תירוץ: וואָס דען וועט מען טאָן, אז איך האנדל שוין אזוי פיל יאָרן מיט גענדז?!... בארעכנט נאָר: אויסבינדן עטלעכע און דרייסיק פּאָר גענדז; אוועקטראָגן צום שוחט עטלעכע און דרייסיק פּאָר גענדז; ברענגען עטלעכע און דרייסיק פּאָר גענדז; אָפּפּליקן עטלעכע און דרייסיק פּאָר גענדז; מאכן, זאלצן, אויסווייקן, אָפּגיסן עטלעכע און דרייסיק פּאָר גענדז, די הויטן באזונדער, די פּלאָסטערן באזונדער, די דרויבלעך באזונדער, די אָבדירקעס באזונדער, פון אלצדינג מאכן געלט, נישט לאָזן גיין לאיבוד קיין פּיצל נישט — און אלצדינג אליין! קודם־כל, אויספּרעגלען די הויטן מיט די פּלאָסטערן, מאכן פון זיי שמאלץ. איך מאך תמיד אלע יאָר פּסחדיק שמאלץ, וואָרום מיין פּסחדיק שמאלץ האָט א שם אין שטאָט פאר דער בעסטער, כשרסטער שמאלץ. איך, אז איך פּרעגל פּסחדיק שמאלץ, ווערט ביי מיר אין מיטן חנוכּה פּסחדיק און שטוב דעם אויוון כשר איך אויס. דעם מאן שיק איך אָפּ אין בית־המדרש אריין — לאָז ער לערנען, די קינדער טרייב איך ארויס — לאָזן זיי גיין ערגעץ שפּילן אין דריידל, און אליין נעם איך זיך צו דער ארבעט — פּרעגלען שמאלץ. און שמאלץ האָט פיינט אן איבעריק אויג, ובפרט פּסחדיק שמאלץ. איך האָב אמאָל געהאט א פּסק, אז איך בין, נישט היינט געדאכט, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום יידן געדאכט, געזעסן ביי יענטען

אין שכנות. עס זענען געזעסן דאָרטן נאָך שכנים. האָט זיך איינער א שכנה, גנעסי האָט זי געהייסן, פארגלוסט באָקן לאַטקעס פון רעטשענע מעל, און דווקא דעם טאָג, וואָס איך קוילע גענדז. בעט איך זי: „גנעסיניו, הארצעניו, ליובעניו. האַלט איין דעם יצר־הרע אויף א טאָג. איך וועט מאָרגן, אם ירצה השם, באַקן לאַט־קעס!" זאָגט זי: „ביי מיר האָט איר געפועלט; נאָר די קינדער, זאָגט זי, וועלן געוואָר ווערן. איך האָב, זאָגט זי, קינדער, טרפהנע העלדזער, וואָס האַלטן שטאַרק פון דער אכילה. זיי וועלן דער־הערן, זאָגט זי, אז ס'איז אוים לאַטקעס, וועלן זיי מיך, זאָגט זי, אויפעסן לעבעדיקערהייט!"... כך הוה. די קינדער האָבן דערהערט, ליגנדיק אויפן אויוון, אז מע רעדט פון אָפּלייגן די לאַטקעס באַקן אויף מאָרגן, האָט זיך איינער פון זיי, א זעליגל, א ייִנגעלע מיט קאַסאָקע אויגלעך, צעשריגן אויף א קול: „מאַמע! טאָמער באַקסטו נישט קיין לאַטקעס, פאַל איך אָטאָ אַראָפּ פונעם אויוון"... מיר טוען א קוק — א וויטיק איז מיר! — זעליגל הענגט מיטן קעפּל אַראָפּ, אָטאָ, נאָך א מינוט, פאַלט דאָס אַראָפּ און סע ווערט צעשאָטן אויף שטיקלעך! דערזען אזא חתונה, האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען: „גנעסיניו, נשמהניו, הארצעניו, ליובעניו! באַקט לאַטקעס, באַקט"!... מע זאָגט, הערט איר, אז אן אָרעמאַן האָט א קישקע אָן א דנאָ, — איז דאָס תורת משה! איר זאָלט אָנקוקן ביי דער גנעסין קינדערלעך — גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן! איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיט אייך איינס מיטן אַנדערן. האָט קיין פאַריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א ייִדענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

שמאַלץ פון די גענדז... פון גענדז קאָן מען אויף שמאַלץ אליין נישט אַרויסקוקן. די שמאַלץ, אז עס געראָט שוין גוט אָפּ, קערט אום צוריק נאָר דאָס, וואָס די גענדז קאָסטן. דאָס פאַרדינסט דאַרף מען זוכן פון די שאָר־ירקות. ראשית־חכמה, אָבדירקעס. אז עס מאַכט זיך, די אָבדירקעס גיבן זיך אוים שיין, און פלייש איז אין שטאָט טייער — פאַרצוקערט מען זיי! ווי־זשע איז אָבער דער דין, אז קצבים ביי אונדז שמייסן זיך, און פלייש איז בזיל הזול, און די שטאָט האָט, דעם נגיד אויף צו להכעים, אַראָפּגעבראַכט נאָך א שוחט, און יענער שוחט, דער אַלטער הייסט עס, האָט איינגעגעבן אויף דעם שוחט, אויף דעם נייעם שוחט הייסט עס, אכצן מסירות, און חוץ לזה האָט ער אַרויסגעלאָזט א קלאַנג אויף אים, אויף דעם נייעם שוחט הייסט עס, אז ער, דער נייער שוחט הייסט עס,

איז א חברה מאן פון די היינטיקע חברה לייט, פון די צעניסטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט די חדרים און קלייבן „שקלים־געלט“, און דער גביר אונדזערער האלט דאָך נישט פון די דאָזיקע צעניסטן, ער קאָן זיי נישט אָנקוקן, זיי זענען, זאָגט ער, גרויסע הולטאיעס, און וויבאלד אזוי, איז דאָך די שחיטה זייגע קיין שחיטה נישט, און נישט איטלעכער איז א בעלן אויף פארטיקע אָבדירקעס. טענה איך מיט מיינע קונהטעס: „ביי מיר מעגט איר, נישקשה, קויפן אָבדירקעס, מיין שוחט איז דער אלטער שוחט“. זאָגן זיי: „יאָ, איר זענט אוודאי זייער גערעכט, נאָר וואָס דען? אויפן ביילעק שטייט ביי זיי נישט אויפגעשריבן, פון וועמענס שחיטה זיי זענען — פונעם אלטן שוחט, צי פונעם נייעם שוחט“ זאָג איך: וואָס הייסט, עס שטייט נישט אויפגעשריבן? אז איך זאָג אייך: פונעם אלטן שוחט; סיידן, זאָג איך, איך בין שוין ביי אייך נישט באגלויבט, איז שוין, זאָג איך, עק וועלט!“... זאָגן זיי: „א מאָדנע יידענע איר זענט! איר זענט ביי אונדז אויף אלצדינג באגלויבט, נאָר אז מיר קאָנען אויספירן אליין שיקן צום שוחט קוילן גענדז, וואָס־זשע דארפן מיר אָבדירקעס, וואָס מיר קאָנען נישט וויסן, וועמענס שחיטה דאָס איז?“... „טפו! ווידער אמאָל, זאָג איך, דאָס אייגענע? אז איך שווער אייך ביי מיין מאן און קינדער! איר ווייסט, — זאָג איך, ס'איז ביי מיר א גוטע שבועה!“... זאָגן זיי: „צו וואָס דארפט איר זיך שווערן, אז מיר גלייבן אייך סיי־ווי־סיי?“... זאָג איך: „נו, נעמט זשע צו ביי מיר א פאָר אָבדירקעס, לאָם איך מאכן גרינגער דעם קאָשיק!“ זאָגן זיי: „מיר קאָנען נישט נעמען ביי אייך קיין אָבדירקעס, איבער דער שחיטה“... נו? גיי טעסע פלעקער! ארייגגיין אין יענעמס לאגע — דאָס איז נישטאָ! רחמנות האָבן: א יידענע מאָרדעוועט זיך אָן מיט גענדז, מע מיינט — טאָמער, איך וויים, מע וועט עפעס פארדינען; עס האָט זיך געשטעלט אזא ווינטער, האָלץ איז נישטאָ, שטרוי איז טייער, א רענדל א וואָגן שטרוי, און די קינדער נעבעך לויפן באָרוועס אין חדר ארייץ, קומען צו גיין אהיים ברוין און בלוי, כאפט זיך ארויף אויפן אויוון, נאָרען זיך איין, ווי די קראָליקלעך, און קוקן ארוים אויף הייסע קארטאָפליעס, און קארטאָפליעס איז מיט גאָלד גלייך, א סך איז נישט געראָטן און א סך איז פארבליבן אין דער ערד... א שטאָט! עמעצער זאָל זיך דאָס ארומקוקן, אָרעמעלייט גייען אוים פון קעלט, אָרעמקייט שטארבן, ווערן געשוואָלן פון הונגער, קינדער פאלן ווי

שטרוי, ווי פליגן. נאָך מיט חסד, ווי זאָגט איר, וואָס נאָר
אָרעמעלייט שטארבן... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן, איך רעד
נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון=הרע בין איך
ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנדערן. האָט קיין
פאריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט, איר: א
יידענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

די אָבדירקעס פון די גענדז... מע זאָל ווען, הערט איר,
ארוסקוקן אויף די אָבדירקעס אליין, וואָלט מען שיין אויס=
געזען מיט די גענדז! א חוץ אָבדירקעס, איז פאראן ביי
גענדז די דרויבלעך: גריוון, לעבערלעך, פופיקלעך, קעפלעך און
פיסלעך, גערגעלעך, פליגעלעך, צינגעלעך, הערצלעך און ניר=
לעך, היינט העלדזלעך! פאראן ביי מיר איינע א באלעבאָסטע,
פעטשעריציכע הייסט זי, נעמט זי צו ביי מיר אלע העלדזלעך,
וויפל איך האָב; עס מעג זיין א האלבע מאה העלדזלעך, לאָזט
זי מיך נישט ארויס. דער מאן אירער, זאָגט זי, פעטשעריצי
הייסט עס, איז א ליבהאָבער פון ברוסט און פון העלדזלעך.
ברוסט האָט ער ליב, — זאָגט זי, קאלטערהייט, מיט פעפער
באפעפערט, און העלדזלעך — געפילט מיט מעל, אָדער מיט
קאשע, אָדער מיט פארפעלעך, אָדער מיט לעבער און מיט
גריוון, געבראָטן באזונדער, אָדער געקאָכט אין מייערן. וואָס=
ישע מיינט איר? ווי די מתים עסן, אזא פנים האָבן זיי. ער
זעט קיין עין=הרע, אויס קעגן מיין מאן, ווי א ייד פון א יאָר
עטלעכע און דרייסיק, כאָטש ער איז עלטער פון מיין מאן
מיט גוטע צען יאָר. און כאָטש מיין מאן טוט אויך קיין
שום ארבעט נישט, זיצט ער כאָטש און לערנט, און אז ער
קומט אהיים, וועט ער נישט זאָגן, ווי אנדערע מאנען: „הער
נאָר, דו, גיב עפעס עסן!“ ער, אז ער קומט אהיים פון בית=
המדרש, איז דאָס ערשטע — נעמט ער זיך צו א ספר, קוקט
אין ספר אריין און זיפצט, זיפצט שטילערהייט — א סימן,
אז ער וויל עפעס עסן. נאָר זאָגן: „גיב עסן“ — דאָס איז
נישטאָ. וואָס דען? א קרעכץ און א נעם מיט דער האנט
ביים הארצן און א זאָג: אָך,=אָך,=אָך,!” — א סימן, אז ער
איז גוט הונגעריק. „וועסט עפעס אפשר נעמען אין מויל
אריין?“ — פרעגט מען אים. מאכט ער צו מיר: „מהיכא=
תיתי“... וויפל מאָל איך זאָג אים: „איך פארשטיי נישט —
האָסט דאָך א מויל, קאָנסטו דאָך זאָגן, אז דו ביסט הונגע=
ריק?... וואָס דאַפסטו זיצן און קרעכצן?“ ענטפערט די וואנט?
איך וואָלט וועלן אומיסטן זען, וואָס וואָלט געווען, איך זאָל

אים דריי טאָג כסדר נישט געבן קיין עסן? איר מיינט, ער איז חלילה אזא אן אָפּגעריסענער נאר? ווי קאָן א ייד א למדן א מופלג זיין א נאר? ער זאָל, צו זיין קאָנעז, הערט איר, וואָס ער קאָן לערנען, נאָך זיין אביסעלע מער קריכער, וואָלט ער דען נישט געקאָנט זיין ביי אונדז א רב? איי, וואָס ווען מיר טאָן מיטן אלטן רב? למאי, וואָס וועלן מיר טאָן מיטן אלטן חזן? מע האָט נייטיק געדארפט צונעמען א נייעם חזן אין שול, כדי דער אלטער זאָל שטארבן פון הונגער, טאָמער איז ער געווען פריער, הייסט עס, א קליינער אביון? באשר, דעם גביר האָט זיך פארגלוסט זינגען! ווילסט זינגען? גיי אין טרעיאטער, להבדיל, וועט מען דיר דאָרטן זינגען צעזעצטערהייט!... איך זאָל זיין, הערט איר, א מאנסביל, וואָלט איך זיך מיט די גבירים גערעכנט. אוי, וואָלט איך מיך מיט זיי גערעכנט! איר מיינט, איך האָב עפּעס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָרנישט, נאָר איך האָב זיי פיינט. איך האָב פיינט א נגיד! א נגיד און א שפּין?, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן! איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, אין פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיטן אנדערן. האָט קיין פאריבל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איר: א יידענע האָט אין זיך ניין מאָס רייד...

מע האָט פון די געגדז... מיינט נישט, אז מע פארקויפט שוין אוים די גאנצע שמאלץ מיט אלע אָבדירקעס מיט אלע דרויבלעך פון די געגדז, ווערט מען שוין גליקלעך. געגדז זאָלן נישט האָבן קיין פּוך און קיין פעדערן אויף זיך, וואָלט נישט כדאי געווען דער גאנצער עסק. פריער, אז איך האלט נאָך ביי פארווארפן די געגדז, סקבע איך זיי שוין אונטער, די געגדז, אונטער די פּאכוועלעך, און קלייב צונויף דאָס ביסל פּוך, נאָכ־דעם, נאָכן קוילן, שמועסט מען נישט — דאָס ביסל פּוך באזונדער, און די פעדערן באזונדער, און איך גרייט מיר צו ארבעט אויף א גאנצן ווינטער. די נעכט זענען דאָך גענוג גרויס, מע קאָן זיך גענוג אָנפּליקן. פּליק איך. אציגד האָב איך א שטיקל הילף: מיידלעך. מיידלעך זענען ניט קיין ייִנגלעך. ייִנגלעך גייען אין חדר אריין, און מיידלעך וואָס? מיידלעך זענען געגדז, זיצן און האָדעווען זיך א ן וואקסן. זעץ איך זיי אנידער נעבן זיך איבער א זיפּ: „העלפּט, קינדערלעך, פּליקן פעדערן; איך וועל אייך דערפאר, אם ירצה השם, מאָרגן שענקען א גריוו, באשמירן א שטיקל ברויט מיט שמאלץ, אָדער גאָר צושטעלן א זופּ פון קיש־קעלעך! אהא, זאָלט איר זען, ווי סע ווערט א גדולה און מע נעמט זיך צו דער ארבעט — א קלייניקייט, א זופּ פון

קישקעלעך! וואָס, משטיינס געזאָגט? אז קיין פלייש קוקט מען נישט אָן א גאנצע וואָך, חוץ שבת. איך זאָל נישט האנדלען מיט קיין גענדז, ווייס איך נישט, וואָס איך וואָלט געטאָן א גאנצע וואָך מיט די קינדער! אזוי ווארפט זיך פּאָרט ד.רך א פלאָסטערל, א גערגעלע, א קעפּל, א פיסל, א קישקעלע, אביסל שמאלץ — דער ריח אליין איז שוין גענוג! אז איך בין געזעסן, נישט היינט געדאכט, נישט פאַר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום יידן געדאכט, אין שכנות, ביי יענטען הייסט עס, האָב איך אליין געהערט פון גנעסיעס מויל: „אז עס קומט, זאָגט זי, די צייט פון חנוכה און איר הייבט זיך אָן, זאָגט זי, פּאָרען מיט די גענדז, ביי דער פסחדיקער שמאלץ, — קומט, זאָגט זי, א.יף מיין כאליאסטרע א נייע הויט; פונעם ריח אליין, זאָגט זי, פארדרייט זיך זיי שוין דאָס קעפּל, און סע מאָלט זיך זיי אוים, אז זיי עסן גענדזנס“... איר מיינט, ס׳איז מיר געווען אָנגענעם אָנצוקוקן גנעסיס כאליאסטרע, קיין עין־הרע, ווי זיי קוקן אראָפּ פונעם אויפן־אויוון, זעען פאר זיך אזא טאָפּ שמאלץ מיט אזוי פיל גריוון — און נישט אויסציען קיין הענטל אפילו, נאָר ליגן און קוקן נעבעך, ווי הונגעריקע וועלף, און באלעקן זיך, און די אייגלעך בשעת מעשה גלאנצן — א גאָטס רחמנות צו זען דעם צער! שטופּט מען זיי אריין דאָרטן א גריוו אין הענטל, מע טוט זיי א שמיר אביסל שמאלץ איבער די ליפּן. וואָס נאָך, איך בעט אייך? ווי קאָן איך אָנהאָרעווען אזויפיל מיילער, אז איך בין אליין אָפּגעשאָטן, קיין עין־הרע, מיט קינדער, און דער מאן פארדינט נישט קיין צוויי צעבראָכענע גראָשן, און שולדיק איז מען אויף די גענדז — איך זאָל עס פארמאָגן א דריט־חלק מיט אייך איניינעם, און פריצענט וואקסט ווי מיט רוח.ת, און צאָלן מוז מען, איך וועל נישט גיין פארבאָרגן זיך, בלייבן אן אָנזע־צערין, חלילה, אזוי ווי יענטע, אשטייגער, וואָס האָט נישט אָפּגעצאָלט דעם שוואָגער פאר דער אנדערער האלבער דירה, צוליבן זונדל, וואָס שטודירט, זאָגט מען, אין די קלאסן און שרייבט אום שבת... אזוי זאָגט די וועלט. איך בין דערביי נישט געשטאנען. איך האָב פיינט זאָגן דאָס, וואָס איך ווייס נישט, און פון בארעדן יענעם אנטלויף איך. איך פרעג נאָר איין זאך: צו וואָס באדארף עס יענטעס זינדל זיין א געשטו־דירטער? אז בסך־הכל איז ער גאָר א קראנקער, משטיינס געזאָגט, א טשעכאָטניק; זיי זענען אלע, נישט דאָ געדאכט, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום יידישער שטוב

געדאַכט, טשעבאָטניקעס, לאָז ער איר לעבן הונדערט צוואַנציק יאָר, איך בין איר א גוטער פריינד, וואָס האָב איך צו איר? באָטש, אז מע וויל צוריק, האָט זי קעגן מיר נישט אזוי יוצא געווען! מע נעמט נישט און מע רויכערט נישט ארויס קיין שכנים אין מיטן פאר פסח! וואָס איז? באשר מנשה דער וואסערפירער קאָן צאָלן א קערבל א וואָך, און איך נישט! לאָז זי זיך בארימען דעמלט, אז ער וועט איר באצאָלן! ס'איז גאָר א סברא, אז אָט דער מנשה איז א בעל־חוב, די האָר זענען נישט זיינע. פארג. מען ביי אלע באלעבאטים פאר וואסער אויף א גאנצןווינטער, און א קבצן איז ער אויך א גוטער, און א ווייב האָט ער, פעסי רופט מען זי, אויך א גוטע שטוקע! גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך וויט... נאָר שאט... מיר דאכט זיך, אז איך האָב אייך געוואָלט עפעס דערציילן א שיינס? פרעגט מיך בחרם, איך האָב שוין אליין אויך פארגעסן וואָס!... אָט די ווייבער, הערט איר, איז אייך קיין קאטאָוועס נישט! דאָס איז עפעס א מין פאָלק!... אָט האָב איך אייך דאָ אויסגעמישט פון כל מאמינים שהוא, קאשע מיט באָרשטש און מיט לעבערלעך און מיט נעבטיקע טעג — טאָמער ווייסט איר וואָס? א יידענע, הערט איר, האָט טאקע אין זיך ניין מאָס רייד!... איך וועל אייך שוין מוזן אָפּלייגן די מעשה נאָך אויף אמאָל.

# איינער פון טויזנט

איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס איז ער...

אינגאַנצן ער מיט די ביינער! אַ ביסל אַן אויסגעבויגענע נאָז, קאַרע, גוטע, תמיד לאַכנדיקע אויגן, איין צאָן ביי אים אַ ביסל אַ קרומער, אַן איבערגעוואַקסענער; אַז ער הייבט אָן לאַכן, באַווייזט זיך אַרויס דער קרומער צאָן.

— נאָר די האָר — אַמאָל זענען זיי געווען געלבלעכע, גילדענע האָר! היינט זענען זיי פאַרזילבערט געוואָרן און גלאַנצן אַקעגן דער זון און גיסן זיך אויס אין צוויי פאַרבן: גאָלד און זילבער.

שוין נישט קיין יונגערמאַן, אפנים, כאָטש ער דאַרף זיין אין מיינע יאָרן.

נאָר די משמעות, אַז איך בין שוין אויך נישט קיין יונ-גערמאַן, אַריבער פערציק...

זאָל איך צוגיין צו אים? עפּעס איז ער מיר זייער עלעגאַנט געקליידט. אַ ווייסע קאַמזויל אויפן בייכל מיט אַ מאַסיווע גאָלדענע קייט, אַ שניפּע אַ גרויסאַרטיקע, און ווערליג איך האָב געהערט פון אים, איז ער היינט גאָר „בגלופין", אין די פעדערן, זאָגט מען, קנאַקט און טראַסקעט, פאָרט אין קאַ-רעטעס, קערט וועלטן!

האָב איך מורא, טאָמער מיינט ער, אַז איך מיין עפּעס.

און איך בין, דאַרפט איר וויסן, ביי זיך פון תמיד אָן גדולדיק, אַ ביסל אַ גדול.

נישט קיין בעל-גאווה, הייסט דאָס, נאָר אַ גדלן.

א גדלן האָט אָבער פיינט די וועלט, דאָס הייסט, נישט ער האָט פיינט די וועלט, נאָר די וועלט — אים, ובפרט, אז ער איז דערצו נאָך אַן אָרעמאַן.

און איך בין זיך מודה — אָרעם, זאָגט מען, איז נישט קיין שאנדע — איך בין, לא־עליכם, נישט קיין גביר, ווייט, גאַנץ ווייט פון א נגיד! איך בין, פארשטייט איר מיך, פון יענע רייכע פארשטעלטע באַפּוצטע אָרעמע־לייט, וואָס פאַר־שטעלן דעם דלות אין שטוב מיט א שפיגל און א פּאָרטעפּיאַן, און אין גאס — מיט אַן אויסגעפּוצטן ראָק און מיט א נייעם קאַפּעליוש; נאָר אז מע קוקט זיך גוט צו, זעט מען ווי דער דלות פּייפט אין אלע ווינקעלעך און אין קעשענע איז ערב־פּסחדיק...

מיט איינעם וואָרט ס'איז מיר נישט אין בעסטן; פון א צייט, אז עס האָט מיר אויפגעהערט צו פידלען. איך האָב שוין איבערגעטאָן כל עבודת־פּרך, איבערגעדינט אלע עבודה־זרות — עס גייט מיר נישט, כאָטש צעריים זיך, עס גייט מיר נישט אזוי שמארק, אז איך בין זיך שוין אליין נמאס געוואָרן; יעגעס — שמועסט מען נישט!

עס קאָן זיין, אז יענער קלערט גאָרנישט וועגן מיר, האָט מיך אין זינען אין דער לינקער פּאה, נאָר מיר דאכט זיך, אז אימלעבער, ווער עס דערזעט מיך, טראכט זיך: „אָט א שלים־מזל! ער קער אוודאי וועלן בעטן א גמילות־חסד? איך וועל אים נישט געבן!"

און איך וועל שוין ביי אים נישט בעטן, איך זאָל וויסן, דער טויט זאָל מיר זיין. און טאָמער האָב איך אפילו יאָ אין זינען געהאט רעדן מיט אים מכוח א גמילות־חסד, וועל איך אים שוין מכות זאָגן א וואָרט!

— וואָס מאכט איר? — פרעגט ער מיך און קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין.

— וואָס זאָל איך מאכן? — זאָג איך און קוק אים גלייך אין די אויגן אריין.

— אָבער ווי גייטס? נישקשה?

— נישקשה.

— נו, דאנקען גאָט. — זאָגט ער און קוועטשט מיר די האנט.

— אויף אייך געזאָגט געוואָרן! — טראכט איך מיר און קוועטש אים די האנט.

און אזוי צעגייען מיר זיך.

נישט אזוי האָט געקוקט אויף מיר ער, דער, וואָס איך דערצייל אייך פון אים, בשעת מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אָדעס אויפן בולוואר. זיין קוקן איז געווען גאָר אַן אנדער מין קוקן, איך האָב אים געלייענט אין זיינע גוטע, קארע, שמייכלענדיקע אויגן.

ער האָט מיך צוגעצויגן צו זיך מיט זיינע גוטע, קארע, שמייכלענדיקע אויגן, און איך האָב מיך אויפגעהויבן און לאָז מיך גלייך צו אים.

ער ציט מיר אויס די האנט פון וויטן, עפנט אויף דאָס מויל אויף צו לאכן — און עס זעט זיך ארויס זיין קרומער איבערגעוואקסענער צאָן.

— א !?...

— א !?...

מיר שטייען איינס אקעגן אנדערן און האלטן זיך ביי די הענט — און איך בין זיך מודה: פון זינט עס גייט מיר נישט גוט, האָב איך פיינט א נגיד; איך האָב פיינט פעטע, געזונטע, פריילעכע פּיסקעס; איך קאָן נישט אָנקוקן א פּנים, וואָס איז צופרידן מיט זיך אליין און מיט דער גאנצער וועלט! נאָר דער דאָזיקער חברה־מאן בייגט זיך צו צו מיר עפּעס זייער פריינטלעך, און מיר צעקושן זיך.

איך וויים נישט, ווי אזוי זאָל איך מיך צו אים ווענדן? זאָגן אים „דו“? — ווארפט זיך דורך זילבער אין זיינע גילדענע האָר; זאָגן אים „איר“? — האָבן מיר געלערנט אין איין חדר אזוי פיל יאָר אינאיינעם!

דאָס אייגענע, אפּנים, איז פאָרגעקומען ביי אים אויך, ווארום אז מיר האָבן זיך צערעדט, האָבן מיר גענומען רעדן „בלשון נסתר“, דאָס הייסט, אין דער גאנצער צייט האָבן מיר זיך אזוי געקלוגט, אז מיר האָבן זיך באַגאנגען אָן „דו“ און אָן „איר“.

ווי אזוי איז דאָס מעגלעך? אָט וועט איר הערן:

ער: איך שטיי און קוק און קוק, דאכט זיך יאָ, און דאכט זיך ניין? וואָסזשע מאכט מען:

איך: און איך שטיי און טראכט די גאנצע צייט: אָט דאָס זאָל זיין טאקע ער? דאכט זיך ער, און דאכט זיך נישט ער. וואָסזשע הערט זיך? פון וואנען קומט מען אָן?

ער: פון וואנען? איך בין דאָך א היגער טאקע, אן אָדעסער שוין פון וויפל יאָר!

איך: און איך בין ערשט נישט לאַנג אַ היגער. געקומען אַהער צופֿאָרן זוכן אַ געשעפֿט.

ער: אַ געשעפֿט? אַ געשעפֿט דאַרף מען זוכן? ביי מיר איז פֿאַרקערט: ביי מיר איז שוין צופֿיל געשעפֿטן; הלוואַי וואָלט איך געהאַט אַזוי פֿיל מענטשן, שלעכט אָן מענטשן, שלעכט! וואָס מיך קאָסט אָפּ אַ יאָר מענטשן! (אַ באַרימער! — טראַכט איך מיר). איך האָב נישט קיין גליק צו מענטשן! וויפֿל מאָל איך טראַכט מיר, ווען איך האָב כאָטש איין געטרייען מענטשן, וואָס מע קאָן זיך אויף אים פֿאַרלאָזן, וואָלט איך געלעבט, דאַכט מיר, מער מיט צען יאָר. וואָס זאָג איך מיט צען? מיט צוואַנציק יאָר! איך האָב שוין געפּרווט האַלטן אַלערליי מענטשן — אי ביליקע, אי טייערע, אי גאָר טייערע — אַלץ אייגס, נישטאָ קיין געטרייע מענטשן! (אָט דאָ, טראַכט איך מיר, וועט ער זיך מסתמא צעלאָזן, ווי אַזוי ער מאַכט גליקלעך מענטשן און ווי אַזוי זיי עקספּלאָאַטירן אים — איך קאָן זיי ש.ין, די דאָזיקע פֿילאַנטראָפּן! נאָר איך שלאָג אים נישט איבער און לאָז אים רעדן ווייטער). איך האָב געהאַט אַמאָל אַזוי פֿיל חברים, ווען אייגער קומט צו מיר צוגיין און וויל מיר זיין צו הילף, וואָלט איך אים דאָך אָפּגילטן פֿון קאָפּ ביז פֿים (אַ רעכטער ליגנער! — טראַכט איך מיר.) — און ווי אויף צו להכעיס, באַגעגן איך נישט קיינעם פֿון מיינע לייט. איך קאָן זאָגן, אַז דאָס איז מיין ערשטע באַגעגעניש פֿון זינט איך בין אַ היגער. דאַכט זיך, מיר זענען געווען אַמאָל גאַנץ נאָענטע חברים, האַ?

איך: חברים? אַלץ הייסט חברים! איניינעם געלערנט, איניינעם קעסט געגעסן ביי איין רבין, איניינעם געשלאָפֿן.

ער: איך געדענק אַפֿילו ביי וואָסער רבין! ביים רבין זרח, אויפֿן אויוון, ווינטער אין די גרויסע פֿרעסט.

איך: און זומער אין דרויסן, אויף דער הוילער ערד.

ער: ווי די הזירים אין בלאָטע, מיט אַלע זשאַבעס.

איך: און צום שכן טביה אין די פֿענצטער ווער האָט געוואָרפֿן שטייגדלעך און איבערגעשראָקן די גאַנצע שטוב מענטשן אַ.יף טויט?

ער: און ביי די פֿיראָנדיטשקע די עפּל פֿונעם קאָשיק ווער האָט געלקהנט מיט אַ שטעקל, אונטן אַ טשונאָק צוגעשלאָגן?

איך: און די קאַוועגע הושענה־רבה פֿונעם וואָגן ביי גדליה דעם אַלטן?

און אַזוי ווייטער.

צערעדט זיך פון אמאָליקע גליקלעכע, נארישע, נאָר גליקלעכע קינדער=יאָרן, קאָנען מיר שוין אזוי גיך נישט אויפהערן; עס שיט זיך ביי אונדז ווי פון א זאק; עס גיסט זיך ביי אונדז ווי פון א פאס; עס לאָזט זיך גאָר נישט אוים קיין שטאָף — ביז מיר קומען ארויף צו ביסלעך אויף אונדזער איצטיקן מעמד, און מיר ווערן געוואָר איינס פונעם אנדערן א סך גוטס און א סך שלעכטס א סך פריילעכס און א סך טרויעריקס. איינעם פון אונדז גייט עס גוט, מיט הצלחה, דעם אנדערן גייט דאָס שלעכט, שלים=שלימזל; איינער פון אונדז איז א גביר, אן אדיר, דער אנדערער א רעכטער כתריאל. איינער האלט קינדער אין בעסטער דערציונג, די עלטערע מאָכטער אויסגעגעבן גליקלעך, די זין אלע אין גימנאזיע; דער אנדערער מוטשעט זיך מיט זיינע קינדער, ווי אויפן טויט, די עלטערע מאָכטער זוכט שט נדן און קאָן נישט געפינען, און דעם זון אין גימנאזיע קאָן ער נישט אריינגעבן, מע דאַרף האָבן פראָטעקציעס, עס דאַרף קאָסטן געלט... איינער האָט זיך זיין אייגן הויז אין אָדעס, און נאָך וואָס פאר א הויז — מיט א גאָרטן און אייגנעם, מיט אלע אנטיקן, א גן=עדן! דער אנדערער איז שוין פון היפשע עטלעכע יאָר נע=ונד! פון איין דירה אין דער אנדערער. ערשט נישט לאנג האָט מען אים „אָפּגעשריבן“ פון קאָפּ ביז פיס, פארקייפט די בעבעכעס און ארויסגעוואָרפן מיט בזיונות אויף דער גאס. און ס'איז ביי אים געבליבן, וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין — ארויספאָרן, אריבערפאָרן אין אן אנדער שטאָט. מע זאָגט, ס'איז א סגולה: משנה מקום משנה מזל.

איך האָב נאָך פאר קיינעם אזוי עפנטלעך נישט ארויסגערעדט זיך דאָס הארץ, ווי אצינד פאר מיין חבר, און קיינער האָט נאָך מיך קיינמאָל אזוי נישט אויסגעהערט געשמאק ביזן סוף מיט אזא גוט=פריינטשאפט. איך האָב דערפילט, ווי א שטיין פון הארצן, צען פוד משא איז פון מיר אראָפּ. און איך האָב דערזען, ווי זיינע גוטע, קארע, שמייכלענדיקע אויגן זענען ווי באנעצט, דאָס פנים ערנסט, ער לייגט ארויף אויף מיר די האנט און מאכט צו מיר:

— נו, אן עק! פון היינט אָן און ווייטער וועט דאָס בעסער גיין. אמת, אמת. משנה מקום משנה מזל. איך וויים עס פון זיך זעלבסט; ס'איז מיר אמאָל, נישט היינט געדאכט, אויך געווען נישט גוט! אצינד וועלן מיר שוין זיצן איניינעם.

— וואָס הייסט, זאָג איך, איניינעם?

— איניינעם וואָס הייסט? — זאָגט ער צו מיר מיט א ניגון, און זיינע גוטע, קארע אויגן לאכן. — איניינעם הייסט, אז איינער

האָט געשעפטן, און דארף האָבן א הילף ווי אין לעבן אריין, און זוכט א מענטשן אן אָרנטלעכן, א געטרייען, וואָס וויפל ער זאָל נישט קאָסטן, איז ער ווערט צוויי מאָל אזויפיל, און גאָט העלפט אים — ער באגעגנט זיך מיט זיינס א חבר, וואָס האָט זיך מיט אים אזא צייט נישט געזען, און ווערט געוואָר, אז דעם חבר איז געבעך נישט גוט די צייט און ער זוכט א געשעפט, הייסט דאָך עס, אז זיי דארפן האָבן איינס דאָס אנדערע, — הייגט וואָס קאָן נאָך זיין גלייכער דערפון?

און בכדי עס זאָל מיר, אפנים, נישט זיין קשה, וואָס ער לייגט מיר פאָר אזא גליק, באַפט ער ארויס דעם טייסטער, עפנט אים אויף און וויל מיר ווייזן א דעפעש, וואָס מע רופט אים ארויס אויף עטלעכע טעג און ער קאָן נישט פאָרן בשום אופן נישט! נאָר מיינע אויגן קוקן נישט אויף דער דעפעש, מיינע אויגן פאלן אויפן פעקל אסיגנאציעס וואָס אין טייסטער. א היפש פעקל אסיגנאציעס — גרויע הונדערטערס און פיל־פארביקע פינפהונדערטערס; און מיינע אויגן, אפנים, ברענען, און זיינע אויגן באגעגנען זיך מיט מיינע אויגן, און ער שטויסט זיך, אפנים, וואָס איך קוק, און ער רופט זיך אָן אלץ מיט דעם זעלבן ניגון:

— דאָס געשעפט, דאנקען גאָט, קאָן טראָגן אויף אלץ, און א גייער מענטש, אז ער קומט אָן אין געשעפט אריין, באדארף ער מסתמא האָבן אביסל געלט, און געלט איז דאָך, ברוך־השם, פאראן גענוג, פאר וואָסזשע זאָל ער נישט נעמען, וויפל ער דארף? וואָס איז דאָ פאראן צו שעמען זיך? מע פארשטייט גאנץ גוט, וואָס הייסט אריבערטראָגן זיך אין א ניי אָרט מיט קיין עין־הרע קינדער... איך וויים עס פון זיך זעלבסט. איך בין אליין אויך געוועזן אמאָל נישט אין קיין בעסערע לאגע; איך האָב אמאָל אליין אויך געשמייכלט צו־גו־א דרייערל, אויך גענוג אויסגעריסן געוואָרן, פארשווארצט געוואָרן — אוי, פארשווארצט געוואָרן!

און מיין חבר זעצט זיך אנידער מיט מיר באזונדער אויף א באנק און דערציילט מיר אויס אינגאנצן די ביאָגראפיע זיינע אין קורצן. א מערקווירדיקע ביאָגראפיע. עפעס טאקע גאָר חידושים ונפלאות, מעשיות פון טויזנט איין נאכט! איך מיט מיין לעבנס־געשיכטע, מיט מיין איצטעריקער ביטערער לאגע בין גאָר א גראף, א מאגנאט קעגן אים! איך זיץ נאָר און קוק אויף אים און טראכט מיר: „וואָס א מענטש קאָן איבערטראָגן אויף זיך!... און אז גאָט האָט אים געקאָנט העלפן נאָך אזעלכע גרויסע צרות מיט אומגליקן, וואָס דער האָט אויף זיך איבערגעטראָגן, איז

פאראַן אַ שטיקל האָפענונג, אַז מיר זאָל נאָך אויך זיין אַמאָל גוט"...

און מיין חבר נעמט ווידער ארויס דעם טייסטער און טראָגט מיר אים אונטער גלייך אין פּנים אריין.

— וואָס דאַרף מען זיך דאָ שעמען? — מאַכט ער צו מיר. — מע נעמט דערוויַיל, וויפל מע באַדאַרף...

איך פרעג מיך אליין, צי ס'איז נישט קיין חלום, און קוק אין טייסטער אריין, און דער טייסטער איז אָפן, און די גרויע הונדערטערס מיט די פילפארביקע פינפהונדערטערס שמייכלען צו מיר גלייך מיט מיין חברס שיינע, גוטע, קארע אויגן, און איך צי אויס די האנט און זאָג:

— גענוג וועט זיין דערווייַלע צוויי.

איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל זאָגן: צוויי הונדערטערס, צי צוויי פינפהונדערטערס? און בכדי מיר זאָל, אפּנים, זיין גרינגער, רופט ער זיך אָן פאר מיר:

— צוויי טויזנט, מיין איך, וועט זיין ווינציקלעך.

און ער ציילט מיר אָפּ זעקס פילפארביקע פינפהונדערטערס און מאַכט צו מיר:

— גענוג דריי טויזנט אויף דער ערשטער צייט?

— אָ!... — מער קאָן איך נישט זאָגן גאָרנישט, און ליג צונויף די הארטע אסיגנאציעס און שטופּ זיי אין בוזעם־קעשענע און פיל אַ מאָדנע ווארעמקייט פון זיי, אַ גלאַטקייט...

און בכדי ס'זאָל מיר, אפּנים, נישט זיין שווער די טובה, רופט ער זיך אָן צו מיר ווייטער:

— און איך וואָלט נאָך אַ בעלן געווען אָנקוקן, קיין עין־הרע, די דאָזיקע קאָמאנדע, מיין חברס קינדער.

און איך ענטפער אים נישט באַלד. מיינע געדאַנקען זענען דאָרט, אין בוזעם־קעשענע, ביי די פילפארביקע פינפהונדערטערס, וואָס ווארעמען מיך און גלעטן מיך און קריכן נישט ארויס פון קאָפּ; און מיינע מחשבות כאַפּן מיך אָן און טראָגן מיך אוועק אהיים, צו ווייב און קינדער, און איך שטעל מיר פאָר די שמחה, וואָס וועט זיין, אַז מע וועט דערזען פלוצים אזוי פיל געלט און דערהערן פלוצעם אזא גליק!... און ער זאָגט צו מיר נאָך אַמאָל, אַז ער וואָלט וועלן זען מיין ווייב און קינדער.

— אָך! — זאָג איך. — קאָנען מיר דאָך גיין גלייך צו מיר. איך זיץ נישט וויַיט אָט דאָ. די קינדער זענען סאַמע אין דער היים. גייען מיר?

— פאַרוואָס נישט? — מאכט ער צו מיר, און איך דערקען אין זיינע אויגן, אז ער ווייסט, אז מיינע געדאַנקען זענען דאָרט, ביים געלט, וואָס ליגט אין בוזעם־קעשענע, וואָרום איך טו מיך אַלע מאָל נישט ווילנדיק א טאַפּ צו דעם און לאָז ארויס א טיפן זיפץ, און ער, דער הונט, פאַרשטייט דאָס גוט, און טראָגט אריבער באַלד דעם שמועס ווידער צוריק אהין, אין יענע אמאַליקע, נאַרישע, נאָר גליקלעכע קינדער־יאָרן, דערמאָנט מיר בילדער שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע, און אזוי קומען מיר צו מיר אהיים.

און דאָ דערמאָן איך מיך אָן מיין שטוב, מיין מעבל... און עס ווערט מיר א ביסל א בזיון פאַר מיין רייכן חבר, און איך הויב מיך אָן פאַרענטפערן פאַר אים.

— א נייע דירה... נישט לאַנג אריבערגעקליבן זיך... זומער... א שטיקל מישמאַש...

ער פאַרשטייט, אַפּנים, וואָס איך מיין, פאַרכאַפּט ער פריער און זאָגט צו מיר:

— אָ־וואַ! א גרויסער אומגליק!... אומעטום אזוי! ביי מיר אויך נישט בעסער... קומט דער זומער, הייבט זיך אָן רעמאָנט... א חתונה!

און בשעת־מעשה דערמאָן איך מיך, אז אין בוזעם ליגט ביי מיר דאָס געלט, און עס טוט מיך א ברי, א ברען, א סמאָליע, און עס פליט מיר דורך א מחשבה, וואָס זאָל איך פריער טאָן, און גיך־גיך לויפט דורך א חשבון ביי מיר אין קאָפּ: דירה־געלט... דעם קצב... דאָס קינד אין גימנאַזיע... דעם ווייב שיך א פּאָר... די טעכטער היטעלעך... זיך א סורדוט... אביסל מעבל... היינט חובות... די אַלטע חובות! חובות! חובות! חובות!

און עס לויפן דורך ביי מיר אין דער מחשבה אַלע הארבסטע חובות. מע מוז, מע מוז זיי צאָלן באַלד! און איך זע גאָרנישט, אז ס'איז שוין אָפן די טיר, און איינס פון מיינע קינדער גייט מיר אקעגן מיט א בלאַס פינצטער פּנים. די קינדער נעבעך ווייסן אַלע צרות אונדזערע; ווייסן שוין פון דחקות, ווייסן שוין, וואָס הייסט פאַר מילך, פאַר פלייש, אין מארק אריין, דער דוואָרניק דירה־געלט קומט מאָנען, די יידענע פאַר טיי, דער ייד פאַר האָלץ, א בייזער יונגערמאַן מיט א געל בערדל: „פון ווינטער נאָך, טענהט ער, פאַר האָלץ האָט איר געקאָנט ביז אהער דריי מאָל שוין באַצאָלן!"...

— וווּ איז די מאַמע? — פרעג איך.

— אין קיך, — ענטפערט מיר דאָס קינד.

— קיין דינסט אצינד נישטאָ, ערשט נעכטן אוועקגעגאנגען די דינסט! — פאַרענטפער איך זיך פאַר מיין רייכן חבר און ווער שיער פאַרברענט פאַר חרפּה, און דערמאָן זיך, ווי אזוי מיין ווייב וועט אריינקומען חלילה מיט פאַרשמירטע הענט און גאָט ווייסט מיט וואָס פאַר א קליידל...

— ביי מיר — זאָגט ער — אויך דאָס אייגענע; אלע וואָך, אלע וואָך א נייע דינסט. אן אומגליק מיט די היגע דינסטן!

איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן: צי איך זאָל לאָזן דאָ מיין חבר זיצן און אליין גיין אין קיך אריין אָנזאָגן מיין ווייב די גוטע בשורה, ווי אזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפירט? צי זאָל איך בעסער בלייבן זיצן מיט מיין חבר דאָ אין זאַל?

איך זאָג: „אין זאַל" עס רעדט זיך אזוי א זאַל! א גרויס חדר טאקע, נאָר ליידיק; נישט ליידיק — א פּאָר טישלעך שטייען, טעפּ פון קווייטן, א פּאָרטעפּיאַן און א אַלטער און א שפּיגל א לאַנגער עדות פון אמאָליקע גוטע יאָרן און פון איצטיקן דלות. א לאָמפּ, אוי א לאָמפּ א מאָדנע, און א בעטל פונקט אין מיטן זאַל. אזוי שפּעט זאָל שטיין א בעט אין זאַל און נישט פאַרבעט גאָר! א הונדערטער וואָלט איך באַצאָלט אין דער מינוט, עמעצער, זאָל צונעמען פון דאנען דאָס בעטל. עס ברענט מיר דאָס פּנים פאַר בזיון!

מיין חבר אפּנים, שטויסט זיך אָן, וואָס איך בין אזוי צעמישט, און רופט זיך אָן צו מיר:

— א ווילע דירה, א פרייע, א „פּראָסטאָרנע"! און דווקא קלוג, וואָס מע שלאָפט אין זאַל. ביי מיר שלאָפן אויך די קינדער אין זאַל. ס'איז היים אין אלע אלקערס!

— אָט דאָס איז מיין בן־יחיד, — שטעל איך אים פאָר מיין זון, וואָס גראָד אצינד איז אים געפעלן אראָפּוואַרפן די שטיוול און ארומגיין באָרוועס. מיין חבר זעט, אז די מעשה קרענקט מיך, טראכט ער אויס א ליגן:

— זומער גייען ביי מיר אלע קינדער באָרוועס...

און דאָ קומט אריין א טאָכטער מיינע, די צווייטע פון דער עלטערער. איך שטעל זי פאָר פאַר מיין אלטן חבר. זי ווערט רויט ווי פייער, נישט מחמת זי איז אזא שעמעוודיקע, נאָר מחמת זי גייט זייער אָרדינער, פּראָסט געקליידט, און דער עיקר זענען די שיך — געמיינע שיך מיט לאטעס, אָן אָבצאסן, און אויסגעדרייט, צעריסן...

און איך צו להכעיס, זעצט זי זיך אוועק אזוי, אז ער דערזעט די שיך, און זי דערזעט, ווו ער קוקט, און איך דערזע,

ווי זיי קוקן ביידע אויף אירע שיך, און איך ווער צעמישט. ס'זאָל זיין א גרוב, וואָלט איך אריין א לעבעדיקער אין גרוב.

— א שיין קינד, — מאכט ער צו מיר אין אויער אריין, — שיין ווי גאָלד!

איך וויל אים עפּעס ענטפערן, קומט אריין די עלטערע טאָכטער מיינע, שיין א היפּשע. זיין זייט זי אפילו אין גאַנצע שיך, נאָר א קאָפּטל האָט זי אָנגעטאָן פון קיסיי, א דינס, אָן אן עלנבויגן. זי ווייסט נישט, אפּנים, אז עס פעלט ביי איר אן עלנבויגן, און זעצט זיך פּונקט אזוי אנידער, אז זי קומט אויס מיטן עלנבויגן גלייך צו אים. ער קוקט אויפן עלנבויגן, איך אויף אים, און בין אויסער זיך פאר צרות! איך ווינק צו איר, זי פאַרשטייט נישט וואָס, ווערט זי רויט ווי פייער, הייבט זיך אויף און דרייט זיך אויס צוריק — אוי־ווי, א צרה, א שלאק! דאָס גאַנצע קאָפּטל איז צעפּיצלט!

— אייגע שענער פון דער אנדערער. — מאכט צו מיר מיין חבר אויפן אויער. — צו אזעלכע שיינע קינדער פאַרשפּאָרט מען שוין אפילו נדן!

און איך דערמאָן זיך אינעם שידוך פון מיין טאָכטער, וואָס ס'איז שיער געוואָרן, נאָך פון פאַראיאָרן, א גלייכער שידוך, א ווילער יונג, א דאָקטאָר, און איבער נדן איז עס זיך צעגאַנגען, — און עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ אויף איר, און איך טראַכט מיר:

— אוי מיט איין יאָר פריער ווען איך באַגעגן זיך מיט מיין גוטן־גוטן חבר!...

. . . . . . . . . . . . . . .

— לאָז גיין אין דער ערד אריין דער באַלעבאָס מיט דער פּליטע, מיט דער שטוב, מיטן הויף, מיט אלע הויפן, און לאָזן זיי זיך אָנצינדן און ברענען אויפן פייער מיט גאַנץ אָדעס אינאיינעם!

איך דאַרף זיך שוין שטויסן. ווער דאָס רעדט; דאָס רעדט א ווייב, בשעת זי קומט אריין פון קיך א פאַרשוויצטע א פאַרחושכטע, א פאַריאָמערטע און צעבראָכענע, נעבעך אָן א דינסט, דאַרף אליין קאָכן, וואָס זי איז בפירוש נישט געוווינט געוואָרן; די פּליטע רויכערט, דער קצב וויל שוין נישט געבן אָן געלט, די גויע פאַר מילך מאָנט, טרעט נישט אָפּ פון קיד, אין מאַרק איז אויף אלץ א יקרות, און די קינדער דעקוטשען שטאַרק, ווילן אָנבייסן, דווקא יונגע קאַרטאָפּעלעך, און דווקא מיט פּוטער!

איך וויל זיך אויפהייבן, לויפן איר אקעגן, זי אוועקרופן, אָנזאָגן איר, ערשטנס, די גליקלעכע בשורה און, צווייטנס, בעטן

זי זאָל זיך איבערטאָן — לאָזט ער מיך נישט, דער חבר מײַנער; ער נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט און מאַכט אַזוי:

— איך װעל מיך בעסער אַלײן פֿאָרשטעלן פֿאַר איר.

און ער גײט צו צו איר און ער שטעלט זיך פֿאַר פֿאַר איר, און צװישן זײ פֿאַרבינדט זיך אַזאַ מין שמועס:

ער: איך געדענק אײַער מאַן, מאַדאַם, אַ סך פֿריער פֿון אײַך!

זי: אַ גליק האָט אײַך געטראָפֿן!

ער: מיר זענען חברים פֿון קינדװײַז אויף.

זי: זאָג מיר, װער זענען דײַנע חברים, װעל איך דיר זאָגן, װער דו ביסט...

ער: אײניקע געלערנט, אײניקע געגעסן, אײניקע געשלאָפֿן, אײניקע אַפֿילו געגנבעט עפּל פֿון אײן קאָשיק.

זי: אַ שײנע רעקאָמאַנדאַציע פֿאַר אײַך בײדע...

ער: נישט נאָר עפּל אַלײן, קאַװענעס אױך.

זי: גענוג, איך פֿאַרשטײ שױן װער איר זענט...

די לעצטע װערטער רעדט אױס מײַן װײַב מיט אַזױפֿיל סם־המות, אַז מײַן חבר בלײַבט אָן לשון. איך װינק צו איר, מאַך איר מיט די אױגן, זי זאָל אױפֿהערן רעדן אַזעלכע שאַרפֿע שטעכעדיקע װערטער, און טראַכט מיר: װען זי װײסט, למשל, װער דאָס איז און װאָס ער איז פֿאַר אונדז? פֿילט זי זיך נישט און ענטפֿערט מיר:

— װאָס װינקסטו צו מיר? איך פֿאַרשטײ שױן, װאָס דאָס איז פֿאַר אַ מין פֿרײַנט, אַז ער איז דײַנער אַ חבר.

— מאַדאַם! — רופֿט זיך אָן צו איר מײַן חבר שױן מיט אַ טאָן פֿון אַ מענטשן, װאָס געפֿינט זיך אַביסל באַלײדיקט: — מאַדאַם, װעדליג איך זע, זענט איר נישט זײער אין קײן גע־הױבענע מײנונג װעגן אײַער מאַן, דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז איך קען אים בעסער פֿון אײַך.

דאַרף איך אײַך זאָגן, — ענטפֿערט זי מיטן אײגענעם טאָן װאָס ער, — דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז קײנער בעט אײַך נישט, איר זאָלט זײַן פֿאַר אים אַ מליץ יושר, ער קאָן זיך זײַן שטעקל, נישקשה, אַלײן באַשטײן.

איך זע, מײַן חבר האָט שױן גאָר אַן אַנדער פּנים: די באַקן ברענען אים שױן גאָר מיט אַ מאָדנע פֿײַער; די גוטע, קאַרע, שמײכלענדיקע אױגן האָבן אױפֿגעהערט צו לאַכן, און ער שװיצט מיט סכנות־נפֿשות!... װאָס זאָל איך דאָ טאָן? איך בין אױס מענטש! איך עק זיך! עס האָט מיר פֿאַרשטערט, פֿאַרסמט די גאַנצע שמחה מײַנע! איך האָב פֿאַרגעסן אינעם

געלט, וואָס ליגט ביי מיר אין בוזעם־קעשענע; איך האָב פארגעסן אין אלצדינג; איין געדאנק ליגט מיר איצט אין מוח, איין מחשבה: „ווי אזוי נארט מען ארויס מיין ווייב פון דאנען? ווי אזוי גיט מען איר צו וויסן, ווער מיין, חבר איז און וואָס ער האָט פאר אונדז געטאָן?" און איך קוק אויף איר מיט געבעט, ווי איינער רעדט: „האָב רחמנות, מאד צו דאָס מויל, הער אויף צו רעדן!, נאָר, ווי אויף צו להכעיס, האָט זי זיך צערעדט:

— איך וויים, זאָגט זי, די גוטע ברידער זיינע מיט די שיינע חברים פונעם חדר! עפּעס רעכטס וועט צו אים נישט אָנשלאָגן... אָדער א שלים־מזל א קבצן, אָדער א באַרימער וואָס קומט דערציילן גליקן... אָט איז ערשט יענע וואָך גע־קומען צו אים זיינער א בן־עיר, מיט אים א גאנצער רב שמעלקע, פון וויים איז ער געקומען, אזש פון אלדי שווארצע יאָר, אים אָנדערציילט אזעלכע גוזמאות פון זיך, אז דער קאָפּ האָט זיך געדרייט: א גאנצער מיליאָנער, און א נדבן, א גוטער מענטש, איין בעל־טובה אין דער וועלט! און אז ס'איז געקומען צו דעם, אז מיין מאן... — וואָס שעמסטו זיך? עס איז דאָך דיינער א חבר, זאָגסטו, וואָס איר האָט אינגיינעם אמאָל געגנבעט עפּל פון איין מילטערל... — און אז ס'איז געקו־מען דערצו, אז מיין מאן האָט אים געזאָגט, אז...

איך קאָן מיך שוין נישט איינהאלטן. איך גיי ארויס פון די כלים. קוים, וואָס איך שטיי אויף די פיס. איך פיל, אז אָט־אָט פּלאצט אין מיר דאָס הארץ. איך מוז, איך מוז מאכן א סוף צום דאָזיקן שמועס! און איך טו א געשריי צו מיין פּלונית נישט מיט מיין קול:

— אָבער גע־גוג! . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

— וואָס איז! וואָס שרייסטו? גאָט איז מיט דיר! שטיי אויף! — מאכט צו מיר מיין ווייב, אן איבערגעשראָקענע אויף טויט, און וועקט מיך אויף פונעם שלאָף.

* * *

איך זעץ מיך אויף, וויש אויס די אויגן, קוק מיך ארום אויף אלע זייטן.

— וו איז ער ערגעץ?

— ווער? וועמען זוכסטו?

— דער קרוב מיינער... דער חבר, מיין איך...

— וואָסער קרוב? וואָסער חבר? עס האָט זיך דיר געחלומט א חלום... שפּיי אויס דריי מאָל... האָסט זיך שפּעט געלייגט שלאָפן... איך האָב דיר וויפל מאָל געזאָגט, שפּעט ביינאכט זאָלסטו נישט שרייבן...

איך טאַפּ מיך אין דער זייט ביים בוזעם. איך זוך די בוזעם־קעשענע. איך פיל, אז געוואלד! אָט־אָ־דאָ־אָ, אויף דעם אָרט, איז געלעגן נאָר וואָס א פּעקל מיט הארטע פּילפּארביקע פינפהונדערטערס! איך הער נאָך דאָס קנאקן זייערס, איך פיל נאָך די גלאטקייט פון זיי אין די הענט, מיט דער ווארעמקייט אויף דער נשמה!...

און איך דערמאָן זיך, אז מאָרגן צען אזייגער אינדערפרי קומט צו מיר דער סודעבני פּריסטאוו איבערשרייבן און אויס־פּארקויפן די בענקלעך מיינע, און דער באלעבאָס ווארפט מיך ארויס פון דער דירה, און דער קצב מאָנט פאר פלייש, און די גויע פאר מילך, און די יידענע פונעם קליישל האָט מיר צוגעזאָגט מאָרגן, אם ירצה השם, גאנץ פרי זיין ביי מיר נאָך אמאָל, און דער ייד פון האָלץ וועט אויך נישט שווייגן; ער קומט אלעמאָל צו גיין און פרעגט מיך: „היתכן“?... און דאָס יינגעל מיינס זאָגט מיר אָן די בשורה, אז ער איז שוין פארטיק צום עקזאמען! מאָרגן איז דער עקזאמען — מזל־טוב דיר, מיין קינד, זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בשורות!... עס באשלאָגט מיך א שוויים און עס ווערט מיר קאלט אין אלע אברים.

# א גרינגער תענית

א בילד לכבוד תשעה באָב

געשריבן אין יאָר 1903.

# א גרינגער תענית

דאָס, וואָס ס'האָט נישט געקאָנט אויספירן דער באַרימטער דאָקטאָר טאַנער, האָט דורכגעפירט חיים חייקין, א קליין אָרעם יידל פונעם קליינעם אָרעמען כתרילעווקע.

דער דאָקטאָר טאנער האָט געוואָלט ווייזן, אז א מענטש קאָן פאסטן פערציק טעג, און האָט זיך אָפּגעמוטשעט בסך־הכל אויב נישט א טאָג אכט און צוואנציק, נישט מער, שיער נישט געשטאָרבן. אי דאָס, האָט מען אים אונטערגעגאָסן מיט לעפעלעך וואסער, געגעבן שלינגען שטיקלעך אייז, צוגעהאלטן דעם דופק — א גאנצער טאראראם!

חיים חייקין האָט באוויזן, אז מע קאָן פאסטן א סך מער ווי פערציק טעג געוויינטלעך נישט רצופים, נישט איין טאָג נאָכן אנדערן, נאָר דורכן יאָר זאָל זיך אָננעמען א מאה טעג — אויב נישט מער.

נאָר פאסטן!

וואָס מיר טראָפּנס וואסער? ווער מיר שטיקלעך אייז? פאסטן הייסט: נישט געטרונקען א מעת־לעת, אמתע פיר און צוואנציק שעה.

און קיין דאָקטוירים זיצן נישט ביי דער זייט, און האלטן נישט דעם דופק. שא, שטיל. וואָס איז די מעשה?

חיים חייקין איז נעבעך א גרויסער אביון און א מטופל מיט קינדער — און פון זיי, פון די קינדער, איז ער זיך מפרנס.

קינדער האָט ער, מייגסטנס, מיידלעך, און זיי זענען אויף דער „פאַבריקע“, זיי אַרבעטן גילזן, און פאַרדינען ווער א גילדן ווער א האַלבן גילדן א טאָג. אי דאָס — נישט אַלע טאָג: וווּ איז שבתים? יום־טובים? וווּ זענען די טעג פון „שטרייק“? דאַנקען גאָט, אומעטום, אַפילו דאָ אין כתרילעווקע, ווייסט מען שוין: שטרייק!

און דערפון דאַרף מען צאָלן דירה־געלט — א נאַס ווינקל. ערגעץ אין א קעלער.

און דערפון דאַרף מען קליידן אַלעמען און שוכן, משטיינס געזאָגט! קליידלעך האָבן אַלע, נאָר שיך — א פּאָר אויף צווייען.

און דערפון דאַרף מען עסן, משטיינס געזאָגט! מכות עסט מען; ברויט א שטיקל, אָנגעשמירט מיט קנאָבל, אַמאָל א קרופּניק, אַמאָל טאַראַן א שטיקל, וואָס ברענט אַרויס דאָס האַרץ, קאָן מען גאָכדעם טרינקען, טרינקען א גאַנצע נאַכט.

קומט צום עסן, דאַרף מען טיילן, אַלעמען אַרויסטיילן דאָס שטיקל ברויט, ווי לעקער.

— אוי דאָס עסן! אוי דאָס עסן זייערס!

אַזוי זאָגט חייקע, חיים הייקינס ווייב, א קראַנקע נעבעך, הוסט, הוסט גאַנצע נעכט.

— קיין עין־הרע! — זאָגט דער פּאָטער חיים חייקין, און ער קוקט, ווי די קינדער שלינגען גאַנצע שטיקער ברויט, און אַליין וואָלט ער אויך עפּעס א בעלן זיין געמען אין מויל אַריין, נאָר אַז ער וועט געמען — וועלן די צוויי קליינינקע, פריידקע און ביילקע, בלייבן אָן וועטשערע.

און ער צעשניידט זיין חלק ברויט אויף צווייען און גיט אַוועק די צוויי קליינינקע, פריידקען און ביילקען.

— פריידקע! ביילקע! נאַט אייך נאָך צו שטיקלעך ברויט, וועט זיין אויף וועטשערע.

פריידקע און ביילקע ציען אויס די דאַרע שוואַרצע הענ־טלעך, קוקן דעם פּאָטער אין די אויגן אַריין, גלייבן נישט: אפשר טרייבט ער דאָס קאַטאָוועס?... קינדער זענען נאַשערס: שפּילן זיך מיטן טאַטנס חלק ברויט אַזוי לאַנג, ביז זיי בייסן אָפּ אַלע מאָל א שטיקל. דערזעט די מוטער און הייבט אָן שרייען און הוסטן בשעת־מעשה:

— רק מען עסט, רק מען עסט!

דער פּאָטער קאָן דאָס נישט האָרכן, וויל איר אָפּענטפערן, נאָר ער שווייגט; ער קאָן נישט רעדן, ער טאָר נישט רעדן. וואָס

איז ער דאָ? א צעבראָכענער שארבן. ער איז דאָ דער לעצטער שבלעצטער, איבעריק ביי אלעמען, איבעריק ביי זיי, איבעריק ביי זיך אליין.

וואָס, משטיינס געזאָגט אז מאָן טוט ער גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט; נישט מחמת ער וויל נישט, אָדער מחמת עס שטייט אים נישט אָן, נאָר ווייל ס'איז נישטאָ וואָס צו טאָן! נישטאָ און געווען! דאָס גאנצע שטעטל קלאָגט זיך, אז ס'איז נישטאָ וואָס צו טאָן! צ.נויפגעטריבן, קיין עין־הרע, אביסל יידן, א שמחה, נו־נו!

„גם זו לטובה!" — אזוי טראכט חיים חייקין. גוט, וואָס ער האָט כאָטש קינדער, אנדערע האָבן דאָס אויך נישט. נאָר ארויסקוקן אויף קינדער!?

הערט איר? נישט גוט, אז מע דארף ארויסקוקן אויף קינדער. נישט מחמת זיי זשאַלעווען אים — חלילה! נאָר ער אליין קאָן נישט. ער קאָן נישט!

ער ווייסט, ווי אזוי די קינדער האָרעווען זיך אָן דעם טאָג; ער ווייסט, אז מע קוועטשט פון זיי ארויס דעם שוויים ביזן לעצטן טראָפן. ער ווייסט!

יעדער ביסן ברויט איז ביי אים א טראָפן בלוט; ער טרינקט די קינדערס בלוט. איר הערט? ער, חיים חייקין, טרינקט זייער בלוט. ער קאָן נישט!

— טאטע, פארוואָס עסט דו נישט? — פרעגן אים די קינדער.

— ביי מיר איז היינט... א תענית. — ענטפערט זיי חיים חייקין.

— ווידער א תענית? וויפל תעניתים האָסטו דאָס?

— ווינציקער, וויפל טעג אין וואָך.

און חיים חייקין זאָגט נישט קיין ליגן. ביי אים איז אָפט א תענית און דאָך איז פאראן טעג אזעלכע, וואָס ער עסט.

און דער טאָג וואָס חיים חייקין פאסט, איז ביי אים דער בעסטער טאָג.

ראשית, איז דאָך דאָס א מצווה פאר גאָט. מער מיט א שטיקל עולם־הבא, וואקסט פּראָצענט, ווערט גרעסער דאָס קאפיטאל...

והשנית, גייט נישט אוועק אויף מיר קיין פרוטה, איך דארף פאר קיינעם נישט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. אמת, קיינער פרעגט נישט ביי מיר; נאָר צו וואָס דארף איך דאָס, אז איך קאָן זיך באגיין אזוי?...

און וואָס איז ווערט אָט דאָס, וואָס איך פֿיל זיך עטוואָס העכער פֿון א בהמה? א בהמה עסט אַלע טאָג, איך קאָן מיך באַגיין א טאָג איבער א טאָג. א מענטש דאַרף שטיין העכער פֿון, להבדיל, א בהמה.

— אַך, ווען א מענטש זאָל קאָנען דערגיין צו דער מדרגה, אַז מע זאָל זיך באַגיין גאָר אָן עסן!... איז אָבער די קישקע, צו אַלדי שווארצע יאָר! — אזוי זאָגט חיים חייקין צו זיך אַליין, און מחמת הונגער הייבט ער אָן צו חקירהן, זיך אַריינלאָזן אין פֿילאָסאָפֿיע.

— איבער דער קישקע, איבער דער תאווה פֿון עסן, נעמען זיך אַלע צרות אויף דער וועלט. איבער דער קישקע, איבער דער תאווה פֿון עסן, בין איך א קבצן און מיינע קינדער באַדאַרפֿן האָרעווען מיטן בלוטיקן שווייס, ריזיקירן מיטן לעבן פֿאַרן שטיקעלע ברויט.

„וואָס וואָלט זיין, למשל, ווען א מענטש זאָל נישט באַדאַרפֿן עסן? איי־איי־איי! מיינע קינדער וואָלטן דעמלט זיין אַלע אין דער היים! אויס האָרעווען! אויס שוויצן! אויס סטרייקן! אויס ריזיקע! אויס פֿאַבריקן! אויס פֿאַבריקאַנט! אויס נגיד! אויס קבצן! אויס קנאה! אויס שנאה! אויס, אויס, אויס, א גן־עדן! א גן־עדן!“...

אזוי טראַכט זיך חיים חייקין און פֿאַרטיפֿט זיך ווייט אין חקירות און באַדויערט די וויסטע וועלט, און עס טוט אים באַנג, זייער באַנג, פֿאַרוואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אזוי דעם מענטש, אַז ער איז גאָר נישט ווייט פֿון, להבדיל, א בהמה...

* * *

דער טאָג, וואָס חיים חייקין פֿאַסט, זאָג איך אייך, איז דער בעסטער טאָג פֿאַר אים, און דער טאָג פֿון אַן אמתן תענית, פֿון תשעה באָב, למשל, — איז פֿאַר אים (ער שעמט זיך מודה זיין) א יום־טוב!

איר פֿאַרשטייט? אי נישט געגעסן, אי נישט קיין בהמה, אי נישט נהגה געווען די קינדערס בלוט, אי פֿאַרדינט א מצווה, אי רעכט אויסגעוויינט זיך אויף חורבן בית־המקדש.

וואָרום ווי קאָן מען וויינען, אַז מען איז זאַט? ווי קאָן א זאַטער פֿילן צרות? און צו פֿילן צרות באַדאַרף חלשן דאָס האַרץ!

— דער גוטער יאָר ווייסט זיי! געבן נאָך דער קישקע, האָבן מורא פֿאַסטן, שענקען זיי כאַבאַר דעם רבונו של עולם — א גראָשן!

אזוי פלעגט זאָגן חיים חייקין און האָט געפּייערט אויף די, וואָס קויפן זיך אויס פון תענית און וואַרפן אַריין אין צדקה־פּושקע אַ האַרטן דרייער.

דער שווערסטער פון אַלע תעניתים איז תשעה־באָב. אזוי זאָגט די וועלט.

חיים חייקין פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס? דער טאָג איז גרויס? אין די נאַכט קלענער. ס'איז היים אין דרויסן? ווער הייסט אייך אַרומדרייען זיך אויף דער זון? זיצט אין שול און זאָגט פּאַראַן, דאנקען גאָט, וואָס צו זאָגן.

— און איך זאָג אייך, — אזוי דרינגט חיים חייקין — אַז תשעה־באָב איז דער גרינגסטער פון אַלע תעניתים, ווייל ער איז דער בעסטער, דער בעסטער תענית!

למשל: יום־כיפּור אַ תענית. „ועניתם את נפשותיכם" שטייט געשריבן: „און איר זאָלט פּייניקן אייערע לייבער". בכדי וואָס? בכדי איר זאָלט אייך אויסבעטן אַ גוט קוויטל, אַ גוט יאָר.

תשעה־באָב שטייט נישט, איר זאָלט פאַסטן, נאָר איר פאַסט אַליין, וואָרום ווי קאָנט איר עס עסן דעם טאָג, ווען ס'איז חרוב געוואָרן דאָס בית־המקדש און יידן האָט מען געהרגעט, ווייבער צעשניטן, קינדער געקוילעט?...

תשעה־באָב שטייט נישט, מע זאָל וויינען, נאָר עס וויינט זיך אַליין, וואָרום ווי קאָן מען זיך איינהאַלטן פון טרערן, אַז מע דערמאָנט זיך, וואָס מיר האָבן יענעם טאָג פאַרלוירן?...

— אַן עבירה, וואָס נאָר איין תשעה־באָב! — זאָגט חיים חייקין. — אַן עבירה, וואָס נאָר איין יום־כיפּור....

— נו, און שבעה עשר בתמוז? — רופט זיך אָפּ איינער פון דער זייט.

— מער נישט איין שבעה עשר בתמוז! — ענטפערט אים חיים חייקין מיט אַ זיפץ.

— נו, און צום־גדליה? און אסתר־תענית? — פרעגט אים יענער ווייטער.

— מער נישט, אַז איין צום־גדליה! איין תענית־אסתר! — ענטפערט חיים חייקין ווידער מיט אַ זיפץ.

— ע, רב חיים! איר זענט דאָך עפּעס נאָר אַ זולל־וסובאניק אויף תעניתים!

— קאַרג תעניתים, קאַרג תעניתים! — זאָגט חיים חייקין, און ער נעמט אויף זיך פון איצט אָן און ווייטער פאַסטן ערב תשעה־באָב אויך, צוויי טאָג רצופים, איינס נאָכן אַנדערע.

א ווילע זאַך צוויי טאָג כסדר פאַסטן. הערט איר? מחיה נפשות!

שווער איז נאָר דאָס טרינקען! דאָס הייסט: שווער איז דאָס, וואָס מע קאָן נישט טרינקען! חיים חייקין נעמט זיך אונטער: מיט איין גלאָז וואַסער אלע טאָג פאַסטט ער אייך א גאַנצע וואָך ביז שבת.

איר מיינט, ס'איז נאָר געזאָגט? בלאָטע! חיים חייקין איז א מענטש, וואָס ביי אים איז אומר ועושה — געזאָגט און געטאָן.

די גאַנצע וואָך, וואָס פאַר תשעה־באָב האָט ער שוין אויפֿ־געהערט צו עסן, געלעבט מיט א ביסל וואַסער.

ווער האָט זיך אויף אים ארומגעקוקט? אז חייקע זיין ווייב איז געבעך קראַנק, די עלטערע קענדער זענען ביי די גילזעס, די קלענערע פארשטייען נאָך נישט. פריידקע אוןביילקע ווייסן נאָר, אז זיי זענען הונגעריק (און הונגעריק זענען זיי תמיד), ציט זיי געבעך דאָס האַרץ און זיי ווילן עסן...

— היינט האָט איר נאָך א חלק ברויט. — זאָגט דער פאָטער און צעשניידט זיי אויף צווייען זיין חלק ברויט, און פריידקע און ביילקע ציען אוים די דאַרע שוואַרצע הענטלעך און קוועלן.

— טאַטע דו עסט נישט? — זאָגן אים די עלטערע אויף דער נאַכט בשעת וועטשערע. — היינט איז דאָך נישט קיין תענית!

— אָסור אויב איך פאַסט! — זאָגט זיי דער פאָטער און טראַכט זיך: „אי אָפּגעגאַרט, אי קיין ליגן נישט געזאָגט. וואָרום וואָס איז א טרונק וואַסער? וואַסער איז נישט געגעסן און נישט געפאַסט“.

* * *

און אז ס'איז געקומען ערב תשעה־באָב, פילט זיך חיים אזוי גוט און אזוי גרינג, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער פילט, אז נישט נאָר ער דאַרף פאַרפאַסטן זיך, אז נישט נאָר ער וויל עפּעס נעמען אין מויל אריין, פאַרקערט — ער פילט, אז ער נעמט עפּעס א האַרטע זאַך, קריכט דאָס נישט אין האַלדז. עס קריכט נישט — גו!

דאָס הייסט: עס הלשט טאַקע דאָס האַרץ זייער גוט, און הענט און פיס ציטערן טאַקע; עס ציט, עס ציט צו דער ערד, די כוחות גייען אויס, און עס מלאָסגעט, און עס נודעט אויף צו חלשן. נאָר פע! וואָס הייסט? א גאַנצע וואָך געפאַסט און געקומען ערב תשעה־באָב — נישט אויסגעהאַלטן!?

און חיים חייקין נעמט זיין חלק ברויט מיט בולבעס, רופט צו די קליינע פריידקע מיט דער קליינער ביילקע און זאָגט זיי שטי־לערהייט:

— קינדער, נאַט אייך, עסט, און די מאַמע זאָל נישט זעען.

און פּריידקע און ביילקע נעמען דעם טאַטנס חלק ברויט מיט בולבעס, קוקן אויפן פאַטערס פּנים, ווי ס'איז מויט, און אויף די הענט, ווי זיי ציטערן און פרייסלען זיך.

און חיים קוקט, ווי די קינדער כאַפּן, עסן, שלינגען, און ער שלינגט די שליים, מאַכט צו די אויגן, הייבט זיך אויף פון ערד, קאָן זיך נישט דערוואַרטן אויף די קינדער, וואָס זענען ביי די גילזעס, נעמט מיט זיך די קינות, טוט אויס די שיך, גייט אוועק אין שול, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס.

* * *

אין שול איז ער כמעט דער ערשטער. פאַרכאַפּט ער אן אַרט לעבן חזן, אויף דער איבערגעקערטער באַנק, וואָס ליגט מיט די פיסלעך אַרויף, באַוואָרנט זיך מיט א שמיקל שנויץ, וואָס ער שמעלצט דאָס צו צום פיסל פון דער באַנק, און אליין שפּאַרט ער זיך אָן צום ווענטל פון דער בימה, עפנט אויף די קינות: „אלי ציון ועריה — קלאָג, ציון, מיט אלע, אלע שטעט"... און ער פאַרמאַכט די אויגן און זעט „ציון", א פאַרשוין, א בילד פון א נקבה שטייט אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט א שוואַרצן שלייער אויפן פּנים. קלאָגט און וויינט און ברעכט די הענט, באַדויערט אירע קינדער, וואָס פאַלן אלע טאָג אויף פרעמדע ערדן, פאַר פרעמדע זינד.

. . . . . . . . . . . . . . .

צו ווילסטו, ציון, דען ביי מיר נישט פרעגן
אויף דיינע עלנטע, וואָס זיפצן אזוי שווער?
אָט טראָג איך זייערע גרוסן דיר אקעגן —
דיין רעשטל, ווי! דו האָסט דאָך שוין נישט מער!...

און ער עפנט אויף די אויגן און זעט שוין נישט מער ציון, די בילד־שיינע נקבה. ער דערזעט:

פונעם פאַרפראָשעטן שטויביקן פענצטער מיט די פאַרברוי־דיקטע שויבן קוקט אריין א שאַרפער שטראַל פון דער זון, וואָס האַלט ביי אונטערגיין אויף יענער זייט שטעטל. און כאָטש ער מאַכט די אויגן צו, דאָך זעט ער דעם שטראַל און נישט נאָר דעם שטראַל אליין — די גאַנצע זון, די שיינע ליכטיקע זון, וואָס

קיינער קאָן זי נישט זען, קיינער, נאָר ער אַליין! חיים חייקין קוקט אויף איר און זעט זי — און גאָרנישט! — פאַרוואָס? דער־פאַר, אַפּנים, וואָס ער איז אויסגעטאָן פון דער וועלט מיט אַלע אירע תאוות... אים איז גוט... אים איז גרינג... ער קאָן שוין אַליץ איבערטראָגן... ער וועט האָבן א גרינגן תענית... איר ווייסט ער וועט היינט האָבן א גרינגן, גרינגן תענית!

און חיים חייקין האַלט די אויגן צו און זעט פאַר זיך א מאָדנע וועלט, א נייע וועלט, אַזעלכע, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל, קיינמאָל נישט געזען. מלאכים עפּעס שוועבן אים פאַר די אויגן, און ער קוקט אויף זיי און דערקענט אין זיי זיינע קינדער, אַלע, די גרויסע און די קליינע, און ער וויל זיי עפּעס זאָגן, און ער קאָן נישט רעדן... ער וויל זיך פאַרענטפערן פאַר זיי, אַז ער איז נישט שולדיק... נישט ער איז שולדיק!... וואָס איז ער, חיים, שולדיק, אַז, קיין עין־הרע, אַזוי פיל יידן האָבן זיך צונויפגעקאָמפּאַניעט אַלע אויף איין שטיקל אָרט, קוועטשן, דריקן, עסן איינס דאָס אַנדערע? וואָס איז ער שולדיק, אַז מענטשן דאַרפן יענעמס שוויים, אַז מענטשן דאַרפן מענטשן־בלוט? וואָס איז ער שולדיק, אַז מענ־טשן זענען נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז א מענטש א מענטשן זאָל נישט טרייבן, ווי מע טרייבט א פערד צו דער אַר־בעט? אַז אויף א פערד איז אויך א רחמנות — גאָטס באַשעפע־ניש, צער בעלי־חיים?...

און חיים חייקין האַלט צו די אויגן און זעט, זעט אַלצדינג, די גאַנצע וועלט, אַלע וועלטן, און אַליץ איז העל און גרינג, און עס הייבט זיך ווי א רויך, און ער פילט, אַז עס גייט עפּעס פון לייב ביי אים, פון אינעווייניק, פון הארצן, און ציט זיך, ציט זיך גלייך ארויף, און טיילט זיך אָפּ פון גוף, און ער פילט זיך גרינג, זייער זייער גרינג, און לאָזט ארויס א טיפן זיפץ, א לאַנגן, לאַנגן קרעכץ. און עס ווערט אים גרינג. און נאָכדעם פילט ער — גאָרנישט, גאָלע גאָרנישט...

* * *

אז בערע דער שמש, א רויט קאָלטענוואַטע יידל מיט א בול־בעוואַטע ליפּ, איז געקומען צו גיין אין שול אַריין אין די זאָקן מיט די אויסגעטראָטענע פּיאַטעס און דערזען, ווי חיים חייקין זיצט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ ארויף, די אויגן אָפן, האָט דאָס אים פאַרדראָסן. געדענכט, אז ער דרימלט, און האָט אָנגעהויבן וואַר־טשען, בייזערן און וואָרפן זיך:

— אַן עזות פון אַ ייִדן... זיך צעלייגט אַביסל... דער גראַף פּשאַנגנוצקי דאַרף אַזוי נישט זיצן... אַפּנים, רעכט פּאַרביסן... אַהער געקומען שלאָפן... רב חיים זייט־זשע מוחל, עי, רב חיים!... רב ח־יי־ם!...

* * *

די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן אַרייַנגעשאָסן דורכן שול־פענצטער און געפאַלן גלייך אויף חיים חייקינס רואיק פּנים מיט די שוואַרצע גלאַנצנדיקע קרייזלדיקע האָר, מיט די שוואַרצע געדיכטע ברעמען, מיט די האַלב־אָפענע גוטע, שוואַרצע, הונגעריקע אויגן, און האָבן דורכגעלייכט דאָס טויטע, בלאַסע, שטענדיק הונגעריקע פּנים דורך און דורך.

* * *

יאָ חיים חייקין האָט געהאַט אַ גרינגן־גרינגן תענית.

# מיין ערשטער ראָמאַן

## דאָס ערשטע קאַפּיטל.

### (די ערשטע שטעלע און דער כוח פון פּראָטעקציע)

ווער עס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון זיצן שפּעט ביינאַכט א הונגעריקער ביי א שמעלצנדיק ליכטל, איינגעהילט אין א צעריסן פעלצל, אין הזרן גראַמאַטיקע: אימעניטעלנעי — ביעלעי סוויעזשעי כליעב; ראָדיטעלנעי — ביעלאָראָ סוויעזשאָהאָ כליעבאַ! דאַטעלנעי — ביעלאָמו סוויעזשעמו כליעבו, און בשעת מעשה זאָל זיך גלוסטן כאָטש א שוואַרץ אָלטגעבאַקן שטיקל ברויט — און ס'איז נישטאָ... ווער עס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון שלאָפן אויף א האַרטער באַנק מיט א ווייכן קולאַק צוקאָפּנס, און דאָס לעמפּל טשאַדעט, און דאָס קינד וויינט, און די אַלטע וואָרטשעט... ווער עס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון א פּאָר שטיוול, וואָס איין אָפּצאַס איז אָפּגעשפּרונגען און א פּאָדמעטקע שלעפּט זיך נאָך און קוואַטשקעט. און איר קאָנט פון איר בשום אופן נישט פּטור ווערן... ווער עס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון אָפּטראָגן דעם זייגער אין לאָמבאַרד אריין, און לאָמבאַרד וויל אים נישט אָננעמען, מחמת די קאָפּערטע איז נישט פון ריין זילבער און די געדערים זענען נישט ווערט קיין פּירער... ווער עס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון בעטן ביי א גוטן פריינד א גמילות-חסד, און ער לאָזט לאַנג נישט בעטן, לייגט אריין די האַנט אין קעשענע און כאַפּט אַרום דאָס בייטעלע און שווערט אייך, אַז ער האָט נישט א גראָשן... ווער עס האָט דאָס אַלצדינג פאַרזוכט, אַליין איבערגעלעבט, — דער וועט מיך אפשר פאַרשטיין, ווי אַזוי מיר

איז געווען אויף דער נשמה, אז איך האָב באַקומען א שטעלע — די ערשטע שטעלע — פון צוועלף קאַרבן א חודש מיט קעסט און קוואַרטיר און אויף אַלעם גרייטן!

ווי אזוי איך האָב די שטעלע באַקומען — וויל איך אייך נישט באַמיען, און איך מיין, אז איך בין גאָר נישט מחויב אייך אַלצדינג דערציילן, אז איך האָב א פעטער, און דער פעטער האָט א מומע, און די מומע האָט א באַקאַנטן, און דער באַקאַנטער האָט א קרוב, און דער קרוב, האָט א מחותן זייער א רייכן, נאָר א פּראָסטן באַלעבאָס, וואָס וווינט אין א דאָרף, האָט א זון א בן=יחיד און זוכט א לערער אויף יידיש און אויף רוסיש און אויף דייטש און אויף בוכהאַלטעריע, און זאָל זיין א טאַטנס א קינד, און זאָל קאָסטן וואָלוול — פּונקט אָנגעמאָסטן פאַר מיר! און איך האָב אָנגעווענדט אַלע מיינע כוחות און איך בין אוועקגעלאָפן צום פעטער און האָב געבעטן דעם פעטער, ער זאָל בעטן די מומע, אז זי, זאָל בעטן דעם באַקאַנטן, אז ער זאָל בעטן דעם קרוב, אז דער קרוב זאָל פּועלן ביי זיין מחותן דעם רייכן באַלעבאָס, אז ער זאָל נעמען מיך, נישט קיין אַנדערן, וואָרום א חוץ מיר איז פאַראַן אין מאַזעפּעווקע נאָך אַזעלכע בחורימלעך, וואָס קענען יידיש און רוסיש און דייטש און בוכהאַלטעריע, און וואָס זענען אויך גרייט צו פאָרן אין דער וועלט אַריין, אבי א שטיקל ברויט. נישט אזוי גיך האָט מיין באַלעבאָס אַרויסגערעדט דאָס גוטע וואָרט, אז ער נעמט מיך; ער האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה: ערשטנס, צי ער זאָל נעמען א לערער, צי ניין? און צווייטנס, אויב נעמען, צי זאָל ער נעמען מיך, צי אן אַנדערן? ביז גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז ביי אים געבליבן, אז ער זאָל יאָ נעמען, און דער גורל איז געפאַלן אויף מיר, מחמת די קענטעגישן (אזוי האָט ער געזאָגט) שפּילן ביי אים א קליינע ראָל; קענערס, האָט ער געזאָגט, זענען היינט פאַראַן ווי די הינט; דער עיקר איז ביי אים, אז דער לערער זאָל זיין „א טאַטנס א קינד“. און אזוי ווי איך בין א טאַטנס א קינד, דערפאַר „נעמט ער מיך“. אזוי האָט ער מיר געזאָגט, מיין נייער פּרינציפּאַל. נאָר איך האָב מורא, אז ער האָט געזאָגט, מחילה, ליגן: מיינע איבעריקע קאָנקורענטן זענען אויך „טאַטנס קינדער“ נישט ווינציקער פון מיר. נאָר וואָס דען? זכות=אָבות, פּראָטעקציעס.

יאָ, גרויס און שטאַרק איז דער כוח פון פּראָטעקציע! און אז וויל איז דעם מענטשן, וואָס האָט א פעטער, וואָס ער האָט א מומע, וואָס זי האָט א באַקאַנטן וואָס יענער האָט א קרוב, וואָס ער האָט א מחותן א רייכן באַלעבאָס, וואָס וווינט אין א

דאָרף און האָט א בן־יחיד און זוכט א לערער אויף יידיש און אויף רוסיש און אויף בוכהאלטעריע. און זאָל זיין א „טאַטנס א קינד“. און ס׳זאָל קאָסטן וואָלוול!...

## דאָס צווייטע קאפיטל.

(מיין פרינציפאל פארוויגט מיך מיט זיינע נחמות און איך כאַפּ א דרימל)

ווער איז געווען מיין פרינציפאל? וואָס איז ער געווען? וואָס פאר א פּנים האָט ער געהאט: צי א הויכער. צי א נידעריקער? צי א דינער, צי א גראָבער? צי א געלער, צי א שווארצער? איך מיין, אז ס׳איז אייך נישט אזוי נייטיק צו וויסן. ווי אזוי מע רופט אים — איז אייך דאכט מיר, אויך נישט נוגע אין לעבן. עס קאָן זיין, אז ער לעבט נאָך ערגעץ, פּאסט מיר גאָרנישט, איך זאָל ארויסשטעלן דעם נאָמען זיינעם. לאָם איך אייך בעסער איבערגעבן דעם שמועס, וואָס מיר האָבן געהאט דאָס ערשטע מאָל, בשעת ער האָט מיך גענומען צו זיך אין וואָגן אריין — א גאנץ פיינער עקיפּאַזש מיט צוויי שיינע פערד — און האָט מיך מכבד געווען מיט א ציגאר — די ערשטע ציגאר, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן פארוויכערט און וואָס האָט מיך אָפּגעקווילעט אויף אייביק.

— פאָרט איר ארויס, הייסט דאָס, יונגערמאן, דאָס ערשטע מאָל פון שטאָט אין דאָרף אריין? — אזוי מאכט ער צו מיר און קוקט אויפן גרויען אש פון דער שווארצער ציגאר. — איר קערט אוודאי מיינען, יונגערמאן, אז א דאָרף איז מי יודע וואָס, און מיר דאָרפס־יידן, ווייסן נישט וואָס גוט איז? איר וועט זיך פארגינען אָנקוקן, יונגערמאן, א זיצעכטס פון א דאָרפס־ייד, א שטוב מיט א הויף מיט א גאָרטן — א פּאלאץ, א דוואָרעץ! חדרים און חדרימלעך, איך זאָל אייך זאָגן, יונגערמאן, בלא גוזמא, כמעט ביז צוואנציק. וואָס זאָג איך צוואנציק? אריבער דרייסיק! איי, צו וואָס דארף איך אזויפיל חדרים? איך וויים אליין נישט: צוליב די געסט. עס קומען צו מיר אָפּטמאָל געסט. וואָס זאָג איך אָפּטמאָל? אלע וואָך, אלע טאָג: נישטאָ דער טאָג, סע זאָל נישט קומען קיין גאסט, צוויי געסט דריי געסט, און נאָך וואָסערע געסט! א פּריץ, א פּריסטאוו, אן איספּראווניק, א מיראָ־וואָי... איך לעב מיט זיי אלע זייער גוט. לאָם איך האָבן די ברכות, וויפל מאָל סע מאכט זיך: איך זע א קארעטע מיט פיר פערד פאָרט צו גלייך צום גאניק; פרעג איך: ווער איז דאָס

געקומען? זאָגט מען מיר: יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, דאָס הייסט, דער גובערנאַטאָר אַליין... נו, קאָן מען נישט זיין קיין דבר־אחר, און מע מוז אים אויפנעמען, ווי סע קער צו זיין, אים אָפּטרעטן די גרעסטע חדרים מיטן גאַנצן גאָרטן. און ביי מיר א גאָרטן — מעג מען אים אָנקוקן! א וואַלד, נישט קיין גאָרטן! מיינע עפּל, מיט מיינע בארן, מיט מיינע פלוימען! היינט וויינטרויבן? אַלצדינג איז ביי מיר, ברוך השם, פאַראַן אייגנס: ווישניק פון מיינע ווייַנשל, און וויין פון מיינע וויינטרויבן, און ראָזשינקעס אייגענע, און אפילו פיש אויך אייגענע פונעם אייגענעם טייך. און נאָך וואָסערע פיש, קאַרעסן און קאַרפּן און שלייען און לעשטשעס — לעשטשעס אָט אַזעלכע אָ... — דערביי טוט מיין פּרינציפּאַל א מאַך מיט ביידע הענט אין דער ברייט, און איך בויג זיך אָן אביסל אויף א זייט, בכדי איך זאָל אים קאָנען דורכלאָזן זיינע לעשטשעס....

ער הערט נישט אויף צו דערציילן גוזמאָות, און איך האָרך, האָרך מיט קאָפּ, שלינג, שלינג די ווערטער. די קאַרעטע וויגט זיך ווי א וויגבעטל, די פערדלעך שמייסן מיט די וויידלען און לויפן, לויפן אָן אַן אָפּשטעל, און איך קאָן אייך אַקוראַט נישט זאָגן, צי פונעם וויגן זיך אין דער ווייכער קאַרעטע, צי פון די פערדס שמייסן מיט די וויידלען, צי אפשר פונעם פּרינציפּאַלס גוזמאָות — איך הייס אָן צו כאַפּן א דרימל... עס איז א שיינע וואַרעמע זומער־נאַכט! א גרינג ווינטל פאַרגנבעט זיך אַלעמאָל און טוט מיך א שמיר, א גלעט, ווי מיט סאַמעט, איבערן פּנים, און איך ווער אַנטשלאָפן, און פונעם שלאָף הער איך, אז מיין פּרינציפּאַל כראַפּעט געשמאַק.

אז מיר זענען געקומען צו פאָרן אויפן אָרט, האָט שוין די זון געהאַט איינגעפּאָרן א שטיק הימל; ריין איז זי געווען די יפהפיה, ריין און לויטער, ליכטיק און לעבעדיק, געשמייכלט צו מיר גאָר פריינטלעך און אָפּגעגעבן מיר אויפן נייעם אָרט א שיינעם, א ברייטן גוט־מאָרגן.

## דאָס דריטע קאַפּיטל.

(א צעטל פון ליגנערס, א קאַלטער קוק און א וואַרעמע רעקאָמאַנדאַציע)

פאַראַן אַלערליי ליגנערס אויף דער וועלט. פאַראַן ליגנערס אַזעלכע, וואָס קיינער נייט זיי נישט, קיינער שלעפּט זיי נישט פאַר דער צונג, נאָר גלאַט אַזוי — ס'איז דאָ א מויל און סע רעדט.

צווישן די דאָזיקע ליגנערס זענען פאַראַן דרייערליי מינים: א ליגנער אויף נעכטן, א ליגנער אויף היינט און א ליגנער אויף מאָרגן. דער נעכטיקער ליגנער וועט אייך דערציילן בבא־מעשיות, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן; ער וועט אייך שווערן, אז ער איז דערביי אליין געווען — און גייט זייט חוקר ודורש, זוכט עדות, לייקנט אים אָפּ!... א היינטיקער ליגנער — דאָס איז נישט קיין ליגנער, אייגנטלעך, נאָר א באַרימער; ער וועט אייך דערציילן, אז ער האָט, אז ער ווייסט, אז ער קאָן — און גייט פאַרהערט זיך מיט אים!... דער מאָרגנדיקער ליגנער — דאָס איז גלאַט א גוטער מענטש. וואָס זאָגט אייך צו גילדענע בערג: ער וועט גיין, ער וועט רעדן, ער וועט טאָן פון אייערטוועגן — און איר דאַרפט אים גלויבן אויף נאמנות. די אלע דריי מינים ליגנערס ווייסן, אז זיי זאָגן א ליגן, נאָר עס מאַלט זיך זיי אויס, אז יענער גלייבט זיי. פאַראַן אָבער אזא מין ליגנער, וואָס בשעת ער זאָגט אָפּ דעם ליגן, מיינט ער אליין, אז ער האָט געזאָגט אן אמת, און איז איבערצייגט, אז יענער מיינט אויך, אז ס'איז אן אמת, און בשעת מעשה האָט ער באמת הנאה. דאָס איז א מענטש, וואָס לעבט אינעם עולם־הדמיון, א מענטש, וואָס פאַנטאַזירט. מע קאָן זאָגן: דאָס איז א מין מחבר, וואָס קלערט אויס אלעמאָל א נייע מעשה, פאַרגעסט וואָס ער האָט נעכטן דערציילט, און די פאַנטאַזיע אַרבעט ביי אים אלע מאָל א פרישן געדאַנק, א שפּאָגל־נייע אידעע.

אָט פון דעם לעצטן מין ליגנערס איז געווען מיין פּרינציפּאַל. איר פאַרשטייט שוין אליין גאַנץ גוט, אז פונעם דוואָרעץ האָט זיך אויסגעלאָזט א גאַנץ געוויינלעכער הויף, פונעם פּאַלאַץ — א גאַנץ געוויינלעכע שטוב מיט א סך ווינציקער פון דרייסיק חדרים און חדרימלעך. דער גאָרטן איז געווען א גאַנץ געוויינלעכער גאָרטן. אויפן אָרט פון וויינטרויבן זענען געווען גרינגע אגרעסן, אויפן אָרט פון ווייַן — פּשוטער עפּל־קוואַס. און אויפן אָרט פון די גרויסע לעשטשעס זענען געווען קליינע העכטלעך. אי דאָס — נישט פונעם אייגענעם טייך, נאָר געבראַכטע פון מאַרק...

באַגעגנט האָט אונדז א גראָבע יידענע מיט א פּאַק שליסלען. דער קוך, וואָס זי האָט אויף מיר געוואָרפן, איז געווען א קאַלטער קוך, און מע קאָן נישט זאָגן, אז ס'איז מיר געווען זייער שטאַרק אָנגענעם. דער דאָזיקער קוך האָט באַדייט: „וואָס איז דאָס פאַר א שלים־מזל?“... מיין באַלעבאָס האָט דעם קוך פאַרשטאַנען און האָט מיט א חניפהלע ווי פאַרענטפערט זיך פאַר איר:

— דאָס האָב איך געבראַכט אַ נייעם לערער פאַרן „קינד“... ווו איז דאָס „קינד“?

— דאָס קינד שלאָפט נאָך. — האָט זי אים געענטפערט מיט אַ קול פון אַ מאַנסביל און האָט מיך מכבד געווען מיט נאָך אַ קאַלטן קוק, וואָס קאָן פאַרקילט ווערן פון אים אין די געדערים. אַ גליק, וואָס דער פּרינציפּאַל האָט געהייסן, מע זאָל געבן צום טיש, און האָט מיך באַזעצט נעבן זיך און האָט מיר אין עטלעכע מינוט ביז מע האָט דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר, אויס־דערציילט וואָס זיין זון קען, ווי גוט ער לערנט און ווי שיין ער שרייבט.

— זיין שרייבן האָט אַ שם! די וועלט טראָגט זיך אַרום מיט זיינע בריוו! דייטש איז ביי אים די מוטער־שפּראַך. הייַנט רעדט ער פראַנצויזיש!

די באַלעבאָסטע מיט די שליסלען האָט דערלאַנגט צום טיש קעז און פּוטער און סמעטענע און מילך און האָניק, און נאָך גוטע זאַכן, און עס וואָלט געווען גאָרנישט שלעכט, ווען זי זאָל אַליין זיך נישט געווען אַוועקזעצן אַקעגן און וואָרפן אויף מיר מיט אירע זיסע אויגן. מיין פּרינציפּאַל האָט פאַרשטאַנען איר קוק און האָט איר אויף אַ מינוט אויסגערעכנט דעם יחוס מיינעם, ווער איך בין און וואָס איך קען, און איך האָב געפילט, אַז עס ברענט מיר דאָס פּנים מיט די אויגן מיטן קאָפּ און מיט די האָר פונעם קאָפּ. נאָך מיין פּרינציפּאַלס וואַרעמע רעקאָמאַנדאַציע איז אויס־געקומען, אַז איך בין דעם בעל־שמס אַן אייניקל און קום אַרויס פון סאַמע רבנים מיוחסים און גבירים אדירים, און קענען קען איך מער פון אַ סטודענט און פון אַ דאָקטאָר און פון אַ פּראָפעסאָר און פון דריי פּראָפעסאָרן... צי האָט זי געגלייבט די דאָזיקע פּזמונות — ווייס איך נישט. נאָר דער קאַלטער הארטער קוק אירער איז געוואָרן, דאַכט מיר, אַביסל וואַרעמער און ווייכער.

## דאָס פערטע קאַפּיטל.

(דאָס „קינד“ עסט פאַר דריי סאָלדאַטן, און דער לערער גייט אויס פאַר הונגער)

דאָס קינד איז געווען אַ הויכער, אַ גראָבער, אַ געזונטער, אַ ווייסער, אַ שיינער, אַ לעבעדיקער, אַ פריילעכער בחור מיט ווייסע רויט־פאַרביקע באַקן. מיט היבשע פעטע פּיסקעס, מיט

א הויכן ווייסן שטערן, מיט גוטע גרויע אויגן, מיט פּעבקע ווייסע הענט, ווי פּאמפּושקעס, און האָט ליב געהאַט דריי זאכן: עסן און שלאָפן און לאכן. נאָר מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאט דאָס עסן. און עסן האָט מען דאַרט געגעסן פון אינדערפרי ביז ביינאכט. א הויך טיי און קאווע און איבערבייסן און אָנבייסן און ווארעמעס און מיטאָג און וועטשערע, האָט די מאמע אַלעמאָל אריינגעשיקט דעם „קינד" א גלעזל שאָקאָלאַד, א ביינל, א קיכל, א לעקעכל, א ביסל איינגעמאכטס, און אָפטמאָל א לעבערל, א פּופּיקל, און גלאט א שטיקל בולקע, דאָס הארץ זאָל נישט חלשן... און דער לערער האָט דאָס באדאַרפט צוזען, שלינגען די שליים און פארשטילן דעם הונגער מיט א ציגאַר-טיטון...

די ערשטע צייט, ביז דער רבי איז זיך נישט צוגעוויינט צו געוויפגעגאנגען מיטן תלמיד, האָט ער געליטן דעם אמתן טעם פון הונגער, וואָרום דעם תלמידס מוטער, די באַלעבאָסטע מיט די שליסלען, האָט אים געגעבן מכות, נישט קיין עסן. אין שטוב האָט זיך תמיד געפּונען עסנווארג, און איבערהויפּט מילכיקס, לרוב, נאָר אַלצדינג איז געווען אונטערן שלאָס. דער פּרינציפּאַל פלעגט זיך אָפטמאָל אריינמישן, מע זאָל געבן דעם לערער עסן; דערויף פלעגט די באַלעבאָסטע אָנהייבן קלינגען מיט די שליסלען — א סימן, אז זי איז אין כעס — און זאָגן:

— סטייטש, ווי דען? מע גיט אים עסן דריי מאָל א טאָג, האָסטו געהערט א ביסל!...

און דאָס איז געווען א גרויסער ליגן! נישט נאָר דריי מאָל א טאָג — אפילו איין מאָל נישט. איך האָב וויפל מאָל באמערקט פונדערווייטנס, ווי מע וואַרפט ארויס שטיקער פלייש, ווי מע גיסט אויס קריגלעך מיט מילך — אין דער צייט, ווען איך האָב געחלשט ביי זיך אין חדר נאָך א שטיקל ברויט. די טעג, וואָס דער פּרינציפּאַל איז נישט געווען אין דער היים בין איך פּשוט אויסגעגאנגען פון הונגער. מיין גליק איז געווען וואָס, איך בין באַ-צייטנס געוואָרן חבר מיט מיין תלמיד.

## דאָס פינפטע קאַפּיטל.

(דער רבי מיטן תלמיד שלאָגן בלאט און מע לעבט א גוטן טאָג).

— אויב איר ווילט זיך האַלטן דאָ און מיר זאָלן זיין חבר — אזוי האָט זיך אָנגערופן איינמאָל אין א פרימאָרגן צו מיר דאָס „קינד", בשעת מיר זענען געזעסן אליין אין אונדזער חדר מיט אָפענע פענצטער אין גאָרטן ארויס — אויב איר ווילט, מיר

זאָלן זיין חבר און איר זאָלט נישט אוועקפאָרן, זאָלט איר די ספרים מיט די ביכער פאַרוואַרפן אונטערן טיש, און אליין זאָלן מיר אָדער שפילן אין „דאַמקעס“, אָדער אין „זעקס=און=זעבציק“, אָדער מיר זאָלן זיך גאָר אויסציען אויף די בעטלעך מיטן פנים אַרויף און שפייען אויף דער סטעליע.

און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט מיין תלמיד און טוט א שליידער די ספרים מיט ביכער אונטערן טיש, טוט זיך א וואָרף אויפן בעטל מיטן פנים אַרויף און טוט א שפיי דורך די ציין, נאָר אַזוי קונציק, אַזוי בריהש, אַז ער דערלאַנגט גלייך צו דער סטעליע, און מיר ביידע הייבן אָן לאַכן.

פון דעמלט אָן איז אַוועקגעגאַנגען ביי אונדז א לעבן, ווי גאָט אין אָדעס. דער תלמיד האָט אויסגעלערנט דעם רבין שפּילען אין „דאַמקעס“ און „זעקס=און=זעבציק“ (איך בין זיך מודה, אַז ביז דעמלט האָב איך נישט געוווּסט קיין צורה פון קיין קאָרט, און אַז איך האָב מיך באַקאַנט מיט דעם שפּיל, האָב איך ליב געקריגן א קערטל דאָס חיות!). דער רבי האָט געשלאָגן בלאַט מיטן תלמיד און האָט פאַרוואָרפן אַלע ספרים מיט אַלע ביכלעך און האָט געשפּילט מיטן תלמיד אין „דאַמקעס“ אָדער אין „זעקס=און=זעבציק“, אָדער געלעגן און געשפּיגן אויף דער סטעליע, אָדער געגעסן איינגעם מיט אים, פאַרזוכט פון אַלע מאכלים צו ביסלעך, און האָט זיך אַרום אים גוט אונטערגעפּיטערט. אין א פּאָר חדשים אַרום האָט ער פאַרבייגייענדיק א קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל, דערזען א פּאָר באַקן — און האָט זיך אַליין נישט דערקענט...

צו אונדז אין חדר איז נישט אַריינגעקומען קיינער, אַחוץ דער דינסט מיטן עסנוואַרג. מיין פּרינציפּאַל איז זעלטן געווען אינדערהיים, און די באַלעבאָסטע מיט די שליסלען האָט געהאַט צו טאָן טאָג און נאַכט מיטן מילכיקס און מיט די קריגלעך און האָט נישט אַריינגעשמעקט צו אונדז. מיר האָבן דאָס געלעבט באמת א גוטן טאָג, געווען פראַנק און פריי. נישט געהאַט אויף זיך קיין שום עול פון קיין שום זאַך און פון קיין שום מענטשן — ממש א גן=עדן!

נאָר איין מאָל האָט מיך דער פּרינציפּאַל א כאַפּ געטאָן:

— נו? ווי אַזוי לערנט ער?

— אויסגעצייכנט! — זאָג איך און פאַרקרים זיך נישט אפילו.

— איאָ? וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — מאַכט ער צו מיר, און איך וווּנדער זיך, ווי אַזוי איך קוק אים גלייך אין די אויגן אַריין.

אין דער דאָזיקער שטוב, וו איינער האָט גענארט דעם אנדערן, וו אלע האָבן געפאלשט, געזאָגט ליגן, וו דער שקר איז געהאָנגען אויבן־אויף, געשוועבט, זיך געלאָזט הערן אין דער לופט, — אין דער דאָזיקר שטוב האָט מען געקאָנט זיך אויסלערנען זאָגן א ליגן.

## דאָס זעקסטע קאפּיטל.

(די ערשטע ליבע־בריוולעך צווישן חתן־כלה און דאָס ערשטע פייערל צינדט זיך אָן).

איין ארבעט איז ביי אונדז יאָ געווען: אָפּנעמען די פּאָסט און ענטפערן אויף די בריוו. און בריוו האָבן מיר געהאט כמעט אלע טאָג; איך זאָג „מיר“ האָבן געהאט, ווייל מיר ביידע האָבן באדארפט אויף זיי געבן תשובה. די בריוו זענען געווען געשריבן צו מיין תלמיד פון זיין פיל־געליבטער כלה, כאָטש ער אליין האָט זיך מיר מודה געווען, אז ער האָט זי וויניציק־וואָס ליב.

תחילת זענען די בריוו געווען נישט אזוי אָפט — איין מאָל אין צוויי וואָכן, איין מאָל אין וואָך; נאָר פון זינט איך בין אָנגעקומען, איז דאָס שרייבן געוואָרן פארגרינגערט, און די בריוו האָבן אָנגעהויבן גיין הין און צוריק אָפטער.

— נאט לייענט און ענטפערט איר אָפּ. וואָס דולט זי מיר א מוח! — אזוי האָט מיר מיין תלמיד איינמאָל געזאָגט און א וואָרף געטאָן מיר אין פּנים אריין זיין פיל־געליבטער כלהס א בריוול.

איך האָב איבערגעלייענט דאָס בריוול, און ס'איז מיר געפעלן געוואָרן וואָס זי שרייבט:

מיין ליבער טייערער חתן! דו ווייסט, עס האָט זיך מיר צו־געגעסן דיינע גרוסן, וואָס זענען געראָטן איינס אינעם אנדערן, ווי איין מאמע וואָלט זיי געהאט, ווי צוויי טראָפּן וואסער, וואָס גייען פון איין טייך. איך וויל הערן פון דיר עפּעס א פריש וואָרט, אזא וואָרט, וואָס זאָל מיר דערוואַרעמען דאָס הארץ און באלייכטן די נשמה. צו קאלט איז דאָס הארץ, צו טונקל די נשמה!...

פון מיר דיין געטרייע כלה...

איך האָב לאנג נישט געטראכט און האָב דערויף אָפּגעענ־טפערט פאר מיין תלמיד בזה הלשון:

מיין ליבע געטרייע כלה! דו שרייבסט מיר, אז מיינע ווערטער זענען געראָטן אייגס אינעם אנדערן, ווי איין מאמע וואָלט זיי גע־

האט; ווי קאָן דען אנדערש זיין, אז איין געפיל האָט זיי געבוירן? דו זאָגסט, אז זיי זעען אוים, ווי צוויי טראָפּן וואסער, וואָס גייען פון איין טייך; ווי קאָן דאָס אנדערש זיין, אז זיי גייען פון איין קוואל, פון איין הארצן? דו בעטסט ביי מיר א פריש וואָרט; קאָן דען זיין פרישער ווי דאָס וואָרט „ליב"? קאָן דען זיין נישט ליכטיק אויף דער נשמה, אז איך דערמאָן זיך אין דיר, טייערע כלה?!

פון מיר דיין געטרייער חתן...

דערויף האָבן מיר אין גיכן באקומען א תשובה:
ליבער טייערער חתן!
דיינע זיסע ווערטער האָבן מיך איצטיקס מאָל דערפרישט און דערווארעמט, און ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין אלע ווינקעלער. איך וואָלט געמעגט שווערן, אז איך האָב דערהערט א גיי מין געזאנג, א גן=עדן=מעלאָדיע פון א טייערער, א ליכטיקער נשמה, און איך האָב דערפילט עפּעס ווי א נייע הויט אויף זיך. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז עס וואקסן ביי מיר פליגל, און איך שוועב, איך שוועב און דער לופטן און א גאנצע קאפּעליע מלאכים גייען מיר אקעגן, באגריסן מיך, טראָגן מיר א גרוס פון מיין ליבן טייערן זיסן חתן, וואָס שרייבט אזעלכע זיסע ווערטער, וואָס מיין הארץ און מיין נשמה זענען אים אינגאנצן, אינגאנצן איבערגעבן פון איצט אָן אויף תמיד, אויף אייביק!
פון מיר דיין דיך ליבנדיקע און תמיד געטרייע כלה...

ליבע, זיסע, טייערע און געטרייע נשמה מיינע!
ניין, דו האָסט זיך נישט טועה געווען, מיין טייערע כלה! נישט קיין פּשוטע קאלטע ווערטער זענען דאָס געווען, נאָר געפילן, וואָס גיסן זיך ארוים גלייך פונעם הארצן און גיסן זיך אריין צו יענעם; פעדעם, וואָס ציען זיך גלייך פון דער נשמה און ציען צו צו זיך און פארבינדן און פארקניפּן צוויי יונגע נשמות אויף שטענדיק, אויף אייביק, אויף אייביק. אָט=אָ=יענע אייגענע קאפּעליע מלאכים, וואָס האָבן דיר אָפּגעגעבן א גרוס פון מיר, האָבן מיר געבראכט צו טראָגן פון דיך נאָך א סך א פריינדלעכערן גרוס, און מיט דער אייגענער קאפּעליע מלאכים שיק איך דיר איבער איצטער, מיין טייער הארץ, א הייסן קוש, א הייליקן קוש פון דיין אייביקן, אייביקן פריינד, וואָס טראָגט דיין ליכטיק געשטאלט ביי זיך אין הארצן תמיד, אויף דער וואָר און אין חלום.

פון מיר דיין ברענענדיק פארליבטער חתן...

## דאָס זיבעטע קאפּיטל.

### (מאטעריאל פאר א נייעם בריוונשטעלער).

א פונק ווערט אומגערן פארטראָגן גאָט ווייסט פון וואנען און פאלט אויף א שטרויענעם דאך, צינט זיך אָן פון דעם א פייערל; קומט דער ווינט און צעבלאָזט דאָס פייערל, און עס ווערט א העליש פייער, א שרפה, א שרפה!

די ערשטע בריוולעך זענען געווען דער ערשטער פונק, וואָס האָט זיך צעבלאָזן, צעברענט און צעפלאקערט אין א העליש פייער. די בריוולעך זענען געווען וואָס ווייטער אלץ הייסער און הייסער; דאָס פייער איז געוואקסן וואָס ווייטער אלץ גרעסער און שטארקער. עס האָט אויסגעבראָכן א גרויסע, א מוראדיקע שרפה ביי מיר אין הארצן, א פייער האָט זיך צעוואָרפן אין מיין גאנצן לייב, אָנגעצונדן אלע מיינע נערוון, אויפגעזאָטן און אויפגעקאָכט מיין בלוט, מיך געמאכט קראנק, אוים מענטש. איך האָב פארלוירן דעם אפעטיט צום עסן, איך האָב אויפגעהערט שלאָפן, איך בין ארומגעגאנגען ווי א צעדולטער. מיין נשמה איז געלעגן דאָרטן, אין די בריוולעך, און אין זיי טאקע איז געווען מיין איינציקער טרייסט און מיין פרייד. א בריוו אז עס פלעגט אָנקומען, איז געווען ביי מיר א יום־טוב; איך האָב דעם בריוו געעפנט, איך האָב אים געלייענט און איך האָב אויף אים געענטפערט. מיין תלמיד האָט נאָר באדארפט איבערשרייבן מיט זיין האנט, און איך האָב אים באדארפט אונטערטרייבן צו דער ארבעט. און וויפל האָט דאָס מיך געקאָסט בלוט, אז איך האָב באדארפט טראָגן דעם ווייטיק אינעווייניק ביי זיך אין הארצן טיף־טיף פארבאָרגן, זיך באהאלטן בחדרי־חדרים מיטן קאָפּ אין קישן און שטילערהייט זיך אויסוויינען, אויפשטיין און מאכן א פריילעך פנים און זיך זעצן מיט מיין ליבן תלמיד צו דער ארבעט — שפילן אין „דאָמקעס“ אָדער אין „זעקס־און־זעכציק“.

איין שטיקל גליק איז געווען, וואָס קיינער האָט נישט באמערקט אויף מיין פנים, אז איך גיי אוים, אז איך צאנק, ווי א ליכט. איין שטיקל גליק, וואָס מיין תלמיד האָט זיך צו מיר נישט אזוי שטארק צוגעקוקט; ווען ער זאָל זיך צו מיר שטארק צוקוקן, וואָלט ער מיך געווים געפאקט. איך שטעל מיר פאָר, וואָס פאר א פנים איך וואָלט ביי אים געהאט אין די אויגן, ווען ער זעט מיך קושן זיין כלהס בריוולעך פון אלע זייטן!... און ווי אזוי קושט מען נישט אזעלכע בריוולעך? זעט אליין וואָס זי שרייבט צו מיר:

מיין ענגעל, מיין נשמה, מיין טרייסט!

איך דאַרף דיר זאָגן דעם אמת. איך בין זיך מודה פאַר דיר, מיין טייערער, אַז איך האָב דיך ביז אַהער נישט געקענט. איך האָב מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל געפינען אין דיר אַזאַ קוואַל פון סאַמע געהויבענע געפילן, פון סאַמע הויכע געדאַנקען, פון סאַמע טיפן פאַרשטאַנד, און אַזאַ אַן אוצר פון וויסנשאַפט! פון דיינע קלוגע ווערטער זע איך אַרויס, ווי ווייט דו ביסט באַלעזן, ווי ווייט דו ביסט פול אומעטום! און עס וווּנדערט מיך זייער, פאַרוואָס האָב איך דאָס נישט געוווּסט פריער? דאָס באַווייזט מיר נאָר דיין תמימות מיט דיין פּראָסטקייט, וואָס גיבן דיר צו חן אין מיינע אויגן נאָך מער ווי ביז אַהער. זאָל איך מיך נישט שעצן פאַר איינע אַ גליקלעכע, וואָס מיין גורל איז געפאַלן אויף אַ מענטשן, וואָס אין אים שפּיגלען זיך אָפּ אַלע בעסטע מעלות: שיינקייט, קלוגשאַפט, קענטעניש, תמימות און גוטסקייט? דיין גוטסקייט קוקט אַרויס פון דיינע זיסע קלוגע ווערטער. דו טוסט מיך באַשענקען מיט דיינע ליבע בריוו פון דיין מילדער האַנט, און איך דאַנק דיר טויזנט מאָל, און איך בעט דיך אויף ווייטער נישט פאַרגעסן.

דיין געטרייע און אויף אייביק דיך־ליבנדע כּלה...

דערויף האָב איך איר געענטפערט אַביסל פאַרשטעלט:

מיין טייערע, מיין ליבע, מיין קלוגע און מיין וווילע! דו האָסט מיך נישט געקענט דערפאַר, ווייל דו האָסט מיך נישט געזען, און דער, וואָס דו האָסט אים געזען, איז געווען נישט איך, נאָר אַן אָפּשיין פון מיר. שטעל דיר פאָר, אַז מיר האָבן נאָר וואָס זיך באַקענט, אַז מיר האָבן זיך נאָך גאָרנישט געזען, אַז מיר ביידע זענען ניי־געבוירן, און אַך! ווי גליקלעך זענען מיר, וואָס מיר קענען נישט די וועלט, די פאַלשע ביטערע וועלט מיט די פאַלשע ביטערע מענטשן!...

פון מיר דיין שטערבלעך פאַרליבטער חתן...

האָב איך באַקומען פון איר אַזאַ מין ענטפער:

מיין ליבער, מיין טייערער, מיין מלאך פון גאָט! דיין זיסן בריוו, וואָס איך האָב פון דיר דערהאַלטן, איז פאַר מיר געווען אַ ספר החתום, אַ רעטעניש. דו שרייבסט אַזוי פאַרשטעלט, אַז איך באַדאַרף מיר לאַנג ברעכן דעם מוח, ביז איך זאָל דיך פאַר־שטיין, און מיר דאַכט, אַז איך מעג מיך איבערנעמען און זאָגן,

אז איך פארשטיי דיך אקוראט. דו זאָגסט, אז מיר דארפן זיך שעצן גליקלעך, וואָס מיר קענען נאָך נישט די פאַלשע ביטערע וועלט מיט די פאלשע ביטערע מענטשן. ס'איז א סימן אז איך בין טאקע איינע אן אומגליקלעכע, וואָרום איך קען שוין גראָד יאָ די פאלשע ביטערע וועלט מיט די פאלשע ביטערע מענטשן! און ווי זיס איז מיר צו דענקען, אז סאיז פאראן כאָטש איינער א לייטישער און א פיינער, אן אמתער, א קלוגער און א גוטער מענטש, און דער איינער דאָס ביסטו, מיין אויסדערוויילטער באַ שערטער. זיי געזונט, מיין טייערער. שרייב מיר, וואָס לייענסטו איצינד און וואָס פאר א ביכער קאָנסטו מיר רעקאָמאנדירן צו לייענען? איך קוועטש דיר די האנט מיט גרויס ליבשאפט און בלייב אויף אייביק

דיין געטרייע, געטרייע כלה...

האָב איך דערויף געענטפערט בזה הלשון:

מיין לעבן, מיין זעלע, מיין גן־עדן!

אז דו וואונדערסט זיך אזוי אויף מיר, הייסט וואָס פארא חידוש, וואָס פארא רעטעניש באדארפסטו שוין זיין פאר מיר? איך האָב מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אין חלום אפילו, אז איך זאָל האָבן אזעלכע בריוו פון דיר! פון די געציילטע לשון־קודש־ווערטער, וואָס ווארפן זיך דורך אין דיינע בריוו, זע איך ארויס, אז דיר איז נישט פרעמד אונדזער הייליקע שפראך. אָ, דערפאר אליין שעץ איך דיך אזוי הויך, אז איך האָב מורא, איך בין נישט ווערט דיין נאָמען צו דערמאָנען! איך קוק אויף דיין פאָרטרעט און זאָג זיך אליין: אָט דאָס איז זי, די אמתע יידישע טאָכטער! אָט דאָס איז מיין אידעאל און פאר דיר בין איך גרייט אלע מינוט זיך מקריב צו זיין מיט מיין גאנצן לעבן! דו פרעגסט מיך, וואָס זאָלסטו לייענען? איך שיק דיר דאָ א גאנץ צעטל פון די בעסטע רוסישע און אויסלענדישע קלאסיקער, ווי גאָגאָל, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, פושקין, לער־מאָנטאָוו, שעקספיר, געטע, שילער, היינע, בערנע. איך האָף, אז דו וועסט געווים הנאה האָבן. און שרייב מיר באלד ענטפער וואָרום דער טאָג, וואָס איך האָב פון דיר א בריוו, איז ביי מיר א יום־טוב. לעב וואָל, מיין טייערע! לעב וואָל, מיין געטרייע! ווי עס ווינטשט דיר פון טיפן הארצן

דיין דיך ליבנדער און איבערגעגעבענער חתן...

האָט זי מיר דערויף אַזוי געענטפערט:

מיין קרוין, מיין שאַץ, מיין טרייסט, מיין האַרץ!

איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו ביסט אַזוי נתפּעל געוואָרן פון אַ פּאָר לשון־קודש־ווערטער, וואָס דו האָסט באַגעגנט אין מיינע בריוו; לשון־הקודש — דאָס איז דאָך אונדזער נאַציאָנאַל־שפּראַך, דאָס חומש — דאָס איז דאָך אונדזער איינציקער נאַציאָנאַל־פּאַנד, אונדזער גאַנץ פאַרמעגן! וואָס פאַר אַ דאַנק פאַרדינט אַ יידישע טאָכטער דערפאַר, וואָס זי פאַרשטייט יידיש? שעמען באַדאַרף זיך אַ יידישע טאָכטער, אויב זי ווייסט נישט כאָטש עטלעכע שירים פון יהודה הלוי אויסנווייניק; אַ חרפּה און אַ בושה באַדאַרף זיין אונדז אַלעמען, אַז אַ יידיש מיידל, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ גימנאַזיע, ווייסט נישט ווער איז מאַפּו, לע־ווינזאָן, סמאָלענסקי, גאָרדאָן וכדומה אונדזערע אייגענע קלאַ־סיקער!... פאַר דיין צעטל דאַנק איך דיר פיל מאָל. עס טוט מיר באַנג, וואָס איך האָב די אַלע קלאַסיקער, וואָס דו האָסט מיר אויסגערעכנט, שוין לאַנג דורכגעלייענט איניינעם מיט נאָך באַרימטע שרייבערס און פּאָעטן, ווי, למשל, בייראָן, סוויפט, סערוואַנטעס, דיקענס, טעקערייִ, שעלי, באַלזאַק, דאָדע, הוגאָ, שענקעוויטש, אָזשעשקאָ, און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע. איך האָב געוואָלט עפּעס נייעס, עפּעס אַ פרישע זאַך אויף צו לייענען, און נישט קיין ראָמאַן, נאָר אַן ערנסט וואָרט.

פאַרבלייב געזונט, מיין ליבער און מיין זיסער, און שאַץ מיך נישט צו הויך, וואָרום וואָס צו איז איבעריק; איך בין אַ גאַנץ געוויינלעכע יידישע טאָכטער, וואָס איז דיר איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן.

דיין געטרייע כלה...

האָב איך איר דערויף געענטפערט...

נאָר טאָמער וואָלט געוועזן געגנוג שוין צו ברענגען בריוו סיי פון חתנס צד, סיי פון כלהס צד? איך האָב מורא, עס וועט אויס־קומען נישט קיין ראָמאַן, נאָר אַ בריוונשטעלער. איך דאַרף דאָ זאָגן נאָר איין זאַך: די דאָזיקע בריוו ליגן נאָך עד היום ביי מיר אין טישקעסטל באַהאַלטן, פאַררוקט העט־ווייט אין אַ ווינקעלע. קיין בן־אָדם האָט זיי נישט אָנגעקוקט. זיי זענען ביי מיר טייער, ווי אַלטע־אַלטע כתבים, שטילע עדות פון מיינע ערשטע פריידן און ליידן. זיי זענען אויסגעטריקנטע אָפּגעבליאַקעוועטע בלומען אויפן קבר פון מיין ערשטע ליבע, פון מיין ערשטן ראָמאַן.

## דאָס אכטע קאַפּיטל.

### (איך באַד זיך אין ליגן און גלי ווי אויף פּאָקן).

דער מענטש, וואָס איז פאַרליבט, קאָן מען דאָס איבערלייענען ביי אים אויפן פּנים, ארויסזען נאָך דער נאָז: מע באדארף נאָר רעכט צוקוקן צו אים, ווי די אויגן בלאַנדזשען ביי אים ארום, ווי ער שמייכלט עפּעס מאָדנע, ווי ער ענטפערט נישט צו דער זאך, ווי ער קוקט אלע מינוט אין שפּיגל, בייט אלע טאָג דאָס האלדזטיכל, און אז ער גייט, טאנצט ער און איז א גוטער פריינד דער גאנצער וועלט — ער זאָל זיך נישט שעמען פאר לייטן, וואָלט ער זיך צעקושט מיטן קוימענקערער...

נאָך מיר איז אָבער נישט געווען ווער עס זאָל נאָכקוקן. אמת, א פּאָר מאָל האָט מיך מיין תלמיד א פרעג געטאָן, בשעת מיר האָבן געשפּילט אין „דאָמקעס", וואָס בין איך עפּעס אזוי צע-טראָגן, וואָס איך שלאָג מיינע אייגענע ציגלעך? האָב איך מיך געוווּנדערט און געפרעגט: „וואָסערע ציגלעך?" אויך מיין פּרינ-ציפּאַל האָט ביים טיש זיצנדיק מיך א כאַפּ געטאָן, וואָס האָב איך אזא שלעכט פּנים? האָט אים די באלעבאָסטע מיט די שלים-לען א זאָג-געטאָן (כלומרשט מיט א רחמנות-פּנים, און אין הארצן איז איר צוגעקומען א שטיק געזונט), אז פון א צייט אז דער לערער עסט גאָרנישט!...

— וואָס איז די מעשה? — האָט מיך דער פּרינציפּאַל א פרעג געטאָן און האָט אליין געענטפערט פאר מיר: — ס'איז פון צופיל ארבעטן, פון צופיל לערנען; גאנצע טעג זיצט ער פאר-שפּארט אין צווייען און לערנט. גייט זיך אמאָל אדורך!....

— ווען האָבן מיר צייט גיין, אז מיר האָבן אזוויפיל ארבעט? — האָט זיך ארייגעמישט מיין תלמיד אזוי תמעוואטע-נאיוו, אז עס האָט זיך מיר געגלוסט אים אָנשפּייען אין פּנים און אויס-שרייען אויף א קול:

— געוואלד, געוואלד, יידישע קינדער, וואָס פאר ליגנערס איר זענט! א ליגנער אויף א ליגנער, איין ליגנער גרעסער פונעם אנ-דערן!...

איך האָב דאָס אָבער נישט געזאָגט; אָנשטאָט דעם, וואָס איך זאָל זאָגן דעם אמת, האָב איך בעסער געזאָגט א ליגן:

— איך האָב מיך פארבענקט אהיים...

— נישקשה, ער מעג בענקען! — האָט מיר מיין פּרינציפּאַל אונטערגעהאָלפן דעם ליגן מיטן גאנצן כוח פון זיין רייכער פאנ-טאזיע. — ער האָט נאָך וועמען צו בענקען; זייער משפּחה איז

די ערשטע, די איינציקע משפּחה, נישט נאָר ביי זיי אין שטאָט — מע קאָן זאָגן, אַז אין גאַנצן קאַנט געפינט מען נישט אַזאַ משפּחה. דער קאָוונער רב איז, דאַכט זיך, אייערער אַן אייגענער געווען?

— אַ פעטער. — זאָג איך אומפאַרשעמט.

— און דער קאָרצער מגיד איז, דאַכט זיך, אויך געווען אייערער אַ פעטער?

— אַן עלטער־פעטער. — זאָג איך.

— און עפּשטיין, דער גרויסער עפּשטיין — וואָס קער זיך מיט אייך אָן?

— אַ שני שבשלישי. — זאָג איך.

— און רב משהלע האַלפּערין איז, דאַכט זיך, אויך אייערס אַ פריינדל...

— פון דער מאַמעס צד. — זאָג איך.

— נו, און די טאָלמשינער — זאָגט ער — די טאָלמשינער גבירים, האָב איך געהערט, זענען אייך גאָר נאָענטע קרובים, דאַכט זיך?

— שוועסטער־קינדער — זאָג איך — פון דער מאַמעס צד, אייגענע שוועסטער־קינדער.

און איך בין העכסט צופרידן, נישט מיט מיינע ניי־געבוי־רענע קרובים, ווי מיט דעם, וואָס איך קאָן מיר זיין רואיק, וואָס איך קאָן מיר בלייבן אַליין מיט מיינע זיסע חלומות, מיט מיינע הייליקע געפילן און מיט די ליבע, זיסע, טייערע בריוועלעך פון מיין תלמידים כלה, וואָס זענען ביי מיר טייערער פון אַלע מיינע אויסגעטראַכטע און אמתע פריינד, פון אַלע מיינע ווייטע און נאָענטע קרובים.

אָט וואָס זי שרייבט מיר אין איינעם פון אירע ווייטערע בריוו:

מיין איינציקער טרייסט! מיין מלאך פון הימל!

וואָס זאָל דאָס באַדייטן, וואָס דו ביסט אַזוי טרויעריק? פאַר־וואָס זעען אויס דיינע לעצטע בריוו אַזוי מעלאַנכאָליש? למאי רעדסטו פונעם טויט? וואָס באַדייטן דיינע רעטענישן, וואָס דו לייגסט מיר פאָר? פאַר וואָס זאָגסטו אויף זיך, אַז דו ביסט דער אומגליקלעכסטער פון אַלע אומגליקלעכע? למאי זאָלסטו מיר אָנ־טאָן אַזויפיל יסורים? פאַרוואָס זאָלסטו מיר נישט אַנטפּלעקן יענעם גרויסן סוד, וואָס דו טראָגסט באַהאַלטן? וואָס פאַרא סודות קאָנען ביי דיר זיין פאַר דער, וואָס האָט אַזוי ליב נאָר

דיך און ווייטער קיינעם נישט, און וואָס קוקט שוין ארויס, ציילט שוין די טעג פון אונדזער גיכן גליקלעכן פארבינדן זיך אויף אייביק!...

דערויף איז אוועקגעגאנגען פון החתנס צד אזא מין תשובה:

מיין הייליקע נשמה, מיין שווארצאפל פונעם אויג! מיין גאָט־הייט! איך בעט דיך, זיי מיר מוחל מיינע לעצטע בריוו! פארגעס, וואָס איך האָב דיר געשריבן! דו ביסט גערעכט, מיין טייערע, דו ביסט גערעכט. איך טאָר מיך נישט באקלאָגן, איך טאָר מיך נישט אָנרופן מיט דעם נאָמען „אומגליקלעכער". אומגליקלעך איז דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט ליב געהאט, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען געליבט!.... איך זאָג דיר נאָך אמאָל, אז פאר מיר איז גענוג דיינע בריוו אליין, פאר מיר איז גענוג, איך זאָל דערלעבן נאָר איין קוק טאָן אויף דיר — און שטארבן... נאָר ניין, איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט, איך זאָל מער נישט רעדן פונעם טויט! דו ווילסט וויסן יענעם גרויסן סוד? אוי, ניין, דו וועסט אים נישט וויסן ביז עס וועט קומען די גליקלעכע (אָדער די אומגליק־לעכע) שעה פון זעען זיך פאר דער חופה; דעמלט וועסטו גע־וויר ווערן פון אלצדינג... דערווייל זיי מיר געזונט, מיין טייערע, מיין הייליקע, און שרייב מיר, שרייב מיר, שרייב מיר!

דיין אומגליקלעכער גליקלעכער, אָדער דיין גליקלע־כער אומגליקלעכער, וואָס וואָלט א בעלן געווען, די צייט זאָל זיך ציען און ציען... אייביק און אייביק...

. . . . . . . . . . . . . . .

## דאָס ניינטע קאפיטל.

### (דאָס גרייטן זיך צו דער החתונה און מיינע נארישע חלומות).

דער, וואָס איז אמאָל אליין געווען פארליבט כאָטש א דריט־חלק פון דעם וואָס איך — דער וועט פארשטיין מיין הארץ, בשעת ס'איז געקומען די גליקלעכע אָדער די אומגליקלעכע צייט פון אונדזער גרייטן זיך צו דער חתונה; און דער וואָס האָט געלייענט מיט קאָפּ די פריערדיקע קאפיטלעך — דער וועט פאר־שטיין מיין הארץ, בשעת מע האָט אָנגעמאָסטן מיין תלמיד די החתונה־מלבושים, וואָס מע האָט אים גענייט דריי וואָכן כסדר. הבוט־הקבר איז גאָרנישט אקעגן מיינע שמערצן; דער גיהנום — איז א גן־עדן אקעגן מיין גרויסן ווייטיק.

איר רעכנט מסתמא: קנאה, שנאה? הלילה! איך האָב געוווסט גאַנץ גוט, אַז ליב האָט מען נישט מיין תּלמיד, נאָר מיך — מיך, דעם אמתן מחבר פון די בריוו. איך האָב געוווסט גאַנץ גוט, אַז בשעת זעען זיך וועל איך איר באַדאַרפן נאָר אַנטפּלעקן דעם סוד, יענעם היילִיקן סוד, זאָגן נאָר איין וואָרט, וועט זי מיך פאַרשטיין, און עס וועט אַלצדינג זיין רעכט. נאָר וויאַזוי טוט מען דאָס אָפּ? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז איך זאָל קאָנען מיט איר רעדן אונטער פיר אויגן כאָטש עטלעכע מינוט? איך האָב מיר געבראָכן דערויף דעם קאָפּ, געבויט זיבעצן טויזנט פּלאַנען, איינער ערגער פונעם אַנדערן, און זיבעציק טויזנט פאַנטאַזיעס איינע נאַרישער פון דער אַנדערער. איך בין זיך מודה ומתודה, אַז עס זענען מיר געקראָכן אין קאָפּ אַזעלכע מיאוסע מחשבות, וואָס איך שעם זיך זיי איבערגעבן אויף פּאַפּיר, כאָטש ס'איז שוין אַוועקגעגאַנגען פון דעמלט אָן אַ היפּשע שטיק צייט. מיינט נישט חלילה, אַז איך האָב געוואָלט אומברענגען מיין קאָנקורענט, סמען דעם תּלמיד מיינעם! לאָז גאָט אָפּהיטן אַלע יידישע קינדער פון אַזעלכע מיאוסע מחשבות! איך האָב נאָר געבעטן גאָט ער זאָל אַזוי עפּעס טאָן אַ נס, אַז מיין תּלמיד זאָל פון זיך אַליין ווערן קראַנק, זיך אַוועקלייגן און אָפּטראָגן זיך אויף יענער וועלט, אָפּרייניקן מיר דעם אָרט...

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך האָב געטראַכט פון דעם טאָג מיט נאַכט, אַרויסגעקוקט, אַז מיין תּלמיד זאָל כאַפּן ערגעץ אַ פאַרקילונג, זיך דערשוויצן און כאַפּן אַ ווינטל, אָנהייבן הוסטן, אָדער ליגן אויף אַ היציקער שלאַפקייט, אָדער אויסגליטשן זיך אויפן גלייכן וועג, זיך ברעכן האַלדז־און־נאַקן, אָדער אומגערן כאַפּן פון עמעצן אַ שטיין אין קאָפּ אַריין, אָדער אַ משוגענער הונט זאָל אים באַפאַלן, און ער זאָל אַראָפּ פונעם זינען. אָדער אַ שטורעמווינט זאָל אַרויסרייסן אַ בוים מיטן וואָרצל און אומוואַלגערן גלייך אויף אים, אָדער אַן אַנדער נס זאָל געשען, — אַבי ער זאָל מיר אָפּרייניקן דעם פּלאַץ.

און בשעת מעשה האָט מיר געקלעמט דאָס האַרץ, ווי געטאָן אויף אים, נעבעך אַן אומשולדיקער נפש — פאַרוואָס קומט דאָס אים? פאַרוואָס זאָל ער גיין אַזוי יונג פון דער וועלט? און אין האַרצן האָב איך אים שוין באַוויינט, באמת באַוויינט, אָנגעשריבן אויף אים אַ קלאָג־בריוו צו מיין געליבטער און צו מיין טייערער, אויסגעלאָזט מיט זייער אַ טרויעריק ליד. אינעם ליד באַוויין איך און באַקלאָג גאַנץ ערנסט מיין יונגן תּלמיד, וואָס

איז אוועק געבעך פאר דער צייט; די וועלט האָב איך געגליכן צו א בית־עולם און אים צו א יונגן בוים. אויפן בוים —

שטייט און קלאָגט, אוי ווײ,
דער בית-עולם-סאָלאָווײ,
און די שטערן גיסן טרערן...

וואָס ווייטער שטייט — געדענק איך נישט.

און ווידער חלומט זיך מיר אין דער פאנטאזיע, אז ס'איז שוין אוועקגעגאנגען א וואָך נאָך זיין טויט, און מיר ביידע, איך און מיין געליבטע, זענען געקומען צו אים אויף „קבר־אָבות" א ביסל זיך אויסוויינען, אים געבראכט א מתנה פרישע שמעקנ־דיקע בלומען מיט א ליד, וואָס לאָזט זיך אויס אזוי:

אויף זיין קבר די בלומען זאָלן בליען,
אין גן־עדן דיין נשמה זאָל רוען!...

אז בלומען אויף א קבר זאָלן בליען — דאָס איז עפּעס נישט אזוי מעגלעך; נאָר אז מיין תּלמיד האָט געבליט, געבליט, ווי א רויז — דאָס איז געווים. ער איז געוואָרן וואָס א טאָג געזונטער, דאָס פּנים ליכטיקער, דאָס קלאָר־ווייסע לייב פאַרוואַקסן מיט שמאַלץ, און איז געווען צופרידן, פריילער, לעבעדיק און גליקלעך — גליקלעך נישט פון ליבע, נאָר פון דעם, וואָס ער פאָרט אַרי־בער אין א ניי אָרט, אין א גרויסער שטאָט, צווישן נייע מענטשן, און וועט נישט אָנקוקן מער זיינע אייגענע, וואָס האָבן זיך אים צוגעגעסן, געווען נמאס ווי דער טויט.

אזוי האָט ער זיך מיר אליין מודה געווען נישט איין מאָל, כאָטש אין די אויגן האָט ער זיי נאָכגעגעבן, אז ער וועט שטאַרק־שטאַרק בענקען נאָך זיי, אז ער ווייסט גאָר נישט, ווי אזוי ער וועט דאָס גאָר איבערטראָגן אפילו.

— אָבער נאָך מיר וועסטו בענקען? — האָב איך א פרעג געטאָן מיין תּלמיד.

— געווים! געווים! — האָט ער מיר געענטפערט און האָט מיך ארומגענומען גאָר פריינדלעך. — דיך וועל איך נעמען מיט זיך! מיר וועלן דאָרטן לעבן א גוטן טאָג. מיר וועלן שפּילן אין „דאָמקעס", גיין אין טעאטער, איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן פון זיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט!

איך האָב געוווּסט, אז ס'איז א גרויסער ליגן!

געבאָרן, אויפגעוואקסן און אויפגעצויגן געוואָרן אויף שוא ושקר, האָט ער דאָ אויך געזאָגט א ליגן.

## דאָס צענטע קאַפּיטל.
### (ברוך=הבא — געסט).

איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן דאָס אויפנעמען מיטן כבוד, וואָס מע האָט אונדז אָפּגעגעבן, אז מיר זענען געקומען אויף דער חתונה. קודם=כל האָט מען אונדז ארויסגעשיקט א גרויסארטיקע קארעטע צום וואָקזאַל און מע האָט אונדז פארפירט אין זייער א שיינער שטוב, אָפּגעגעבן איטלעכן באזונדער אן אנדער חדר און מכבד געווען מיט דער גוטער קאווע מיט פוטערגעבעקס, און נאָכדעם מיטן שיינעם אָנבייסן, פרישע פיינקוכנס מיט געבראָ=טענע קאטשקעס, און מענטשן — מענטשן ווי מיסט זענען געקו=מען אונדז מקבל פנים זיין, אָפּגעבן שלום, אלע מאָל נייע פאר=שוינען.

ביי מיר האָבן דאָ אלע מענטשן אויסגעזען ווי מוראשקעס, געשעמערירט אין די אויגן, געזשומעט ווי די פליגן. איך בין געווען פארנומען מיט מיינע אייגענע מחשבות, מיט מיינע זייער נישט פרייליכע געדאנקען: „ווי אזוי מאכט מען דאָ, איך זאָל זיך קאָנען מיט איר זען? מי יודע צי עס וועט מיר געראָטן? און וואָס וועט זיין, אז זי וועט געוואָר ווערן פונעם הייליקן סוד? און טאָמער חלילה=וחס"... איך האָב גאָר מורא זאָגן וואָס... א שרעק! א שרעק!...

אין קעשענע איז ביי מיר געווען, נאָך פונדערהיים ארויס=פאָרנדיק, צוגעגרייט... שרעקט זיך נישט — נישט קיין פּיסטאָלעט, חלילה, נאָר א בריוו צו „איר", א בריוו אויף דריי בויגן פּאפּיר, באשריבן מיין ראָמאן, ווי אזוי ער האָט זיך אָנגעהויבן, און מיין ביאָגראפיע אין קורצן. נאָר ווי אזוי גיט מען איר איבער דעם בריוו? דורך וועמען? און ווען וועט זי צייט האָבן אים איבערלייענען?

און די מהותנים מיט די מחותנתטעס פון כלהס צד לויפן ארום הין און צוריק, ווי די פארסמטע מייז, טרייבן די סאר=ווערס, זיי זאָלן זיך גרייטן צו דער חופה=וועטשערע, און טרייבן די שמשים זיי זאָלן ברענגען די קלעזמער מיטן רב, מע זאָל שטעלן די חופה וואָס פריער, וואָרום חתן=כלה פאסטן.

אז דער חתן האָט נישט געפאסט — בין איך אן עדות; ער האָט ביי מיר אין חדר זייער פיין איבערגעביסן מיט א האלבער קאטשקע, און געזאָגט האָט ער, אז ער פאסט, בריהש אָנגעצויגן אויף זיך א פנים פון א חתן, וואָס פאסט און וואָס דער קאָפּ איז אים פארטיפט אין זייער ערנסטע מחשבות.

געבאָרן, אויפגעוואקסן און אויפגעצויגן געוואָרן אויף שוא ושקר, האָט ער דעם טאָג פון דער חופּה אויך געזאָגט א ליגן.

און דערווייל זענען אָנגעקומען די קלעזמער און מע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צום באַדעקנס. ס'איז געוואָרן נאָך א גרעסערער טומל, ווי פריער; אלע האָבן גערעדט, אלע האָבן זיך געכאפּט, אלע האָבן זיך געמאכט גלייך ווי מע טוט עפּעס — „גיכער, גיכער! לאָז מען גיין! קומט-קומט!“...

און מע האָט אונדז געגומען — ווער ווייס איך נישט; און מע האָט אונדז געפירט אונטער די הענט — ווהין ווייס איך נישט; און מע האָט צו אונדז עפּעס גערעדט, עפּעס געזאָגט — וואָס ווייס איך נישט. מיר האָט זיך געדרייט דער קאָפּ, געשעמע-רירט אין די אויגן, געזשומעט אין די אויערן, און דאָס הארץ, דאָס הארץ — טיק-טאק! טיק-טאק!

די קלעזמער האָבן געשפּילט, עס האָט געוויינט א פידל, עס האָט געטערעליייקעט א טראָמייט, עס האָט געפּייפט א פלייט, עס האָט געבאראבאנעט די קעסל-פּויק — באם-באם-באם! און דאָס הארץ, דאָס הארץ — טיק-טאק! טיק-טאק!...

## דאָס לעצטע קאפּיטל.

### (דער „עפּילאָג“ פונעם ראָמאן).

צווישן אלע פּארשוינען, וואָס האָבן זיך ארומגעדרייט און געשעמערירט פאר מיינע אויגן, האָב איך באמערקט איינעם, וואָס האָט זיך ארומגעדרייט גלייך מיט מיר, ווי א ווילד-פרעמדער. דאָס איז געווען א יונגערמאן מיט ברילן און מיט לאנגע האָר, וואָס האָט געהאט אויף זיך נאָר איין ארבעט; זיין ארבעט איז געווען — אויף אלצדינג קוקן און אלצדינג זען, און ווי עס האָט אויסגעוויזן, האָט ער די ארבעט געטאָן גאנץ געשמאק: ער האָט געהאלטן אין איין קוקן.

אז זיינע ברילן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף מיר, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז ער זעט מיך דורך און דורך, אז ער זעט מיין הארץ, אז ער זעט מיין סוד, מיין הייליקן-הייליקן סוד, און איך האָב אראָפּגעלאָזט די אויגן. איך האָב אָבער דערפילט אויף זיך די ברילן; איך האָב געפילט, אז ער הערט נישט אויף אויף מיר צו קוקן, און איך האָב נישט ווילנדיק אויפגעהויבן די אויגן

און האָב זיך ווידער באַגעגנט מיט זײַנע ברילן, וואָס האָבן געקוקט מיר אינעווייניק אין האַרצן אַרײַן און געצויגן מיך צו זיך, ווי א מאַגנעט.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן, נאָר איך און דער יונגערמאַן מיט די ברילן זענען געשטאַנען נאָענט איינער נעבן אַנדערן און האָבן גערעדט, געוויינלעך פון דער התונה, פונעם באַדעקנס און פון חתן־כלה.

דעם חתן האָבן ביידע מחותנים צוגעפירט אונטער די הענט צו דער כלה, און די כלה איז געזעסן אין מיטן שטוב אויף א בענקל מיט צעלאָזטע האָר, דאָס פּנים פאַרשטעלט מיט ביידע הענט — אפּנים, זי האָט געוויינט. די קלעזמער האָבן געשפּילט, עס האָט געוויינט א פידל, עס האָט געטערעליייקעט א טראָמייט, עס האָט געפּייפט א פלייט, עס האָט געבאַראַבאַנעט די קעסל־פּויק — באַם־באַם־באַם! און דאָס האַרץ — טיק־טאַק! טיק־טאַק!

אָט־אָט — האָב איך מיר געטראַכט — אָט־אָט, נאָך א מינוט, נאָך א מינוט — און אַלץ איז פאַרפאַלן!"...

— א טעלעצע! — רופט זיך אָן צו מיר פּלוצים דער יונ־גערמאַן מיט די ברילן גלייך אין די אויערן אַרײַן.

— וואו איז א טעלעצע? — פרעג איך און קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן.

— אָט זיצט זי דאָך! — מאַכט ער צו מיר און באַווייזט מיר מיט די ברילן אויף דער כלה.

ער האָט דערזען נאָך מיין פּנים, אַז איך בין שטאַרק פאַר־חידושט, מאַכט ער צו מיר שטילערהייט אויפן אויער:

— א קאַלב, א בהמה, א גלאָטע, א כשרע בהמה! קיין צלם פאַר קיין אלף, און א מרשעת דערצו! און נעמט אַזאַ פיינעם חתן! איר זעגט, דאַכט זיך, זיין לערער?

איך ווייס נישט, צי ער האָט מיך אָוועקגערופן, צי איך האָב אים אָוועקגערופן, צי מיר האָבן זיך ביידע אָוועקגערופן אויף א זייט, נאָר אין צוויי מינוט אַרום זענען מיר געזעסן איינער אַקעגן דעם אַנדערן, ווי אַלטע באַקאַנטע, און דער יונגערמאַן מיט די ברילן — ער איז געווען דער כלהס א לערער — האָט מיר איבערגעגעבן אויף איר אַזעלכע זאַכן, וואָס עס וואָלט געווען גלייכער און געזינטער פאַר מיר, איך זאָל דאָס בעסער נישט ווייסן...

— ס'טייטש, און אירע ברייוו? — האָב איך אויסגעשריגן. — אום גאָטעס ווילן, אירע ברייוו?!

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט דער יונגערמאַן מיט די ברילן זיך געכאַפּט פאַרן האַרצן און האָט אָנגעהויבן צו לאַכן און צו קאַטשען זיך פאַר געלעכטער.

— אירע בריוו? — כאַ־כאַ־כאַ! אירע בריוו! אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן — אירע בריוו!

— וועמענס דען בריוו זענען דאָס?

— אירע? כאַ־כאַ־כאַ! אירע בריוו? מיינע! כאַ־כאַ־כאַ, מיינע בריוו! מיינע! מיינע! מיינע!!!

איך האָב געמיינט, אַז דער יונגערמאַן איז גאָר אַראָפּ פון זינען; און ער וועט דעם שלאַק באַקומען. ער האָט מיך געכאַפּט פאַר ביידע הענט, מיך געגומען דרייען איבערן שטוב, מיך געשלאָגן אין די פּלייצעס און נישט אייפגעהערט צו לאַכן:

— אירע, כאַ־כאַ־כאַ! אירע בריוו!??

עס האָט זיך אייך ווען געחלומט א זיסער חלום: א פּאַלאַץ א שיינער, גוטע מאכלים, די בעסטע וויינען, פרישע פּירות, נאָר־וואָס פּונעם בוים, א ריח פון בשמים, א גן־עדן... און אייגנע עפּעס א „זי" אינעם געשטאַלט פון א פּרינצעסין מיט גילדענע באַזילבערטע האָר... און איר שוועבט, נישט איר גייט, און איר פּליט־פּליט אַלץ העכער־העכער, גלייך אין הימל אַריין... פּלוצים הערט איר פייפן, וואָס גייט פון א וואַלד אַרויס — פּי־יו־יט און א פּאַטש פון פליגלען און א משונה־מאָדנע געלעכטער „כאַ־כאַ", וואָס צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן וואַלד און לאָזט זיך אויס מיט א לאַנגן געניץ — אאאאי!! פאַר אייערע אויגן איז א טיפער אָפּגרונט, אָט־אָט פאַלט איר אַראָפּ. איר טוט א ציטער און כאַפּט זיך אויף מיט א קאָפּ־ווייטיק און קאָנט לאַנג נישט קומען צו זיך...

דעם דאָזיקן זיסן חלום האָב איך איבערגעלעבט אין דער מינוט, וואָס דער יונגערמאַן מיט די ברילן איז געשטאַנען איבער מיר און האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכן פון מיינע בריוו און אויסרעכענען די מעלות פון מיין געליבטע... ער האָט געלאַכט, און מיר האָט זיך געטריפט בלוט. א טראָפּן נאָך א טראָפּן, און געפאַלן אויף מיין פאַרוווּנדעטע האַרץ, אויף מיין פאַרסמטע נשמה.

און דאָרט אין זאַל זאָל האָבן געשפּילט די קלעזמער. די פידל האָט געוויינט, די טרומייט האָט געטרעלייקעט, די פלייט האָט גע־פייפט, דער באַס האָט געברומט, די קעסל־פּויק האָט געבאַראַבאַ־נעט — באַם! באַם! באַם! און דאָס האַרץ איז מיר געווען פּוסט און ליידיק, אויף דער נשמה וויסט און פינצטער, חושך, חושך אין אַלע ווינקעלעך.

# א ווייסע כפּרה

א מאָנאָלאָג פון א „מאדאם“.

געשריבן אין יאָר 1904.

# א ווייסע כפרה

— איך ווייס נישט, ווי אזוי איר; ביי מיר, עס מעגן פאַלן שטיינער פון הימל, א ווייסע כפרה אויף יום=כיפור — דאָס מוז זיין! איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת: איך פאַרשטיי גאָרנישט, ווי אזוי וואָלט איך געקאָנט שלאָגן כפרות נישט מיט קיין ווייסער כפרה? עס מאָלט זיך מיר אויס, איך וואָלט א גאַנץ יאָר מורא געהאט פאר שטארבן. איך בין שוין אזוי געוווינט געוואָרן פון קינדווייז אָן. ס'איז אלצדינג א געוווינהייט. מיין מאמע מוזט איר וויסן, איז אויך נישט קיין גרויסע צדיקית, נאָר פון די דאָזיקע זאכן האלט זי גראָד. צום ביישפּיל: אויף פּסח — פּסחדיקן באָרשטש, אויף שבועות — ליוביסטיק, א כפּרה א ווייסע, חנוכה — לאטקעס, פּורים — שלח=מנות, וכדומה אזעלכע מצוות היט זי אָפּ, ווי אן אמתע רביצין. „הזכרת=נשמות" איז ביי איר דאָס שווארצאפּל פון אויג, און חלילה נישט הערן שופר=בלאָזן איז פאר איר א סך א גרעסערער אומגליק, ווי ביי מיר, למשל, נישט הערן, להבדיל, שאליאפּינען... פונדעסטוועגן, איר זאָלט זי קענען, וואָלט איר זיכער מיינען, אז דאָס איז א גרויסארטיקע געבילדעטע דאמע. געטע און שילער לאָזט זי עד=היום נישט ארויס פון מויל, און מיט טשאָקן שלאָפט זי נאָך ביז היינטיקן טאָג. און קומט ראש חודש אלול, זאָלט איר זען, דעקט זי זיך איבער דעם קאָפּ מיט א ווייס טיכל און האָט צו טאָן מיט די „יענטעס"; איך האָב מורא, אויב זי, שמועסט נישט מיט זיי מכוח קנייטלעך לייגן... און נאָכדעם, אוועק די וויינדיקע טעג — אראָפּגעוואָרפן דאָס טיכל פונעם קאָפּ, און ווידער

געטע, ווידער שילער, ווידער טשאָקע. אָט אזא מין יידענע איז די מאמע מיינע, און אָט אויף דעם אייגענעם יידישן שניט האָט זי געפירט אונדז אויך, די טעכטער אירע. פינף זענען מיר געווען, און אלע האָבן מיר התונה געהאט „פּאָ־ליובווי" דאָס הייסט: שיינע מיידלעך זענען מיר געווען, און געבילדעט אוודאי, און גדן האָבן מיר געהאט אויף זיך צו פופצן טויזנט אין באנק אויף א טאָכטער, — היינט פארוואָס־זשע זאָל מען אונדז פיינט האָבן? מיר האָבן געשמט, דארפט איר וויסן, אויף דער וועלט נישט אזוי מיט אונדזער שיינקייט און מיט אונדזער בילדונג, ווי מיט אונדזער גוט אויפגעצויגן ווערן. דערציונג, הערט איר, אין א גרויסע זאך! למשל, אזוי, אין אנדערע זאכן, זענען מיר דערצויגן געוואָרן ביי אונדזער מוטער דווקא פראנק און פריי: געקאָנט רעדן מיט וועמען מיר האָבן געוואָלט, געקאָנט גיין וווהין מיר האָבן געוואָלט, און געקאָנט טאָן וואָס מיר האָבן געוואָלט, נאָר דאָרט, וו עס האָט זיך אָנגעקערט מיט לשון יידישקייט, איז געווען היות נישט זיכער! צום ביי־שפּיל, נעמט מיר אראָפּ דעם קאָפּ, איך זאָל אייך אויסטון דעם לינקן שוך פארן רעכטן. וואלאָדי לאכט פון מיר און מאכט חוזק; נאָר איך וועל קוקן אויף וואלאָדין, וואָס וואלאָדי לאכט, וואָלט ביי מיר פּסח געווען גאָלע פּאסקע מיט געפארבטע אייער, אָן א ברעקל מצה. מיין וואלאָדי איז אין יידישקייט אביסל... נו־נו... דאָס הייסט אזוי, פארקערט, א יידן האָט ער, אדרבה, מיטן גרעסטן כבוד. דערהערט ער ערגעץ אויף א יידן א צרה, א פּאָגראָם, גייט ער ארום אָן א קאָפּ: סטייטש א ייד, יידיש בלוט!... פיינט האָט ער נאָר די יידישע תנועות מיט די יידישע גענג. א ייד, זאָגט ער, איז אן עזות־פּנים, א ייד איז א „נאכאל"... לאָז אָבער א פרעמדער פּרווון זאָגן אויף יידן א שלעכט וואָרט, וועט ער אים די אויגן ארויסרייסן. א מאָדנע בריאה אָט דער וואלאָדי! איך האָב וויפל מאָל אים געהערט בארימען זיך פאר די פּריצים, וואָס קומען זיך אמאָל צונויף ביי אונדז שפּילן א פּרעפּעראנס, אז מיר האָבן אונדזער אייגענעם יידישן דיפּלאָמאט הערצל, וואָס איז א גאנצער בן־בית ביים טערקישן סולטאן; און אז די ציוניסטן זענען געקומען אנומלט צו אים נאָך געלט, האָט ער מיט זיי געהאט א לאנגן וויכוח, זיי באוויזן, אז זיי טראָגן זיך ארום מיט הלומות, זיך איינגערעדט א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז... נו, און געלט? איר מיינט, ער האָט זיי נישט געגעבן? געגעבן! אָט אזא מין נפש איז מיין וואלאָדי. וויפל האָב איך צו טאָן מיט אים פאר די קינדער! מיינע קינדער זענען, קיין עין־

הרע, געראָטענע קינדער, שיינע, געזונטע, פרישע, לויטערע. וואָס נאָך דאַרף מען? וויל ער וואָלאָדי הייסט דאָס, זיי זאָלן אַלצדינג קענען. קענען? מהיכא־תיתי, איך וויל אויך זיי זאָלן אַלצדינג קענען, ווער וויל דאָס נישט, אַז קינדער זאָלן קענען? דאָס געזונט זייערס איז אָבער ביי מיר טייערער. איך בין אַ מוטער נישט אַזאַ הייסע, נאָר דאָך אַ מוטער, ווייס איך, וואָס הייסט געזונט. מיין סאַשקע מיט מיין סאָנקע, איידער זיי זענען אויסגעוואַקסן — ע־הע־הע! קומט ער צו גיין און מוטשעט זיי — ער וויל, זיי זאָלן אַלצדינג קענען, אַלצדינג וויסן, אַפילו יידיש, זאָגט ער, דאַרפן זיי אויך קענען. קאַרג, וואָס זיי האָבן אויף זיך די גימנאַזיע מיט מוזיק, מיט טאַנצן, מיט שלעק, באַדאַרפן זיי נאָך האָבן אויף זיך נאָך אַן אומגליק: יידיש לערנען! מע זאָל כאָטש לערנען יידיש, ווי מע לערנט, למשל, דייטש, אָדער פראַנצויז, אָדער ענגליש. צי דער יידישער לערער זאָל כאָטש זיין אַ לערער, ווי אַלע לערערס. איז ער אָבער, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן, פאַר די רייד, איך ווייס אַליין נישט וואָס. וואָלאָדי אַליין קאָן נישט ליידן דעם ריח פונעם יידישן לערער, אַלע מאָל נאָך זיין אוועקגיין עפנט ער אויף דאָס פענצטער. צו וואָס טויג ער דיר!" — טענה איך מיט אים. „ס'איז היינט, זאָגט ער, אַ מאָדע יידיש, דאַרפן זיי לערנען יידיש". איר פאַרשטייט? ס'איז אַ מאָדע! אַלצדינג איז אַ מאָדע. קאָרטן איז אויך אַ מאָדע. מיין וואָלאָדי האָט אַמאָל געוווסט אַ פּרעפעראַנס, אַ דערדע, אַ זעקס־און־זעכציק; היינט קאָן ער זיך שוין אַוועקזעצן: אויף אַ גאַנצע נאַכט און שפּילן ביז דעם אַנדערן אויפדערנאַכט. ער קאָן זיך שוין כמעט אָן קיין קאָרטן נישט באַגיין. נאָר כל זמן ער האָט געשפּילט אין דער היים — האָט מיך נישט געאַרט. איך אַליין האַלט אויך פון אַ פּרעפעראַנס, און אין אָקעלע האָב איך אַליין אויך נישט פיינט. ביי מיין מאַמען פלעגן מיר אַלע שפּילן גאַנץ אָפט אין אָקע. אַרן אַרט מיך נאָר, למאי ער שפּילט אין קלוב. אוי, דער קלוב! דער קלוב! פאַרברענט זאָלן ווערן אַלע קלובן אויף דער וועלט! ערשטנס, אַן עבירה טאַקע דאָס געלט. שפּילן שפּילט ער אויף צו געווינען, נאָר ער פאַרשפּילט, ער פאַרשפּילט אַ סך געלט! איך ווייס, ווען ער פאַרשפּילט און ווען ער געווינט.

קומט ער נערוועז, דאָס הייסט, ריין משוגע, לאָזט אויס צו מיר זיין ביטער האַרץ, זוכט הסרונות אויף יעדן טריט — איז אַ סימן, אַז ער האָט פאַרשפּילט. היינט די צייט, וואָס גייט אַוועק! די נעכט! די ערשטע צייט, איידער איך בין געוווירן געוואָרן, ווו ער ווערט פאַרשוווגדן אַלע נאַכט, בין איך געווען

אוים מענטש, שיער נישט משוגע געוואָרן. אלע מאָל האָט ער מיר צוגעטראַכט א נייעם תירוץ. דאָ — א בוררות דריי נעכט כסדר, א זאסעדאניע, אָדער גלאט א גוטער ברודער האָט אים פארשלעפּט צו זיך אויף פּרעפּעראַנס. נאָר וואָס דען? איך קען וואלאָדין. איך וויים, ווען ער ליגט און ווען ער זאָגט אן אמת. שווערט ער זיך און איז בשעת מעשה רעכט אין כעס, איז א סימן, אז ער זאָגט א ליגן. האָב איך אָנגעהויבן מסתמא גאָכצושמעקן און אויסצוטאַפּן, און בין געוווּיר געוואָרן, אז ער גייט און קלוב. א שטיין פונעם הארצן! דאנקען גאָט, וואָס כאָטש נישט ערגעץ אנדערש... „וואלאָדי, טענה איך מיט אים, קאָרטן קאָנסטו דען נישט אויספירן אין דער היים?“ ענטפערט ער מיר: „אין קלוב זעט מען זיך מיט דעם, מיט יענעם. מע הערט וואָס אויף דער וועלט טוט זיך“. בלאָטע! דאָס איז, ווי זאָגט מען, א תירוץ פאר די בענטש ליכט. „וואלאָדי, טענה איך מיט אים ווייטער, באַרעכן דיך, דו לאָזט מיך זיצן איינע אליין גאנצע נעכט, קוקסט נישט אָן זאָג איך, קיין קינד אין די אויגן, גזלן, האָסט קיין מורא נישט פאר גאָט, וואלאָדי?“ זאָגט ער, אז ער האָט פּיינט סצענעס, קאָן נישט הערן, אז איך רעד מיט גאָט. הייב איך אָן וויינען. טוט ער א זעץ מיט דער טיר, גייט אוועק און קומט אויף מאָרגן אין דער פרי רעכט ברוגז. איר פארשטייט? אים קומט נאָך ארויס! איך באטראַכט אים דעמלט, מיין וואלאָדין הייסט דאָס, און דערמאן מיך אין אמאָל, אוי, בשעת ער האָט זיך ארומגעדרייט ארום מיר, זיך געשדכנט, געפּאדקעוועט, געציילט די טריט, געהיט דעם שאָטן. ס'איז אים נישט אָנגעקומען גרינג. קודם-כל, האָט ער געזען ער זאָל געפעלן ווערן דער מאמען מיינער, אויסהערן פון איר אויף אויסנווייניק גאנצע שטיקער פון געטע מיט שילער מיט טשעקאָ. נאָכדעם האָט ער איר געלייענט ביכער, און דווקא ראָמאנען, און דווקא אזעלכע, וואָס א שטיין קאָן צעגאָסן ווערן, געהאלטן איר בשעת-מעשה די בייוועלעך, זומער איר געהאָלפן פרעגלען איינגעמאכטס, ווינטער געשפּילט מיט איר אין „קאָנטשעניע“. גוט פארשווארצט געוואָרן, און אלץ צוליב מיר. נאָך מיר איז ער געשטאָרבן, אויסגעגאנגען נאָך מיינע טריט — א קניע ערד האָט ער אויסגעשלאָגן, ביז ער האָט דערלעבט צו הערן פון מיר דאָס גוטע וואָרט, וואָרום איך האָב געהאט דעמלט דריי אזעלכע חתנים פיינע בריהס, ווי ער. איינער פון זיי, ער איז היינט א דאָקטאָר, איז אין מיר געווען פארליבט טאקע צום שטארבן. דאָס הייסט, זיי זענען אלע געווען נאָך מיר די כפּרה. און היינט? לאָס איך ווען היינט עמעצן

פאַרדרייען דעם קאָפּ, איז ביי מיר א מלאכה? אַט, אשטייגער, ברענהאָלץ ער אפּטייקער, וואָס טאַנצט אזוי ארום מיר, — דערציילט ער מיר מעשיות, וויל מיר איינרעדן, אז איך בין יינגער מיט צען יאָר, ווי איך בין. און וואָס קומט ער אקוראט דעמלט, ווען וואלאָדי איז נישטאָ?... אמת, איך אליין ווייז אים א דרך; איך וויל, אז וואלאָדי זאָל דאָס טאקע וויסן, און לאָז דאָס אים פאַרדריסן... איך אליין דערצייל נאָכדעם וואלאָדין: „דו ווייסט, זאָג איך, ווער ס'איז דאָ געווען?“ „ברענהאָלץ?“ — זאָגט ער, און ער זאָל זיך דאָס אפילו פארקרימען! „מאָרגן, זאָג איך, גייען מיר מיט אים אויף שאליאפּינען אין צווייען“... „מיט וועמען, מאכט ער, מיט ברענהאָלצן?“ איך קוק אויף אים בשעת מעשה און טראכט מיר: „ווארט אוים, איך וועל דיר דערגייען די יאָרן!“ און רוף מיך אָן צו אים: „ווי מיינסטו, וואלאָדי, נישקשה מיר זאָלן דינגען מיט ברענהאָלצן דעם אפּטייקער און דאטשע?“ „וואָס זאָל דאָ זיין, זאָגט ער, קשה?“ „ברענהאָלץ, זאָג איך, וויל מיט מיר פאָרן היינטיקס יאָר קיין מארינבאד אינייִנעם“. „געזונטערהייט“, זאָגט ער, געזונטערהייט? אָבער גאָר לא! דווקא וויל דו ווילסט, וויל איך נישט... איך בעט אייך, וואָס איז דאָס געוואָרן מיט מיין וואלאָדין? חברה האָבן אים גוט ארייננענומען אין קאָן אריין... אָ, חברה קאָן! פון קלוב קאָן קיין גוטס נישט ארויס. פון קלוב גייט מען אלע נאכט... איך ווייס ווהין מע גייט. איך האָב מיך שוין צעפרעגט. פון קלוב גייט מען אלע נאכט אין „פארנאס“, אין „אָלימפּ“, אין „ארקאדן“, וכדומה אזעלכע פרייִלעכע ערטלעך, און מע פארברענגט די צייט גאנץ פרייִלעך... ברענען זאָל דער קלוב! ברענען זאָל די קאָרטן! ברענען זאָל די קאָמפּאניע! אמאָל פלעגן מיר מיט וואלאָדין אויסזיצן גאנצע נעכט און רעדן און רעדן, קיינמאָל נישט אויסגעלאָזט זיך קיין שטאָף; און היינט קאָנען מיר קיין האלבע שעה נישט זיצן אינייִנעם. אויסגעגאנגען ביי אונדז מאטעריאל. דערפאר געפינט זיך ביי אונדז רייד מיט דעם דאָזיקן אפּטייקער, מיט ברענהאָלצן — פון דער וועלט רייד. פּוסטע דבורים, חכמות, לידלעך, אנעקדאָטן, אוי, האָט ער אנעקדאָטן, ברענהאָלץ, ברענען זאָל ער אויפן פייער! און דווקא יידישע אנעקדאָטן. כי־כי, פון דער וועלט אנעקדאָטן! איך האָב ליב א שיינעם אנעקדאָט; הערן אנעקדאָטן ווערט מיר קיינמאָל נישט נמאס. זיצט ער, ברענהאָלץ הייסט דאָס, גאנצע נעכט און דערציילט מיר אנעקדאָטן... איך ווייס, אז די גאנצע שטאָט האלט מיך אין די מיילער. איך ווייס גאנץ

גוט, וואָס מע זאָגט אויף מיר, נאָר עס זאָל מיך אָנהייבן צו ארן! מיך ארט נאָר, למאי עס ארט נישט וואלאָדין ארט דאָס נישט!.. ווײ=ווײ! אמאָליקע יאָרן, למשל, ווען מע קומט און מע דערציילט וואלאָדין, אז סע זיצט ביי מיר גאנצע נעכט אן אפטייקער אין דערציילט מיר אנעקדאָטן — הא=הא=הא! און היינט? גאָרנישט. ער קומט אמאָל צו גיין שפּעט ביינאכט, טרעפט ער אים ביי מיר זיצן אויפן באלקאָן — און גאָרנישט. „וואָס הערט זיך עפּעס נייעס, פאניע ברענהאָלץ?“ און פאניע ברענהאָלץ דערציילט אים נייעס. וואלאָדי רויכערט, מאכט זיך, ווי ער הערט מיט קאָפּ, און האָט אין זינען בשעת מעשה — ווייס איך וואָס, וואָרום דער קאָפּ איז אים גאָר דאָרטן. איר ווילט ווּיסן, ווו דאָרטן? עה! איך זאָל וויסן, ווו איז דער „דאָרטן“, וואָלט דאָך גוט געווען! איך וויל שוין לאנג וויסן. איך האָב שוין אפילו אָנגעשמעקט א שטיקל „סליד“ אויך. דאָ נישט לאנג האָב איך אויסגעטרייסלט א בריוועלע ביי אים, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, פון די הויזן=קעשענעס, זייער א שיין בריוועלע, אויף רויזנפּאפּיר דורכגעשפּיגעוועט מיט פּארפומען און געחתמעט „מאשא“... מאשא? מאשא? ווער קאָן זיין די דאָזיקע מאשא?... שוין צוויי וואָכן, אז איך ברעך מיר דעם קאָפּ, איך קאָן גאָר אזוי קלוג נישט זיין... אָה! לאָם איך נאָר געוויר ווערן אקוראט, וועט ער זיך ביי מיר נישט נארן! ער וועט ביי מיר האָבן א מאשע! סע וועט אים שוין זיין מאשעדיק אין די אויגן!... שא!, וווהין בין איך דאָס פאַרפאָרן? פון וואָס האָב איך אָנגהויבן? יאָ, כפּרות. איך ווייס נישט, ווי אזוי איר; ביי מיר, עס מעג פאלן שטייגער פונעם הימל, א ווייסע כפּרה אויף ערב יום=כיפּור — דאָס מוז זיין! „ווי די כפּרה איז ווייס, בין איך ווייס פון זינד“. אזוי האָט מיך די מאַמע געלערנט. איך גיי נאָך דער מאמעס שניט. דערפאר מוז איך האָבן א כפּרה א ווייסע. און נישט נאָר פאר מיר — פאר וואלאָדין, פאר די קינדער, און אפילו פאר מיין קליין ליאָליטשקע קויף איך א קליין ווייס הינדעלע, א קליין ווייס כפּרהלע, מיר פאר אירע שיינע אויגעלער, און שלאָג מיט איר כפּרות. איך שלאָג פאר זיי אלעמען כפּרות. אָך און וויי, אז איך בין די איינציקע יידישע אין שטוב, וואָס פארשטייט א יידישן דין און וואָס האלט פון יידישקייט. נעם איך דעם סידור, זאָג איך דעם „בני=אָדם“, און דריי, און דריי די כפּרה: „זאת חליפתי, זאת תמורתי, זאת כפּרתי“, און איך פיל, אז עס קומט מיר צו א שטיק געזונט, וואָרום ס'איז א ווייסע, א ווייסע כפּרה, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטן!...

# א נגידישע פרעזשעניצע

א ליטווישער דיאלאָג.

געשריבן אין יאָר 1904

# א נגידישע פּרעזשעניצע

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, הינדע? דעם קאַפּטן פּאַרזעצן, א נגיד זאָל מען זיין!

— אקעגן וואָס איז געקומען צו רייד?

— געווען ביים נגיד. דערלאַנגט צום טיש א פּרעזשעניצע. נישט שייך צו זאָגן — א גאָלד!

— פּטור! וואָס איז דאָרטן? מיט פּליטערלער?

— נישט שייך צו זאָגן — טעם גן־עדן!

— געגעסן?

— פּטור! וואָס פאַר א מחותן?

— פון וואַנ־זשע ווייסטע?

— מזעט נישט?... א היות צו קוקן פון דער וויטן. צעגייט אין מויל, ווי א פּוטער!...

— נגידים — וואָס פעלט זיי?

— קאָפּווייטיק! כוואָלט וועלן זען, הינדע... נמ... נמ... זאָלסט אמאָל מאַכן א פּרעזשעניצע...

— טאַקע? א קליינע השגה!

— פאַרוואָס נישט? איינמאָל אין לעבן!...

— — משוגע — וואָס?

— נמ... נמ... חלשט מיר די האַרץ, הינדע!... מאַך מיר א פּרעזשעניצע, זע!...

— א קלאָג! פון וואָס מאַכט נעם — ווייסטע?

— פטור! פון וואַן זאָל איך וויסן?

— טאָ וואָסזשע רעדסטע?... ערשטנס, ליגן זיי אַרײַן, די נגידים, ווער ווייס וויפל פוטער!...

— מילא, איז אָן פוטער, אבי א פּרעזשעניצע!

— א צורה! הײַנט מילך?

— מילא, איז אָן מילך, אבי א פּרעזשעניצע!

— גוט! אָבער אייער? אָן אייער קאָן מען דאָך נישט מאכן א פּרעזשעניצע!

— אייער? אווו שטייט דאָס „אייער"? מע צעשלאָגט איין איי און מע מאכט א פּרעזשעניצע.

— געפּועלט! אווו נעמט נעם? געוועזן איין איי, איז אוועק א האלבער געלבל אויף געפילעכץ און א ביסל פון דעם ווייסל אויף די חלות.

— נאָ־נאָ! אז דו ווילסט געפינסטע נאָך פון וואָס צו מאכן א פּרעזשעניצע!

— פון וואָס? פון דער לושפּייקע? א האלבע איי!

— איך ווייס ביסט דאָך עפּעס א באַלעבאָסטע!

— א באַלעבאָסטע! סיידן מיט מעל א ביסל?

— זאָל זײַן מיט מעל, אבי א פּרעזשעניצע.

— הכּל! אווו נעמט נעם?

— עט, א ביסל מעל אויך א זאַך?

— אויך א זאַך... סיידן רעטשענע?

— זאָל זײַן רעטשענע, אבי א פּרעזשעניצע.

— א צורה! סיידן מיט א ציבעלע?

— זאָל זײַן מיט א ציבעלע, אבי א פּרעזשעניצע.

— גאָר פארגעסן? נישטאָ קיין ציבעלעס. פאראַן א קנאָבעלע.

— זאָל זײַן א קנאָבעלע, אבי א פּרעזשעניצע.

— א שיינע פּרעזשעניצע! מיט וואָס באַשמירט מען די סקאָווערדע?

— שמיר מיט וואָס דו ווילסט, אבי א פּרעזשעניצע.

— נא דיר א פּרעזשעניצע!... אָנגעשפּאַרט דער יצר־הרע!... געזען ביים נגיד... דער נגיד זאָל זיך אָפּשניידן דעם נאָז, דאַרף מען אייך שניידן דעם נאָז... אבוזשאנע!... ננא! נא דיר א פּרע־זשעניצע פּלוצים!... גיי וואש יאך, שיים פאַרטיק די פּרע־זשעניצע!

— שיים פאַרטיק די פּרעזשעניצע? אָט אזוי, הינדע, האָב איך דיר ליב... די נגידים מיינען — גאָר ביי זיי פּראַן פּרעזשעניצעס... אָן איידעלער מאכל!... עס שמעקט דער קנאָבל — א חיות...

גוט, הינדע! איך וואָלט אַלע טאָג עסן פּרעזשעניצעס... הערסטע, הינדע, וואָס כ'וועל דיר זאָגן... גמ... נמ... דיין פּרעזשעניצע איז גאָר נישט דאָס... עפּעס זויערלעך, ווינציק זאַלץ און קלעביק. נמ... גמ... זאָלסט מיר מוחל זיין... גמ.., גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד... חלשות, טפו! דער שוואַרץ־יאָר ווייסט זיי, די נגידים, אין וואָס זיי קאָכענען זאַך!...

# אן עצה

— שוין פון א טאָג דריי, אז עס גייט צו דיר א יונגערמאַן אלע אינדערפרי און בייטאָג און אויפדערנאכט, און טרעפט דיך נישט אין דער היים. ער דאַרף דיך, זאָגט ער, זייער נויטיק זען!

אזוי האָט מען מיר אָנגעזאָגט א בשורה, בשעת איך בין געקומען איינמאָל צו פאָרן פון וועג אהיים.

— מסתמה א מחבר מיט א „ווערק“! — **אזוי האָב איך מיר** געטראכט און האָב מיך אוועקגעזעצט צום טיש, און נאָר געגומען זיך צו דער ארבעט — אהא, מע קלינגט שוין! עס עפנט זיך די טיר און עמעצער דאָרטן פּאָרקעט זיך, טוט אוים די קאלאָשן הוסט, שנייצט די נאָז — אלע סימנים פון א מחבר. איך וואָלט שוין וועלן זען דעם פּארשוין! גאָט האָט געהאָלפן, ער איז אריין! אָפּגעמאכט צו מיר א גאנץ פיינעם „בואי=בשלום“, דאָס הייסט, אָפּגעטראָטן אויף א פּאָר טריט צוריק, געמאכט א מין רעווערַאנס געריבן בשעת מעשה א האנט אָן א האנט, האָט ער זיך מיר פאָרגעשטעלט און אָנגערופן א נאָמען פון דער הגדה, איינעם פון די נעמען, וואָס אָט האָט איר דאָס געהערט, און אָט האָט איר דאָס פארגעסן — אוועקגעפלויגן.

— זיצט! מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?

— איך בין געקומען צו אייך מכה זייער א נויטיקער זאך. דאָס הייסט, פאר מיר איז די זאך נויטיק, זייער נויטיק, ממש, קאָן מען זאָגן, נוגע אין לעבן אריין, און נאָר איר, אזוי מיין איך, וועט דאָס פארשטיין. איר שרייבט אזוי פיל, אז איך מיין,

אז איר באדארפט וויסן אלצדינג און איר באדארפט זיין א מבין אויף אלצדינג. אזוי מיין איך. דאָס הייסט, נישט איך מיין, נאָר איך בין איבערצייגט, אז ס'איז אזוי.

איך באטראכט מיין פארשוין: א טיפ פון א קליינשטעטלדיקן משכיל, א מחבר. א יונגערמאן מיט א בלאס פּנים, מיט גרויסע שווארצע רחמנות־אויגן, דאָס הייסט, אזעלכע אויגן, וואָס בעטן זיך: „האָט רחמנות אויף אן עלנטע, א פארבלאָנדזשעטע נשמה". איך האָב נישט ליב אזעלכע אויגן. פאר אזעלכע אויגן האָב איך מורא: קיינמאָל לאכן זיי נישט, טוען קיין שמייכל, שטענדיק פארטיפט אין זיך — איך האָב פיינט אזעלכע אויגן.

— אנו, ווייזט, וואָס האָט איר דאָרטן? — מאך איך צו אים, ליינג אוועק די פען, שפאר מיך אָן אויפן בענקל און ווארט. אז אָט באלד נעמט ער זיך צום בוזעם און שלעפּט ארויס א היבש פּעקל כתבים, געווים א ראָמאן אין דריי טיילן לאנג ווי דער יידישער גלות, אָדער א דראמע אין פיר אקטן, וואָס די פארשוינען הייסן: מערדערזאָן, ערלעכמאן, פרימהארץ, ביטערצווייג, וכדומה אזעלכע נעמען, וואָס פון זיי אליין זעט איר שוין ארויס, מיט וועמען איר האָט צו טאָן... און אפשר איז דאָס גאָר נייע לידער פון ציון?

„אהין אויף די בערג טוט אים ציען,
דאָרט ווו דער אָדלער טוט פליען,
דאָרט ווו דער איילבערט טוט בליען
דאָרט ווו די נביאים האָבן געטאָן ריען,
און פאר גאָט געטאָן קניען..."

מיר זענען קענטלעך די דאָזיקע לידלעך, די דאָזיקע גראמען, וואָס קריכן פונעם האלדז, שטעמרירן אין די אויגן, זשומען אין די אויערן און לאָזן־איבער אין הארצן נאָך זיך א ווילדע פּוסט־קייט. א מאָדנע ווייטעניש אויף דער נשמה.

שטעלט אייך אָבער פאָר — איצטיקס מאָל האָב איך דווקא נישט געטראָפן: דער יונגערמאן האָט זיך נ י ש ט גענומען צו דער בוזעם־קעשענע, נ י ש ט ארויסגעשלעפּט קיין פּעקל כתבים, נ י ש ט אין זינען געהאט אפילו לייענען מיר א ראָמאן, א דראמע, אָדער נייע לידער פון ציון. ער האָט נאָך צו־רעכט געמאכט דעם קאָלנער פון העמד, אויסגעהוסט זיך פריער און א זאָג געטאָן צו מיר:

— איך בין געקומען צו אייך אהער, הייסט דאָס, נישט מער ווי אויסדערציילן אייך מיין ביטער הארץ און זיך אן עצה

האלטן מיט אייך. אזא מענטש, ווי איר, באדאַרף מיך פאַרשטיין. איר שרייבט אזוי פיל, אַז איר מוזט וויסן אַלצדינג, און נאָר איר קאָנט געבן די רעכטע עצה. און גלויבט מיר, וואָס איר וועט מיר זאָגן, דאָס וועל איך טאָן. איך גיב אייך מיין ערנוואָרט! האָט קיין פאַריבל נישט, אפשר נעם איך צו ביי אייך צייט?

— נישקשה, עס מאַכט נישט אויס. דערציילט, דערציילט — מאַך איך צו אים און פיל, ווי אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פונעם האַרצן. און דער יונגערמאַן רוקט זיך צו צום טיש און הויבט־אָן צו דער־ציילן זיין ביטער האַרץ פריער פּאַוואָלינקע, געלאַסן, און וואָס ווייטער מיט אַלץ מער היץ.

— אַליין בין איך, דאַרפט איר וויסן, אַ יונגערמאַן, ווי איר זעט מיך, פון אַ קליין שטעטל. דאָס הייסט, דאָס שטעטל איז גאָרנישט אַזאַ קליין שטעטל, און דווקא אַ היבש שטעטל, אַ שטאָט קאָן מען זאָגן, נאָר קעגן אייער שטאָט איז דאָס אַ שטעטל. דאָס דאָזיקע שטעטל אַזוי מיין איך, קענט איר דווקא זייער גוט, נאָר איך וויל דאָס אייך נישט פורש בשמו זיין, מחמת אַ קשיא אויף אייך, איר קאָנט דאָס נאָך באַשרייבן, פּאַסט דאָס מיר נישט איבער אסך טעמים... מיט וואָס איך פאַרנעם זיך, ווילט איר וויסן? המ... איך פאַרנעם זיך... הייסט דאָס, טאָן טו איך לעת־עתה גאָרנישט ניט, זיץ נאָך, הייסט דאָס, אויף קעסט ביי שווער און שוויגער, דאָס הייסט, נישט אויף קעסט, נאָר איינינעם זיצן מיר, אויף אַלעם גרייטן, מחמת זי איז, דאַרפט איר וויסן, אַ בת־יחידה, איין־און איינציקע הייסט דאָס, מער נישטאָ ביי זיי קיין קינדער, אַ חוץ די איינע טאָכטער, און זיי קאָנען, נישקשה, באַשטיין אונדז אויסהאַלטן נאָך צען יאָר, מחמת זיי זענען, דאַרפט איר וויסן, פאַרמעגלעכע לייט, מען קאָן אויף זיי זאָגן נגידים, און וועדליג ביי אונדז — הייסן זיי גרויסע נגידים, גבירים אדירים, וואָרום רייכער פון זיי איז שוין ביי אונדז נישטאָ. מיין שווער באַדאַרפט איר געוויס קענען. אזוי מיין איך. איך וויל אייך נישט פורש בשמו זיין, סע פּאַסט נישט. ער איז אַ ייד, דאַרפט איר וויסן, וואָס האָט ליב זיך לאָזן הערן אויף דער וועלט, מע זאָל אים קענען. למשל, אויף באָברויסקער נשרפים האָט ער געגעבן די שענסטע נדבה, אויף קעשענעוו האָט ער געשענקט מער פון אַלעמען. אין שטאָט גופא ביי אונדז גיט ער אפילו ווינציק־וואָס, נאָר אין דער פרעמד האָט ער ליב זיך אויס־שטעלן פיין, אַלע זאָלן וויסן. ער איז, פאַרשטייט איר מיך, גאָר קיין נאַר נישט. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָ אין שטאָט האָט מען סיי־ווי־סיי פאַר אים דרך־ארץ — פאַר וועמען באַדאַרף

ער זיך דאָ אויספּיינען? איז ער זיך מיישב און שטעלט זיי גאָר א פייג. ער איז א מענטש וואָס קאטאָרי ער קאָן נישט געבן. ער זאָגט אליין, אז ער קאָן נישט געבן. אז מע קומט צו אים נאָך א נדבה, ווערט ער טויט און זאָגט: „שוין“ איר זענט שוין געקומען נעמען? נאט אייך די שליסעלעך און גייט אייך אליין צו דער שאפע און נעמט אייך וויפל איר דאַרפט“... מיינט איר דאָך מסתמא, אז אָט נעמט ער ארויס די שליסעלעך? האָט איר במחילה א טעות! די שליסעלעך פון דער שאפע ליגן ביי אים סך⸗הכל פארשלאָסן אין א טישקעסטל, און א חוץ דעם ליגט דאָס שליסעלע פון טישקעסטל אויך ערגעץ באגראָבן. אָט אזא מענטש איז ער דער שווער מיינער און וואָס זאָלט איר קלערן? אוודאי, ווי דער מענטש פארדינט, אזא נאָמען האָט ער. צווישן אונדז רעדנדיק, הייסט ער טאקע ביי אונדז אין שטעטל „דער דבר⸗אחר“... געוויינטלעך, הינטער די אויגן; אין די אויגן חנפהט מען אים אזוי, אז סע שלאָגט צום הארצן. און ער איז זיך מיישב און נעמט דאָס אָן דווקא פאר גוט געלט, גלעט זיך דאָס בייכל און לעבט זיך אָפּ א גוטן טאָג. סטייטש געלעבט! לעבן צו לעבן איז נישט גלייך! בארעכנט אייך נאָר אליין: א מענטש טוט נישט קיין האנט אין קאלט וואסער, שיין געזעסן, פיין געגעסן, גוט געשלאָפן — וואָס ווילט איר נאָך? נאָכן שלאָפן הייסט מען איינשפּאנען דאָס פאיעטאָנדל און מע פאָרט⸗ארויס א ביסל אויפן שפּאציר איבער דער בלאָטע. און קומט פארנאכט, גייט מען זיך צונויף מענטשן פון שטאָט, דער מיט אזא פּזמון, דער מיט אזא מין רכילות, א נעכטיקן טאָג, און מע בארעדט די גאנצע שטאָט, און מע לצע⸗ווערט⸗אָפּ פון דער גאנצער וועלט. נאָכדעם דערלאנגט מען דעם גרויסן סאמאָוואר און מע זעצט זיך אוועק מיט שמואל⸗אבא דעם שוחט שפּילן אין דאָמינעס. שמואל⸗אבא דער שוחט, דארפט איר וויסן, איז א יונגערמאן טאקע מיט פאהלעך, נאָר א היינטוועלטיקער שוין, מיט א ווייסן קאָלנער, מיט אויסגעפּוצטע שטיוועלעך, און אנטלויפט נישט פאר קיין יונגע ווייבלעך, און האָט א פיין העלדזל, קאָן שיין זינגען, און שרייבט אויס א בלאט, און שפּילט זייער גוט אין שאך און אין דאָמינעס. און אז זיי זעצן זיך שפּילן אין דאָמינעס, קאָנען זיי אוועקשפּילן אָט אזוי א גאנצע נאכט, און דו זיץ און קוק און גענעץ. דאָס מויל ווערט שיער נישט צעריסן! נעם זשע, דו שוטה, שטיי אויף און גיי דיר אוועק צו זיך אין חדרל און זעץ זיך איבער א בוך, צי איבער א בלאט⸗צייטונג? איז ניין! פארוואָס? סע פאסט נישט. סע זיצט א פרעמדער מענטש —

ווי אזוי הויבט מען זיך אויף און מע נעמט און מע גייט=אוועק אין מיטן דריגען? פאר אזא מעשה, דארפט איר וויסן, ווערט דער שווער ברוגז. דאָס הייסט, זאָגן זאָגט ער גאָרנישט, נאָר ער בלאָזט זיך אָן, ווי אן אינדיק, און ענטפערט נישט, כאָטש רעד צו אים צעזעצטערהייט! און אויף אים קוקנדיק — אויך די שוויגער! און וויבאלד שווער און שוויגער זענען נישט שוה=בשוה מיטן איידעם, קוקט שוין זי אויך צו אלדי שווארצע יאָר — פאָרט א בת=יחידה, איין=און=איינציקע ביי טאטע=מאמע, וואָס זיי זענען, זאָגט זי, ביי איר דאָס חיות מיט דער נשמה, און זי ביי זיי — דאָס אויג אין קאָפּ, מיט מכנות=נפשות, אזוי אז טאָמער מאכט זיך זי ווערט עפּעס נישט מיט אלעמען, איז באלד דער דאָקטאָר, באלד קערט זיך איבער די וועלט! נו, איז שוין עפּעס א חידוש, וואָס אזא נפש, ווי זי, נעמט זיך איבער און מיינט אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געוואָרן נאָר פון אירעטוועגן?

און דערצו דארפט איר וויסן, איז זי נאָך נישט איבעריק קלוג אויך. דאָס הייסט, אזוי אפילו, אז איר וועט מיט איר רעדן, איז זי, דאכט זיך נישט קיין נאר, גאָר קיין נאר נישט, מע קאָן נישט זאָגן א קלוגע, א גאנץ קלוגע, א חרוצה, א מאנסבילשער קאָפּ אויף איר! נאָר וואָס דען? אָט דאָס, וואָס זי איז צעבאלעוועט, צעפּעסטעט, א ווילדע ציג. טאָג ווי נאכט אָדער כא=כא=כא, אָדער גאָר א וואָרף געטאָן זיך אין בעט אריין און צעוויינט זיך, ווי א קליין קינד. „וואָס איז דיר? וואָס פעלט דיר? וואָס וויינסט דו? וואָס ווילסטו?“ — ענטפערט די וואנט?... מילא. וואָלט דאָס נאָך אויך געווען א האלבע צרה. א ווייב אז זי וויינט, וויינט זי אזוי לאנג, ביז זי וויינט זיך איבער! איז אָבער דער חסרון — די שוויגער. ווערט געוואיר די שוויגער, קומט זי צו לויפן אין איין אימפּעט מיטן טערקישן שאל אויף די פּלייצעס, ברעכט די הענט און לייענט מיט א נוסח פון תחינות. און א קול האָט זי, דארפט איר וויסן, פון א מאנסביל: „וואָס איז דיר, טעכטער=לעב? ווידער ער? אָט דער רוצח, דער גזלן, דער מערדער? ווינד איז מיר! וואָס ארט דאָס אים, אשטייגער, וואָס איך האָב נאָר איין אויג אין שטערן? דער בויך האָט אים ווי געטאָן? צי ער האָט בלוט פארגאָסן?“... שיט, שיט מיט רייד, ווי פון א זאק! עס ווייזט זיך מיר אויס, אז זי וועט אייביק אזוי שיטן, קיינמאָל נישט אויפהערן, און עס זיגעט מיך ביים הארצן, עס נאָגט די נשמה, און עס נעמט מיך אָן א חשק נעמען איר טערקישן שאל, צעקנייטשן מיט די הענט, צעטרעטן מיט די פיס און צערייסן אויף שטיק=שטיקלעך! כאָטש, אייגנטלעך, אז מע

וויל שמועסן צוריק, וואָס האָב איך צו איר שאַל? א שאַל ווי אַלע מערקישע שאַלן, וואָס מע ברענגט זיי צו פירן פון בראַד. אייך באַדאַרף זיין באַקאַנט די דאָזיקע מערקישע שאַלן: געמאָלטע, מיט רויטע, געלע, גרינע, ווייסע, שוואַרצע קעסטעלעך, מיט שפּרינקעלעך באַשפּרינקלט און מיט פרענזעלעך באַפרענזלט...

— זייט־זשע מוחל, יונגערמאַן! — האַק איך אים איבער סאַמע אין מיטן. — דאַכט זיך, איר האָט געזאָגט, איר ווילט זיך עפּעס אַן עצה האַלטן מיט מיר מכח אַן ענין?...

— האָט קיין פאַריבל נישט, — מאַכט ער און כאַפּט איבער דעם אָטעם, — אפשר נעם איך צו ביי אייך צייט? נאָר דאָס איז גויטיק געווען, פאַרשטייט איר מיך, טאַקע צום ענין, איר זאָלט ווערן א ביסל באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענטשן, און אַז איר וועט ווערן באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענטשן, וועט איר ערשט דעמלט פאַרשטיין די לאַגע מיינע... איז ווייבאַלד זי ווערט, חלילה, נישט מיט אַלעמען, מיינע הייסט דאָס, הויבט אָן די שווינגער וואָרטשען, און דער שווער הייסט איינשפּאַנען דאָס פאַיעטאָנדל און שיקט אַוועק נאָכן דאָקטאָר. דעם נייעם דאָקטאָר, — אַזוי טאַקע רופט מען אים ביי אונדז: „דער נייער דאָקטאָר“ — איך וויל אייך נישט פורש בשמו זיין, כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער!... און אָט דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע התונה, וואָס וועגן דעם טאַקע האָב איך אייך געוואָלט דערציילן און זיך מיט אייך אַן עצה האַלטן.

מיין פאַרשוין שטעלט זיך אָפּ אויף א מינוט, ווישט זיך אוים דאָס פאַרשוויצטע פּנים, רוקט זיך צו צו מיר מיטן בענקל א ביסל נעענטער און גרייט זיך צו דערציילן ווייטער, נעמט בשעת מעשה אין האַנט אריין א זאַד אויף צו האַלטן, מחמת ס'איז פאַראַן מענטשן, וואָס אַז זיי רעדן, מוזן זיי עפּעס האַלטן אין דער האַנט, אַנדערש קאָנען זיי נישט דערציילן קיין מעשה. ביי מיר אויפן שרייב־טיש שטייען אויסגעשטעלט פאַרשידענע זאַכלעך, ראַריטעטן, צאַצקעס, און צווישן זיי אויך א קליין וועלאָסיפּעדל, א ציגאַרנשניידער. דאָס דאָזיקע וועלאָסיפּעדל האָט אַזוי נושא־חן געווען ביים עולם, אַז איטלעכער, ווער עס קומט אריין צו מיר, איז קודם־כל נעמט ער זיך צום וועלאָסיפּעדל. אויך דעם דאָזיקן פאַרשוין מיינעם איז דאָס וועלאָסיפּעדל, אַפּנים, שטאַרק געפעלן. פריער האָט ער דאָס בשעת דערציילן באַטראַכט, נאָכדעם גענומען אין האַנט, נאָכדעם געפּרוווט דרייען די רעדלעך — הכלל, ער האָט דאָס וועלאָסיפּעדל שוין מער פון די הענט נישט ארויסגעלאָזט, און אַזוי האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן ווייטער:

— אַלזאָ, „דער נייער דאָקטאָר“. דאָקטוירים, דאַרפט איר וויסן, איז פאַראַן ביי אונדז אין שטעטל, אַזוי ווי די הינט: פאַראַן דאָקטוירים קריסטן, און פאַראַן יידישע דאָקטוירים, און דאָקטוירימלעך! פאַראַן אויך דאָקטוירים ציוניסטן, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס פאַרנעמען זיך מיט ציוניזם. נאָר דער דאָקטאָר, וואָס איך דערציי̆ל אייך, איז נאָך גאָר אַ יונגער דאָקטאָר, טאַקע אַ היימישער, אַ שניידערס אַ זון, דאָס הייסט, דער פאָטער זיינער איז געווען אַמאָל אַ שניידער — היינט איז ער שוין אויס שניידער, וואָרום ווי שטייט אים אָן זיין אַ שניידער, אַז ער האָט אַ זון אַ דאָקטאָר? מיין איך פאַרקערט: ווי שטייט אָן דעם זון דעם דאָקטאָר צו האָבן אַ טאַטן אַ שניידער, און נאָך אַזאַ מין שניידער, וואָס איז צווישן שניידערס אַ שניידער? דהיינו: אַליין איז דאָס אַ יידל, דאַרפט איר וויסן, אַ קליינס, מיט אַ וואַטאָוועס קאַפּאָטע און מיט אַ קאַסאָקע אויגל און מיט אַן איינגעבויגענעם פינגער, און אַ קול האָט דאָס, ווי אַ גרענער, און סע גייט־אַרום טאָג ווי נאַכט און סע גרעגערט: „מיין דאָקטאָר האָט דאָס נעכטן געהאַט אַ פּראַקטיקע, איי אַ פּראַקטיקע! מיין דאָקטאָר, אַז ער וויל, קאָן ער! מיין דאָקטאָר!“... ער פאַרהאַקט איטלעכן באַזונדער דעם קאָפּ מיט זיין דאָקטאָר! און דערצו איז נאָך דער דאָקטאָר, צו די צרות, דאַרפט איר וויסן, אַ ווייבערישער דאָקטאָר, דאָס הייסט, אַן אַקושער, — איז וו ערגעץ אַ סוד, פּויקט ער אויס, דער קאַסאָקע שניידער. איבער דער גאַנצער שטאָט אַז אָך און וויי איז שוין יענעם ווייבל אָדער יענעם מיידל, וואָס פאַלט־אַריין צום דאָזיקן דאָקטאָר אין די הענט און צו זיין פאָטער דעם שניידער אין מויל אַריין... עס האָט זיך אַנומלטן געטראָפן ביי אונדז אַ מעשה, אַ מיידל איז געווען ביי אונדז...

— זייט־זשע מוחל, יונגערמאַן! האַק איך אים איבער נאָך אַמאָל אין מיטן די רייד. — דאַכט זיך, איר האָט געוואָלט מיט מיר זיך עפּעס אַן עצה האַלטן?

— האָט קיין פאַריבל נישט, אפשר נעם איך צו ביי אייך צייט? נאָר איך האָב אייך אָנגעהויבן מיטן דאָקטאָר, ווייל ער איז אינגאַנצן דער מלאך־המות טאַקע! ווען נישט ער וואָלט דאָך מיר געווען גוט ווי די וועלט. וואָרום וואָס פעלט מיר, איך בעט אייך? אַז אַ ווייבל האָב איך, דאַרפט איר וויסן, אַ פאַרשוין, אַ יפת־תואר קאָן מען זאָגן, און קיין קינדער, דאַרפט איר וויסן, האָבן מיר נאָך נישט, און אַ בת יחידה איז זי, איין־און־איינציקע, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר איז דאָס אינגאַנצן אירס, מיינס הייסט דאָס, און כבוד האָב איך אויך, נישט צו פאַרזינ=

דיקן, ווערליג א נגידס אן איידעם, נישט זשעדנע, דאנקען גאָט, נישט קיין אויבן־אָן, נישט קיין מפטיר שבת און יום־טוב, נישט קיין כיבוד, אז סע מאכט זיך ערגעץ א ברית; אויך מיטן אתרוג, צו די הושענות, בין איך דער ערשטער נאָכן שווער: פריער דער חזן, געוויינטלעך, נאָכדעם דער רב, נאָכדעם דער שווער, נאָכדעם איך, נאָכדעם ערשט דער איבעריקער עולם. און אפילו אין מרחץ, להבדיל, אז איך טו מיך אויס און קום־אריין, מאכט דער בעדער א טאַ־ראראם: „לאָזט נאָר, יידן, מאכט א ווארע, דעם נגידס איידעם גייט!“ איך שווער אייך בנאמנות, אז סע איז מיר פריקרע, איך האָב עס פיינט. שייך זאָגן פיינט? חניפה האָט איטלעכער ליב, און פון כבוד זאָגט זיך קיינער נישט אָפּעט, נאָר וואָס דען? ס'איז שוין צופיל, ובפרט, אז איך ווייס, אז איך האָב עס כלל נישט פאַרדינט. וואָס איז? באשר דער שווער איז א נגיד? לאָזן זיי אים חנפהנען, לאָזן זיי אים לעקן, זייט מיר מוחל, צעזעצטער־הייט, וואָס קער זיך דאָס אָן מיט מיר? ווילדע מענטשן, זאָג איך אייך, נאָך גאָר ווילדע מענטשן, און איר באדארפט זיצן מיט זיי ווי אין געפענגעניש, וואָרום צונויפגיין זיך מיט אבי וועמען לאָזט מען מיך נישט; ווי פאסט דאָס פארן נגידס איידעם? רעדן מיטן שווער — איז נישטאָ מיט וועמען. ער איז, דארפט איר וויסן, א פראָסטער נפש, זייער א פראָסטער נפש, א גרויסער עם־הארץ, זאָל ער מיר מוחל זיין, — ווי ער הערט נישט, אזוי זאָל אים נישט שאטן. און זי — א ווילדע ציג, א בת־יחידה, ווי איך האָב אייך געזאָגט; אָט לאכט זי, און אָט וויינט זי, אָט איז כאַ־כאַ־כאַ, און אָט טוט זי זיך א וואָרף אין בעט אריין, און מע שיקט נאָכן נייעם דאָקטאָר. און דער נייער דאָקטאָר — פאַר־כאפּט זאָל ער ווערן! דערמאָן איך זיך אין אים, ווערט מיר מיאוס ומיאוס דאָס לעבן מיינס! איר מעגט מיר זיכער גלויבן, סע מאכט זיך אמאָל א צייט, אז סע ווילט זיך מיר אָדער כאפּן א מעסער און שטעכן זיך, אָדער אוועקלויפן צום טייך און טרענקען זיך — אזוי ווייט איז מיר נמאס דער דאָזיקער דאָקטאָר!

און דער יונגערמאן פארטראכט זיך, ווערט טרויעריק.

— וואָסזשע, איר זענט זי, הייסט דאָס, חושד? — זאָג איך צום יונגעמאן, און היט זיך מיט אן איבעריק וואָרט.

— חס ושלום! — מאכט ער צו מיר און כאפּט זיך אויף, ווי אן אָפּגעבריטעת, און רוקט זיך צו צו מיר נאָך נענטער. — וואָס איז שייך זאָגן, איך בין זי חושד? א יידישע טאָכטער! א כשר קינד!... איך רעד פון אים רעד איך, פון שיינעם דאָקטאָר, ברענען זאָל ער. און נישט אזוי נאָך דער דאָקטאָר, ווי דאָס שיינע

פּאָטערל זייגס, דאָס קאָסאָקע שניידערל מיט דער וואַטעווער קאַפּאָטע, פאַרשרפהט זאָל ער ווערן! ער גייט אַרום טאָג ווי נאַכט און גרעגערט און פּויקט איבער דער גאַנצער שטאָט. איר מיינט, דאָס גרעגערן האָט עפּעס אַ ממשות? בלאָטע, גאָלע גאָרנישט! עס האָט אַ צונג, און סע רעדט! סע וואָלט מיך געאַרט, מאָלט אייך, ווי דער פּאַראיאָריקער שניי. איז אָבער דער חסרון, וואָס אַ מענטש האָט אויערן, און אויערן האָבן ליב האָרכן, און אַז מע האָרכט זיך גוט צו, דערהערט מען אַזעלכעס, וואָס מע וואָלט דאָס נישט געוואָלט האָרכן. בפרט נאָך ביי אונדז אין שטאָט — אַ שטאָט, דאַרפט איר וויסן, פון גאָלע רכילותניקעס מיט לשון־הרעניקעס מיט לאַנגע צינגער, וואָס האָבן אַ שם אויף דער וועלט! נעמט מען אַריין ביי אונדז אַ מענטשן אין מויל אַריין, מעג ער זיך שוין אָפּגעזעגענען! פאַר מיר אין די אויגן, מאָלט אייך, הײט מען זיך, נאָר הינטער די אויגן האָב איך עטלעכע מאָל געהערט אַזעלכע ווערטער, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבן צוקוקן, שטאַרק צוקוקן, כאַפּן ווערטער, טאַפּן רייד, און — למאי זאָל איך זאָגן?

— איך האָב נישט אַרויסגעזען גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט, בלתי איין זאַך האָב איך אַרויסגעזען, וואָס אַז ער קומט צו גיין, ווערט זי גאָר אַן אַנדער מענטש מיט אַן אַנדער פּנים, מיט אַנדערע אויגן. דאָס הייסט, דער מענטש איז דער זעלבער מענטש, מיטן זעלביקן פּנים, מיט די זעלביקע אויגן; נאָר דער קוק איז אַן אַנדערער. איר פאַרשטייט? ס'איז גאָר אַן אַנדער קוק מיט אַן אַנדער גלאַנץ! איר מיינט, איך בין נישט קיין בעלן געווען אפשר אַ פרעג טאָן זי: „זאָג מיר נאָר, וואָס איז די מעשה, נשמה מיינע, וואָס אַז ער קומט צו גיין, ווערסטו גאָר אַן אַנדער מענטש?“ טרעפט, וואָס זי האָט מיר דערויף געענטפערט? זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַזאַ מין כאַ־כאַ־כאַ, אַז איך האָב געמיינט, איך וועל מיך באַגראָבן אַ לעבעדיקער! און טאַקע באַלד נאָכן גרויסן געלעכטער האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין מיט אַזאַ מין יללה, אַז ס'איז געקומען צו לויפן די שוויגער מיטן טערקישן שאַל און האָט זי גענומען מינטערן, און בשעת מעשה האָט זי אויסגעלייענט איר ביסל תחינות, און דער שווער האָט געכאַפּט דאָס פּאַיעטאַנדל און געשיקט נאָכן דאָקטאָר, טאַקע מיך אַליין; און אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, איז איר די רגע געוואָרן גרינגער, ס'איז איר אַריין די פאַרב אין פּנים, און די אויגן האָבן איר אָנגעהויבן גלאַנצן, ווי בריליאַנטן אַקעגן דער זון... און שטעלט אייך פאָר די שיינע לאַנגע מיינע; אַז איך באַדאַרף צו אים אַריינקומען אין שטוב אַריין, איז, מעגט איר מיר זיכער גלויבן,

גלייך ווי אויף יענער וועלט. אין גיהנום אריינצוגיין באַדאַרף זיין אסך מער גיהאָ! היינט אָנקוקן דאָס פּנים, זיינס, אַן איידל פּנימל! רויט ווי א צוויק, אזש בלווילעד, און יעדער פּרישטש, יעדער פּרישטש, באַזעצט מיט פּרישטשעס! און האָט א טבע שמייכלען — שמייכלט, ווי א פּגר אומגעוואַשן. צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט — ער שמייכלט! שטענדיק געשמייכלט, און צו איטלעכן באַזונדער איז ער צוגעלאָזט. און ווער שמועסט, צו מיר? צו מיר איז ער תּמיד צוקער=זיס און ווייך, כאָטש לייג אים צו צו א מכּה. זיין גוטסקייט צו מיר האָט נישט קיין שיעור און קיין ערך! אַנומעלטן בין איך געווען נישט אין בעסטן געזונט, געהאַט די היינטמאָדישע קרענק, די אינפלוענצע, וואָלט איר באַדאַרפט זען, ווי דער מענטש האָט זיך דאָס אָוועקגעלייגט פאַר מיר, עס איז מיר אַזש געווען איבער דער טבע! און מערקווירדיק! וואָס מער ער איז צו מיר גוט, אַזוי מער (גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן) האָב איך אים פיינט, אָנקוקן קאָן איך אים נישט, ובפרט דעמלט, ווען ער זיצט ביי אונדז און זיי קוקן זיך דורך מיט איר!... מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך קאָן אים אָננעמען פאַרן קאַרק און אַרויסוואַרפן אין דרויסן אַרויס, וואָלט מיר צוגעקומען א שטיק געזונט! איך קאָן נישט אַריבערטראָגן זיין קוקן, וואָס ער קוקט אויף איר, מיט זיין שמייכלען, וואָס ער שמייכלט צו איר. און איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט: איין מאָל פאַר אַלע מאָל — אַן עק זאָל דאָס האָבן! ביז וואַנען איז דער שיעור צו ליידן בזיונות? די גאַנצע שטאָט, דאַרפט איר וויסן, האָט שוין מיט מיר צו טאָן! קיין אַנדער עצה איז פאַר מיר נישט פאַראַן — נאָר א גט! קיין אַנדער מבוא זע איך גאָר נישט! איי, וואָס? א תּכלית? א שווער א גביר? א בת=יחידה? איבער הונדערט יאָר איינגאַנצן אירס, מיינס הייסט דאָס? א שיינע ריינע כּפּרה! עלעהיי, וואָס האָב איך געטאָן פריער? וואָס טוען א סך אַנדערע יונגעלייט? נישטאָ קיין אַנדער פּלאַן! ווי זאָגט איר? איאָ, נישטאָ קיין אַנדער פּלאַן, א חוץ גטן זיך?...

דאָ האָט מיין פאַרשווין ווידער אַמאָל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אויסגעווישט דאָס פּנים און געוואַרט אויף מיר, וואָס וועל איך זאָגן.

— איך ווייס? איך מיין אויך אַזוי, אַז ס'איז נישטאָ פאַר אייך קיין אַנדער פּלאַן, א חוץ גטן זיך. ובפרט, אַז איך זע נישט אַרויס, אַז די ליבע ביי אייך זאָל זיין אַזוי פלאַקערדיק, און קיין קינדער, הער איך, האָט איר במילא נישט, און די שטאָט רעדט, — היינט צו וואָס נוצט אייך דער גאַנצער מסחר?

די גאנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט מיין פארשווין געדרייט די רעדלעך פונעם וועלאָסיפעדל און געקוקט אויף מיר מיט זיינע שווארצע טיפע רחמנות=אויגן, און אז איך האָב אויסגעלאָזט, האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר נאָך נעענטער און אָנגעהויבן מיט א זיפץ:

— איר זאָגט: ליב האָבן... וואָס איז שייך צו זאָגן? פיינט האָב איך זי נישט. פארוואָס זאָל איך זי פיינט האָבן? איך האָב זי בפירוש ליב — ניין, טאקע שטארק ליב!... און וואָס איך זאָגט, די שטאָט רעדט? לאָז זי רעדן פון פייער און פון וואסער! מיר ברענט נאָר אויף אים, א פייער ברענט אין מיר! אויף אים און אויף איר! וואָס איז אויף איר אזא גדולה, אז זי דערזעט אים? פארוואָס, זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווערט זי נישט רויט און פריילעך, אז זי דערזעט מיך? מיט וואָס בין איך ערגער פון אים? דערמיט, וואָס ער איז א דאָקטאָר און איך נישט? מע זאָל מיך געוועזן לערנען, אזוי ווי אים, וואָלט איך אפשר אויך געוועזן א דאָקטאָר, און אפשר נאָך א גרעסערער דאָקטאָר ווי ער! איר מעגט מיר גלויבן בנאמנות, אז אין די קליינע אותיות, ווי איר זעט מיך, וועלן מיר זיך נאָך אויסגלייכן מיט אים, און אויף לשון=קודש וועל איך אים נאָך אפשר פארשטעקן אין גארטל אויך! בין איך מיך אָבער מיישב ווידער צוריק: וואָס האָב איך, איינגטלעך, אויף איר אזעלכעס דערזען, וואָס איך זאָל איר געבן א גט? איי, דער נייער דאָקטאָר? וואָס וואָלט איר געטאָן, ס'זאָל זיין אויפן אָרט פון דעם נייעם דאָקטאָר אן אנדער שווארץ יאָר? און ווו שטייט דאָס געשריבן, אז א ווייבל טאָר נישט זיין באקאנט מיט א דאָקטאָר? האָט איר אייך איין מאָל אוועק. והשנית, וואָס וועט זיין פון מיר דער תכלית, ווען, למשל, איך גט זיך מיט איר אָפּ? אז אליין, דארפט איר וויסן, בין איך א יינגל א יתום, אן עלנטער, אָן א קרוב, אָן א גוטן פריינט — גיי ווער צוריק אן אָרעם=בחור און האָב חתונה, הויב אָן נאָך אמאָל, הייסט דאָס, אלף=בית! און פון וואנען ווייס איך, אז איך וועל מאכן בעסער? טאָמער פאל איך אריין נאָך אין אן ערגערן גיהנום? ווי די מעשה איז, דאָ ווייס איך שוין מיין צרה, און בין פאָרט, ווי זאָגט איר, קרוינפרינץ, דעם נגידס איידעם, איבער הונדערט יאָר איז דאָס פאָרט אירס, מיינס הייסט דאָס... איר פארשטייט? וואָס וועל איך גיין מאכן קאָמבינאציעס, שפעקולירן? ס'איז דאָך נישט מער ווי א שפיל, א

לאָטעריע. וואָס? נישט אזוי? וואָס זאָגט איר? ס'איז נישט קיין שפּיל? נישט קיין לאָטעריע?

— איך מיין, — זאָג איך, — אויך אזוי: ס'איז א שפּיל, א לאָטעריע, אוודאי איז בעסער שלום, איידער גט זיך.

איך בין זיך מחיה, וואָס עס האָט זיך אזוי געמאכט, אז מיין עצה קומט אוים מער אויף שלום, איידער אויף גט. און איך מיין, אז איך בין שוין מיט אים פּארטיק. צום סוף כאפּט ער דאָס וועלאָסיפּעדל און ריקט זיך צו צו מיר גאנץ נאָענט און רעדט מיר גלייך אין פּנים אריין:

— שלום? איר זענט אפשר גערעכט. איך דערמאָן מיך אָבער אָן א י ם, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, אָן דעם דאָקטאָר, הייסט דאָס, מיטן פּרישטשעוואַטע פּנים! דער טאטע זיינער, דער קאַ־סאָקע שניידער, דארפט איר וויסן, גייט ארום סיי־ווי־סיי און פּויקט איבערן שטאָט, אז דעם נגידס טעכטערל האלט ביי גטן זיך. איר פאַרשטייט א נידעריקייט פון א פּאלגע? נעכיי־בי וואָלט ער כאָטש נישט געפּויקט! איז וויבאלד מע רעדט שוין דערפון אין שטאָט, הייגט וואָס האָב איך דאָ אָנצוווערן? ווי זאָגט מען: דאָס שארבן וועט שוין שארבנדיקער נישט ווערן. כל־זמן עס איז נאָך געווען בסוד, איז גאָרנישט, א קניפּ אין באק — די פארב זאָל שטיין, אָבער איצט, אז אלע רעדן שוין וועגן גט, איז שוין מיר אליין, דאכט מיר, א גראָבקייט, וואָס איך האלט זיך. עס איז שוין קיין אנדער ברירה נישט פאַראן, א חוץ גט. הא? וואָס זאָגט איר? נישט אזוי?

— איך מיין, — זאָג איך, — אויך אזוי. וויבאלד אלע וויסן שוין און אלע רעדן שוין וועגן גט, איז דאָס פון אייך שוין גראָבלעך, און איר האָט שוין טאקע קיין אנדער ברירה נישט, א חוץ גט.

— האלט איר, הייסט דאָס — מאכט ער צו מיר און רוקט זיך צו מיטן בענקל כמעט אויף מיר — האלט איר, הייסט דאָס, אז איך באַדאַרף איר דורכווים געבן גט? באַקלערט נאָר די זאך אקוראט. למשל, איר זענט דער רב, און איך קום צו אייך מיט מיין ווייב זיך גטן, און איר טוט מיך א פרעג: „זאָג מיר, יונג־ערמאַן, פאַרוואָס גטסט דו זיך מיט דיין ווייב?" וואָס קאָן איך אייך דערויף ענטפערן פאר א תשובה? באַשר, וועל איך אייך ענטפערן, זי קוקט אויפן דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר קוקט אויף איר. נו? האָט דאָס א טעם? פרעג איך אייך! זאָל איך זיי גיין פאַרשטעלן די אויגן? און וואָס פאר א פּנים וועל איך דערמלט האָבן פאר דער וועלט? אדרבא? זאָגט שוין איר אליין! גענומען

און אָפּגעגעט א ווייבל א יפת־תואר, א בת־יחידה, א נגידס א קינד, איבער הונדערט יאָר אינגאנצן אירם, מיינס הייסט דאָס... וואָס? וואָס וועט זאָגן די וועלט? משוגע! הא, וואָס? אפשר נישט אזוי? איאָ, פריש און געזונט און משוגע?

—איך זאָג אויך אזוי: פריש און געזונט און משוגע.

דאָ האָט מיין פארשוין זיך צוגערוקט צו מיר שוין אזוי נאָענט, אז אונדזערעביידעס פיס זענען אויסגעקומען איניינעם, ווי צונויפגעפלאָכטן, און אויפן אָרט פונעם וועלאָסיפּעדל, וואָס ער האָט דאָס געפטרט, האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס טינטערל מיינס. ער האָט א זיפץ געטאָן און ווידער גערדרשנט:

—אייך איז גרינג צו זאָגן אויף יענעם: פריש און געזונט און משוגע! איך וואָלט א בעלן געווען וויסן, וואָס וואָלט איר געטאָן, למשל. ווען עס טרעפט זיך מיט אייך אזא מעשה? דאָס הייסט, ווען איר האָט א שווער א גראָבן יונג, א שווינגער מיט א טערקישן שאַל, וואָס זי האלט אין איין וואָרטשען, און א ווייב, וואָס זאָל זיין געזונט און שטארק און זאָל זיך כסדר דאָקטערן, און די שטאָט זאָל אויף אייך טייטן מיט די פינגער: „אָט גייט ער, דער יונגערמאן פון דער ציג!" מיר דאכט, אז איר וואָלט אין מיטן האלבע נאכט זיך אויפגעכאפט, אָפּגעגעט און אנטלאָפן, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט. וואָס, אפשר נישט אזוי?

—איך מיין, — זאָג איך, — אויך אזוי, אז איך וואָלט אין מיטן האלבע נאכט זיך אויפגעכאפט, אָפּגעגט און אנטלאָפן, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט.

—אוודאי איז אייך גרינג צו זאָגן — מאכט ער — אויפגעכאפט, אָפּגעגעט און אנטלאָפן, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט! גלאט גערעדט „אנטלאָפן!" וואָס אנטלאָפן? ווער אנטלאָפן? ווהין אנטלאָפן? אין דער ערד אריין?... און דאָס, וואָס זי איז א בת־יחידה... איין־און־איינציקע... איבער הונדערט יאָר אינגאנצן אירם, מיינס הייסט דאָס?... דאָס איז גאָרנישט?... און גלאט, וואָס האָב איך צו איר? וואָס האָב איך צו איר?... ניין, זאָגט מיר: וואָס האָב איך צו איר?...

—איך מיין, — זאָג איך, — אויך אזוי: וואָס האָט איר צו איר?

—סטייטש, זאָגט ער, נו, און דער דאָקטאָר? דעם דאָקטאָר האָט איר פארגעסן?! כל־זמן איך זע דעם דאָזיקן מלאך־המות פאר די אויגן, קאָן איך זי נישט זען, קאָן איך אויף איר פנים נישט קוקן!

—וויבאלד אזוי, — זאָג איך, — מוזט איר זיך גטן.

— וואָסזשע, זאָגט ער, וועט זיין דער תּכלית? וואָס קאָן אזא יונגערמאן, ווי איך, טאָן ביי היינטיקע ביטערע צייטן? אדרבא, זאָגט איר! זייט א ייד א חכם!

— דארף מען זיך, זאָג איך, נישט גטן!

— נישט געטן? נו, און דער דאָקטאָר? כּל־זמן...

— דארף מען זיך גטן! — זאָג איך און וויל מאכן אן עק.

— גטן? וואָסזשע איז פאר א תּכלית? סטייטש...

— איז נישט גטן!

— נו, און דער דאָקטאָר?...

איך וויים נישט, וואָס מיט מיר איז אזעלכעס געשען. עס האָט מיר א זעץ געטאָן דאָס גאנצע בלוט אין קאָפּ אריין, ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך האָב אָנגעכאפּט מיין פּארשוין פארן גאָרגל, אים צוגעקוועטשט צו דער וואנט און נישט מיט מיין קול געשריגן:

— גטן זי זאָלסט דו, ממזר! גטן זי! גטן זי!!!

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

אויף אונדזער ביידנס געשריי האָט זיך צונויפגעלאָפן מיין גאנץ הויז־געזינד. וואָס איז? וואָס איז דאָ געשען? — גאָרנישט! גאָרנישט! דערזען מיין טויט פּנים אין שפּיגל, האָב איך זיך אליין נישט דערקענט. און ביי מיין פּארשוין האָב איך נאָכדעם עטלעכע מאָל געמוזט בעטן מחילה, אים געקוועטשט די האנט, אָנגעזאָגט טויזנט מאָל, ער זאָל פארגעסן וואָס צווישן אונדז איז פּאָרגעקו־מען... „עס מאכט זיך אמאָל, האָב איך אים געזאָגט, אז א מענטש גייט־ארויס פון די כּלים". מיין יונגערמאן איז געווען א ביסל מבולבל, ווי צעמישט, מודה געווען, אז א מענטש איז נישט ביי זיך אין די הענט, עס מאכט זיך, אז א מענטש גייט ארויס פון די כּלים... און מיט דעם זעלבן „בואי־בשלום", וואָס ער איז אריינגעקומען צו מיר, איז ער ארויסגעגאנגען פון מיר: דאָס זעלבע בויגן זיך, די זעלבע עטלעכע טריט צוריק, די זעלבע רע־ווערענסן דאָס זעלבע רייבן מיט די הענט.

— האָט קיין פאריבל נישט, טאָמער האָב איך ביי אייך צו־גענומען צייט, און א דאנק פאר דער עצה... א גרויסן דאנק אייך... און זייט געזונט!

— נישטאָ פאר וואָס... פאָרט געזונט.

# צוויי אנטיסעמיטן*

## א.

מאקס בערליאנט איז א געררוויכערטע ליולקע. ער פֿאָרט פֿון לאָדזש קיין מאָסקווע און פֿון מאָסקווע קיין לאָדזש עטלעכע מאָל אין יאָר. ער איז באַקאַנט מיט אַלע בופֿעטשיקעס אויף די וואָקזאַלן אויסגעבוגדן מיט אַלע קאָנדוקטאָרן, געווען שוין אין די טיפֿע גובערניעס, דאָרט וווּ א ייד טאָר נישט זיין מער ווי פֿיר און צוואַנציק שעה, געשוויצט אין אַלע אוטשאַסטקעס, אויסגעשטאַנען אונטערוועגנס גענוג בזיונות, נישט איין מאָל זיך געערגערט, אָפּגעגעסן דאָס האַרץ — און אַלץ איבערן יידנטום. דאָס הייסט, נישט איבער דעם, וואָס ס'איז פֿאַראַן א יידנטום, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער אַליין איז, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, א ייד; און נישט אַזוי דערפֿאַר נאָך, וואָס ער איז א ייד, ווי דערפֿאַר, וואָס ער האָט, מחילה, א יידיש אויסזען. אָט דער צלם אלקים — אוי, דער צלם אלקים! אויגן שוואַרצע, גלאַנצנדיקע, האָר אויך שוואַרצע, גלאַנצנדיקע — אמתע סעמיטישע האָר; אַן אויסשפּראַך, א געהרגעטע, אַן עכטע א יידישע, מיט א חי״ש, און דערצו א נאָז — אוי, א נאָז!

און ווי אויף צו-להכעיס, איז אונדזער העלד באַשטראָפֿט מיט א מין פּראָפֿעסיע (ער איז א קאָמיוואָיאַזשאָר), וואָס ער מוז זיך אַרומפֿירן מיט דער נאָז איבער דער וועלט, און דווקא רעדן, און דווקא א סך רעדן — מע זאָל אים זען, הייסט עס, און מע זאָל אים הערן, קורץ — ס'איז אויף אים א רחמנות.

אמת, אונדזער העלד האָט זיך נוקם געווען אין דער באָרד. אָנגעטאָן זיך און אויסגעפוצט, טאקע נאָר ווי א כלה, פארדרייט די וואָנסעם ארויף, זיך פארלאָזט א לאנגן נאָגל און געטראָגן א שניפּס „אשר לא שניפּסו אבותינו“, זיך צוגעוווינט צו די מאכלים וואָס אויפן וואָקזאל, אויסגעלאָזט זיין גאנץ בּיטער הארץ צום דבר=אחר (ס'זאָל אים אָגגיין, דעם חזיר, כאָטש האלב, וואָס מאקס האָט אים געווינטשעוועט, בשעת ער האָט אים פארזוכט צום ערשטן מאָל), און וואָס טויג אייך גרוים? ער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און אָנגעהויבן עסן ראקעס.

פארוואָס זאָג איך „ער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן?“ ווייל אייערע שונאים זאָלן אזוי וויסן פון זייער נאָז, ווי מאקס בערליאנט האָט אפילו אָנגעהויבן צו וויסן, ווי אזוי מען איז זיך נוהג מיט ראקעס: צי מע שניידט זיי מיט א מעסער? צי מע שטעכט זיי מיט א גאָפּל? צי מע עסט זיי גאנצערהייט?

און פונדעסטוועגן, נאָך די אלע גליקן, קאָן זיך מאקס בערליאנט נישט אויסבאהאלטן מיט זיין יידישקייט — נישט פון אייגענע, נישט פון פרעמדע. מע דערקענט אים, ווי א בייזן שילינגער, פונקט אזוי ווי דעם פארשאָלטענעם קין, און מע גיט אים צו וויסן אויף יעדן טריט און שריט, ווער ער איז און וואָס ער איז. קורץ — ס'איז אויף אים א גאָטס רחמנות!

ב.

נאָך אויב מאקס בערליאנט איז געווען אן אומגליקלעכער מענטש ביז קישיניעוו, איז נאָך קישיניעוו נישט געווען צו אים קיין גלייכן. טראָגן אין זיך טיף אין הארצן א גרויסן ווייטיק און שעמען זיך מיט אים — דאָס איז א מין גיהנום, וואָס נאָר דער קאָן אים פארשטיין, ווער עס פילט אים. מאקס האָט זיך געשעמט מיט קישינעוו, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען זיין קישינעוו... און טאקע עפּעס גאָר ווי אויף צו=להכעים, האָט מען אים פונקט אין יענער צייט, וואָס נאָך קישינעוו, ארויסגעשיקט אהין, אין יענע מקומות, קיין בעסאראביע, און ער האָט געפילט, אז דאָ הייבט זיך אָן פאר אים א נייער גיהנום. קארג האָט ער זיך אָנגעהערט פון די דאָזיקע שיינע מעשיות דאָרט ביי זיך אינדערהיים? קארג האָט אים געקאָכט דאָס הארץ, פארלאָפן מיט בלוט, אויף די רציחות, וואָס מע האָט אזעלכעס נישט געהערט אויף דער גאנצער וועלט? ער וועט דען פארגעסן יענעם טאָג, בשעת איינמאָל אין שול האָט מען געמאכט אן „אל=מלא=רחמים“

אויף די „הרוגי־קישיניעוו“? אלטע יידן האָבן דערמלט געוויינט, ווייבער זענען געפאלן חלשות...

געוויס האָט זיך אייך געטראָפן אמאָל פאָרן אין באן פארביי אן אָרט פון א „קאטאסטראָפע“. איר ווייסט טאקע גאנץ גוט, אז איר קאָנט זיצן רואיק: נאָך אמאָל אזא אומגליק, א קאטאסטראָפע, אויף דעם זעלבן אָרט וועט זיך נישט טרעפן. נאָר איך דערמאָנט זיך, אז אָט־אָ־דאָ האָבן נישט לאנג געקאטשעט זיך בארג־אראָפ איין וואגאָן נאָכן אנדערן, און דאָ האָבן מענטשן געליינט דעם קאָפ, דאָ האָבן געטרישטשעט ביינער, גערונען בלוט, געשפריצט מארך — איר זענט זיך מחיה, אז איר פאָרט אריבער דאָס אָרט בשלום...

מאקס האָט געוווסט, אז דאָ, אין די מקומות, וועלן זיין א סך דבורים. מיט מימרות, מיט מעשיות, מיט זיפצן, מיט קרעכצן פון אייגענע, און אָנצוהערענישן מיט שטעכווערטלעך פון פרעמדע; און וואָס נעענטער ער איז געווען צו יענע מקומות, האָט ער אלץ מער געזוכט מיטלען, ווי אזוי צו אנטלויפן, אויסבאהאלטן זיך פון זיך אליין...

געקומען שוין גאָר נאָענט, האָט ער תחילת געוואָלט בלייבן זיצן אין וואגאָן אליין. נאָכדעם האָט ער זיך בארעכנט און איז דווקא אראָפגעשפרונגען מיט נאָך פאסאזשירן אויפן וואָקזאל, דווקא צוגעגאנגען צום בופעט מיט א ברייטקייט, ווי א מענטש, וואָס איז אים שטארק אויפגעלייגט אויפן הארצן, דווקא געמאכט א שנעפסל, פארביסן מיט די אלע גוטע זאכן, וואָס א ייד טאָר נישט, פארטרונקען מיט א גלעזל ביער, פארדרויכערט א ציגאר און איז צוגעגאנגען צו דער שאפע, ווו מע פארקויפט ביכער און צייטונגען, און דערזען ליגן דאָס געוויסע שיינע אנטיסעמיטישע בלאט פונעם געוויסן שיינעם אנטיסעמיט קרושעוואן מיטן געוויסן שיינעם נאָמען „ב ע ס א ר א ב ע ץ“. דאָרט, אין יענע מקומות, דארפט איר וויסן, ווו עס באקט זיך דאָס דאָזיקע שיינע בלאט, ליגט זיך עס גאנץ רואיק: קיינער נעמט דאָס נישט אין האנט אריין; די דאָרטיקע יידן נעמען דאָס נישט, ווייל ס׳איז „מוקצה מחמת מיאוס“, און נישט־יידן האָט זיך עס שוין צוגעגעסן. ליגט זיך עס דערפאר בשלום אין שאפע און דערמאָנט נאָך דעם עולם, אז ס׳איז פאראן אויף דער וועלט איינער א קרושעוואן, וואָס רוט נישט, וואָס שלאָפט נישט און וואָס זוכט מיטלען, ווי אזוי צו באהיטן און באוואָרענען און באשירעמען די וועלט פון דער געפערלעכער קרענק, וואָס מע רופט זי „יידישקייט“.

מאקס בערליאנט איז געווען דער איינציקער, וואָס איז צוגעגאנגען צו דער שאפע און האָט זיך געהייסן געבן א גומער „בעסאראבעץ“. צוליב וואָס, למשל? אפשר צוליב דעם אייגענעם טעם, וואָס ער האָט זיך געהייסן דערלאנגען ראקעס? און אפשר האָט ער טאקע געוואָלט זען, וואָס שרייבט עפּעס אזא כּלב שבּכּלבים וועגן יידן? ס'איז א סברה, זאָגט מען, אז דאָס רוב אנטיסעמיטישע בלעטער לייענען סעמיטן, דאָס הייסט, מיר אליין טאקע מיט אונדזער כּבוד... די באלעבאטים פון די בלעטער ווייסן דאָס גאנץ גוט און גייען מיט דעם גאנג, אז „דער ייד איז טריפה און דער גראָשן איז כּשר“...

בקיצור, אונדזער מאקס האָט געהאנדלט א גומער „בעסאראבעץ“. אריינגעגאנגען מיט אים אין וואָגן אריין, אויסגעצויגן זיך איבער דער באנק און איבערגעדעקט זיך מיטן בלאט, ווי מע דעקט זיך איבער, למשל, מיט א קאָלדערע אָדער מיט א פּלעד, און בשעת מעשה איז אים דורכגעפלויגן א מחשבה:

„וואָס וועט זיך, א שטייגער, קלערן א ייד, למשל, אז ער וועט צוגיין און דערזען א מענטשן ליגן אויסגעצויגן און איבערגעדעקט מיט א „בעסאראבעץ“? געווים וועט שוין קיינעם נישט קומען אויף די געדאנקען, אז דאָ ליגט א ייד... אן אידעע, כ'לעבן, א טייער מיטל אויף פּטור צו ווערן פון יידן און בלייבן אקעגן נאכט אויסגעצויגן איינער אליין, ווי א שׂררה, אויף א גאנצער באנק“...

אזוי האָט זיך געטראכט אונדזער העלד, און בכדי ס'זאָל שוין טאקע קיין בן=אָדם נישט וויסן, ווער דאָ ליגט, האָט ער זיך איבערגעדעקט מיטן „בעסאראבעץ“ איבערן פּנים, פארשטעלט די גאָנצע אויך, מיט די אויגן, מיט די האָר, מיטן גאנצן צלם=אלקים, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט א בילד, ווי אזוי ביינאכט קריכט א ייד מיט א סך פּעקלעך אין וואָגן אריין זוכט נעבעך אן אָרט אויף צו זעצן זיך, דערזעט ער, עס ליגט א פארשוין מיט א גומער „בעסאראבעץ“ איבערגעדעקט — געווים א פּריץ, און געווים א רשע אן אנטיסעמיט, און אפשר טאקע קרושעוואַן אליין — שפּרינגט ער אוודאי נעבעך אָפּ, דער ייד מיט די פּעקלעך, שפּייט אויס דריי מאָל, און ער, מאקס, בלייבט אליין, איינער אליין, ווי א גראף, איבער דער גאנצער באנק. כא=כא=כא, כ'לעבן א טייער מיטל, נאָך בעסער ווי א מענטש זאָל פּלוצים אין וואָגאָן באקומען די כאָלערע!...

דער דאָזיקער פּלאן געפעלט אונדזער מאקסן אזוי שטארק, אז ליגנדיק אונטערן „בעסאראבעץ“, צעלאכט ער זיך אזש, און

א מענטש — דארפט איר וויסן, אז ער האָט איבערגעביסן, פארטרונקען מיט א גלעזל ביער, פארדויכערט א ציגאר און ליגט אקעגן נאכט אין וואגאָן איינער אליין אויף א גאנצער באנק, אויסגעצויגן ווי א גראף, איז אים גוט צו לאכן...

שאט, לאָז זיין שטיל. אונדזער העלד מאקס בערליאנט, דער קאָמיוואָיאזשאָר, וואָס פאָרט פון לאָדזש קיין מאָסקווע און פון מאָסקווע קיין לאָדזש, ליגט איינער אליין אויף א באנק, צוגעדעקט מיט א נומער „בעסאראבעץ“, און כאפט א דרימל. לאָמיר אים גישט שטערן.

ג.

מאקס בערליאנט איז טאקע א ייד א חכם, נאָר היינטיקס מאָל האָט ער דווקא נישט געטראָפן. ס'איז טאקע אריינגעקומען אין וואגאָן א פארשוין, א גראָבער, א געזונטער, א פארסאפעטער, מיט עטלעכע טשעמאָדאנעס, איז טאקע צוגעגאנגען צו מאקסן, טאקע באטראכט אים, ווי ער ליגט דאָס איבערגעדעקט מיט א נומער „בעסאראבעץ“, נאָר ער האָט נישט אויסגעשפּיגן דריי מאָל און איז נישט אָפּגעשפּרונגען. ער איז נאָר געשטאנען און האָט באטראכט דעם דאָזיקן נפש, דעם אנטיסעמיט מיט דער סעמי־טישער נאָז (בשעת שלאָפן האָט זיך דאָס בלאט אביסל אראָפּגע־גליטשט, און די הרפּה, די נאָז הייסט עס, האָט זיך אנטפּלעקט און ארויסבאוויזן ביי אונדזער העלד מיט איר גאנצן פּראכט און גלאנץ).

געשטאנען עטלעכע מינוט מיט א שמייכל אויף די ליפּן און אוועקגעלייגט די טשעמאָדאנעס אויף דער צווייטער באנק, וואָס אקעגן מאקסן, האָט זיך אונדזער נייער פארשוין ארויסגעכאפּט אויף א פּאָר מינוט אויפן וואָקזאל, אריינגעקומען צוריק אויך מיט א נומער „בעסאראבעץ“, אויפגעבונדן א טשעמאָדאן, ארויס־באקומען פון דאָרטן א קישעלע מיט א קאָלדרע, מיט א פּאָר שטעקשיך, מיט א פלעשל אָדעקאָלאָן, זיך געמאכט גאנץ היימיש אויסגעצויגן זיך איבער דער באנק און איבערגעדעקט זיך מיטן „בעסאראבעץ“, פּונקט אזוי ווי אונדזער מאקס בערליאנט, גע־לעגן און געדרויכערט, געקוקט אויף מאקסן און געשמייכלט, צוגע־מאכט פריער איין אויג, נאָכדעם דאָס אנדערע, אָנגעהויבן פאַ־וואָלינקע דרימלען.

מיר לאָזן שלאָפן אונדזערעביידע „בעסאראבצעס“, א באנק קעגן א באנק; מיר ווילן באקאנט מאכן דעם לעזער מיט דעם צווייטן פארשוין, ווער ער איז און וואָס ער איז.

ער איז א גענעראל... נישט קיין גענעראל פון דער מלחמה און נישט קיין גענעראל־גובערנאטאָר, נאָר א גענעראל־אינספּעקטאָר, אן אגענט, הייסט דאָס, פון א געזעלשאפט. הייסן הייסט ער ניעמטשיק, דער נאָמען זיינער איז חיים, נאָר שרייבן שרייבט ער זיך אלבערט, און רופן רופט מען אים פעטי.

אין פלוג, קומט דאָך אויס אפילו אביסל ווילדלעך: מילא, אז פון חיים וואקסט אויס אן אלבערט — פארשטייט זיך נאָך; וואָרום למאי ווי אזוי ווערט ביי אונדז פון וועלוול „וולאדימיר“, פון ישראל „איסידאָר“ און פון אברהם „אוואקום“? נאָר ווי אזוי איז דאָס געוואָרן פון חיים „פעטי“? מוז מען זיך, אלזאָ, אריינלאָזן אביסל אין חקירה, זיך פארטיפן אין חכמת הלשון און גיין מיטן שכל־הישר: ראשית חכמה, ווארפן מיר ארויס די חית פונעם „חיים“. נאָכדעם בעטן מיר מחילה די צוויי „יודן“ מיט דער „מם“ — בלייבט שוין נאָר איבער די „אלף“ אליין. שטעלן מיר צו צו דער „אלף“ נישט מער ווי א „למד“ מיט א „בית“ מיט א „עין“ מיט א „ריש“ מיט א „טית“ — מאכט דאָס נישט אלבערט? נו, און פון אלבערט ווערט שוין במילא אלבערטי בערטי, בעטי, פעטי.

Sic transit gloria mundi.

אָט אזוי, הייסט דאָס, ווערט פון א קאטשקע אן אינדיק.

בקיצור — אונדזער פארשוין הייסט פעטי ניעמטשיק און איז א גענעראל־אינספּעקטאָר און פאָרט אויס די וועלט, ווי מאקס בערליאנט; נאָר ער איז בטבע שוין גאָר אן אנדער מין נפש: א לעבעדיקער, א פריילעכער, א בארעדעוודיקער. און כאָטש ער הייסט פעטי און איז א גענעראל־אינספּעקטאָר, פונדעסטוועגן איז ער א ייד גלייך מיט אלע יידן, און האָט ליב א יידן, ליב צו דערציילן מעשיות און אנעקדאָטן פון יידן.

פעטי ניעמטשיק מיט זיינע אנעקדאָטן האָט א שם אויף דער וועלט. איין שטיקל חסרון, וואָס וו ערגעץ אן אנעקדאָט, האָט זיך עס, זאָגט ער, געטראָפן מיט אים אליין טאקע, און בשעת מעשה שווערט ער אייך אָפּ מיט כל השבועות שבעילם, און אלע מאָל טרעפט זיך מיט אים דער אנעקדאָט אין אן אנדער אָרט; ער פארגעסט פון איין מאָל צום אנדערן. די משמעות, אז פעטי ניעמטשיק דער גענעראל־אינספּעקטאָר, איז אביסל געכאפּט אויף דער עברי, דאָס הייסט, ער איז א שטיקל בעל־מגזם, אָדער, ווי מע רופט דאָס אין אונדזערע קאנטן, ער איז, מחילה, א ליגנער.

האָט קיין פּאריבל נישט, וואָס מיר דריקן זיך אויס אזוי גראָב; עס וואָלט, אייגנטלעך, געווען גענוג, מיר זאָלן זאָגן אויף אים, אז ער איז אן אגענט, און וואָס אן אגענט איז — ווייסט איר דאָך אליין...

ארייננעקומען אין וואַגאָן און דערזען אוגדזער מאקס בערליאנט ליגן אויסגעצויגן אויף דער באנק, איבערגעדעקט מיט א נומער „בעסאראבעץ“. און דערקענט נאָך דער נאָז, אז דער פּאַרשוין איז קיין שום מחותן נישט מיט קרושעוואנען און מיט זיין שיינעם „בעסאראבעץ“, איז די ערשטע מחשבה זיינע געווען:

— אן אנעקדאָט!... א נייער אנעקדאָט!... ער וועט שוין האָבן, מיט גאָטס הילף, וואָס צו דערציילן און דערציילן!

און פּעטי ניעמטשיק האָט זיך אראָפּגעכאפּט אויפן וואָקזאל, האָט זיך באוואָרנט אויך מיט א נומער „בעסאראבעץ“ און האָט זיך אוועקגעלייגט אקעגן מאקסן — זעען וואָס דאָ וועט זיין? — און איז אויך אנטשלאָפן געוואָרן...

אצינד לאָזן מיר איבער דעם „בעסאראבעץ“ נומער צוויי, דאָס הייסט, דעם גענעראל=אינספּעקטאָר פּעטי ניעמטשיק, און קערן זיך אום צוריק צום „בעסאראבעץ“ נומער איינס, דאָס הייסט, צום קאָמיוואָיאזשאָר מאקס בערליאנט.

ד.

מאקס בערליאנט האָט געהאט א שווערע נאכט... אפּנים, עס האָבן אים געערדט די מאכלים, וואָס ער האָט געכאפּט אויפן וואָקזאל, מחמת עס האָבן זיך אים געפּלאָנטעט משונה=מאָדנע ווילדע חלומות. למשל, עס האָט זיך אים געדאכט, אז ער איז נישט מאקס בערליאנט — אז ער איז גאָר קרושעוואן, דער רעדאקטאָר פונעם „בעסאראבעץ“, און אז ער פאָרט נישט אין וואגאָן, נאָר רייטנדיק אויף א דבר=אחר, און א ראק, א רויטער ראק, א געקאָכטער, ווינקט צו אים מיט די הערנער, און עס הערט זיך פון ערגעץ א געוויין: „קישיניעוו!“... און ווי עפּעס א ווינטל בלאָזט אים אין די אויערן, און ער הערט א שעלעשטשען פון בלעטער אָדער פון ווייבערישע קליידלעך, און ער וויל עפענען איין אויג און קאָן נישט, און ער טאפּט זיך ביי דער נאָז — נישטאָ קיין נאָז, קיין סימן פון קיין נאָז; אויפן אָרט פון דער נאָז טאפּט ער אָן א „בעסאראבעץ“, און ער ווייסט נישט ווו ער איז. ער וויל זיך רירן און קאָן נישט, ער פילט, אז דאָס איז א חלום, נאָר ער קאָן נישט גובר זיין דעם שלאָף, ער קאָן

נישט געוועלטיקן אויף זיך, ער קאָן נישט! ער ליגט און ליידט גרויסע יסורים, ער איז ווי אין דער הינערפּלעט. ער פילט, אז עס גייען אים אויס די כוחות. נעמט ער זיך אָן מיטן לעצטן ביסל קראפט און לאָזט א שטילן קרעכץ, וואָס נאָר ער אליין קאָן אים הערן, און עפנט אויף א שטיקל אויג, קוים-קוים וואָס ער זעט, און דערזעט א שטראל פון א ליכט און געשטאלט פון א מענטשן, וואָס ליגט אויסגעצויגן אקעגן אים, אויך אייגער אליין, ווי ער, אויף א גאנצער באנק, און אויך איבערגעדעקט, ווי ער, מיט א נומער „בעסאראבעץ“, — און אונדזער מאקס ווערט גבהל ונשתומם: עס מאָלט זיך אים אויס, אז דאָס זעט ער טאקע זיך אליין אויסגעצויגן אויף יענער באנק, און ער קאָן בשום אופן נישט פארשטיין דעם שכל, ווי קומט ער, מאקס, אהין, אויף יענער באנק? און ווי אזוי זעט דאָס א מענטש זיך אליין אָן א שפיגל?... ער פילט, אז איינציקוויין שטעלן זיך אים די האָר קאפויר...

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הייבט אָן אונדזער מאקס קומען צו די געדאנקען און פארשטיין, אז יענער, וואָס ליגט דאָרט אויף יענער באנק, איז נישט ער, מאקס, נאָר אן אנדערער. איז אים אָבער קשה: פון וואנען האָט זיך גענומען אהער דער דאָזיקער פארשוין, און גראָד אקעגן אים, און גראָד ביט א „בעסאראבעץ“?

אונדזער מאקס האָט קיין צייט נישט ווארטן ביז טאָג, און עס ווילט זיך אים טרעפן דאָס רעטעניש וואָס גיכער, און טאקע שוין, און טאקע באלד; און ער טוט זיך א ריר און הייבט אָן צו שעלעשטשען מיטן בלאט, און דערהערט, אז יענער פארשוין, וואָס אויף יענער באנק, טוט זיך אויך א ריר און שעלשטשעט אויך מיטן בלאט. בלייבט ער שטיל און קוקט זיך איין נאָך שטארקער, און דערזעט, ווי יענער פארשוין, וואָס אויף יענער באנק, קוקט אויף אים מיט א האלבן שמייכל. און אונדזערע ביידע „בעסאראבעץ“ ליגן איינס אקעגן דאָס אנדערע, און קוקן איינס אויפס אנדערע, און מע שווייגט. ביידע אנטיסעמיטן חלשן, גייען-אויס ווילן, ווער מע איז; נאָר מע האלט זיך איין מיט אלע כוחות און מע שווייגט. פאלט פּעטי אויף א שכל און הייבט אָן אויסצופייפן שטילערהייט א באקאנטן יידישן מאָטיוו פון א באקאנטן יידיש לידל:

„אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל“...

און מאקס האלט אים אונטער אויך שטיל און אויך מיט א פייפן:

„און אין שטוב איז הייס“...

זעצן זיך אוועק פּאוואָלינקע אונדזערעביידע אנטיסעמיטן, ווארפן אראָפּ פון זיך די „בעסאראבעץ" און לאָזן אויס ביידע דעם באקאַנטן יידישן מאָטיוו פונעם באקאנטן יידישן לידל, שוין נישט מיט קיין פייפן, נאָר מיט ווערטער ממש:

„און דער רבי ערנט
מיט די קינדערלעך
דעם אלף־בית"...

# חרוסת

א.

— מויד! מע וועט אמאָל דערלעבן זען דיך אָנגעטאָן, צי ניין? נעם דאָס גלעזערנע טעלערל און גיי זיך דורך צום פעטער יאָסין, וועסטו ברענגען הרוסת. אז דו וועסט אריינקומען צום פעטער יאָסין, זאָלסטו זאָגן: „דער באלעבאָס מיט דער באלעבאָסטע האָבן אייך געשיקט זאָגן, איר זאָלט דערלעבן איבער א יאָר, און געבעטן, איר זאָלט זיי געבן חרוסת. וועסט שוין געדענקען, וואָס מע זאָגט דיר אָן? צי מע דארף דיר איבערחזרן נאָך אמאָל צוואָנציק?“

— ס'איז נישט אזוי שווער, מע זאָל דאָס נישט געדענקען אויף אויסנווייניק.

און לאה די מויד (אזוי האָט מען זי גערופן אין דער דינסט, כאָטש ביי זיך און ביי אירע באקאנטע האָט זי געהייסן „ליזא“) האָט זיך געאיילט אָנטאָן יום־טובדיק, און כאָטש דער גאנצער אָנטאָן אירער איז באשטאנען נישט מער ווי אין א ציצן קליידל מיט א קאָפּטל, נייע שיך און א סטענגע אויף די האָר, פונדעסט־וועגן באָבערט זי זיך שוין ווייס איך וויפל צייט און איז נאָך אלץ נישט פארטיק. ס'איז תמיד אזוי: אז מע וויל גיך, גערדויערט עס, און אז מע שלאָגט האלדז־און נאקן, פאלט פון די הענט. ליזא (לאָמיר איר טאָן צוליב און רופן זי אזוי, ווי איר געפעלט) האָט זיך אָנגעטאָן יום־טובדיק און איז צוגעגאנגען צו דער באלעבאָסטע ווייזן, אז זי איז פארטיק. די באלעבאָסטע (אביסעלע

שפּעטער וועלן מיר זיך מיט איר באקענען נענטער) האָט געגעבן א פּליעסק מיט די הענט:

— זע נאָר, ווי זי האָט זיך אויסגעסטראָצלט! א ריינע פּרינ־צעסין! פּסנו! קיין עין־הרע! קיין בייז אויג! פאַרגויז געזונט און גיב כאָטש אכטונג אויף די שיך, זאָלסט נישט אריין מיט זיי אין א קאַליוזשע! און דאָס קליידל, נישקשה, מעגסטו אויך אונ־טערהייבן אין דער בלאָטע. ס'איז פאר מיין געלט, וואָס דו האָסט ביי מיר פארדינט, מעג איך דיר, דאכט זיך זאָגן א דעה, צי ניין?

ליזא האָט גענומען דאָס גלעזערנע טעלערל און איז אוועקגע־גאנגען נאָך חרוסת אָן ווערטער. וואָס ווען זי איר ענטפערן, אזא „פּערעוואריכע“, אז זי פארשטייט אפילו נישט, אז דאָס געלט, וואָס די דינסט האָט ביי איר פארדינט, געהער צו דער דינסט, נישט צו איר? איר מאקס זאָל דאָ זיין — ער וואָלט שוין וויסן וואָס צו ענטפערן אזא בורזשויקע!... א רעכטער יאט, אָט דער מאקס! ערשט היינטיקן פאר פּסח האָט זי זיך מיט אים באקאנט, גייענדיק פון פּאָדריאד איינמאָל פארנאכט אהיים. דעם גאנצן וועג האָט ער מיט איר גערעדט פון אזעלכע זאכן, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געהערט, נאָר באלד געכאפּט מיטן שכל. פון באלעבאטים האָט ער מיט איר גערעדט און פון ארבעטער. ביז אהער האָבן געוועלטיקט זיי, די באלעבאטים; אָט באלד וועלן אָנהייבן געוועלטיקן מיר, ארבעטער.

שוין אז זיי זענען געווען ביי דער טיר, האָט ער זי א פרעג געטאָן, צי זי קאָן לייענען א ביכל?

— וואָסערע? א יידיש?

— פארשטייט זיך, א יידיש.

— פארוואָס נישט? איך נעם אלע פרייטיק ביי רב אלטערן א מעשה־ביכל אויף איבערלייענען. אז איך לייען איבער דאָס ביכל, גיט ער מיר איבערצוטראָגן פרייטיק אן אנדערס, דאָס הייסט, טאקע די אייגענע מעשה, נאָר אין אן אנדער ביכל. מחמת די מעשה איז א לאנגע מעשה, זי ציט זיך פון סוכות אָן...

מאקס הערט זי אויס מיט א האלבן שמייכל:

— נישט די ביכלעך דארף מען לייענען. אָט וועל איך אייך געבן א ביכל, וועט איר וויסן „פּאָקראַנימיר“...

און ער קוקט זיך ארום אויף אלע זייטן, ציט ארויס פון דער כאָלעווע פון די שטיוול א קליין פארשמאלצעוועט ביכעלע און גיט דאָס איבער איר, ווי עפּעס א הייליקע זאך, בעט, זי זאָל דאָס נישט האלטן אויבן־אויף...

— וואָס איז דען?
— אז מע זאָגט אייך, זאָלט איר נישט פרעגן פארוואָס...
ליזא האָט דאָס ביכל ביי אים צוגענומען מיט דעם אייגענעם רעספעקט, ווי ער האָט דאָס איר געגעבן, און אז זי איז געקומען מיט דעם אהיים, האָט זי געבאַפּט א מיאוסן פסק פון דער באַלע־באָסטע, דערפאר, וואָס זי, אז זי גייט אוועק, פארגעסט זי דעם זיי־געזונט. און אז אלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָט זי ארויס־געדרייט דאָס לעמפל און האָט זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס ביכל, וואָס מאקס האָט איר געגעבן. אויפן ערשטן בלעטל, גאַנץ אויבנאָן, איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות: ארבעטער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך!...

ב.

פון דעמלט אָן זעט זיך ליזא מיט מאקסן אלע פארנאכט, און זי קאָן זיך נישט דערמאָנען, פון וואָסער א מאָמענט זיי זענען אריבערגעגאנגען פון „איר" אויף „דו". זי ווייסט נאָר, אז ווען זי זעט אים נישט. ציט דאָס זי צו אים, ווי מיט אייזערנע צוואנגען, און אז זיי באגעגענען זיך, ווייסט זי נישט, ווהין די צייט גייט אוועק. זיי האָבן אזוי פיל צו רעדן, אז עס ווערט, דאכט זיך, ביי זיי קיינמאָל נישט אויסשעפן זיך, און אלץ, וואָס ער רעדט, איז צוקער־זיס. א גייע וועלט האָט ער פאר איר אויפגעעפנט מיט זיינע רייד. ביז אהער האָט זי געוווסט, אז ווייל זי ליזא, איז א דינסט, און „פערריוואריכע" איז א נגידית, דארף זי ליזא, זיין ביי „פערעוואריכען" אין גלות, דארף קאָכן און באקן און וואשן און רייניקן אויף דער גאנצער שטוב. איצט לאָזט זיך אוים א מעשה גאָר פארקערט: אז ווייל די גאנצע שטוב שטייט אויף איר, אויף ליזאן, דארף „פערעוואריכע" די נגידית וויסן דרך־ארץ, ווו איז געווען איר שכל ביז אהער? נישט געווען מאקס, איז נישט געווען קיין שכל; געקומען מאקס, איז געוואָרן גאָר אנ־דערש. דאָס הייסט, דערווייל איז נאָך אלץ אזוי ווי פריער: ליזא איז א דינסט און „פערעוואריכע" — א נגידית. ליזא קאָכט און באקט און וואשט און רייניקט אויף דער גאנצער שטוב, און פערעוואריכע שעלט און קאָרעגיעט, דאָס מויל מאכט זיך איר נישט צו. ס'איז אָבער אלצדינג נאָר דערווייל, ביז א צייט, עס גייט א צייט, א גאָלדענע צייט!...
אזוי טראכט זיך ליזא, גייענדיק מיטן גלעזערנעם טעלערל צום פעטער יאָסי נאָך חרוסת, און קוקט זיך ארום אויף אלע זייטן,

טאָמער וועט זי באַגעגענען מאַקסן. זי זעט גאָרנישט, ווי די רויטע זון האַלט ביי אונטערגיין אויף יענער זייט שטאָט און באַפאַרבט מיט גינגאָלד אַ גאַנצן שטיק הימל. זי זעט גאָרנישט ווי יידן לויפן מיט פולע פלעשלעך וויין אויף ארבע־כוסות, געקויפט ביי מאָטי ווימאָראָזיג. דער וויין פינקלט זיך אָפּ אויף דער פאַרבייגייענדיקער זון און שפּיגלט און צעגיסט זיך און אַלערליי קאָלירן. ליזאַ באַמערקט דאָס אָבער נישט. וואָס איז איר די זון? וואָס איז איר כתרילעווקע מיט איר׳ע יידן און מיט זייער וויין אויף ארבע־כוסות, אַז ס׳איז נישטאָ דער, וועמען זי זוכט? נאָר אָט דערהערט זי אַ קול פון הינטן:

— ליזאַ!

— מאַקס!

און זיי שטעלן זיך אַוועק אַביסל שמועסן, היטן זיך, מע זאָל חלילה נישט באַמערקן, וואָרום כתרילעווקע קאָן נאָך אַלץ נישט ליידן, אַז אַ בחור מיט אַ מיידל זאָלן שטיין פראַנק און פריי אין מיטן גאַס און רעדן... און אַזוי פליען די מינוטן, ביז ליזאַ טוט זיך אַ כאַפּ:

— אוי! אַ מכה דער פערעוואַריכע מיינער! איך דאַרף דאָך נאָך גיין צו איר פעטער נאָך חרוסת!

— גיי, גיי, איך וועל דאָ צוואַרטן אַ ווײַלע, ביז דו וועסט זיך אומקערן, וועל איך דיך שוין באַגלייטן ביז אַהיים.

און ליזאַ לאָזט זיך לויפן צום פעטער יאָסי נאָך חרוסת.

ג.

„דער פעטער יאָסי" — אַזוי האָט מען אים גערופן אין כתרילעווקע דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ שיינער ייד און אַן אַלטער און אַ בכבודיקער און אַ נגיד און האָט קיין קינדער נישט געהאַט, אַ חוץ פּלימעניקעס און פּלימעניצעס אָן אַ שיעור. כמעט אַ האַלבע שטאָט זענען געווען זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און אַלע האָבן זיי אַרויסגעקוקט אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר...

וויפל פאַרמאָגט דער פעטער יאָסי — דאָס האָט קיינער נישט געוווסט, און דער פעטער יאָסי אַליין אויך נישט. אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטאָט. געזאָגט האָט מען אַז דער פעטער יאָסי איז אָנגעשטאָפּט ממון־קרח; מע ווייסט אפילו, אַז ער האָט אַ צוואה און דאָרט איז ביי אים אויסגערעכנט ביז דער לעצטער פּרוטה. אַלע יאָר, אַז ס׳איז געקומען ערב ראש־השנה, פלעגט ער

איבערשרייבן די דאָזיקע צוואה, צונויפרופן אַלע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און גענומען בײַ זיי „תּקיעת־כּף“, אַז טאָמער חלילה שטאַרבט ער, זאָל מען זאָגן נאָך זײַן נשמה א גאַנץ קיילעכיק יאָר קדיש און לערנען אַלע טאָג א פּרק משניות. נאָכן תּקיעת־כּף האָט ער זיי אָנגעגאָסן צו גלעזלעך בראָנפֿן און געגעבן צו שטיקלעך לעקעך. די פּלימעניקעס האָבן געטרונקען לחיים, די פּלימעניצעס האָבן אים געוווּנטשעוועט, ער זאָל דערלעבן משיחן, און דער פֿעטער יאָסי האָט געשמייכלט מיט זײַנע שטענדיק נאַסע אויגן, געשאָמקעט מיט די ליפּן און געענטפֿערט: אָמן, אָמן.

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגן פֿון יאָר צו יאָר. די פּלימעניקעס מיט די פּלימעניצעס האָבן אַרויסגעקוקט מיט סכּנות־נפֿשות, נאָר דער פֿעטער יאָסי האָט זיך עפּעס נישט אַזוי געכאַפּט. געהוסט האָט ער דווקא גאַנץ געשמאַק, א זאַדישקע, א מין אַסטמע האָט ער געהאַט, וואָס אַז ער פֿלעגט זיך פֿאַרהוסטן, האָט מען געמיינט, ס'איז אַן עק, אַז מע דאַרף שוין גיין נאָכן שמש פֿון חבֿרה־קדישא. צום סוף — גאָרנישט, א נעבעכיקער טאָג... אַלע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס פֿלעגן אין אַזאַ צײַט נישט אָפּטרעטן פֿון זײַן בעט:

— ווי פֿילט איר זיך, פֿעטער, אַצינד?

— א דאַנק גאָט, פֿיל בעסער, פֿיל בעסער, איר זאָלט גאָר קיין יסורים נישט האָבן, קינדערלעך; מײַן טאַטע, זכר לבֿרכה, האָט אויך געהאַט דעם אייגענעם הוסט, וואָס איך, מיר צו לענגערע יאָר, און האָט געלעבט פֿונדעסטוועגן הונדערט מיט דרײַ יאָר, נאָך מיט א האַלבן. און מײַן מאַמע, עליה השלום, — די האָט געלעבט נאָך מער מיט אַנדערהאַלבן יאָר... אונדזער שטיקל גליק איז, וואָס מיר היטן זיך; מיר עסן קיינמאָל קיין טיר און קיין פֿענצטער, און אַפֿילו קיין קוואַטירל פֿון א פֿענצטער אויך נישט, מחמת ס'איז א פּשוטע זאַך: לויפֿט איז פֿאַר א הוסט א שחיטה, און פֿאַר א זאַדישקע — סם־המוות...

אָט אַזוי האָט זיי אויסגערעדט דאָס האַרץ דער פֿעטער יאָסי און אָפּגעשיקט זיי אַהיים, פֿאַרן אוועקגאַנג געדאַנקט, וואָס זיי פֿאַרגעסן אים נישט...

אים פֿאַרגעסן? ווי קאָן מען פֿאַרגעסן אַן אַזאַ געטרייען פֿעטער, וואָס טראָגט אויפֿן קאָפּ, קיין עין־הרע, אַזוי פֿיל פּלי־מעניקעס און פּלימעניצעס? אַן אייגענער טאַטע דאַרף נישט מער טאָן, ווי דער פֿעטער יאָסי טוט פֿון זייערטוועגן אַלע יום־טובֿ. למשל, סוכּות בענטשן זיי אַלע אויף זײַן אתרוג. חנוכּה גרייט ער אָן פֿון זייערע קינדערס וועגן דריידלעך, איטלעכן באַזונדער א

דריידל. פורים מוזן די פלימעניקעס מיט די פלימעניצעס קומען צו אים אלע מיט קינד און קייט הערכן די מגילה. טאָמער חלילה פארפעלט א קינד צו דער מגילה — איז היות נישט זיכער! דער פעטער יאָסי גיט אכטונג. אים וועט איר נישט נארן. ניש־קשה, ער ווייסט, ווער ס'איז געווען צו דער מגילה און ווער נישט. און אז ער האָט דערטאפּט דעם, וואָס איז נישט געווען, האָט ער אים אָנגעכאפּט פאר אן אויער: „פּוסטעקראט מיינער! ווו ביסטו געווען צו דער מגילה?" און יענער האָט געמוזט זיך פארענטפערן, אויסזוכן עפּעס א רעכטן תירוץ, וואָרום דעם פעטער יאָסין טאָר מען נישט דערגרזעגען.

נאָך מער ווי אלע יום־טובים האָט ער זיך מפקיר געווען צוליב זיי, אז ס'אז געקומען פּסח. דעם גאנצן טאָג ערב־פּסח האָט איר געקאָנט זען דעם פעטער יאָסי זיצן אין שטוב און שטויסן צימערינג, רייבן עפּל מיט ווייַן און מיט וועלישע נים. דער פעטער יאָסי האָט אליין געמאכט חרוסת פאר אלע זיינע פלימעניקעס און פלימעניצעס. אזוי איז שוין געווען ביי אים דער מנהג אלע ערב־פּסח — אָנמאכן א פולע שיסל מיט חרוסת און אויסטיילן זיי איינציקווייז אויף טעלערלעך. און אויף צומאָרגן נאָכן טיש, אז די פלימעניקעס מיט די פלימעניצעס זענען געקומען צום פעטער גוט יום־טוב בעטן, פלעגט מען נישט רעדן פון קיין זאך, נאָר פונעם חרוסת. זיי פלעגן זיך גאָר נישט קאָנען זאט אָפּלויבן פונעם חרוסת.

— דער חרוסת איז אייך היינטיקס יאָר אָפּגעראָטן, פעטער, מער ווי אלע יאָר.

— פון אייערע חרוסת איז מיר נישט איבערגעבליבן צום אנדערן סדר, איר זאָלט זאָגן, פעטער, אויף א רפואה.

— מיט אייערע חרוסת האָבן מיר זיך, פעטער, געטיילט, ווי מיט קרעפּל־פלייש.

— וואָס טוט איר אריין, פעטער, אזעלכעס אינעם חרוסת, וואָס ער קומט ארויס ביי אייך אזוי באטעמט?

דער פעטער יאָסי האָט אויסגעהערט די דאָזיקע אלע זיסע רייד און נישט געענטפערט גאָרנישט, נאָר געשאמקעט מיט די ליפּן. ער האָט געוווסט גאנץ גוט זייער ווערט, און דאָך פלעגט ער אָנקוועלן פון זיי ווערן ברייטער ווי לענגער.

גייט, טענהט, ווערט הייזעריק רעדנדיק — ס'איז א פארפאלענע זאך: הגיפה איז א זיסער ביסן, מענטשן האָבן עס ליב, ווי צו־קערלער.

## ד.

צוויי אינטערעסאנטע פּאַרשוינען, מיט וועלכע מיר וועלן אייך באלד באקענען, זענען ליזאם באלעבאטים: „פּערערווע“ און „פּערעוואריכע“.

„פּערערווע“ — איז א צונעמעניש, וואָס לאָזט זיך נישט איבערזעצן אויף קיין אנדער לשון, סיידן אויף אונדזער יידיש, זאָל לעבן, אויף אונדזער יידיש וועט דאָס הייסן אזוי גרויס, ווי „א קישקע אָן א דנאָ“. מיט איינעם וואָרט, „פּערערווע“ איז א מענטש, וואָס ס'איז אים קארג די וועלט — און אָט אזעלכער איז ער טאקע. די גרעסטע קראָם אין כתרילעווקע איז זיינע, און דער גרעסטער פּדיון איז ביי אים. וואָס ער קאָן אמאָל אָפּלייזן אין איין שעה, וועלן דאָס דריי קרעמער נישט לייזן אין א וואָך — און ס'איז אים נאָך קארג. ער שלעפּט קונים, שלעפּט זיי ביי די פּאָלעס, שעמט זיך נישט ארויסצושלעפּן זיי פון יענעמס קלייט, כאפּט אָפּטמאָל פון די קרעמער א מיאוסן פּסק — מיט א נאסן בעזעם איבערן פּנים, אָדער מיט א קאָנאווקע קאלט וואסער איבערן קאָפּ: „א ייד א פּערערווע זאָל נישט האָבן קיין טבע שטעקן די נאָז, ווו מען דארף נישט!“... אזעלכע סקאנדאלן פלעגן זיך אויסלאָזן אמאָל נאָך מיט א גרעסערן סקאנדאל ביים מיראָוואָי. דער מיראָוואָי, אונדזער אלטער באקאנטער פּאַן מיליניעווסקי, פלעגט אויסהערן ביידע צדדים מיט די עדות, אויסמוסרן דעם בעל־דבר אליין:

— גאָווישטשע מי טאקע פּערערוואָ? (וואָס ביסטו אזוי זשעדנע?) כיבאזש בעזדיטנעי יאָסיקאָ טובי ניע דיאדיקאָ? (איז דען דער אָנקינדערדיקער יאָסי דיר קיין פּעטער?).

און כדומה אזעלכע רייד פלעגט ארייגזעצן אין אים דער מיראָוואָי, און די גאנצע שטאָט האָט געמאכט פון אים חוכא וטלולא. און פּערערווע זאָל זיך עס אפילו פארקרימען. גאָרנישט, גלייך ווי נישט אים מיינט מען. אָט אזא נפש איז פּערערווע. אצינד וועלן מיר אייך פאָרשטעלן זיין ווייב הצנועה מרת „פּערעוואריכע“ שתחיה.

יעדער מאן פארמאָגט פּונקט אזא ווייב ווי ער איז ווערט. פּערערווע האָט א ווייב, דארף זי הייסן פּערעוואריכע. דאָס הייסט, הייסן הייסט זי ראצל, נאָר א נאָמען האָט מען איר געגעבן פּערעוואריכע, איבער איר כאראקטער. זי איז א ביסל אן איינגעגעסענע. אימלעכן באזונדער קאָכט זי אויס דאָס וואסער. מען קען זי אומעטום, ווי א בייזן שילינגער: „אָט איז זי שוין

דאָ, די פּערעוואַריכע!" — אַזוי זאָגט מען אויף איר אין מאַרק, אַז מען דערזעט זי פון דער ווייטן. פּערעוואַריכע, אַז זי וויל עפּעס קויפן, דינגט זי זיך אַזוי לאַנג, ביז מע זאָגט איר אין די אויגן, אַז זי איז אַ פּערעוואַריכע. און דאָס האָט זי דווקא פיינט:

— מיט וואָס בין איך אַ פּערעוואַריכע? דערמיט, וואָס איך וויל נישט איבערצאָלן? פאַר מיין געלט מעג איך מיך, דאַכט מיר, אַביסל דינגען, צי ניין? זאָגט אפשר, אַז ניין? אָדער אפשר איז ביי מיר גנביש געלט? אָדער אפשר מיינט איר, אַז מיר האַנדלען מיט פאַלשע סיגנאַציעס? אָדער אפשר איז גלאַט אַ מצווה ביי מיר נעמען טייערער?...

פּערעוואַריכע איז אַ יידענע, וואָס לייגט נישט קיין כבוד אויף קיינעם. אפילו איר אייגענער פעטער יאָסי (ער איז אי ר פעטער, נישט איר מאַנס), וואָס אַלע האָבן פאַר אים דרך=ארץ, האָט מורא מיט איר אָנצוהייבן. און אַז עס מאַכט זיך אַמאָל, ער פאַרטשעפּעט זי מיט אַ וואָרט, קאָן ער זיך פון איר נישט אויסבאָדן אין צען וואַסערן. דער פעטער יאָסי כאַפּט זיך דעמלט מיט ביידע הענט ביי די אויערן, לויפט אַרויס אין דרויסן מיט אַ געוואַלד:

— רבונו של עולם! שטראָף מיך מיט כף — הקלע, מיט גיהנום, מיט וואָס דו ווילסט, אַבי לייז מיך אויס פון פּערעוואַריכעס מויל.

דער פעטער יאָסי האָט שוין געפּרוווט אַ פּאָר מאָל סטראַשען זי מיט דער צוואה — האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן. אדרבה, ס'איז נאָך געווען פיל ערגער. זי האָט זיך אין אים אַזוי איינגעגעסן אין די ביינער, אַז ער האָט געשוווירן פאַר אַ גאַנצן מנין יידן, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז טאָמער חלילה גייט ער פון דער וועלט, איז דאָס נאָר איבער איר, איבער אָט דער פּערעוואַריכע!

אַצינד וועלן מיר לערנען אַ קל=וחומר: מה=דאָך דער פעטער יאָסי, וואָס אַלע קוקן אַרויס אויף זיין ירושה, האָט פון איר אָפּגעשניטענע יאָרן, הייגט לא=כל=שכן אַ מאַן, און נאָך אַזאַ מאַן, ווי פּערערווע, על אחת כמה וכמה — מעג מען דאָך אוודאי באַגראָבן גיין אַליין אין דער ערד, ער זאָל קיין תחית=המתים נישט אויפשטיין! איך בין נישט פּערעוואַריכעס מליץ=יושר, נאָר איך גיב איר אָפּ דעם גערעכט: אַ מצווה אויף פּערערווען. ער האָט געוווסט נאָך פאַר דער חתונה, אַז זי איז אַ שלאַק פון זיין ליבן נאָמען, און האָט געהאַט ביז נאָך דער חתונה דרייסיק מאָל זי אָפּגעמן; נאָר ער האָט דאָס נישט געטאָן צוליבן פעטער יאָסיס ירושה. כן יאבדו — אַזאַ סוף מעגן האָבן אַלע זשעדנע נשמות, וואָס פאַרקויפן זיך פאַר געלט?

מיר לאָזן איבער פערערווען מיט פערעוואריכען און קערן זיך אום צוריק צו אונדזער ליזאן מיט איר געליבטן מאקס.

ליזא איז ארויסגעגאנגען פונעם פעטער יאָסין מיטן חרוסת און האָט נאָך נישט געמאכט קיין פינף טריט, איז שוין אויסגעוואקסן מאקס, און דאָס פּאָרל האָבן זיך געלאָזט ביידע שפּאצירן איבער דער בארימטער כתרילעווקער בלאָטע, וואָס באווייזט זיך ארוים מיט איר גאנצן חן, אז עס קומט פּסח. אלטע לייט דערציילן, אז זיי געדענקען נישט, ווען ס'זאָל זיין אמאָל אין כתרילעווקע א טרוקענער פּסח. יידן, זאָגן זיי, האָבן שוין אזא גליק, אז עס קומט פּסח, ווערט א דערטרינקעניש איבער דער גאנצער שטאָט. נאָר ערגער ווי אומעטום איז דער גרויסער פּלאַץ, אָדער דער שול־הויף, דאָרט, ווו עס שטייען אלע שולן, בתי־מדרשים און קלייזלעך. די כתרילעווקער בעלי־עגלות, וואָס זענען שארף אויף צונעמענישן, האָבן דאָס א נאָמען געגעבן „דאָס טינטערל“. אהין, זאָגן זיי, אז מע פאָרט אריין מיט א וואָגן ערב־פּסח, דארף מען זיך אָפּגעזעגענען מיט ווייב און קינדער ביז העט נאָך שבועות.

פונדעסטוועגן — לעבן זאָלן די כתרילעווקער יידן! איר זאָלט זען, ווי מען גייט אין שול אריין, אז סע קומט די ערשטע נאכט פון פּסח, און דווקא אָנגעטאָן יום־טובדיק, און דווקא מיט לאנגע קאפּאָטעס, און דווקא אטלאסענע. א סך האָבן זיך פארשפּעטיקט, לויפן זיי איין אָטעם, כאָטש פארכאפּן א ברכו. נאָר איין מאקס כאפּט זיך עפּעס נישט אזוי אין שול אריין. מאקס איז פארנומען מיט ליזאן. ער האלט מיט איר אינמיטן א שמועס נאָך פון פריער. זיי גייען הארט ביי די ווענט, זוכן א סטעטשקע, און האָבן זיך אזוי פארטיפט אין זייער געשפּרעך, אז זיי האָבן גאָרנישט באמערקט, ווי די צייט איז אהינגעקומען.

פּלוצים האָבן זיך א שאָט געטאָן יידן פון די שולן, און ליזא האָט זיך א כאפּ געטאָן מיט אימפּעט:

— אוי, א מכה אויף פערעוואריכען! מע גייט שוין פון שול, און דער חרוסת, משטינס געזאָגט...

ליזא האָט נישט געענדיקט די פראזע. עס האָט זיך געטראָפן מיט איר דאָס, וואָס עס טרעפט זיך גאנץ אָפט מיט א מיידל אין כתרילעווקע: זי האָט זיך אויסגעגליטשט און האָט ארויסגעלאָזט דאָס טעצל מיטן חרוסת גלייך אין בלאָטע אריין. אזא־אנ־אומגליק! ליזא איז געווען אוים מענטש! סע פארשטייט זיך, אז וויפל ס'איז דאָ קללות אויף דער וועלט — זענען זיי געפלויגן אויף פערעוואריכעס קאָפּ. מאקס האָט זי אָבער גיך בארואיקט:

— כאפּט זיי בעני, דיינע בורזשוקעס! לייג זיי אָן א פול מעלערל מיט בלאָטע און לאָז דאָס זיין פאר חרוסת! נישקשה, זיי האָבן גוטע מאָגנס. זיי וועלן דאָס פאַרדייען...

פאר אזא מין עצה האָט זיך ליזא פריער ווי דערשראָקן: וואָס הייסט, זי וועט אָנהאָדעווען אירע באַלעבאַטים מיט בלאָטע? נאָכ־דעם אין דער געדאַנק איר אזוי געפעלן, אז זי האָט זיך אַזש צעלאכט פון דער דאָזיקער המצאה און האָט געטאָן אזוי, ווי מאקס האָט איר געהייסן, און האָט זיך געלאָזט לויפן אהיים וואָס גיכער, זיך דריי מאָל געזעגנט מיט מאַקסן, שטארק גע־קוועטשט ביי די הענט.

ה.

עס ליגט שוין עפּעס אזעלכעס אין דער טבע פון א מענטשן, אז גאָט שיקט אונדז צו עפּעס א גוטע זאך, טיילן מיר זיך דערמיט גערן מיטן צווייטן. ובפרט אזא זאך, וואָס איז א מצווה און סע קאָסט קיין געלט נישט. אונדזער העלד פּערערווע, ווי דער לעזער ווייסט שוין, איז עפּעס נישט קיין מילדער נדבן, וואָס זאָל זיך מפקיר זיין לטובת הכלל; נאָר אז עס קומט די ערשטע נאכט פון פּסח, דערוועקט זיך אין אים א געפיל פון צדקה, עס דער־וואַרעמט זיך ביי אים דאָס הארץ, די האַנט ווערט ביי אים אויפ־געבונדן און ער פאַרזאָרגט אלע זיינע נאָענטע שכנים מיטן פעטער יאָסיס חרוסת, איטלעכן צו ביסלעך. בעת מעשה שיינט ביי אים דאָס פּנים, ווי ביי א מלאך, און אז מע ווינטשט אים, ער זאָל דערלעבן איבער א יאָר און זיין רייך (דאָס האָט ער דווקא ליב!), ענטפערט ער מיט א זיס שמייכעלע, וואָס איז זעלטן אויף זיינע ליפּן: „גם אתם! גם אתם!“...

איצטיקס מאָל האָט זיך פּערערווע אביסל פאַרשפּעטיקט מיטן חרוסת אויסטיילן. און איבער וועמען? איבער דער דינסט. זי איז שפּעט געקומען. אַן עזות פון א דינסט! א תירוץ האָט זי צוגע־טראכט אפילו זייער א קלוגן: דער פעטער יאָסי האָט זיך פאר־הוסט, זאָגט זי, מיט סכנות־נפשות. אלע האָבן, זאָגט זי, געמיינט, אז ס׳איז שוין אַן עק, אוים פעטער יאָסי!

— נו?

— וואָס נו?

— וואָסזשע איז געווען?

— וואָס זאָל זיין? געזונט און שטארק, אויף אלע יידישע קינדער...

דער מלך מיט דער מלכה, דאָס הייסט, פערערווע און פערעוואריכע, קוקן זיך איבער אָן ווערטער, לאָזן ארויס א טיפן זיפץ און מע זעצט זיך אוועק צום סדר.

דער „סדר“ איז שוין אזוי פיל מאָל באַשריבן געוואָרן פון מיר און פון מיינע קאָלעגן, אז אלץ, וואָס איך וועל אייך איצטער זאָגן, וועט זיין גישט מער, ווי איבערגעקייט פון פאר=א=יאָרן. דאָס, וואָס איך וואָלט יאָ וועלן זאָגן איצט, איז נאָר איין זאך: וואָס פאר א כוח ליגט אין דעם ליבן הייליקן יום=טוב פסח, אז אפילו אזא קאלטע זאך, אזא טרוקענע בריאה, ווי פערערווע — אָסור, אויב איר וועט אים דערקענען! און פערעוואריכע? ווו איז אהינגעקומען איר מויל, וואָס קאָן זיך קיינמאָל נישט בארואיקן? פון וואנען האָט זיך גענומען צו זיי ביידע אזא מילדע ווייכקייט, אזוי פיל פריינדלעכקייט און יום=טובדיקער חן אויף זייערע פנימער? עס איז, כ'לעבן כדאי צו שטיין פון דערווייטן און צוזען, ווי אזוי עס גייט צו ביי זיי דער סדר. ווי אלץ איז ניי, אלץ איז ריין, אלץ גלאנצט, ווי גינגאָלד, און אלץ זיצט ביים טיש מיט רעספעקט, און אלע איגן קוקן אהין, אויף איין מענטשן, אויפן גוטן ליבן קעניג פון דער דאָזיקער נאכט, אויף פערערווען, ווי ער טיילט אויס פון זיין פולער האנט אימלעכן באזונדער אויף א שטיקל מצה זיין חלק מרור און חרוסת. פריער פון אלע באקומט איר חלק, ווי דער עטיקעט פאָדערט עס, די קעניגן (פערעוואריכע). נאָך דער קעניגן באקומען צו ביסלעך מרור און חרוסת די פרינצן (די קינדער זייערע), וואָס קוקן ארויס אויף דעם, ווי אויף עפּעס רעכטס. נאָך די קינדער באקומט אויך די דינסט א היפשן חלק (דאָס איז שוין מחמת גוטסקייט), און ערשט אז די גאנצע קעניגלעכע פאמיליע איז שוין ארומגעטיילט מיט מרור און חרוסת, נעמט דער קעניג (פערערווע) און לייגט זיך אָן אליין אויך א היבשע פּאָרציע, זאָגט דעם „הנני מוכן ומזומן“ מיט א שיינעם ניגון, מאכט די ברכה און עסט אָנגעלענט, מיט ברייטקייט, ווי עס פאסט פאר א מלך. אויף אים קוקנדיק, נעמט זיך די מלכה אויך צום עסן, ווי דער עטיקעט פאָדערט עס, און אויף זיי קוקנדיק, טראָגן אויך די קינדער צו צום מויל דעם חרוסת און פארקרימען זיך:

— אוי! וואָס איז דאָס פאר א מין חרוסת?... קריצט אונטער די ציין און שמעקט מיט... פע!

אן אנדערם מאָל וואָלטן חברה קליינוואַרג זיך נישט גענארט פאר אזא אן עזות: זאָגן אויף חרוסת „פע“!... איצטיקס מאָל אָבער איז זיי אָפּגעלאָפן גלאט, ווייל דער מלך מיט דער מלכה

זענען אליין אויך געבליבן זיצן מיט פולע מיילער, נישט אהין, נישט אהער: איינשלינגען — קאָן מען נישט, אויסשפּייען — טאָר מען נישט... נאָר איין ליזא איז געזעסן און געקייעט, ווי א קאלב, איר חלק מצה (דעם חרוסת האָט זי באצייטנס אראָפּגעלאָזט אונטערן טיש...). מיט א שיינעם חרוסת האָט זיי היינטיקן פּסח דער פעטער יאָסי מכבד געווען! וואָלט כאָטש דער פעטער יאָסי געווען ז ײ ן פעטער, נישט א י ר ע ר, וואָלט שוין פערעוואריכע אָפּגעשפּילט פערערוועז א סדר, אז עס וואָלט אים פינצטער גע־וואָרן די וועלט און נמאס דאָס קעניגן... היינט די בזיונות פון די שכנים — וואָס וועלן די שכנים זאָגן? און כך הוה — אזוי ווי דאָס הארץ האָט איר געזאָגט: זיי זענען נאָך נישט פארטיק גע־וואָרן מיטן ערשטן האלבן סדר, האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָבן אָנגעהויבן גיין שליחים פון די שכנים איינס נאָך דאָס אנדערע:

— גאָט אייך אָפּ צוריק אייער חרוסת...

— דער טאטע האָט אייך געשיקט זאָגן א דאנק פארן חרוסת...

— אזא חרוסת עסט שוין בעסער איר אליין געזונטערהייט...

— אזא חרוסת עסט שוין בעסער איר אליין געזונטערהייט...

אויף מאָרגן פּסח נאָכן טיש זענען אלע פלימעניקעס און פּלי־מעניצעס מיט זייערע קינדער געקומען, ווי דער מנהג איז, צום פעטער יאָסי גוט־יום טוב בעטן. דער פעטער יאָסי האָט זיי אָנ־געגרייט א טיש פון כל־טוב: דעם בעסטן ראָזשינקעס־וויין (צע־מישט מיט פּסחדיקן וואסער), א סך וועלישע ניס (צוממיינסטן פּוסטע) און זילבערנע כוסות מיט פּסחדיקע גלעזלעך אָן א שיעור. דער פעטער יאָסי, אין זיין יום־טובדיקן צעריסענעם, נאָר זיידע־נעם אויסגענייטן כאלאט, מיט דער געשטיקטער יארמלקע אויפן קאָפּ, האָט אויסגעזען ווי א טערקישער פּאשא, וואָס האָט אזוי ליב געסט, אז ער וואָלט זיי אוועקגעגעבן די נשמה. ער האָט נישט גערוט, נישט געקאָנט זען, טאָמער זיצט איינער אָן ארבעט, און האָט אלץ געבעטן:

— קנאקט, קינדערלעך, קנאקט ניס און פארטרינקט מיט וויין, נאָר ווערט נישט שיכור... פארגעסט נישט, אז מיר האָבן היינט ביינאכט נאָך א סדר מיט נאָך אמאָל ארבע־כוסות, מיט נאָך אמאָל מרור און חרוסת...

— דער חרוסת איז אייך היינטיקס יאָר אָפּגעראָטן. פעטער, מער ווי אלע יאָר.

— פון אייער חרוסת איז מיר נישט איבערגעבליבן צום אנ־דערן סדר, איר זאָלט זאָגן, פעטער, אויף א רפואה.

— מיט אייער חרוסת האָבן מיר זיך, פעטער, געטיילט, ווי מיט קרעפּל־פּלייש.

— וואָס טוט איר אריין, פעטער, אזעלכעס אינעם חרוסת, וואָס ער קומט ארויס ביי אייך אזוי באַטעמט?

אָט אזעלכע קאָמפּלימענטן זענען געפלויגן פון אלע זייטן, פונקט ווי אלע יאָר. נאָר איין פערערווע מיט פערעוואַריכן האָבן גע־שוויגן, געקוקט איינס אויף דאָס אנדערע און געקאַכט זיך שטי־לערהייט אינעווייניק, אזוי לאַנג, ביז פערעוואַריכע האָט דערפילט, אז עס פּלאַצט אין איר די גאַל, אז טאָמער וועט זי שווייגן נאָך איין מינוט, איז אַן עק פון איר לעבן! — און זי האָט אויפגעעפנט איר מויל און האָט אוועקגעלייגט א מענה־לשון אזוי ווי זי קאָן, און האָט זיי אַלעמען אָנגערופן מיטן אמתן נאָמען, וואָס זיי האָבן פאַרדינט:

— פאַרשטאָכענע אויגן! פאַלשע מענטשן! פאַרקויפטע נשמות! כאַליפּאָסניקעס! טעלערלעקער!... מען גיט אייך אביסל ווייס איך וואָס, א ביסל גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, און מע זאָגט אייך, ס'איז חרוסת, — לעקט איר די פינגער!?...

א באָמבע זאָל געוועזן אראָפּפאַלן פון סטעליע און פּלאַצן ביים פעטער יאָסין אין שטוב, וואָלט זי נישט באַדאַרפט אָנמאַכן אזא רעש, ווי עס האָבן געמאַכט פערעוואַריכעס ווערטער! סטייטש! זאָגן אויף דעם פעטער יאָסים חרוסת, אז ס'איז „אביסל ווייס איך וואָס", „אביסל גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד", און נאָך ווו? ביים פעטער יאָסין אין שטוב, פאַרן פעטער יאָסין אין די אויגן! נישט אַנדערש, אז פערעוואַריכע איז געווירט, נישט ביי אַלע געדאַנקען.

— ראַצל! וואָס רעדט איר דאָס? גאָט איז מיט אייך! איר זענט משוגע? צי חסר־דעה?

אזוי זענען אָנגעפאַלן אויף איר אַלע איבעריקע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און פערעוואַריכע איז געוואָרן נאָך מער אויפגע־בראַכט און האָט זיי אוועקגעגעבן בכפל־כפלים:

— משוגע מעגט איר שוין אַלע ווערן פאַר מיר און פאַר מיין מאַן און פאַר מיינע קינדער! איך בין א מענטש, וואָס קאַטאָרי כ'האָב ליב זאָגן דעם אמת — איך וועל נישט גיין לעקן די פינגער פון אזא, איך בעט איבער אייער כבוד, אביסל...

— אביסל וואָס?

— אביסל דאָס!...

— פעטער! איר הערט, וואָס זי זאָגט? זי זאָגט אויף אייער חרוסת, אז ס'איז, איך בעט איבער אייער כבוד, אביסל דאָס!...

ווער איז דאָ אימשטאַנד אָפּמאָלן דעם פּעטער יאָסיס געקנייטשט פּאַרמעט=פּנים, מיטן פּעטער יאָסיס נאַסע אויגן, מיטן פּעטער יאָסיס אומגעלומפּערט שמייכעלע, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיינע האַלב=טויטע ליפּן? ער האָט זיך עפּעס מאָדנע איינגעביינן, געוואָרן מיטאַמאָל קלענער, און א זאָג געטאָן צו אַלעמען און צו קיינעם נישט, נאָר אין דער לופט אריין:

— אלע תולדות פּערעוואַריכע !...

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. פּערעוואַריכע, אז זי האָט דערהערט איר אמתן נאָמען, האָט דאָס זי אזוי אויפגעטראָגן, אז זי האָט אָנגעהויבן שיטן פּעך און שוועבל, נישט נאָר אויף די קרובים, נאָר אפילו א יפן פּעטער יאָסי אליין. וואָס ס'איז איר געקומען אויפן מויל — דאָס האָט זי אים געזאָגט. עס האָט נישט געהאָלפן פּערערוועס אריינמישן זיך און פּערערוועס צוהאַלטן זי פאַר די הענט:

— לאָז מיך! איך בין א מענטש, וואָס קאַטאָרי איך ליב זאָגן דעם אמת! — האָט זי געשריגן און געריסן זיך צום פּעטער יאָסין און האָט אים אָנגערופן מיט א סך מאָדנע נעמען: „אָפּגאָט!”, גאָלדענער זאַק!“, „קול שטרוי!“, „ציגענע ביבקע!“ „אַלטער תרח!“, „אויסגענייטע יאַמפּערקע!”, „חרוסת=פּאַבריקאַנט!“...

איך וויים נישט, וועלכער פון די דאָזיקע שונד=נעמען האָט אויף אים אממערסטן געווירקט, נאָר דעם פּעטער יאָסין איז מיט אמאָל געוואָרן שטאַרק שלעכט און ער האָט זיך פאַרהוסט אויף א גאַנצער שעה! די „זאַדישקע“ האָט זיך אין אים צעשפּילט מיט סכנות=נפשות. מען איז געלאָפן און מע האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר און מע האָט געטאָן וואָס מע האָט געקאָנט. נאָר ס'איז געווען ארויסגעוואָרפן: דעם זעלבן אויפדערנאַכט, פּונקט צום אנדערן סדר, האָט דער פּעטער יאָסי אָפּגעגעבן גאָט די נשמה.

תיכף נאָך פּסח האָבן זיך צונויפגעקליבן ביים פּעטער יאָסי אין שטוב אלע זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און מע האָט איבערגעלייענט די צוואה, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער פּעטער יאָסי (זאָל ער מיר מוחל זיין אויף יענער וועלט!) האָט זיי אַלע געפירט אין באָד אריין. זיין גאַנץ עשירות, אז מע האָט דאָס איינגעטיילט צווישן אלע קרובים, האָט זיך אָנגענומען ארום און ארום בסך=הכל עטוואָס מער, ווי א הונדערטער אויף א פּארשוין. ווער עס האָט נישט אָנגעקוקט יענע צייט אונדזער העלד פּערערוועז, דער האָט קיינמאָל אויף זיין לעבן קיין אמתן

צער נישט געזען. א שענערן לייגט מען אין דער ערד אריין. און פערעוואריכע? — פערעוואריכע האָט אויסגעלאָזט איר גאנץ ביטער הארץ מיט אלע צרות אויף פערערווען. עד־היום נאָך פיילט זי אים און פידלט אים אויף וואָס די וועלט שטייט, און פערערווע נעבעך מוז דאָס שטילערהייט אראָפּשלינגען. א ברירה האָט ער? ס׳איז, זאָג איך אייך, א גאָטס רחמנות אויף דעם יידן!...

ליזא האָט נישט חתונה געהאט פאר מאקסן, ווייל ער איז געפאלן, ווי א סנאָפּ, אינעם ערשטן גרויסן שטרייק נאָכן ערשטן גרויסן שאָס... איז זי אין אמעריקע. זי ארבעט דאָרטן מיט אירע צוויי יינגערע שוועסטערלעך אין א „שאפּ“ און גייט מיט זיי אויף אלע „מיטינגען“. און כאָטש זי איז נאָך א „גרינע“ און ווערט פארשווארצט, ווי די יידן אין מצרים, פונדעסטוועגן, אז איר פרעגט זי, וואָס זי מאכט, ענטפערט זי אייך, אז זי איז „אָלל־רייט“ און האָפט נאָך אלץ אויף דער גאָלדענער צייט... מיר וועלן זיך נאָך מיט איר אמאָל באגעגענען. זי האָט אונדז וואָס צו דערציילן... דערווייל ווינטשן מיר אייך א גוטן, א פריילעכן, א כשרן פּסח.

# שיר־השירים

## א יוגנט־ראָמאַן

(אין פיר טײלן).

געשריבן די יאָרן 1909 — 1911.

# שיר־השירים

## א יוגנט־ראָמאַן.

ערשטער טייל.

### בוזי.

א.

בוזי איז א נאָמען, פאַרצויגן פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. זי איז עלטער פון מיר מיט א יאָר, און אפשר מיט צוויי, און ביידע אינייינעם זענען מיר נישט אַלט קיין צוואַנציק יאָר. היינט זעצט אייך אוועק, זייט מוחל, און רעכנט אויס, וויפל בין איך אַלט און וויפל זי? נאָר דאָס, מיין איך, איז נישט וויכטיק. איך וועל אייך בעסער דערציילן איר ביאָגראַפיע אין קורצן.

מיין עלטערער ברודער בעני איז געזעסן אין א דאָרף, געהאַלטן א מיל, געקאָנט שיסן פון א ביקס, פאָרן רייטנדיק אויף א פערד און שווימען ווי א מזיק. אייגמאָל זומער האָט ער זיך געבאָדן אין טייך און איז דערטרונקען געוואָרן. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער פסוק: „אַלע גוטע שווימער ווערן דערטרונקען“. נאָך אים איז געבליבן א מיל, צוויי פערדלעך, א יונגע אלמנה מיט א קינד. די מיל האָט מען אָפּגעלאָזט, די פערדלעך האָט מען פאַרקויפט, די יונגע אלמנה האָט חתונה געהאט און איז אוועקגעפאָרן ערגעץ ווייט, און דאָס קינד האָט מען געבראַכט צו אונדז. דאָס איז געווען בוזי.

ב.

אז דער טאַטע האָט ליב בוזין, ווי אן אייגן קינד, און אז די מאַמע ציטערט איבער איר, ווי איבער א בת־יחידה — דאָס איז

גרינג צו פארשטיין. זיי האָבן געפונען אין איר א טרייסט נאָך דעם גרויסן בראָך. אָבער איך? פארוואָס אז איך קום פון חדר און טרעף נישט בוזין, קריכט מיר נישט דאָס עסן אין האלדז אריין? און אז בוזי איז געקומען, ווערט ליכטיק אין אלע ווינקעלער? און אז בוזי רעדט צו מיר, לאָז איך אראָפּ די אויגן? און אז בוזי לאכט פון מיר, וויין איך?

און אז בוזי...

ג.

איך האָב לאנג ארויסגעקוקט אויף דעם ליבן גוטן יום-טוב פסח. דעמלט וועל איך זיין פריי. איך וועל שפּילן מיט בוזין אין ניס, ארומלויפן אין דרויסן, גיין בארג-אראָפּ צום טייך. דאָרט וועל איך איר ווייזן, ווי מע לאָזט קאטשקעלעך אויפן וואסער. אז איך זאָג איר, גלייבט זי מיר נישט. זי לאכט. בכלל, גלייבט מיר בוזי נישט פון דאנען אהין. דאָס הייסט, זאָגן זאָגט זי מיר גאָרנישט ניט, נאָר זי לאכט. און איך האָב פיינט, אז מע לאכט פון מיר. בוזי גלייבט נישט, אז איך קאָן זיך ארויפדראפּען אויפן העכסטן בוים (איך זאָל נאָר וועלן!). בוזי גלייבט נישט, אז איך קאָן שיסן (איך זאָל נאָר האָבן מיט וואָס!). לאָז נאָר קומען פסח, דער ליבער גוטער פסח, ווען מע קאָן שוין זיין אין דרויסן, אויף דער פרייער לופט, נישט פאר טאטע-מאמע אין די אויגן, — וועל איך איר באווייזן אזעלכע קונצן, אז זי וועט ארויס פון די כלים!

ד.

געקומען דער ליבער גוטער יום-טוב פסח.

מע האָט אונדז ביידן אויסגעקליידט אויף יום-טוב בגדי-מלכות. אלץ, וואָס אויף אונדז איז געווען, האָט געגלאנצט, געשיינט און געקנאקט. איך קוק אויף בוזין און איך דערמאָן מיך אין דעם שיר-השירים, וואָס איך האָב געלערנט פאר פסח מיטן רבין אין חדר. א פסוק נאָך א פסוק: „הנך יפה רעיתי — שיין ביסטו, מיין חברטע, שיין ביסטו ביז גאָר, אויגעלעך ווי טייבעלעך, הערעלעך ווי ציגעלעך, גליטשן זיך אראָפּ א בארג. ציינדעלעך — ווייסע שעפעלעך, פון טייך ארויס, איינס און איינס, איין מאמע האָט זיי געהאט. רויטע שנירעלעך — דיינע ליפּעלעך, אז דו רעדסט, איז צוקער-זיס“.

זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס אַז מע קוקט אויף בוזין, מוז מען זיך דערמאָנען אין דעם שיר־השירים? פאַרוואָס אַז מע לערנט שיר־השירים, קומט אויף די געדאַנקען בוזי?

ה.

א זעלטענער ערב־פּסח. א ליכטיקער טאָג. א וואַרעמער אינ־דרויסן.

— גייען מיר?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און איך פיל, אז איך ברען. די מאמע האָט אונדז נישט געזשאַלעוועט קיין ניס, פולע קעשענעס מיט ניס. זי האָט אָבער גענומען ביי אונדז דאָס וואָרט, אז מיר זאָלן איצט, פאַרן סדר, נישט דערוועגן זיך די ניס צו קנאַקן. שפּילן זיך אין ניס — וויפל דאָס האַרץ גלוסט. מיר לאָזן זיך גיין. די ניס לאָזן זיך הערן. אין דרויסן איז גוט. אין דרויסן איז וואַרעם. די זון האַלט שוין ווייט אין הימל, קוקט שוין אַראָפּ אויף יענער זייט שטאָט. ס'איז ברייט און גראָס און ווייך און פריי אַרום און אַרום. ערטערווייז שלאָגט זיך דורך פון באַרג, וואָס אויף יענער זייט שול, א גרעזעלע א גרינס, א פרישס, א צאַפּלדיקס. מיט א קוויטש און א צוויץ פליט דורך איבער אונ־דזערע קעפּ א גלייך שנירל פון קליינע שוועלבעלעך, און ווידער דערמאָן איך מיך אין דעם שיר־השירים פון חדר: „הנצנים — די שפּראָצונגען האָבן זיך שוין באַוויזן אויף דער ערד, די צייט פון דעם סאָלאָווייטשיק איז געקומען, און א קול פונעם ערשטן זומער־פויגל האָט זיך געלאָזט הערן אין אונדזער לאַנד". איך פיל מיך מאָדנע גרינג. עס דאַכט זיך מיר, אז איך האָב פליגלען אָט הויב איך מיך אויף און פלי.

ו.

פון שטאָט לאָזט זיך הערן א מאָדנער הילך. עס רוישט. עס קאָכט. עס זידט. ס'איז ערב־פּסח! א זעלטענער ערב־פּסח. א ליכטיקער טאָג. א וואַרעמער אין־דרויסן.

אין מיינע אויגן באַקומט אין דער מינוט די גאַנצע וועלט גאָר אַן אַנדער פּנים. אונדזער הויף איז א שלאָס. אונדזער שטוב איז א פּאַלאַץ. איך בין א פּרינץ. בוזי איז א פּרינצעסין. די קלעצער, וואָס ליגן אָנגעוואָרפן ביי דער שטוב, זענען מענטש־

ביימער און בוקסענביימער, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר=השירים. די קאַץ, וואָס ליגט ביי דער טיר און וואַרעמט זיך אויף דער זון, איז פון די פעלד=אינדן, פון די א י ל ו ת=ה ש ד ה, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר=השירים. דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט שול — דאָס איז דער לבנון, וואָס ווערט דערמאָנט אין שיר=השירים. די ווייבלעך און מיידלעך, וואָס שטייען אין דרויסן און וואַשן און פּרעסן און כשרן אויף פּסח — דאָס זענען די טעכטער פון ירושלים, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר=השירים. אַלעס, אַלעס איז פון שיר=השירים.

איך גיי, די הענט אין די קעשענעס, טרייסל מיט די ניס. די ניס קלינגען. בוזי גייט מיט מיר טריט ביי טריט, איך קאָן נישט גיין פּאַוואָליע עס טראָגט מיך אין דער לופטן. מיר ווילט זיך פליען, שוועבן, טראָגן זיך ווי אַן אָדלער. איך לאָז מיך לויפן. בוזי לויפט מיט מיר. איך שפּרינג אויף די צונויפגעלייגטע קלע=צער, פון איין קלאָץ אויפן אַנדערן. בוזי שפּרינגט מיט מיר. איך אַרויף, זי אַרויף. איך אַראָפּ, זי אַראָפּ. ווער ווערט זיך פריער איינמידן? איך האָב געטראָפן.

— ביז וואַנען איז דער שיעור?

אַזוי זאָגט צו מיר בוזי. און איך ענטפער איר מיטן לשון פון שיר=השירים:

— ע ד ש י פ ו ח ה י ו ם — ביז עס וועט אַ בלאָז טאָן דער טאָג, ו נ ס ו ה צ ל ל י ם — און עס וועלן אַנטלויפן די שאָטנס — באַ=באַ=באַ! דו האָסט זיך איינגעמידט, און איך נישט!

ז.

איך פיל מיך גליקלעך, וואָס בוזי קאָן נישט דאָס, וואָס איך. און אין דער זעלבער צייט האָב איך אויף איר רחמנות. עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ. עס דאַכט זיך מיר, אַז זי איז פאַר=זאָרגט. בוזי האָט שוין אַזאַ טבע: פריילעך=פריילעך — פּלוצעם זאָל זי זיך אַוועקזעצן אין אַ ווינקעלע און וויינען שטילערהייט. וויפל די מאַמע זאָל זי דעמלט נישט טרייסטן, וויפל דער טאַטע זאָל זי דעמלט נישט קושן — עס העלפט קיין זאַך נישט. בוזי מוז זיך אויסוויינען. נאָך וועמען? נאָכן טאַטן, וואָס איז אַזוי פרי געשטאָרבן? צי נאָך דער מאַמע, וואָס האָט חתונה געהאַט, אַוועקגעפאָרן און פאַרגעסן דעם זיי=געזונט? אָך, איר מאַמע, איר מאַמע? אַז מע דערמאָנט איר די מאַמע, ווערט זי אַלערליי קאָלירן. זי האַלט נישט פון איר מאַמע. זי רעדט נישט קיין

שלעכט וואָרט אויף דער מאמע, נאָר זי האלט נישט פון איר.
איך ווייס דאָס פאר געוויס. איך קאָן נישט ליידן, אז בוזי זיצט
פארזאָרגט. איך זעץ מיך אוועק נעבן איר אויף די קלעצער און
וויל איר צעשלאָגן די געדאנקען.

ח.

איך האלט די הענט אין די קעשענעס. קלינג מיט די ניס און
זאָג צו איר:

— טרעף, וואָס איך קאָן טאָן, אז איך וויל?

— וואָס קאָנסטו טאָן?

— אז איך וויל, גייען איבער אלע דיינע ניס צו מיר.

— וועסט זיי ביי מיר אָפּגעווינען?

— ניין. מיר וועלן אפילו נישט אָנהייבן שפּילן.

— וואָסזשע, וועסט זיי ביי מיר אוועקנעמען מיט געוואלד?

— ניין. זיי גייען אליין אריבער צו מיר.

זי הייבט אויף אירע שיינע אויגן אויף מיר. אירע שיינע
בלויע שיר־השירים אויגן.

איך זאָג צו איר:

— דו מיינסט, אפנים, אז איך טרייב קאַטאָוועס? איך האָב,
נארעלע, אזא שפּרוך... איך זאָג א פּסוק...

זי עפנט די אויגן נאָך שטארקער. איך פיל מיך גרויס. איך
גיב איר צו פארשטיין, ווי א העלד:

מיר, יינגלעך, קאָנען אלצדינג. ביי אונדז אין חדר איז דאָ
א חבר, שייקע דער בלינדער רופט מען אים (ער איז א בלינדער
אויף איין אויג), ווייסט ער אלצדינג. ס'איז גאָר נישטאָ אזא
זאך אויף דער וועלט, וואָס שייקע זאָל נישט ווייסן. אפילו קבלה.
ווייסטו, וואָס הייסט קבלה?

ניין. פון וואנען זאָל זי וויסן? איך פיל מיך אויפן זיבעטן
הימל. וואָס איך קאָן איר געבן א לעקציע וועגן קבלה.

— קבלה, נארעלע, איז אזא זאך, וואָס קומט צונויץ. מיט
קבלה קאָן איך מאכן אזוי, אז איך זאָל דיך זעען, און דו מיך
נישט. מיט קבלה קאָן איך צאַפּן וויין פון א שטיין און גאָלד
פון דער וואנט. מיט קבלה קאָן איך מאכן אזוי, אז מיר ביידע,
אזוי ווי מיר זיצן אָטאָ, זאָלן מיר זיך אויפהייבן ביז צו דער
כמארע און נאָך העכער פון דער כמארע!...

ט.

אויפהייבן זיך און דער הויך מיט בויזן דורך קבלה ביז דער במארע, און נאָך העכער פון דער במארע, און אוועקפליען מיט איר ווייט־ווייט, אויף יענער זייט אוקינוס, — דאָס איז געווען איינער פון מיינע בעסטע חלומות. דאָרט, אויף יענער זייט אוקינוס, הויבט זיך דאָך אָן דאָס לאנד פון די קארליקעס, וואָס קומען ארויס פון די גבורים פון דוד המלכס צייטן. די קארליקעס זענען דאָך במבע זייער גוטע מענטשעלעך. לעבן — לעבן זיי גאָר פון צוקערקעס מיט מאנדל־מילך, שפילן גאנצע טעג אויף קליינע פייפעלעך און טאנצן אלע איינעם א „קאראָהאָד". האָבן קיין מורא נישט פאר קיין זאך און האָבן ליב געסט. פון אונדז אז עס קומט עמעצער צו פאָרן, גיבן זיי אים עסן און טרינקען, שענקען אים די טייערסטע קליידער מיט אָן א שיעור זילבערנע און גאָלדענע כלים, און פארן אוועקפאָרן שטופן זיי אים אָן פולע קעשענעס מיט דימענטן און מיט בריליאנטן, וואָס וואַל־גערן זיך ביי זיי ווי, למשל, ביי אונדז מיסט אויף דער גאס.

— ווי מיסט אויף דער גאס? נו?

אזוי האָט מיר אמאָל א זאָג געטאָן בוזי, אז איך האָב איר דערציילט פון די קארליקעס.

— דו גלויבסט נישט?

— און דו גלויבסט?

— פארוואָס נישט?

— וו האָסטו דאָס געהערט?

— וואָס הייסט, וו? אין חדר.

— אך! אין חדר?...

נידעריקער, נידעריקער לאָזט זיך אראָפּ די זון און באפארבט דעם הימל מיט א רויטן פאס פון גין־גאָלד. דאָס גאָלד שיינט אָפּ אין בוזיס אויגן. זיי באָדן זיך אין גאָלד!

י.

מיר ווילט זיך זייער, אז בוזי זאָל נתפעל ווערן פון שייקעס מעטאָדע און פון די קונצן, וואָס איך קאָן מאכן מיט קבלה. בוזי אָבער הויבט נישט אָן נתפעל צו ווערן. אדרבה, עס ווייזט זיך מיר אויס, אז זי לאכט. וואָס דען באווייזט זי מיר אלע אירע פערל־דיקע ציינדלעך? עס הויבט מיך אָן פארדריסן און איך זאָג צו איר:

— דו גלויבסט מיר אפשר נישט?

בוזי לאכט.

— דו מיינסט אפשר, אז איך בארים זיך? אז איך טראכט אוים פון קאָפּ ליגנס?

בוזי לאכט נאָך שטארקער. ע! וויבאלד אזוי, דארף מען זיך מיט איר אָפּרעכענען! איך וויים שוין מיט וואָס. איך זאָג צו איר:

— דער חסרון איז, וואָס דו ווייסט נישט, וואָס הייסט קבלה. דו זאָלסט וויסן, וואָס קבלה איז, וואָלסטו אזוי נישט געלאכט. מיט קבלה, אז איך וויל, קאָן איך אראָפּברענגען אהער דיין מאמע. יאָ־יאָ. און אז דו וועסט מיך שטארק בעטן, ברענג איך דיר זי נאָך היינטיקע נאכט, רייטנדיק אויף א שטעקן.

מיטאמאָל הערט זי אויף צו לאכן. א וואָלקנדל איז איבער־געלאָפן איבער איר שיין ליכטיק פּנים, און עס ווייזט זיך מיר אוים, אז די זון איז פלוצים פארפאלן געוואָרן. אוים זון. אוים טאָג. איך האָב מורא, אז איך האָב א ביסל איבערגעכאפּט די מאָס. איך האָב נישט באדארפט אָנרירן איר ווייטיק — די מאמע אירע. איך האָב חרטה אויף דער מעשה. מע דארף עס פארגלעטן. מע דארף זיך מיט איר איבערבעטן. איך רוק מיך צו צו איר. זי קערט זיך אָפּ פון מיר. איך וויל זי נעמען ביי דער האנט. איך וויל איר זאָגן מיטן לשון פון שיר־השירים: „שובי, שובי, השולמית — קער זיך אים צו מיר, בוזי!...“ פלוצים הערט זיך א קול פון שטוב ארוים:

— שימעק! שימעק?

שימעק — דאָס בין איך. דאָס רופט מיך מיין מאמע, איך זאָל גיין מיטן טאטן אין שול אריין.

## יא.

דאָס גיין מיטן טאטן אין שול אריין ערב־פּסח דאווענען — וואָס קאָן שוין זיין א גרעסערער פארגעניגן? וואָס איז ווערט דאָס אליין, וואָס מען איז אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז פוס שפּאָגלניי, און ס'איז דאָ מיט וואָס צו באווייזן זיך פאר די חברים? היינט דאָס דאווענען? דער ערשטער יום־טובדיקער מעריב? דער ערשטער יום־טובדיקער ברכו? אך! וויפל תענוגים דער גוטער גאָט האָט אָנגעגרייט פון יידישע קינדערס וועגן!

— שימעק! שימעק?

די מאמע מיינע האָט קיין צייט נישט. „איך וועל גיין, איך וועלן באלד גיין, אָטאָ גיי איך! איך וויל נאָר זאָגן בוזין צוויי ווערטער. מער נישט ווי צוויי ווערטער“...

און איך זאָג איר צוויי ווערטער. איך בין זיך מודה פאַר איר, אַז דאָס, וואָס איך האָב איר אָט ערשט געזאָגט, איז נישט אמת. מאכן מיט קבלה אַזוי, אַז יענער זאָל פליען — דאָס קאָן מען נישט. אַליין — יאָ, איך אַליין זאָל פליען — דאָס קאָן איך. און דאָס וועל איך איר ווייזן. לאָז נאָר איבערגיין דער יום־טוב, אַזוי מאַך איך די ערשטע פּרווו. איך וועל זיך אויפֿהייבן פאַר איר אין די אויגן, אָט דאָ אויף דעם אָרט, ווו די קלעצער ליגן, און וועל אין איין מינוט זיין שוין אויף יענער זייט כמארע. פון דאָרט וועל איך זיך נעמען רעכטס, אהינצו־אָ — זעסטו? — דאָרט ענדיקט זיך אַלצדינג און עס הייבט זיך שוין אָן דער ים־הקרח.

יב.

בוזי הערט זיך צו מיט קאָפּ. די זון שיקט אירע לעצטע שטראַלן, צעקושט זיך מיט דער ערד.

— וואָס הייסט דאָס ים־הקרח? — פרעגט מיך בוזי.

— ים־הקרח ווייסט דו נישט? ים־הקרח הייסט דער פאַרגליווערטער ים. דאָס וואַסער איז גערדיכט אַזוי ווי לעבער און געזאַלצן אַזוי ווי ליאַן. קיין אָקרעטן גייען נישט אויף אים. און מענטשן, אַז זיי כאַפּן זיך אַהין אַריין, קאָנען זיי שוין צוריק נישט קומען קיינמאָל.

בוזי קוקט אויף מיר מיט גרויסע אויגן.

— למאי זשע זאָלסטו גיין אַהין?

— איך גיי דען, נאַרעלע? איך פלי דאָך. איך פלי פון אויבן, אַזוי ווי אַן אָדלער. אין עטלעכע מינוט בין איך דאָך שוין ווידער אויף דער יבשה. דאָרט הויבן זיך אָן די צוועלף הויכע בערג, וואָס שפּריצן מיט פייער, און אויפן צוועלפטן באַרג, סאַמע ביים שפּיץ, שטעל איך זיך אָפּ און גיי צו־פוס זיבן מייל, ביז איך קום צו אַ געדיכטן וואַלד. נאָכדעם גיי איך וואַלד־איין, וואַלד־אויס, ביז איך קום־צו צו אַ קליין וואַסערל. דאָס וואַסערל שווים איך איבער און צייל אָפּ זיבן מאָל זיבן, וואַקסט אויס פאַר מיר אַן אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגע באָרד און פרעגט מיך: „וואָס איז דיין באַגער? זאָג איך אים: „פיר מיך אָפּ צו דער בת־מלכה“.

— וואָסער בת־מלכה?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און עס דאכט זיך מיר, אז זי איז דערשראָקן.

— די בת־מלכה — דאָס איז די שיינע פּרינצעסין, וואָס מע האָט זי אויפגעכאפּט פון אונטער דער חופּה און מע האָט זי פארכשופט און אוועקגעפירט און ארייגעזעצט אין א קריש־טאָלענעם פּאַלאַץ, שוין זיבן יאָר...

— וואָסזשע געהער זיך עס אָן מיט דיר?

— וואָס הייסט, וואָס געהער זיך עס אָן מיט מיר? איך דארף דאָך זי באפרייען.

— דו דארפסט זי באפרייען?

— ווער דען?

— מע דארף נישט פליען אזוי ווייט. פאָלג מיך, מע דארף נישט!...

יג.

און בוזי נעמט מיך אָן ביי דער האנט, און איך פיל, ווי איר קליין ווייס הענטל איז קאלט. איך קוק איר אין די אויגן אריין און איך זע, ווי עס שיינט זיך אָפּ אין זיי די גין־גאָלדענע זון, וואָס געזעגנט זיך מיטן טאָג, מיטן ערשטן ליכטיקן ווארעמען ערב־פּסח טאָג. ביסלעכווייז שטארבט אָפּ דער דאָזיקער טאָג. ווי א ליכט ווערט אויסגעלאָשן די זון. דער הילך, וואָס איז געשטאנען דעם גאנצן טאָג, ווערט פארשטאָרבן. מע זעט שוין נישט כמעט קיין לעבעדיקן מענטשן אויף דער גאס. אין די פענצטער פון די הייזלעך באווייזן זיך פייערלעך פון די יום־טובדיקע בענטשליכט. א מאָדנע, א הייליקע שטילקייט רינגלט אונדז ארום, מיך מיט בוזין, און מיר פילן זיך פעסט צונויפגעגאָסן מיט דער דאָזיקער יום־טובדיקער שטילקייט.

— שימעק! שימעק?

יד.

דאָס דריטע מאָל שוין, אז די מאמע רופט מיך, איך זאָל גיין מיטן טאטן אין שול אריין. ווייס איך דען אליין נישט, אז מע דארף גיין אין שול אריין? איך וועל דאָ זיצן נאָך א מינוט, איין מינוט, נישט מער. דערהערט בוזי, אז מע רופט מיך, רייסט זי ארויס איר האנט, כאפּט זיך אויף און טרייבט מיך:

— שימעק, דיך רופט מען דאָס, דיך. גיי־גיי. שוין צייט. גיי־גיי.

איך קלויב מיך גיין. אויסגעבלאָזן האָט דער טאָג. אויסגע־לאָשן האָט די זון. פונעם גאָלד איז געוואָרן בלוט. א ווינטעלע האָט א בלאָז געטאָן, א גרינס, א קילס. בוזי טרייבט מיך, איך זאָל גיין. איך וואַרף אויף איר דעם לעצטן בליק. גאָרנישט די בוזי, וואָס פריער. אן אנדער פּנים מיט אן אנדער חן באקומט זי אין מיינע אויגן אינעם דאָזיקן פארכשופטן אָוונט. „די פאר־כשופטע פּרינצעסין" — פליט מיר דורך א געדאנק אין קאָפּ. בוזי לאָזט מיך אָבער גישט לאנג מיט מיינע געדאנקען. זי טרייבט מיך, זי טרייבט מיך, איך זאָל גיין. איך לאָז מיך גיין און קוק מיך אום צוריק אויף דער פארכשופטער פּרינצעסין, וואָס האָט זיך אינגאנצן צעגויפגעגאָסן מיטן דאָזיקן פארכשופטן פּסח־אָוונט, און איך בלייב שטיין א פארכשופטער. ווייזט זי מיר אָבער מיט דער האנט איך זאָל גיין! איך זאָל גיין!... און עס מאָלט זיך מיר אויס, אז איך הער איר קול, ווי זי זאָגט צו מיר מיטן לשון פון שיר־השירים:

— ברח דודי — אנטלויף, מיין געליבטער! ודמה לך לצבי — און זיי געגליכן צו א הירש, אָדער צו א אינד אויף די בשמים־בערג!...

צווייטער טייל.

# מיר רייסן גרינס.

א.

— גיכער, בוזי, גיכער! — זאָג איך צו בוזין א טאָג פאר שבועות און נעם זי פאר א האנט, און מיר לאָזן זיך האסטיק בארג־ארויף. — דער טאָג שטייט גישט, נארעלע. מיר דארפן דורכגיין אזא בארג, און נאָכן בארג האָבן מיר נאָך א טייכל. איבערן טייכל גייט א קלאדקע פון ברעטער, הייסט עס „דאָס בריקל". דאָס טייכל לויפט, די זשאבעס קוואקען, די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך, און ערשט דאָרט, אויף יענער זייט בריקל — דאָרט איז ערשט דער אמתר גן־עדן, בוזי! דאָרט ערשט הויבן זיך אָן מיינע מאיאָנטקעס.

— דיינע מאיאָנטקעס?

— מיין איך, די „לעוואדע“. א גרויס פעלד, וואָס ציט זיך, ציט זיך אָן א סוף. אָן א ברעג. מיט א גרינער קאָלדרע איז דאָס איבערגעצויגן. מיט געלינקע שפּרענקעלעך איז דאָס באַשפּרענקלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז דאָס באַצוויקלט. און ריחות זאָלסטו הערן דאָרטן — די שענסטע בשמים פון דער וועלט! און ביימער האָב איך דאָרטן, אָן א שיעור ביימער הויכע, צווייגנדיקע ביימער. און א בערגל האָב איך מיר דאָרט, וואָס איך זיץ אויף דעם. ווייל איך, זיץ איך מיר. ווייל איך, הויב איך מיך אויף דורכן „שם־המפורש“ און פלי מיר, ווי אן אָדלער, העכער פון דער כמארע. איבער פעלדער און וועלדער, איבער ימים און מדבריות, ביז איך קום אויף יענער זייט הרי־הושך...

— און פון דאָרטן — שלאָגט מיך איבער בוזי — גייסטו צו פוס זיבן מייל, ביז דו קומסט צו א וואסערל.

— ניין, צו א געדיכטן וואלד... פריער גיי איך וואלד־איין, וואלד־אויס, און ערשט נאָכדעם קום איך צו א וואסערל...

— דאָס וואסערל שווימסטו אריבער און ציילסט אָפּ זיבן מאָל זיבן...

— וואקסט אויס פאר מיר אן אלטיטשקער מיט א לאנגע באָרד...

— פרעגט ער דיך: „וואָס איז דיין באגער?“

— זאָג איך אים: „פיר מיך אָפּ צו דער בת־מלכה“...

בוזי רייסט ארויס איר האנט פון מיין האנט און לאָזט זיך לויפן באַרג־אַראָפּ. איך לויף איר נאָך.

— בוזי, וואָס לויפסטו אזוי?

בוזי ענטפערט נישט. זי איז ברוגז. זי האָט פיינט די בת־מלכה. אלע מעשיות האָט זי ליב, נאָר נישט די בת־מלכה...

ב.

ווער בוזי איז — דארפט איר געדענקען. איך האָב אייך שוין אמאָל דערציילט. נאָר טאָמער האָט איר פארגעסן, הזר איך אייך איבער נאָך אמאָל.

איך האָב געהאַט אן עלטערן ברודער — בעני. איז ער דערטרונקען געוואָרן. נאָך אים איז געבליבן א וואסער־מיל, א יונגע אלמנה, צוויי פערדלעך און איין קינד. האָט מען די מיל אָפּגעלאָזט. די פערדלעך פארקויפט. די אלמנה האָט חתונה

געהאט ערגעץ ווייט. און דאָס קינד האָט מען געבראַכט צו אונדז. דאָס איז געווען בוזי.

כאַ־כאַ־כאַ! אַלע מיינען, אַז איך און בוזי זענען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. מיין טאַטן טאַטע רופט זי טאַטע. מיין מאַמען רופט זי מאַמע. און מיר צווישן זיך לעבן, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, און האָבן זיך ליב, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער? פאַרוואָסזשע שעמט זיך פאַר מיר בוזי?

איין מאָל האָט זיך געטראָפן אַ מעשה. מיר זענען געבליבן אַליין, אַליין אין צווייען איבער דער גאַנצער שטוב. פאַרנאַכט־לעך איז דאָס געווען. פונצטערלעך שוין. דער טאַטע איז געגאַנגען אין שול זאָגן קדיש נאָך מיין ברודער בעני, און די מאַמע — נאָך שוועבעלער. איך און בוזי האָבן זיך פאַר־שלאָגן אין אַ ווינקעלע און איך דערצייל איר מעשיות. בוזי האָט ליב, אַז איך דערצייל איר מעשיות. שיינע מעשיות פונעם חדר, מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט. זי רוקט זיך צו צו מיר גאַנץ נאָענט. איר האַנט איז אין מיין האַנט.

— דערצייל, שימעק, דערצייל.

שטיל לאָזט זיך אַראָפּ די נאַכט. פּאַוואָליע קלעטערן אויף די ווענט די שאָטנס, ציטערן, פּויזשען אויף דער ערד און צעקריכן זיך. קוים־קוים וואָס מיר זעען זיך. נאָר איך פיל, איר הענטל ציטערט, און איך הער, איר הערצל קלאַפּט, און איך זע, אירע אויגן אין דער פינצטער גלאַנצן. פּלוצים רייסט זי אַרויס איר האַנט פון מיין האַנט. „וואָס איז, בוזי?“ „מע טאָר נישט“. „וואָס טאָר מען נישט?“ „האַלטן זיך ביי די הענט“. „פאַרוואָס? ווער האָט דיר געזאָגט?“ „איך ווייס אַליין“. „מיר זענען דען פרעמדע? מיר זענען דען נישט שוועסטער און ברודער?“ „ע! ווען מיר זאָלן זיין שוועסטער און ברודער!“... — ציט אויס בוזי, און עס הערט זיך מיר אין אירע ווערטער דאָס לשון פון שיר־השירים: „מ י י ת נ ך כ א ח ל י — פאַרוואָס ביסט דו נישט מיר אַ ברודער?“

תמיד אַזוי. רעד איך פון בוזין, דערמאָן איך מיך אין שיר־השירים.

ג.

וווזשע האַלטן מיר? ערב־שבועות. מיר לויפן באַרג־אַראָפּ. פריער בוזי, נאָכדעם איך. בוזי איז אויף מיר ברוגז פאַר דער

בת־מלכה. אלע מעשיות האָט זי ליב, גאָר נישט די בת־מלכה. בוזים ברוגז זיין, איך זאָלט גאָר קיין יסורים נישט האָבן, הויערט נישט אפילו אזוי פיל, ווי איך רעד צו אייך. אָט קוקט זי שוין ווידער אויף מיר מיט אירע גרויסע ליכטיקע פאַר־טראכטע אויגן. פאַרוואַרפט די האָר אַרונטער און זאָגט צו מיר:

— שימעק! אוי, שימעק! טו נאָר א קוק. זע א הימל. דו זעסט גאַרנישט וואָס אין דרויסן טוט זיך.

— איך זע, נארעלע. וואָס דען, איך זע נישט? איך זע א הימל, איך פיל א ווארעם ווינטעלע, איך הער פייגעלעך פישטשען און צווישען און טראָגן זיך איבער אונדזערע קעפּ. דאָס איז אונדזער הימל, אונדזער ווינטעלע, אונדזערע פייגע־לעך — אלצדינג איז אונדזערס, אונדזערס, אונדזערס! גיב אהער דיין האנט בוזי!...

ניין. זי גיט מיר נישט די האנט. זי שעמט זיך. למאי שעמט זיך פאר מיר בוזי? למאי איז זי רויט געוואָרן?

— דאָרטן — זאָגט מיר בוזי און לויפט פאָרויס — דאָרטן, אויף יענער זייט בריקל... און עס דאכט זיך מיר אויס, אז זי רעדט צו מיר מיטן לשון פון שולמית, וואָס אין שיר־השירים: „לכה דודי — קום, טייערער! לאָמיר גיין אין פעלד ארויס! לאָמיר נעכטיקן אין די דערפער! לאָמיר זיך פעדערן אין די ווייגערטנער! לאָמיר זעען, אויב דער ווייגשטאָק בליט? אויב דער ווייגצוויג האָט זיך פאנאנדערגעגומען? אויב די מיל־גראָמען שפּראָצן?“...

און אָט זענען מיר ביים בריקל.

ד.

דאָס טייכל לויפט, די זשאבעס קוואקען און די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך און בוזי ציטערט.

— איי ביסט דו, בוזי, א... וואָס האָסטו מורא, נארעלע? האלט זיך אָן אָן מיר, אָדער גיב, לאָם איך דיך ארומנעמען. איך דיך און די מיך. זעסטו? אָט אזוי. אָט אזוי.

אויס בריקל.

און אזוי ווי מיר האָבן זיך ארומגענומען, אזוי גייען מיר שוין אין צווייען, איינע אליין איבער דעם דאָזיקן גן־עדן. בוזי האלט זיך אָן מיר שטארק, זייער שטארק. זי שווייגט. נאָר עס דאכט זיך מיר, אז זי זאָגט צו מיר מיטן לשון פון שיר־

השירים: „אני לדודי ודודי לי — איך בין דיינע און דו ביסט מיינער"...

די לעוואדע איז גרויס. זי ציט זיך אָן א סוף, אָן א ברעג. מיט א גרינע קאָלדרע איז זי איבערגעצויגן. מיט געלינקע שפּרענקעלעך איז זי באשפּרענקלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי באצוויקלט. און ריחות שמעקן דאָ, די שענסטע בשמים פון דער וועלט! און מיר גייען ביידע ארומגענומען, איינע אליין, אין צווייען, אינעם דאָזיקן גן־עדן.

— שימעקו! — זאָגט מיר בוזי און קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין און רוקט זיך צו צו מיר נאָך נעענטער. — ווען וועלן מיר אָנהויבן רייסן גרינס אויף שבועות?

— דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס, נארעלע! — זאָג איך צו איר און איך ברען. איך ווייס נישט, וווהין זאָל איך קוקן פריער: צי אין דער יארמלקע פונעם בלויען הימל? צי אויף דער גרינער קאָלדרע פונעםברייטן פעלד? צי אהין, אין עק וועלט אריין, דאָרטן, ווו דער הימל גייט זיך צעגזייף מיט דער ערד? צי אין בוזים ליכטיק פּנים זאָל איך אריינקוקן, אין בוזים שיינע גרויסע אויגן, וואָס ווייזן מיר אויס טיף, ווי דער הימל, און פארטראכט, ווי די נאכט? תמיד זענען אירע אויגן פארטראכט. א טיפע זאָרג ליגט אין זיי פארבאָרגן. מיט א שטילן טרויער זענען זיי איבערגעצויגן. איך ווייס איר זאָרג, מיר איז באקאנט איר טרויער. זי טראָגט א גרויסן ווייטיק אין הארצן. א פארדראָס אויף איר מאמע, וואָס האָט חתונה געהאט פאר א פרעמדן טאטן און איז אוועקגעפאָרן פון איר אויף שטענדיק, אויף אייביק, גלייך ווי זי וואָלט איר אָנגעקערט א פרעמדע. אין שטוב טאָר איר מוטערס נאָמען נישט דערמאנט ווערן, גלייך ווי זי וואָלט גאָר קיין מאָל נישט געהאט קיין מאמע. מיין מאמע — דאָס איז איר מאמע. מיין טאטע — דאָס איז איר טאטע. און זיי האָבן זי ליב, ווי אן אייגן קינד, ציטערן איבער איר, געבן איר נאָך, וואָס איר הארץ גלוסט. נישטאָ קיין צו טייערס פאר בוזין. בוזי האָט געזאָגט, אז זי וויל גיין מיט מיר אָגרייסן גרינס אויף שבועות (דאָס האָב איך זי ארויסגעפירט דערויף), האָט דער טאטע א זאָג געטאָן צו דער מאמע: „ווי מיינסטו? און בעת מעשה האָט ער אריבערגעקוקט אריבער די זילבערענע ברילן און געגלעט זיך די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד. און עס גייט אוועק א שמועס צווישן טאטע־מאמע ווענן

אונדזער גיין אליין הינטער דער שטאָט ארויס אָנרייסן גרינס אויף שבועות:

דער טאטע: וואָס זאָגסטו?
די מאמע: וואָס זאָגסטו?
דער טאטע: זאָל מען זיי לאָזן גיין?
די מאמע: פארוואָס זאָל מען זיי נישט לאָזן גיין?
דער טאטע: איך זאָג דען, אז גיין?
די מאמע: וואָסזשע דען זאָגסטו?
דער טאטע: איך זאָג נאָר, צי זאָלן זיי גיין?
די מאמע: פארוואָס זאָלן זיי נישט גיין?

און אזוי ווייטער. איך ווייס, וואָס זיי קוועטשט. אפשר צוואנציק מאָל זאָגט מיר אָן דער טאטע, און נאָכן טאטן אויך די מאמע, אז דאָרט איז דאָ א בריקל, און אונטערן בריקל איז דאָ א וואסער — א טייכל, א טייכל, א טייכל...

## ה.

מיר, איך און בוזי, האָבן שוין לאנג פארגעסן דאָס בריקל מיטן וואסער, מיטן טייכל. מיר טראָגן זיך איבער דער ברייטער פרייער לעוואדע, אונטערן ברייטן פרייען הימל. מיר לויפן איבערן גרינעם פעלד, פאלן און קאטשען זיך אינעם שמעקנדיקן גראָז. מיר שטייען אויף, פאלן און קאטשען זיך נאָך אמאָל און נאָך אמאָל, און קיין גרינס אויף שבועות הויבן מיר נאָך אלץ נישט אָן צו רייסן. איך פיר בוזין אין דער לענג און אין דער ברייט איבער דער לעוואדע. איך באַרים זיך פאר איר מיט מיינע מאיאָנטקעס.

— זעסטו אָט די ביימער? זעסטו אָט דעם זאמד? זעסטו אָט דאָס בערגל?

— איז דאָס אינגאנצן דיינס?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און אירע אויגן לאכן. מיר פארדריסט עס, וואָס זי לאכט. תמיד איז ביי איר אזא טבע לאכן פון מיר. איך בלאָז זיך אָן און קערעווע מיך אָפּ אויף א ווײַלע פון בוזין. שטייסט זיך בוזי, אז איך בין ברוגז. פארגייט זי צו מיר פון פאָרנט, פארקוקט מיר אין די אויגן ארײַן און נעמט מיך אָן ביי דער האנט און זאָגט צו מיר: „שימעק!“... פליט אוועק דער רוגז און אלץ ווערט פארגעסן. און איך נעם זי פאר דער האנט און איך פיר זי צו מיין בערגל,

דאָרטן, ווו איך זיץ מיר תמיד, אַלע יאָר. ווייל איך, זיץ איך מיר, ווייל איך הייב איך מיך אויף דורכן „שם־המפורש“ און פלי מיר, ווי אַן אָדלער, העכער פון דער כמארע, איבער פעלדער און וועלדער, איבער ימים און מדבריות...

ו.

דאָרטן, אויפן בערגל, זיצן מיר, איך און בוזי (קיין גרינס אויף שבועות האָבן מיר נאָך אַלץ נישט אָנגעריסן), און דער־ציילן מעשיות. דאָס הייסט: איך דערצייל און זי האָרכט. איך דערצייל איר פון דעם, וואָס וועט זיין אַמאָל, אַמאָל, אַז איך וועל זיין אַ גרויסער און זי אַ גרויסע און מיר וועלן זיך נעמען... מיר וועלן זיך באַלד אויפהייבן דורכן שם־המפורש אַריבער דער כמארע און וועלן אַרומרייזן די גאַנצע וועלט. פריער וועלן מיר זיין אין אַלע לענדער, ווו אַלכסנדר מוקדון איז געווען. און נאָכדעם וועלן מיר געבן אַ פאָר־איבער קיין ארץ־ישראל. דאָרטן וועלן מיר זיין אויף אַלע בשמים־בערג, אין אַלע ווייַנגערטנער, אָנשטופּן פולע קעשענעס מיט באָקסערן, פייגן, טייטלען און אייַלבירטן און אוועקפליען פון דאָרטן נאָך ווייטער און ווייטער. און אומעטום וועלן מיר אָפּטאָן אַן אַנדער שפּיצל, וואָרום קיינער וועט דאָך אונדז נישט זען...

— קיינער וועט אונדז נישט זען? — פרעגט מיך בוזי און כאַפּט מיך אָן פאַר די הענט.

— קיינער, קיינער! מיר וועלן זען אַלעמען, און אונדז וועט נישט זען קיינער!

— ווייבאַלד אַזוי, שימעק, האָב איך צו דיר אַ בקשה.

— אַ בקשה?

— אַ קליינע בקשה....

נאָר איך ווייס פריער איר בקשה. זי וויל, אַז מיר זאָלן זיך דורכפאָרן אַהין, ווו איר מאַמע האָט חתונה געהאַט, אָפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל איר שטיפטאַטן...

פאַרוואָס נישט? — זאָג איך צו איר. — מיטן גרעסטן כבוד! אויף מיר מעגסטו זיך שוין פאַרלאָזן, נאַרעלע. איך קאָן זיי אָפּטאָן אַזעלכעס, אַז זיי זאָלן מיך האָבן צו געדענקען!

— נישט זיי, נאָר אים, אים אַליין. — בעט זיך ביי מיר בוזי. נאָר נישט אַזוי גיך פּועלט זי דאָס ביי מיר. מיך, אַז מע צעבעסט, איז מיט סכנות־נפשות! וואָס הייסט, איך וועל איר אָפּשווייגן אַזאַ מעשה? אַ פּאָטעפּאַלנעסט פון אַ ווייבל —

נעמען און חתונה האָבן מיט אן אנדער מאַטן, פאַרפאָרן צו אַלדי שוואַרצע יאָר און אוועקוואַרפן א קינד, נישט אריינשרייבן קיין בריוול אפילו! היתכן? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אזא רציחה?!...

ז.

אומזיסט האָב איך מיך אזוי צעפלאַקערט. איך האָב חרטה, ווי הינט עסן מיך. נאָר ס׳איז שוין פאַרפאַלן. בוזי האָט פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט. זי וויינט? איך וואָלט געגומען און צעריסן זיך אליין אויף שטיקלעך! צו וואָס האָט מיר געטויגט אָנרירן איר ווייטיק — די מאַמע אירע? שטיל אין הארצן ביי זיך רוף איך מיך אָן מיט אלע מיאוסע נעמען: „פערד! בהמה! אָקס! קאַלב! לעקיש! לאנגע צונג!“... איך רוק מיך צו צו איר. איך נעם זי אָן ביי דער האַנט: „בוזי! בוזי!“ איך וויל איר זאָגן מיטן לשון פון שיר־השירים: „הראיני את מראיך — לאָז מיך זען דיין פּנים, השמיעיני את קולך — לאָז מיך הערן דיין שטים“...

פּלוצים... פון וואַנען האָבן זיך גענומען אהער דער טאַטע מיט דער מאַמע?

ח.

דעם טאַטנס זילבערנע ברילן גלאַנצן פון דער ווייטן. די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבערנער־באָרד האָבן זיך צעלאָזט אויפן ווינטל. און די מאַמע מאַכט צו אונדז פון דער ווייטן מיט דער פאַטשיילע. מיר ביידע. איך און בוזי, זענען געבליבן זיצן, ווי געלעמט. וואָס טוען דאָ טאַטע־מאַמע?

דאָס זענען זיי געקומען צו אונדז אהער, געוווּיר ווערן, וואָס מיר מאַכן. צי האָט זיך נישט געטראָפן מיט אונדז, חס־ושלום, עפּעס אן אומגליק? א קשיא אויף א מעשה — א בריקל, א וואַסער, א טייכל, א טייכל, א טייכל...

מאָדנע טאַטע־מאַמע!

— און ווו איז אייער גרינס?

— וואָסער גרינס?

— דאָס גרינס, וואָס איר זענט געגאַנגען אָנרייסן אויף שבועות?...

מיר ביידע, איך און בוזי, קוקן זיך איבער. איך פאַרשטיי אירע אויגן. איך פאַרשטיי איר קוק. און עס דאַכט זיך מיר,

אז איך הער, ווי זי זאָגט צו מיר מיטן לשון פון שיר־השירים:
„מי יתנך כאח לי — אָ, ווען דו ביסט מיר א ברו־דער... פאַרוואָס ביסטו מיר נישט קיין ברודער?"...
— מילא, גרינס אויף שבֿעות וועט שוין מסתמא ווי עס איז זיין. — זאָגט דער טאַטע מיט א שמייכל, און די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד גלאַנצן אָפּ אין די לוסטיקע שטראַלן פון דער גינגאָלדענער זון. — אבי, געלויבט דער אויבערשטער, די קינדער זענען געזונט און ס'איז זיי חלילה קיין זאך נישט געשען.
— געלויבט איז גאָט! — ענטפערט אים די מאמע און ווישט זיך מיט דער פאַטשיילע דאָס רויטע פאַרשוויצטע פּנים.
און ביידע קוועלן זיי אָן, ווערן ברייטער ווי לענגער.
מאָדנע, מאָדנע טאַטע־מאמע!

דריטער טייל.

## אין דער דאָזיקער נאכט.

### א.

„לבני היקר מוהר"ר...
„איך שיק דיר 00 רו"כ און בעט דיך, מיין זון, זאָלסט מיר טאָן צוליב און קומען צו פאָרן אהיים אויף פּסח. עס איז מיר א בזיון פאר דער וועלט אויף מיינע עלטערע יאָרן. מע האָט איין שטיקל זון א בן־יחיד, און מען איז נישט זוכה אים צו זען. אויך די מאמע בעט דיך רחמים, אז דו זאָלסט למען־השם קומען צו פאָרן אויף פּסח. און זיי וויסן, אז בוזין קומט מזל־טוב, זי איז למזל א כלה געוואָרן. אם־ירצה־השם שבת נאָך שבועות איז די חתונה.
מימני אביך..."

. . . . . . . . . . . . . . .

אָט דאָס שרייבט צו מיר מיין טאַטע — דאָס ערשטע מאָל אזוי שאַרף. דאָס ערשטע מאָל פאר דער גאַנצער צייט, פון זינט מיר זענען זיך צעגאַנגען. און צעגאַנגען זענען מיר

זיך מיטן טאטן שטיל, נישט געקריגט זיך. איך האָב ווידער־שפּעניקט זיין געבאָט. נישט געוואָלט גיין אין זיינע וועגן. גע־גאנגען מיין אייגענעם וועג — זיך אוועקגעלאָזט לערנען. פריער איז ער געווען ברוגז, געזאָגט, אז ער וועט מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין, סיידן ער וועט ליגן אויפן טויטן־בעט. דער־נאָך האָט ער מיר מוחל געווען. דערנאָך האָט ער מיר אָנגע־הויבן שיקן געלט: „איך שיק דיר 00 רו״כ און עס לאָזט דיר גריסן די מאמע גאָר פריינדלעך". קורצע, טרוקענע בריוו. אויך מיינע בריוו צו אים זענען געווען קורצע, טרוקענע בריוו: „דיין בריוו מיט די 00 רו״כ האָב איך מקבל געווען און לאָז גריסן דער מאמען גאָר פריינדלעך".

קאַלט, מוראדיק קאַלט זענען געווען אונדזערע ביידנס בריוולעך. ווער האָט צייט געהאט דאָס צו באמערקן אין דער וועלט פון חלומות. ווו איך האָב מיך געפונען? נאָך דעם טא־טענס בריוו אצינד האָט מיך אויפגעוועקט. נישט אזוי דעם טאטנס קלאָגן זיך, וואָס ס'איז אים א בזיון פאר דער וועלט (איך בין זיך מודה). און נישט אזוי דער מאמעס בקשה, וואָס זי בעט רחמים — קיין זאך האָט מיך אזוי נישט גענו־מען (איך בין זיך מודה), ווי די עטלעכע ווערטער: „און זיי־ויסן, אז בוזין קומט מזל־טוב"...

בוזי — אָט די בוזי, וואָס איר גלייכן איז נישטאָ אין ער־גען נישט, סיידן אין שיר־השירים. אָט די בוזי, וואָס איז איינגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט מיינע יונגע יאָרן. אָט די בוזי, וואָס איז אלע מאָל געווען די פארכשופטע בת־מלכה פון אלע מיינע וונדערלעכע בבא־מעשיות, די שענסטע פרינ־צעסין פון מיינע גאָלדענע חלומות — אָט די בוזי איז איצט א כלה? עמעצנס, נישט מיינע?!...

ב.

ווער איז בוזי? — אך, איר ווייסט נישט, ווער בוזי איז? איר האָט פארגעסן? איך מוז אייך נאָך אמאָל איבערדער־ציילן איר ביאָגראפיע אין קורצן, און מיט דעם אייגענעם לשון, וואָס איך האָב אייך דערציילט אמאָל, מיט יאָרן צוריק.

איך האָב געהאט אן עלטערן ברודער — בעני. איז ער דערטרונקען געוואָרן. נאָך אים איז פארבליבן א וואסער־מיל, א יונגע אלמנה, צוויי פערדלעך און איין קינד. האָט מען די

מיל אָפּגעלאָזט, די פּערדלעך פאַרקויפט. די אַלמנה האָט חתונה געהאַט און איז אַוועקגעפאָרן ערגעץ ווייט. און דאָס קינד האָט מען געבראַכט צו אונדז אין שטוב אַריין.

דאָס איז בוזי.

און שיין איז בוזי, ווי די שיינע שולמית, וואָס פון שיר־השירים. אַלע מאָל, ווען איך האָב געזען בוזין, האָב איך מיך געמוזט דערמאָנען אין דער שולמית, וואָס פון שיר־השירים. און אַלע מאָל, ווען איך האָב געלערנט אין חדר דעם שיר־השירים, איז מיר געקומען אַקעגן בוזי.

איר נאָמען איז פאַרצוויגן פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. מיט מיר אינאיינעם איז זי געוואַקסן, מיין טאַטן רופט זי טאַטע. מיין מאַמען רופט זי מאַמע. אַלע האָבן געמיינט, אַז מיר זענען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. און מיר האָבן זיך ליב געהאַט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער פלעגן מיר זיך פאַרקלויבן אין אַ ווינקעלע, און דאָרט פלעג איך איר דערציילן בבא־מעשיות פון חדר, פון מיין חבר שייקע, וואָס ווייסט אַלצדינג, אפילו קבלה. דורך קבלה, האָב איך איר געזאָגט, קאָן איך מאַכן קונצן: צאַפּן ווין פון אַ שטיין און גאָלד פון דער וואַנט. מיט קבלה, האָב איך איר געזאָגט, קאָן איך מאַכן אַזוי, אַז מיר ביידע זאָלן זיך אויפהויבן ביז דער כמאַרע, און נאָך העכער פון דער כמאַרע. אַך, האָט זי ליב געהאַט הערן פון מיר מעשיות! איין מעשה נאָר האָט בוזי פיינט געהאַט פון מיר צו הערן: פון אַ בת־מלכה, פון אַ פּרינצעסין, וואָס מע האָט זי פאַרכשופט, אויפגעכאַפּט פון אונטער דער חופּה און אַריינגעזעצט אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ אויף זיבן יאָר, און איך פלי זי אויסלייזן... אַלצדינג האָט בוזי ליב געהאַט צו הערן, נאָר נישט פון קיין פאַרכשופטער בת־מלכה, וואָס איך זאָל דאַרפן פליען זי אויסלייזן. „מע דאַרף נישט פליען אַזוי ווייט, פאָלג מיך, מע דאַרף נישט“!... אַזוי האָט געזאָגט צו מיר בוזי, אַוועקגעשטעלט אויף מיר אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן.

אָט דאָס איז בוזי.

איצט שרייבט מען מיר, אַז עס קומט איר מזל־טוב. זי איז אַ כלה געוואָרן. בוזי איז אַ כלה. עמעצנס, נישט מיינע! האָב איך מיך אַוועקגעזעצט און אָפּגעענטפערט דעם טאַטן מיט אַ בריוו:

„לכבוד אבי היקר מוהר"ר...

דיין בריוו מיט 00 רו"כ האָב איך מקבל געווען. אין עטלעכע טעג אַרום, ווי נאָר איך ווער פּאַרטיק, אַזוי קום איך צו פאָרן. אויף די ערשטע טעג פּסח, אָדער אויף די אַנדערע — נאָר זיין ווען איך. איך לאָז גריסן דער מאמען גאָר פריינדלעך. און בוזין — מזל־טוב. איך ווינטש איר גליק...

ג.

ס'א ליגן. נישט איך האָב געהאַט מיט וואָס פאַרטיק צו ווערן. נישט איך האָב געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג. דעם זעלבן טאָג, וואָס איך האָב באַקומען פונעם טאַטן דעם דאָזיקן בריוו און געענטפערט מיט מיין בריוו, האָב איך מיך אויפגעזעצט און בין געפלויגן אהיים און בין געקומען צו פליען פונקט דעם טאָג, וואָס ערב יום־טוב. אין א וואַרעמען ליכטיקן ערב־פּסחדיקן טאָג.

און האָב געטראָפן מיין שטעטל פונקט אַזוי, ווי איך האָב עס איבערגעלאָזט אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. נישט פאַרענדערט אויף א האָר, נישט געמינערט א טראָפּן. די אייגענע שטאָט. די אייגענע מענטשן. דער אייגענער ערב־פּסחדיקער אין־דרויסן מיטן אייגענעם ערב־פּסחדיקן טאַראַראַם.

איין זאַך נאָר האָט געפעלט: דער שיר־השירים. ניין. עס איז שוין נישט מער שיר־השירימדיק, ווי ס'איז געווען אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. אונדזער הויף איז שוין נישט מער שלמה המלכס וויינגאָרטן, וואָס אין שיר־השירים. דאָס האָלץ מיט די קלעצער, מיט די ברעטער, וואָס ליגן אָנגעוואָרפן ביי אונדזער שטוב, איז שוין נישט מער טענענביימער און בוקסנביימער. די קאַץ, וואָס ליגט ביי דער טיר און וואַרעמט זיך אויף דער זון, איז שוין נישט מער פון די פעלד־אינדן, וואָס באַגעגענען זיך אין שיר־השירים. דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט שול, איז שוין נישט מער דער לבנון. נישט מער פון די בשמים־בערג... די ווייבלעך און מיידלעך, וואָס שטייען אין דרויסן און וואַשן און פּרעסן און רייניקן און כשרן אויף פּסח, זענען שוין נישט מער די טעכטער פון ירושלים, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר־השירים... ווו איז אהינגעקומען מיין אַמאָליקע יונגע, פרישע, קלאָרע, ליכטיקע, מיט בשמים שמעקנדיקע שיר־השירים־וועלט?...

ד.

איך האָב געטראָפן מיין היים פונקט אזוי, ווי איך האָב זי איבערגעלאָזט מיט יאָרן צוריק. נישט פארענדערט א האָר, נישט געמינערט א טראָפן. דער טאטע — ווי געווען. נאָר זיין זילבער־באָרד איז געוואָרן עטוואָס נאָך מער געזילבערט. זיין ברייטער ווייסער געקנייטשטער שטערן — נאָך עטוואָס מער געקנייטשט. אפנים, פון דאגות...

אויך די מאמע — ווי געווען. נאָר דאָס רויטע פנים איז געוואָרן געלבלעך. און דאכט זיך מיר, אז קלענער איז זי געוואָרן אין וווקס. און אפשר ווייזט זיך מיר אויס, דערפאר ווייל זי האָט זיך אביסל איינגעבויגן, איינגעבויגן צו דער ערד? און די אויגן זענען איר רויטלעך און מיט קישעלעך, ווי אונטער־געשוואָלן. שוין זשע פון געוויין?...

אויף וואָס האָט געוויינט מיין מאמע? אויף וועמען? אויף מיר, איר בן־יחיד, וואָס איך האָב נישט געוואָלט פאָלגן דעם טאטן און האָב ווידערשפעניקט זיין געבאָט, נישט געוואָלט גיין אין זיינע וועגן, געגאנגען מיין אייגענעם וועג, זיך אוועקגעלאָזט לערנען און אזוי לאנג אין דער היים נישט געווען? צי אויף בוזין ווייַנט מייַן מאמע, וואָס האָט חתונה שבת נאָך שבועות?...

אך, בוזי! אויך זי האָט זיך אויף קיין האָר נישט פארענ־דערט... נישט געמינערט א טראָפן. אויסגעוואקסן איז זי נאָר. אויסגעוואקסן און שענער געוואָרן. נאָך שענער, ווי ווען ס׳נישט איז אמאָל. הויך און שלאנק און רייף און מלא חן. אויגן — די זעלבע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן. נאָר מער פארטראכטע, ווי אמאָל פארטראכטע, פארטיפטע, פארזאָרגטע, שיינע, בלויע שיר־השירים־אויגן. און א שמייכל אויף די ליפן. און פריינדלעך, און ליב, און היימיש, און צוגעלאָזט, און שטיל, ווי א טויב, צנועהדיק־שטיל.

קוק איך אויף בוזין, דערמאָן איך מיך אָן יענער בוזי, וואָס אמאָל. דערמאָן איך מיך אָן אירע נאָר־וואָס אויפגענייטע יום־טובדיקע קליידלעך, וואָס די מאמע האָט איר דעמלט אויפ־גענייט אויף פסח. דערמאָן איך מיך אָן אירע נייע קליינע יום־טובדיקע שוכלעך, וואָס דער טאטע האָט איך דעמלט גע־קויפט אויף פסח. און דערמאָן איך מיך אָן יענער בוזי, וואָס אמאָל, אזוי קומט מיר נישט־ווילנדיק דאָס לאנג־פארגעסענע שיר־השירים ווידער אמאָל, א פסוק נאָך א פסוק: „אויגעלעך ווי טייבעלעך, הערעלעך ווי ציגעלעך, גלימשן זיך בארג־אראָפּ...

ציינדעלעך — ווייסע שעפעלעך, נאָר־וואָס פון טייך ארויס, איינס און איינס. שנירעלעך — אירע ליפּן. אז זי רעדט, איז צוקער־זים".

איך קוק אצינד אויף בוזין, און עס ווערט שוין אלץ ווידער שיר־השירימדיק, ווי אמאָל־אמאָל, מיט יאָרן צוריק..

ה.

— בוזי, דיר קומט מזל־טוב?

זי הערט נישט. וואָסזשע האָט זי אראָפּגעלאָזט די אויגן? וואָסזשע זענען רויט געוואָרן אירע בעקלעך? ניין. איך מוז איר אָפּגעבן מזל־טוב.

— מזל־טוב דיר, בוזי!

— מיט מזל זאָלסטו לעבן.

און מער נישט. פרעגן זי — קאָן מען נישט. רעדן מיט איר — איז נישטאָ ווו. עס לאָזט מיך נישט דער טאטע. עס לאָזט מיך נישט די מאמע, עס לאָזן מיך נישט די קרובים. די משפּחה, די שכנים, וואָס קומען אריין מיך מקבל־פּנים זיין. דער אריין, דער ארויס, אלע שטייען ארום מיר, אלע באטראכטן מיך, ווי א בער, ווי א מאָדנע באשעפעניש פון אן אנדער וועלט. אלע ווילן מיך זען און הערן, וואָס איך מאך און וואָס איך טו — אזא צייט נישט געזען זיך!

דערצייל־זשע אונדז עפּעס נייעס: וואָס האָסטו געזען וואָס האָסטו געהערט?

און איך דערצייל זיי נייעס, וואָס איך האָב געזען און וואָס איך האָב געהערט. און איך קוק בשעת מעשה אויף בוזין. איך זוך אירע אויגן און באגעגן מיך מיט אירע אויגן. מיט אירע גרויסע, טיפע, פארזאָרגטע, שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן. נאָר אירע אויגן זענען שטום, ווי אירע ליפּן, ווי זי אליין. גאָרנישט זאָגן מיר אירע אויגן. גאָלע גאָרנישט. און עס קומט מיר אקעגן, ווי אמאָל, דער שיר־השירים, א פּסוק נאָך א פּסוק: „ג ן נ ע ו ל א ח ו ת י כ ל ה — א גאָרטן א פארשלאָסענער איז מיין שוועס־טער די כלה. א גאָרטן א פארשלאָסענער, א קוואל א פאר־זיגלטער"...

ו.

און א שטורעם הויבט זיך אויף ביי מיר אין קאָפּ, און א פייער אין הארצן. א פייער — נישט אויף קיינעם, נאָר אויף

זיך אליין. אויף זיך און אויף יענע חלומות, נארישע, יינגלשע, גאָלדענע חלומות, וואָס צוליב זיי האָב איך פארלאָזן טאטע־מאמע, צוליב זיי האָב איך פארגעסן אָן בוזין, צוליב זיי האָב איך מקריב געווען א שטיק פון מיין לעבן, פארשפילט מיין גליק, פארשפילט, פארשפילט אויף אייביק.

פארשפילט? ניין. עס קאָן נישט זיין. עס קאָן נישט זיין! אָט בין איך דאָך געקומען. באצייטנס געקומען... לאָם איך נאָר בלייבן מיט בוזין אליין. לאָם איך נאָר רעדן מיט איר א פּאָר ווערטער. נאָר ווי קאָן איך רעדן מיט בוזין א פּאָר ווערטער, אז אלע זענען דאָ? אז אלע זענען זיי ארום מיר? אלע באַטראַכטן מיך, ווי א בער, ווי א באשעפעניש פון אן אנדער וועלט. אלע ווילן מיך זען און הערן, וואָס איך מאך און וואָס איך טו — אזא צייט נישט געזען זיך!

מער פון אלע הערט מיך אוים דער טאטע. איבער א ספר זיצט ער, ווי אלע מאָל און פארקנייטשט איז זיין ברייטער שטערן, ווי אלע מאָל, און קוקט אויף מיר אריבער די זילבערנע ברילן און גלעט זיך די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד, ווי אלע מאָל. און עס דאכט זיך מיר, אז ער קוקט אויף מיר נישט אזוי, ווי אלע מאָל. ניין, ס'איז נישט דער קוק וואָס אמאָל. איך פיל עס. דער מענטש איז באליידיקט. איך האָב ווידער־שפּעניקט זיין געבאָט. נישט געוואָלט גיין אין זיינע וועגן. געגאַנגען מיין אייגענעם וועג...

אויך די מאמע שטייט ביי דער זייט, אוועקגעוואָרפן די קיך מיטן ערב־פּסח, און הערט מיך מיט טרערן אויף די אויגן. מיטן שפּיץ פארטוך ווישט זי בגנבה א טרער, כאָטש דאָס פּנים שמייכלט, און זי הערט ווי איך דערצייל, און זי קוקט מיר אין מויל אריין און שלינגט, שלינגט איטלעכס וואָרט מיינס.

אויך בוזי זיצט אקעגן מיר, די הענט צונויפגעלייגט אויפן הארצן, און הערט מיך אוים גלייך מיט זיי. גלייך מיט זיי קוקט זי מיר אין מויל אריין. גלייך מיט זיי שלינגט זי איטלעכס וואָרט מיינס. איך קוק אויף בוזין. און איך לייען אין אירע אויגן און קאָן נישט איבערלייענען גאָרנישט ניט. גאָרנישט ניט.

— דערצייל־זשע וואָס ביסטו אנטשוויגן געוואָרן? — מאכט צו מיר דער טאטע.

— לאָז אים צורו. האָסטו געזען א ביסל! — טוט זיך א כאַפּ די מאמע. — דאָס קינד איז מיד, דאָס קינד איז הונגעריק. און ער: דערצייל! און דערצייל!

## ז.

ביסלעכווייז הויבט אָן דער עולם זיך צעגיין, און מיר בלייבן אליין: דער טאַטע און די מאַמע, איך און בוזי. די מאַמע לאָזט זיך אוועק אין קיך און קומט גיך צוריק מיט א שיינעם פּסחדיקן טעלער — א באַקאַנטן טעלער, געמאָלט מיט גרויסע פייגנבלעטער.

— טאָמער וואָלסטו עפּעס גענומען אין מויל אריין, שימעק? ביזן סדר איז נאָך ווייט.

זאָגט צו מיר מיין מאַמע מיט אזוי פיל ליבשאַפט, געטריישאַפט און וואַרעמער איבערגעבנהייט, און בוזי הויבט זיך אויף מיט אירע שטילע טריט און טראָגט מיר צו א גאָפּל־מעסער — באַקאַנטע פּסחדיקע גאָפּל־מעסער. אַלץ איז מיר באַקאַנט. קיין זאַך האָט זיך נישט געענדערט. נישט געמינערט א טראָפּן. דער אייגענער טעלער מיט די גרויסע גרינע פייגנבלעטער. די אייגענע גאָפּל־מעסער מיט די ווייסע ביינערנע קלעצלעך. דער אייגענער ריח־ניחוח פון דער פּסחדיקער גענזן־שמאַלץ. דער אייגענער טעם גן־עדן פון די ערב־פּסחדיקע צוגעפּרישטע מצה. נישט געענדערט א האָר. נישט געמינערט א טראָפּן.

נישט מער, וואָס דעמלט ערב־פּסח האָבן מיר געגעסן ביידע, איך און בוזי. פון איין טעלער, געדענק איך, האָבן מיר געגעסן. טאַקע אָט פון דעם באַקאַנטן שיינעם פּסחדיקן געמאָלטן טעלער, וואָס איז געמאָלט מיט גרינע פייגנבלעטער. און נים האָט אונדז דעמלט געגעבן די מאַמע, געדענק איך. פולע קעשענעס מיט נים. און מיר האָבן זיך גענומען דעמלט פאַר די הענט, געדענק איך, איך און בוזי, און מיר האָבן זיך געלאָזט פליען, געדענק איך, ווי די אָדלערס. איך לויף, — זי לויפט מיר נאָך. איך שפּרינג איבער די קלעצער — זי שפּרינגט מיר נאָך. איך ארויף — זי ארויף. איך אראָפּ — זי אראָפּ.

— שימעק! ביז וואַנען וועלן מיר לויפן, שימעק?

זאָגט צו מיר בוזי, און איך ענטפער איר מיטן לשון פון שיר־השירים: „ע ד ש י פ ו ח ה י ו ם — ביז ס'וועט א בלאָז טאָן דער טאָג, ו נ ס ו ה צ ל ל י ם — און עס וועלן אַנטלויפן די שאָטנס“...

## ח.

דאָס איז געווען אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. היינט איז בוזי אויסגעוואַקסן, געוואָרן א גרויסע. און איך בין אויסגעוואַקסן,

געוואָרן א גרויסער. און א כלה איז געוואָרן בוזי, עמעצענס א כלה, עמעצנס, נישט מיינע... און איך וויל בלייבן מיט בוזין אליין. און איך וויל רעדן מיט איר א פּאָר ווערטער. איך וויל הערן איר קול. מיטן לשון פון שיר־השירים ווילט זיך מיר זאָגן צו איר: „הראינו את מראיך — מאך מיך זען דיין אויסזיכט. השמיעני את קולך — מאך מיך הערן דיין שטים“... און עס דאכט זיך מיר, אז אירע אויגן ענטפערן מיר אויך מיטן לשון פון שיר־השירים: „לכה דודי — קום, מייערער, נצא השדה — נישט דאָ, נאָר אין דרויסן... אין דרויסן... דאָרט וועל איך דיר זאָגן. דאָרט וועל איך דיר דער־ציילן. דאָרטן וועלן מיר רעדן. דאָרטן“...

איך כאַפּ א קוק אין דרויסן ארויס דורכן פענצטער. אך, ווי שיין דאָרט איז, ווי ערב־פּסחדיק! ווי שיר־השירימדיק! אן עבירה נאָר, ס'איז שוין באלד אוים טאָג. נידעריק־נידעריק לאָזט זיך אראָפּ די זון און באַפּארבט דעם הימל מיט גין־גאָלד. דאָס גאָלד שיינט אָפּ אין בוזים אויגן. זיי באָדן זיך אין גאָלד. אָט באלד שטארבט דער טאָג. איך וועל נישט האָבן קיין צייט אפילו מיט בוזין א וואָרט צו רעדן. דער גאנצער טאָג איז אוועק אויף פּוסטע רייד מיטן טאטן, מיט דער מאמען, מיט דער משפחה — וואָס איך האָב געהערט, וואָס איך האָב געזען... איך כאַפּ מיך אויף און ק.ק דורכן פענצטער אין דרויסן ארויס און טו פארבייגייענדיק א זאָג צו בוזין:

— מיר וועלן זיך א ביסל אפשר דורכגיין? אזא צייט אין דער היים נישט געווען. איך וויל אָנקוקן דעם הויף, איך וויל זען די שטאָט...

ט.

ווייסט איר נישט, וואָס איז מיט בוזין? אָנגעצונדן האָט זיך איר דאָס פּנים, ווי א העליש פייער. ווי די זון־קוגל, וואָס האלט ביים אונטערגיין, איז זי רויט געוואָרן. זי ווארפט א בליק אויפן טאטן. אפּנים זי וויל הערן, וואָס דער טאטע וועט זאָגן? און דער טאטע קוקט אויף דער מאמען אריבער די זילבערנע ברילן. ער גלעט די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד און זאָגט אין דער וועלט אריין, צו קיינעם נישט:

— די זון זעצט זיך. שוין צייט זיך איבערטאָן. גיין אין שול אריין דאווענען. שוין צייט ליכט בענטשן. ווי מיינסטו?

ניין. איך וועל, אפּנים, הייגט נישט רעדן מיט בוזין א וואָרט נישט? מיר נעמען זיך איבערטאָן. די מאמע איז שוין באַלד איינגאנצן פּסחדיק. זי האָט שוין אָנגעטאָן אויף זיך איר יום־טובדיק זיידן מלבוש. אירע ווייסע הענט שעמערירן. קיינער האָט נישט אזעלכע שיינע ווייסע הענט, ווי מיין מאמע. אָט באַלד וועט זי זיך שטעלן ליכט בענטשן. מיט אירע ווייסע הענט וועט זי פאַרשטעלן אירע אויגן און וויינען שטילערהייט, ווי אמאָל. דער לעצטער שטראַל פון דער פאַרגייענדיקער זון וועט זיך שפּילן אויף אירע שיינע קלאָרע ווייסע הענט. קיינער האָט נישט אזעלכע שיינע קלאָרע ווייסע הענט, ווי מיין מאמע.

נאָר וואָס איז מיט בוזין? איר פּנים איז אויסגעלאָשן. ווי די זון, וואָס האַלט ביים זעצן זיך, ווי דער טאָג, וואָס האַלט ביי אונטערגיין. נאָר שיין איז זי און חנעוודיק, ווי קיינמאָל נישט. טיף־טרויעריק זענען אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן. און פאַרטראַכט זענען אירע אויגן.

פון וואָס טראַכט איצט בוזי? פון דעם ליבן גאַסט, וואָס זי האָט אויף אים אזוי אַרויסגעקוקט און וואָס איז געקומען צו פליען אזוי אומגעריכט, נאָכדעם ווי ער איז אזא צייט אין דער היים נישט געווען?... אָדער פון איר מאמע, וואָס האָט חתונה געהאַט דאָס אַנדערע מאָל און אוועקגעפאָרן ערגעץ ווייט און פאַרגעסן, אַז זי האָט א טאָכטער, וואָס הייסט בוזי? אָדער פון איר חתן טראַכט איצט בוזי, פון איר חתן, וואָס טאַטע־מאמע האָבן איר אוודאי אָנגעהאָנגען קעגן איר ווילן? און פון איר חתונה, וואָס דאַרף זיין שבת נאָך שבועות מיט א מענטשן, וואָס זי קען אים נישט און ווייסט אים נישט, ווער ער איז און וואָס ער איז?... אָדער, פאַרקערט, אפשר האָב איך אין גאַנצן א טעות? אפשר ציילט זי נאָר די טעג פון פּסח ביז שבועות, ביז שבת נאָך שבועות? וואָרום *דאָס* איז איר אויסדערוויילטער, וואָרום *ער* איז איר ליב און *ער* איז איר טייער. *ער* וועט זי פירן אונטער דער חופּה, און *אים* אויך וועט זי אוועקשענקען איר האַרץ און ליבע. און *מיר*? מיר איז זי, אוי־וויי, נישט מער ווי א שוועסטער. געווען א שוועסטער און געבליבן א שוועסטער... און ס׳עס דאַכט זיך מיר, אַז זי קוקט אויף מיר מיט רחמנות און מיט פאַרדראָס און זאָגט צו מיר, ווי זי האָט געזאָגט צו מיר אמאָל, מיטן לשון פון שיר־השירים: „*מי יתנך כאח לי* — ווען דו ביסט מיר א ברודער! אַך, פאַרוואָס ביסטו מיר נישט א ברודער?!“... וואָס זאָל איך איר ענטפערן דערויף? איך ווייס

שוין, וואָס איך וועל איר ענטפערן דערויף. לאָם איך נאָר רעדן מיט איר עטלעכע ווערטער. עטלעכע ווערטער.

ניין. איך וועל היינט נישט קאָנען רעדן מיט בוזין קיין איינציק וואָרט, קיין האלב וואָרט אפילו. אָט הויבט זי זיך אויף, גייט מיט שטילע גרינגע טריט צו דער שאפע, גרייט צו פאר דער מאמען ליכט און די זילבערנע לייכטערס. אלטע באקאנטע, היימישע הויכע, געבלאָזענע זילבערנע לייכטערס. מיר זענען מיט זיי גוט באקאנט און באפריינדעט פון אמאָל. די דאָזיקע זילבערנע לייכטערס האָבן דאָך פארנומען אמאָל א בכבודיקן אָרט אין מיינע גאָלדענע חלומות ביי דער פארכישופטער בת=מלכה אין דעם קרישטאָלענעם פאלאץ. די דאָזיקע גאָלדענע חלומות מיט די דאָזיקע זילבערנע לייכטערס מיט די בענטשליכט, מיט דער מאמעס שיינע קלאָרע ווייסע הענט, מיט בוזים שיינע בלויע שיר=השירים=אויגן, מיט די לעצטע גאָלדענע שטראלן פון דער פארגייענדיקער זון — איז עס דען נישט איינס און דאָס זעלבע, געקניפט און געבונדן?...

— טא! — זאָגט דער טאטע צו מיר מיט א קוק אין פענצטער און מיט א ווונק, אז ס'איז שוין צייט זיך איבערטאָן און גיין אין שול אריין דאווענען.

מיר טוען זיך איבער, איך און דער טאטע, און מיר גייען אין שול אריין דאווענען.

י.

אונדזער שול, אונדזער אלטע=אלטע שול, האָט זיך אויך נישט פארענדערט, איר זאָלט זאָגן א האָר. נישט געמינערט א טראָפּן. אביסל זענען נאָר געוואָרן שווארצער די ווענט. נידעריקער דער עמוד, עלטער דער בעלעמער און דער אָרון=קודש האָט פארלאָרן דעם גלאנץ פון זיין נייקייט.

ווי א קליין בית=המקדש האָט אונדזער שול אויסגעזען אין מיינע אויגן. איצט האָט זיך דאָס בית=המקדש אָנגעבויגן אביסעלע אויף א זייט. אך! ווו איז אהינגעקומען די הייליקע פראכט און גלאנץ פון אונדזער אלטער שול? ווו זענען די מלאכים, וואָס פלעגן דאָ שוועבן אונטער דעם געמאָלטן סופיט אלע פרייטיק=צו=נאכט, צו קבלת=שבת, און אלע יום=טובים אויף דער נאכט, צו ברכו?

אויך די באלעבאטים פון שול האָבן זיך ווייניק וואָס פארענדערט. נאָר א ביסעלע פארעלטערט זיך. שווארצע בערד זענען

ווייס געוואָרן. גלייכע פּלייצעס האָבן זיך אויסגעבויגן. אטלעסענע קאַפּאָטעס זענען צעהאַקט געוואָרן. עס זעען זיך ארויס ווייסע פּעדעס, געלע פּאַסן. מלך דער חזן זינגט נאָך היינט אויך אזוי שיין, ווי אמאָל, מיט יאָרן צוריק. א ביסעלע גאָר איז אים פארדומפּן דאָס קול. עס הערט זיך אין זיין דאַווענען א נייער טאָן: מער געוויינט, ווי געזונגען. מער געקלאָגט זיך, ווי געבעטן. און אונדזער רבּ? דער אַלטער רבּ? — דער האָט זיך גיכער נישט פאַרענדערט. געווען ווי געפאַלענער שניי און געבליבן ווי געפאַלענער שניי. אַיין קלייניקייט נאָר: די הענט ציטערן אַצינד. און מיטן גאַנצן גוף ציטערט ער. פון אַלטקייט, אפּנים. עזריאל דער שמש, א ייד אָן א סימן פון א באָרד, וואָלט געווען דער אייגענער, וואָס אמאָל, ווען נישט די ציין. ער האָט פאַרלוירן אַלע ציין און ער זעט אויס מיט זיינע איינגעפאַלענע קינבאַקן מער ווי א יידענע, ווי איידער א מאַנסביל. נישקשה, ער קלאַפּט נאָך היינט אויך מיטן פּראַטש איבערן שולחן, אַז עס קומט צו שמונה־עשרה. אמת, שוין נישט דער קלאַפּ, וואָס אמאָל. אמאָל מיט יאָרן צוריק, האָט מען געקאָנט טויב ווערן פון זיין קלאַפּן. היינט שוין נישט. אפּנים, נישטאָ דער כּוח, וואָס אמאָל. געווען א ייד א גבּר.

אמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז מיר דאָ געווען גוט, גערעדנקט איך, גוט אָן אַן ערך, אָן א מאָס! דאָ, אין דעם קליינעם בית־המקדש, האָט מיין קינדערעשע נשמה אמאָל, מיט יאָרן צוריק, געשוועבט אינאיינעם מיט די מלאכים אונטער דעם געמאָלטן סופיט. דאָ, אין דעם קליינעם בית־המקדש, האָב איך אמאָל, מיט יאָרן צוריק, אינאיינעם מיטן טאַטן און מיט אַלע יידן, געשמאַק און ערנסט געדאַוונט...

יא.

און אָט בין איך איצט ווידער אמאָל אין מיין אַלטער אמאָליקער שול, און איך דאַוון מיט אונדזערע אַלטע אמאָליקע באַלע־באַטים, און איך הער דעם אייגענעם חזן, וואָס אמאָל, וואָס זינגט מיטן אייגענעם ניגון, וואָס אמאָל. און דער עולם דאַוונט געשמאַק און וואַרעם און מיטן זעלבן נוסח; וואָס אמאָל. און איך דאַוון אינאיינעם מיטן עולם. נאָר מיינע געדאַנקען זענען ווייט פון דעם דאַווענען. איך מיש א בלעטל נאָך א בלעטל אין מיין סידור און — איך בין נישט שולדיק — עס מישט זיך מיר אויף שיר־השירים קאַפּיטל ד׳: „הנך יפה רעיתי — ווי שיין דו ביסט, חברטאָרין מיינע. הנך יפה, עיניך יונים ווי שיין

דו ביסט מיט דיינע מויבנאוינן"... איך וואָלט וועלן דאווענען מיט אלע, גלייך ווי איך האָב אמאָל געדאווענט. נאָר עס דאוונט זיך נישט! איך מיש א בלעטל נאָך א בלעטל אין מיין סידור און — איך בין נישט שולדיק — עס מישט זיך אויף ווידער שיר־השירים קאפיטל ה': „באָתי לגני, אחותי כלה — איך בין געקומען אין מיין ווייַנגאָרטן, מיין שוועסטער די כלה"...

און ווייטער: „איך האָב געקליבן מיינע קרייטער, געשמעקט מיינע בשמים, געגעסן מיין האָניק, געטרונקען מיין וויין"...

נאָר וואָס רעד איך? וואָס זאָג איך? דער גאָרטן איז נישט מיינער. איך וועל נישט קלויבן קיין קרייטער, נישט שמעקן קיין בשמים, נישט עסן קיין האָניק, נישט טרינקען קיין וויין. דער גאָרטן איז נישט מיין גאָרטן. בוזי איז נישט מיין כלה. בוזי איז עמעצענס א כלה. עמעצנס, נישט מיינע!... און עס קאָכט אין מיר א גיהנום. נישט אויף בוזין. נישט אויף קיינעם. ניין. אויף מיר אליין: סטייטש, ווי האָב איך געקאָנט אין אזא צייט זיין אזוי ווייט פון בוזין? ווי האָב איך געקאָנט דערלאָזן, אז מע זאָל צונעמען פון מיר בוזין און אָפּגעבן זי צו אן אנדערן? האָט זי מיר דען נישט געשריבן אלע מאָל בריוולעך און געגעבן אָנצוהער־רעניש, „אז זי האָפט אין גיכע צייטן זיך מיט מיר צו זען?"... האָב איך איר דען נישט אָפּגעלייגט אלע מאָל פון איין יום־טוב אויפן אנדערן, אזוי לאנג, ביז זי האָט מיר אויפגעהערט צו שרייבן?...

יב.

— גוט יום־טוב. דאָס איז מיין זון.

אזוי שטעלט מיך פאָר דער טאטע נאָכן דאווענען פאר די באלעבאטים אין שול, וואָס באטראכטן מיך פון אלע זייטן און גיבן מיר אָפּ און נעמען צו פון מיר דעם שלום־עליכם, ווי אן אלטן חוב.

— דאָס איז מיין זון...

— דאָס איז אייער זון? נא דיר אָפּ שלום.

אין דעם טאטנס ווערטער „דאָס איז מיין זון" זענען דאָ אלערליי פארבן: פרייד און גדלות און פארדראָס. מע קאָן לערנען דעם פשט, ווי מע וויל: „וואָס זאָגט איר? דאָס איז דאָך מיין זון!"... אָדער: „שטעלט אייך פאָר — דאָס איז מיין זון!"...

איך פיל זיין הארץ. דער מענטש איז באליידיקט. איך האָב ווידערשפעניקט זיין געבאָט. איך בין נישט געגאנגען אין זיינע וועגן. איך בין מיר געגאנגען אין מיין אייגענעם וועג און האָב אים

פארעלטערט פאר דער צייט. ניין, ער האָט מיר נאָך נישט מוחל געווען. ער זאָגט דאָס מיר נישט. ער פארשפאָרט עס מיר צו זאָגן. איך פיל עס אליין. דאָס זאָגן מיר זיינע אויגן, וואָס קוקן מיר דורך די זילבערנע ברילן אין הארצן אריין. דאָס זאָגט מיר דער שטילער זיפץ, וואָס רייסט זיך ארויס פון צייט צו צייט פון זיין אלטער שוואכער ברוסט... מיר גייען ביידע פון שול אהיים און שווייגן. מיר גייען שפּעטער פון אלעמען. די נאכט האָט פאר־שפּרייט אירע פליגל איבערן הימל, און אראָפּגעלאָזט האָט זיך איר שאָטן אויף דער ערד. א שטילע, א ווארעמע, א הייליקע פּסחדיקע נאכט איז דאָס. א נאכט פול מיט סודות און רעטענישן. פול מיט וואונדער. די הייליקייט פון דער דאָזיקער נאכט פילט זיך אין דער לופט. קוקט אראָפּ פונעם טונקל־בלויען הימל. ווענן איר שמועסן זיך דורך שטילערהייט די שטערן. יציאת מצרים לאָזט זיך הערן פון דער דאָזיקער נאכט...

מיט גיכע־גיכע טריט גיי איך אהיים אין דער דאָזיקער נאכט. און דער טאטע — קוים וואָס ער גייט מיר נאָך. ווי א שאָטן גייט ער מיר נאָך. „וואָס יאָגסטו אזוי?“ — פרעגט מיך דער טאטע, קוים וואָס ער כאפּט דעם אָטעם.

ער, טאטע, טאטע! זעסטו דען נישט, אז איך בין געגליכן צו א הירש, אָדער צו אן אינד פון די אינדן אויף די בשמים־בערג?... מיר איז לאנג, טאטע, צו לאנג די צייט, מיר איז ווייט, טאטע, צו ווייט דער וועג, דעמלט, ווען בוזי איז א כלה, עמעצנס א כלה. עמעצענס, נישט מיינע!... איך בין געגליכן צו א הירש, אָדער צו אן אינד פון די אינדן אויף די בשמים־בערג.

אזוי ווילט זיך מיר ענטפערן מיין טאטן מיטן לשון פון שיר־השירים, און איך פיל נישט די ערד אונטער זיך. און איך גיי מיט גיכע־גיכע טריט אהיים אין דער דאָזיקער נאכט. און מיין טאטע — קוים וואָס ער גייט מיר נאָך. ווי א שאָטן גייט ער מיר נאָך אין דער דאָזיקער נאכט.

יג.

מיט דעם אייגענעם „גוט יום־טוב“, וואָס מיר פלעגן ארײנ־קומען אין דער דאָזיקער נאכט פון שול אהיים אמאָל, מיט יאָרן צוריק, זענען מיר אריינגעקומען אויך אצינד — איך און דער טאטע.

מיט דעם אייגענעם „גוט יום־טוב — גוט־יאָר“, וואָס די מאמע און בוזי פלעגן אונדז באגעגענען אין דער דאָזיקער נאכט אמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָבן זיי אונדז בעגעגנט אויך אצינד.

די מאמע, די מלכה, אָנגעטאָן אין איר קעניגלעך זיידן מלבוש, און די בת-מלכה, בוזי, — אין איר שניי-ווייס קלייד. אָבער פּונקט דאָס אייגנע בילד, וואָס אמאָל, מיט יאָרן צוריק, נישט פארענדערט אויף א האָר, נישט געמינערט א טראָפּ.

ווי מיט יאָרן צוריק, אזוי אויך אצינד, אין דער דאָזיקער נאכט, איז אונדזער שטוב פול מיט חן. א באזונדערע שיינקייט, א הייליקע, יום-טובדיקע, מאיעסטעטישע שיינקייט האָט אראָפּגענידערט אויף אונדזער שטוב. א הייליקער, יום-טובדיקער גלאנץ איז אויסגעגאָסן אויף אונדזער שטוב אין דער דאָזיקער נאכט. דאָס ווייסע טישגעבעט — געפאלענער שניי. דער מאמעס בענטשליכט שיינען ארויס פון די זילבערנע לייכטערס. עס לאָזט גריסן פון די פלעשער ארויס דער ארבע-כוסות-וויין. אך, ווי צנועהדיק-גאיוו עס קוקן ארויס פון דער קערה די אומשולדיקע מצות! ווי ליב עס שמייכלט דער אָנגעריבענער מרור-כריין, דער קאָמפּליצירטער חרוסת מיטן אָנגעגרייטן זאלצוואסער! פייערלעך און מיט שטאָלץ שטייט אויסגעבעט דעם מלכס שטול, דאָס עסבעט. אויף דער מלכהס פּנים רוט די שכינה, ווי אלע מאָל אין דער דאָזיקער נאכט. און די בת-מלכה (בוזי) איז אינגאנצן, פון אויבן ביז אראָפּ, שיר-השירימדיק. ניין, וואָס זאָג איך? — זי איז דער שיר-השירים אליין.

און עבירה נאָך, וואָס מע האָט דעם בן-מלך אוועקגעזעצט אזוי ווייט פון דער בת-מלכה. אמאָל זענען זיי, געדענק איך, אנדערש געזעסן ביים סדר. אינײנעם, איינס נעבן אנדערן, זענען זיי געזעסן. דער בן-מלך האָט געפרעגט דעם טאטן, געדענק איך, די פיר קשיות, און די בת-מלכה האָט ארויסגעגנבעט ביי זיין מאיעסטעט פון אונטער דעם קישן דעם אפיקומן — און אך! וואָס מיר האָבן זיך דעמלט אָנגעלאכט! אמאָל, נאָכן סדר, געדענק איך, אז דער מלך האָט שוין אראָפּגעצויגן דעם ווייסן קיטל, און די מלכה — איר קעניגלעך זיידן מלבוש, זענען מיר געזעסן, איך און בוזי, אינצווייען, אין א ווינקעלע, געשפּילט אין ניסלעך, וואָס די מאמע האָט אונדז געגעבן, אָדער איך האָב איר דערציילט א מעשה, פון יענע בבא-מעשיות פון חדר, פון מיין חבר שייקע, וואָס ווייסט אלצדינג. א מעשה מיט א פארכשופטער בת-מלכה, וואָס איז געזעסן אין א פּאלאץ פון קרישטאָל זיבן יאָר כסדר און געוואַרט, ביז עמעצער וועט דורכן שם-המפורש זיך אויפהייבן אריבער דער כמארע, פליען איבער בערג און איבער טאָלן, איבער טייכן און מדבריות, און וועט זי אויסלייזן, און וועט זי באפרייען.

# יד.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל — אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. איצט איז שוין די בת־מלכה אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסע. און דער בן־מלך איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסער. און באַזעצט האָט מען אים אַזוי אומברחמנותדיק, אַז מיר קאָנען זיך אפילו גישט זען איינס דאָס אַנדערע, ווי עס געהער צו זיין. שטעלט אייך פאָר: אין דער רעכטער האַנט פון זיין מאַיעסטעט דער בן־מלך, אין דער לינקער האַנט פון איר מאַיעסטעט די בת־מלכה!... און מיר זאָגן די הגדה, איך מיטן טאַטן, הויך אויף אַ קול, ווי אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, און מיט אַ ניגון, אַ בלעטל גאָך אַ בלעטל. און די מאַמע מיט בוזין זאָגן אונדז נאָך שטילערהייט, אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל — ביז מיר קומען צו שיר־השירים. זאָג איך מיטן טאַטן דעם שיר־השירים, ווי אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, מיט גאָר אַ באַזונדערן ניגון. אַ פסוק נאָך אַ פסוק. און די מאַמע מיט בוזין זאָגן אונדז נאָך שטילערהייט אַ פסוק נאָך אַ פסוק. ביז דער מלך, אויסגעמידט פון דער יציאת־מצרים־געשוכטע און שכורלעך פון דער ארבע־כוסות־וויין, הייבט אָן בימלעכווייז אונטערצודרימלען, דרימלט אַ ווײַלע און כאַפּט זיך אויף און זינגט ווייטער דעם שיר־השירים, הייבט אָן אויף אַ קול: „מ י ם ר ב י ם — פיל וואַסערן קאָנען נישט אויסלעשן די ליבע“... און איך כאַפּ אים אונטער מיטן זעלבן ניגון: „ו נ ה ר ו ת ל א י ש ט פ ו ה — און טייכן וועלן זי נישט פאַרפלייצן“... דאָס זאָגן גייט ביי אונדז אַלע מאָל שטילער און שטילער, ביז זיין מאַיעסטעט ווערט צום סוף אַנטשלאָפן שוין טאַקע אויף דעם רעכטן אמת. רירט אים אָן די מלכה ביים אַרבל פונעם ווייסן קיטל. מיט אַ ליבער זיסער איידלקייט וועקט זי אים, ער זאָל גיין שלאָפן, — און איך מיט בוזין קאָנען זיך דערווייל איבערוואַרפן מיט אַ פּאָר ווערטער. שטיי איך אויף פון טיש און גיי צו צו איר נאָענט, און מיר שטייען איינס אַקעגן דאָס אַנדערע — דאָס ערשטע מאָל אַזוי נאָענט אין דער דאָזיקער נאַכט. איך ווייז איר אָן אויף דער שיינער זעלטענער נאַכט. „אין דער דאָזיקער נאַכט זאָג איך איר, איז גוט שפּאַצירן גיין“... זי האָט מיך פאַרשטאַנען און ענטפערט מיר מיט אַ האַלבן שמייכל, פרעגנדיק: „אין דער דאָזיקער נאַכט?“... און עס מאַלט זיך מיר אויס, אַז זי לאַכט פון מיר. אַזוי פלעג זי לאַכן פון מיר אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. פאַרדריסט דאָס מיך. זאָג איך צו איר: „בוזי, מיר האָבן וואָס צו רעדן, אַ סך וואָס צו רעדן“. „אַ סך וואָס צו רעדן?“ —

חזרט זי איבער מיינע ווערטער, און עס דאכט זיך מיר, אַז זי לאַכט פון מיר... פאַרכאַפּ איך מיך: „און אפשר האָב איך אַ טעות? אפשר האָב איך מיט דיר אַצינד גאָרנישט וואָס צו רעדן?“...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ ביטערקייט, אַז בוזי הערט אויף צו שמייכלען און ערנסט ווערט איר פּנים. „מאָרגן — מאַכט זי צו מיר — מאָרגן וועלן מיר שוין רעדן“... און ליכטיק ווערט מיר אין מיינע אויגן. ליכטיק און גוט און פריילעך. מאָרגן! מאָרגן וועלן מיר שוין רעדן! מאָרגן! מאָרגן!... איך גיי צו צו איר נאָך נעענטער און איך דערפיל דעם ריח פון אירע האָר, דעם אַמאָליקן באַקאַנטן ריח. און עס קומען מיר אויפן זינען די ווערטער פון שיר־השירים: „נפת תטפנה שפתותיך, כלה — צוקער טוען טריפן דיינע ליפן, כלה! האָניק און מילך אונטער דיין צונג. און דער ריח פון דיינע קליידער איז ווי דער ריח פון דעם לבנון“...

דאָס ווייטערדיקע רעדן מיר שוין אַזוי, אָן ווערטער. מער מיט די אויגן. מיט די אויגן...

טו.

— בוזי, אַ גוטע נאַכט. — זאָג איך צו איר שטיל. עס איז מיר שווער אָוועקצוגיין פון איר. איין גאָט ווייסט דעם אמת.

— אַ גוטע נאַכט. — ענטפערט מיר בוזי, רירט נישט פון אָרט און קוקט אויף מיר טיף־פאַרזאָרגט מיט אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן.

איך זאָג איר נאָך אַמאָל אַ גוטע נאַכט. און זי ענטפערט מיר נאָך אַמאָל אַ גוטע נאַכט. קומט צו גיין די מאַמע און פירט מיך אַריין אין אַ באַזונדער שלאָף־חדר. דאָרט נעמט מיין מאַמע און גלעט מיר אויס מיט אירע שיינע ווייסע הענט דאָס ווייסע אויבערדעק פון מיין שלאָף־בעט, און אירע ליפן שעפּטשען: „שלאָף געזונט, מיין קינד, שלאָף געזונט“...

אין די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאַנצער ים פון ליבשאַפט. וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט ביי מיין מאַמען אין דער צייט, וואָס איך בין אין דער היים נישט געווען. איך בין גרייט צופאַלן צו איר, אויסקושן איר די שיינע ווייסע הענט. נאָר איך בין דאָס נישט ווערט. ניין, איך בין דאָס נישט ווערט. איך ווייס דאָס... שטיל זאָג איך איר אַ גוטע נאַכט, און איך בלייב איבער אַליין. איינער אַליין אין דער דאָזיקער נאַכט.

טז.

...איינער אליין אין דער דאָזיקער נאַכט. אין דער דאָזיקער שטילער ווייכער וואַרעמער פריער פרילינג־נאַכט.

איך עפן אויף דאָס פענצטער און קוק אַרויס אין דרויסן אַרויס, צום טונקל־בלויען נאַכט־הימל, צו די שעמערירנדיקע בריליאַנטן־שטערן, און איך פרעג ביי זיך אַליין: נישט שוין־זשע? נישט שוין־זשע?

נישט שוין־זשע האָב איך פאַרשפּילט מיין גליק, פאַרשפּילט אויף אייביק?

נישט שוין־זשע האָב איך אַליין מיט מיינע אייגענע הענט גענומען און פאַרברענט מיין וווּנדערלעכן פּאַלאַץ און אַרויסגע־לאָזט די שיינע געטלעכע בת־מלכה, וואָס איך האָב אַמאָל פאַר־כישופט?... נישט שוין־שע? נישט שוין־זשע? און אפשר ניין? אפשר בין איך געקומען באַצייטנס? באתי לגני, אחותי כלה — איך בין געקומען אין מיין גאָרטן, מיין שוועסטער די כלה...

און איך זיץ נאָך לאַנג ביים אָפענעם פענצטער אין דער דאָ־זיקער נאַכט. און איך סודע מיך מיט דער דאָזיקער שטילער ווייכער וואַרעמער פריער פרילינג־נאַכט, וואָס איז פול, מאָדנע פול, מיט סודות און רעטענישן...

און אין דער דאָזיקער נאַכט בין איך געוואויר געוואָרן אַ נייעס:

אַז איך האָב ליב בוזין.

אַז איך האָב זי ליב מיט יענער הייליקער פלאַם־פייערדיקער גיהנום־ליבע, וואָס ווערט אַזוי שיין באַשריבן אין אונדזער שיר־השירים. גרויסע פייערדיקע אותיות שניידן זיך אויס, איך ווייס נישט פון וואַנען, און שוועבן מיר פאַר די אויגן. די אותיות זענען פונעם נאָר־וואָס אָפּגעזאָגטן שיר־השירים, אַן אות נאָך אַן אות: „כי עזה כמות אהבה — ביטער ווי דער טויט איז די ליבע. קשה כשאול קנאה — שווער ווי דער גיהנום איז די קנאה. רשפיה רשפי אש — אירע פונקען זענען פונקען פייער שלה־בתיה — אַ פלאַקער פון גאָט”...

און איך זיץ אין דער דאָזיקער נאַכט ביים אָפענעם פענצטער און איך פרעג ביי דער דאָזיקער נאַכט פון סודות און רעטענישן, זי זאָל מיר אַנטפּלעקן דעם סוד: נישט שוין־זשע? נישט שוין־זשע?...

נאָר זי שווייגט, די דאָזיקע נאַכט פון סודות און רעטענישן. דער סוד בלייבט אַ סוד פאַר מיר — ביז מאָרגן.

מאָרגן, אזוי האָט דאָך מיר בוזי צוגעזאָגט, וועלן מיר רעדן.
אך! מאָרגן וועלן מיר שוין רעדן... לאָז נאָר אוועקגיין די נאכט.
לאָז נאָר פארשווינדן די דאָזיקע נאכט.
די דאָזיקע נאכט. די דאָזיקע נאכט.

פערטער טייל.

## שבת־נאָך־שבועות.

### א.

ויהי ערב — און ס'איז געווען אן אָוונט. ויהי בוקר — און ס'איז געווען א פרימאָרגן.

א שיינער, א זעלטענער פרימאָרגן, ווי עס גיט זיך אוים אמאָל תחילת זומער, אין דער צייט, וואָס צווישן פסח און שבועות.

פון די ערשטע בין איך געווען אינעם דאָזיקן פרימאָרגן, וואָס האָבן זיך געפעדערט אויפצושטיין. דער טאָג האָט ערשט געהאלטן ביי געבוירן צו ווערן. מיין קליין שלעפעריק שטעטל האָט ערשט אָנגעהויבן אויפצוואכן פונעם זיסן שלאָף. די לויטערע ווארעם־גלעטנדיקע זון האָט זיך מכין געווען ארויסצושפאצירן פון איר געצעלט און לאָזן זיך לויפן איר גרויסן הימל־וועג אינעם דאָזיקן פריצייטיקן זומער־טאָג, וואָס צווישן פסח און שבועות. א גרינג, קיל נאכט־ווינטל האָט זיך נאָך געטראָגן איבער דער וועלט. קוים־קוים, ווי מיט מלאכים־פליגל, באַרירט די שטיל־אויפוואכנ־דיקע ערד.

אויפגעכאפט זיך פון שלאָף, איז מיין ערשטער געדאנק געווען: בוזי.

ווידער אמאָל בוזי?

יאָ, ווידער אמאָל בוזי. ווידער אמאָל און אָבער אמאָל בוזי. עס איז מיר אזוי געלעגן צו רעדן פון בוזין, אז עס וועט מיר נישט נמאס ווערן צו דערציילן אייך פון איר נאָך אמאָל און אָבער אמאָל. נאָך אמאָל און אָבער אמאָל איבערגעבן אייך איר ביאָגראפיע אין קורצן. דער, וואָס האָט שוין געהערט, וועט מיר מסתמא מוחל זיין. פאר דעם, וואָס האָט נישט געהערט, איז דאָס נייטיק צו הערן: ער דארף וויסן, ווער בוזי איז.

## ב.

איך האָב געהאַט אַ ברודער בעני, איז ער דערטרונקען געוואָרן אין טייך. איז געבליבן פון אים אַ יתומה מיטן נאָמען בוזי. פאַר־צויגן פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. און שיין איז זי געווען, אַזוי ווי די שולמית, וואָס אין שיר־השירים. און מיר זענען גע־וואַקסן, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. און מיר האָבן זיך ליב געהאַט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. אָט דאָס איז בוזי.

עס זענען איבערגעלאָפן יאָרן. איך בין אַוועק פון דער היים קעגן ווילן פון מיין טאַטע־מאַמע, איך האָב ווידערשפּעניקט זייער געבאָט, נישט געוואָלט גיין אין זייערע וועגן, אַוועקגעגאַנגען מיין אייגענעם וועג, זיך אַוועקגעלאָזט לערנען. קומט מיר אָן איינמאָל פאַר פּסח אַ בריוול פון מיין טאַטן מיט אַ מזל־טוב: בוזי איז אַ כּלה געוואָרן, שבת נאָך שבועות איז די חתונה, זאָל איך קומען צו פאָרן אויף פּסח אַהיים. האָב איך אָפּגעענטפערט מיט אַ מזל־טוב און בין געקומען צו פליען אויף פּסח אַהיים.

און האָב געטראָפן בוזין אויסגעוואַקסן און שיין, נאָך שענער ווי געווען. און עס האָט אויפגעוואַכט אין מיין זכרון די אַמאָליקע בוזי, די שולמית פון שיר־השירים. און אַ שטורעם האָט זיך אויפגעהויבן ביי מיר אין קאָפּ און אַ פייער האָט זיך אָנגעצונדן אין מיין האַרצן. אַ פייער — נישט אויף קיינעם, נאָר אויף זיך אַליין. אויף זיך און אויף מיינע יינגלשע גאָלדענע נאַרישע חלו־מות, וואָס צוליב זיי האָב איך פאַרלאָזט טאַטע־מאַמע, ווידער־שפּעניקט זייער געבאָט און אַוועקגעלאָזט זיך לערנען, און אָט אַזוי האָב איך פאַרשפּילט, פאַרשפּילט מיין גליק, דערלאָזט, אַז בוזי זאָל ווערן אַ כּלה, עמעצנס — נישט מיינע!...

בוזי איז פון קינדווייז אָן געווען מיר ליב און טייער — דאָס איז אמת. נאָר אַז איך בין געקומען צופאָרן אַהיים און דערזען בוזין, האָב איך אַרויסגעזען:

אַז איך האָב ליב בוזין.

אַז איך האָב זי ליב מיט יענער היילקער פייערדיקער גיהנום־ליבע, וואָס ווערט אַזוי שיין באַשריבן אין אונדזער שיר־השירים: „שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע, שווער ווי דער גיהנום איז די קנאה. אירע פונקען זענען פונקען־פייער. אַ פלאַקער פון גאָט“.

## ג.

איך האָב געהאַט אַ טעות: איך בין נישט געווען דער ערשטער יענעם פרימאָרגן. מיין מאַמע האָט זיך געפּעדערט נאָך פריער

פון מיר. זי איז שוין אַנגעטאָן. זי איז שוין באַשעפטיקט מיט דער טיי, מיטן אָנבייסן.

— דער טאַטע שלאָפט נאָך. דאָס קינד שלאָפט נאָך (אַזוי הייסט ביי איר בוזי). וואָס ווילסטו טרינקען, שימעק?

מיר איז אַלץ איינס. וואָס זי וועט מיר געבן, וועל איך טרינקען. מיין מאַמע גיסט מיר אָן טיי און דערלאַנגט מיר מיט אירע שיינע ווייסע הענט. קיינער פאַרמאָגט נישט אַזעלכע שיינע ווייכע הענט, ווי מיין מאַמע. זי זעצט זיך אַוועק קעגן מיר און רעדט מיט מיר שטיל, דער טאַטע זאָל נישט הערן. טאַקע פונעם טאַטן רעדט זי מיט מיר. ער ווערט עלטער, נישט יונגער. ווערט עלטער און שוואַכער און הוסט. הוסט, צום מייגסטן, אין דער פרי, אַז ער שטייט אויף. און אַמאָל ביינאַכט מאַכט זיך, זאָל ער זיך אויפכאַפּן און אָוועקהוסטן אַ גאַנצע נאַכט. און אַמאָל בייטאָג אויך... רעדט זי אים איין, ער זאָל זיך דורכגיין צום דאָקטאָר — וויל ער נישט. אַן עקשן. זיין עקשנות איז דען איבער־צוטראָגן? זי באַקלאָגט זיך נישט, חלילה, אויף אים. נאָר גאָר־נישט. ס'איז געקומען צו רייד, רעדט זיך...

אַזוי גיט מיר איבער די מאַמע שטילערהייט אַ ראַפּאָרט פונעם טאַטן. און אויך וועגן בוזין דערציילט מיר די מאַמע שטילערהייט, און אירע אויגן לייכטן. און זי גיסט מיר אָן נאָך אַ גלאָז און פרעגט מיך, וואָס איך זאָג אויף בוזין? איאָ, אויסגעוואַקסן קיין עין־הרע, ווי אַ בוים? קיין ביז אויג זאָל איר גאָרנישט שולט זיין! שבת נאָך שבועות איז די חתונה. אם ירצה השם, שבת נאָך שבועות. אַ גליקלעכער שידוך, אַ געראָטענער חתן. אַ שיינער אָרט, אַ באַלעבאַטיש, נגידיש הויז. אַ שמאַלץ־גרוב...

— פונדעסטוועגן — אַזוי דערציילט מיר די מאַמע ווייטער — פונדעסטוועגן, וויפל האָט מען מיט איר געהאָרעוועט. טאַקע מיט בוזין, איידער מע האָט ביי איר געפּועלט, זי זאָל זיך לאָזן אָנקוקן. איצט איז זי, דאַנקען גאָט, צופרידן. נאָך ווי אַזוי צופרידן! די בריוולעך, וואָס מע שרייבט זיך! אַ טאָג איבער אַ טאָג. (דער מאַמעס פּנים שיינט. דער מאַמעס אויגן לייכטן). אַ שטייגער, לאָז נישט זיין אַזוי גיך קיין בריוו — טוט זיך חושך!... דאָס איז איצט. אָבער פריער? שיער נישט אַרויס, שונאי ציון, די נשמה, ביז מע האָט דערלעבט פון איר דאָס וואָרט „יאָ“ צו הערן... בוזי — אויך אַ גוטע עקשנטע. פון אַזאַ משפחה: זיי, אַז זיי שפּאַרן זיך איין!... זי רעדט נישט, חלילה, קיין שלעכטס אויף קיינעם. נאָר גאָר נישט. ס'איז געקומען צו רייד, רעדט זיך...

פונעם טאטנס אלקיר לאָזט זיך הערן א הוסטן — און נישטאָ מיין מאמע, פארשוווּנדן.

ד.

מ י  ז א ת  ה נ ש ק פ ה  כ מ ו  ש ח ר — ווער קוקט דאָס ווי דער מאָרגנשטערן? י פ ה  כ ל ב נ ה — שיין ווי די לבנה? ב ר ה כ ח מ ה — לויטער ווי די זון?

דאָס איז אריינגעקומען פון איר שלאָפצימער בוזי.

איך קוק מיך איין אין בוזין — איך וואָלט געמעגט שווערן איינס פון דיביידע: אָדער זי האָט געוויינט, אָדער זי איז נישט געשלאָפן די נאכט.

מיין מאמע איז גערעכט: ווי א בוים איז זי אויסגעוואָקסן, ווי א רויז האָט זי אויפגעבליט. אירע אויגן, אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן, זענען אין דעם פרימאָרגן נאָך איבערגעצויגן מיט א דין רויכל. און דאָס גאנצע פּנים אירס איז אין דעם פרי־מאָרגן איבערגעדעקט מיט א דינעם פּרוכת. און בוזי אינגאנצן איז א סוד פאר מיר. א שמערצלעכער סוד. א סך זאכן וואָלט איך וועלן וויסן. פארוואָס איז בוזי נישט געשלאָפן די דאָזיקע נאכט? איך וואָלט וועלן וויסן, וועמען האָט זי געזען אין חלום: מיך, דעם ליבן גאסט, וואָס זי האָט אויף אים אזוי לאנג ארויסגעקוקט און וואָס איז געקומען צו פליען אזוי אומגעריכט? אָדער אן אנדערן האָט זי געזען אין חלום? אן אנדערן, דעם, וואָס טאטע־מאמע האָבן איר אָנגעהאָנגען קעגן איר ווילן?... בוזי איז א סוד פאר מיר. א שמערצלעכער סוד. ג ן  נ ע ו ל  א ח ו ת י  כ ל ה — א גאָרטן א פארשלאָסענער איז מיין שוועסטער די כלה. א גאָרטן א פאר־שלאָסענער, א קוואל א פארזיגלטער...

ה.

בוזי איז א סוד פאר מיר. א שמערצלעכער סוד. עטלעכע מאָל אין טאָג בייט זיך ביי איר די שטימונג. ווי דער אינדרויסן אין א זומערדיקן וואָלקן־טאָג: אָט איז ווארעם, אָט איז קיל. אָט טוט א שיין ארויס די זון פון די וואָלקנס ארויס — און עס ווערט שיין. ביז עס רוקט זיך אָן א נייער וואָלקן — און עס ווערט ווידער טריב און טונקל.

נישטאָ דער טאָג, וואָס בוזי זאָל נישט באקומען א בריוו פון „עמעצן“. נישטאָ דער טאָג, זי זאָל נישט ענטפערן דעם „עמעצן“.

איך ווייס גאַנץ גוט ווער דער „עמעצער“ איז, און איך פרעג זי נישט. איך רעד נישט מער מיט בוזין פון „אים“. איך האַלט, אַז „ער“ איז דאָ אַן איבעריקער, אַן אָנגעוואָרפענער. בוזי רעדט אָבער אַליין פון אים. רעדט זי נישט פון אים שוין צו פיל? אין די געציילטע מינוטן, ווען מיר בלייבן מיט איר אַליין אינצווייען, רעדט מיט מיר בוזי פון „אים“ און לויבט אים, לויבט אים אין טאָג אַריין. לויבט זי אים נישט צופיל?

זי זאָגט צו מיר:

— דו ווילסט וויסן וואָס ער איז? (זי לאָזט אַראָפּ די אויגן). ער איז אַ פיינער — אָ! זייער אַ פיינער. ער איז אַ ווילער — אָ! זייער אַ ווילער. נאָר... (זי הייבט אויף די אויגן אויף מיר און לאַכט). ער קומט נישט צו דיר... ווי קומט ער צו דיר?...

וואָס מיינט דערמיט בוזי? זי וויל מיר פאַרגינען? אָדער זי טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס?

ניין. נישט זי וויל מיך פאַרגינען, נישט זי טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס. נאָר זי רעדט זיך אויס דאָס האַרץ...

דאָס איז ווי צוויי מאָל צוויי.

נאָך דער טיי זענען די מאַמע און בוזי אַוועק אין קיך וועגן אָנבייסן, און איך מיטן טאַטן האָבן זיך געשטעלט דאַווענען. איך האָב עס געמאַכט בקיצור. נאָר דער טאַטע, איינגעוויקלט אין טלית און תפילין, איז נאָך געשטאַנען מיטן פּנים צו דער וואַנט און געלויבט גאָט. קומט אָן פּלוצים בוזי אויסגעקליידט, מיט אַ זאָנטיקל אין האַנט, און רופט זיך אָן צו מיר:

— קום.

— וווהין?

— הינטער דער שטאָט אַרויס. אַביסל זיך דורכגיין, אַ שיינער טאָג, אַ זעלטענער טאָג.

דער טאַטע האָט אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ, קוקט אַרי־בער די זילבערנע ברילן. און בוזי ציט אָן די הענטשקעלעך אויף די הענט און מאַכט צו אים:

— נישט אויף לאַנג, טאַטע, נישט אויף לאַנג. מיר קומען באַלד צוריק. די מאַמע ווייסט, אַז מיר גייען. קום, שימעק, דו גייסט?

די בעסטע מוזיק, די שענסטע סימפאָניע קאָן דען אַזוי שיין קלינגען, ווי די ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן? עס האָט זיך געלאָזט הערן אין זיי אַן אָפּקלאַנג פון שיר־השירים: ל כ ה, ד ו ד י — קום ליבער, נ צ א ה ש ד ה — לאָמיר גיין! אין פעלד אַרויס, לאָמיר נעכטיקן אין די דערפער. לאָמיר זיך פעדער;

אין די וויינגערטנער. לאָמיר זען, אויב עס בליט דער ווינשטאָק? אויב עס שפּראָצן די מילגראָמען?"...

אויסער זיך פון התפעלות לאָז איך מיך נאָך בוזין און פיל נישט די ערד אונטער זיך. וואָס איז דאָס מיט בוזין? דאָס ערשטע מאָל, זינט איך בין אין דער היים, טרעפט, אז בוזי זאָל מיך רופן שפּאצירן גיין, וואָס איז דאָס מיט בוזין?...

ו.

בוזי איז גערעכט. ס'איז א שיינער טאָג. א זעלטענער טאָג.

אָפּשאצן אזא זומער־טאָג קאָן מען נאָר אין מיין קליין אָרעם שטעטל, אז מע כאַפּט זיך ארויס פון דער קלעם און פון דער ענגשאפט אויף גאָטס פרייער שיינער וועלט, די ערד האָט זיך באקליידט מיט איר גרינעם מאנטל, אויסגעקליידט מיטן גאנצן שמוק פון איר פיל־פארביקע פעלד־בלומען. ארומגעברעמט מיט א זילבערן טייכל פון איין זייט און מיט א קליינוווקסיק נאָר געדיכט וועלדל פון דער אנדערער זייט. דאָס זילבערנע טייכל זעט אויס, ווי א זילבערנע עטרה צו א נייעם טלית מיט בלויע תכלת. דאָס געדיכטע וועלדל זעט אויס, ווי א געדיכטע פּאטלע געקרייזלטע האָר, פון צייט צו צייט באריררט פון א ווינטל.

אויף בוזין איז געווען א בלוי בעזשן קלייד, גרינג ווי א רויך, דורכזיכטיק ווי די לופט, ווי דער הימל. א זאָנטיקל מיט שפּיצלעך פון גרינער פארב און ווייסע אזשור־הענטשקעלעך אויף די הענט. פילפארביק האָט זי אויסגעזען, פילפארביק, ווי דאָס פעלד.

„דאָס לעצטע מאָל — זאָגט מיר בוזי — האָט זי זיך אויס־געבעטן ביי דער מאמע. דאָס לעצטע מאָל וויל זי זיך געזעגענען מיט דער שטאָט, מיט הינטער דער שטאָט, מיטן „הייליקן אָרט". מיט די מילן, מיטן טייכל, מיטן בריקל. צוליב דעם לעצטן מאָל האָט איר די מאמע צוליב געטאָן. א כלה דארף מען צוליב טאָן, כא־כא... א כלה פירט אויס אלצדינג... וואָס זאָגסטו שימעק?"

שימעק זאָגט גאָרנישט. שימעק האָרכט. עס ווייזט זיך מיר אויס, אז בוזי איז היינט מאָדנע פרייילעך. נישט נאטירלעך פריי־לעך. און לאכט, ווי איבער נויט. אפשר דאכט זיך מיר אזוי?

— געדענקסטו, בוזי, ווען מיר זענען דאָ געווען?

איך דערמאָן איר, ווען מיר זענען דאָ געווען. שוין לאנג־לאנג. מיט יאָרן צוריק איז דאָס געווען. מיר זענען געגאנגען

אהער איגצווייען רייסן גרינס אויף שבועות, אויב זי געדענקט. דעמלט זענען מיר אויך געגאנגען מיטן זעלבן וועג, פארביי די זעלביקע מילן, איבער דעם זעלביקן טייכל, איבער דעם זעלביקן בריקל.

— נאָר אנדערש האָבן מיר דעמלט שפּאצירט, בוזי. דעמלט זענען מיר געלאָפן, ווי די יונגע הירשן, געשפּרונגען, ווי די פעלד־אינדן איבער די בשמים־בערג. און איצט?

— און איצט? — זאָגט בוזי און בייגט זיך אָן רייסן בלומען.

— איצט גייען מיר סטאַטעטשנע, ווי עס פּאַסט פאר אזעלכע סטאַטעטשנע לייט, ווי מיר זענען... געדענקסטו, בוזי, ווען מיר זענען דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל?

— ערב שבועות איז דאָס געווען. — ענטפערט מיר בוזי און שענקט מיר א בוקעט מיט שמעקנדיקע בלומען, וואָס זי האָט אָנגעריסן.

— פון מיינעטוועגן, בוזי?

— פון דיינעטוועגן, שימעק. — זאָגט צו מיר בוזי מיט א קוק פון אירע בלויע שיר־השירים־אויגן. און דער קוק דרינגט אריין גלייך מיר אין הארצן אריין.

ז.

מיר גייען ביידע, האַנט ביי האַנט, איבערן בריקל. די ברעטער הוידען זיך. דאָס וואַסער לויפט אונטער אונדזערע פיס, קאָטשעט זיך, שלענגלט זיך און פאלט מיט א שטילן זשומען און מיט א גרינגן רעש באַרג־אַראָפּ, אזוי אז איך קאָן הערן דעם „טיק־טאַק“ פון בוזיס הארץ, וואָס איז אזוי נאָענט, אזוי נאָענט צו מיר. (דאָס ערשטע מאָל זינט איך בין געקומען צו פאָרן אהיים).

עס מאָלט זיך מיר אוים, אז בוזי דערנענטערט זיך צו מיר אלע מאָל נענטער און נענטער. איך דערשפּיר דעם באַקאַנטן ריח פון אירע שיינע האָר, איך דערפיל די איידלקייט און גלאַטקייט פון איר פּרעכטיקער האַנט, די וואַרעמקייט פון איר לייב. און עס דאכט זיך מיר, אז איך הער פון איר ווערטער מיטן לשון פון שיר־השירים: „אני לדודי — איך בין מיין געליבטנס, ודודי לי — און דער געליבטער איז מיינער“... און די זון, און דער הימל, און דאָס פעלד, און דאָס טייכל, און דער וואַלד באַקומען א נייעם גלאַנץ, א נייעם חן אין מיינע אויגן. אן עבירה, אן עבירה, וואָס דאָס בריקל איז אזוי קורץ. א מינוט — און מיר זענען שוין

אויף יענער זייט בריקל, אויף דער „לעוואדע“. א מינוט — און בוזיס איידעלע גלאטע פרעכטיקע האנט האָט זיך ארויסגעגליטשט פון מיין האנט — און די זון, און דער הימל, און דאָס פעלד, און דאָס טייכל, און דער וואלד האָבן אָנגעווירן דעם פריערדיקן גלאנץ מיטן פריערדיקן חן אין מיינע אויגן.

— א מאָדנע זאך — זאָגט צו מיר בוזי, און אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן זענען אין דער מינוט טיף, ווי דער הימל, און פארטראכט, ווי די נאכט — א מאָדנע זאך: אלע מאָל, ווען איך גיי, אָדער איך פאָר איבער א וואסער, עס מעג זיך זיין וואָס פארא וואסער עס וויל זיך, מוז איך זען מיין טאטן, און אלע מאָל...

איך שלאָג איר איבער די רייד:

— דו רעדסט נארישקייטן, בוזי.

בוזי טראכט א ווײַלע. נאָכדעם זאָגט זי צו מיר:

— נארישקייטן? כא־כא, ביסט גערעכט. איך רעד נאריש־קייטן, ווײַל איך בין א נאַרעלע. א נאַריש מיידל בין איך. א־אָ א נאריש מיידל? זאָג דעם אמת, שימעק. דעם אמת זאָלסטו מיר זאָגן, כא־כא־כא!

בוזי לאכט, פארוואַרפט דעם קאָפּ און באווייזט מיר אירע חנעוודיקע פערל־ציין. איר פּנים שיינט אויף דער שיינענדיקער זון. אין אלע פארבן פונעם פעלד פינקלען זיך אָפּ אין אירע אויגן, אין אירע שיינע בלויע פארטראכטע שיר־השירים־אויגן.

ח.

אומזיסט! איך קאָן ביי איר נישט פּועלן, אז זי איז גאָרנישט אזא נאר, אז זי איז גאָר קיין נאר נישט. זי ווייסט, זאָגט זי מיר, זי ווייסט, אז ס׳איז פאראן נארישערע פון איר. זי ווייסט. נאָר אקעגן מיר איז זי א נארעלע. שטעלט אייך פאָר — זי גלייבט און חלומות.

— איאָ, שימעק, דו גלייבסט נ׳שט? און איך גלייב. אָט איז מיר ערשט נעכטן געקומען צו חלום דער טאטע פון יענער וועלט. אָנגעטאָן און פריילעך, לעבעדיק, מיט א שטעקעלע אין האנט. און מאכט צו מיר אזוי זיס, אזוי פריינדלעך, און דרייט מיטן שטעקעלע: „איך קום, טאָכטער, צו דיר אויף דער חתונה“... נו, וואָס וועסטו זאָגן דערויף, שימעק?...„

— בוזי, מע דארף נישט גלייבן אין חלומות. חלומות זענען דברים בטלים.

— דברים בטלים — זאָגסטו?

בוזי שטייט א ווײַלע פאַרטראַכט. לאָזט זיך לויפן איבערן פּיל־פּאַרביקן פעלד און בלײַבט שטיין.

ווי א בלום, ווי א פּיל־פּאַרביקע בלום, זעט אויס בוזי אינעם דאָזיקן פּיל־פּאַרביקן פעלד, וואָס ציט זיך אַרום אונדז אָן א סוף און אָן א ברעג. מיט גענליקע שפּרענקעלעך איז זי באַשפּרענקלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי באַצוויקלט. די בלויע הימל־יאַרמלקע איבער איר קאָפּ. דאָס זילבערנע טײַכל פאַר אירע פיס. פון אַלע זײַטן טראָגט זיך אַקעגן אונדז שאַרף־שמעקנדיקע בשמים־און־געווירצן־ריחות. איך בין פאַרכשופט. איך בין פאַרשיכורט.

ווי א פאַרכשופטע שטייט אויך בוזי אין מיטן פּיל־פּאַרביקן פעלד און קוקט אויף מיר פאַרטראַכט. פאַרטראַכט ווי דער וואַלד.

פון וואָס טראַכט אַצינד בוזי? וואָס זאָגן אירע אויגן, אירע שיינע בלויע פאַרטראַכטע שיר־השירים־אויגן?

„אני חבצלת השרון — איך בין א ליליע פון שרון. שושנת העמקים — די רויז פון די טאָלן“...

אָט וואָס עס זאָגן מיר אירע אויגן. און עס דאַכט זיך מיר, אַז קיינמאָל, קיינמאָל איז נאָך נישט געווען אַזוי די אמתע שולמית פון שיר־השירים, ווי אין דער דאָזיקער מינוט.

ט.

ווי א בלום זעט אויס בוזי, די ליליע פון שרון. ווי א בליענדיקע רויז זעט אויס בוזי. די רויז פון די טאָלן, אין דעם דאָזיקן ברייטן פּיל־פּאַרביקן פעלד, וואָס ציט זיך אַרום אונדז אָן א סוף און אָן א ברעג. מיט גענליקע שפּרענקעלעך איז זי באַשפּרענקלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי באַצוויקלט. די בלויע הימל־יאַרמלקע איבער איר קאָפּ. דאָס זילבערנע טײַכל פאַר אירע פיס. פון אַלע זײַטן טראָגן זיך אַקעגן אונדז שאַרף־שמעקנדיקע בשמים־און געווירצן־ריחות. איך בין פאַרכשופט. איך בין פאַרשיכורט.

בוזי לאָזט זיך גיין. איך — נאָך איר. גרינג. און גיך גייט בוזי. גרינג, ווי א סאַרנע, ווי אַן אינד פון די אינדן, טראָגט זי זיך אין פּיל־פּאַרביקן פעלד, וואָס ציט זיך אָן א סוף און אָן א ברעג. און איר פּנים שײַנט אויף דער שײַנענדיקער זון, און אַלע פאַרבן פונעם פעלד פינקלען זיך אָפּ אין אירע אויגן, אין אירע שיינע בלויע פאַרטראַכטע שיר־השירים־אויגן

קיינמאָל, קיינמאָל איז נאָך בוזי נישט געווען אַזוי די אמתע שולמית פון שיר־השירים, ווי אין דעם דאָזיקן טאָג.

— דערקענסט, בוזי, דאָס דאָזיקע פעלד?
— אמאָל האָט דאָס געהערט צו דיר...
— און דאָס בערגל?
— דיין בארג. אמאָל איז דאָס געווען אלצדינג דיינס. אלצדינג דיינס...

זאָגט מיר בוזי מיט א גרינג שמייכל אויף די שיינע ליפן. נאָר עס ווייזט זיך מיר אויס, אז זי לאכט פון מיר, ווי זי פלעגט לאכן פון מיר אמאָל, מיט יאָרן צוריק.

— זיצן מיר?
— זיצן מיר.

איך זעץ מיך אוועק אויפן בערגל און מאך אן אָרט פאר איר. בוזי זעצט זיך אוועק אקעגן מיר.

— אָט־דאָ, געדענקסטו, בוזי, האָב איך דיר אמאָל דערציילט, ווי אזוי איך...

בוזי פארכאפט און ענדיקט פאר מיר:

— ווי אזוי דו הייבסט זיך אויף מיטן „שם־המפורש“ און פליסט, ווי אן אָדלער, ביז דער כמארע, העכער פון דער כמארע, איבער פעלדער, איבער וועלדער, איבער בערג, איבער טאָלן, איבער ימים און מדבריות, ביז דו קומסט אויף יענער זייט הרי־חושך, אין א קרישטאָלענעם פאלאץ. דאָרט זיצט דיין פארכשופטע בת־מלכה שוין זיבן יאָר און ווארט, ביז דו וועסט זיך דערבארעמען אויף איר און וועסט קומען צו פליען מיטן „שם־המפורש“ זי אויסלייזן, באפרייען — כא־כא־כא!

ניין. בוזי איז מיר היינט מאָדנע פריילעך. נישט נאטירלעך פריילעך. זי לאכט, ווי איבער נויט. גענוג. אויף אלץ איז א צייט. שוין צייט רעדן מיט איר אביסל ערנסטע, ריינע, קלאָרע דבורים. שוין צייט עפענען פאר איר מיין הארץ, אנטפלעקן פאר איר מיין נשמה... און איך לאָז אויס מיין געדאנק מיטן לשון פון שיר־השירים: „עד שיפוח היום — איידער עס וועט אוועק דער טאָג, דער דאָזיקער גליקלעכער טאָג, ונסו הצללים — און עס וועלן אנטלויפן די שאָטנס“...

ו.

פאר דער גאנצער צייט, וואָס איך בין אין דער היים, האָב איך בוזין קיין צענט־חלק, קיין הונדערט־חלק נישט ארויסגעזאָגט פון דעם, וואָס עס האָט זיך אויסגעגאָסן ביי מיר אָט דאָ, אין דעם דאָזיקן פרימאָרגן. איך האָב איר אויפגעדעקט מיין הארץ, אנט־

פלעקט פאַר איר מיין נשמה. דערציילט דעם גאַנצן אמת, וואָס האָט מיך אַהער געבראַכט...

ווען גישט דעם טאַטנס בריוול מיטן מזל־טוב, ווען נישט די דריי ווערטער: „שבת נאָך שבועות" — וואָלט מיך איצט נישט געזען דאָס טייכל, וואָס לויפט דאָרט באַרג־אַראָפּ, און דאָס וועלדל, וואָס גרינט אָט דאָ נישט ווייט...

און איך שווער איר טאַקע ביי אָט דעם טייכל, וואָס לויפט דאָרט באַרג־אַראָפּ, און טאַקע ביי דעם וועלדל, וואָס גרינט אָט דאָ נישט ווייט, און ביים דאָזיקן בלויען הימל־דעק, וואָס איבער אונדזער קאָפּ, און ביי דער גין־גאָלדענער זון, וואָס פינקלט אָפּ אין אירע אויגן, און ביי דעם אַלעם, וואָס שיין און ריין און הייליק איז, — אַז איך בין געקומען אַהער נאָר צוליב איר, נאָר צוליב איר, וואָרום... איך האָב זי ליב — ענדלעך האָט דאָס וואָרט זיך ארויסגעריסן!

— וואָרום איך האָב דיך ליב, בוזי, דו הערסט, איך האָב דיך ליב מיט יענער הייליקער פלאַם־פייערדיקער גיהנום־ליבע. וואָס ווערט באַשריבן אין שיר־השירים: „שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע, שווער ווי דער גרוב איז די קנאה. אירע פונקען זענען פונקען פייער. א פלאַקער פון גאָט"... וואָס איז מיט דיר, בוזי? דו וויינסט? גאָט איז מיט דיר!...

יא.

בוזי האָט געוויינט.

בוזי האָט געוויינט — און די גאַנצע וועלט האָט זיך אָנגעקליידט אין טרויער. די זון האָט אויפגעהערט צו שיינען. דאָס טייכל — צו לויפן. דאָס וועלדל — צו גרינען. די פליגעלעך — צו פליען. די פייגעלעך — צו זינגען.

בוזי האָט געוויינט. זי האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט. אירע פּלייצעס האָבן אויפגעציטערט. און זי האָט געוויינט אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער.

אזוי וויינט א קליין קינד, וואָס דערפילט, אַז עס האָט פאַרלוירן טאַטע־מאַמע.

אזוי וויינט א געטרייע מוטער אויף איר קינד, וואָס מע האָט דאָס ביי איר צוגענומען.

אזוי וויינט א יונג־פרוי, וואָס באַקלאָגט איר געליבטן, וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון איר.

אזוי וויינט א מענטש, וואָס באַקלאָגט זיין אייגענע וועלט, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער זיינע פיס.

אומזיסט איז געווען מיין טרייסטן, וואָס איך האָב זי געטרייסט. אַרויסגעוואָרפן אַלע מיינע שיר־השירים־עפּיטעטן, וואָס איך האָב אויסגענוצט פאַר איר. בוזי וויל זיך נישט טרייסטן. בוזי וויל מיינע עפּיטעטן נישט הערן. צו שפּעט, זאָגט זי, צו שפּעט האָב איך מיך דערמאָנט אָן איר... צו שפּעט האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז עס איז דאָ א בוזי אויף דער וועלט. א בוזי, וואָס האָט א האַרץ, וואָס בענקט, און א נשמה, וואָס רייסט זיך פון דאַנען אין אַן אַנדער וועלט אַרויס... אפשר וואָלט איך מיך דערמאָנט, זאָגט זי, אָן די בריוולעך, וואָס זי האָט מיר אַמאָל געשריבן? נאָר — פאַרכאַפּט זי זיך — ווי קום איך צו געדענקען אַזעלכע נאַרישקייטן? פאַרשטייט זי דען נישט אַליין, אַז זי האָט דאָס, אייגנטלעך, באַדאַרפט שוין לאַנג פאַרויסזען, — אַז אונדזערע וועגן זענען פאַרשידן? אַז זי קאָן זיך צו מיר נישט גלייכן? ווי קומט זי צו מיר? זי, א יידישע טאָכטער, א קליינשטעטלדיק מיידל, ווי קומט זי צו מיר? ערשט פאַרשטייט זי, אַז ס'איז געווען א נאַרישקייט פון איר, א גרויסע נאַרישקייט, וואָס זי פלעגט מיר דולן א קאָפּ מיט אירע קינדערישע בריוולעך, מיט אירע נאַרישע אָנצוהערענישן, אַז טאַטע־מאַמע בענקען נאָך מיר... ניין. זי האָט אַליין באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז זי קאָן זיך צו מיר נישט גלייכן. ווי קומט זי צו מיר? א יידישע טאָכטער, א קליינשטעטלדיק מיידל!... זי האָט אַליין באַדאַרפט אַרויסזען, אַז קוים האָב איך נישט געפאָלגט טאַטע־מאַמע, ווידערשפּעניקט זייער געבאָט, נישט געוואָלט גיין זייערע וועגן און בין געגאַנגען מיין אייגענעם וועג, וועל איך געוויס אַוועקגיין ווייט, וועל איך געוויס שטייגן הויך, אַזוי ווייט און אַזוי הויך, אַז איך וועל קיינעם שוין נישט אַרויסזען, קיינעם נישט וועלן קענען.

— קיינעם נישט, א חוץ דיך, בוזי!

— ניין, קיינעם נישט! קיינעם נישט! קיינעם נישט! קיינעם נישט זען, קיינעם נישט הערן, אַלעמען פאַרגעסן...

— אַלעמען, נאָר נישט דיך, בוזי.

— ניין אַלעמען, אַלעמען! אַלעמען!

## יב.

בוזי האָט אויפגעהערט צו וויינען, און טרוקן זענען געוואָרן אירע אויגן. די זון האָט אָנגעהויבן צו שיינען, אַזוי ווי פריער.

דאָס טייכל — צו לויפן. דאָס וועלדל — צו גרינען. די פליגעלער — צו פליען. די פייגעלעך — צו זינגען.

בוזי האָט אויפגעהערט צו וויינען. א.ן טרוקן זענען געוואָרן אירע אויגן. אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן. און אויסגעטריקנט האָבן אירע טרערן, אזוי ווי טראָפּנס טוי אויף דער הייסער זון.

א.ן פּלוצים האָט זי זיך גענומען פארענטפערן אירע טרערן. אצינד זעט זי, ווי נאריש זי איז. וואָס איז געווען דער געוויין? וואָס האָט זי צו וויינען? וואָס פעלט איר? א סך מיידלעך אויף איר אָרט וואָלטן זיך פילן גליקלעך. איבערגליקלעך!... און א פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין אירע אויגן. אין אירע שיינע בלויע שיר־השירים־אויגן. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען דאָס דאָזיקע פייערל אין בוזים אויגן. און רויטע פלעקן זענען ארויסגעטראָטן אויף אירע בעקלעך, אויף אירע שיינע רויזנבעקלער. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען בוזין פייערן, אזוי פלאמען, ווי זי האָט געפייערט און געפלאמט אין דער דאָזיקער מינוט. און איך וויל זי אָננעמען פאר א האנט, און איך זאָג צו איר מיטן לשון פון שיר־השירים:

— הנך יפה רעיתי — ווי שיין דו ביסט, בוזי, בעת דיינע בעקלעך פלאמען און דיינע אויגן שפּריצן פייער...

ארויסגעוואָרפן! בוזי הערט נישט מיין שיר־השירים. בוזי האָט איר אייגענעם שיר־השירים. זי הערט גישט אויף צו לויבן „עמעצן“, לויבן אים אין טאָג אריין. זי זאָגט צו מיר:

— דודי צח ואדום — מיין באשערטער איז פיין און שיין. דגול מרבבה — פיינער פון א סך — א סך אנדערע, ער איז אפשר גישט אזוי געלערנט, ווי אנדערע, דערפאר איז ער אָבער גוט. דערפאר איז ער מיר געטריי. דערפאר האָט ער מיך ליב. זאָלסט זען די בריוו, וואָס ער שרייבט צו מיר, זאָלסט זען די בריוו.

— לבבתיני, — זאָג איך צו איר ווייטער, גלייך ווי איך וואָלט נישט הערן וואָס זי זאָגט — לבבתיני, אחותי כלה — דו האָסט מיין הארץ אוועקגענומען, מיין שוועסטער די כלה!..

— חכו ממתקים וכולו מחמדים! — זאָלסט זען די בריוו, וואָס ער שרייבט מיר, זאָלסט זען די בריוו.

עס הערט זיך אין אירע ווערטער א מאָדנער טאָן. א מאָדנע שטימע. די שטימע — אזוי ווייזט זיך מיר אויס — וויל אריבערשרייען אן אנדער שטימע. אן אינעווייניקסטע שטימע.

דאָס איז ביי מיר ווי צוויי מאָל צוויי.

ראשיק און אומגעריכט כאפט זיך בוזי אויף פונעם שמעקנדיקן גראָז, טרייסלט זיך אָפּ, גלייכט זיך אויס, פאַרוואַרפט די הענט אהינטער און בלייבט שטיין אקעגן מיר און קוקט אויף מיר פון אויבן אראָפּ.

שטאָלץ און שיין, גרויסאַרטיק שיין, נאָך שענער ווי אלע מאָל, זעט זי אויס אין דער מינוט ביי מיר אין די אויגן.

איך האָב מורא צו זאָגן, נאָר מיר דאכט, אז ווען איך זאָל זאָגן, אז בוזי — דאָס איז די אמתע שולמית, וואָס אין שיר=השירים, וואָלט דאָס געווען א כבוד און א שבח פאר דער אמתער שולמית, וואָס אין שיר=השירים.

נישט שוין=זשע האָט זיך דערמיט געענדיקט אונדזער געשפרעך? איך שטיי אויף נאָך איר און גיי צו צו איר:

— שובי, שובי השולמית — קער דיך אום צוריק צו מיר, בוזי! — זאָג איך צו איר ווייטער מיט מיין שיר=השירים=שפראך און נעם זי אָן פאר א האנט. — קער זיך אום צו מיר, בוזי, קער זיך אום צו מיר באצייטנס! נאָך איין וואָרט. מער נישט אז איין וואָרט דארף איך דיר נאָך זאָגן.

אומזיסט. א.מזיסט. בוזי וויל נישט הערן דאָס איינע וואָרט. וואָס איך וויל איר זאָגן. גענוג, זאָגט זי, זיך אָנגערעדט. גענוג גענוג געזאָגט איינס דעם אנדערן — אפשר נאָך מער, ווי מע באדארף... גענוג=גענוג. שוין שפּעט. זע, ווי שפּעט עס איז! — זאָגט צו מיר בוזי און באווייזט מיר מיט איר האנט אויפן הימל, און באווייזט מיר אויף דער זון, וואָס באגיסט זי פון אויבן ביז אראָפּ מיט אירע מילדע ווייכע גאָלדענע שטראַלן. און בוזי, די ליליע פון שרון, בוזי, די רויז פון די טאָלן, באקומט א נייעם קאָליר, א גין=גאָלדענעם קאָליר, אויפן פיל=פארביקן פעלד, וואָס ציט זיך ארום אונדז אָן א סוף און אָן א ברעג.

— אהיים=אהיים! — זאָגט צו מיר בוזי און כאפּט זיך גיין און טרייבט מיך גיין. — אהיים=אהיים. שוין צייט, שימעק, שוין צייט. טאטע=מאמע וועלן דאָרטן איבערטראכטן גאָט ווייסט וואָס. אהיים=אהיים!

אין אירע לעצטע ווערטער „אהיים=אהיים“ לאָזט זיך מיר הערן דער טאָן פון אמאָל, אמאָל, מיט יאָרן צוריק, דער לשון פון שיר=השירים:

— ברח, דודי — אנטלויף, ליבער, און זיי געגליכן צו א הירש, אָדער צו אן אינד פון די אינדן אויף די בשמים=בערג.

יד.

עס גייען די טעג, עס לויפן די וואָכן. עס איז אָנגעקומען דער ליבער יום־טוב שבועות. עס איז אָנגעקומען דער שבת, וואָס נאָך שבועות. עס איז אַוועקגעגאַנגען דער שבת, וואָס נאָך שבועות, און נאָך א שבת — און איך בין נאָך אַליין א גאַסט אין מיין שטעטל.

וואָס טו איך דאָ? — גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. מיין מאַמע־מאַמע רעכענען, אַז איך בין געוואָרן א בעל־תשובה. אַז איך האָב חרטה אויף דעם, וואָס ס'איז געווען, וואָס איך האָב ווידערשפּעניקט זייער געבאָט, נישט געוואָלט גיין אין זייערע וועגן, און זיי זענען צופרידן, זייער צופרידן....

און איך? וואָס טו איך דאָ? וואָס דאַרף איך דאָ? גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. אַלע טאָג גיי איך מיר אַרויס איינער אַליין אויפן שפּאַציר, הינטער דער שטאָט אַרויס. אַהין — אויף יענער זייט מיל. אַהין — אויף יענער זייט בריקל. אַהין — צו יענעם פּיל־פּאַרביקן פעלד, וואָס ציט זיך אָן א סוף און אָן א ברעג, וואָס איז אַרומגעבראָמט מיט א זילבערן טייכל פון איין זייט און מיט א קליין וואוקסיק גאָר געדיכט וועלדל פון דער אַנדערער זייט. דאָס זילבערנע טייכל זעט אויס, ווי א זילבערנע עטרה צו א נייעם טלית פון בלויען תכלת. דאָס געדיכטע וועלדל זעט אויס, ווי א געדיכטע פאַלטע געקרייזלטע האָר, פון צייט צו צייט גערירט פון א ווינטל.

דאָרט זעץ איך מיך אַוועק איינער אַליין אויפן בערגל. אויף יענעם בערגל, וווּ מיר זענען ערשט דאָ נישט לאַנג געזעסן אין־צווייען, איך און בוזי, די ליליע פון שרון, די רויז פון די טאָלן.

אויף יענעם בערגל, וווּ מיר זענען אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אין צווייען, איך און בוזי, געלאָפן, ווי די יונגע הירשן, און גע־שפּרונגען, ווי די פעלד־אינדן, אויף די בשמים־בערג. דאָרט, אויף יענעם אָרט, וווּ עס ליגן באַהאַלטן די בעסטע זכרונות פון מיין אויף־אייביק־פאַרלוירענער יוגנט, פון מיין אויף־אייביק־פאַרלוי־רענעם גליק, קאָן איך מיר אַוועק זיצן איינער אַליין שטונדן־לאַנג און באַוויינען און באַקלאָגן די אומפאַרגעסלעכע שולמית פון מיין שיר־השירים־ראָמאַן.

טו.

און וואָס איז מיט דער שולמית פון מיין שיר־השירים־ראָמאַן? וואָס איז מיט בוזין? וואָס איז דער שלום? וואָס איז דער סוף?

צווינגט מיך נישט, איך זאָל אייך דערציילן דעם סוף פון מיין ראָמאַן. דער סוף, ער מעג זיך זיין דער בעסטער. איז ער א טרויעריקער אקאָרד. דער אָנהויב, דער ערגסטער אָנהויב, איז בעסער פונעם בעסטן סוף. עס איז מיר דעריבער א סך גרינגער און א סך מער אָנגענעם צו דערציילן אייך די דאָזיקע געשיכטע נאָך אמאָל פונעם אָנהויב. נאָך אמאָל און נאָך אמאָל און נאָך הונדערט מאָל. און מיטן אייגענעם לשון, וואָס אלע מאָל.

איך האָב געהאט א ברודער בעני. איז ער דערטרונקען געוואָרן אין טייך. האָט ער איבערגעלאָזט א יתומהליע. האָט מען זי גערופן בוזי. פארצוויגן פון אסתר=ליבע: ליבוזי — בוזי. און שיין איז געווען די בוזי, ווי די שולמית, וואָס פון שיר=השירים. און מיר זענען געוואקסן, איך און בוזי, ווי א שוועסטער מיט א ברודער. און מיר האָבן זיך ליב געהאט, איך און בוזי, ווי א שוועסטער מיט א ברודער.

און אזוי ווייטער.

דער אָנהויב, דער ערגסטער אָנהויב, איז בעסער פונעם שענסטן סוף.

דער אָנהויב — לאָז זיין דער סוף, דער עפּילאָג פון מיין נישט אויסגעטראכטן, נאָר אמתן, שמערצלעכן ראָמאַן, וואָס איך האָב מיר דערלויבט צו קרויגען מיטן נאָמען: ש י ר=ה ש י ר י ם.

# א וואָרט פאר א וואָרט

א מעשה שהיה, וואָס מיט מיר אליין האָט געטראָפן. דערציילט לכבוד פסח, כאָטש ס'האָט נישט צו טאָן נישט מיט פסח, נישט מיט שבועות. נישט מיט סוכות, און עס קאָן זייער שיין דערציילט ווערן אין א וואָכעדיקן טאָג אויך — אבי מע זאָל נאָר וועלן הערן.

געשריבן אין יאָר 1915.

# א וואָרט פאר א וואָרט

נישט היינט געדאכט, נישט פאר אייך געדאכט — איך בין אמאָל געווען א ראבינער. א ראבינער, נישט קיין רב, דאָס הייסט: טאקע א רב. א „ק א ז י אָ נ ע ר“...

וואָס א „קאזיאָנער רב“ איז דער היים באדייט — באדארף איך פאר מיינע היימישע יידן קיין סך נישט דערקלערן. זיי ווייסן שוין אליין. וואָס דאָס איז פאר א מין חיה. א מעטריקע, א ברית, א חתונה, א גט — דאָס איז זיין ארבעט. און ער האָט זיך א טאקסע פון טויט און פון לעבעדיק... אין שול קומט אים דעם אויבן־אָן. מעשה רב: צו „הנותן תשועה“ שטייט ער אויף דער ערשטער; און קומט א יום־טוב, א טאבעל־טאָג הייסט עס, איז אריין אינעם צילינדער און ארוים מיט לשון, און דווקא „רשעות“: „גאָספאָדין פריסאָזשאנע!“ אָדער „בלאגאָטשעסטיוויע בראטיא!“... זאָגן, אז מע האָט ביי אונדז שטארק ליב א ראבינער — עט! גאָרנישט, מע האלט זיך מיט אים. עלעהיי א פריסטאוו אָדער אן אנדער קנעפל, א שווארץ־יאָר. און דאָך ווערט ער געוויילט אלע דריי יאָר דורך „וויבאָרעס“ — א מין עלעקשאָן. ווי ביי אייך א פרעזידענט, להבדיל, און אויסגעקליבן ווערט ער דווקא פונעם פאָלק, דאָס הייסט, מע שרייבט אריין א פאפיר צו דער קהלה: „נא אָסנאָוואניע פרעדפיסאניא יעוואָ פרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ גאָספאָדינא גובערנאטאָרא — פריקאזאל...“ אויף אונדזער לשון וועט דאָס הייסן כמעט אזוי שיין ווי: „דער אָדון דער גובערנאטאָר הייסט אייך, איר זאָלט אייך צונויפנעמען,

יידעלער פּארכעס, אין שול אריין און אויסקלויבן אייך א ראַבינער!“...

דערנאָך הייבן זיך אָן די „וויבאָרעס”: קאנדידאטן, מחלוקתן, בראָנפּן און כאבאר... דערנאָך הייבן אָן לויפן דאָנאָסלעך, מסירה=לעך הייסט עס, אין דער „גובערנסקע פּראוולעניע“... איז מען מבטל די וויבאָרעס, און מע הייסט מאכן נייע וויבאָרעס, און ווידער „נא אָפּנאָוואניע פּרעפּיסאניא יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלטוואָ“, און ווידער קאנדידאטן. מחלוקתן, פּארטיעס, בראָנפּן און כאבאר — חי געלעבט!

בין איך געווען, את חטאי אני מזכיר היום, א ראבינער אין א קליין שטעטל, ס'איז נישט קיין סוד, איך קאָן אייך זאָגן אפילו מיט א סימן: אין פּאָלטאווער גובערניע. געוואָלט האָב איך אָבער זיין מאָדערן, א יוצא מן הכלל, נישט ווי אלע ראבינערס. האָב איך אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס „קנעפּל“ און גענומען אריינקוקן בעסער אין קהלשן טאָפּ אריין, אָפּגעגעבן זיך מיט כלל=זאכן, א תלמוד=תורה, א גמילות=חסדום, א פּארלאָזעניש, א בוררות א דין=תורה און גלאט אן עצה.

א פּארלאָזעניש, א בוררות, אן עצה — דאָס האָב איך געירשנט פן מיין טאטן און פון מיינע פעטערס, זיי — עליהם השלום, האָבן אויך ליב געהאט, מע זאָל זיי „באדערן“ מיט פרעמדע „ביזנעס“. פאראן אלערליי מינים מענטשן אויף דער וועלט. פאראן מענטשן אזעלכע, וואָס מע קאָן זיי נישט באדערן בשום אופן. איר וואָלט זיי געבאדערט — לאָזן זיי זיך נישט. איז פאראן ווידער מענטשן אזעלכע, וואָס איר קאָנט זיי ארויפקריכן גלייך אויפן קאָפּ, נישט מיט אמאָל, ביסלעכווייז: פריער אויפן שוים, דערנאָך אויפן קאָפּ און דערנאָך מיט די טיפע קאלאָשן אין הארצן אריין אויף א גאנץ ווינטער.

אָט פון דעם מין ראבינערס בין איך געווען און האָב געהאט, איך מעג מיך בארימען, א סך אָנהענגער און גאנץ הייסע חסידים, וואָס האָבן זיך נישט געשעמט צו קומען אלע טאָג, אָנבאראבאנעווען א פולן קאָפּ און אוועקזיצן ביז העט=ווייט אין דער נאכט אריין; נישט אָפּגעזאָגט זיך קיינמאָל פון א גלעזל טיי; פּאפּיראָסן, פארשטייט זיך, מיינע; ציימונגען און ביכער — שמועסט מען נישט. מיט איין וואָרט, — אחינו אתה — גאש=בראט, און שוין.

ויהי היום, עפנט זיך איינמאָל די טיר, און עס קומען אריין די שבעה טובי העיר, דער רעכטער שפּיגל, דער סאמע צימעס

פון שטאָט, — פיר יידן באַלעבאַטים, מע קאָן זאָגן נגידים: „אַ גוט־מאָרגן, ראַבינער!" ווער זענען דאָס געווען? דריי פון זיי זענען געווען די „טראָיקע" — אַזוי האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן אין שטעטל דערפאַר, ווייל זיי האָבן תמיד געהאַנדלט אַלע דריי בשותפותדיק, אַלע מאָל געקריגט זיך, שטענדיק חושד געווען איינעם דאָס אַנדערע און געקוקט זיך אין האַנט אַריין — און פונדעסטוועגן איז מען קיינמאָל נישט צעגאַנגען זיך, איבער אַ פּרינציפּ פון אַ ממה־נפשך: „איז דאָס געשעפט אַ גוט געשעפט און מע וועט פאַרדינען, פאַרוואָס זאָל איך אויך נישט אָפּלעקן אַ ביינדל? אַלאַ וואָס דען, ס'איז אַן אומגליק — ווער דו אויך באַגראָבן מיט מיר און ליג אויך אין דער ערד"... וואָס טוט גאָט? גייען זיך צונויף די דריי שותפים מיט אַ פערטן, האַנדלען אָפּ מיט אים קאָרגער אַ יאָר און מע צעפּאַטשט זיך. וואָס איז? „זינט גאָט האַנדלט מיט גנבים, דרייערס און זשוליקעס האָט ער נאָך אַזאַ גנב, אַזאַ דרייער און אַזאַ זשוליק נישט געזען!" אַזוי טענהן נעבעך די דריי שותפים אויפן פערטן. און ער, דער פערטער, טענהט פּונקט דאָס אייגענע אויף זיי: „זינט גאָט האַנדלט מיט גנבים, דרייערס און זשוליקעס, האָט ער נאָך אַזעלכע גנבים אַזעלכע דרייערס און זשוליקעס נישט באַגעגנט!" ווער־זשע איז געווען אָט דער פערטער? דאָס איז געווען אַ ייד דווקא אַ שטיַלינקער אַ נעבעכל, אַן אָפּגעפּוצטער, מיט אַ הדרת־פּנים, מיט געדיכטע, שוואַרצע ברעמען, אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר ממזריש־שמייכלענדיקע אויגן, און געהייסן האָט ער מיט זיין ליבן נאָמען „רב נחמן לקח".

דאָס הייסט, הייסן האָט ער געהייסן נחמן נתן, נאָר גערופן האָט מען אים, „נחמן לקח", דערפאַר, ווייל „לקח" איז דער טייטש ע ר ה אָ ט ג ע נ ו מ ע ן, און „נתן" — ע ר ה אָ ט ג ע ג ע ב ן, און אָט דער נחמן נתן האָט אויף זיין לעבן קיינמאָל נישט געגעבן, נאָר גענומען... און נחמן נתן האָט אַ טבע, אַז ער רעדט, מישט ער אַריין אַלע מאָל, צי מע דאַרף, צי מע דאַרף נישט, די צוויי ווערטער „מחמת דערימאַך".

איז מען דאָס געקומען הייסט עס, צום ראַבינער מיט אַ פּאַרלאַזעניש — ער זאָל אויסהערן, הייסט עס, זייערע טענות, טאָמער וועט ער געפינען עפּעס אַ מיטל זיי אויסצוגלייכן אין זייערע פאַרפּלאָנטערטע חשבונות. „ווי אַזוי איר וועט געפינען, פּאַני ראַבינער, און וואָס וועט איר גוטע אָפּפּסקענען און וואָס איר וועט זאָגן, איז געזאָגט"...

אזוי האָבן באַשלאָסן די דריי שותּפים, און דער בעל-דבר זייערער, רב נחמן לקח, האָט צוגעבאָמקעט מיט א נעבעך-פּנים, אז ער פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף מיר: „מחמת דערימאַך וואָס ער ווייסט, אז ער איז גאָט די נשמה שולדיק". און ער האָט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעלע, צונויפגעלייגט די הענט אויפן האַרצן, ווי א יידענע, צונויפגענומען די געדיכטע ברעמען און געקוקט מיט זיינע ממזריש-שמייכלענדיקע אויגן אויף מיר און געוואַרט, וואָס וועלן טענהן די שותּפים. און אז די שותּפים האָבן אַרויסגעלייגט אַלע זייערע טענות ומענות, איז ער אויפגעשטאַנען, אויסגעגלעט די געדיכטע ברעמען, נישט געקוקט אויף זיי, נאָר די גאַנצע צייט אויף מיר, טיף-טיף, מיט זיינע ממזריש-שמייכלענדיקע אויגן, און ער האָט אזוי בריהש צעשלאָגן אַלע זייערע טענות, אז ס'איז אויסגעקומען, אז דרייערס, שווינדלערס, גנבים און זשוליקעס זענען טאַקע זיי, די דריי שותּפים זיינע, און ער, נחמן לקח, איז א צדיק וישר און א כּפּרה-הינדל, אַן אמתער קרבן: „מחמת דערימאַך וואָס אַלצדינג, וואָס איר האָט דאָ געהערט פון זיי, איז שוא ושקר, לא היה ולא נברא, נישט געשטויגן נישט געפלויגן"... און ער האָט אויסגעוויזן מיט טויזנטער ראיות, אז אַלץ, וואָס ער זאָגט, איז הייליק, תּורה משה אמת...

די גאַנצע צייט, וואָס דער האָט געטענהט, האָבן יענע, די טראָיקע, נישט געקאָנט איינזיצן. אַלע מינוט איז אַן אויפגעשפּרונגען עמעצער פון זיי, זיך געכאַפּט ביים קאָפּ, ביים האַרצן: ס'טייטש-ס'טייטש! ווי קאָן א ייד זאָגן אַזעלכע זאַכן? האָקן אַזעלכע שקרים-וכזבים?" עס האָט געקאָסט מי דער חברה צו באַרואיקן, זיי זאָלן פאַר גרויס ערגערניש נישט אַריינפאַרן זייער בעל-דבר אין באָרד אַריין, און דעם ראַבינער איז שווער געווען, זייער שווער, אַרויס-צוקריכן פון דעם דאָזיקן פּלאָנטער, וואָס האָט אַרויסבאַוויזן, אז ער האָט פאַר זיך א גוטע קאָמפּאַניע, און אז שווינדלערס, גנבים און זשוליקעס זענען זיי אַלע פיר, און נאָך מוסרים אויך דערצו, און אז זיי פאַרדינען, מע זאָל זיי אַלע באַשטראָפן. וואָס-זשע טוט מען? בין איך געפאַלן אויף אַן עצה און רוף מיך אָן צו זיי:

— הערט-זשע אויס, מיינע ליבע יידן. מיין פּסק-דין איז שוין ביי מיר פאַרטיק אין קאָפּ כמעט אינגאַנצן. נאָר וואָס-דען אַ'ד וועל אייך אים נישט אַרויסזאָגן ביז איר וועט נישט איינלייגן ביי מיר אַלע פיר „כּף-האער", צו פינף-און-צוואַנציקער, הייסט

עס, אז איר וועט מקיים זיין דעם פּסק, וואָס איך וועל ארויסטראָגן.

אך! מיטן גרעסטן כבוד! — האָבן זיך אלע דריי א וואָרף געגעבן, און נחמן לקח נאָך זיי, און מע האָט זיך א נעם געטאָן אלע פיר צו די קעשענעס און מע האָט ארויסגעציילט מיר אויפן טיש איטלעכער זיין פינף=און=צוואנציקער. וועלכע איך האָב צונויפגענומען און פארשלאָסן ביי זיך אין טיש=קעסטל. און דערנאָך האָב איך ארויסגעזאָגט מיין רעזאָלוציע בזה הלשון:

„אויסגעהערט די טענות מיט די רייד פוןביידע צדדים און גוט אריינגעטראכט זיך אין אייערע עסקים, חשבונות און סכסוכים, האָב איך געפונען, נאָך מיין פארשטאנד און טיפער איבערצייגונג, אז אומגערעכט זענט איר אלע פיר, און נישט נאָר אומגערעכט, — ס'איז א חרפּה, א בזיון, אז יידן זאָלן קאָנען האנדלען צווישן זיך, ווייזן פאלשע חשבונות, שווערן זיך אויף ליגן און אפילו פארמסרן איינעם דאָס אנדערע... על=כן האָב איך געפונען, אזוי ווי מיר האָבן א תלמוד=תורה אין שטאָט מיט א סך קינדער, וואָס גייען נעבעך נאקעט און באָרוועס, און שכר=לימוד צו צאָלן איז נישטאָ פון וואנען, וואָרום אײדער מע רייסט אויס ביי אייך אמאָל א פּאָר גראָשן, קומט עס אָן מיט גרינע ווערעם, איז א יושר, אז אָט דער הונדערטער אייערער זאָל גיין אויף דער תלמוד=תורה, און איר זאָלט גיין אהיים געזונטערהייט, און א דאנק אייך פאר דער שיינער נדבה — די אָרעמע קינדער וועלן שוין האָבן הייזלעך און שטיוועלעך און ארבע=כנפותלעך און וועלן גאָט בעטן פאר אייך און פאר אייערע קינדער — אָמן".

אוסגעהערט דעם פּסק=דין, האָבן מיינע דריי שותּפים (די טראָיקע) נאָר איבערגעקוקט זיך צווישן זיך, געשוויצט און נישט געוועט אומשטאנד א וואָרט ארויסצורעדן. אפּנים, אויף אזא פּסק האָבן זיי זיך נישט געריכט! לשון האָט באַקומען נאָר זייער בעל=דבר, רב נחמן לקח. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעגלעט די געדיכטע ברעמען, אויסגעצויגן א האנט, און, קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע ממזריש=שמייכלענדיקע אויגעלעך, מאכט ער צו מיר אזוי:

— איך דאנק אייך, רב ראבינער, פון אונדזער אלעמענס נאָמען פאר אייער קלוגן פּסק=דין, וואָס איר האָט אונדז ארויסגעגעבן. מחמת דערימאָך וואָס אזוי פּסקענען וואָלט געקאָנט נאָר סיידן שלמה=המלך... איין זאך האָט איר נאָר פארגעסן זאָגן, רב ראבינער, וויפל קומט אייך פּסק=געלט פאר אייער קלוגן און יושרדיקן משפּט?

— האָט קיין פאריבל נישט, איר האָט נישט געטראָפן די קרעטשמע, איך בין נישט פון די ראבינערס וואָס נעמען פון טויט און פון לעבעדיק... — אזוי האָב איך אים אָפּגעענטפערט, ווי אן עכטער דזשענטעלמאן, און האָב באקומען פון מיין חברה־מאן אזא מין ענטפער:

— אויב אזוי, זענט איר נישט נאָר א חכם א ראבינער, איר זענט נאָך א נקי־כפימניק אויך! אפשר וואָלט איר געווען אזוי גוט אויסצוהערן א געשיכטע, מיר זאָלן אייך, הייסט עס, דערי־מאך באצאָלן אייך פאר אייער טרחה כאָטש מיט א מעשה?

— אָך! אפילו מיט צוויי מעשיות!

— וויבאלד אזוי, זעצט זיך, רב ראבינער, און זייט אונדז מכבד מיט פאפּיראָסן, וועל איך אייך דערציילן א שיינע, אן אמתע געשיכטע, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט מיר אליין טאקע, מחמת דערימאך איך, האָב פיינט פרעמדע מעשיות.

און מיר האָבן פאררויכערט צו פּאפּיראָסן, זיך אוועקגעזעצט אלע ארום טיש, און רב נחמן לקח האָט פאנאנדערגעלייגט זיינע געדיכטע ברעמען און, קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע ממזריש־שמייכלענדיקע אויגן, האָט ער אָנגעהויבן פּאוואָלינקע צו דער־ציילן זיין אמתע געשיכטע, וואָס מיט אים אליין האָט זיך געטראָפן. איך גיב זי אייך איבער וואָרט און וואָרט, טאקע מיט זיין לשון:

— דאָס איז געווען, איך זאָל אייך נאָר נישט זאָגן קיין ליגן, מחמת דערימאך ס'איז שוין א מעשה פון א יאָר מיט א מיטוואָך, איך בין נאָך דעמלט געווען א יונגערמאן און געזעסן נישט ווייט פון הי, אין א דאָרף, אויף א סטאנציע פון דער באן, געדרייט געשעפטלעך, געהאלטן א שטיקל אכסניא, גאנץ פיין פארדינט געלט. קיין ראָטשילד בין איך נישט געוואָרן, נאָר גאָרנישט, דאָס שטיקל ברויט האָט זיך געשלעפּט, און, ווי דער שטייגער איז, האָבן א חוץ מיר זיך געדרייט ארום וואָקזאל נאָך א מנין יידן, מחמת דערימאך, אז א ייד האָט פּרנסה, איז מען אים מקנא. מע מיינט, ער זשעברעוועט גאָלד. נאָר נישט דאָס איז דער עיקר־המעשה. איך וועל אייך נאָר דערציילן, אז טאמע אין רעכטן ברען פון סעזאָן, ווען ברויט גייט און וואגאָנעס לויפן, און די מקחים שטייגן, איז זיך מיישב מיינע און ווערט מיר געלעגן און האָט מיר א בן־זכר — מזל־טוב! מיט מזל זאָלט איר לעבן! וואָס טוט מען? דארף מען מחמת דערימאך פּראווען א ברית. אוועקגעוואָרפן אלע געשעפטן. בין איך אוועקעט אין שטאָט אריין, איינגעקויפט אלע גוטע זאכן און אראָפּגעבראכט דעם שוחט, דעם מוהל הייסט עס, מיט זיין גאנצן קלאפּערגעצייג, און

דעם שמש פֿון שול, מחמת דערימאַך וואָס איך האָב גערעכנט, אַז מיט די צוויי כּלי־קודש און מיט בעל־בריתניק, מיט מיר אַליין הייסט עס, וועלן מיר שוין געווים האָבן אַ מנין, און נאָך מיט אַ סמיטשיק, וואָס טוט גאָט? איז זיך מיישב איינער פֿון מיינע דאָרפֿסלייט און ווערט חולה, לייגט זיך אַוועקעט, קאָן נישט גיין צו מיר אויפֿן ברית, כאָטש ברענג אים צוטראָגן מיטן בעט: און נאָך איינער הייבט זיך אויף אין מיטן דערינגען און פֿאָרט נאָר אַוועק צו אַלדי שווארצע יאָר אין שטאָט אַריין, מחמת דע־רימאַך ער האָט, זאָגט ער, יאָרצייט, און — וואָס טויג אייך גרויס? — איך בלייב אָן אַ מנין, כאָטש לייג זיך אַוועקעט און שטאַרב! און דאָ איז אַקוראַט ערב־שבת (פּרייטיק געפֿעלט מיין יידענע צו פּראַוועון אַ ברית!), דער שוחט, דער מוהל, הייסט עס, זעצט די נשמה, דער שמש וויינט מיט טרערן — „וואָס'ט איר אונדז געשלעפּט?“ — ביטער ווי דער טויט! פֿאַל איך אויף אַן עצה און לויף אַרויסעט אויפֿן וואָקזאַל, מחמת דערימאַך טאָ־מער וועט גאָט צושיקן, אַ קשיא אויף אַ מעשה, עס פֿאָרן דורך אַזוי פֿיל מענטשן! און כּך הוה: איך קום צו לויפֿן אויפֿן וואָק־זאַל, נאָר וואָס אָנגעלאָפֿן דער קוריער און האַלט שוין אָט־אָט ביים אַוועקגייען. איך טו אַ קוק, עפּעס אַ פּאַרשוין, אַ פּעמפּיק, אַ בייכיקער הייסט דאָס, מיט אַ היפּשן טשעמאָדאַן, פֿליט אַ פֿאַרשוויצטער און גלייך צום בופֿעט — אַפּנים, עפּעס נעמען און מויל אַריין. נאָר וואָס קאָן, משטיינס געזאָגט, אַ ייד נאַשן פֿון אַ גויעשן בופֿעט אויפֿן וואָקזאַל? זוכט ער מיט די אויגן אַ שטיקל הערינג, אַן איי, די סלינע נעבעך רינט אים פֿון מויל — אַ גאָטס רחמנות! אַז איך טו אים נישט אַ נעם פֿאַרן אַרבל: „פֿע־טער! איר ווילט עפּעס געניסן?“ מיין ייד האָט זיך אַזש אַ וואָרף געטאָן פֿאַר שרעק, ווי איינער רעדט: ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך וויל עפּעס געניסן?... רוף איך מיך אָן צו אים: „נישט דאָס! איך האָב אייך געוואָלט זאָגן, זאָג איך, אַז הונדערט יאָר זאָלט איר לעבן, גאָט אַליין האָט אייך, זאָג איך, צוגעשיקט!“ קוקט ער אויף מיר און פֿאַרשטייט נישט. זאָג איך צו אים: „איר ווילט, זאָג איך, פֿאַרדינען עולם־הבא און נאָך עסן דערצו אַ ראָסלפֿלײשל, וואָס צעגייט זיך אין אַלע אבֿרים, מיט פֿרישע חלה, זאָג איך, נאָר וואָס פֿונעם אויוון?“ קוקט ער מיך נאָך אַלץ אָן, ווי אַ משוגענעם: — ווער זענט איר? וואָס ווילט איר? דערצייל איך אים די גאַנצע געשיכטע, וואָסער אַן אומגליק, מחמת דערי־מאַך ס'איז ביי מיר אַ ברית, ס'איז אַלצדיגנג דאָ, זאָג איך, אַ מוהל און אַ שמש און אַ סעודה אַ פֿרישע, זאָג איך, נאָר עס

פעלט מיר א צענטער צו א מנין. זאָגט ער: „וואָטזשע גייט זיך עס אָן מיט מיר?“ זאָג איך: „עס גייט זיך אָן, מחמת דערימאַד, איך וויל, איר זאָלט זיין, זאָג איך, דער צענטער צום מנין. איך בעט אייך, אירט פארדינגעו, זאָג איך, עולם=הבא און עסן א גוטן ווארעמעס אויך“... משוגע זענט איר? — מאַכט ער צו מיר — צי חסר=דעה? וואָס הייסט, דער פּאָיעזד ווערט דאָך אוועקגיין און ס'איז ערב שבת, זאָגט ער, און איך פאָר, זאָגט ער, פּאָדיעלאָ“... „וואָס קאָן דאָ זיין? — זאָג איך — ווערט איר פאָרן מיטן צווייטן פּאָיעזד, און דערווייל, זאָג איך, ווערט איר זיך קויפן עולם=הבא און געניסן, זאָג איך, פון א סעודת=מצווה, א יויך פרישע מיט פארפעלעך, אויף מיר אזא יאָר“...

— בקיצור, צו וואָס זאָל איך לאַנג מאריך זיין, אז מע קאָן עס מאַכן בקיצור? איך האָב דעם יידן בייגעקומען. אפנים, דאָס ראָסלפליישל און די יויך מיט די פארפעלער האָבן געטאָן זייער זאַך, מחמת דערימאַד מיין ייד האָט זיך אזש באַלעקט. האָב איך געגבן א נעם אוועק דעם טשעמאָדאַנטשיק, און מיר זענען אוועקביידע צו מיר אהיים, און מיר האָבן געפּראַוועט א ברית — אויף אלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן. דאָס ראָסלפליישל האָט זיך געלאָזט הערן נאָך בשעתן שניידן, מחמת דערימאַד ס'איז געווען פארפּראַוועט מיט קנאָבל. אזא ראָסלפליישל מיט פרישן קוילעטש איז טאַקע אן אפעטיט פון גאָט, און דערצו נאָך גוטע געזייערטע אוגערקעס, און א פלעשל ביער, און אביסל קאָניאַק פארן עסן, און א גלעזל ווישניק נאָכן עסן — וואָס אַרט אייך, מיין ייד האָט מקיים געווען דעם פּסוק פון ויאכלו נאָר באופן אחר. דער שטערן האָט אים אזש געשוויצט! נאָר וואָס דען? ביז עפּעס וואָס, ביז מע האָט זיך אומגעקוקט, ווערט אוים טאָג, מיין ייד טוט זיך א כאַפּ אויף — א צרה איז אים! א שלאַק איז אים! און ער נעמט זיך צום טשעמאָדאַן. „ווהין איז?“ — זאָג איך צו אים. — גאָט איז מיט אייך! ערשטנס, זאָג איך, ווער ווערט אייך לאָזן אוועקפאָרן פון שבת? און, צווייטנס, זאָג איך, זענט איך דאָך נישט דער ייד, וואָס קאַטאָרע אירט זיך לאָזן פאָרן לכתחילה אין שבת אריין. איידער שבת האַלטן ערגעץ אין מיטן פעלד, איז שוין, זאָג איך, גלייכער ביי מיר“. אויקעט ער מסתמא און אָכקעט: סטייטש, למאי האָב איך אים פארהאַלטן? און וואָס האָב איך געהאַט צו אים? און פארוואָס האָב איך אים נישט געזאָגט פריער? — טענות מיט טענות! זאָג איך צו אים: „ערשטנס, זאָג איך, האָב איך אייך נישט באַדאַרפט זאָגן, זאָג איך, אז ס'איז ערב שבת. מחמת דערימאַד, זאָג איך,

וואָס איר אליין האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ס'איז ערב שבת. און, צווייטנס, זאָג איך, פון וואַנען ווייסט איר? אפשר איז דאָס אַ באַשערטע זאַך פון גאָט, אַז איר זאָלט, זאָג איך, שבת האַלטן דווקא ביי מיר און פאַרזוכן מיין ווייבס פיש? איך בין אייך ערב, זאָג איך, אַז זינט איר עסט פיש, האָט איר נאָך אַזעלכע פיש, ווי מיין ווייבס פיש, זאָג איך, אפילו אין חלום נישט געגעסן!"...

איך האָב, וואָס אַרט אייך, געוווּסט מיט וואָס מע קאָן דעם יידן נעמען. והראיה? מיר האָבן אָפּגעדאַוונט מנחה, מקבל שבת געווען, געמאַכט קידוש, און מיינע האָט דערלאַנגט די פיש, האָבן זיך ביי מיין יידן צעגומען די נאָזלעכער, די אויגן האָבן ביי אים באַקומען גאָר אַן אַנדער גלאַנץ, — און מיין אורח האָט זיך צוגעכאַפּט צו די פיש גלייך ווי נאָך אַ תענית, שטאַרק געלויבט די פיש, ממש ביזן הימל אַריין, זיך נישט אָפּגעזאָגט בשום אופן פון אַביסל בראָנפן פאַר די פיש און אַביסל בראָנפן נאָך די פיש. און אַז ס'איז געקומען צו דער שבתדיקער יויך מיט לאָקשן זענען אים די לאָקשן אויך געפעלן און דער צימעס אויך, און אפילו דאָס פלייש פון צימעס, אַ שטיקל ברוסטן-פלייש, האָט ער אויך שטאַרק געלויבט, פּשוט געלעקט די פינגער! „ווייסט איר, זאָגט ער, וואָס איך וועל אייך זאָגן? — מאַכט ער צו מיר פאַרן בענטשן. — בדיעבד, אַז ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, זאָגט ער, בין איך גאַנץ צופרידן, וואָס איך בין פאַרבליבן ביי אייך אויף שבת, איך האָב שוין, זאָגט ער, לאַנג אַזוי נישט הנאה געהאַט פון שבת, ווי אַצינד!" „אויב אַזוי, זאָג איך, טוט עס מיר הנאה. נאָר וואַרט אויס, זאָג איך, איר וועט ערשט זען מאָרגן, מחמת דערימאַך ס'איז שבת, און אויף שבתדיקע פּאַטראַוועס, זאָג איך, איז מיינע אַ מאַדאַם:"...

— און כך הוה. ס'איז געקומען מאָרגן, נאָכן דאַווענען און נאָכן קידוש מאַכן, אַז מע האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען די פּאַרבייסעכצן, די קיכלעך מיטן געהאַקטן הערינג, מיט ציבלקעס מיט שמאַלץ, מיטן רעטאַך, מיט די געהאַקטע אייער, לעבערלעך מיט גריוון, און דערנאָך ערשט די קאַלטע פיש מיטן קאַלטן שטיקל ברוסט פון געכטיקן צימעס, און דערנאָך די פּעטשע, אָדער „פּיסנאָגע", ווי מע רופט עס ביי אייך, מיט די גוטע פּענעצלער מיט קנאָבל, און נאָכדעם דער גאַנצער טשאָלנט מיטן גוטן פעטן הייסן קוגל — האָט דער אורח גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן זיך! זאָג איך צו אים: „דאָס איז נאָך גאָרנישט! וואַרט אויס, זאָג איך, וועט איר פאַרזוכן, אם ירצה השם, אונדזער וואָלכישן באָרשטש צו דער מלוה מלכה, וועט איר, זאָג איך, ערשט דערלט

וויסן וואָס הייסט גוט!" צעלאַכט ער זיך גאַנץ ברייטלעך און מאַכט צו מיר: „עט-נו! ווו וועל איך שוין זיין, זאָגט ער, ביז אייער וואָלכישער באָרשטש וועט אמאָל פאַרטיק ווערן?" צעלאַך איך מיך אויך נאָך ברייטער פון אים און מאַך צו אים: „מאָלט איך, לאָז זיך אייך דאַכטן, זאָג איך, אז איר האָט א טעות. אויב איר רעכנט אוועקצופאָרן, זאָג איך, זאָלט איר עס פאַרגעסן תיכף-ומיד, מחמת דערימאַך דער וואָס פאָרט, זאָג איך, אום שבת, דער זיצט א גאַנצע וואָך אין דער היים".

— און כּך הוה. באַלד ווי מע האָט אָפּגעכאַפּט הבדלה און אָפּגעזאָגט די „המבדילס" הייבט מיין ייד אָן צו פּאַקן זיך אין וועג אריין. רוף איך מיך אָן צו אים: „משוגע מיינע שונאים? ערשטנס, ווער וועט אייך אוועקלאָזן אויף בייַנאַכט אין דער וועלט אריין? און, צווייטנס, זאָג איך, ווו האָט איר א פּאָיעזד?" „סטייטש, זאָגט ער, האָט איר דאָך מיך געקוילעט!" זאָג איך, „קיין גרעסערן אומגליק זאָלט איר נישט האָבן ווייל איר וועט לעבן! א פּאָיעזד וועט איר האָבן, אם ירצה השם, מאָרגן פאַרטאָג. איר, זאָג איך, גרייט אייך בעסער צו, זאָג איך, א מאָגן מיט אן אפּעטיט, מחמת דערימאַך, זאָג איך, דער באָרשטש לאָזט זיך שוין הערן! איך וועל אייך נאָר בעטן, זאָג איך, איר זאָלט מיר זאָגן דעם אמת, צי האָט איר ווען גענעסן אזא באָרשטש? נאָר דעם ריינעם אמת!" וואָס טויג אייך, ער האָט נעבעך געמוזט מודה זיין, אז זינט ער לעבט עסט ער דעם ערשטן מאָל אזא באָרשטש! און ער האָט שוין גאָר באַקומען חשק געוווּר צו ווערן, ווי אזוי מאַכט מען עס אזא באָרשטש? און פאַרוואָס האָט מען אים געקרוינט מיטן נאָמען „וואָלכישער?" און נאָך אזעלכע זאַכן. זאָג איך: „צו וואָס טויג עס אייך! איר פאַרזוכט בעסער, זאָג איך, אָט דאָס גלעזל וויין און זאָגט מיר, זאָג איך, דערויף אייער מבינות. נאָר דעם אמת! דעם ריינעם אמת! מחמת דערימאַך איך האָב פיינט, זאָג איך, קאָמפּלימענטן"...

— כּך הוה. מע האָט גענומען א גלעזל און נאָך א גלעזל און מע האָט זיך געלייגט שלאָפן, און מיין אורח האָט, וואָס אַרט אייך, פאַרשלאָפן דעם פאַרטאָגיקן פּאָיעזד און איז אויפגעשטאַנען ווי א צעקאָכטער. מלא גזלן, אָנגעפאַלן אויף מיר. אז איך בין מחויב געווען על-פּי יושר און על-פּי מענטשלעכקייט אים אויפ-צוּוועקן, און אז איבער מיר וועט ער האָבן היזק — ער ווייסט נאָך אליין נישט וויפל. הכּלל, איך האָב אים גאָר אומגליקלעך געמאַכט! הער איך אים אויסעט גאַנץ פיין און רוף מיך אָן צו אים: „זאָגט אליין, זאָג איך, זענט איר נישט א מאָדנער ייד?

ערשטנס, זאָג איך, וואָס איז בכלל, זאָג איך, דאָס איילעניש. וואָס מע אייט זיך! משטיינס געזאָגט, וויפל לעבט דאָס אינגאנצן א מענטש אויף דער וועלט? איז נומער איינס. והשנית, האָט איר פארגעסן, זאָג איך, אז היינט איז דער דריטער טאָג נאָכן ברית, שלישי למילה הייסט עס, א קלייניקייט? ביי אונדז איז מען זיך נוהג, זאָג איך, אז צום דריטן טאָג, נאָכן ברית מאכט מען א סעודה נאָך א גרעסערע ווי אויפן ברית אליין, מחמת דערימאך וואָס שלישי למילה, זאָג איך, איז נאָך טייערער פון דער מילה אליין... נישט שווי=זשע, זאָג איך, וועט איר וועלן אומזיסט=אומ=נישט, זאָג איך, מיר נעמען און פארשטערן א שמחה?"...

— און כך הוה. מיין ייד האָט זיך נישט געקאָנט איינהאלטן און האָט זיך אזש צעלאכט פאר צרות: „וואָס טויג מיר גרוים, זאָגט ער, איר זענט א רעכטער קלעשטש!"... לאָז זיין אזוי, זאָג איך, אבי אן אורח!"...

— זיצנדיק ביי ווארעמעס און געגומען צו ביסלעך לחיים, רוף איך מיך אָן צו אים: „הערט=זשע אוים, מיין ליבער ייד, די מעשה דערפון איז אזוי, זאָג איך. ס'איז אפילו, זאָג איך, נישט אזוי כדאי אצינדערט, זאָג איך, צו רעדן וועגן מילכיקע מאכלים, מחמת דערימאך, וואָס מיר האלטן, זאָג איך, סאמע ביים פלייש, נאָר איך וואָלט, זאָג איך, וועלן האָרכן פון אייך, זאָג איך, וואָס איז אייער מיינונג וועגן קרעפלעך מיט קעז"... קוקט ער מיך אָן: „אקעגן וואָס, הייסט עס, איז דאָ געקומען צו רייד?"... „אקעגן דעם, זאָג איך, וואָס איך וואָלט וועלן, איר זאָלט פארזוכן, זאָג איך, די מילכיקע קרעפלעך, וואָס מיין ווייב מאכט, מחמת דערימאך וואָס היינט אויף דער נאכט, זאָג איך, איז ביי אונדז א מילכיקע וועטשערע"... ווערט ער אויפגעטראָגן, דער אורח, הייסט עס, און רופט זיך אָן צו מיר: „איי=פע, איך זע, זאָגט ער, אין אייך, אז איר ווילט מיך פארהאלטן נאָך אויף א מעת=לעת! ס'איז פון אייך, זאָגט ער, אן עוולה! א גרויסע עוולה!"... און פון זיין קאָכן זיך, וואָס ער קאָכט זיך, פארשטיי איך, אז לאנג בעטן וועט מען אים פונדעסטוועגן נישט באדארפן, און קריגן זיך אוודאי נישט, מחמת דערימאך ס'איז א ייד מיט אן אפעטיט, וואָס האלט פון דער אכילה... מאך איך צו אים אזוי: „איך גיב אייך מיין ערן=וואָרט, זאָג איך, און טאָמער איז אייך ווינציק, נאט אייך, זאָג איך, מיין תקיעת=כף, אם ירצה השם מאָרגן פארטאָג וועק איך אייך אויף צום פארטאָגיקן פאָיעזד — די גאנצע וועלט מעג זיך איבערקערן, אנישט, זאָג איך, זאָל איך זיין אזוי און אזוי!"... ווערט ער שוין אביסעלע ווייכער און

רופט זיך אָן צו מיר: „געדענקט=זשע — א תקיעת=כף!“ זאָג איך: „תקיעת=כף איז תקיעת=כף“. אין מיינע האָט געמאכט א מילכיקע ווערשערע, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיט אזעלכע קרעפלעך, אז דער אורח האָט געמוזט מודה זיין, אז ס'איז אמת: ער האָט אויך א ווייב, און זיין ווייב מאכט אויך קרעפלעך, נאָר ס'איז אזא הילוק ווי פון טאָג צו נאכט! ווייס איך וואָס — כרחוק מזרח ממערב!

— און כך הוה. איך האָב געהאלטן וואָרט. מחמת דערימאך וואָס א תקיעת=כף איז א תקיעת=כף. איך האָב מיין אורח אויפגעוועקט פארטאָג, געשטעלט דעם סאמאָוואר. ער האָט זיך גענומען פאקן אין וועג אריין, און טאקע גאנץ פיין געזעגנען זיך מיט מיר און מיט מיין הויזגעזינד. רוף איך מיך אָן צו אים: „געזעגנען, זאָג איך, וועלן מיר זיך געזעגנען, נאָר פריער, זאָג איך, דארף מען זיך צערעכענען“. קוקט ער מיך אָן, מחמת דערימאך ער פארשטייט נישט וואָס איך זאָג. „וואָס הייסט, זאָגט ער, צערעכענען?“ „צערעכענען, זאָג איך, הייסט מאכן א חשבון; איך, זאָג איך. וועל אייך געבן א חשבון וואָס פון אייך קומט, און איר, זאָג איך, וועט זיין אזוי גוט און מטריח זיין זיך באצאָלן“. ווערט ער רויט אזוי ווי פייער: „באצאָלן! פארוואָס באצאָלן?“ „וואָס הייסט, זאָג איך, פארוואָס? פאר אלצדינג: פאר עסן, זאָג איך, פאר טרינקען, פאר סטאנציע“. ווערט ער שוין ווייס, נישט רויט, און מאכט צו מיר: „איך פארשטיי אייך נישט, זאָגט ער, איר האָט מיך פארבעטן צו זיך, זאָגט ער, אויפן ברית, איבערגעכאפט אויף דער באן, ארויסגעריסן ביי מיר דעם טשעמאָדאן פון די הענט, צוגעזאָגט עולם=הבא“... שלאָג איך אים איבער און מאך צו אים: „אמת, אלצדינג אמת; נאָר וואָס גייט זיך דאָס אָן צו דעם? דאָס, זאָג איך, וואָס איר זענט געווען ביי מיר אויפן ברית, האָט איר פארדינט א מצווה אָבער עסן און טרינקען און סטאנציע — דאָס בין איך דאָך נישט מחויב, זאָג איך, אייך צו געבן אומזיסט! מחמת דערימאך איר זענט דאָך, זאָג איך, א ייד א סוחר און פארשטייט, זאָג איך, אליין גאנץ גוט, אז פיש קאָסט געלט, און וויין האָט איר געטרונקען דעם בעסטן, און ביער אויך, און ווישניק אויך, און דעם צימעס מיט די קוגלען מיטן באָרשטש האָט איר, דאנקען גאָט, געלויבט אין טאָג אריין, געלעקט די פינגער, און די קרעפלעך, זאָג איך, מיט קעז האָבן אייך אויך גוט געשמעקט. לאָז אייך, זאָג איך, ווויל באקומען: איך פארגין אייך מיטן גאנצן הארצן. איר וועט דאָך אָבער נישט פארלאנגען, זאָג איך, אז

מחמת דערימאַך וואָס איר האָט פאַרדינט, זאָג איך, אַ מצווה און געהאַט הנאה, זאָל אַ ייד צו אייך דערלייגן אַ מרחה, אַ געלט!" מיין ייד געבער, זע איך, האָט באַשלאָגן אַ שוויס, ער האָט שיער דעם שלאַק באַקומען! ער האָט זיך גענומען וואַרפן, פּילדערן, שרייען, געוואַלדעווען: „ס'איז סדום! ערגער פון סדום! אַזאַ רציחה איז, זאָגט ער, נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט!!!! וויפל קומט אייך? גיי איך און נעם אַ פּאַפּיר מיט אַ בלייַשטיפט און מאַך אים אַ חשבון אַרום און אַרום, פאַר עסן און טרינקען און נאַכטלעגער, פאַר שבת, פאַר ווייַן און פאַר וויַשניק, און פאַר ביער, און פאַר באַזונדערע באַשטעלטע קרעפּ-לעך מיט קעז, אחת לאחת האָט זיך צונויפגענומען אַ קימאַ-לן פון עטלעכע און דרייסיק קאַרבן מיט קאָפּיקעס — איך געדענק שוין נישט אַקוראַט...

— דערזען דעם חשבון, איז מיין ייד געוואָרן געל און גרין, די הענט האָבן אים געציטערט און די אויגן זענען אים שיער פון קאָפּ נישט אַרויס, און ער האָט גענומען שרייען נאָך מיט גרע-סערע קולות און געוואַלדן: „וווּ איז ער עס אַרייַנגעפאַלן? צווישן פעלד-גזלנים? גאָר קיין מענטשן נישט פאַראַנגען? קיין גאָט נישטאָ?" רוף איך מיך אָן צו אים: „שאַט, ווייסט איר וואָס, רב ייד? וואָס דאַרפט איר שרייען? זיך אָפּעסן דאָס האַרץ? אַמער לאָמיר זיך דורכפאָרן, זאָג איך, אין שטעטל אַרייַן, ס'איז נישט ווייט פון דאַנען, מחמת דערימאַך דאָרט איז דאָ מענטשן, דאָרט איז דאָ אַ רב, לאָמיר פרעגן דעם רב, וואָס דער רב וועט זאָגן, אַזוי וועט זיין". דערהערט פון מיר אַזעלכע דבורים, איז דעם יידן געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויף דער נשמה. און וואָס אַרט אייך — מיר האָבן געדונגען אַ פורל און האָבן אויפגעזעצט זיך און אַוועק אין צווייען אין שטעטל אַרייַן. און גלייך צום רב.

געקומען צום רב, טרעפן מיר אים אַקוראַט נאָכן דאַווענען, ווי ער לייגט צונויף טלית ותפילין. שלום עליכם, עליכם שלום. וואָסט איר זאָגן? כאַפּט זיך אַרויס מיין ייד מיט אַ פייער און הייבט אָן צו דערציילן די גאַנצע מעשה פון „א" ביז „ת". ווי אַזוי ער איז געפאָרן פאַרבייַ אונדזער סטאַנציע, ווי אַזוי ער האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט מיטן טשעמאָדאַן אויפן וואָקזאַל עפּעס נעמען אין מויל אַרייַן, אפילו גאָרנישט אין זינען געהאַט קיין ברית, פּלימ אונטער אָט דער ייד (וויַיזט אָן אויף מיר) און פאַלט צו מיט תחנונים, מחמת דערימאַך אַזוי ווי ביי אים איז הייַנט אַ ברית און עס פעלט אים אַ צענטער צו אַ מנין, על כן האָט גאָט אַליין אַזוי געפירט! און דערנאָך ווי אַזוי איך האָב אַרויס-

געריסן ביי אים דעם טשעמאָדאַן פון די הענט, דערנאָך ווי אַזוי ער איז געקומען אויפן ברית און געוואָלט פאָרן ווייטער, האָב איך אים פאַרהאַלטן אויף שבת און אויף שבת=צו=נאַכטס און אויף זונטיק שלישי למילה און אויף מילכיקע קרעפּלעך — הקיצור, ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין זאַך, און גייט און דערלאַנגט דעם רב דעם חשבון, וואָס איך האָב אים געגעבן. האָט אים דער רב אויסגעהערט דווקא מיט קאָפּ און ביזן רעכטן סוף, און אַז דער ייד האָט געענדיקט, רופט זיך אָן דער רב: „האָבן מיר אויסגעהערט, הייסט עס, איין צד. אַצינד, זאָגט ער, וועלן מיר הערן דעם אַנדערן צד. וואָס האָט איר דערויף צו זאָגן?” רופט איך זיך אָן צום רב: „איך פון מיין זייט האָב גאָרנישט צוצוליינגן, מחמת דערימאַך, זאָג איך, וואָס אַלצדינג, וואָס דער ייד האָט אייך דאָ דערציילט, איז כשר ויושר, לויטער אמת. נאָר וואָס דען, זאָג איך, איין זאַך לאָז ער אייך, זאָג איך, זאָגן אויף זיין יידישקייט: ווען און וואָסער טאָג איז ער געקומען, און ווו האָט ער געהאַלטן שבת, און צי האָט ער געגעסן פיש און געטרונקען וויין מיט ביער מיט קאָניאַק מיט ווישניק, און צי האָט ער געלויבט דעם וואָלכישן באָרשטש מיט די מילכיקע קרעפּלעך, וואָס מיין ווייב האָט געמאַכט?“ ווערט דאָך מסתמא מיין ייד נאָך מער אויסגעקאָכט, שמיצט זיך און וואַרפט זיך, ממש ער באַקומט א פּאַפּלעקציע! בעט אים דער רב, ער זאָל זיך אַזוי נישט קאָכן און נישט זיין אין כעס, מחמת דערימאַך, וואָס כעס איז עבודה=זרה, און ער פרעגט אים איבער נאָך אַמאָל וועגן די פיש מיטן באָרשטש מיט די קרעפּלעך, און צי ס'איז אמת, אַז ער האָט געטרונקען אי וויין, אי ביער, אי קאָניאַק, אי ווישניק? דערנאָך טוט ער אָן די שפּאַקולן, דער רב, הייסט דאָס, קוקט איבער דעם חשבון פון אויבן ביז אַראָפּ, פירט אונטער די אונטערשטע שורה — סע שטימט: עטלעכע און דרייסיק רובל מיט קאָפּיקעס. דערנאָך ציט ער אויס אונדז די פּאַטשיילע, מיר זאָלן, הייסט עס, מקבל קנין זיין, אַז מיר וועלן מקיים פּסק זיין, און דער רב האָט אַרויסגעגעבן זיין פּסק אין קורצע ווערטער: אַז דער ייד דאַרף מיר באַצאָלן כפי החשבון די עטלעכע און דרייסיק רובל מיט קאָפּיקעס, און הוצאות פאַר דער נסיעה אַהער און אַהין, און פּסק=געלט דעם רב — דאָס זאָל זיין לחצאין, אויף דער האַלב הייסט עס, חלק כחלק.

— אַרויסגעכאַפּט זיך פונעם רב, ווי פון א שוויץ=באָד, נעמט דער ייד אַרויס דעם טייסטער, כאַפּט אַרויס פון דאָרטן א פופציקער (צוויי כף=האַערס), טוט מיר א שמיץ אין פּנים אַריין,

איך זאָל אים געבן אויסגאָב. זאָג איך צו אים: „וואָסער אויסגאָב?“ זאָגט ער: „נאָך די עטלעכע און דרייסיק, וואָס קומט איך על פי חשבון“. זאָג איך: „וואָסער חשבון? וואָסערע עטלעכע און דרייסיק? וואָס מיינט איר, זאָג איך, איך בין טאקע א פעלד=גזלן? צי א משוגענער? וואָס הייסט, איך וועל ביי איך נעמען געלט? איך כאפ אָן, זאָג איך, א יידן אויפן וואָקזאל, א ווילד=פרעמדן, איך קען אים גישט, איך ווייס אים נישט, נעם אוועק ביי אים דעם טשאמאָדאן פון די הענט און פארשלעפ אים, זאָג איך, מיט געוואלד צו מיר אויף א ברית, און פארברענג, זאָג איך, מיט אים, א שבת. אויף אלע יידן געזאָגט געוואָרן — וועל איך גייען, זאָג איך, מחמת דערימאך, און וועל ביי אים נעמען געלט פאר דער טובה, וואָס ער האָט מיר געטאָן, און פארן תענוג, וואָס איך האָב פון אים געהאט?“... קוקט ער מיך שוין אָן טאקע מיט אן אמת ווי א משוגענעם און מאכט צו מיר: „וואָסזשע האָט איר געדרייט א מוח? און וואָס האָט איר מיך געשלעפט צום רב?“ „א מאָדנער ייד, זאָג איך, איר זענט, איך האָב עס געטאָן, זאָג איך, נישט פאר קיין זאך, נאָר מחמת דערימאד, וואָס איך האָב געוואָלט, זאָג איך, איך זאָלט זען, וואָס פאר א חכם א רב מיר האָבן — און מער גאָרנישט...“

* * *

דערציילט די מעשה, האָט זיך מיין בעל דבר, רב נחמן לקח, גאנץ פיין אויפגעהויבן, און די איבעריקע דריי שותפים נאָך אים, גענומען פארשפיליען זיך די קאפאָטעס, שוין גרייט אוועקצוגיין. האָב איך מיך נישט געפוילט, דערלאנגט זיי צו נאָך פאפיראָסן און אָנגערופן זיך צום דערציילער:

— האָט איר מיר דערציילט, זאָג איך, א מעשה מיט א רב. אפשר וואָלט איר געווען, זאָג איך, אזוי פריינדלעך אויסהערן אויך פון מיר א מעשה, און אויך מיט א רב, נאָר א סך א קירצערע, ווי אייער מעשה?

און גאָרנישט געוואַרט אויף זייער יאָ אָדער ניין, בין איך צוגעטרעטן גלייך צום עסק, און טאקע גאָר אינקורצן.

— דאָס איז געווען — אזוי האָב איך אָנגעהויבן מיין מעשה — גאָרנישט לאנג, און, דווקא אין א גרויסער שטאָט, ערב יום=כיפור האָט זיך עס געטראָפן. פאלט אראָפ ווי פונעם הימל א ייד א סוחר, אן אורח, א רייזנדער, וואָס פאָרט ארום איבער דער וועלט, פארקויפט סחורה און נעמט געלט, האלט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטן, שפאצירט ארום איבערן שול=הויף, אויף דער יידישער

גאס, און פרעגט זיך שטארק נאָך אויפֿן רב, ווו זיצט דאָ ערגעץ דער רב? — וואָס באדארפֿט איר צום רב? — „וואָס איז אייער עסק?" איינעם, דעם אנדערן, דעם דריטן: ווי זיצט דאָ ערגעץ דער רב? — וואָס דארפֿט איר דעם רב? — „וואָס איז אייער עסק?"... אהין־אהער, ער האָט זיך דערפֿרעגט, ווו דער רב וווינט, אריינגעקומען צום רב, האלט ער זיך נאָך אלץ מיט ביידע הענט ביי די זייטן, רופֿט אָפּ דעם רב אויף א סוד, פֿאר־שליסט זיך מיט אים אין א באזונדער חדר: „רבי! אזוי און אזוי איז די מעשה. איך בין א ייד א רייזנדער און פֿיר מיט זיך געלט, א היפּשע פּותיקא. נישט חלילה מיינס; פֿריער גאָטס, דערנאָך פֿרעמדס, ס'איז ערב יום־כיפּור; האלטן ביי זיך קאָן איך עס נישט; איבערלאָזן עס אויף דער סטאנציע האָב איך מורא — אזא פּותיקא! טוט מיר א טובה, נאמט עס אייך, באהאלט דאָס ביי זיך אין קאסטן ביז, אם ירצה השם, מאָרגן אויף דער נאכט נאָך יום־כיפּור"...

און נישט לאנג געטראכט, נעמט דער סוחר, בינדט אויף דער זשילעט, און ציט ארויס איין פּעקל נאָכן אנדערן די שיינע אסיג־נאציעס, נישט פֿאר אייך געדאכט, די אמתדיקע רויטע קנאקנ־דיקע הונדערטערס!

דערזען אזא סומע געלט, רופֿט זיך אָפּ צו אים דער רב: „האָט קיין פֿאריבל נישט, איר קענט מיך נישט, איך ווייסט מיך נישט"... „וואָס הייסט, איך קען אייך נישט? איר זענט דאָך עפּעס א רב!"... „גוט, איך בין א רב, איך קען אָבער אייך נישט, ווער איר זענט און וואָס איר זענט"... אהין־אהער, זיי דינגען זיך. ער אים: „איר זענט א רב!" דער רב צו אים: „איך קען אייך נישט". און דאָ דער טאָג שטייט נישט. ערב יום־כיפּור! ס'איז געבליבן, אז דער רב נעמט צו ביי אים דאָס געלט; נאָר וואָס דען? — פֿאר עדות. ווער זאָלן זיין די עדות? קיין אבי־ווע־מען קאָן מען דאָך נישט געטרויען. שיקט דער רב רופֿן צו זיך די פּני, די שבעה טובי העיר, די סאמע נגידישע און פֿיינע באלעבאטים פֿון שטאָט, און דערציילט זיי: אזוי און אזוי איז די מעשה. אָט דער ייד, זאָגט ער, האָט געלט, א היפּשע פּותיקא. נישט זיינס, פֿריער גאָטס, דערנאָך פֿרעמדס. ווייל ער עס מיר, זאָגט ער, געבן באהאלטן ביז איבער יום־כיפּור. על כן זייט איר, זאָגט ער, עדות, וויפֿל ער האָט מיר איבערגעגעבן געלט, בכדי ס'זאָל נישט ארויסקומען, זאָגט ער, דערנאָכדעם קיין שום, איר פֿארשטייט?"... און דער רב האָט זיך מטריח געווען, איבער־געציילט פֿאר די באלעבאטים אין די אויגן דריי מאָל די פּותיקא,

איינגעוויקלט אין א פאטשיילע, פארחתמעט די פאטשיילע מיט טריוואקס, צוגעלייגט די חתימה: „הרב ומו'צ“, געוויזן די באַלעבאטים: „נאט, זעט, אָט דאָ האָט איר מיין חתימה, און געדענקט־זשע, אז איר זענט עדות!“... די פאטשיילע מיטן געלט האָט דער רב איבערגעגעבן דער רביצין, זי זאָל דאָס פארשליסן אין קאסטן, און די שליסעלעך זאָל זי באהאלטן אין אן אָרט, וואָס קיין בן־ארם זאָל נישט וויסן... און מען איז אוועק אין שול אריין און מע האָט גאנץ פיין געדאוונט און געפאסט, און איבערגעלעבט דעם יום־כיפור. געקומען פון שול, אָפּגעפאסט זיך, מע טוט א קוק — אהא! ער איז דאָ! דער ייד, דער סוחר, הייסט עס. „א גוטע וואָך“. „א גוט יאָר. זיצט, וואָסט איר זאָגן?“ „גאָרנישט, איך בין געקומען מכוח דער פּותיקא“... „וואָסער פּותיקא?“ „די ממתקים“... „וואָסערע ממתקים?“ „איך בין געקומען נאָכן געלט“... „וואָסער געלט?“ „מיין געלט... דאָס הייסט, נישט מיינס, פריער גאָטס, דערנאָך פרעמדס... איך האָב עס אייך געגעבן באהאלטן“... „איר האָט מיר געגעבן באהאלטן געלט?... ווען?...

צעלאכט זיך דער ייד, מיינט, אז דער רב טרייבט מיט אים קאטאָוועס. פרעגט אים דער רב: „וואָס איז דער געלעכטער?“ זאָגט ער: „דאָס ערשטע מאָל זע איך א רב א לץ“... געפינט זיך שוין דער רב באליידיקט. קיינער האָט אים נאָך ביז אהער, זאָגט ער, נישט געקרוינט מיטן נאָמען לץ. „זאָגט, רב ייד, וואָס דארפט איר?“.

דערהערט אזעלכע דיבורים, האָט דעם יידן א קלאַפּ געגעבן, נישט פאר אייך געדאכט, אָט־דאָ, אונטערן לעפעלע. „ס'טייטש, רבי, אין גאָטעס ווילן! איר ווילט קוילן א יידן? איך האָב דאָך אייך אָפּגעגעבן איינגאנצן מיין געלט, נישט מיינס, פריער גאָטס, דערנאָך פרעמדס! א סימן — איר האָט עס, זאָגט ער, איינגעוויקלט אין פאטשיילע, פארחתמעט מיט טריוואקס, פארשלאָסן ביי דער רביצין אין קאסטן, און די שליסעלעך באהאלטן אויף אן אָרט, וואָס קיין בן־אָדם זאָל נישט וויסן... און נאָך א בעסערער סימן: עס זענען, זאָגט ער, דערביי געווען עדות, די פיינסטע באַלעבאטים פון שטאָט!...“ און ער פוילט זיך נישט, דער ייד, און רעכנט אויס די באַלעבאטים ביי די נעמען. און אליין באשלאָגט אים א קאלטער שוויים, און עס נעמען אים אנגסטן, בעט א גלאָז וואסער.

און נישט לאנג געטראכט, נעמט דער רב און שיקט אוועק דעם שמש צו די אויסגערעכנטע פני, די שבעה טובי העיר, די סאמע פיינסטע באַלעבאטים פון שטאָט. יענע קומען צו לויפן;

„וואָס איז געשען?“ „אַן אומגליק! א בלבול! א פּריטשעפּע א ייד! ער טענהט, אז ער האָט מיר יאקבי איבערגעגבן א גאנצע פּותיקא ערב יום=כיפּור אויף צו באהאלטן, און איר זענט יאקבי דערביי געווען עדות!...“

האָבן זיך די באלעבאטים איבערגעקוקט צווישן זיך, ווי איינער רעדט. ..אָט דאָ וועט מען עס אָפּלעקן א ביינדל!“ א קליינינקייט, אזא פּותיקא! דער יצר=הרע פון געלט! און זיי זענען אָנגעפאלן אויפן יידן: „איי=פּע! ווי שעמט איר אייך נישט אין אייער וווייטן האלדז אריין אויסטראכטן אויף אונדזער רב אזא מיאוסן בלבול?!...“

דערזען אזא מעשה, האָט דער ייד אָפּגעלאָזט הענט און פיס — עס האָט אים א נעם געגעבן דער קראַס, נישט פאר אייך געדאכט — אָט=אָט חלשט ער! האָט זיך אויפגעהויבן דער רב, צוגעגאנגען צום קאסטן, ארויסגענומען די פּאטשיילע מיט געלט און אונטערגעטראָגן דעם יידן:

— גאָט איז מיט אייך! גאָט! אָט איז אייער געלט! נעמט עס אייך אָפּ און ציילט עס נאָר אקאָרשט איבער, ווי עס געהער צו זיין, פאר די דאָזיקע יידן אין די אויגן. די חתימה, ווי איר זעט, איז נישט גערירט, דער טריוואקס גאנץ, אלץ ווי עס דארף צו זיין!

א נייע נשמה האָט מען נעבער אין דעם יידן אריינגעזעצט. די הענט האָבן אים אזש געציטערט, און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

— צו וואָס האָט אייך געטויגט, רבי, נעמען א יידן און טרייבן מיט אים לצנות? אזא לצנות?!...

— כ'האָב אייך נאָר געוואָלט באווייזן — ווער אונדזערע שיינע באלעבאטים זענען...

# אינהאלט



## מאָטל פּייסי דעם חזנס

### ערשטער טייל

## מאָטל פּייסי דעם חזנס

### צווייטער טייל: אין אמעריקע

| | זייט |
|---|---|
| א הייסע כפרה . . . . . . . . . . . | 525 |
| א נגידישע פרעזשעניצע . . . . . . . . | 533 |
| אן עצה . . . . . . . . . . . . | 539 |
| צוויי אנטיסעמיטן . . . . . . . . . | 555 |
| חרוסת . . . . . . . . . . . . | 567 |
| שיר־השירים . . . . . . . . . . . | 585 |
| א וואָרט פאר א וואָרט . . . . . . . . | 639 |